י. זילבערבערג־כאָלעוואַ

*

# מענטש און פאָלק

**I. SILBERBERG-CHOLEWA**

**MENSH UN FOLK**

**י. זילבערבערג־כאָלעוואַ — מענטש און פאָלק**

**פאַרלאַג „המנורה", רח׳ זנגביל 24, תל־אביב, ישראל**

"Hamenora" Publishing House, 24 Zangwill St., Tel-Aviv, Israel.

**הויפּט־פאַרקויף — „ציקאָ" ביכער־צענטראַלע**

"Cyco", 25, East 78 St., New-York 21.





**נדפס בישראל תשכ״ז**

Printed in Israel 1967

**דפוס „אורלי", תל־אביב**

מיין אייניקל
מנחם
וואָס באַגערט צו לערנען
אויך יידישע לימודים

אַ האַרציקן דאַנק מיינע חברים, שול־טוערס,
וואָס האָבן מיר געהאָלפן אַרויסגעבן דאָס בוך.

י. זילבערבערג (ישראל כאָלעוואַ)

# דענעמאַרק

## דענישע און דעניש־יידישע
## פערזענלעכקייטן

# דער דענישער קעניג קריסטיאַן דער 10טער

(געבוירן 26 סעפטעמבבער 1870, געשטאָרבן 20 אַפּריל 1947)

דאָס גאַנצע דענישע פאָלק טרויערט אויף דעם טויט פון זייער באַליבטן, מוטיקן און גוטן פאָלקס־קעניג קריסטיאַן דעם צענטן. זיין נאָמען וועט אויך פאַרשריבן ווערן מיט גילדענע אותיות אין דער יידישער און מענטשלעכער געשיכטע.

אין משך פון דער גאַנצער צייט, וואָס די נאַצישע רוצחים האָבן געבו־שעוועט אין דענעמאַרק, האָט דער פאַרשטאָרבענער דענישער קעניג, קריסט־יאַן דער צענטער, אָנגעווענדט אַלע מיטלען אָפּצוהאַלטן די נאַצישע באַר־באַרן פון פאַרפאָלגן און דערנידעריקן די דענישע יידן.

ווען די דייטשן האָבן בדעה געהאַט צו גרינדן אין קאָפּענהאַגן, אין דער הויפּטשטאָט, אַ געטאָ און פאַרשיקן אהין אַלע דענישע יידן, האָט דער דענישער קעניג געלאָזט וויסן די נאַציס, אַז אַזוי גיך ווי זיי וועלן דאָס טאָן, וועט ער, און די גאַנצע דענישע קעניגלעכע משפחה פאַרלאָזן אַמאַליענ־בורג (די וווינונג פון דער קעניגלעכער משפחה) און זיך באַזעצן אין דער געטאָ צוזאַמען מיט די יידן. דער דאָזיקער ענטפער האָט פריטשמעליעט די נאַציס, אַז זיי האָבן אַ צייט לאַנג געלאָזט די יידן פון דענעמאַרק צו רו.

ביי יעדער געלעגנהייט האָט דער דענישער קעניג קריסטיאַן דער צענטער ארויסגעוויזן זיין אַכטונג און ליבשאַפט צו די דענישע יידן, וועמען ער האָט מיט רעכט באַטראַכט ווי געטרייע און איבערגעבענע בירגער פון לאַנד.

תיכף נאָך דעם ווי די דייטשן האָבן פאַרכאַפּט דענעמאַרק און באַמיט זיך צו זיין גוט און פריינטלעך אויב נאָר די דענער וועלן קאָאָפּערירן מיט זיי און דערנידעריקן און באַזייטיקן די יידן, האָט דער דענישער קעניג געגעבן אַזאַ עפנטלעכן פאַטש אין פנים אריין די דייטשן, אַז עס האָט אָפּגע־הילכט וויט און ברייט.

די דענישע יידן האָבן זיך דעמאָלט גראָד געגרייט צו פייערן דעם הונדערטיאָריקן יובילײ פון דער קאָפּענהאַגענער שול.

עס איז געווען אין אַ שבת, ווען די יידן האָבן זיך פאַרזאַמלט אין שול און געשטאַנען קאָפּ אויף קאָפּ. אויך אין הויף און אין גאַס, ווו די שול געפינט זיך, זענען געווען פאַרזאַמלט די יידן. אַ טיפער ערנסט האָט אַלעמען אַרומגענומען. מען האָט שוין געוווסט, וואָס די דייטשן האָבן געטאָן צו די יידן אין פוילן, מיט דער הילף פון אַ סך פּאָליאַקן. פּלוצלונג האָט אַרומגענומען די יידן אַן אומבאַשרייבלעכע פרייד — דער דענישער קעניג קריסטיאַן דער צענטער איז אין באַגלייטונג פון דער קעניגין און דעם קרוינפרינץ פרעדעריק, אָנגעקומען אין שול.

מיט באַדאַכט און דרך־ארץ איז דער קעניג אַרויף אויפן באַלעמער. אין רירנדיקע און האַרציקע ווערטער האָט ער באַגריסט די דענישע יידן צו זייער גרויסן יום־טוב — צו דעם הונדערטיאָריקן יובילײ פון זייער שול.

די דייטשן האָבן געקוקט אויף דער דאָזיקער האַנדלונג פון דעם דענישן קעניג ווי אַן אַקט פון באַליידיקונג קעגן דער דייטשער פּאָליטיק בנוגע די יידן. דאָס איז געווען די כוונה פון דעם דענישן קעניג.

אין אַ צייט אַרום האָט די נאַצישע מאַכט אין דענעמאַרק געצוווּנגען די דענישע רעגירונג אונטערצושרייבן דעם אַנטי־קאָמינטערן פּאַקט, וואָס האָט דערקלערט די קליינע דענישע קאָמוניסטישע פּאַרטיי ווי אַן אומגעזעצלעכע אָרגאַניזאַציע; אין דער אייגענער צייט זענען אויך די דייטשן צוגעשטאַנען צו דער דענישער רעגירונג, אַז זי זאָל אויך אונטערשרייבן אַ פּאַקט און דערלויבן צו פאַרפאָלגן די דענישע יידן און צווינגען זיי צו טראָגן אַ געלן מגן־דוד (זייער צאָל איז געווען עפּעס מער ווי זעקס טויזנט), האָט דאַן דער דענישער קעניג געגעבן די דייטשן אַזאַ ענטפער, וואָס ווייזט אונדז, אַז קעניג קריסטיאַן האָט באַלאַנגט צו די אמתע חסידי אומות העולם. און דער ענטפער וועט פאַרשריבן ווערן אין אַלע גרויסע און וויכטיקע געשיכטע־ביכער.

מיר גיבן דאָ איבער דעם ענטפער, ווי דער פאַרשטאָרבענער קעניג האָט אים ספּאָנטאַן אַרויסגעזאָגט:

„די יידן זענען אַ טייל פון דעם דענישן פאָלק. מיר האָבן נישט אין אונדזער לאַנד קיין שום יידישן פּראָבלעם, ווייל מיר האָבן זיך קיין מאָל נישט געפילט נידעריקער פון די יידן. אויב די יידן ווערן געצוווּנגען צו

טראָגן אַ געלן מגן־דוד, וועל איך און מיין גאַנצע פאַמיליע אים טראָגן ווי אַ צייכן פון העכסטער אויסצייכענונג".

קעניג קריסטיאַן דער צענטער איז געשטאָרבן אין עלטער פון 72 יאָר. אין סעפּטעמבער איז אין גאַנץ דענעמאַרק דער חודש ווען עס פלעגט געפייערט ווערן דער געבוירנטאָג פון זייער באַליבטן קעניג. אָבער אין די פינצטערע היטלער־יאָרן, ווען די דייטשן האָבן אָקופּירט דענעמאַרק, איז דער 26־טער סעפּטעמבער, דעם קעניגס געבוירנטאָג, נישט געפייערט געוואָרן ווי אַן עפנטלעכער פאָלקס־יום־טוב. בלויז אין זייערע היימען האָבן די דענער געטרונקען אַ „סקאָל", אַ לחיים פאַר זייער באַליבטן „קאָנגע" (קעניג).

דער שרייבער פון די שורות האָט אַ סך יאָרן געוווינט אין קאָפּענהאַגן און געהאַט אַ מעגלעכקייט צו זען צענדליקער מאָל דעם קעניג רייטן איבער די קאָפּענהאַגענער גאַסן, ווו קינד־און־קייט האָבן אים מיט ליבשאַפט באַגריסט, און ער האָט פאָטערלעך יעדן איינציקן אָפּגעענטפערט.

דאָס וואָס דער דענישער קעניג, קריסטיאַן דער צענטער, האָט געטאָן פאַר די דענישע יידן איז אַזאַ ליכטיק קאַפּיטל אין דער פינצטערסטער צייט פון אונדזער פאָלק, אַז ס'וועט געדענקט ווערן לדור־דורות, און די דענישע יידן וועלן דאָס דערציילן זייערע קינדער און קינדס־קינדער.

לאָמיר דאָ איבערגעבן בקיצור אַזאַ וווּנדערלעך־מענטשלעכע האַנד־לונג. געווען איז דאָס אין אַ קאַלטן, רעגנדיקן טאָג אין אָנהייב אָקטאָבער 1943, ווען די דייטשן האָבן געכאַפּט פינף הונדערט דענישע יידן, וואָס האָבן נישט באַוויזן זיך צו ראַטעווען קיין שוועדן צוזאַמען מיט די אַנדערע זעקס טויזנט יידן. די פינף הונדערט דענישע יידן זענען פאַרשיקט געוואָרן קיין טערעזיענשטאַט אין דער געטאָ.

אָבער בשעת די אַנדערע צענדיקער טויזנטער יידן, וואָס האָבן זיך געפונען אין דער געטאָ, זענען געווען פאַרלאָזט פון דער גאַנצער וועלט, און די דייטשן האָבן אַוועקגעשיקט טאָג־טעגלעך צו פינף הונדערט (דער־נאָך טויזנטער) אין די אויוונס פון אוישוויץ, פלעגן דאָן די דענישע יידן קריגן רעגלמעסיק צוגעשיקט דורך דער ספּעציעלער דענישער קעניגלע־כער קאָמיסיע פעקלעך מיט קאָנדענסירטער עסנוואַרג און זיי האָבן זיך נאָך געקענט טיילן מיט די אַנדערע געטאָ־יידן.

אָבער די גרעסטע איבעררעשונג פאַר די דענישע יידן אין דער טע־

רעזיענשטאַט־געטאָ איז געווען, ווען עס איז פּלוצלונג אָנגעקומען אַ קעניג־לעכע קאָמיסיע פון דענעמאַרק, און נאָך דעם ווי אַלע דענישע יידן זענען צונויפגערופן געוואָרן פון די נאַציס, האָט די קאָמיסיע געזאָגט צו די יידן: „דער דענישער קעניג קריסטיאַן דער צענטער שיקט אייך זיין טיפסטן געפיל פון מיטלייד און הייסט אייך האָבן בטחון און אויסדויער. אייער היימלאַנד, דענעמאַרק, האָט אייך נישט פאַרגעסן און וועט אייך קיינמאָל נישט פאַרגעסן".

ווי דאָס האָט געשטאַרקט דעם געמיט פון די דענישע יידן איז איבער־ריק צו זאָגן. די דענישע יידן האָבן דערנאָך גענאָסן אַ סך פּריווילעגיעס. זיי האָבן געהאַט אַן אייגענע ביבליאָטעק, אַ קלאַס פאַר די קינדער, און אַ דאַנק די דענישע יידן, האָט אויך גענאָסן די גאַנצע געטאָ.

די דייטשן האָבן געוווּסט, אַז די קעניגלעכע דענישע רעגירונג באַשיצט יעדן דענישן יידן און זיי האָבן נישט געוואַגט קיין איינעם פון זיי אומצו־ברענגען; דורך די צוויי יאָר זענען אָבער געשטאָרבן אין טערעזיענשטאַט עטלעכע און פופציק דענישע יידן. און צווישן זיי אויך מיין ברודער, הערש פישל כאַלעוואַ, זיי זענען געווען קרבנות פון דעם היטלעריזם.

אין טאָג פון דער באַפרייאונג זענען אָנגעקומען 35 אָמניבוסן, אָנגעפירט פון שוועדישן רויטן קרייץ, אָבער געשיקט פון דענעמאַרק און אַוועקגעפירט אַלע דענישע יידן צוריק אין זייער היימלאַנד, דענעמאַרק. דאָס איז געווען דעם 13־טן אַפּריל 1944.

און פונקט אַזוי מענטשלעך ווי עס האָט געהאַנדלט דער דענישער פאַרשטאָרבענער קעניג בנוגע די יידן פון זיין לאַנד, אַזוי האָט אויך גע־האַנדלט די גאַנצע דענישע באַפעלקערונג און די פּרעסע.

די אָנגעזעענסטע דענישע ליבעראַלע צייטונג, „פּאָליטיקען", האָט דעם 2טן אָקטאָבער 1945, צום ערשטן יאָרטאָג נאָך דער באַפרייונג, געשריבן אין איר עדיטאָריעל: „דער צווייטער אָקטאָבער וועט פאַרבלייבן אין דער געשיכטע פון דענעמאַרק, ווי דער פינצטערסטער און אומגליקלעכסטער טאָג, ווייל אין יענעם טאָג זענען די דייטשן באַפאַלן אומשולדיקע און פרידלעכע מענטשן, ווי זיי וואָלטן געווען די ערגסטע פאַרברעכער פון דער געזעלשאַפט. אין מיטן נאַכט האָט מען ארויסגעשלעפּט יידישע מענער, פרויען און אפילו קינדער, ארויסגעשלעפּט פון זייערע היימען און זיי דע־

פֿאַרטירט פֿון זייער היימלאַנד בלויז פֿאַר דעם איינציקן פֿאַרברעכן, וואָס זיי זענען יידן".

*

קריסטיאַן דער צענטער איז געבוירן געוואָרן דעם 26־טן סעפּטעמבער 1870. ער איז געווען אַ זון פֿון דעם דענישן קעניג קריסטיאַן דעם ניינטן. ער האָט געקראָגן אַ מיליטערישע און אויך אַן אַקאַדעמישע אויסבילדונג. ער איז געווען דער ערשטער פֿון דעם דענישן קעניגלעכן הויז, וואָס איז געוואָרן אַ סטודענט פֿון דער קאָפּענהאַגענער אוניווערסיטעט. זיין הויפּט־אויסבילדונג איז, פֿאַרשטייט זיך, געווען אַ מיליטערישע. אין 1898 איז ער געוואָרן אַ קאַפּיטאַן און אין 1905 אַן אייבערלייטענאַנט. נאָך זיין זיידנס טויט, קריסטיאַן דעם ניינטן, אין 1906, איז ער געוואָרן גענעראַל־מאַיאָר פֿון דער בריגאַדע פֿון דעם אינדזל פֿין, דענעמאַרק. ער האָט חתונה געהאַט אין יאָר 1898 מיט דער פּרינצעסין אַלעקסאַנדרינע, אַ טאָכטער פֿון דעם גרויסהערצאָג פֿרידריך־פֿראַנץ דער דריטער פֿון מעקלענבורג־שווערין.

נאָך זיין פֿאָטערס טויט, דעם 14־טן מאַי 1912, האָט ער באַשטיגן דעם טראָן ווי קעניג קריסטיאַן דער צענטער פֿון דענעמאַרק.

ער איז געקרוינט געוואָרן אין דעם אמאליענבורגער שלאָס. אין דעם אייגענעם שלאָס האָט קעניג קריסטיאַן דער צענטער, נאָך דעם ווי די דייטשן זענען באַפֿאַלן די יידן אין אָקטאָבער 1943, זיך דערקלערט ווי אַן אַרעסטאַנט. ער האָט נישט פֿאַרלאָזן דעם שלאָס און בשום אופֿן נישט געוואָלט צולאָזן קיין שום דייטשן באַאמטן צו זיך.

בשעת מען האָט געקרוינט דעם דענישן קעניג האָט ער פֿייערלעך דערקלערט, אַז ער וועט „אָפּהיטן און פֿאַרטיידיקן דענעמאַרקס זעלבשטענדיקייט און כבוד". ער האָט דעם דאָזיקן צוזאָג געהאַלטן הייליק ביז דעם לעצטן מאָמענט פֿון זיין לעבן. ער איז געשטאָרבן זונטיק ביי נאַכט, דעם 20טן אַפּריל 1947, און זיין זון, דער קרוינפּרינץ פֿרעדעריק, איז געוואָרן קעניג ווי פֿרעדעריק דער ניינטער.

קעניג קריסטיאַן דער צענטער איז באַטראַכט געוואָרן ווי דער קאָנסטיטוציאָנעלער פֿאָלקס־קעניג.

ער איז בכלל געווע אַ דעמאָקראַטישער און פֿאָלקסטימלעכער מענטש און איז טיף איינגעבאַקן אין די הערצער פֿון גאַנצן פֿאָלק.

קעניג קריסטיאַן דער צענטער האָט אַליין סטימולירט, אַז עס זאָלן איינגעפירט ווערן דעמאָקראַטישע און אַרבעטער־פריינדלעכע געזעצן. ער האָט אויך געהאָלפן איינפירן פּאָליטישע וואַל־רעכט פאַר פרויען, דעם 5טן יוני 1915.

בשעת דער ערשטער וועלט־מלחמה אין 1914 האָט קעניג קריסטיאַן דער צענטער אַ סך מיטגעהאָלפן, אַז אַלע דריי סקאַנדינאַווישע לענדער זאָלן פאַרבלייבן נייטראַל.

קעניג קריסטיאַן דער צענטער האָט פאַררופן דעם 18טן דעצעמבער 1914 אין מאַלמע די אַנדערע צוויי קעניגן — גוסטאַוו דעם פינפטן פון שוועדן און האָקאָן דעם זיבעטן פון נאָרוועגיע און דאָרטן האָבן זיי, צוזאַמען מיט די אויסערן־מיניסטאָרן, אויסגעאַרבעט די פּאָליטיק פון די דריי לענדער.

באַזונדערס באַליבט און געאַכט איז ער געווען דורך זיין מוטיקער האַנדלונג בשעת די דייטשן זענען באַפאַלן דענעמאַרק. די נאַציס האָט זיך אויסגעוויזן, אַז דורך חנפענען דעם דענישן קעניג וועלן זיי אים קענען געווינען אויף זייער צד, אָבער דער דענישער קעניג האָט די גאַנצע צייט, וואָס דענעמאַרק איז געווען אָקופּירט, אַרויסגעוויזן זיין טיפע פאַראַכטונג צו די נאַציס און בכלל צו די דייטשן. דאָס האָט שטאַרק דערמוטיקט די אונטערערדישע דענישע באַוועגונג, וואָס האָט טאָג־טעגלעך אָנגעטאָן דעם שונא גרויס שאָדן.

אויב די דענער האָבן איינגעשטעלט זייערע לעבנס, כדי צו ראַטעווען די יידן, איז עס אין אַ גרויסער מאָס געווען צוליב דער טיף־מענטשלעכער האַנדלונג פון זייער קעניג און פון די דענישע גייסטלעכע. גלייך נאָך דעם ווי די דייטשן זיינען באַפאַלן די דענישע יידן און זיי פאַרשיקט אין טערע־זיענשטאַט, האָט דער דענישער בישאָף, האַנס פוגלסאַנג, אַרויסגעשיקט דעם וויטעריקן אויפרוף צו אַלע גלחים און געבעטן אים פאַרלייענען אין די דענישע קירכעס:

„אַ טיפע פינצטערניש האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויף אונדזער לאַנד. מיר קענען מער נישט זען קיין וועג און קיין שטעג. מיט דער האַנדלונג קעגן די דענישע יידן האָט מען ביי אונדז צוגענומען דאָס טייערסטע, וואָס מיר פאַרמאָגן — אונדזער מענטשן־ווערדע. אָבער גאָט איז מיט אונדז

אויך אין דער פינצטער. ער וועט נישט דערלאָזן, אַז מיר זאָלן זיין מיטשולדיקע אין דער דאָזיקער אַכזריותדיקער האַנדלונג. עס וועט זיך זיי נישט איינגעבן צו פאַרסמען די נשמה פון אונדזער פאָלק. מיר וועלן נישט אָפּטרעטן פון אמת, רעכט און גערעכטיקייט. לאָמיר בעטן צו גאָט פאַר די אַלע, וואָס זענען געפאַלן ווי קרבנות פאַר אונדזער באַליבטן קעניג, פאָטערלאַנד און פאָלק."

„טאָג", 27סטן אַפּריל 1947

## דענישער קעניג קומט צו דער אזכרה נאָך יידישע נאַצי־קרבנות

דער שרייבער פון די שורות, וואָס פאָלגט נאָך די געשעענישן אין סקאַנדינאַוויע, באַזונדערס אין דענעמאַרק, ווו ער האָט פאַרבראַכט צען יאָר, האָט געקראָגן כמעט אַ סטענאָגראַפישן באַריכט, וואָס עס איז פאָרגעקומען אין דער קאָפּענהאַגענער סינאַגאָגע דעם 8טן אָקטאָבער, בעת די דענישע יידן האָבן אָפּגעהאַלטן אַ טרויער־און־פרייד פאַרזאַמלונג צום צענטן יאָרטאָג, נאָך דעם ווי זיי האָבן זיך געראַטעוועט פון דעם היטלער־גיהנום. ער האָט אויך געזען די דענישע צייטונגען מיט די בילדער פון דעם דענישן קעניגלעכן פאָרל מיט זייערע באַגלייטער בעת זיי גייען אַריין אין דער דענישער שול, און בילדער בעת זיי זיצן אין שול און הערן זיך צו מיט יראת־הכבוד צו די טיף־רירנדיקע רייד פון דעם אויבערראבינער ד"ר מאַרקוס מעלכיאָר. אַ טרויער, באַגלייט מיט אַ יום־טובדיקייט און דערהייבונג, איז געווען אויסגעגאָסן אויף דער גאַנצער אייגנאַרטיקער מסיבה פון פשוטע רוסיש־פוילישע יידן וואָס זענען שוין לאַנג דענישע בירגער, אין וועלכער ס'האָבן אָנטיילגענומען אַלט־געזעסענע, דעניש־יידישע אַריסטאָקראַטן, דאָס קעניגלעכע פאָר און זייערע קעניגלעכע באַגלייטער, אויסלענדישע דיפּלאָמאַטן און די דענישע רעגירונג, מיט זייער פּרעמיער האַנס העטאָפט בראש.

האַנס העטאָפט האָט פאַר דער יידישער פאַרזאַמלונג אין דער

קאָפּענהאַגענער סינאַגאָגע דעם 8טן אָקטאָבער געהאַלטן אַ ראַדיאָ־רעדע צו די יידן אין ישראל. אָט וואָס דער דענישער פּרעמיער האָט געזאָגט:

— „איך רעד צו אייך פון דענעמאַרק, איינע פון די דריי סקאַנדינאַווישע לענדער, ווו אַלע האַלטן ראַסע־פּאַראורטייל, ראַסן־האַס און ראַסן־פאַרפאָלגונגען פאַר אומווירדיק און אוממענטשלעך. מיר אורטיילן יעדן יחיד נישט לויט זיין גלויבן, הויט־פאַרב (קאָליר) אָדער ראַסע, נאָר מיר פרעגן: צי ביסטו אַ מענטש?"

דאָס קעניגלעכע פּאָרל איז באַגלייט געוואָרן אין דער קאָפּענהאַגענער שול פון דעם הויפּט פון דער יידישער געמיינדע עריק הערץ און פון דעם אויבערראַבינער ד"ר מאַרקוס מעלכיאָר. פאַרשטייט זיך, אַז אַלצדינג איז צוגעגאַנגען לויט פּאָרמאַליטעט און עטיקעט. דער קעניג האָט געהאַט לעבן זיך זיין „קאַמערהער" און די קעניגין — איר „הויפּ־דאַמע".

אין שול זענען איינגעאָרדנט געוואָרן ספּעציעלע פּלעצער אין מזרח־טייל פאַר דעם קעניגלעכן פּאָר. צוזאַמען מיטן קעניג זענען אין שול געזעסן, אין די היטלען, דער פּרעמיער האַנס העצטאָפט, דער אויסערן־מיניסטער ה. ב. האַנסען, דער קירכע־מיניסטער באָדיל קאָך, דער שוועדישער אַמבאַסאַדאָר בעק פריס, און גלייך לעבן זיי, אין דער ערשטער ריי, זענען אויך געזעסן דער ישראל־אַמבאַסאַדאָר אין סקאַנדינאַוויע א. ניסן און דער „שאַרזשע ד'אַפער" י. גולן, און דערנאָך אַ גאַנצע ריי דיפּלאָמאַטן, הויכע באַאַמטע און שריפטשטעלער, צווישן זיי אַ סך באַרימטע נעמען, וואָס האָבן זיך קונה־שם געווען אין דעם פרייהייט־קאַמף קעגן די נאַציס און אין העלפן די יידן.

רירנדיק איז געווען דער מאָמענט ווען דער געמיינדע־כאָר האָט באַגעגנט דאָס קעניגלעכע פּאָרל מיט „מה טובו אהליך יעקב". נאָך דעם האָט דער אויבערראַבינער פירגעזאָגט: „הודו לה', כי טוב, כי לעולם חסדו" און „מזמור לדוד, ה' מי יגור באהלך", און אנדערע פּאַסיקע קאַפּיטלעך תהילים.

דער הויפּטפּונקט פון דער פאַרזאַמלונג איז געווען די דרשה פון דעם אויבערראַבינער ד"ר מעלכיאָר. ער האָט פאַרגליכן די צוויי דאַטעס: אָקטאָבער 1943 און אָקטאָבער 1953. „דעמאָלט זענען מיר געווען פאַרזאַמלט אין שול און אָנגעזאָגט די טרויעריקע בייעס, אַז די דייטשן ווילן

אונדז אומברענגען און מיר מוזן זיך ראַטעווען, און דערנאָך האָבן מיר פאַרלאָזן אונדזער בית־המדרש און ווי גנבים זיך אַרויסגעשלייכט פון דאָרטן. מיר האָבן נישט געוווסט, אַז דאָ וועט נאָך אַ מאָל זיין ליכטיק. און איצטער איז אונדזער בית־המדרש צוריק אָפן און מיר האָבן אָנגעצונדן אַלע ליכט און אויסגעפּוצט מיט די שענסטע פאַרבן אונדזער שול.

„און איבערוועלטיקט פון פרייד זענען מיר, וואָס אונדזער קעניג און קעניגין האָבן אונדז צוגעטיילט אַזאַ כבוד און געקומען צו אונדז אין גאָטס הויז, כדי מיטצוטרויערן מיט אונדז אויף אונדזער אבידה פון זעקס מיליאָן קדושים, און מיטפרייען זיך מיט אונדז, וואָס מיר, דענישע יידן, האָבן זיך געראַטעוועט פון אכזריותדיקן שונא אַ דאַנק אונדזער קעניג קריסטיאַן דעם צענטן, וואָס זיין נשמה וועט אייביק רוען אין פרידן און אַ דאַנק דעם דענישן פאָלק און אונדזערע שוועדישע שכנים, וואָס האָבן אונדז אויסגעשטרעקט אַ ברידערלעכע האַנט".

דער אויבעררבינער האָט געענדיקט די דרשה מיט אַ רירנדיקער תפילה פאַר דעם קעניגלעכן פאָרל, פאַר דעם קעניגלעכן הויז, און פאַרן דענישן פאָלק, פאַר דעם קעניג און פאָלק פון שוועדן און פאַר מדינת ישראל.

די גאַנצע טרויער־פאַרזאַמלונג, דער צערעמאָניאַל, די תפילות און געזאַנג און די רעדע פון אויבעררבינער איז געהערט געוואָרן דורכן ראַדיאָ פון די דריי סקאַנדינאַווישע לענדער.

די פאָרשטייער פון דער געמיינדע האָבן אַרויסגענומען די ספרי־תורות און דער גאַנצער עולם האָט זיך אויפגעשטעלט, בעת דער חזן גראַבאָווסקי האָט געמאַכט דעם אל־מלא־רחמים איבער די דענישע יידן, וואָס זענען אומגעקומען אין טערעזיענשטאַט, איבער די זעקס מיליאָן קדושים און אויך איבער די דענישע פרייהייטס־קעמפער, וואָס זענען אין די פינצטערע היטלער־יאָרן געשטאָרבן מיט אַ העלדן־טויט. צום סוף האָט דער כאָר געזונגען „אדון עולם".

„אונדזער צייט", 1953

# טערעזיענשטאָט

פון שולמית כאַלעוואַ־גוטקין

איבערגעזעצט פון דעניש דורך איר פעטער
ישראל כאַלעוואַ־זילבערבערג

מיט דערשראָקענע בליקן האָבן מיר געקוקט אויפן לאַגער פון דער אַנדערער זייט שטאַכעטן. מיר, אומגליקלעכע יידן, זענען איצטער געווען געפאַנגענע ביי דער געשטאַפּאָ. זינט די איבערפאַלן אויף אונדזערע היימען דעם 1טן אָקטאָבער, 1943, איז געווען סכנת נפשות צו גיין אויף די גאַסן פון קאָפּענהאַגען. עס איז אויך געווען אַ סכנה צו פאָרן אויף אַ באַן אָדער אויטאָמאָביל. צווישן די, וואָס די דייטשן האָבן כסדר געבראַכט אין האָרסער זיד־לאַגער לעבן קאָפּענהאַגען, האָבן זיך געפונען נישט בלויז יונגע, אַרבעטס־פעיקע מענטשן, נאָר אויך זקנים, עלטערן מיט קינדער אין פאַרשיידענעם עלטער און אפילו עופעלעך. אונדז איז דעריבער אוממעגלעך געווען צו דערגייך אַ טאָלק, אין וועלכע מענטשן די דייטשן זענען באַזונדער געווען פאַראינטערעסירט.

די שטימונג איז דאָך געווען אַן אָפּטימיסטישע. די לעצטע, וואָס זענען אַהערגעבראַכט געוואָרן, האָבן געוווסט אויף זיכער, אַז שוועדן האָט אינטערווענירט. די קראַנקלעכע זעלנער, וואָס זענען געשטאַנען אויף דער וואַך אין לאַגער, האָבן אונדז געזאָגט, אַז מען האָט אונדז אַרעסטירט און אַהערגעבראַכט דורך אַ טעות, וואָס וועט באַלד אויפגעקלערט ווערן.

ביסלעכווייז, ווען די נאַכט האָט אָנגעהויבן צוצופאַלן און קיין ענדערונג איז נישט פאָרגעקומען, האָבן מיר אָנגעהויבן שטאַרקער צו גלויבן, קוים וועט מען אונדז נישט ארויסלאָזן פון דאַנען, וועלן מיר מסתמא קריגן אַ דערלויבעניש צו פאַרבלייבן דאָ אין האָרסער זיד־לאַגער ביז דעם סוף פון דער מלחמה. מיר האָבן איצטער געדאַרפט שטאַרקן די, וואָס האָבן פאַרלוירן דעם מוט, זיי זאָלן זיך נישט צוהערן צו די קלאַנגען וועגן דעפּאָרטאַציע קיין פוילן.

די קינדער, וואָס האָבן אין די ערשטע טעג, בשעת די זון האָט נאָך געשיינט, זיך אויפגעהאַלטן אין דרויסן, מחוץ דעם לאַגער, זענען

געצווונגען געווען צו פאַרברענגען אין די געדיכט אָנגעפּאַקטע שטובן, צוזאַמען מיט שטאַרק נערוועזע טאַטע־מאַמעס און אָפט באָבע־זיידעס.

אַזוי ווי איך האָב גוט געקענט די מערסטע קינדער, איז מיר גרינג אָנגעקומען זיי צוזאַמענצונעמען. אַ ווייל האָבן מיר פאַרגעסן די ביטערע ווירקלעכקייט און זיך פאַרנומען מיט פאַרבן אויף טייערן צייכן־פּאַפּיר, וואָס מיר האָבן געפונען אין לאַגער. דאָס האָבן די דענישע קאָמוניסטישע אונטערערדישע קעמפער איבערגעלאָזט פאַר אונדז.

מיר האָבן שוין בדעה געהאַט צו שרייבן צום דענישן בילדונגס־מיניסטעריום, אַז מען זאָל אונדז שיקן שולביכער, ווען די דייטשן האָבן פּלוצלונג אַ סוף געמאַכט צו אונדזער האָפענונג און אונדז באַפוילן צו זיין גרייט פאַר דער נסיעה. וווהין מען וועט אונדז פירן — האָט מען אונדז נישט געלאָזט וויסן.

דער שכל איז מחייב, אַז מענטשן, וואָס געפינען זיך אין אַזאַ מצב, זאָלן זיך אין גאַנצן פאַרלירן, אָבער קיין איינציקע טרער איז נישט געפאַלן; יעדער איינער האָט אָנגענומען זיין גורל. אפילו די קינדער האָבן אינטואיטיוו דערשפּירט, אַז אַצינד טאָר מען נישט וויינען, גאָרנישט פאַרלאַנגען, בלויז אכטונג געבן, אַז די דאָזיקע מיאוסע ברואים זאָלן אַפילו קיין רגע נישט דערקענען אונדזער זאָרג און מורא.

אין צוויי טעג ארום זענען מיר געווען אין טערעזיענשטאַטער געטאָ.

טערעזיענשטאַט איז אַ קליינע גאַרניזאָן־שטאָט, אויפגעבויט אין יאָר 1780 פון יאָזעף דעם צווייטן; די שטאָט האָט זיך גערופן נאָך דעם קעניגס מוטער, מאַריע טערעזיע. בשעת דער מלחמה פון יאָר 1866 האָט די פעסטונג געשפּילט אַ ראָלע. אין 1882 האָט אויפגעהערט איר ווערט ווי אַ פעסטונג־שטאָט, אָבער אירע קאַזאַרמעס זענען כסדר באַניצט געוואָרן פאַר אַ גאַרניזאָן פון אַ פינף־זעקס טויזנט מאַן.

טערעזיענשטאַט ליגט לעבן דעם טייך עגער, נישט ווייט פון דעם אָרט, ווו ער פאַלט אַריין אין דער עלבע, אַרום זעכציק קילאָמעטער צו מזרח פון פּראָג. די סטאַנציע־שטאָט, באָוושאָוויץ, די נאָענטסטע סטאַנציע פון טערעזיענשטאַט, ליגט אויף דער איינבאַן־ליניע פּראָג—דרעזדן. אין נאָרמאַלע צייטן האָט טערעזיענשטאַט געהאַט אַן ערך דריי טויזנט ציווילע איינוווינער. אַ העלפט פון זיי טשעכן און אַ העלפט סודעטן־דייטשן, און אַ גאַרניזאָן אַן ערך פיר טויזנט מאַן. בשעת מיר זענען

אָנגעקומען קיין טערעזיענשטאַט האָבן זיך דאָרטן געפונען 48,000 יידן אויף דעם איינעם קוואדראט־קילאָמעטער, פון וועלכן די שטאָט איז באַשטאַנען און וואָס האָט זיך איצטער גערופן געטאָ. מען האָט נישט נאָר געמוזט איינאָרדענען שלאָפּלעצער אין דריי עטאַזשן, נאָר מען האָט אויך געדאַרפט נעמען דיביידעמער און די קעלערס, און פאַרשטייט זיך, אַז די, וואָס זענען אָנגעקומען צו לעצט, האָבן געקראָגן די ערגסטע פּלעצער.

אונדזער באַליבטער אויבעררבינער, ד״ר מ. פרידיגער, איז געווען דער בעסטער פריינד פון די יידישע קינדער, און תיכף נאָך זיין אָנקומען איז ער, לויט דעם פאַרלאַנג פון די דייטשן, געוואָרן אַ מיטגליד אין דעם יידישן עלטעסטנראַט און איינציייטיק דער עלטסטער און פירשפּרעכער פון די דענישע יידן. מיט פלאַם־פייער און ענערגיע האָט ער זיך אַריינ־געוואָרפן אין דער אַרבעט, און מיט זיין אויטאָריטעט האָט ער אויסגע־פּועלט, אַז מען זאָל לפחות די קינדער נישט באַזעצן אויף די ביידעמער, ווו עס האָט אַריינגערעגנט און די קעלט איז געווען גרויס, און די פליי און וואַנצן זענען באַפאַלן די אויסגעמאַטערטע גופים.

די יידישע פאַרוואַלטונג פונעם געטאָ האָט זיך איינגעאָרדנט מיט פאַרשיידענע אָפּטיילונגען, און יעדע אָפּטיילונג האָט געהאַט איר געביט צו פאַרוואַלטן. האָט מען די קינדער צוגעטיילט צו אַ יוגנט־אָפּטיילונג מיט אַ סך באַרימטע פּעדאַגאָגן און וויסנשאַפטלער. זיי האָבן פאַרגעלייגט, אַז די דעניש־יידישע קינדער, גלייך מיט די מערסטע אנדערע יידישע קינדער פון דער געטאָ, זאָלן אריינגענומען ווערן אין די עקזיסטירנדיקע דייטש־יידישע אָדער טשעכיש־יידישע קינדערהיימען, און אויב מעגלעך מיט אַ יידיש־דענישן אָנפירער, ווייל עס איז נישט געווען קיין פּלאַץ פאַר אַ זעלבשטענדיקער דעניש־יידישער אָפּטיילונג, און צוליב דעם עלטער, וואָלט מען געדאַרפט האָבן ווינציקסטנס צוויי צימערן. די דאָזיקע צעשפּליטערונג פון אונדזערע דעניש־יידישע קינדער האָבן די עלטערן בשום אופן נישט געוואָלט; זיי האָבן בעסער געוואָלט אַליין אַכטונג געבן אויף זייערע קינדער אזוי גוט ווי עס וועט זיך נאָר לאָזן. דאָס האָט אָבער אויך געמיינט, אַז די קינדער וועלן דאַרפן פאַרבלייבן אויף די ביידעמער.

דריי טעג נאָך דעם ווי מיר זענען אָנגעקומען אין געטאָ, האָבן אונדזע־רע קינדער געקראָגן אויסגעטיילט וועש צו שלאָפן און בעטגעוואַנט און

אָנטועכץ. אַן אויסערגעוויינלעכע געשעעניש, וואָס האָט די גאַנצע געטאָ פאַרווונדערט. אָבער דער ייִדיש־דעניִשער טראַנספּאָרט איז אויך געווען דער איינציקער, וואָס איז געקומען אין גאַנצן אָן „געפּעק״.

אין אַלע אַנדערע לענדער האָבן זיך ייִדן לאַנג געריכט אויף דעפּאָר־טאַציע; בלויז אין דענעמאַרק איז דאָס צום גליק געווען אַ פּלוצלונגע און „איינמאָליקע״ אַקציע. דריי וואָכן שפּעטער האָבן אויך די דערוואַקסענע דעניִשע ייִדן געקראָגן צוגעטיילט קליידער. מיר האָבן זיך אויסגעלערנט צו פאַרקלאַפּן די ערגסטע לעכער אויף די דעכער און איינאָרדענען אונדזער ליליפּוט־וועלט אויף דריי קליינע ברעטער, אזוי, אַז מיר האָבן דאָס אָנגערופן „היים״, און אפילו געבענקט „אהיים״, ווען מיר זענען געווען אַוועק ביי דער אַרבעט.

די דייטשן האָבן פאַרבאָטן אַלע פאָרמען פון לערנען און שול־לימודים, אָבער „קינדער־באַשעפטיקונג״ איז דערלויבט געוואָרן. דאָס איז אויסגעטייטשט געוואָרן פון די ייִדישע מנהיגים אַזוי, אַז אַלע פאָרמען לערנען זענען באַצייכנט געוואָרן מיטן נאָמען „באַשעפטיקונג״. עס איז דערפאַר געווען פאַרשטענדלעך, אַז די פראַגע וועגן בעשעפטיקן די דעניש־ייִדישע קינדער האָט זיך אוועקגעשטעלט תיכף נאָך דעם, ווי די עלטערן האָבן געמוזט אָנהייבן אַרבעטן.

צווישן די דעניִשע ייִדן זענען באַלד געווען צוויי, וואָס האָבן זיך געמאָלדן צו אַרבעטן מיט די קינדער, פרל׳ יהודית פישער פון דער ייִדישער מיידלשול אין קאָפּענהאַגען און איך, וואָס בין געווען אַ סעמי־נאַריסטן אין קאָפּענהאַגענער אוניווערסיטעט, אויפן לעצטן קורס.

נאָך דעם ווי מען איז דורכגעגאַנגען „די הונדערטשאַפט״, ד״ה, אַרבעטן הונדערט שעה ביי פאַרשידענע מלאָכות, וואָס יעדער נייער געטאָ־איינוווינער איז געצוווּנגען געווען צו טאָן, האָט מען אין גינציקע פאַלן געקאָנט קריגן די באשעפטיקונג, צו וועלכער מען איז געווען צוגע־וווינט פון דער היים.

די וואָס האָבן געהאַט צו טאָן מיט יוגנט־פאַרזאָרגונג, האָבן פאַר־לאַנגט, אַז מען זאָל לאָזן די ייִדיש־דעניִשע קינדער זיך לערנען אין דייטש־ריידנדיקע קינדערהיימען, און מיר צוויי אָנפירערס, פרל׳ פישער און איך, זאָלן דינען ווי איבערזעצער. מען האָט מאָטיווירט דעם פאָר־שלאָג מיט דעם קאַטאַסטראָפאַלן דוחק אין פּלאַץ, און אויך מיטן פאַקט,

וואָס אין געטאָ האָבן זיך געפונען ביכער אויף אַלע אַנדערע לשונות, אַחוץ אויף דעניש; און סוף כל סוף דאַרף מען אויך אין זינען האָבן, אַז אויף דעם אופן וועט מען אָן ווייטיק זיך קענען לערנען און אַריבערגיין אויף אַ פרעמדער שפּראַך. פאַרשטייט זיך, אַז מיר האָבן תיכף רעאַגירט און דערקלערט, אַז מיר ווילן אָן אפילו אָן ביכער ווייטער אָנהאַלטן אַ פאַרשטענדעניש און ליבע צו דענעמאַרק, ווי לאַנג די געפאַנגענשאַפט זאָל נישט געדויערן. זאָלן די קינדער וואָס ווייניקער פילן די פרעמדקייט און אויך געדענקען, אַז זייער היימלאַנד, דענעמאַרק, איז קעגן דעם אומגליק, וואָס האָט אונדז אַלעמען געטראָפן, און זיי זאָלן אויך אָנהאַלטן זייערע לימודים לויט דער דענישער פּראָגראַם. סוף כל סוף האָבן מיר געוווּנען. דאָס פּראָבלעם איז אָבער ווייטער געווען צו קריגן אַ פּלאַץ אין אַ הויז. לעת־עתה האָבן מיר זיך געאייניקט צו לערנען אויף דער פריי. דריטהאלבן שעה פאַר מיטאָג און נאָך מיטאָג האָבן מיר פאַרזאַמלט די קינדער אויפן פּלאַץ לעבן די פעסטונג־ווענט.

פון דער הייך האָט מען געזען פון צפון די פּראַכטפולע פּאַנאָראַמע פון די בערג מיט דער אידילישער שטאָט לייטמעריץ, אַ סך קליינע הייזער מיט רויטע דעכער, און פון דער אַנדער זייט — פלאַכע לאַנד־שאַפט פון דער שטאָט באָוושאָוויץ און ווייסע דאָרפישע קלויסטערס.

דאָ, אין דער הייך, מיט דער פרייהייט, וואָס האָט געררייצט, ווייט פון דעם שמוץ און דער געפּאַלנקייט פון געטאָ, האָבן מיר פאַרגעסן אין די קייטן פון קנעכטשאַפט. מיר האָבן אַראַנזשירט געזאַנג, פאָלקסטענץ, שפּילן, גימנאַסטישע געניטונגען, ביז מיר זענען געוואָרן אַזוי דערוואַ־רעמט, אַז מיר האָבן זיך געקענט נעמען צו רעכענען, געשיכטע, פּאָעזיע און אָבסערווירן דעם וווּקס פון געוויקסן.

ביסלעכווייז איז אונדז קלאָר געוואָרן, אַז די דאָזיקע פאָרעם פון לערנען אויף דער פרייער לופט וועט צו ריזיקאַליש. מיר האָבן געהאַלטן אין מיטן נאָוועמבער, און הגם עס איז זעלטן ווען געווען אַ שטורעם אָדער אַ רעגן, האָבן מיר אין אונדזערע האַרבסט־קליידער געפרווירן, בעת דער אַפּעטיט איז געוואַקסן. די יוגנט־פאַרזאָרגונג האָט געטאָן אַלצ־דינג, וואָס זי איז נאָר בכוח געווען, אָבער ביז מיר האָבן געקראָגן אַ דאַך איבערן קאָפּ, איז געוואָרן דעצעמבער.

בשעת די דעניש־יידישע קינדער זענען אָנגעקומען אין דער געטאָ,

זענען זיי געווען אין אַ גאַנץ אַנדערן דערנערונגס־צושטאַנד, ווי די יידישע קינדער אין דייטשלאַנד, האָלאַנד, עסטרייך און טשעכאָסלאָוואַקיי, וואָס אַ סך זענען געווען נישט־דערשפּייזט זינט דער גרינדונג פון געטאָ אין נאָוועמבער 1941. אָבער מסתמא צוליב דעם פּלוצלונגדיקן איבערגאַנג צו אומאַפּעטיטלעכע גרויע הירזש, גערשטענגרויפּן און קאַרטאָפל־זופּ, זענען אונדזערע קינדער געוואָרן אין משך פון ווינטער אויסגעמאָגערט און אויסגעבלייכט. זיי האָבן זיך אָנגענומען מיט איין קראַנקייט נאָך דער אַנדערער: קייכהוסט, שקאַרלאַטין, געלזוכט, און גרויסע פּליסיקע ווונדן.

קינדער ביז פערצן יאָר זענען נישט געצוווּנגען געווען צו אַרבעטן, און דאָך איז געווען אַ געוויינלעכע זאַך, אַז די מערסטע קינדער צווישן 11 און 14 יאָר, האָבן זיך אונטערגענומען צו אַרבעטן, נישט מחמת נייגע־ריקייט אָדער צוליב צייטפאַרטרייב, נאָר דערפאַר וואָס זיי האָבן געקראָגן מער צו עסן.

אויב מען איז געווען אַריינגעטאָן אין דער אַרבעט און נישט גע־שפּאָרט קיין כוחות, האָט מען געקראָגן יעדן צווייטן טאָג $1\frac{1}{2}$ פּאָרציעס מיטאָג. דאָס האָט אין דער אמתן באַטייט — צווי ביז דריי קליינע קאַרטאָפל און 0.05 פון איין קניידל מער ווי די נאָרמאַלע פּאָרציע, אָבער דאָס האָט אָנגעפילט דעם אויסגעליידיקטן מאָגן אויף אַ קורצער ווײַלע.

אונדזערע גרעסערע יינגלעך און מיידלעך האָבן זיך אָנגעכאַפּט אין דעם אויסוועג, נאָך דעם ווי זיי זענען עטלעכע וואָכן אָפּגעווען אין דער געטאָ; זיי, וואָס זענען דורך אַ מאָדנעם צויבער געוואָרן קליינע דער־וואַקסענע מענטשן, האָבן אגב, לענגער נישט געהאַט קיין רו צו זיצן אויף די שולבענק און זיי זענען אריינגעצויגן געוואָרן אין דער שרעק און שפּאַנונג, וואָס האָט שטענדיק געהערשט אין דער געטאָ.

די קינדערגאָרטן־קינדער זענען נאָך דעם ווי זיי האָבן געלערנט עטלעכע טעג אין דער פרייַ, אַוועקגעשיקט געוואָרן אין די עקזיסטירנדיקע קינדערהיימען. זיי האָבן זיך גיך צוגעוווינט צו פאַרשטיין זייערע קליינע חברים. זיי זענען, אגב, געווען די ערשטע צווישן אונדז דענישע יידן, וואָס האָבן זיך אויסגעלערנט ציילן אויף טשעכיש, און ווען מיר האָבן געקראָגן אַ שולצימער איז אונדז אין גאַנצן פאַרבליבן פופצן שולקינדער. אונדזער שולצימער האָט געהאַט בענק און אַ טיש, אפילו אַ גרויסן גרינעם אויוון, אָבער מיר האָבן גאָרנישט געהאט וואָס אַריינצולייגן אין אים.

מיר האָבן געקראָגן בלייערס און אַ ביסל פּאַפּיר, אָבער מיר האָבן אויך זיכער געוווסט, אַז מען האָט זיך שטאַרק באַמיט, מיר זאָלן קריגן די דאָזיקע אוצרות.

צוליב פּראַקטישע טעמים, האָבן מיר איינגעטיילט די קינדער אין עלטער־גרופּעס, אַזוי אַז די ייִנגסטע האָבן געלייענט מעשהלעך פון תנ״ך און די עלטסטע דעניש. קיין טאָוולען און קרייד האָבן מיר נישט געהאַט, האָבן מיר דערפאַר אויפן פּאַפּיר (וואָס מיר האָבן געדאַרפט שטאַרק שפּאָרן) אויפגעשריבן דעם טעקסט, וואָס מען האָט געדאַרפט איבער־דערציילן. מיר האָבן אויך געלערנט געשיכטע, שפּראַך־אַנאַליז און אַפילו דיקטאַט פאַר די קלענערע. פאַרשטייט זיך, אַז מיר האָבן נישט געקענט פאַרלאַנגען, אַז די קינדער זאָלן טאָן היימאַרבעט, הגם אַלע ייִדיש־דענישע פרויען און זייערע קינדער האָבן אין חודש דעצעמבער געקראָגן דערלויִ־בעניש אריבערצוקלייבן זיך פון די ביידעמער אין ליכטיקע באַראַקן, אָבער דאָ איז מען געצוווּנגען געוואָרן צו וווינען אַ סך ענגער ווי אויף די ביידעמער — פינף און צוואַנציק מענטשן אין איין צימער פון 25 קוואַד־ראַט־מעטער און $2\frac{3}{4}$ מעטער צווישן באַלקן און דיל, מעבלירט מיט שטרויזעק אין דריי עטאַזשן.

נאָך אַ שטיקל צייט זייענדיק אין דער געטאָ, האָבן מיר אויסגעפונען ווער עס זענען געווען די פריערדיקע באַוווינער פון דעם באַראַק.

דאָרטן האָבן געוווינט פינף הונדערט ייִדישע קינדער פון אוקראַיִנע אין עלטער פון צוויי ביז פופצן יאָר. זייערע עלטערן זענען דעפּאָרטירט געוואָרן, אָדער מ׳האָט זיי געהרגעט פאַר די אויגן פון די קינדער. די דאָזיקע קינדער זענען געבראַכט געוואָרן קיין טערעזיענשטאַט און מען האָט זיי באַשטאַט אין דעם באַראַק, אין וועלכן מיר וווינען אַצינד. די דאָזיקע 500 ייִדישע קינדער זענען געהאַלטן געוואָרן שטרענג איזאָלירט און קיינער האָט נישט געטאָרט רעדן מיט זיי. זייער איינציקער דאָקטאָר און פיר קראַנקן־שוועסטער, האָבן נישט געטאָרט האָבן קיין שום מגע ומשא מיט די אַנדערע ייִדן אין געטאָ. אַ יונגער ייִדישער בחור, וואָס האָט פאַרבייגייענדיק עפּעס געזאָגט צו עטלעכע פון די קינדער הינטער די שטאַכעטן, האָט מען אַריינגעוואָרפן אין תפיסה און דערנאָך געשיקט קיין פּוילן צו די גאַזאָוויוונס.

דאָס עסן, וואָס מ׳האָט געבראַכט, האָט מען אַוועקגעשטעלט הינטער

דעם באַראַק. נאָך דעם ווי די יידישע יוגנעליט, וואָס האָבן געבראַכט דאָס עסן, זענען שוין געווען אַוועקגעגאַנגען, האָבן די קראַנקן־שוועסטער געמעגט נעמען דאָס עסן. אַזוי שטרענג איז די איזאָלאַציע דורכגעפירט געוואָרן. אין איין נאַכט האָבן די דייטשן גענומען די 500 יידישע קינדער צוזאַמען מיטן דאָקטאָר און די פיר קראַנקן־שוועסטער און זיי ערגעץ אַוועקגעפירט, און מער האָט מען נישט געהערט וועגן זיי. אָט אָ דאָ האָבן מיר איצט געוווינט.

גאָר ענג איז געוואָרן אין די אָונטן, ווען די פּאָטערס און די ברידער זענען זיך צוזאַמענגעקומען, ווייל דאָ איז דאָך געווען אַ סך אָנגענעמער ווי אין די קאַזאַרמעס, ווו די מענער האָבן זיך אויפגעהאַלטן. די קינדער האָבן געהאַלטן פאַר אַ כבוד צו ברענגען דאָס עסן פון די אויסטייל־פּלעצער, ווו עס איז תמיד געווען אַ געדראַנג. זיי האָבן געוואָלט, אַז טאַטע־מאַמע זאָל זיך אַ ביסל אָפּרוען נאָך דעם ווי זיי זענען אַהיימגעקו־מען מיד און הונגעריק פון דער אַרבעט. מיר האָבן געמוזט זיין צופרידן מיט דעם. די קינדער זענען געשטאַנען אין די רייען שעהענווייז ביז זיי האָבן זיך דערשלאָגן צו זייערע חלקים.

צוזאַמען מיט די קינדערהיימען האָבן אויך מיר זיך געגרייט צו דער חנוכה־פייערונג. אויף אַלע שפּראַכן, וואָס די קינדער האָבן גערעדט אין דער געטאָ, האָט געדאַרפט געפּראַוועט ווערן דער באַפרייאונגס־יום־טוב.

מיר האָבן איבערגעזעצט אויף דעניש אַ שפּיל, חכמת שלמה, און מיר האָבן געהאַט אַ ראָלע פאַר יעדן קינד. מיר האָבן אונדזער קלאַס־צימער פאַרוואַנדלט אין אַן אָריענטאַלישן פּאַלאַץ, וואָס האָט געשיינט מיט די דעקאָראַציעס און מיט די עלטערנס אויגן. אַחוץ דעם שפּיל, האָבן מיר דורכגעפירט געזאַנג און דענישע פּאָלקסטענץ. דאָס זענען געווען וווּנדערלעכע שעהען, איינגעהילט מיט אַ ווייטאָגדיקער בענקשאַפט.

אין אונדזער פרייד האָבן מיר כמעט פאַרגעסן, אַז די דייטשן קענען אונדז פאַרלויפן דעם וועג; און זיי האָבן ליידער אויך דאָס מאָל אין אונדז נישט פאַרגעסן.

אַ פּאָר טעג פאַר חנוכה און גלייכצייטיק אַ וואָך פאַר ניטל, האָבן די דייטשן געפאָדערט, אַז די יידן זאָלן פון זיך אויסקלייבן פינף טויזנט אַלטע מענטשן, וואָס דאַרפן געשיקט ווערן אין טראַנספּאָרט, ד״ה צו די גאַזקאַמערן אין אוישוויץ. פון די 100,000 יידן, וואָס זענען זינט נאָוועמ־

בער 1941 אַרויסגעשיקט געוואָרן פון געטאָ, איז בלויז זייער זעלטן, און דאָס תיכף נאָך דער דעפּאָרטאַציע פון טערעזיענשטאָט, דערהאַלטן געוואָרן אַ צייכן פון לעבן. שוין פון דעם אַליין האָבן מיר געוווּסט, אַז דער טראַנספּאָרט האָט זיכער באַטייט טויט. אַחוץ דעם האָט געטראָפן, אַז טשעכישע לאָקאָמאָטיוו־פירערס, וואָס זענען פון די דייטשן געצוווּנגען געוואָרן צו זייער אַרבעט, האָבן אַריינגעשמוגלט בריוו אין געטאָ וועגן גאַזטויט פון די דאָזיקע פאַרמשפּטע יידן. מען דאַרף אויך געדענקען, אַז בלויז די יידן, וואָס זענען געווען „פּריווילעגירט" דורך חתונה מיט אַן „אַריער", אָדער צוליב אַן אויסצייכענונג אין דער ערשטער וועלט־מלחמה, האָבן געקראָגן די דערלויבעניש אָוועקגעשיקט צו ווערן קיין טערזיענ־שטאָט און פאַרבלייבן דאָרטן.

בלויז דער וואָס האָט איבערגעלעבט אַזאַ טראַנספּאָרט און געזען דעם קאַמף ביז משוגעת צו פאַרראַטן דעם אַנדערן, כדי אַליין נישט אויסגעקליבן צו ווערן צום טראַנספּאָרט, וועט פאַרשטיין די דייטשישע גוט דורכגעטראַכטע אַכזריות. אין משך פון איין טאָג האָט מען געמוזט צושטעלן די ליסטעס מיט די אומגליקלעכע קרבנות צו דעם קאָמענ־דאַנט און אין געציילטע עטלעכע שעה האָבן זיי זיך געמוזט געפינען אין קאַזאַרמע־הויף.

וועגן אַנטלויפן פון געטאָ האָט נישט געקאָנט זיין קיין רייד, ווייל די שמירה איז דורכגעפירט געוואָרן פון אַ שטאַרקער טשעכישער זשאַנדאַרן־אָפּטיילונג. זיי האָבן טאַקע געהאַסט די דייטשן פונקט ווי מיר, אָבער צוליב זייער אייגן לעבן האָבן זיי געדינט די דייטשן. צו באַהאַלטן זיך איז געווען נאָך שווערער, ווייל יעדער יידישער הויז־פאַרוואַלטער, איז מיט זיין לעבן געווען פאַראַנטוואָרטלעך פאַר די מענטשן אין הויז.

דאָס יאָר 1944 האָט זיך אָנגעהויבן מיט קראַנקייטן ביי די מערסטע דענישע יידן, און אַ לאַנגע צייט איז אונדזער גיין אין שול אינגאַנצן געוואָרן איבערגעריסן.

צו די פריער דערמאָנטע קראַנקייטן איז נאָך צוגעקומען אַ מין שלאָפקראַנקייט, וואָס האָט באַזונדער אָנגעשטעקט די קינדער און די יוגנט. דאָס האָט זיך אויסגעדריקט אין אַ געליימטקייט, שטייפקייט פון רוקן, היץ און שרעקלעכע קאָפּווייטאָגן. צוליב דעם דוחק אין מעדיקאַ־מענטן, איז געווען שווער געזונט צו ווערן.

אין פאַרלויף פון דעם האַלבן יאָר, האָבן מיר בלויז דערהאַלטן איין מאָל פּאָסט פון דער היים, און כאָטש עס איז געשטאַנען געשריבן אין די בריוו, אַז מען באַמיט זיך צו שיקן אונדז עסן, האָבן מיר נישט געגלויבט, אַז די דייטשן וועלן דאָס דערלויבן.

און פּלוצלונג איז געשען אַ נס. איין טאָג אין אָנהויב מערץ, האָט מען אונדז מודיע געווען, אַז אין באַוושאַוויץ ליגן פאַר אונדז אַ סך פּעקלעך, און פון דעם טאָג אָן ביז צו די סאַמע לעצטע טעג פון אונדזער זיין אין געטאָ, פולע 13 חדשים, זענען די דאָזיקע טייערע פּעקלעך, וואָס די דענישע רעגירונג האָט געשיקט צו אונדז דורך דעם שוועדישן רויטן קרייץ, אָנגעקומען צו יעדן איינציקן פון אונדז, און געקומען זענען זיי רעגלמעסיק, אַלע דריי וואָכן.

עס האָט זיך ממש נישט געלאָזט גלייבן, מיט וואָס פאַר אַ גיכקייט מיר האָבן זיך געקענט אויסשרייבן פון די שפּיטאָלן. מיר זענען געזונט געוואָרן אַ דאַנק דער פּוטער, האָבערגריץ, קאָנדענסירטע מילך, צוקער, קעז און ווורשט. אָבער די פּעקלעך האָבן פאַר אונדז באַטייט מער ווי בלויז דאָס, וואָס מיר האָבן צוריקגעוווּנען אונדזער געזונט. מיר זענען געשטאַרקט געוואָרן אין גלויבן, אַז מען האָט אונדז אין דער היים נישט פאַרגעסן, און אַז די דייטשן האָבן אונדז נישט געקאָנט באַהאַנדלען ווי עס וואָלט זיך זיי וועלן. אַוודאי האָבן מיר זיך געטיילט מיט די פּעקלעך, באַזונדערס מיט די קינדער און קראַנקע.

צוזאַמען מיט די פּעקלעך האָבן מיר געקראָגן האָפענונג, אַז מיר וועלן זיך אַ מאָל אומקערן צו אונדזער באַליבטער דענעמאַרק. מיר זענען נאָך מער איבערגעצייגט געוואָרן אין דעם, ווען אין די קומענדיקע חדשים האָט מען פאַרשענערט די געטאָ בלויז צוליב דעם כבוד פון דער דענישער קאָמיסיע, וואָס האָט אונדז באַזוכט דעם 23־סטן יוני.

פונקט אין מיטן, בשעת עס האָט זיך אונדז אויסגעוויזן, אַז די דייטשן פירן בנוגע אונדז אַ מילדערן קורס, האָבן זיי אין חודש מאַי פאַרלאַנגט פון אונדזערע רייען 5,000 מענטשן. דאָס מאָל האָבן זיי געוואָלט קינדער, יתומים. ווידער אַ מאָל האָבן זיי געדאַרפט אָנפילן די טויטוואַגאָנען. מיט יתומים האָט מען געמיינט אַזעלכע קינדער, וואָס זענען אין טערעזיענשטאַטער געטאָ געווען אָן עלטערן, די עלטערן זענען

אַוועקגעשיקט געוואָרן מיטן טראַנספּאָרט, אָדער זייערע מוטערס און פּאָטערס זיינען לכתחילה נישט געקומען קיין טערעזיענשטאַט. אויך די קינדער איז באַפאַלן די זעלבע אימה וואָס די דערוואַקסענע. זיי איז נישט איין מאָל אויסגעקומען איבערצולעבן טעג, וואָס מען האָט געקענט אַראָפּ פון זינען, און זיי האָבן געוווסט, אַז קיין שום מענטש קען זיי נישט העלפן. זיי האָבן זיך איינגעפּאַקט די רוקזעק, צוזאַמענגעלייגט זייערע זאַכן און זיינען אַוועק אין קאַזאַרמע־הויף.

דער זומער איז אָנגעקומען און צוזאַמען מיט אים, האָבן מיר דורך דער זשאַנדאַרמעריע געקריגן אַריינגעשמוגלט מלחמה־באַריכטן, וואָס האָבן אונדז אויפגעמונטערט. מיר זענען געווען זיכער, אַז דער סוף פון דער מלחמה איז נאָענט.

ווי באַקאַנט, פּראַוועןן די דענער, און באַזונדערס די דענישע קינדער, אין 26סטן סעפּטעמבער, דעם געבוירנטאָג פון קעניג קריסטיאַן דעם צענטן. און וואָס האָט געקאָנט זיין נאַטירלעכער ווי פאַרזאַמלען אַלע דענישע יידן לכבוד דעם קעניגס געבוירנטאָג און אויסצודריקן ליבע צו אונדזער קעניג, וואָס ער האָט אונדז פון יאָר 1940 כסדר באַשיצט; און כאָטש ער איז אין זיין פּאַלאַץ אַצינד אַליין אַ געפאַנגענער ביי די דייטשן, האָט ער דאָך אונדז אַלעמען דורך דער דענישער קאָמיסיע געשיקט זיין גרוס.

אויך די דאָזיקע געבוירנטאָג־פרייד איז אונדז פאַרשטערט געוואָרן.

דעם 23סטן סעפּטעמבער, פונקט פאַר ראש־השנה, איז דאָס געטאָ געוואָרן פאַרפינצטערט, און אַ גאַנצן חודש, ביז דעם 28סטן אָקטאָבער, האָט געשוועבט פינצטערניש און פאַרצווייפלונג אין געטאָ. צוואַנציק טויזנט מענטשן זענען אַוועקגעריסן געוואָרן פון זייערע ליבסטע און טייערסטע און אַוועקגעשיקט געוואָרן צום טויט דורך טראַנספּאָרטן. עס האָט נישט געהאָלפן דאָס בעטן זיך, אַז מען זאָל אַוועקגעשיקט ווערן צוזאַמען מיט דער משפּחה. היינט האָבן די דייטשן פאַרלאַנגט פינף טויזנט אַרבעטס־פעיקע יידן, און צו מאָרגנס זייערע פרויען, און איבערמאָרגן אַלע באַרימטע פּערזענלעכקייטן, וויסנשאַפטלער, קינסטלער, דאָקטוירים אד״גל. עס איז געוואָרן טריב און טרויעריק אין דער פריער אַזוי איבערגעפּאַקטער געטאָ. דער מלאך המוות האָט באַזוכט יעדע איינציקע משפּחה. בלויז די נאָענט צו 500 דענישע יידן האָבן געהאַט איינער דעם צווייטן, אָבער די האָפענונג ווידער צו זען אַ מאָל

דענעמאַרק, האָט שוין מער נישט געלעבט אין אונדז. אַוודאי האָבן מיר נאָך אַלץ געהאַט די פּרעפּערענץ־שטעלונג, אָבער ווער ווייס וואָסער שרעקלעכער טויט עס וואַרט אויף אונדז, אויב די דייטשן וועלן אין דער צוועלפטער שעה איינזען, אַז זיי האָבן פאַרלוירן די מלחמה.

זינט פרילינג האָט זיך אונדזער לערנען שטאַרק רעדוצירט, בלויז צוויי שעה אַ טאָג איבער אַ טאָג, ווייל פרל' פישער און איך האָבן אויך געמוזט לערנען אין דייטשישע און טשעכישע קינדערהיימען. מיר האָבן געקראָגן צוגעשיקט, ווי אַ מתנה פון הימל, אַ מיטלשול־געזאַנגבוך און מיר האָבן אפילו נישט געוווּסט פון וועמען, און דעריבער האָט דער אייגנטימער פון בוך צו מאָל נישט געקראָגן קיין דאַנק. עס איז נישט צו פיל געזאָגט, אַז דאָס בוך איז געוואָרן דער אויסגאַנגפּונקט און דער פעסטער יסוד פאַר אַלע אונדזערע לעקציעס און דאָס לידערבוך איז געוואָרן אונדזער באַליבטער פריינד.

נאָך די אָקטאָבער־טראַנספּאָרטן האָבן אויך אויפגעהערט די דאָזיקע לעקציעס. די אַרבעט־צייט איז געוואָרן פאַרלענגערט (אָפּט פון זעקס אין דער פרי ביז שפּעט אין אָוונט), ווייל די קריגס־פּראָדוקציע פון שפּאַלטן גלימער, דאָס מאַכן אוניפאָרמען, קאַרטאָנאַזש, פּונקט ווי די אַנדערע אַרבעט אין שטאָט, האָט מען געמוזט אַרויסגעבן אין דער אייגענער מאָס, ווי ביז אַהער, מיט די איבערגעבליבענע צען טויזנט יידן. אויך די 9־10־יאָריקע קינדער האָבן געמוזט אַרבעטן; זיי זענען בדרך כלל געווען שיק־יינגלעך, איבער־ברענגערס פון די געשריבענע באַפעלן פון קאַנטאָר צו קאַנטאָר.

די קינדער, וואָס זענען געווען נאָך ייִנגער, האָבן געמוזט זאַמלען אין משך פון וואָכן קערנדלעך פון ווילדע רויזן, יאַגדעס און קאַשטאַנעס אויף איינגעמאַכץ און זייף פאַר די דייטשן. די מוראדיקסטע עקספּלואַטאַציע איז אָבער געווען, ווען די דייטשן האָבן אין דער נאָוועמבער־קעלט געצוווּנגען יונגע קינדער אויסצורייניקן, אין משך פון עטלעכע טעג, די אימהדיקע קרעמאַטאָריע פון זעכציק טויזנט אש־קברים. מיט די קליינטשינקע ציטער־דיקע פינגער, אַרום די שוואַכע אורנעס, האָבן די קינדער געוואַנדערט אין די רייען, וואָס האָבן זיך געצויגן אָן אַ סוף, און אַריינגעוואָרפן די אורנעס אין וועגענער און נאָך דעם אַוועקגעפירט די אַש אין טייך עלבע.

ווידער איז געווען ניטל, אָבער אין געטאָ האָט מען געוווּסט נאָר פון אַרבעטן. די דייטשן זענען געוואָרן אין גאַנצן ווילד מיט זייער גלימער־

שפּאַלטעניש און ארויסגעלייגט די אַרבעט אויף אונדז אין אַזאַ שוידערלעכער און פאַנטאַסטישער מאָס, ווי דאָס גאַנצע זיין פון דער געטאָ וואָלט בלויז געווען אָפּהענגיק אין דער גלימער־פּראָדוקציע. אין אַ שרעקלעכן אופן איז דאָס אויסגעגאַנגען צו די קינדער, ווייל כמעט אַלע פרויען פון דער געטאָ האָבן געאַרבעט אין טאָג־און נאַכט־שיכטן אין די גלימער־באַראַקן.

דער דאָזיקער ווילדער צושטאַנד איז נישט געוואָרן בעסער אַפילו נאָך דעם, ווי עס איז אָנהייב 1945 אָנגעקומען אין געטאָ אַ נייער טראַנספּאָרט פון צען טויזנט יידן פון סלאָוואַקיי און אונגאַרן.

מיר, דענישע יידן, האָבן געהאַט דעם מזל, אַ דאַנק די טייערע פּעקלעך, צו זיין די פאַרפּיעשטשעטע קינדער פון געטאָ (אוודאי פלעגן מיר אָפּגעבן אַ טייל פון אונדזערע געטאָ־זאַכן פאַר אַנדערע יידן, דער הויפּט קראַנקע און קינדער). אונדזער פאָטערלאַנד איז באַטראַכט געוואָרן ווי דער ערד־ישער גן־עדן, נאָך דעם ווי ס'איז אָנגעקומען די וווּנדערלעך שיינע ביבליאָטעק פון אַכט הונדערט ביכער, און אָנגעקומען איז זי קיין באָושאָוויץ נאָך אין נאָוועמבער, אָבער ערשט אין חודש מערץ 1945, האָבן די דייטשן זי אונדז איבערגעגעבן. זיי האָבן געהאַט אַ באַזונדער דרך־ארץ פאַר די דענישע שטעמפּלען און דעם פיינעם פּאַפּיר. מיר האָבן אויך געקראָגן צוגעטיילט ביכערשענק מיט גלעזערנע שויבן אין דעם בעסטן צימער אינעם הויז, וואָס איז נאָך דעם באַזוך פון דער דענישער קאָמיסיע, אויסשליסלעך באַוווינט געוואָרן פון אַ טייל דעניש־יידישע משפּחות.

אין דער ביבליאָטעק האָט זיך געפונען עפּעס פאַר יעדן איינציקן געשמאַק; און מיר אַלע פלעגן טאַקע לייענען יעדער פרייע רגע. אַזוי גרויס איז געווען דער דרך־ארץ און די באַוווּנדערונג פאַר דענעמאַרק, אַז מען האָט דערלויבט אונדזערע קינדער זיך צו לערנען צוויי שעה אַ טאָג אין דעם גרויסן באַקוועמע ביבליאָטעק־צימער.

נאָך דער הפסקה פון אַ האַלב יאָר, זענען אונדזערע קינדער געווען געוואַלדיק פאַראינטערעסירט אין לערנען, אָבער אויך אומרואיק און נערוועז. זיי האָבן געאַרבעט מיט גרויס חשק און געווען זיכער, אַז עס וועט זיך זיי איינגעבן צו דעריאָגן די שול־חברים אין דער היים.

דעם 13טן אַפּריל, פּונקט צום סוף פון דער לעקציע, זענען מיר באַפּאַלן געוואָרן פון די דענישע יידן מיט יובל־און פרייד־געשרייען — מיר פאָרן אַהיים, אַהיים...

אין דער צייט וואָס מיר זענען געווען אין טערעזיענשטאָט האָט דער מזל אונדז צוגעשפּילט מער ווי איין מאָל, אָבער איינצייטיק האָט דאָס גאַנצע געטאָ אויף דעם אָדער יענעם אופן, גענאָסן גוטס פון דעם. דער גאַנצער לעבנס־ניוואָ איז געהויבן געוואָרן מיט די פּעקלעך פון רויטן קרייץ, וואָרעם אַ סך פּעקלעך זענען אויך געשיקט געוואָרן צו טשעכישע און דייטשישע יידן. דאָס אָנקומען פון דער דענישער קאָמיסיע האָט געהאָלפן פאַרבעסערן דאָס טאָגטעגלעכע לעבן פון די איינוווינער פון גאַנצן געטאָ. מיר האָבן געקראָגן בעסערע אויפהאַלט־פּלעצער, שויבן זענען ארייַנגעשטעלט געוואָרן אין די פענצטער אָנשטאָט שמאַטעס, דאָס באָדצימער איז פאַרגרעסערט געוואָרן, אַזוי, אַז עס זענען געווען פּופּציק שפּריצן. די אַלגעמיינע מיינונג איז געווען, אַז די דענישע יידן האָבן באַשיצט דאָס געטאָ, און מען פלעגט נישט זעלטן הערן, מיט אַ לייכטן שמייכל, אַזאַ באַמערקונג:

„מיר דאַנקען דעם פּירער, וואָס ער האָט אונדז אויך אַהערגעשיקט די דענישע יידן".

ווען עס האָט זיך, ווי אַ פייער, פאַרשפּרייט די בייעס, אַז די דענישע יידן וועלן באַפרייט ווערן, האָט די גאַנצע געטאָ געיובלט מיט פרייד; די מלחמה איז פאַרביי, פאַרביי אויף תמיד. אָבער באַלד איז די פרייד מיט אונדזער גליק פאַרוואַנדלט געוואָרן אין ביטערן זאָרג: עס איז נאָך אַלץ נישט געקומען קיין סוף צו דער מלחמה. איר פאָרט טאַקע אַוועק פון דאַנען, איר פאָרט אין אייערע היימען, אָבער וואָס וועט זיין מיט אונדז? ווער וועט זיך פאַר אונדז אָננעמען און זיך איינשטעלן? קיינער האָט נישט ארויסגעזאָגט די דאָזיקע ווערטער, אָבער זיי האָבן גוט געוווסט, אַז אונדזערע הערצער זענען אָנגעפילט מיט ווייטאָג פּונקט ווי זייערע.

באַלד זענען אָנגעקומען די מאַיעסטעטישע ווייסע אָמניבוסן מיט די שאָפערן פון שוועדישן רויטן קרייץ און דורכגעפאָרן די גאַסן. דאָס גאַנצע געטאָ האָט זיך מיט פאַרטרערטע אויגן געזעגנט מיט אונדז.

געדרוקט אין XXX באַנד פון ייוואָ־בלעטער

פּ. ס. די דאָזיקע זכרונות האָט שולמית פאַרעפנטלעכט אין דער דענישער אויסגאַבע: Skolen i de onde aar „די שולע אין די ביטערע יאָרן". שולמית איז געבוירן געוואָרן אין קאָפּענהאַגן. איר פאָטער, הערש פישל כאַלעוואַ (מיין ברודער), איז געשטאָרבן פון אַ האַרץ־אַטאַק אין טערעזיענשטאָט, דעם 16טן אָקטאָבער 1944.

שולמית מיט איר מוטער, יהודית, און מיין צווייטער ברודער, ישכר, מיט זיין פרוי ברכה און פיר קינדער, בנימין, מאַרקוס, גיטל און דינה, האָבן זיך אַלע אומגעקערט אַהיים, און געפונען זייערע וווינונגען אין אָרדענונג. זייערע דענישע פריינד האָבן זיי אָפּגעהיט און געצאָלט דירה־געלט.



אַ טייל פון דער געמיינזאַמער מצבה אויפ'ן קאָפּנהאַגענער בית עולם, וואָס די דענישע געמיינדע האָט אויפגעשטעלט נאָך די אומגעקומענע דענישע יידן אין טערעזיענשטאַטער קאָנצענטראַציע־לאַגער. אויף דער מצבה זעט זיך אויך דער נאָמען פון שרייבערס ברודער, הערשל פישל כאָלעוואַ.

# אָגע בערטעלסען

מיט עטלעכע וואָכן צוריק האָט מיר דער דעקאַן פון דעם גלחים־סעמינאַר אין דענעמאַרק, אָגע בערטעלסען, צוגעשיקט זיין בוך פּערזענלעכע איבערלעבונגען אין דער צייט פון די פאַרפאָלגונגען אויף די יידן אין דענעמאַרק. ער רופט דאָס בוך „אָקטאָבער 43״, וואָרעם דאָס איז אַ טרויעריקע דאַטע אין דער דענישער געשיכטע: אין דער נאַכט פון 1טן אויפן 2טן אָקטאָבער פון יאָר 1943 זענען די דייטשן באַפאַלן די דענישע יידן, ווי „וואָלדרויבער״, ווי „פּיראַטן״.

אויפן שערבלאַט געפינט זיך אַן אייגנאַרטיקע צייכענונג — די רויט־ווייסע פאָן פון דענעמאַרק און דער מגן־דוד אויף דער בלוי־ווייסער פאָן פון ישראל.ביידע פאָנען זענען איינגעפלאָכטן איינע אין דער אַנדערע — אַן אידעלע אַנצוהערעניש, וואָס דענעמאַרק האָט געטאָן פאַר די יידן. דער מחבר האָט אַרויסגעגעבן דאָס בוך צום צענטן יאָר, ווען היטלער האָט געוואָלט אומברענגען די דענישע יידן.

אין דעם בוך געפינט זיך אַ שלל מיט דאָקומענטן, וואָס האָבן פאַר אונדז יידן אַ גרויסן היסטאָרישן ווערט.

לאָמיר קודם־כל איבערגעבן אַן אינטערעסאַנטן יידישן דאָקומענט פון דעם דענישן שטאַטס־מיניסטער האַנס העצטאָפט, אין דער הקדמה צו אָגע בערטעלסמענס בוך.

ער שרייבט: „...אין סוף סעפּטעמבער, 1943, האָט די דענישע רעגירונג אָנגעהויבן זיך שטאַרק שרעקן פאַר דעם גורל פון די דענישע יידן. מיט נ. פ. דוקאָוויץ, וואָס האָט געאַרבעט פאַר די דייטשן אין קאָפּענהאַגען ווי דער אָנפירער פון שיפן־טראַנספּאָרטאַציע, האָבן מיר אָנגעהאַלטן קאָנטאַקט דורך דער גאַנצער צייט וואָס דענעמאַרק איז געווען אָקופּירט פון די נאַציס. דעם 28טן סעפּטעמבער, 1943, בעת איך בין געווען פאַרנומען אויף אַ וויכטיקער אַרבעטער־באַראַטונג, האָט מען מיר געלאָזט וויסן, אַז אימעצער מוז מיך תיכף זען. נ. פ. דוקאָוויץ איז געשטאַנען פאַר מיר אַ בלאַסער און מיט אַ צעווייטיקט געמיט מיר געזאָגט: „איצט האָט אויך אונדז געטראָפן דאָס אומגליק. אלצדינג איז פּלאַנירט מיט אַלע איינצלהייטן. שיפן שטייען שוין פאַראַנקערט ביים קאָפּענהאַגענער האַפן. די געסטאַפּאָ וועט באַפאַלן

די דענישע יידן אין זייערע היימען, ארויפזעצן זיי אויף די שיפן און זיי דעפּאָרטירן צו אַן אומבאַקאַנטן גורל..."

"...איך און מיינע פריינד־מיניסטאָרן האָבן איינגעטיילט צווישן זיך די אויפגאַבן. דורך אומלעגאַלע פּאָליצײ־פאַרבינדונגען האָבן מיר געקראָגן אויטאָמאָבילן און מיר האָבן זיך אַרויסגעלאָזט אין אַלע ווינקעלעך פון לאַנד. איך בין קודם־כל געפאָרן צו דער ווילא אין שאַרלאָטענלונד (אַ פאָרשטאָט פון קאָפּענהאַגען), וווּ עס האָט געוווינט דער פאָרזיצער פון דער דעניש־יידישער געמיינדע, צ. ב. הענריקוס, אדוואָקאַט פון העכסטן געריכט. קיין מאָל אין מיין לעבן וועל איך נישט פאַרגעסן יענע באַגעגעניש מיט דעם הויפּט פון די דענישע יידן.

"מיר האָבן זיך פריער ווייניק־וואָס געקענט. בלויז געציילטע מאָל האָבן מיר זיך געהאָט באַגעגנט. איך, ווי דער פאָרשטייער פון די אַרבעטער־יוניאָנס, הענריקוס — ווי דער יורידישער בעל־יועץ פון די אַרבעטס־געבער.

"איך האָב געזאָגט, אַז איך וויל ריידן מיט הענריקוס אונטער פיר אויגן, ווען מיר זענען פאַרבליבן אַליין, האָב איך נערוועז און דורכגענומען מיט חרפּה ווי איך בין געווען, געזאָגט: "הענריקוס, אַ גרויס אומגליק גייט אויף דענעמאַרק, אין דער נאַכט פון 1טן אָקטאָבער וועט די געסטאַפּאָ באַפאַלן די דענישע יידן אין זייערע היימען און זיי אַוועקפירן אויף שיפן, וואָס וואַרטן שוין אין קאָפּענהאַגענער האַפן. איר מוזט אויגנבליקלעך וואָרענען יעדן יידן אין גאַנץ דענעמאַרק, עס איז קלאָר, אַז מיר וועלן טאָן אַלצדינג, וואָס עס איז נאָר מענטשלעך מעגלעך, כדי אייך צו העלפן..."

דער דענישער שטאַטס־מיניסטער דערציילט ווייטער, וואָס דער פאָר־זיצער פון דער יידישער געמיינדע צ. ב. הענריקוס האָט אים אויף דעם געענטפערט. יענער ענטפער האָט דעם מיניסטער דערשטוינט און געפּלעפט. דער שטאַט־מיניסטער שרייבט:

"איך קען היינט דערציילן, אַז הענריקוסעס רעאַקציע איז געווען גאַנץ אַנדערש, ווי איך האָב דערוואַרט. ער האָט געענטפערט:

"איר זאָגט ליגן".

עס האָט לאַנג געדויערט ביז וואַנען דער דענישער שטאַטס־מיניסטער האָט איבערצייגט דעם פאָרזיצער פון דער יידישער געמיינדע, אַז עס איז אמת, וואָס די דייטשן האָבן בדעה צו טאָן מיט די דענישע יידן.

צו מאָרגנס, דעם 29סטן סעפּטעמבער, האָבן זיך די דענישע יידן פאַר־

זאַמלט אין דער קאָפּענהאַגענער שול. עס איז געווען ראש־השנה. די גרויסע קאָפּענהאַגענער שול איז געווען איבערגעפּאַקט. אַלע זענען געווען טיף ערנסט און פאַרשטאַנען, אַז אַ סכנה לויערט אויף זיי. דאָרט האָט מען מודיע געווען וואָס די נאַציס האָבן באַשלאָסן צו טאָן.

פון יענעם טאָג אָן האָבן די דענער אָנגעהויבן אַ נאַציאָנאַלע אונטער־ערדישע אַרבעט פון ראַטעווען די העכער זעקס טויזנט דענישע יידן (אָן ערך דריי טויזנט דענישע תושבים און העכער דריי טויזנט רוסיש־פּוילישע יידן און זייערע קינדער).

אָגע בערטעלסען באַשרייבט דאָקומענטאַריש, וואָס ער, זיין ווייב, אַ גרופּע לערער, דאָקטוירים, טעכניקער און סתם בירגער אין דעם קליינעם שטעטל לינגבי (וואָס ליגט 5 מייל אין צפון פון קאָפּענהאַגען) האָבן געטאָן, כדי צו ראַטעווען אַ סך הונדערטער יידן, וואָס זענען אנטלאָפן אין דעם דאָזיקן האָפן־שטעטל לינגבי. צווישן די דאָזיקע הונדערטער יידן זענען געווען אַ סך פליטים־יידן, און זיי זענען געווען אין דער גרעסטער סכנה.

דער מחבר דערציילט מיט אַ סך פרטים, ווי אַזוי די איינוווינער פון שטעטל לינגבי און פון די דערבייאיקע שטעטלעך און דערפער האָבן זיך באַטייליקט אין דער דאָזיקער רעטונגס־אַרבעט. ווער עס האָט אויסבאַהאַלטן די יידן (און ער רופט אָן די יידן ביי די נעמען און פון וואַנען זיי שטאַמען) אין זייערע היימען, געזאָרגט, אַז אַפילו די פרומע יידן זאָלן האָבן כשר עסן, געניצט אַפילו דעם אויסדרוק „פיקוח נפש דוחה שבת" צו אַ פאַרעקשנטן בחור, וואָס האָט באין אופן נישט געוואָלט זיך אָפּשערן זיין בערדל, הגם עס איז געווען אַ גרויסע סכנה, אַז די דייטשן זאָלן אים אַרעסטירן, „ביז וואַנען ער האָט געקראָגן זיינע כשרע מכשירים, מיט וועלכע מען מעג על פּי דעם יידישן דין זיך ראַזירן".

די פליטים זענען געווען ס'רוב פרומע יידן, וואָס האָבן נישט געהאַט קיין שום פאַרבינדונג און קיין שום אַנונג, ווי אַזוי זיך צו ראַטעווען פון פּינצטערן שונא, וואָס האָט אויף זיי געלויערט און געהאַלטן זיי אין נאָכיאָגן און פאַרפאָלגן. די דאָזיקע פליטים זענען געווען צווישן די סאַמע ערשטע, וואָס אָגע בערטעלסען האָט איינגעלייגט וועלטן זיי אַרויסצוראַטעווען אין דעם נייטראַלן שוועדן. און מיט פרייד, פון וועלכער דער לייענער ווערט טיף גערירט, גיט דער דענישער שרייבער איבער ווי אַזוי ער און זיינע פריינד

האָבן אַלעמען אַרויסגעראַטעוועט. „און קיין איינער פון די פּליטים־יידן איז נישט אריינגעפאַלן אין די נעגל פון די נאַציס".

די בערטעלסען־גרופּע האָט שוין דעמאָלט געוווּסט דעם גורל פון די יידן אין דייטשלאַנד, עסטרייך, פּוילן, טשעכאָסלאָוואַקיע, פראַנקרייך, האָלאַנד, בעלגיע און די באַלקאַן־לענדער. אויך אין דעם שכנותדיקן נאָרוועגיע זענען די דייטשן אין נאָוועמבער 1942 באַפאַלן די יידן. זיבן הונדערט נאָרוועגישע יידן זענען ארויפגעשלעפּט געוואָרן אויף דייטשע פראַכטשיפן און דעפּאָרטירט געוואָרן אין קאָנצענטראַציע־לאַגערן, ווו מען האָט זיי פאַרגאַזט. און בלויז אַ העלפט פון די נאָרוועגישע יידן האָט זיך איינגעגעבן צו אַנטלויפן קיין שוועדן.

אָגע בערטעלסען דערציילט, ווי אַזוי אין דער גורלדיקער נאַכט צווישן דעם 1טן און 2טן אָקטאָבער, ווען דער גרעסטער טייל פון די יידן אין קאָפּענהאַגען האָבן זיך געפונען אויף דענישע שיפלעך, וואָס האָבן זיי געפירט קיין שוועדן, האָבן זיך אין שטעטל לינגבי פאַרזאַמלט אַ גרופּע דענישע אינטעלעקטואלן און אויסגעאַרבעט פּלענער, ווי אַזוי צו העלפן די הונדערטער יידן וואָס זענען געווען איינגעקוואַרטירט אין דענישע היימען:

„די גרופּע האָט זיך פאַרזאַמלט אין דער רעספּעקטאַבלער היים פון פּראָפעסאָר פּ. בויג, ווערמען די דייטשן האָבן נישט געקענט חושד זיין אין „קאָנספּיראַציע". אין דער גרופּע האָבן זיך געפונען אַ חוץ פּראָפעסאָר בויג, אויך זייך פרוי און זייער זון דער קאַנדידאַט־טעאָלאָג יאָרגען בויג, וואָס האָט דעמאָלט מיטגעאַרבעט אין אַ קריסטלעכער צייטונג און איז דעריבער געווען אינפאָרמירט וועגן די דייטשע פּלענער. אין מיטן פון דער נאַכט איז אויך געקומען צו דער דאָזיקער געהיימער מסיבה דער פּאָליציי־קאָמיסאַר פון לינגבי, ה. מוירידסען, און געלאָזט וויסן ווו די געסטאַפּאָ־טרופּן זענען קאָנצענטרירט. יענע פאַרזאַמלונג האָט עס אויסגעאַרבעט די פּלענער ווי אַזוי צו העלפן די יידן."

אָגע בערטעלסען שרייבט: „דער אַנטשיידענער ווענדפּונקט, וואָס האָט גורם געווען אַז דאָס דענישע פאָלק, מיט דעם אויסנאַם פון אַ נישטיקער צאָל פאַררעטער, זאָל זיך באַטייליקן אין דער אונטערערדישער אַרבעט, איז נישט געווען די געשעעניש פון דעם 29סטן אויגוסט 1943, בעת די דייטשן האָבן פאַרכאַפּט די פּאָליטישע מאַכט פון דענעמאַרק, נאָר אין

אָקטאָבער 1943, ווען עס האָט זיך געהאַנדלט אין אַרויסראַטעווען די דענישע יידן...״

אָגע בערטעלסען האָט רעזיגנירט פון זיין אַרבעט אַלס רעליגיע־לערער צוליב „קראַנקייט״, כדי צו קענען פריי אָנפירן מיט ראַטעווען יידן.

די דייטשן האָבן גענוי געוווּסט וואָס ער טוט, און געזוכט אַ פּאַסיקע געלעגנהייט אים צו אַרעסטירן.

ווען עס האָט זיך די נאַציס באַין אופן נישט איינגעגעבן אים צו אַרעסטירן, האָבן זיי אַרעסטירט זיין פרוי, ווי אַ משכן, און געדראָט אויך צו אַרעסטירן זייער 10־יאָריקע טאָכטער, סיידן זי וועט אויסזאָגן ווו איר מאַן באַהאַלט זיך.

די דייטשע אויספאָרשונג־ריכטער האָבן געזאָגט צו פרוי בערטעלסען: „מיר האָבן באַוויזן אַז איר העלפט יידן אַנטלויפן קיין שוועדן. וואָס האָט איר וועגן דעם צו זאָגן?״ און פרוי בערטעלסען האָט רואיק געענטפערט: „יאָ, עס איז אמת, וואָס איר זאָגט, אָבער אין דער אַרבעט אַרויסצוראַטעווען די יידן באַטייליקן זיך אַלע אָנשטענדיקע מענטשן״.

און באַלד איז געקומען אַ צווייטע פראַגע: „וואָס אייגנטלעך טרייבט אייך צו העלפן די יידן?״ אויף דעם האָט די פרוי בערטעלסען געענטפערט: „רחמנות און מיטגעפיל צו אָרעמע, געיאָגטע און געפּלאָגטע מענטשן, וואָס זענען צו אונדז געקומען און פאַרטרויט זייער לעבן און שיקזאַל אין אונדזערע הענט״.

די געסטאַפּאָ האָט געוווּסט וואָס פאַראַ חשוב אָרט גערדאַ בערטעלסען פאַרנעמט, האָבן זיי דעריבער געוואָלט זיך אויספּיינען פאַר איר און פאַרטרויליך איר אינפאָרמירט: „דייטשלאַנד איז דאָס איינציקע לאַנד אין דער וועלט, וואָס האָט געלייזט די ראַסן־פראַגע אויף אַ הומאַנעם אופן. וואָס, למשל, האָט אַמעריקע געטאָן פאַר די יידן אָדער פאַר די נעגערס — און אַמעריקע האָט דאָך אַזוי פיל לאַנד — האָט זי עפּעס אָפּגעגעבן פון איר לאַנד פאַר זיי? ניין. אָבער דייטשלאַנד האָט געגעבן יידן טערעזיענשטאַט, דערצו נאָך מיט זעלבסטבאַשטימונג־רעכט״.

און פרוי בערטעלסען דערציילט אין דעם קאַפּיטל „אין תפיסה ביי די נאַציס״, אַז זי האָט געענטפערט די אויספאָרשערס: „עס איז גאָר נישט אַזוי „הומאַן״ אַרויסצושלעפּן אין מיטן נאַכט מענטשן בלויז פאַר דעם

אײנעם חטא, װאָס זײ זענען ײדן, און פֿאַרשיקן זײ אפילו אין אַ שטאָט, װוּ זײ אַלײן רעגירן כלומרשט״.

װי עס איז שױן גוט באַקאַנט, האָבן די דײטשן באַװיזן אין „יענער היסטאָרישער נאַכט״ בלױז צו אַרעסטירן פֿינף הונדערט ײדן און זײ אָװעק־שיקן קײן טערעזיענשטאָט, און צװישן זײ אױך צװײ ברידער און זײערע משפּחות פֿון דעם שרײבער פֿון די דאָזיקע שורות. אַלע איבעריקע האָבן זיך אָדער אַרױסגעראַטעװעט קײן שװעדן, אָדער זיך אױסבאַהאַלטן, באַזונ־דערס אין די קלײנע שטעטלעך אַרום קאָפּענהאַגען.

דאָס אַרױסראַטעװען ײדן האָט געדױערט חדשים־לאַנג, און אָגע בערטעלסען, צוזאַמען מיט זײַנע מיטאַרבעטער, האָבן נישט גערוט ביז װאַנען אַלע ײדן זענען אַריבערגעשיקט געװאָרן קײן שװעדן, װאָס האָט זײ אױפֿגענומען מיט אױסגעשטרעקטע הענט, נישט געקוקט אױף די דײטשע פּראָטעסטן.

ערשט דעמאָלט, װען אַלע דענישע ײדן זענען געװען אױסער יעדער געפֿאַר, האָט דער מחבר רואיק געקענט װאַרטן צוזאַמען מיט די אַנטלאָ־פֿענע ײדן און נישט געדאַרפֿט מער אײנשטעלן זײַן לעבן. אַנדערהאַלבן יאָר האָט אָגע בערטעלסען פֿאַרבראַכט מיט די פּליטים ײדן, געקומען אױף זײערע שמחות און געטײלט זײערע זאָרגן. ער האָט געזוכט זיך צו באַקענען מיט ײדישן מנהגים און שטײגער־לעבן. ער פֿאַרצײכנט דאָס אַלץ מיט פֿאַרשטענדעניש און אַ סך ליבשאַפֿט.

אין דעם לעצטן קאַפּיטל, דעם עפּילאָג פֿון בוך, רעדט דער מחבר אַרום די פֿראַגע פֿון אַנטיסעמיטיזם. ער װײַזט דאָרטן אַרױס אַ סך ערודיציע און ידיעות נישט בלױז אין ײדישער געשיכטע, נאָר בכלל אין ײדישע װערק און װערטן.

ער איז דורכױס נישט מסכים מיט אַרטור קעסטלערס שטאַנדפּונקט פֿון „אָדער — אָדער״, װאָס דאַרף לײזן דעם פּראָבלעם פֿון אַנטיסעמיטיזם. דער מחבר ציטירט לגנאי אַרטור קעסטלערן, װאָס שרײַבט: „אַ ײד האָט איצטער די ברירה אָדער צו זײַ אַ ײד צװישן ײדן אין ישראל, אָדער זיך אַסימילירן מיט דעם פֿאָלק, װוּ ער לעבט״. אָגע בערטעלסען מײנט, אַז אין לעצטן סך־הכל הײסט דאָס פּטור צו װערן פֿון די ײדן. דער דענישער מחבר שרײבט: „די נאַציס האָבן דאָך געזען אין קאַמף פּטור צו װערן פֿון די ײדן אַן אַנטשײדן מיטל צו פֿאַרניכטן בכלל די מערב־קולטור און אירע

דעמאָקראַטישע פרייהייט־אידעאַלן. נישט בלויז איז געווען אַ סכנה, אַז די יידן זאָלן דורך דעם נאַציזם פאַרשווינדן, נאָר עס זאָל אויך אונטערגיין אינדזער גאַנצע קולטור. וואָס האָט היטלער געוואָלט? בלויז די הסכמה אומצוברענגען די יידן". ער באַדויערט שטאַרק, וואָס אַרטור קעסטלערס שטאַנדפּונקט, הגם ער האָט אַזעלכע גוטע כוונות, פירט דערצו, אַז די וועלט זאָל באַפרייט ווערן פון יידן.

דער מחבר האַלט, אַז יידן און קריסטן קענען לעבן פריי אָן פאַראור־טיילן, ווען קריסטנטום וועט זיך באַפרייען פון אַ סך אירע דאָגמעס. די קריסטלעכע וועלט דאַרף וויסן, אַז ישו האָט געלעבט ווי אַ ייד און איז געשטאָרבן ווי אַ ייד.

אָגע בערטעלסען רעדט אויך וועגן אַ יידיש־קריסטלעכער ציוויליזאַציע. ער ציטירט פון יוסף קלויזנערס „ישו און נוצרות", ווו קלויזנער שרייבט: „עס געפינט זיך נישט איין שטריך אין ישוס לעבנס־געשיכטע און נישט איין שורה פון זיין לערע, וואָס זאָל נישט האָבן סימנים פון נביאות און פּרושימשע יידישקייט". דער מחבר שרייבט אויך וועגן שלום אַשס „איין גורל". אָגע בערטעלסען רעדט מיט באַגייסטערונג וועגן דעם ענגלענדער טראַווער הערפאָרדס פאַרשונגען וועגן די פּרושים, וואָס דאָס קריסטנטום האָט אַזוי פאַלש אויסגעטייטשט. דאָס אַלץ שרייבט דער קריסטלעכער שריפט־שטעלער אין שייכות מיט דעם ווי אַזוי די וועלט דאַרף באַקעמפן אַנטי־סעמיטיזם.

אָגע בערטעלסען פאַרענדיקט זיין מענטשלעך בוך מיט די ווערטער:

„די מענטשן־קינדער קענען נאָך אַ סך לערנען פון דעם תלמוד. טראַכט נאָר וועגן דעם איינעם זאָג: „אויף דריי זאַכן שטייט די וועלט: אויף גערעכ־טיקייט, אויף אמת און אויף שלום".

„טאָג מאָרגן־זשורנאַל", 1953

## פּאול באָרכסעניוס

פּאול באָרכסעניוס, דער מחבר פון דעם בוך וועגן מדינת ישראל, וואָס איז מיט אַ צייט צוריק דערשינען אין דענעמאַרק, איז אַ גלח פון אַ דענישער פּראָווינץ־שטאָט. ער איז אָבער דער עיקר באַקאַנט ווי אַ לעקטאָר איבער

דעם ביבלישן פאָלק, „וואָס האָט געגעבן דער וועלט דעם עטישן מאָנאָטע־איזם". „דאָס פאָלק, וואָס האָט נאָך אַ געטלעכע שליחות דורכצופירן, אויסצולייזן די וועלט פון איר תוהו־ובוהו".

„די זון איז געבליבן שטיין שטיל", אַזוי הייסט פאול באַרכסעניוס בוך וועגן מדינת ישראל. דאָס בוך איז אַן אָנצוהערעניש, אַז פונקט ווי אין די צייטן פון יהושע בן־נון, בעת די זון איז געבליבן שטיין איבער גבעון ביז מען האָט געשלאָגן דעם שונא, אַזוי אויך אין אנדערע טעג, בעת די יידן אין ארץ־ישראל האָבן פאַרטריבן די אַראַבישע שונאים, וואָס זענען באַפאַלן דאָס יידישע לאַנד, ווי די היישעריקן.

אין דער הקדמה צו זיין בוך שרייבט דער דענישער מחבר: „דאָס דאָזיקע בוך איז געשריבן געוואָרן פון אַ לעבנסלאַנגער ליבשאפט צו דעם יידישן פאָלק און צו זיין לאַנד. מיר האָט צוגעשפּילט דער מזל צו גיין אין מיין ערשטער קינדהייט אין אַ שול, ווו דענעמאַרק און ישראל זענען געווען צוויי צענטערן, אַרום וועלכע אלצדינג האָט זיך געדרייט. אין די ערשטע קלאַסן פון מיין שול זענען געהאַנגען אויף דער וואַנט די מאַפּעס פון דענע־מאַרק און ארץ־ישראל. דאָס האָט אַרויפגעלייגט, ווי מאָדנע דאָס זאָל נישט קלינגען, אַ חותם, וואָס האָט משפיע געווען אויף מיין גאַנץ לעבן. אין משך פון יאָרן זענען מיינע געדאַנקען געווען פאַרנומען טאָג־טעגלעך אויף אַזאַ אָדער אַן אַנדער אופן מיט ארץ־ישראל. דערנאָך, אין די שפּעטערדיקע יאָרן, האָט דאָס כסדרדיקע לייענען דעם תנ"ך און די יידישע געשיכטע גורם געווען, אַז דאָס יידישע לאַנד זאָל מיר ווערן נאָענט און אייגן. און לעצטנס, בעת מיין לאַנגן אויפהאַלט אין יידישן לאַנד, ווו איך האָב פאַרבראַכט דאָרטן אַ גאַנץ יאָר, האָב איך געזען די ערטער, סיי אַלטע און סיי נייע, ווו איך האָב געלעבט אין מיינע מחשבות. איך האָב זיך אויך געטראָפן מיט פירנדיקע מענטשן און מיטן פשוטן פאָלק, וואָס האָבן מיר דערציילט און געוויזן ווי אַזוי זומפּן זענען אויסגעטריקנט געוואָרן און מדבריות זענען פרוכטבאַר געמאַכט געוואָרן און ווי בכלל די קיבוצים און מושבים זענען אויפגעקומען".

„איך בין זיך מודה, אַז מיין בוך איז נישט שטרענג אָביעקטיוו, אויך נישט אויסשעפּלעך. איך וויל בלויז מיינע לייענער באַקענען אַ ביסל מיט דעם יידישן לאַנד און זיי אָנשטעקן לפחות מיט אַ קליינעם חלק פון דעם געפיל צו ישראל, צום אַמאָליקן און היינטיקן, וואָס באַהערשט מיין נשמה".

דאָס זענען אָפענע און ערלעכע רייד, און ביידע צילן, וואָס דער דענישער

שרייבער האָט זיך געשטעלט, דערגרייכט ער אויף אַן אויסגעצייכנטן אופן.

עס שטראָמט אַרויס פון בוך אַ וואַרעמע מענטשלעכע נשמה און אַ פאַרשטענדעניש פאַרן יידישן לאַנד.

דאָס בוך איז איינגעטיילט אין צען גרויסע קאַפּיטלעך. אין יעדן קאַפּיטל באַקענט ער אונדז מיט אַן אַנדער פאַזע פון קאַמף, אויפקום און שטייגן פון יידישן ישוב. די קעפּלעך פון די קאַפּיטלעך טראָגן צום טייל היסטאָרישע אַסאָציאַציעס, דהיינו: „און דו וועסט אַרבן" (ירשנען) דאָס לאַנד", „זון שטיי שטיל", אַן אָנצוהערעניש אויף „שמש בגבעון דום וירח בעמק אילון", „קיבוץ גלויות", „אין שוויס פון דיין פנים", וכדומה.

עס איז צו שטוינען מיט וויפל ליבע און היסטאָרישער פּינקטלעכקייט דער דענישער גייסטלעכער גיט איבער יעדן אַספּעקט פון מדינת ישראל. בלויז דזשיימס מעקדאָנאַלד, דער דאָזיקער גרויסער אַמעריקאַנער, מיט זיין פאַרשטענדעניש פאַר דער יידישער מאַרטיראָלאָגיע, קאָן זיך פאַרגלייכן צו אים.

שמעון דובנאָוו האָט ערגעצוו געשריבן, אַז ווען די קריסטן וואָלטן געקענט די פיר־טויזנט־יאָריקע יידישע געשיכטע, וואָלט קיין אַנטיסע־מיטיזם נישט געווען אויף דער וועלט. מען מעג זיין שטאַרק אין ספק, צי דאָס איז חל אויף אַלע קריסטן. על כל פנים איז אמת, אַז די חסידי אומות העולם האָבן געקענט די יידישע געשיכטע.

דער דענישער שרייבער, פּאול באָרכסעניוס, קען אויסגעצייכנט אפילו דאָס מאָדערנע קאַפּיטל פון אונדזער יידישער געשיכטע.

אין דעם קאַפּיטל „און דו וועסט ירשנען דאָס לאַנד", שרייבט ער: „און עס זענען געוואַקסן דריי אויסערגעוויינלעכע און הויכבאַגאַבטע בחורים אין אַ יידישער קולטור־היים אין ירושלים. דער פאָטער פון די דריי זין איז דער וועלטבאַרימטער אַרכעאָלאָג ע. ל. סוקעניק, פּראָפעסאָר פון העברעאישן אוניווערסיטעט; די מוטער האָט אין די יונגע יאָרן געלייגט דעם יסוד פאַר אַ קינדערגאָרטן־באַוועגונג צווישן די יידן אין ארץ־ישראל.

„זייערע זין זענען געווען מרגלים, און זיך לכתחילה באַקענט מיטן לאַנד דורך אויסקוקן עס אין דער לענג און אין דער ברייט. זייער פאָטער האָט זיי געוויזן און געלערנט ווי יעדעס אָרט, בערגל, שטעגל און וועגל זענען פאַרבונדן מיטן לאַנד און רופן אַרויס זכרונות דורך טויזנטיעריקער היסטאָריש יידיש לעבן. און ווען די בחורים זענען אויסגעוואַקסן, פלעגט

מען זאָגן וועגן זיי, אַז איינער אַרבעט אונטער דער ערד, דער צווייטער צווישן הימל און ערד, און דער דריטער אין הימל. דער לעצטער איז געווען אַ פּליער און און איז געפאַלן אין דער יידיש־אַראַבישער מלחמה אין 1948. דער צווייטער איז געוואָרן באַקאַנט ווי אַ שוישפּילער, און דער ערשטער — און טאַקע וועגן אים וועט דאָ באַריכות דערציילט ווערן — איז געוואָרן אַן אַרכעאָלאָג, ווי זיין פאָטער". און דער שרייבער זעצט פאָר:

„יגאל ידין (יאַדין) האָט, ווי אַ סך אַנדערע יידן, העברעאיזירט זיין נאָמען. איז געבוירן געוואָרן מיט פיר און פערציק יאָר צוריק. אָבער אין זיין יונג לעבן האָט ער שוין דערגרייכט און אויפגעטאָן מער ווי אַ סך הלומען אַ לעבן לאַנג. זיין פאַך האָט ער געלערנט מיט גרויס התמדה, מיט אומדערמידלעכן פלייס. זיין יוגנט איז דאַך אויסגעפאַלן אין די אומרואיקע יאָרן, ווו יעדער יונגער ייד האָט געדאַרפט אַוועקגעבן זיין גאַנצע פרייע צייט פאַר דער נאַציאָנאַלער פאַרטיידיקונג פון ישוב. אין דער „הגנה" האָט ער אַרויסגעוויזן מיליטערישע גאונות, און ווען מדינת־ישראל איז פּראָקלאַמירט געוואָרן און גלייכצייטיק האָט זיך אָנגעהויבן די אַראַבישע אנגריף־מלחמה, איז יגאל ידין געוואָרן דער יידישער גענעראַלשטאַב־שעף. בסך־הכל איז ער דעמאָלט אַלט געווען 31 יאָר און איז באַטראַכט געוואָרן פאַר דעם יינגסטן גענעראַלשטאַב־הויפּט פון דער וועלט.

דער שרייבער באַמערקט, אַז בכלל זענען די יידישע אָפיצירן זייער יונג, מיט דעם דערקלערט זיך אין אַ גרויסער מאָס זייער קאַמפסגייסט.

פאול באָרכסעניוס ווייזט אָן ווי אַזוי די אַרכעאָלאָגישע אויסבילדונג איז צוניץ געקומען יגאל ידינען. טאַקע אַ דאַנק זיינע אַרכעאָלאָגישע קענטע־נישן האָט ער אין יענע טראַגישע און אַנטשיידענע טעג געפונען אַן אַלטן רוימישן וועג, פון צווי טויזנט יאָר צוריק, וואָס איז געווען באַגראָבן אין זאַמד פון מדבר. דער דענישער שרייבער האָט געזען דעם וועג, וואָס האָט גענומען די יידישע סאָלדאַטן פופצן שעה דורכצומאַכן די דרייסיק קילאָמע־טער.

„מיר האָבן געגעסן פרישטיק. געטרונקען קאַווע", האָט דערציילט אַ געפאַנגענער עגיפּטישער אָפיציר, „פּלוצלונג זענען יידישע באַוואָפנטע סאָלדאַטן אַריינגעשפּרונגען דורך די פענצטער. די איבערראַשונג איז געווען גרויס און אומדערוואַרט. דער קאַמף איז געווען קורץ", די עגיפּטער זענען גענומען געוואָרן געפאַנגען; און אין עטלעכע טעג שפּעטער האָט זיך אויך

אונטערגעגעבן דער רעשט פון דער עגיפּטישער אָפּגעשניטענער אַרמײ. דער נגב איז באַפרייט געוואָרן און די מלחמה איז געוווּנען געוואָרן.

יעדעס קאַפּיטל לייענט זיך ווי אַן עפּאָס. דער דענישער מחבר דערציילט אונדז, אַז אין אַן אָוונט, בשעת דער מלחמה, איז דער אמעריקאַנער קאָרעספּאָנדענט, באַרטלי קראָם, צוזאַמען מיט נאָך עטלעכע שרייבער, געזעסן מיט יגאל ידין אין תל־אביב אין אַ האָטעל אויף אַ באַלקאָן לעבן ים. פּלוצלונג רופט זיך אָפּ באַרטלי קראָם צו יגאל ידין: „זאָגט מיר, איך בעט אייך, ווען איז דאָס דאָזיקע לאַנד צום ערשטן מאָל באַפעלקערט געוואָרן?" — „מיט אַן ערך זעכציק טויזנט יאָר צוריק", האָט געענטפערט ידין, און דערקלערט, ווי אזוי דאָס אָרט איז באַזעצט געוואָרן אין דער אוראַלטער צייט.

און פאול באָרכסעניוס באַמערקט, ווי שיין וועט זיך דאָס לייענען אין דורות שפּעטער. ליבהאָבער פון יידישן לאַנד זענען פאַרזאַמלט אין אַ האָטעל אין הארץ פון תל־אביב און לעבן זיי זיצט אַ יונגערמאַן, וואָס איז על־פּי צופאַל, סיי גענעראלשטאַב־שעף און סיי אַרכעאָלאָג, און דערציילט די געשיכטע פון דעם לאַנד. וואָס איז זעכציק טויזנט יאָר אַלט. און איינער פון די פאַרזאַמלטע באַמערקט: „אויב אַזוי, איז דאָך גאָר נישט לאַנג ווי יהושע בן־נון האָט איינגענומען דאָס לאַנד און אויסגעקעמפט די גרויסע שלאַכט צווישן ירושלים און יפו".

דער מחבר פירט אונדז אַריין אין דער באַשיידענער ווילע פון פּראָפעסאָר סוקעניק, וואָס געפינט זיך אויף אַ וועג אין ירושלים. און אין דעם חדר, וואָס איז פול מיט ספרים, באַקענט זיך דער דענישער שרייבער און גרויסער אוהב ישראל מיט דעם אומגעהויער גרויסן קולטור־היסטאָרישן אויפטו פון סוקעניק, דאָס געפינס פון די אוראַלטע העברעאישע כתב־ידן, די מגילות, וואָס מ׳האָט געפונען אין פּשחה וואָס אין יהודה, און וואָס שטאַמען נאָך פון די צייטן פון די נביאים.

אין אַ קאַפּיטל דערציילט דער שרייבער פאַר זיינע דענישע לייענער די געשיכטע פון דער ציוניסטישער באַוועגונג. אין הינטערגרונט פון דער שילדערונג שטייען די היסטאָרישע געשטאַלטן פון טעאָדאָר הערצל, מאַקס נאָרדאו, נחום סאָקאָלאָוו, וולאַדימיר זשאַבאָטינסקי און חיים וויצמאַן. אַ באַזונדער אָפּטייל אין בוך פאַרנעמט דער ערשטער יידישער פּרעמיער, דוד בן־גוריון. דער מחבר לאָזט נישט דורך קיין איין וויכטיקן אַספּעקט פון

מדינת־ישראל. אים זענען גוט באַקאַנט די שווערע פּראָבלעמען, וואָס שטייען אויפן סדר־היום פון דער יונגער יידישער מלוכה. ער האָט אָבער אמונה און בטחון און ביי אים איז קיין שום ספק נישט, אַז ישראל וועט נאָך שפּילן אַ וויכטיקע ראָלע.

„דער צוקונפט־אידעאַל פון מדינת ישראל איז נישט צו פּראָדוצירן אויפרייסנדיקע וואפן, נאָר אויפבויען אַ מלוכה אויף די עטישע פּרינציפּן און ווערטן פון די נביאים״.

„פאָלק און וועלט״, פון יידישן וועלט־קאָנגרעס, 1961

## האַנס קריסטיאַן אַנדערסען

סעמועל גאָלדווינס מוזיקאַלישער פילם „האַנס קריסטיאַן אַנדערסען״, ווערט איצט געוויזן נישט בלויז איבער גאַנץ אַמעריקע, נאָר אויך איבער דער גאַנצער וועלט.

דריי יאָר צייט האָט דענעמאַרק געקעמפט, אַז דער פילם וועגן זייער באַליבטסטן שרייבער האַנס קריסטיאַן אַנדערסען זאָל נישט געוויזן ווערן. די דענער האָבן געטענהט, אַז דעני קעי איז גאָרנישט צוגעפּאַסט צו שפּילן די ראָלע פון האַנס קריסטיאַן אַנדערסען, און אַז דער פילם שטעלט אַוועק זייער געניאַלן שרייבער אין אַ קאָמיש ליכט, אַז דאָס איז אַ פאַרשוועכונג פון האַנס קריסטיאַן אַנדערסען.

די דענישע ליטעראַטור־קענער, און צווישן זיי אויך דער בילדונגס־מיניסטער, וואָס זענען ספּעציעל געקומען קיין האָליווּד, זענען געווען שטאַרק קעגן דעם, אַז מען זאָל וויַיזן דאָס דאָזיקע בילד, וואָס שטעלט אַוועק זייער פאַרגעטערטן שרייבער ווי אַן אומבאַהאָלפן שוסטערל, אַ שלימזל. די דענישע פּרעסע האָט געשריבן, אַז זי וועט פּראָטעסטירן אויב מען וועט וויַיזן דאָס בילד. דענישע שרייבער האָבן געפרעגט, וואָס וואָלט ענגלאַנד געטאָן ווען מען וויַיזט, למשל, אַ פילם פון וויליאַם שעקספּירן און מען שטעלט אים פאָר ווי אַ קצב־יונג, אָדער וואָס וואָלט אַמעריקע געטענהט, ווען מען וויַיזט אַ בילד פון מאַרק טוועין, ווי למשל, אַ פיש־פאַרקויפער.

עס האָט אויך נישט געהאָלפֿן, וואָס דעני קעי און סעמועל גאָלדווין זענען אַוועק קיין דענעמאַרק און דערקלערט זייער פּיעטעט און אָפּשיי פֿאַר דעם גרויסן דענישן שרייבער.

ערשט ווען מען האָט אויסגעשניטן געוויסע שטיקער פֿונעם פֿילם, און נאָך אַ סך פֿאַרהאַנדלונגען און אונטער אַ געוויסן איינפֿלוס און דרוק, האָבן די דענער אויפֿגעגעבן זייער אָפּענעם פּראָטעסט. סיי ווי האָבן זיי אויפֿגענומען דעם פֿילם „האַנס קריסטיאַן אַנדערסען" זייער קאַלט און געשריבן, אַז דאָס איז אַ קאַריקאַטור אויף זייער גרויסן שרייבער, הגם דעני קעי און דער פּראָדוצענט האָבן געהאַט די בעסטע כוונות; דער פֿילם גיט צו מאָל נישט קיין שוואַכן אָפּשיין פֿון האַנס קריסטיאַן אַנדערסען.

עס איז זייער כדאי זיך צו באַקענען מיט איינעם פֿון די סאַמע גרעסטע זין פֿון דענעמאַרק — מיט האַנס קריסטיאַן אַנדערסען, וועלכער איז דער באַרימטסטער און באַליבטסטער קינדער־שרייבער אין דער וועלט.

האַנס קריסטיאַן אַנדערסען איז אין זיינע קינדער־מעשהלעך ווייך און צאַרט, גוט און געפֿילפֿול, האַרציק און טיף. גרויזאַמקייט און רואיקייט איז אַזוי דערווידער זיין ריינער נשמה, אַז ער קאָן אפֿילו נישט שרייבן וועגן דעם. יעדעס מאָל, ווען עס קומט אים אויס צו שרייבן וועגן גוואַלטאַטן, רויקייט, נידעריקייט, פֿארפֿאלגונגען, שרייבט ער: „מיר קענען נישט פֿאַרטראָגן צו טראַכטן וועגן דעם". כמעט אַלע קינדער, וואָס אַנדערסען האָט געשילדערט זענען צאַרטע און גוטע. די חיות, וואָס ער באַשרייבט, זענען געצוימטע און הויז־חיות. דאָ איז פֿאַראַן דאָס שטרעבן נאָך אידיליע. די פֿייגל, וואָס ער האָט צום ליבסטן זענען: דער נאַכטיגאַל — דעם פֿויגל וואָס ער באַוווּנדערט, די שוואַן, וואָס איז ממש זיין אידעאַל, און דער שטאָרך, דער מערקווירדיקער פֿויגל, וואָס ברענגט קינדערלעך אין זיין שנאָבל, דער לאַנג־פֿיסיקער שטאָרך, וואָס פּלאַפּלט עגיפּטיש.

גאָר אַ שטאַרקע ליבע האָט האַנס קריסטיאַן אַנדערסען צו פֿלאַנצן, ווייל נאָר אין דער וועלט פֿון פֿלאַנצן הערשט פֿרייד און האַרמאָניע. אויך די פֿלאַנץ איז ווי אַ קינד, נאָר ווי אַ קינד, וואָס שלאָפֿט תמיד. דאָ איז קיין זאָרג נישטאָ, דער טויט איז נאָר אַ שמערצלאָזער וועלקן און דאָס לעבן אַ שטילער, רעגלמעסיקער וווּקס. דאָ, אין דער פֿלאַנצן־וועלט, איז נישט פֿאַראַן עפּעס, וואָס זאָל אָנגרייפֿן זיין ראַפֿינירט געפֿיל.

פֿאַראַן מעשהלעך, וואָס האַנס קריסטיאַן אַנדערסען האָט געשריבן, וואָס

יעדער אינטעליגענטער מענטש פון דער גאַנצער וועלט קען זיי, למשל — די „מיאוסע קאַטשקע״.

אויבנאויף איז „די מיאוסע קאַטשקע״ אַ קינדער־מעשהלע, אָבער אין דער אמתן איז דאָס אַ סימבאָלישע מעשה, ווו דער גרויסער שרייבער האָט געשילדערט זיין אייגן לעבן.

אין דער דאָזיקער מעשה ווערן געשילדערט די פארפאָלגונגען וואָס די „מיאוסע קאַטשקע״ איז אויסגעשטאַנען פון אירע חברים קאַטשקעס, גענדז, הינער, הענער און אַנדערע פייגל, ווייל זי איז געווען מיאוס און אומגעלומ־פערט, גאָרנישט אויסגעזען ווי די אַנדערע קאַטשקעס. ערשט אין אַ שיינעם פרילינג־טאָג באַמערקט די מיאוסע קאַטשקע, ווי אין טייך שווימען דריי שיינע שוואַנען. די מיאוסע קאַטשקע דערנענטערט זיך צו זיי, כאָטש זי איז זיכער, אַז די דאָזיקע קעניגלעכע חיות וועלן זי אומברענגען. אָבער בעת די מיאוסע קאַטשקע שטעקט אַריין דעם קאָפּ אין וואַסער, אַנטדעקט זי מיט אַ מאָל, אַז זי איז נישט מיאוס, נאָר איז גאָר אַליין אויך אַ שוואַן. און די דריי שוואַנען זענען אַרומגעשווומען אַרום איר און געגלעט זי מיטן שנאָבל. קינדערלעך זענען צוגעקומען מיט ברויט אין די הענט און געשריען: „אָט איז אַ נייער שוואַן, ער איז דאָך דער שענסטער!״. און די קינדערלעך האָבן אָנגעהויבן צו טאַנצן פאר פרייד: „דער נייער שוואַן איז דער שענס־טער, אַזוי יונג און פרעכטיק!״. די אַלטע שוואַנען האָבן זיך געבייגט פאַר איר. זי האָט זיך געפילט אַזוי מאָדנע גוט, אַז זי האָט אַריינגעשטעקט איר קאָפּ אונטער די פליגל, אַליין נישט וויסנדיק וואָס דאָ איז פאָרגעקומען מיט איר, אזוי גליקלעך איז זי געווען. אָבער זי איז גאָרנישט שטאָלץ געווען, ווייל אַ גוט האַרץ איז קיין מאָל נישט שטאָלץ. זי האָט נאָר נאָכגעטראַכט ווי פאָרפאָלגט און פאַרהאַסט זי איז געווען, און געהערט, ווי אַלע האָבן אַצינד אויף איר געזאָגט: — זי איז דאָך די שענסטע! און די זון האָט געשיקט אירע וואַרעמע שטראַלן און געוואַרעמט אזוי גוט און אָנגענעם. זי האָט אויפגעהויבן איר שלאַנקן האַלדז און זיך געפרייט. וועגן אַזאַ גליק האָט זי קיין מאָל נישט געחלומט ווען זי איז געווען אַ מיאוסע קאַטשקע.

עס איז נישט שווער צו זען, אַז דאָ האָט אַנדערסען געשילדערט זיין אייגן לעבן. די מיאוסע קאַטשקע — דאָס איז ער אַליין. די ליידן און פּיין, וואָס די מיאוסע קאַטשקע איז אויסגעשטאַנען, האָט האַנס קריסטיאַן אַנדערסען איבערגעלעבט אין זיינע יונגע יאָרן, און אויך דער טריומף און

אַנערקענונג. וואָס די מיאוסע קאַטשקע האָט דערלעבט, ווען עס איז געוואָרן קלאָר, אַז זי איז די גאָר אַ שוואַן, דער שענסטער פויגל — האָט האַנס קריסטיאַן אַנדערסען אויך דערלעבט, ווען ער איז באַוווּנדערט געוואָרן פון דער גאַנצער וועלט ווי דער גרעסטער קינדער־דערציילער.

עס מאַכט נישט אויס, וואָס מען איז געבאָרן געוואָרן אין הויף פון קאַטשקעס, אויב נאָר מען איז געלעגן אין אַן איי פון אַ שוואַן.

*

האַנס קריסטיאַן אַנדערסען איז געבוירן געוואָרן מיט קנאַפּע 150 יאָר צוריק אין קליינעם שטעטל אָדענסע ביי זייער אָרעמע און פּשוטע עלטערן. ז'ער שרייבער פון די שורות האָט עטלעכע מאָל באַזוכט דאָס אָרעמע הייזקעלע אין אָדענסע, ווו דער געניאַלער קינדער־דערציילער איז געבאָרן געוואָרן. דאָס שטיבעלע איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַן אַנדערסען־מוזיי. דאָרט שטייט דאָס בענקל, אויף וועלכן אַנדערסען איז געזעסן, ווען ער איז געקומען באַזוכן זיינע אָרעמע עלטערן. דאָרט שטייט אויך דאָס טישל, אויף וועלכן ער פלעגט נאָך ווי אַלץ קינד שרייבן; דאָס צעבראָכענע בעטל, אויף וועלכן ער איז געשלאָפן; זיינע ליבלינג־זאַכן, מיט וועלכע ער האָט זיך געשפּילט. דאָס אַלץ ווערט אָפּגעהיט און פאַרהייליקט.

בכלל אָטעמט דאָס גאַנצע שטעטעלע אָדענסע מיט האַנס קריסטיאַן אַנדערסענס גייסט. אין דעם דאָזיקן שטעטל, האָט אויך דער אייגנאַרטיקער אַמעריקאַנער יידישער קינסטלער דעני קעי פאַרבראַכט אַ היפּשע צייט, איידער ער איז צוגעטראָטן צו זיין ראָלע. דאָרט שטייט אַ גרויסע האַנס קריסטיאַן אַנדערסען סטאַטוע; דער שיינער שטאָט־פּאַרק איז אויף זיין נאָמען. אין די שויפענצטער פון אַ סך געשעפטן שטייען אויסגעשטעלט בילדער פון האַנס קריסטיאַן אַנדערסען אין כלערליי פּאָזעס.

די דענער האַלטן, אַז גליך נאָך דעם ווערק, וואָס דער יידישער געניוס האָט געשאַפן — דעם תנ״ך — און וואָס איז געוואָרן דער פונדאַמענט פון דער מענטשלעכער ציוויליזאַציע, קומען האַנס קריסטיאַן אַנדערסענס מעשהלעך. אַנדערסענס מעשהלעך זענען געוואָרן אוניווערסאַל, דאָס אוני־ווערסאַלע קינדער־בוך פון דער וועלט, און זענען איבערגעזעצט געוואָרן אויף אַלע שפּראַכן פון דער וועלט, הגם קריסטיאַן אַנדערסען האָט זיי געשריבן אויף דעניש, אויף אַ שפּראַך, וואָס איז אין יענער צייט גערעדט

געוואָרן פון קנאַפּע צוויי מיליאָן מענטשן און ווערט היינט צו טאָג גערעדט פון אַרום פיר מיליאָן דענער.

ווען אַנדערסען איז אַלט געוואָרן דרייצן יאָר, האָט ער פאַרלאָזט דאָס קליינע שטעטל אָדענסע און געקומען אין דער הויפּטשטאָט פון לאַנד, אין קאָפּענהאַגען.

די איינוווינער פון דעם קליינעם שטעטל האָבן געחוזקט פון דעם יונגן אַנדערסענס פאַרטראַכטע און פאַנטאַסטישע רייד. אויך די עלטערן און זיין משפחה האָבן נישט געהאַט פון אים קיין גרויס נחת. אַלע זיינע חברים זענען שוין פון לאַנג אַ „לייט": דער איז געוואָרן אַ פאַרקויפער אין אַ קראָם, יענער — אַ צוהעלפער ביי אַ קירך־אויפזעער; אַלע האָבן שוין פאַרדינט אויף חיונה און נאָך געקענט מיט עפּעס אַרויסהעלפן זייערע עלטערן. נאָר ער אַליין האָט זיך אַרומגעדרייט מיט פאַרשידענע פאַנטאַזיעס אין קאָפּ.

טעג, וואָכן און חדשים פון הונגער, קעלט און פּיין, האָט דורכגעמאַכט דער יונגער דרייצן־יאָריקער האַנס קריסטיאַן אַנדערסען אין קאָפּענהאַגען, אין דער הויפּטשטאָט פון לאַנד. ער האָט זיך אָבער געשעמט צוריקצוקומען אין דעם קליינעם שטעטל, ווו אַלע האָבן אים געקענט. האָט ער שוין בעסער אַליין, נישט קענענדיק קיינעם, זיך דאָרטן אַרומגעדרייט און שטיל געליטן.

על פּי צופאַל האָבן זיך עטלעכע קינסטלער פאַראינטערעסירט מיט זיין גורל, און געשען איז עס אויף אַזאַ אופן: ווען די פאַרצווייפלונג האָט ביי דעם יונגן אַנדערסען שוין דערגרייכט אַלע ברעגן, און פאַרן אַהיים האָט געמיינט דער אייגענער יאוש און דערצו נאָך שפּאָט פון לייט, האָט ער אין איין רעגנדיקן אָוונט אָנגעקלאַפּט אין טיר פון אַ קאָמפּאָזיטאָר. דאָרט זענען גראָד געווען פאַרזאַמלט מוזיקער, שרייבער, מאָלער, קינסטלער, אַקטיאָרן, וואָס האָבן געמיטלעך פאַרבראַכט און אַרומגערעדט אַ בייע שפּיל פאַרן קעניגלעכן טעאַטער. דער קאָמיש־אויסזעענדיקער בחור האָט געוועקט אַלעמענס אויפמערקזאַמקייט. ווען דער בעל־הבית האָט אים געפרעגט וואָס זיין באַגער איז, האָט ער געענטפערט, אַז ער וויל מען זאָל אים אָנשטעלן ווי אַ זינגער און טענצער אין קעניגלעכן טעאַטער. און תוך כדי דיבור האָט ער אויסגעטאָן דעם גרויסן קאַפּעלוש, גענומען אים אין האַנט אַריין און אָנגעהויבן צו זינגען און האָפּקען פאַר דער דאָזיקער מסיבה. דער קאַפּעלוש האָט אים געדינט ווי אַ טאַמבורין.

עס ווייזט אויס, אַז זיין זינגען און טאַנצן, צוזאַמען מיט זיין מאָדנעם

הילוך, האָבן אַרויסגערופן קאַמיזם און דער עולם קינסטלער האָט געשמאַק געלאַכט און אפשר אויך געחוזקט.

ווען דער יונגער אַנדערסען האָט דאָס באַמערקט, האָט ער ראַפּטעם אויפגעהערט טאַנצן און זיך צעוויינט. דאָס האָט געהאַט אַ שטאַרקע ווירקונג אויף דער פאַרזאַמלטן עולם. זיי האָבן נישט בלויז זיך פאַראינטערעסירט מיט אים, נאָר אים תיכף גענומען אונטער זייער אַפּוטרופּסות. זיי האָבן דערקענט אין דעם יונגן אַנדערסען עפּעס אַן אייגנאַרטיקייט. אַנדערע האָבן אַפילו פאָרויסגעזאָגט, אַז פון אים וועט עפּעס אויסוואַקסן.

הגם אַנדערסען איז שוין געווען אַ דערוואַקסענער בחור, פון דעסטוועגן האָט ער געהאַט גאָר קנאַפּע קענטעניש. די פאַרזאַמלטע האָבן, קודם כל, באַשלאָסן אים אַוועקשיקן אין אַ שול, וווּ ער זאָל זיך לערנען עלעמענטאַרע ידיעות.

אַזוי ווי ער האָט נאָך פון קינדערווייז אַן ליב געהאַט צו שרייבן, האָט ער אין דעם ערשטן יאָר פון זיין לערנען זיך אין דער גרויסשטאָטישער שול אָנגעשריבן אַ פּאָעמע, וואָס האָט געהייסן „דאָס גוססדיקע קינד".

בקיצור איז דער אינהאַלט פון דער פּאָעמע אַזאַ: אַ קראַנק קינד בעט זיך ביי דער מוטער, אַז זי זאָל נישט וויינען, ווייל די טרערן ברענען אַזוי שטאַרק אויף איר פּנים. ער זאָגט איר צו, אַז ער וועט שוין שטענדיק זיין געזונט און ער פרעגט זיין מוטער, צי עס איז אמת, אַז מלאכים פליען מיט די גוטע קינדער אין הימל אַריין. און פּלוצלונג זאָגט דאָס קינד: מאַמע, איך בין אַזוי מיד, איך מוז צומאַכן די אויגן; זע מאַמע, אָט קומט דער מלאך.

דער יונגער אַנדערסען האָט געוויזן דאָס ליד דעם דירעקטאָר פון שול, וואָס איז אויך געווען אַ וויסנשאַפטלער. דער דירעקטאָר האָט עס פאָרגע־לייענט מיט אַ איראָניע און צום סוף דאָס צוריקגעשליידערט דעם יונגן אַנדערסענען מיט אַ שטאַרקן אויסרייד, הלמאי ער פאַרנעמט זיך מיט אַזעלכע נאַרישקייטן.

דאָס ליד איז היינט־צו־טאָג איבערגעזעצט אויף אַ היפּשער צאָל שפּראַכן. דער דירעקטאָר ווייזט אויס, איז נישט געווען קיין גרויסער מבין אויף ליטעראַטור.

עס האָט לאַנג געדויערט ביז וואַנען די קריטיקער האָבן אָנערקענט האַנס קריסטיאַן אַנדערסענס מעשהלעך. אמתע מבינים האָבן אַפילו תיכף

וְאָך דעם ווי ער האָט פּאַרעפנטלעכט די ערשטע קינדער־מעשהלעך, אָנגע־וויזן אויף זיין טאַלאַנט. מ׳האָט אָבער געהאַט צו אים גרויסע טענות, הלמאי ער שרייבט נישט ריכטיק אין דעם פּשוטן גראַמאַטיקאַלישן זין. ווען דער רעדאַקטאָר האָט געוואָלט „אויסבעסערן״ זיין שפּראַך און דערקלערט אים, אַז אַזוי שרייבט מען נישט, האָט האַנס קריסטיאַן אַנדערסען געענטפערט: איך שרייב נישט, ווי מען שרייבט, נאָר ווי איך שרייב.

האַנס קריסטיאַן אַנדערסען האָט זיינע מעשהלעך נישט געשריבן, ווי מען שרייבט, נאָר ווי מען רעדט, ווי מען דערציילט, און נישט, ווי מען רעדט צו דערוואַקסענע, נאָר, ווי מען רעדט צו קינדער. דאָס דערציילן האָט אַ גאַנצע מחנה פון מיטהעלפער — אינעם קנייטש פון מויל, אין דער מימיק פון פּנים, אין די האַנט־באַוועגונגען, אין דעם טאָן, ווי דאָס וואָרט ווערט אַרויסגעזאָגט, לאַנג אָדער קורץ, שאַרף אָדער מילד, ערנסט אָדער שפּאָטיק. דער, וואָס דערציילט אַ מעשה פאַר קינדער, מוז נישט ווילנדיק דערציילן מיט אַ סך באַוועגונגען און מיט אויסדרוק אין פּנים און אין די אויגן, ווייל דאָס קינד הערט ניט בלויז דאָס מעשהלע, נאָר זעט עס. דער וואָס ווענדט זיך שריפטלעך צו קינדער, מוז קענען אויסדריקן די אינטאָנאַציע, די פלוצלונגדיקע הפסקות, די האַנט־באַוועגונגען, די מוראדיקע מינע, דאָס שמייכלען, דאָס זינגען, דאָס מאָלן אין זיין מעשהלע.

כדי פאַרשטאַנען צו ווערן פון אַזעלכע יונגע לייענערס, ווי די, צו וועמען אַנדערסען האָט זיך געווענדט, האָט ער געדאַרפט באַנוצן די איינפאַכסטע ווערטער, די פּשוטסטע פאָרשטעלונגען, יעדן אַבסטראַקטן באַגריף דערקלערן קלאָר מיט רייד. אָבער זוכנדיק אַזוי דאָס פּשוטע, האָט ער געפונען דאָס דיכטערישע, און דערגרייכנדיק דאָס קינדישע, ווייזט זיך אַרויס, אַז גראָד דאָס קינדישע איז דאָס פּאָעטישע.

אָט ווילן מיר דערציילן אַנדערסענס אַ מעשה, און מיר ווילן דערפילן פאַר וואָס ער האָט געקראָגן דעם לייענער פון אַלע פעלקער.

אַ מוטער איז געזעסן לעבן איר קראַנק קינד און האָט שטיל געוויינט. פלוצלונג האָט זיך דערהערט אַ קלאַפּן אין טיר, און אַריינגעקומען איז אַ מאַן אָנגעטאָן אין אַ פעלץ, ווייל אין דרויסן איז געווען זייער קאַלט. די מוטער איז צוגעגאַנגען צו דעם פרעמדן מענטשן און אים געפרעגט, אויב גאָט וועט לאָזן לעבן איר קינד. דער פרעמדער האָט אַזוי מאָדנע געשאָקלט מיטן קאָפּ, אַז די מוטער האָט נישט פאַרשטאַנען זיין ענטפער.

זי האָט גענומען אַ ביסל וואַסער און אַריינגעשטעלט אין אויוון, כדי צו מאַכן טיי פאַר דעם פרעמדן מענטשן, און אַליין האָט זי זיך אַוועקגעזעצט לעבן דעם קראַנקן קינד, וואָס האָט אַזוי שווער געאָטעמט. אַזוי ווי די מוטער איז שוין נישט געשלאָפן עטלעכע טעג, איז זי איינגעשלאָפן אויף עטלעכע רגעס. אַז זי האָט זיך אויפגעכאַפּט, האָט זי געזען, אַז דאָס קינד איז נישטאָ. אַז זי האָט זיך אומגעקוקט אין שטוב האָט זי דערזען, אַז דער פרעמדער איז אויך נישטאָ. אַ פאַרצווייפלטע איז די מוטער אַרויסגעלאָפן אין גאַס. אין דרויסן איז געווען פינצטער, בלויז אַ פרוי, אָנגעטאָן אין שוואַרצע קליידער האָט זיך אַרומגעדרייט הין און צוריק לעבן איר טיר. די מוטער האָט ביי איר געפרעגט:

— זאָג מיר, איך בעט דיך, האָסטו געזען עמעצן אַוועקגיין מיט מיין קינד?

— יאָ, דער טויט איז געווען ביי דיר און ער האָט צוגענומען דיין קינד. און ער גייט גיכער פאַר דעם גיכסטן ווינט, און ער גיט קיין מאָל נישט צוריק דאָס וואָס ער נעמט צו — האָט די פרוי אין די שוואַרצע קליידער געזאָגט.

— זאָג מיר, וועלכן וועג איז ער געגאַנגען? — האָט די מוטער זיך געבעטן.

— איך וועל דיר זאָגן, אויף וועלכן וועג ער איז אַוועקגעגאַנגען, אויב דו וועסט פאַר מיר זינגען די אַלע שיינע לידער, וואָס דו פלעגסט זינגען פאַר דיין קינד; איך בין די נאַכט.

— אָן אַנדערש מאָל וועל איך פאַר דיר זינגען — האָט די מוטער זיך געבעטן, אָבער די נאַכט איז געווען שטום.

דאַן האָט די מוטער פאַרבראָכן די הענט און האָט געזונגען. און עס זענען געווען אַ סך לידער, אָבער נאָך מער טרערן.

און די נאַכט האָט געזאָגט:

— גיי גלייך מיט אָט דעם וועג; דאָרט האָב איך געזען דעם טויט אַוועקגיין מיט דיין קינד.

און די מוטער איז געגאַנגען, ביז זי איז געקומען אין געדיכטן וואַלד אַריין, ווו די וועגן האָבן זיך געקרייצט אין פיר ריכטונגען. די מוטער האָט נישט געוווּסט אויף וועלכן וועג זי זאָל גיין. איז דאָרטן געשטאַנען

אַ דאָרנבוים און גרויסע שטיקער אײַז זענען געהאַנגען אויף זײַנע צווײַגן.
האָט די מוטער זיך געווענדט צו דעם דאָרנבוים און געזאָגט:

דאָרנבוים, זאָג מיר, איך בעט דיך, ווו איז דער טויט אַוועק מיט מײַן קינד?

און דער דאָרנבוים האָט געענטפערט:

— איך וועל דיר נישט זאָגן, סײַדן דו וועסט מיך פריער אָנוואַרעמען, ווײַל איך ווער געפרוירן.

און די מוטער האָט אָנגעוואַרעמט דעם בוים, און די דערנער זענען אַרײַן אין איר לײַב, און דאָס אײַז איז צעגאַנגען, און אין מיטן ווינטער האָבן אָנגעהויבן צו בליען בלומען — אַזוי וואַרעם איז געווען דער מוטערס באַטריבט האַרץ.

און דער דאָרנבוים האָט געזאָגט:

— גיי גלײַך צום וואַסער־צו, דאָרטן האָב איך געזען ווי דער טויט איז אַוועק מיט דײַן קינד.

און די מוטער איז געגאַנגען ביז זי איז געקומען צום וואַסער. האָט זי געוואָלט אויסטרינקען דאָס וואַסער, אָבער דאָס איז געווען אוממעגלעך פאַר אַ מענטש צו טאָן. האָט די מוטער זיך געווענדט צום וואַסער און געזאָגט:

— וואַסער, זאָג מיר ווּהין איז דער טויט אַוועק מיט מײַן קינד?

האָט דאָס וואַסער געענטפערט און געזאָגט:

— גיב אונדז דײַנע שײנע פּערלדיקע אויגן, וועלן מיר דיר זאָגן ווּהין דער טויט איז אַוועק מיטן קינד.

האָט די מוטער אָנגעהויבן ווײנען, און זי האָט אַזוי לאַנג געוויינט ביז זי האָט אויסגעוויינט אירע אויגן און דעמאָלט האָבן די כוואַליעס זי אַריבערגעבראַכט אויף דער אַנדערער זײַט.

דאָרט האָט זיך געצויגן אַ ווּנדערלעך, לאַנג הויז, וואָס האָט אויסגעזען ווי אַ באַרג מיט אַ וואַלד מיט לעכער, אָבער די אָרעמע מוטער האָט דאָס נישט געקענט זען, זי האָט דאָך אויסגעוויינט אירע אויגן.

— זאָג מיר, ווו קען איך געפינען דעם טויט, וואָס האָט צוגענומען מײַן קינד? — האָט זי שטיל געוויינט.

— אַהער איז ער נאָך נישט געקומען, — האָט געזאָגט די אַלטע

פרוי, וואָס האָט אַכטונג געגעבן אויף דעם טויטס גרויסן טרייב־הויז. — ווי אַזוי האָסטו געטראָפן דעם וועג אַהער און ווער האָט דיר געהאָלפן?

— גאָט האָט מיר געהאָלפן, — האָט זי געענטפערט. — ער איז בארמהאַרציק, און דו וועסט אויך זיין אַזוי. זאָג מיר, ווו קען איך געפינען מיין קינד?

— איך ווייס נישט ווו — האָט די פרוי געענטפערט. — און דו קענסט דאָך נישט זען. אַ סך בלומען און ביימער זענען פאַרוועלקט געוואָרן היינטיקע נאַכט. דער טויט וועט באַלד קומען און זיי איבערפלאַנצן. דו ווייסט מסתמא, אַז יעדער מענטש האָט זיין לעבנס־בוים אָדער בלום, לויט דעם ווי עס גייט דעם מענטשן. אין יעדן בוים און אין יעדער בלום קלאַפּט דאָס האַרץ. אַ קינדער־האַרץ קלאַפּט אויך! גיי און הער זיך איין און אפשר וועסטו דערקענען דיין קינדס האַרץ. אָבער וואָס וועסטו מיר געבן, כדי איך זאָל דיר זאָגן וואָס נאָך דו זאָלסט טאָן?

— איך האָב גאָרנישט וואָס דיר צו געבן, — האָט געזאָגט די באַטריבטע מוטער. — איך וועל אָבער גיין פאַר דיר ביז צום סוף פון דער וועלט!

— פון דאָרטן דאַרף איך גאָרנישט, — האָט די פרוי געזאָגט, — אָבער דו קענסט מיר געבן דיינע לאַנגע שוואַרצע האָר, זיי זענען שיין און זיי געפעלן מיר, און איך וועל דיר געבן דערפאַר מיינע גרויע האָר.

די מוטער האָט מיט פרייד אַוועקגעגעבן אירע שווארצע האָר און האָט געקראָגן דער אַלטערס שניי־ווייסע האָר.

און זיי זענען אַריין אין דעם טויטס גאָרטן־הויז. און דאָרטן זענען געוואַקסן זייער אַ סך ביימער און בלומען. אויך וואַסער־פלאַנצן זענען דאָרטן געוואַקסן. אַנדערע זענען געווען פריש און אַנדערע האַלב־קראַנק. עס זענען געשטאַנען גרויסע פּאַלמעס און אייכנביימער. יעדער בוים און בלום האָט געהאַט זיין נאָמען און געווען אַ מענטשנס לעבן. עס זענען אויך געווען בלומען, וואָס האָבן געבליט און אַרויסגעגעבן פרישע, שמעקענדיקע ריחות, אַנדערע בלומען האָבן געהאַט געלע פאַרוועלקטע בלעטער.

די אָרעמע מוטער האָט זיך געבויגן איבער אַלע בלומען, צוגעלייגט דאָס אויער און צווישן מיליאָנען בלומען האָט זי דערהערט, אין וועלכער בלום עס קלאַפּט דאָס האַרץ ווי ביי איר קינד.

און די אַלטע פרוי האָט צו איר געזאָגט:

— ווען דער טויט וועט קומען, לאָז אים נישט אָוועקרוקן די בלום, זאָג אים, אַז דו וועסט אויסרייסן די בלומען, און פאַר דעם האָט ער מורא. ווארעם — רייסט מען אַרויס אַ בלום, מוז אַ מענטשן־קינד שטאַרבן, און דער טויט מוז אָפּגעבן אַ דין וחשבון צו גאָט פאַר יעדן מענטשן.

מיט אַ מאָל איז דורכגעלאָפן אַ שטאַרקער, אייז־קאַלטער ווינט. האָט די מוטער פאַרשטאַנען, אַז דאָס איז דער טויט געקומען.

— ווי אַזוי האָסטו געקענט קומען פריער פאַר מיר? האָט דער טויט געפרעגט.

— איך בין אַ מוטער — האָט זי געענטפערט.

און די מעשה ענדיקט זיך מיט דעם, אַז דער טויט האָט צוריקגעגעבן דער מוטער די אויגן, וואָס ער האָט אַרויסגענומען פון וואַסער, נאָך קלאָרער און ליכטיקער ווי זיי זענען געווען. ער האָט זי צוגעפירט צו אַ ברונעם און איר געוויזן צוויי מזלות: דאָס צוקונפטיקע לעבן פון צוויי קינדער — איינס איז געווען איר קינד.

איין לעבן איז געווען פול מיט ליכטיקייט, פרייד און לייטזעליקייט, און דאָס צווייטע לעבן איז געווען פול מיט פינצטערניש. און כאָטש דער טויט האָט דאָך איר געזאָגט, אַז די בלום וואָס זי האָט געוואָלט אויסרייסן, איז דאָס לעבן פול מיט פרייד, דאָך האָט די פאַרצווייפלטע מוטער אויפגעהויבן די הענט צום הימל און אויסגערופן:

— גאָט אין הימל, הער זיך נישט איין צו מיין געבעט. — און דער טויט איז אַוועק מיט איר קינד אין דעם אומבאַקאַנטן לאַנד אַריין.

אין דער וועלט־ליטעראַטור געפינט זיך נישט נאָך אַזאַ מוסטער פון מוטער־ליבע צו אַ קינד, ווי די, וואָס האַנס קריסטיאַן אַנדערסען שילדערט אין זיין „די געשיכטע פון אַ מוטער״.

זי איז דערציילט ביבליש־תמימותדיק, מענטשלעך־וואַרעם און פאַנטאַסטיש־רייך, אַזוי, אַז דאָס אוממעגלעכע ווערט מעגלעך און דאָס איבערנאַטירלעכע ווערט נאַטירלעך.

און אָט איז נאָך אַ מעשה אנדערסענס, וואָס שטראַלט מיט ראַפינירטן הומאָר, די קלאַסיש־סאַטירישע מעשה: דעם קעניגס נייע קליידער.

מיט אַ סך יאָרן צוריק האָט געלעבט אַ קעניג, וואָס האָט זייער ליב געהאַט שיינע נייע קליידער. ער האָט אויסגעגעבן אַ פאַרמעגן, כדי צו

זיין שיין אָנגעטאָן. אים האָט נישט געאַרט צי ער האָט אַ סך, צי ווייניק סאָלדאַטן. נאָך ווייניקער איז ער געווען פאַראינטערעסירט אין טעאַטער־שפּילן, אָדער רייטן אויף פערד, סיידן ער האָט זיך געקאָנט איבערנעמען מיט זיינע קליידער. יעדע שעה אין טאָג האָט ער אָנגעטאָן אַ נייעם בגד. און פּונקט ווי מען פלעגט געוויינלעך זאָגן וועגן אַ קעניג, אַז ער איז אין באַראַטונגס־צימער, אַזוי פלעגט מען וועגן אים תמיד זאָגן: „דער קעניג איז אין קליידער־צימער!"

אין דער גרויסער שטאָט ווו דער קעניג האָט געוווינט, איז אַלע מאָל געווען פריילעך. יעדער טאָג פלעגן קומען אַהין אַ סך פרעמדע מענטשן.

איין טאָג זענען געקומען אין שטאָט אַריין צוויי שווינדלער; זיי האָבן געזאָגט, אַז זיי זענען וועבער און זיי האָבן דערציילט, אַז זיי קענען וועבן די שענסטע שטאָפן און סחורות, וואָס מען קען זיך נאָר פאָרשטעלן; נישט בלויז די פאַרבן און די מוסטערן זענען אויסערגעוויינלעך שיין, נאָר אויך די קליידער, וואָס ווערן גענייט פון די שטאָפן, האָבן אַ וווּנדערבאַרע אייגנשאַפט: זיי זענען אומזעבאַר פאַר יענע מענטשן, וואָס טויגן נישט אויף זייער אַמט, און אויך פאַר יענע וואָס זענען נאַריש.

„דאָס וועלן שוין זיין איין מאָל טייערע קליידער", האָט דער קעניג געטראַכט. „דורך אָנטאָן זיי וועל איך קענען אויסגעפינען, וועלכע מענטשן אין מיין לאַנד טויגן נישט פאַר דעם אַמט וואָס זיי פאַרנעמען, און איך וועל דערקענען, וועלכע מענטשן זענען נאַריש און וועלכע זענען קלוג! יאָ, אָט די שטאָפן דאַרף מען תיכף וועבן פאַר מיר!". און ער האָט געגעבן די צוויי שווינדלער אַ סך געלט, אַז זיי זאָלן אָנהייבן די אַרבעט.

די שווינדלער האָבן באַלד אַוועקגעשטעלט צוויי וועב־מאַשינען, געמאַכט אַן אָנשטעל, ווי זיי וואָלטן געאַרבעט, אָבער אין דער אמתן זענען די וועב־שטולן געווען ליידיק. זיי האָבן כסדר פאַרלאַנגט די פיינסטע זייד, דאָס טייערסטע גינגאָלד. דאָס אַלץ האָבן זיי אַריינגעלייגט אין זייערע קעשענעס און געאַרבעט אויף די ליידיקע וועב־שטולן ביז שפּעט אין דער נאַכט אַריין.

„איך וועל אַוועקשיקן דעם אַלטן ערלעכן מיניסטער צו די וועבער", האָט דער קעניג געטראַכט. „ער וועט צום בעסטן קענען זען ווי אַזוי די

שטאָפן זעען אויס, ווייל ער האָט שכל, און קיינער איז נישט אַזוי פּאַסיק אויף זיין אמט ווי ער!".

און דער אַלטער, קלוגער מיניסטער איז אַוועק אין זאַל, וווּ די צוויי שווינדלער זענען געזעסן און געאַרבעט אויף די ליידיקע וועב־שטולן.

„מיין גאָט!" האָט געטראַכט דער אַלטער, קלוגער מיניסטער, און פונאַנדערגעעפנט ברייט די אויגן.. „איך קאָן דאָך גאָרנישט זען!" אָבער זאָגן דאָס האָט ער נישט געזאָגט.

ביידע שווינדלער האָבן אים געבעטן, אַז ער זאָל אַזוי גוט זיין און צוקומען נענטער, און זיי האָבן אים געפרעגט, צי די מוסטערן זענען נישט וווּנדערלעך שיין און די פאַרבן טייער. זיי האָבן אים אָנגעוויזן אויף די ליידיקע וועב־שטולן — און דער אָרעמער, אַלטער מיניסטער האָט נאָך ברייטער געעפנט די אויגן, אָבער ער האָט גאָרנישט נישט געקענט זען, עס איז דאָרט גאָרנישט געווען צו זען.

„מיין גאָט!" האָט ער געטראַכט. „בין איך טאַקע אַזוי נאַריש! דאָס האָב איך קיין מאָל נישט געגלויבט. אָבער קיין שום מענטש טאָר דאָס נישט וויסן! טויג איך נישט אויף מיין אַמט? ניין, דאָס וועט באַין אופן נישט זיין, אַז איך זאָל דערציילן, אַז איך זע נישט די שטאָפן!"

„נו, וואָס זאָגט איר וועגן דעם"? האָט געזאָגט דער, וואָס האָט געוועבט.

„אָ, דאָס איז גרויסאַרטיק, פּראַכטפול, וווּנדערלעך שיין!" האָט געזאָגט דער אַלטער מיניסטער און געקוקט דורך די ברילן. „אָט דער דאָזיקער מוסטער און די דאָזיקע פאַרבן! אָ, איך וועל זאָגן דעם קעניג, אַז עס געפעלט מיר שטאַרק!"

„עס פרייט אונדז זייער!" האָבן ביידע וועבער געזאָגט, און זיי האָבן אָנגערופן די פאַרבן פון דעם זעלטענעם מוסטער.

דער אַלטער מיניסטער האָט זיך גוט צוגעהערט, כדי ער זאָל קאָנען נאָכזאָגן דאָס אייגענע, ווען ער וועט צוריקקומען צום קעניג. און אַזוי האָט ער טאַקע געטאָן.

אַצינד האָבן די שווינדלער פאַרלאַנגט נאָך געלט, מער זייד און נאָך גאָלד, וואָס זיי דאַרפן צו דער אַרבעט. אַלצדינג האָבן זיי באַהאַלטן אין זייערע קעשענעס. אויף די וועבשטולן האָבן זיי נישט אַרויפגענומען אפילו

נישט קיין פאָדעם, אָבער זיי האָבן פאַרגעזעצט צו וועבן אויף די ליידיקע שטולן.

דער קעניג האָט באַלד ווידער געשיקט אַ געטרייען באַאַמטן, כדי צו זען, ווי אַזוי עס גייט מיט דעם וועבן און צי די סחורות זענען שוין באַלד פאַרטיק. איז דעם באַאַמטן געגאַנגען פּונקט ווי דעם אַלטן מיניס־טער: ער האָט געקוקט און געקוקט, נאָר אַזוי ווי עס זענען בלויז געווען ליידיקע וועב־שטולן, האָט ער גאָרנישט געקענט זען.

„איז עס נישט קיין וואונדערלעך שיין שטיק סחורה?" האָבןביידע שווינדלער געפרעגט און אָנגעוויזן אויף דער שיינקייט פון דעם טייערן מוסטער, וואָס איז אין דער אמתן גאָר נישט געווען.

„נאַריש בין איך נישט" האָט ער זיך געטראַכט, „אפשר בין איך נישט פּאַסיק פאַר מיין גוטן אַמט? אָבער קיינער טאָר דערפון נישט וויסן!" און ער האָט שטאַרק געלויבט די סחורה, וואָס ער האָט גאָרנישט געזען און זיי פאַרזיכערט, אַז די פּראַכטפולע שטאָפן און טייערע מוסטערן האָבן אים פאַרשאַפט אַ סך פרייד.

און ער איז צוריקגעקומען צום קעניג און אים געזאָגט, אַז דאָס זענען די טייערסטע שטאָפן, וואָס די וועבער וועבן פאַר אים.

אַלע מענטשן אין שטאָט האָבן גערעדט וועגן דער פּרעכטיקער סחורה.

אַצינד האָט דער קעניג אַליין געוואָלט זען די שטאָפן בשעת זיי זענען נאָך געווען אויף די וועב־שטולן. איז ער אַהין צוזאַמען מיט זיינע אויס־דערוויילטע באַגלייטער. צווישן זיי זענען אויך געווען די צוויי קלוגע באַאַמטע, וואָס זענען שוין פריער דאָרטן געווען.

ביידע לוסטיקע שווינדלער האָבן נאָך אַלץ געוועבט אויף וואָס די וועלט שטייט, נישט האָבנדיק אפילו קיין איין פאָדעם אין די וועב־שטולן.

„איז עס נישט גרויסאַרטיק?" האָבן געזאָגט דיביידע ערלעכע באַאַמטע. „זאָל נאָר אייער מאַיעסטעט אַ קוק טאָן און זען די טייערע מוסטערן און די שיינע פאַרבן!" און זיי האָבן אָנגעוויזן אויף די ליידיקע וועב־שטולן, ווייל זיי האָבן געגלויבט, אַז די אַנדערע קענען יאָ זען.

„וואָס איז דאָס?" האָט דער קעניג געטראַכט. „איך זע דאָך גאָרנישט! עס איז דאָך שרעקלעך. בין איך טאַקע אַזוי נאַריש? אָדער אפשר בין איך גאָרנישט פּאַסיק צו זיין אַ קעניג? דאָס איז דאָך די שרעקלעכסטע זאַך, וואָס עס האָט מיך געקענט טרעפן!"

„יאָ, דאָס איז דאָך באמת שיין" האָט געזאָגט דער קעניג. „מיין שטאַרקסטע אָנערקענונג אייך!" און ער האָט צופרידן געשאָקלט מיטן קאָפּ און באַטראַכט די ליידיקע וועב־שטולן. אָבער ער האָט נישט געוואַגט צו זאָגט, אַז ער זעט גאָרנישט.

דעם קעניגס באַגלייטער האָבן געקוקט און געקוקט און אויך גאָרנישט געזען, און זיי האָבן אויך געזאָגט פּונקט ווי דער קעניג: „יאָ, דאָס איז דאָך באמת שיין!".

און זיי האָבן אים געעצהט, אַז ער זאָל צו דער פּראָצעסיע, וואָס דאַרף פּאַרקומען, אָנטאָן די קליידער, וואָס ווערן געמאַכט פון אָט די טייערע שטאָפן.

„דאָס וועט דאָך זיין פּראַכטפול שיין!" אַזוי איז געגאַנגען פון מויל צו מויל, און אַלע זענען געווען שטאַרק צופרידן פון דעם.

דער קעניג האָט געגעבן יעדן שווינדלער אַ ריטער־קרייץ, וואָס זיי זאָלן אָנשפּילען אויף זייערע לאַצן, און זיי אויך געגעבן דעם טיטל וועבער־ריטער.

די גאַנצע נאַכט פאַר דעם פאַרמיטאָג, וואָס די פּראָצעסיע האָט געזאָלט פאָרקומען, זענען די שווינדלער געווען וואַך און אָנגעצונדן זעכצן ליכט. די מענטשן האָבן געקענט זען, אַז זיי זענען באַשעפטיקט מיטן אויספאַרטיקן דעם קעניגס נייע קליידער.

זיי האָבן געמאַכט דעם אָנשטעל, ווי זיי וואָלטן גענומען די סחורה פון די וועבשטולן, צעשניטן אין דער לופטן מיט גרויסע שערן, גענייט מיט נאָדל און פאָדים, און צום סוף פריידיק אויסגערופן: „די קליידער זענען פאַרטיק!"

דער קעניג איז געקומען אַהין, באַגלייט פון זיינע אָנגעזעענסטע קאַמער־דינער. ביידע שווינדלער האָבן אויפגעהויבן די הענט אין דער לופטן, ווי זיי וואָלטן עפּעס געהאַלטן, און געזאָגט: „אָט זעט אַ פּאָר הויזן! אָט איז אַ ראָק, און אָט איז דער מאַנטל!" און אַזוי כסדר. „זיי זענען אַזוי לייכט ווי שפּינוועבס. עס זעט כמעט אויס ווי מען וואָלט גאָרנישט געטראָגן אויפן קערפּער. אָבער אַזוי ווייזט זיך עס בלויז אויס!"

„יאָ!" האָבן געזאָגט די אָנגעזעענע קאַמערדינער, אָבער זיי האָבן גאָרנישט געקענט זען, ווייל עס איז גאָרנישט געווען.

„וועט זיין מאַיעסטעט, דער קעניג, זיין אַזוי גוט און זיך אויסטאָן די

קליידער״. האָבן געזאָגט די שווינדלער, ווען מיר איך אָנטאָן די נייע קליידער״.

דער קעניג האָט אויסגעטאָן די קליידער און די שווינדלער האָבן געמאַכט מיט די הענט, ווי זיי וואָלטן אים כלומרשט אָנגעטאָן נייע קליידער, אַרומ־געגומען אים אַרום דער טאַליע און כלומרשט פעסט פאַרבונדן.

געווען דאָרטן אויך אַ שלעפּע, און דער קעניג איז צוגעגאַנגען צום שפּיגל, אַריינגעקוקט און זיך געדרייט.

„אַך, ווי עס קליידט אייך אַזוי שיין! ווי עס ליגט פּראַכטפול!״ האָבן אַלע געזאָגט. „וואָס פאַר אַ מוסטער! וואָס פאַר אַ שיינע פאַרבן! אַ טייערער מלבוש!״

„אין דרויסן שטייען זיי שוין מיט דעם טראָן־הימל, וואָס זיי וועלן טראָגן איבער אייער מאַיעסטעט אין דער פּראָצעסיע!״ האָט געזאָגט דער צערעמאָניע־מייסטער.

„יאָ, זייער פיין!״ האָט געזאָגט דער קעניג. „ליגט עס גוט אויף מיר אויסגעצאָסן?״ האָט ער געפרעגט. און ער איז נאָך אַ מאָל צוגעגאַנגען צום שפּיגל, ווי ער וואָלט וועלן זיך גוט באַטראַכטן אין זיין גאַנצן הילוך.

די קאַמער־יונגען, וואָס האָבן געזאָלט טראָגן די שלעפּע, האָבן כלומרשט אָנגענומען פון דיל די שלעפּע און געטראָגן זי אין דער לופטן. זיי האָבן נישט געוואָגט אַרויסצוווייזן עפּעס אַ חשד, אַז זיי זעען גאָרנישט.

און אַזוי איז דער קעניג געגאַנגען אין דער פּראָצעסיע אונטער דעם טייערן הימל־טראָן, און אַלע מענטשן אויף דער גאַס און אין די פענצטער האָבן געשעפּטשעט: „אַך, ווי פּראַכטפול־שיין דעם קעניגס נייע קליידער זענען! וואָס פאַר אַ שיינע שלעפּע ער האָט אויף זיין מאַנטל! עס ליגט אויף אים ווי אויסגעגאָסן!״

קיינער האָט נישט געוואָלט אַרויסווייזן, אַז ער זעט גאָרנישט; מען וואָלט דאָך דאַן געמיינט, אַז ער איז נאַריש. זיי זענען נאָך קיין מאָל פריער נישט געווען אַזוי באַגייסטערט פון קעניגס קליידער.

„אָבער דער קעניג האָט דאָך גאָרנישט אויף זיך, ער גייט דאָך נאַקעט!״ האָט אַ קליין קינד געזאָגט.

„גאָט אין הימל, הער די שטים פון דעם אומשולדיקן קינד!״ האָט געזאָגט דער פאָטער, און איינער האָט איינגערוימט דעם צווייטן, וואָס דאָס קינד האָט געזאָגט: „דער קעניג האָט גאָרנישט אויף זיך, ער איז נאַקעט!״

„דער קעניג גייט נאַקעט!“ האָט צום סוף אָנגעהויבן שרייען דאָס גאַנצע פאָלק.

און אַ ציטער איז דורכגעגאַנגען דעם קעניג איבערן גאַנצן לייב, ווייל אים האָט זיך אויסגעוויזן, אַז זיי זענען גערעכט, אָבער ער האָט געטראַכט: „איך מוז אויסהאַלטן די פּראָצעסיע!“

און ער האָט זיך געהאַלטן נאָך שטאָלצער, און די קאַמערדינער האָבן געטראָגן די שלעפּע, וואָס איז אין דער אמתן גאָרנישט געווען.

מיר האָבן דאָ איבערגעזעצט די מעשה פון דעניש.

דער מענטש איז געבענטשט נישט בלויז מיט אַ זכרון צו געדענקען, נאָר אויך מיט זייער אַ גרויסער מעלה צו פאַרגעסן. אָפּגעהיט זאָל דער מענטש ווערן ווען ער וואָלט געדענקט אַלצדינג, וואָס ער האָט געלייענט, געזען און געהערט. באַזונדערס שטאַרק פאַרגעסן מענטשן די שול־ביכער. אויב איינער קען שעקספּירן, למשל, איז עס דרך־כלל נישט יענער שעקס־פּיר וואָס ער האָט געלערנט אין שול, נאָר וואָס ער האָט אַליין געלייענט. נישט תמיד האָט די שול געגעבן כוח אַרויסצורופן אָנרעגונג און אינטערעס. אַנדערש איז אָבער מיט האַנס קריסטיאַן אַנדערסען. זיינע מעשהלעך געדענקט מען פון די סאַמע ערשטע קינדער־יאָרן. מען קען פאַרגעסן דעם נאָמען פון אַ שרייבער, אָבער נישט די מעשה; דער וואָס האָט פאַרשטענ־דעניש פאַר ליטעראַטור, וועט זי אויך לייענען אין די רייפע יאָרן און ערשט דעמאָלט דערפילן דעם סימבאָלישן ווערט. אָבער האָט איינער אַפילו אין די קינדער־יאָרן געלייענט „דעם קעניגס נייע קליידער“, וועט ער די מעשה נישט פאַרגעסן; ער וועט זי אויסנוצן, ווען עס וועט אים אויסקומען צו ריידן, מאַכן אַ טרעפלעכן פאַרגלייך, געדענקען דעם מוסר־השכל. דאָס איז דאָך אַ מעשה פאַר אַלע צייטן פאַר אַלע לענדער און פאַר אַלע מענטשן־קינדער.

ווייניק מענטשן ווייסן אפילו, אַז ער איז געווען אַ דענער. אין רוסלאַנד זענען אַנדערסענס מעשהלעך געווען אַזוי פּאָפּולער, אַז ער איז כמעט באַ־טראַכט געוואָרן פאַר אַ רוסישן שרייבער. און אין אַמעריקע ווערן כסדר אַרויסגעגעבן אַנדערסענס מעשהלעך מיט פאַרשידענע קינסטלערישע אי־לוסטראַציעס און מען קוקט אויף אים כמעט ווי אויף אַן אַמעריקאַנישן שרייבער, און אַזוי אין אַלע לענדער. אַזאַ מדרגה האָט נאָך קיין שום אַנדער שרייבער נישט דערגרייכט.

עס איז זיכער נישט קיין צופאַל, וואָס האַנס קריסטיאַן אַנדערסענס מעשהלעך, הגם זיי זענען געשריבן געוואָרן אויף אַ שפּראַך פון זייער אַ קליין פאָלק, זענען געוואָרן אַ „בעסטסעלער", וואָס דויערט שוין באַלד ניינציק יאָר, זינט האַנס קריסטיאַן אַנדערסען איז געשטאָרבן — ער איז געשטאָרבן אין 1875 — ריכטיקער — נאָך העכער אַ צענדליק יאָר פאַר זיין טויט, איז ער שוין געוואָרן דער פּאָפּולערסטער שרייבער.

האַנס קריסטיאַן אַנדערסען האָט זיך אַזוי פאַרטיפט אין דער פאַנטאַזיע פון קינד און ממילא אין דער פאַנטאַזיע פון מענטשן, אַז אַלצדינג ווערט ווי לעבעדיק, מען זעט די געשעענישן מיט די אויגן און מען קען זיי אָנטאַפּן מיט די הענט. מיר האַלטן איין דעם אָטעם ביז די מעשה ווערט פאַרענדיקט.

האַנס קריסטיאַן אַנדערסענען האָט געצויגן צו קינדער, ער האָט ליב געהאַט קינדער, ווייל זיין האַרץ האָט געצויגן צו די שוואַכע, צו די הילפ־לאָזע; צו די, מיט וועמען מען דאַרף מיטפילן; צו די, וועמען מען דאַרף אַרויסווייזן צאַרטקייט און רחמנות; און אַליין זייענדיק אַ קינד פון אָרעמע עלטערן, האָט ער אין די מערסטע פון זיינע מעשהלעך געשילדערט אָרעמע קינדער.

אַ גרויסער פּסיכאָלאָג און מענטשן־קענער האָט געזאָגט וועגן קינדער די דאָזיקע טיפע ווערטער:

„דאָס קינד, אַזוי יונג ווי דאָס איז, ווערט געבוירן אַלט. יעדעס קינד איז אַ ריי דורות עלטער פון זיינע אמתע יאָרן. די קולטור פון יאָרהונדערטער האָט אַרויפגעלייגט איר ירושה־שטעמפּל אויף אַ קינד פון דער גרויסער שטאָט. וויפל קאַמפן, וויפל דורות לעבן האָבן נישט פאַרפיינערט דאָס פּנים פון אַזאַ קינד, געמאַכט די שטריכן, נערוון און די פיינקייט אַלט־קלוג".

*

האַנס קריסטיאַן אַנדערסען האָט קיין מאָל נישט חתונה געהאַט. ער איז פאַרבליבן אַן אַלטער בחור, און ווי יעדער אַלטער בחור, איז ער געווען זייער אומצופרידן און קאַפּריזנע.

ער איז דווקא יאָ געווען פאַרליבט, עטלעכע מאָל איז ער געווען פאַר־ליבט. און כאָטש ער האָט געהאַט גרויסע חסידים און פאַרערערס, האָט ער אין לעבן קיין מזל נישט געהאַט. די פרויען און מיידלעך, אין וועלכע ער איז געווען פאַרליבט, זענען געווען גלייכגילטיק צו אים, אפשר דערפאַר,

וואָס אַנדערסען איז אויסערלעך נישט געווען קיין שיינער. ער האָט געהאַט זייער לאַנגע פיס און געווען אומגעלומפּערט הויך. האָט ער זיך געדונגען אַ באַקוועמע וווינונג אין דער הויפּטשטאָט פון לאַנד און אַ באַלעבאָסטע האָט אַכטונג געגעבן סיי אויף אים, סיי אויף זיין באַלעבאַטישקייט.

ווען עס איז געפייערט געוואָרן זיין פופציק־יאָריקער ליטעראַרישער יובילײ, האָט דאָס גאַנצע לאַנד אים צוגעטיילט גרויס כבוד; צווישן די געהויבענע געסט וואָס האָבן אים באַזוכט יענעם אָוונט איז אויך געווען די קעניגלעכע משפּחה. אין דער שפּעטער נאַכט־שעה, ווען אַלע האָבן אים שוין געהאַט פאַרלאָזט, האָט זיך אַנדערסען אַן אומעטיקער אַוועקגעזעצט לעבן שרייב־טיש. די באַלעבאָסטע איז צו אים צוגעגאַנגען און געפרעגט פאַר וואָס ער איז אַזוי טרויעריק — ער דאַרף דאָך זיין צופרידן, וואָס דאָס גאַנצע לאַנד האָט ממש פאַרפלייצט זיין וווינונג מיט בלומען, מיט באַגריי־סונגען און יובל־אויסדרוקן, אפילו דער קעניג אַליין האָט דאָך אים באַזוכט! האָט אַנדערסען געענטפערט זיין באַלעבאָסטע אין אַן אומעטיקן טאָן: „פופציק יאָר ווי איך שרייב, פופציק יאָר פון מיין לעבן האָב איך אַוועקגע־געבן פאַרן פאָלק, און איצט בין איינער אַליין, אַלע זענען אַוועקגעגאַנגען, אַלע האָבן מיך פאַרלאָזט — איך בין עלנט!“.

ביי דעם אויבנדערמאָנטן ליטעראַרישן יובילײ פון האַנס קריסטיאַן אַנדערסען, האָט מען דעמאָלט אויך, נאָך ביי זיין לעבן, אויפגעשטעלט אַ כטאַטוע פון אים אין דעם שענסטן גאָרטן פון דער הויפּטשטאָט. קיין שום אַנדער מענטשן האָט מען ביי זיין לעבן פריער אַזאַ כבוד נישט אַרויסגעוויזן. אָבער בעת אַנדערסען האָט געזען די סקיצע פון דער סטאַטוע, וואָס האָט פאָרגעשטעלט ווי ער, אַנדערסען, דערציילט אַ מעשׂהלע פאַר צוויי קינדער, וואָס הערן זיך צו צו אים מיט אַן איינגעהאַלטענעם אָטעם, איז ער געווען שטאַרק ברוגז און אויסגערופן: „ניין, איך וועל נישט דערלאָזן אויפשטעלן אַ סטאַטוע, וואָס שטעלט מיך אַרויס ווי בלויז אַ שרייבער פאַר קינדער“.

אַנדערסען האָט אויך געשריבן ראָמאַנען, נאָוועלן, דראַמעס און קאָמע־דיעס. ער איז אָבער פאַרבליבן דער גרויסער מייסטער בלויז פון דער קינדער־מעשׂה.

*

האַנס קריסטיאַן אַנדערסען האָט געהאַט זייער אַ שטאַרקן שלאָף. יעדן פרימאָרגן פלעגט אים די באַלעבאָסטע דאַרפן אויפוועקן, אויב נישט האָט

ער געקאָנט אַריינשלאָפֿן אין טאָג אַריין. איין מאָל האָט ער געלייענט, ווי מען האָט איינעם, וואָס איז געלעגן אין אַ הינערפּלעט אָנגענומען פֿאַר טויט און מען האָט, פֿאַרשטייט זיך, שוין געגרייט זיך אים מקבר צו זיין, אָבער אין דער לעצטער מינוט האָט זיך דער „טויטער" אויפֿגעכאַפּט פֿון דעם הינער־פּלעט. פֿון דעמאָלט אָן פֿלעגט זיך אַנדערסען נוהג זיין, ווען עס איז אים אויסגעקומען צו שלאָפֿן אין דער פֿרעמד, אויף אַזאַ אופֿן: ער פֿלעגט אָנשרייבן מיט גרויסע אותיות: אויב איך וועל זיך נישט אויפֿכאַפּן אינדער־פֿרי, בעט איך אייך, אַז איר זאָלט וויסן זיין, אַז איך בין נישט געשטאָרבן, און איר זאָלט למען השם מיך נישט באַגראָבן — דאָס איז ביי מיר בלויז אַזאַ שטאַרקער שלאָף.

עס ווערט דערציילט אַז האַנס קריסטיאַן אַנדערסען איז געווען זייער אַ גרויסער נאַשער; פּונקט ווי אַ קינד האָט ער שטאַרק ליב געהאַט כלערליי איינגעמאַכטסן. מאַכט זיך אַ מאָל אַזאַ מעשה:

אויף איינער פֿון זיינע נסיעות אין אַ פֿרעמדער שטאָט, אין רוים, איז ער געווען פֿאַרבעטן אין אַן אָנגעזען הויז. אָבער ער האָט די באַלעבאָסטע פֿון הויז נישט געקענט. די באַלעבאָסטע האָט אָבער אַנדערסענען גוט געקענט און אפֿילו געוווּסט וועגן זיינע שוואַכקייטן. זי האָט אים דערפֿאַר מכבד געווען מיט אַ שיינער פּאָרציע איינגעמאַכטס. אַנדערסען באַטראַכט די איינ־געמאַכטס, קוקט אויף דעם מיט זשעדנע אויגן און ער רירט זיך צו דעם נישט צו. וווּנדערט זיך די באַלעבאָסטע און עס וווּנדערן זיך די געסט פֿאַר וואָס אַנדערסען כאַפּט זיך נישט צו זיין באַליבט מאַכל. ענדלעך האָט אַנדערסען אָנגענומען אַ לעפֿל איינגעמאַכטס און געוואָלט עס שוין נעמען צום מויל, אָבער אין דער לעצטער רגע ווענדט ער זיך צו איינעם פֿון זיינע אָנהענגער, וואָס פֿלעגט אים באַגלייטן אויף זיינע אויסלענדישע רייזעס מיט די ווערטער: „איך האָב מורא, אַז די באַלעבאָסטע האָט על פּי טעות אַריינגעטאָן סם אָדער אַנדערע שעדלעכע שטאָפֿן אין דעם איינגעמאַכטס נאָ, פּאַרזוך עס. איך וויל זען צי בין איך גערעכט אָדער איך מאַך אַ טעות".

אַז ער שטעלט אין קאָן דאָס לעבן פֿון אַ פֿריינד, האָט ער זיך, פּונקט ווי אַ קינד — נישט געכאַפּט.

ווען האַנס קריסטיאַן אַנדערסען איז געשטאָרבן, איז אין דענעמאַרק געווען אַ נאַציאָנאַלער טרויער־טאָג; דער 33 יאָריקער געאָרג בראַנדעס האָט צו מאָרגנס נאָך אַנדערסענס טויט געשריבן אַ קריטיש־אַנאַליטישע עסיי.

אין שייכות מיט די יידישע טיפּן, וואָס אַנדערסען שילדערט מיט אַ באַזונדע־דערער ליבע, האָט געאָרג בראַנדעס צווישן אַנדערן געשריבן: „פּאַר האַנס קריסטיאַן אַנדערסען זענען די יידן געווען אַ מין עקזאָטישער עלעמענט אין זיין דיכטער־לעבן. און באַזונדערס האָט די יידישע פרוי געהאַט אויף אים אַ ווירקונג און שטאַרקע צוציונג, ווי קינסטלערישער שטאָף".

*

האַנס קריסטיאַן אַנדערסען האָט געהאַט אַ נאָענטן פריינד, די יידישע פרוי הענריעטאַ וואולף, וואָס פלעגט זיך אָפּט איבערנעמען מיט איר איידעלן און פיינעם געפיל. איר האָט דער גרויסער דיכטער אין זינען געהאַט, בעת ער האָט געשריבן „די פּרינצעסין אויפן אַרבעסל". האַנס קריסטיאַן אַנדער־סען האָט זיך אפילו אין זיין פאַנטאַזיע נישט געקאָנט פאָרשטעלן, אַז דאָס מעשהלע וועט ווערן אַזוי וועלט־באַרימט.

דאָס איז אַ טיפע סאַטירע, אַן אָפּשפּעטונג פון די כלומרשטע ראַפּי־נירטע געפילן פון דער רייכער פּוסטער אַריסטאָקראַטיע.

אויך קינדער פאַרשטייען דאָס מעשהלע נישט בלויז ווי דער דיכטער האָט עס געשריבן. בעת זיי לייענען דאָס באַווייזט זיך אַ שמייכל אויף זייערע ליפּן, ווי אַ באַהאַלטענע אנונג וועגן דעם דיכטערס כוונה. און אָט איז „די פּרינצעסין אויפן אַרבעסל" ווי דער אומשטערבלעכער קינדער־שרייבער האָט דאָס געשריבן:

אַ מאָל איז געווען אַ פּרינץ, וואָס האָט געוואָלט חתונה האָבן מיט אַ פּרינצעסין, זי האָט אָבער געדאַרפט זיין אַן אמתע פּרינצעסין. איז ער אויסגעפאָרן איבער דער גאַנצער וועלט, כדי צו געפינען אַזאַ פּרינצעסין. אָבער אומעטום איז עפּעס געווען אַ שטער. פּרינצעסינס זענען טאַקע געווען גענוג, אָבער ער איז נישט געווען זיכער, צי זיי זענען אמתע פּרינצעסינס. תמיד האָט זיך עפּעס געמאַכט, וואָס איז נישט געווען ווי עס באַדאַרפט צו זיין. איז ער צוריקגעקומען אַהיים און איז געווען זייער אומעטיק, ווייל ער האָט דאָך אַזוי שטאַרק געוואָלט חתונה האָבן מיט אַן אמתער פּרינצעסין.

איין מאָל אין אָוונט איז געווען אַ מוראדיקער געוויטער, עס האָט געבליצט און געדונערט, געגאָסן ווי מיט צעבערס, געווען אַ שרעק און אַן אימה אַרויסצוגיין.

פּלוצלונג האָט אימעצער אָנגעקלאַפּט אויף דעם שטאָט־טויער. דער

אַלטער קעניג איז אַרויסגעגאַנגען עפּענען דעם טויער. אין דרויסן איז געשטאַנען אַ פּרינצעסין — אָבער, מיין גאָט, ווי זי האָט אויסגעזען אין דעם רעגן־שטורעם: דאָס וואַסער האָט זיך געגאָסן פון אירע האָר גלייך אויף דער נאָז און פון אירע קליידער אין די שיך אַריין און אַרויסגערונען דורך די קליידער — און דאָך האָט זי געזאָגט, אַז זי איז אַן אמתע פּרינצעסין.

„גוט, מיר וועלן באַלד אויסגעפינען!" האָט געטראַכט די אַלטע קעניגין. זי האָט אָבער קיינעם גאָרנישט געזאָגט. זי איז אַריין אין שלאָפצימער און האָט אַראָפּגענומען אַלע איבערבעטן פון בעט און אַנידערגעלייגט אַן אַרבעסל אויף די ברעטער פון בעט. דערנאָך האָט זי גענומען צוואַנציק מאַטראַצן און אַרויפגעלייגט אויפן אַרבעסל. און אויף די מאַטראַצן האָט זי אויסגעשפרייט צוואַנציק איבערבעטן.

דאָרטן האָט די פּרינצעסין געדאַרפט שלאָפן.

אין דער פרי האָט מען זי געפרעגט ווי אַזוי זי איז געשלאָפן.

„שרעקלעך שלעכט!" האָט די פּרינצעסין געזאָגט. „איך האָב כמעט די גאַנצע נאַכט נישט צוגעמאַכט קיין אויג. איין גאָט ווייסט וואָס עס איז דאָרטן געווען אין בעט! איך בין געלעגן אויף עפּעס האַרטס, אַזוי, אַז דער גאַנצער קערפּער איז מיר ברוין און בלוי — עס איז עפּעס שרעקלעכס!"

דעמאָלט האָבן זיי ערשט געקענט זען, אַז דאָס איז געווען אַן אמתע פּרינצעסין, זי האָט דאָך דורך די צוואַנציק מאַטראַצן און דורך די צוואַנציק איבערבעטן דערפילט אַן אַרבעסל. אַזאַ איידעלן קערפּער קאָן קיינער נישט האָבן סיידן אַן אמתע פּרינצעסין.

דער פּרינץ האָט חתונה געהאַט מיט איר, וואָרעם איצט האָט ער געוווּסט, אַז ער האָט געפונען אַן אמתע פּרינצעסין.

און דאָס אַרבעסל האָט מען אַוועקגעלייגט אין אַ קונסט־מוזיי, וווּ מען קען עס נאָך איצטער זען — אויב עמעצער האָט עס נישט צוגענומען.

*

אין ניו־יאָרק וועט אין צענטראַל־פּאַרק אויפגעשטעלט ווערן אַ סטאַטוע פון האַנס קריסטיאַן אַנדערסען צו זיין 150־יאָריקן געבוירנטאָג. דער פּאַרק־קאָמישאָנער, ראָבערט מאָזעס, וואָס האָט אַ שם פאַר נישט דערלאָזן אויפשטעלן קיין שום נייע סטאַטועס אין די שטאָטישע פּאַרקן, האָט שוין געגעבן זיין הסכמה פאַר דער אַנדערסען־סטאַטוע. די סטאַטוע ווערט געמאַכט

פון דעם באַקאַנטן סקולפּטאָר געאָרג לאָבער, און וועט אויסזען לינקאָלן־מעסיק. די סטאַטוע וועט זיין זיבן פוס הויך, וועט קאָסטן פינף און זיבעציק טויזנט דאָלאַר און איז אַ מתנה פון דעם דעניש־אַמעריקאַנישן פּרויען־פאַראיין. די אַנדערסען־סטאַטוע וועט אויך זיין באַצירט מיט איינע פון זיינע באַרימטע קינדער־מעשיות — „די מיאוסע קאַטשקע“.

„טאָג־מאָרגען זשורנאַל“ יולי 1953.

## קאַרין מיכאַעליס

דאָס דענישע פאָלק און די גאַנצע ציוויליזירטע מענטשהייט באַערן איצט דעם אָנדענק פון דער באַרימטער דענישער שרייבערין, קאַרין מיכאַעליס. זי איז געשטאָרבן אין עלטער פון 77 יאָר.

קאַרין מיכאַעליס, די פאַרשטאָרבענע שרייבערין איז זייער באַרימט מחוץ די גרענעצן פון איר לאַנד. זי איז איינע פון די ליכטיקסטע פּערזענ־לעכקייטן, וואָס דענעמאַרק האָט אַרויסגעגעבן.

אין 1939 איז קאַרין מיכאַעליס געקומען קיין אַמעריקע צום 15־טן מאָל. אין משך פון די היטלער־יאָרן האָט זי פון דאַנען אָנגעפירט אַן אומדערמידלעכן קאַמף קעגן „גרעסטן שונא פון דער מענטשהייט“, ווי זי האָט גערופן די דייטשן. זי האָט געוועקט און געמוטיקט איר לאַנד דורך אָפטע ראַדיאָ־רעדעס קיין דענעמאַרק. זי פלעגט האָבן קאָנטאַקט מיט די דענישע מאַטראָזן און זיי אויפגעפאָדערט אַריינצוטרעטן אין דער ווידער־שטאַנד־אַרמיי און קעמפן ביז מען וועט פאַרטרייבן דעם שונא.

אין פעברואַר 1945 האָט דער שרייבער פון די שורות געהאַט אַ לענגערן שמועס מיט דער גרויסער שרייבערין און קעמפערין פאַר מענטשן־רעכט, קאַרין מיכאַעליס.

קאַרין מיכאַעליס׳ קאַמף צו פאַרניכטן די נאַציס איז פון באַזונדערער באַדייטונג, ווען מען איז באַקאַנט מיט דער אַרבעט פון דער דאָזיקער גרויסער הומאַניסטין. זי האָט בשעת דער ערשטער וועלט־מלחמה אָנגע־פירט אין אייראָפּע אַ פאַרצווייגטע הילפס־טעטיקייט, באַזונדערס צווישן יידישע פליטים.

זי האָט מיר געוויזן אַ פּיעסע, וואָס זי האָט אָנגעשריבן — אַ דראַמע וועגן די יידן אין דענעמאַרק אונטער דעם נאַצי־רעזשים. זי האָט געשילדערט אין דער דראַמע די טראַגעדיעס וואָס האָבן זיך אָפּגעשפּילט בשעת די דענישע איינגעוואָרצלטע יידן פון דורות זענען, צוזאַמען מיט די רוסישע יידן, געצווונגען געווען אין משך פון געציילטע שעהען איבערצולאָזן אַלץ, און אין פינצטערע נעכט זיך אַוועקלאָזן אויף אומזיכערע שיפלעך אין דעם שכנותדיקן נייטראַלן לאַנד שוועדן. זי האָט געהאַט אַ שטאַרק געפיל פאַר לײדן, האָט זי אַזוי טיף־רירנדיק איבערגעגעבן די דראַמעס פון יידישע משפחות אויף די שיפלעך, ווי מולטערס, אויף וועלכע די דייטשן האָבן כסדר געשאָסן. די העראָאישקייט און מסירת־נפש פון אַ סך דענער, בשעת זיי האָבן געראַטעוועט די זעקס טויזנט יידן. די אַכזריות פון די דייטשן און דעם טיפן בטחון און אמונה פון די יידן, אפילו אין אָנגעזיכט פון דער גרעסטער סכנה. זי איז געווען זיכער, אַז די דאָזיקע דראַמע וואָלט שטאַרק געהאָלפן, אַז אַמעריקע זאָל דערקענען דעם גאַנצן מהות פון די דייטשן. זי איז אַוועקגעפאָרן מיט דער דראַמע קיין האָליוווד און זיך געווענדט צו אַ באַוווּסטער פילם־קאָמפּאַניע, וואָס האָט יידישע דירעקטאָרן. זיי האָבן זי זייער פיין אויסגעהערט, אָבער צום סוף איר געלאָזט וויסן אַז זיי זענען נישט פאַראינטערעסירט אַריינצוברענגען אין דער קינאָ־אינדוסטריע יידישע דראַמעס.

בשעת די דייטשן האָבן פאַרכאַפּט דענעמאַרק האָבן די גרעסטע דענישע שרייבערס תיכף אָנגעהויבן אַ קאַמף קעגן נאַציזם. אַ דאַנק דעם האָבן זיי שטאַרק משפיע געווען אויף דער באַפעלקערונג סיי גייסטיק, סיי מאָראַליש. אַ סך שרייבער האָבן אפילו אויסגעביטן זייערע פּענעס אויף ביקסן און אויפרייס־שטאָפן. עטלעכע יונגע דענישע שרייבערס זענען אויך דערמאָרדעט געוואָרן פון די דייטשן. קאַרין מיכאַעליס האָט מיר געוויזן די שריפטן פון אַ יונגן מאַטראָז, קום מאַלטעברון, וואָס איז נאָך נישט געווען קיין צוויי און צוואַנציק יאָר בעת די דייטשן האָבן אים דערמאָרדעט.

אין 1935 האָט קאַרין מיכאַעליס אָנגעשריבן אַ וווּנדערלעך קינדערבוך „ביבי“, וואָס האָט אַרויסגערופן גרויס אָנזען. זי שרייבט דאָרט מיט אַ סך פאַרשטענדעניש און ליבשאַפט אויך וועגן יידישע קינדער מיט פאַרחלומטע אויגן און גוטע נשמות, וואָס „ביבי“ באַגעגנט אויף איר וואַנדערוועג.

*

קאַרין מיכאַעליס איז געבאָרן געוואָרן אין דענעמאַרק אין יאָר 1872. איר ערשטע דערציילונג האָט זי פאַרעפנטלעכט אין יאָר 1898. פון דעמאָלט אָן האָט זי פאַרעפנטלעכט אַ סך גרעסערע נאָוועלן ווי „דאָס קינד און די מאַמע", „די יונגע פרוי", „זיבן שוועסטער", „די קליינע ליגנערקע", אָבער דאָס בוך וואָס האָט דער שרייבערין באַרימט געמאַכט, האָט זי פאַרעפנט־לעכט אין יאָר 1910 אונטערן טיטל „דער געפערלעכער עלטער". דאָס בוך האָט אַרויסגערופן אַ היפשע סענסאַציע, הגם דאָס איז נישט געווען די כוונה פון דער שרייבערין. עס איז איבערגעזעצט געוואָרן אויף עטלעכע און צוואַנציק שפּראַכן.

די העלדין פון דעם ווערק איז אַ פרוי אין די פערציקער, אַ פרוי וואָס טרעט אַרויס קעגן דעם אָנגענומענעם קאָנווענציאָנאַליזם. די שרייבערין שילדערט אירע אינטימע איבערלעבונגען, געפילן און געדאַנ־קען. איר בליק אויפן לעבן איז געווען אַ רעבעלירנדיקער און אַ געוואַגטער. זי האָט פאַרטיידיקט פראַבע־חתונות, וואָס זאָלן דויערן עטלעכע וואָכן. איר שטאַנדפונקט האָט אַרויסגערופן אַ סך אויפזען און דיסקוסיעס.

תיכף ווי די מלחמה האָט זיך פאַרענדיקט, איז זי אַוועקגעפאָרן צו איר באַליבט פאַטערלאַנד. דאָרט האָט זי פאָרגעזעצט שרייבן איר אויטאָביאָ־גראַפיע אויף אַן אייגנאַרטיקן, פאַנטאַסטישן אופן.

קאַרין מיכאַעליס איז געווען אין נאָענטער פריינטשאַפט מיט די גרעסטע גייסטער פון סקאַנדינאַוויע און פון אַנדערע לענדער, מיט איבסען, סטרינדבערג, גריג, רילקע, ביאָרנסאָן, ד'אַליציאַ און אַנדערע.

זייער אַ טשיקאַווען אַנעקדאָט האָט קאַרין מיכאַעליס דערציילט בעת עס איז אין ניו־יאָרק געפייערט געוואָרן דער הונדערטיאָריקער יובילייִ פון געאָרג בראַנדעס. ער פלעגט זיין די צענטראַלע פיגור אויף יעדן צוזאַמענ־קום פון שרייבער און קינסטלער. ער פלעגט אויך זיין דער הויפט־רעדנער ביי אַלע צוזאַמענקונפטן. איין מאָל זענען געווען פאַרזאַמלט ביי אים אין דער היים אַ היפשע צאָל שרייבער, קינסטלער, אַקטיאָרן און סתם אָנגעז־זעענע מענטשן. עס איז געווען צוליב עפּעס אַ יום־טובדיקער געלעגנהייט. ווי תמיד איז געאָרג בראַנדעס געווען די צענטראַלע פיגור. ער האָט אין זיין שמועס אַרויסגעוויזן אַ סך ערודיציע, בקיאות און חריפות. און ווייל

דער עולם האָט הנאה געהאַט פֿון זײַנע בליציקע געדאַנקען, האָט אױסגעזען, װי ער װאָלט אױזורפּירט דעם גאַנצן אָװנט פֿאַר זיך און קײנער האָט ממש נישט געקאָנט קומען צום װאָרט. פּלוצלונג מאַכט ער צום גאַנצן פֿאַרזאַמלטן עולם:

— איך בין זײער אַ פֿאַרנומענער מענטש. איך האַלט אין מיטן שרײַבן אַ רײ װערק. איך בין שױן אױך אַן עלטערער מענטש און איר װעט מיר מוחל זײַן, װאָס איך מוז זיך צוריקציִען פֿון אײַער געזעלשאַפֿט.

און ער איז אַרױס פֿון צימער. דער פֿאַרזאַמלטער עולם האָט זיך טאַקע געפֿילט שטאַרק באַלײדיקט, אָבער אַלע האָבן געקענט זײַנע קאַפּריזן און מען האָט אים באַלד מוחל געװען.

מען פֿאַרגלײַכט קאַרין מיכאַעליס גאַנץ אָפֿט צו האַנס קריסטיאַן אַנדערסען. עס איז פֿאַראַן אין איר שרײַבן יענע טיפֿע און נאַאיװע פּשטות, װאָס איז עכט פּאָעטיש, באַזונדערס אין אירע אױטאָביאָגראַפֿישע און קינדער־ביכער. פּונקט װי האַנס קריסטיאַן אַנדערסען, האָט זי ליב געהאַט קינדער, פֿײגל און בלומען. זי האָט נישט געקענט פֿאַרטראָגן קײן שלעכטס. זי האָט געמאַכט גאָר אָפֿטע נסיעות. אין אַמעריקע איז זי געװען אַ סך מאָל. אומעטום איז זי געװען אין דער הײם. איר פֿאַרמעגן, װאָס זי האָט געקראָגן פֿון אירע ביכער און אַקציעס, האָט זי אױסגעגעבן אױף צו העלפֿן אָרעמע און הימלאָזע. זי האָט געשריבן זײער גיך. אַזױ גיך, װי זי האָט געקראָגן אַן אידעע, האָט זי געקאָנט אָנשרײַבן אַ ראָמאַן, צי אַ שפּיל.

אין יאָר 1901, װען זי איז קוים דרײַ יאָר געװען אַ שרײַבערין, האָט זי אָנגעשריבן צװײ ראָמאַנען, „דאָס קינד" און „די מאַמעשי", װאָס בײדע ביכער זענען תיכף איבערזעצט געװאָרן אױף דרײַצן שפּראַכן. איר בוך „דער געפֿערלעכער עלטער", װאָס מיר האָבן פֿריער דערמאָנט, איז אַפֿילו איבערגעזעצט געװאָרן אױף יאַפּאַנעזיש. הגם דאָס בוך האָט נישט קײן גרױסן ליטעראַרישן װערט, פֿון דעסטװעגן האָט עס אַרױסגערופֿן פֿיל אױפֿמערקזאַמקײט פֿון קאָפּענהאַגען ביז מאָסקװע און פֿון סאַן־פֿראַנציסקאָ ביז טאָקיאָ.

עס האַנדלט זיך װעגן דעם עראָטישן קריזיס, װאָס טרעט אַרײַן אין דעם לעבן פֿון דער פֿרױ אין די פֿערציקער יאָרן, בעת דער אַזױ גערופֿענער פֿיזיאָלאָגישער איבערגאַנגס־צײַט. ביז דעמאָלט האָט מען זיך נישט געקאָנט מאָלן, אַז אַזאַ טעמע זאָל װערן ליטעראַרישער שטאָף. די פֿערציק־

יאָריקע איז מער נישט באַטראַכט געוואָרן, ווי אַ פרוי. מען האָט געקוקט אויף איר ווי בלויז אויף אַ הויז־פרוי און מוטער. אירע עראָטישע געפילן האָבן געררוט אין דער טונקלקייט, און די דענישע דיכטערין האָט דאָס צום ערשטן מאָל אַרויסגענומען אויף דער ליכט. זי האָט דורכגעבראָכן אין דער נאַטוראַליסטישער נאָוועלע אַ וועג פאַר אַ טעמע, וואָס בלויז די מעדיצין און דאָקטוירים האָבן זיך ביז דעמאָלט מיט איר באַשעפטיקט. איר בוך איז דעריבער דיסקוטירט געוואָרן איבער דער גאַנצער וועלט.

פאַרשטייט זיך, אַז אַ סך שרייבער האָבן איר שפּעטער געפּרוווט נאָכטאָן.

קאַרין מיכאַעליס איז שטאַרק באַליבט געווען ווי אַ מענטש.

„אַ האַרץ״, האָט זי געשריבן, „איז אַ סך קליגער ווי אַ מוח. עס ווייסט אַלצדינג פון זיך אַליין״. און דאָס איז ווי אָנגעמאָסטן אויף איר קונסט. זי האָט אירע ביכער געשריבן, קודם כל, מיט האַרץ.

## יידישע מאָטיוון ביי מאיר אהרן גאָלדשמידט, עדוואַרד בראַנדעס און געאָרג בראַנדעס

בלויז געציילטע דענישע שרייבער האָבן באַקומען אַ וועלט־נאָמען. זיי זענען: דער באַרימטער שרייבער פון קינדער־מעשהלעך האַנס קריסטיאַן אַנדערסען, דער רעליגיעזער פילאָזאָף סוירען קירקעגאָרד און דער דעניש־יידישער ליטעראַטור־קריטיקער געאָרג בראַנדעס. ליבהאָבער פון ליטע־ראַטור קענען אויך די שריפטשטעלער גרונטוויג, עלענשלעגער, י. פּ. יאַקאָבסען און מאיר אהרן גאָלדשמידט. זיי אַלע געהערן צו די שרייבער פון ניינצנטן יאָרהונדערט און זייער ליטעראַרישע השפּעה האָט דערגרייכט אַריבער די גרענעצן פון סקאַנדינאַוויע.

צווישן די דענישע שרייבער פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט זענען פאַראַן בלויז צוויי אינטערנאַציאָנאַל־באַרימטע נעמען. זיי זענען מאַרטין אַנדערסען־נעקסע, דער מחבר פון די פּראָלעטאַרישע נאָוועלן „פּעלע דער

זיגער" און „דיטע מענטשנקינד", וואָס זענען די רעפּרעזענטאַטיווסטע נאָוועלן פון רעוואָלוציאָנערן סאָציאַליזם און יאָהאַנעס וו. יענסען — אַ דאַרוויניסטישער עוואָלוציאָניסט. זיין פאַרשיידנאַרטיקער טאַלאַנט האָט זיך אויסגעדריקט ווי אַ נאָוועליסט, לירישער פּאָעט, מחבר פון קורצע דערציילונגען און עסייאיסט. אין יאָר 1944 האָט יאָהאַנעס וו. יענסען געקראָגן דעם נאָבעל־פּריז פאַר ליטעראַטור. זיי ביידע זענען געווען די אָנגעזעענסטע שעפער פון דער איצטיקער דענישער ליטעראַטור. זיי זענען געשטאָרבן מיט עטלעכע יאָר צוריק אין די הויכע אַכציקער. הגם מאַרטין אַנדערסען־נעקסע איז זינט דעם אויפקום פון באָלשעוויזם געווען אידעאיש גאָר נאָענט צום קאָמוניזם, האָט מען אים אָבער רעספּעקטירט אין גאַנץ סקאַנדינאַוויע. געשטאָרבן איז נעקסע ווי אַ פרומער קריסט, מיט אַ גלח ביי דער זייט.

די צוויי דעניש־יידישע שרייבער, דער פּאָעט הענריק הערץ און דער פּראָזע־מייסטער מאיר אהרן גאָלדשמידט פאַרנעמען אַ גרויס אָרט אין דער דענישער ליטעראַטור. די דאָזיקע צוויי שרייבער האָבן זיך באַוויזן נאָך דער גרויסער פראַנצויזישער רעוואָלוציע, וואָס האָט פּראָקלאַמירט מענטשן־רעכט און געוועקט אומעטום אַ שטרעבן צו עמאַנציפּאַציע.

הענריק הערץ (געבוירן אין 1799, געשטאָרבן דעם 25טן פעברואַר, 1870), האָט באַהאַלטן זיין יידישע אָפּשטאַמונג, כדי צו ווייזן דעם באַפרייער זיין דאַנקבאַרקייט. צום סוף האָט ער זיך גאָר אָפּגעשמדט. ער ווערט גערעכנט פאַר דעם אָנגעזעענסטן פּאָעט פון יענער צייט. ער איז ווייך און רייצנדיק אין זיינע ווערק. ער שרייבט נאַציאָנאַלע דענישע לידער; ער טרעט אויף ווי אַ פאָלקאָמער דענער אין אַלע זיינע פּאָעטישע שאַפונגען, פּונקט ווי קיין טראָפּן יידיש בלוט וואָלט נישט געפלאָסן אין זיינע אָדערן.

געאָרג בראַנדעס שרייבט וועגן אים:

„עס איז מיאוס פון אַ שרייבער ווי הענריק הערץ, וואָס איז געבוירן געוואָרן אַ ייד, אַזוי אויסצומיידן דאָס באַהאַנדלען יידישע טעמעס אָדער יידישע העלדן און אַפילו נישט דערמאָנען קיין יידישע נעמען, ווי עס וואָלט עפּעס אַ חרפּה געווען צו זיין אַ ייד. נישט איין אקאָרד איז צוליב דעם פאַרלוירן געגאַנגען פון זיין לירע".

מאיר אהרן גאָלדשמידט איז שטורמיש און באַקלאָגנדיק אין דער דענישער ליטעראַטור. אין זיין נשמה שפּיגלט זיך אָפּ דער אומרו, די

בענקשאַפט פון יידישן פאָלק. דערפאַר איז ער געווען איינזאַם אין זיין לעבן, אין זיין שאַפן; דערפאַר איז ער געווען אַ היימלאָזער אין זיין לאַנד. די באַפרייאונג האָט זיך אים אויסגעוויזן גיכער ווי אַ חסד, איידער אַן אינער־לעכער געפיל פון רעכט און יושר.

ביי דריי געלעגנהייטן האָט געאָרג בראַנדעס געשריבן וועגן מאיר אהרן גאָלדשמידט. דאָס לעצטע מאָל — אַ טאָג נאָך מאיר אהרן גאָלד־שמידטס טויט, דעם 16טן אויגוסט, 1887. צו אים האָט גאָר געאָרג בראַנדעס געהאַט טענות, הלמאי ער קאָקעטירט צופיל מיט די יידישע טעמעס, מיט דעם יידישן לעבנסשטייגער און דעמאָנסטרירט צו פיל זיין יידישן געמיט און יידישן וועזן. דאָך האָט בראַנדעס באַטראַכט מאיר אהרן גאָלדשמידטן פאַר אַ גרויסן קינסטלער, וואָס האָט אַ סך באַרייכערט די דענישע ליטע־ראַטור, אויך אַ דאַנק די יידיש־דענישע טעמעס און קאָנפליקטן. בראַנדעס האָט געשריבן: „אין מאיר אהרן גאָלדשמידטס נאָוועלן געפינט זיך נישט קיין איין און איינציקע פאַרמלאָזע שורה. אַזאַ גרויסער סטיליסט איז ער״. און געאָרג בראַנדעס איז געווען גאַנץ פאַרזיכטיק מיט זיינע קריטישע אַנאַליזן. אָבער ער האָט נישט געוואָלט, אַז דער דאָזיקער גרויסער פּראָזע־מייסטער זאָל אַזוי פיל עקספּלואַטירן אין זיינע ווערק יידישע העלדן, יידישע טיפּן, יידישן יום־טוב, יידישן לעבנס־שטייגער און יידישן געמיט־צושטאַנד. בראַנדעס האָט אין דעם געזען צופיל געקינצלטקייט, דעמאָנסטראַציע און מאַניפעסטאַציע, שיער נישט עקסהיביציאָניזם.

געאָרג בראַנדעס איז אין יענער צייט, אין 1887, געווען דער אָפּגאָט נישט נאָר פון דער דענישער אינטעליגענץ, נאָר טיילווייז אויך פון דער אייראָפּעאישער. דענישער סטודענטן פלעגן אים באַגעגענען מיט פאַקלען, דעם „פּראָמעטעאוס״, וואָס האָט געבראַכט ליכט און קולטור אין זיין לאַנד, דענעמאַרק. ווי אַזוי זשע האָט ער געקאָנט אויפטרעטן ווי אַ ייד? דאָס וואָלט דאָך געמיינט חלילה זיך צו איזאָלירן און באַגרענעצן, בשעת זיין טענדענץ איז געווען גייסטיקע עקספּאַנסיע.

אָבער מאיר אהרן גאָלדשמידט (וואָס האָט געלעבט אין דער אייגענער דענישער סביבה, נאָר מיט צוויי־דריי צענדליק יאָר פריער) האָט אויסגע־קליבן פאַר זיין פּאָליטיש־געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט און דערנאָך פאַר זיין ליטעראַרישן שאַפן דעם טאָפּל־שווערן און אומדערשראָקענעם וועג. לכתחילה האָט ער געקעמפט מיט יוגנטלעכער ליידנשאַפט קעגן דער

פּאָליטישער רעאַקציע פון זיין לאַנד און דעם עקאָנאָמישן יאָך פון די אָרעמע פּאָלקס־מאַסן. דערנאָך האָט גאָלדשמידט אַריינגעבראַכט אין דער דענישער ליטעראַטור יידישע טענער, יידישע טעמעס, און געשילדערט יידישע טיפּן און קאָנפליקטן מיט אַזאַ קינסטלערישער דערהויבנקייט, אַז ער האָט באַלד געצויגן די אויפמערקזאַמקייט פון גאַנצן לאַנד.

זיין גרעסט ווערק איז „אַ ייד״. דאָס ערשטע יידישע בוך אין דענעמאַרק און אין גאַנץ סקאַנדינאַוויע, וואָס איז נישט נאָר געשריבן געוואָרן פון אַ יידן, נאָר אויך דורכגעלעבט פון אַ יידישער נשמה. אין בוך ווערן געשילדערט די קינדער־יאָרן פון דעם יונגן יידן, יאַקאָב בענדיקסען אין אַ קליינער, ענגער דענישער פּראָווינץ־שטאָט, די יינגלשע יאָרן אין דער הויפּטשטאָט פון לאַנד, די שטורעם־ און קאַמף־יאָרן פון דעם יוגנטלעכן יאַקאָב בענדיקסען אין דער היים און אויף נסיעות. דאָס בוך פאַרענדיקט זיך מיט די טרויעריקע ווערטער, וואָס אַ פריינד זיינער זאָגט אויף זיין קבר: ער האָט געגלויבט אין דער אייביקער פּאָעזיע און אין תחית המתים.

„אַ ייד״ איז אַ ליבע־דערקלערונג צו דער יידישער היים, צום יידישן שטאַם און צו דער יידישער נאַטור. עס שטראָמט דורך דעם ווערק אַ האָפענונגסלאָזער געפיל פון פאַרלוירנקייט און פאַרלאָזנקייט און פון פריי־אַרויסגערופענער איינזאַמקייט. דאָס בוך איז געשריבן געוואָרן אין אַ צייט, וואָס זיין אַ ייד האָט אויך געמיינט אַ קאַמף קעגן דער אייגענער יידישער געזעלשאַפט.

שרייבט העברי נאָמאַנסען, וואָס איז אַליין געווען אַ פילבאַרער יידישער שרייבער, הגם ער האָט געשריבן בלויז אויף דעניש (די נאַציס האָבן אים אומגעבראַכט אין יאָר 1943): „אין דער צייט פון מאיר אהרן גאָלדשמידט האָט צו זיין אַ ייד געמיינט — אָדער באַהאַלטן זיין אָפּשטאַם אָדער זיך אָפּזאָגן פון יידישער קרובהשאַפט״.

דאָס בוך „אַ ייד״ איז אַ קלאָג־ליד איבער די יידישע ליידן און יידישן גורל. דאָס איז אַ מענטשלעכער און דיכטערישער דאָקומענט פון העכסטן ווערט, אַ געטריי האַרץ אין מיטן פון היימלאָזיקייט און גלות; אַן אומרואיקע נשמה, וואָס קען נישט געפינען קיין רו און דערפאַר מוז זי שטאַרבן, צעשפּאָלטן און צעשפּליטערט פון דער סביבה, ווו זי באַגעגנט כסדר קעלט און אומפאַרשטענדעניש.

הגם דער דאָזיקער ראָמאַן, „אַ ייד״ באַהאַנדלט אַזוי אָפן, דערפאַר אַזוי

עכט, „דאָס יידישע וועזן", האָט עס בשום אופן נישט געשטערט, אַז מאיר אהרן גאָלדשמידט זאָל אַריינגענומען ווערן אין דעם פּאַנטעאָן פון דער דענישער, קלאַסישער ליטעראַטור.

דער שרייבער פון די שורות איז געווען אין קאָפּענהאַגען אין דער צייט ווען עס איז דאָרט געפייערט געוואָרן דער הונדערט־יאָריקער געבוירנטאָג פון מאיר גאָלדשמידט. דאָס איז געווען אין אָקטאָבער, 1919. דאָס דענישע פאָלק האָט געפייערט מאיר אהרן גאָלדשמידטס הונדערט־יאָריקן געבוירנטאָג אויף אַ נאַציאָנאַלן שטייגער. אויפן חשבון פון דער רעגירונג זענען אַרויסגעגעבן געוואָרן זיינע געזאַמלטע ווערק אין אַ פּרעכטיקער אויסגאַבע. עס זענען אויך דערשינען עטלעכע ביכער מיט אָפּשאַצונגען וועגן זיינע ווערק, זיין לעבן און טעטיקייט. מ. א. גאָלדשמידטס איינציקער שוישפּיל איז געשפּילט געוואָרן אין קאָפּענהאַגענער קעניגלעכן טעאַטער פאַר אַ יום־טובדיק געקליידטן עולם. זיין ביוסט איז געשטאַנען אויף דער בינע, און דער עולם, די אָנגעזעענסטע דענישע אינטעליגענץ, האָט שטייענדיק אויסגעהערט דעם הספד. אַ פּרעכטיקע סטאַטוע פון מאיר אהרן גאָלדשמידטן איז אויפגעשטעלט געוואָרן אין דער שענסטער געגנט פון קאָפּענהאַגען (נישט ווייט פון דעם אָרט וווּ ער האָט געוווינט אויף דער עלטער). אויף דער סטאַטוע איז אויסגעקריצט אַ מנורה.

די דענישע יידן, וואָס האָבן אים נישט ליב געהאַט צוליב זיין כסדר־דיקער „מאַניפעסטאַציע פון דער יידישער נשמה און יידישן וועזן", האָבן אויך געביטן זייער באַציונג. די דעניש־יידישע „צייטשריפט פאַר יידישער געשיכטע און ליטעראַטור", האָט אַוועקגעגעבן אַ סך פּלאַץ פאַר גאָלד־שמידט־פאָרשונג. באַזונדערס האָבן דאָס געטאָן יוליוס סאַלאָמאָן, דער רעדאַקטאָר פון דער דערמאָנטער שריפט און פּראָפעסאָר דוד סימאָנסען, דער יידישער עסקן, אָריענטאַליסט און אויבער־ראַבינער פון דענעמאַרק.

מאיר אהרן גאָלדשמידטס ראָמאַן „אַ ייד" און זיינע אַנדערע נאָוועלן אויף יידישע טעמעס, האָבן אַרויסגערופן ביי די דענישע יידן גרויס פאַרבי־טערונג, נישט בלויז דערפאַר, וואָס דער יידיש־נאַציאָנאַלער באַוווסטזיין איז דאָרט געקומען צום אויסדרוק. היות ווי גאָלדשמידט האָט, ווי אַן אמתער רעאַליסט און קינסטלער, געשילדערט די יידן מיט אַלע זייערע מעלות און אויך חסרונות, האָט זיך די ביטערקייט מצד די דענישע יידן נאָך מער פאַרשטאַרקט.

געבוירן איז מאיר אהרן גאָלדשמידט דעם 26טן אָקטאָבער, 1819 אין דעם קליינעם דענישן שטעטל וואָרינגבאָרג, אין דעם זעלבן יאָר און חודש, ווען ס'איז אין דענעמאַרק פאָרגעקומען אַ פּאָגראָם אויף יידן אין אַ קליינעם מאַסשטאַב, נישט געקוקט דערויף וואָס נאָך אין יאָר 1814 האָט דער דענישער קעניג, פרעדעריק דער זעקסטער, געגעבן די יידן אין דענעמאַרק פולע גלייכבאַרעכטיקונג. די דענישע רעגירונג האָט אָנגעווענדט אַלע מיטלען אונטערצודריקן דעם פּאָגראָם און אַכטונג געבן, אַז ער זאָל זיך מער נישט איבערחזרן.

צו זעקס יאָר פאַרלאָזט ער דאָס פּראָווינץ־שטעטל און קומט אין דער הויפּטשטאָט פון לאַנד, קאָפּענהאַגען, ווו ער טרעט אַריין אין אַ דענישער שול. מאיר אהרן גאָלדשמידטס עלטערן זענען געווען פרומע, ערלעכע יידן (דער פּאָטער איז געווען אַ סוחר) און געהאָפט, אַז זייער זון וועט ווערן אַ דאָקטער. צוליב דעם וואָס דער יונגער גאָלדשמידט האָט צום איינטריט־עקזאַמען פון אוניווערסיטעט נישט געוואָלט ענטפערן אויף פראַגעס פון רעליגיע, ווייל לויט דער קאָנסטיטוציע פון לאַנד, האָט מען אַ יידן נישט געדאַרפט עקזאַמינירן אין קאַטעכיזם, איז ער דורכגעפאַלן. דאָס האָט געהאַט אַ דעצידירנדיקע ווירקונג אויף זיין געמיט.

ווען ער איז אַלט געווען אַכצן יאָר האָט ער אַרויסגעגעבן אַ דענישע צייטשריפט, אָבער צוליב דעם וואָס ער האָט דאָרט פאַרעפנטלעכט עטלעכע שאַרפע אַרטיקלען קעגן דער רעגירונג, ווערט ער פאַרמשפט צו אַ געלט־שטראָף און צו זיין אַ יאָר אונטער צענזור.

אין יאָר 1840, בעת גאָלדשמידט איז אַלט געווען בלויז 21 יאָר, האָט ער געגרינדעט די ערשטע פּאָליטישע צייטשריפט נישט בלויז אין דענע־מאַרק, נאָר אין גאַנץ סקאַנדינאַוויע. די אידעע פון זיין צייטשריפט איז געווען דער אידעאַליסטישער סאָציאַליזם. גאָלדשמידט איז אין זיין צייט־שריפט געשטאַנען אין קאַמף קעגן אַלעמען און אַלע קעגן אים. ער האָט נישט דורכגעלאָזט קיין איינציקע געשעעניש, פּאָליטישע, ליטעראַרישע, געזעל־שאַפטלעכע, וואָס ס'האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז זי איז פאַלש און שעדלעך, אַז ער זאָל זי נישט אָנגרייפן. די דאָזיקע אָנגריפן זענען געווען בייסיק און שאַרף. זיי האָבן געצויגן די אויפמערקזאַמקייט אין אַלע שיכטן פון לאַנד. ער האָט אָנגעפירט אַ קאַמף קעגן די באַרימטסטע פערזענלעכקייטן פון דענעמאַרק צוליב זייער פּראָווינציאַליזם, און באַזונדערס קעגן דעם גרויסן

דענישן רעליגיעזן דענקער, סוירען קירקעגאַרד. אָבער צום שטאַרקסטן האָט ער, נאַטירלעך אָנגעגריפן די רעאַקציאָנערע רעגירונגס־פאָרעם פון זיין לאַנד. כמעט יעדן צווייטן נומער פלעגט מען קאָנפיסקירן. מען האָט אים אפילו עטלעכע מאָל פאַרמשפט צו תפיסה אויף ברויט און וואַסער און ענדלעך איז ער פאַרמשפט געוואָרן צו זיין לעבנסלענגלעך אונטער צענזור. אָבער אַזוי ווי אין יאָר 1848 איז אָפּגעשאַפט געוואָרן אין דענעמאַרק די צענזור און עס איז איינגעפירט געוואָרן פרייע פרעסע, איז במילא בטל געוואָרן די שטראָף. מאיר אהרן גאָלדשמידט ווערט דעריבער אויך באַטראַכט ווי דער פאַרקעמפער פאַר פרייער פרעסע אין דענעמאַרק.

דעם ראָמאַן „אַ ייד" האָט מאיר אהרן גאָלדשמידט אָנגעשריבן ווען ער איז געווען זעקס און צוואַנציק יאָר, אַזוי גיך ווי ער איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן, איז ער תיכף אָנערקענט געוואָרן פון דער גאַנצער קריטיק ווי איינס פון די גרעסטע ווערק פון דער דענישער ליטעראַטור. אפילו זיינע פּאָליטישע קעגנער האָבן געהאַט בלויז לויבווערטער פאַרן דאָזיקן ראָמאַן. נאָכן אָנשרייבן דאָס דאָזיקע ווערק, האָט ער געהאַט אַ געפיל ווי ער וואָלט זיך באַפרייט פון אַ שווערער משא.

זיין בוך איז, אין אַ געוויסער מאָס, אויך געווען אַן אָנקלאַגע קעגן דער דענישער געזעלשאַפט. כאָטש די יידן אין דענעמאַרק האָבן שוין דעמאָלט געהאַט גלייכבאַרעכטיקונג, פון דעסטוועגן האָט מען זיי נישט באַהאַנדלט ווי גלייכע, מיט אַלע דענישע בירגער. דער עיקר האָט זיך דאָס געפילט אין געזעלשאַפטלעכן לעבן.

די סיבה, וואָס האָט גורם געווען, אַז ער זאָל אָנשרייבן דאָס בוך „אַ ייד" איז געווען אַזאַ: מאיר אהרן גאָלדשמידט איז געווען אַ זעלנער אין דער דענישער אַרמיי. ער האָט זיך, פאַרשטייט זיך, געפילט, אין אַלע פרטים, ווי אַ גלייכער מיט זיינע קריסטלעכע חברים־סאָלדאַטן. ער איז שוין דעמאָלט אַרויסגעטראָטן מיט פּאָליטישע מאמרים און ליטעראַרישע עסייען און איז געווען אַ סך מער באַהאַוונט אין דער פּאָליטיק און ליטעראַטור פון זיין לאַנד, ווי ס'רוב פון זיינע חברים־סאָלדאַטן. מען האָט דעמאָלט גראָד געשיקט זיין אָפּטיילונג קיין יוטלאַנד. די סאָלדאַטן זיינען איינגעשטאַנען אין פּריוואַטע דענישע היימען. אָבער אים, מאיר אהרן גאָלדשמידטן, האָט מען געשיקט צו דעם איין און איינציקן ייד, וואָס האָט געוווינט אין יוטלאַנד, אַז ער זאָל דאָרטן איינשטיין. דאָס האָט שטאַרק

געווירקט אויף דעם זייער־סענסיטיוון יונגן גאָלדשמידט. ער האָט זיך געשטעלט די פראַגע: מיט וואָס בין איך אַנדערש פון מיינע קריסטלעכע חברים־סאָלדאַטן? פאַר וואָס האָט מען מיך אויסגעטיילט פון אַלע אַנדערע? זיכער נישט דערפאַר כדי איך זאָל אָפּהיטן כשרות! און ער האָט נאָך אין דער זעלביקער נאַכט פיבערהאַפּט זיך געזעצט שרייבן דאָס בוך „אַ ייד".

נאָך דעם ווי ער האָט פאַרעפנטלעכט דעם ראָמאַן, האָט ער פאַרלאָזט דענעמאַרק, זיך אַ צייט לאַנג אויפגעהאַלטן אין האַמבורג, לייפּציג, ווענעדיק און רוים. אומעטום האָט ער זיך באַקענט מיט די פירנדיקע גייסטער פון זיין צייט. ווען ער איז צוריקגעקומען קיין דענעמאַרק האָט ער ווידער געגרינדעט אַ צייטשריפט „צפון און דרום", ווו ער האָט רעאַגירט אויף אַלע דערשיינונגען פון דעם דעמאָלטיקן גייסטיקן לעבן.

אין דער הקדמה צו דער צווייטער אויפלאַגע פון „אַ ייד" שרייבט גאָלדשמידט: „ווען עמעצער מיינט, אַז איצטער, נאָך דעם יאָר 1849, ווען יידן האָבן אין דענעמאַרק געקראָגן פולשטענדיקע גלייכבארעכטיקונג, איז דער ,יידישער שטאָף' פון מיין ראָמאַן פאַרעלטערט, מאַכט ער אַ טעות. די פאָלקסשטימונגען און אינסטינקטן האָבן זיך ליידער נישט געענדערט".

פאַר יידישע שפּראַך־פאָרשער האָט דער ראָמאַן „אַ ייד", פונקט ווי זיינע אַנדערע יידישע דערציילונגען, נאָוועלן און ראָמאַנען, גאָר אַ באַזונ־דערע באַדייטונג. דאָרטן געפינען זיך טויזנטער יידישע ווערטער און אויס־דרוקן. די יידישע און העברעאישע ווערטער זענען געדרוקט אין אַלע אויסגאַבעס מיט דער לאַטיינישער טראַנסקריפּציע, דערביי ווערט אָנגעגעבן דער טייטש פון די ווערטער, אָפט מאָל פון גאַנצע פּסוקים, אויף דעניש. אין גאָלדשמידטס צייט האָט מען נאָך אין די סקאַנדינאַווישע לענדער גערעדט טיילווייז יידיש.

נאָך איידער גאָלדשמידט האָט צום ערשטן מאָל פאַרלאָזט דענעמאַרק, האָט ער פאַרעפנטלעכט אַ ריי מייסטערהאַפטע דערציילונגען, ווי למשל: „זכרונות פון מיין פאָטערס הויז", „דער בויפלאַץ", „מעשר" און זיין שיינע דערציילונג „אהרן און אסתר", ווו ער ווייזט אַרויס אַ ליבע צום יידישן פאָלק, צו די יידישע מנהגים, אמונה און דינים.

גאָלדשמידט האָט אין זיינע דערציילונגען און ראָמאַנען קיין מאָל נישט געשילדערט פערזאָנען אין זייער אויסערלעכן אויסזען, אָבער דורך

אינערלעכער כאַראַקטעריסטיק האָט ער תמיד פאַרקערפערט אויך „דאָס דרויסנדיקע".

אין יאָר 1863 האָט זיך גאָלדשמידט אין גאַנצן צוריקגעצויגן פון פּאָליטיק און זיך נאָר אָפּגעגעבן מיט ליטעראַרישע אַרבעטן. ער פאַרעפנטלעכט דעם ערשטן היסטאָרישן ראָמאַן אין דענעמאַרק „היימלאָז", און אַ ריי קלענערע נאָוועלן און דערציילונגען, ווי: „דערציילונגען און ראָמאַנען", „ליבעס־געשיכטעס פון אַ סך מדינות", „ארווינג" און זיין גרויסע יידישע דערציילונג „אברהמל נאַכטיגאַל".

„היימלאָז" איז אַ דערציילונג, וואָס שילדערט דעם גייסטיקן און אינערלעכן וווּקס פון אַ פּאָעטיש־באַגאַבטן מענטשן, און „ארווינג" איז אַ דערציילונג וועגן אַ מענטשן, וואָס האָט געזוכט אַן אידעאַלע געזעל־שאַפט און דעם זין פון לעבן. אין דער דערמאָנטער דערציילונג „ארווינג" זאָגט גאָלדשמידט: „אַ מענטש איז ווערט, וואָס שטאַרבט אויף אַזאַ אופן, אַז ער זאָל אויפשטיין תחית המתים, אַז זיין נשמה זאָל זיין אומשטערבלעך". דאָס איז פּאַקטיש געווען גאָלדשמידט שטרעבן — צו זיין אַ מענטש, צו זיין אַן עטישע פּערזענלעכקייט.

אויף איין אָרט זאָגט געאָרג בראַנדעס וועגן אים: „מאיר אהרן גאָלדשמידט איז געווען אַן ערלעכער און אויפריכטיקער זוכער פון אמת און פאַר אים, דעם סובטילן דיכטער, איז שיינקייט אַ פאָרעם פון אמת".

אויף די עלטערע יאָרן איז גאָלדשמידט באַהערשט געוואָרן פון אַ ראָמאַנטישער מיסטיק. דאָס איז געווען אַ פּועל־יוצא פון די שטימונגען פון זיין געמיט און נשמה נאָך פון זיין פריסטער יוגנט אָן. אין די לעצטע צוואַנציק יאָר פון זיין לעבן האָט זיך מאיר אהרן גאָלדשמידט כסדר באַשעפטיקט מיט דער נעמעסיס־אידעע: פאַראַן עפּעס אינעם לעבן פון דעם מענטשן, וואָס וואַכט און רעגירט איבער אַלצדינג. עס איז זייער סימפּטאָמאַטיש ווי אַזוי גאָלדשמידט האָט געשאַפן זיינע געניאַלע דערציילונגען, נאָך דעם ווי דער נעמעסיס־געדאַנק האָט אים אין גאַנצן באַהערשט.

זיין באַרימטע דערציילונג — „כמעט אַ זשעני" (וואָס שילדערט ווי אַזוי אַ טיף־צאַרטע נשמה ווערט אַ פיש־הענדלער) האָט ער געשאַפן אויף אַזאַ אופן: בשעת ער איז געגאַנגען אויף זיין טעגלעכן שפּאַציר, האָט ער באַגעגענט אַ פיש־הענדלער, וואָס איז געשטאַנען לעבן אַ וועגעלע פיש

און געשריען: אָל! אָל! (אַ מין לאַנגער, דינער פיש). אין מיטן שרייען — „אָל״, האָט זיך זיין קול איבערגעריסן.

מאיר אהרן גאָלדשמידט האָט זיך נישט געקענט באַפרייען פון דעם דאָזיקן קלאַנג „אָל״ ביז וואַנען די מעשה איז פאַרטיק געוואָרן.

די דערציילונג „מענדל הערץ״, האָט ער אָנגעשריבן אויף דעם אופן: אין זיין געבוירן־טאָג איז גאָלדשמידט געזעסן איינער אַליין אין אַ געדריקטער שטימונג. פּלוצלונג האָט ער געקראָגן פון אַ פריינד אַ פריידיקן בריוו. אין דעם אייגענעם אָוונט האָט ער אָנגעשריבן די דערציילונג. אַזוי אַרום האָט ער געשאַפן אַ סך אַנדערע דערציילונגען, וואָס ווערן באַטראַכט פאַר קונסט־ווערק.

ווען מען לייענט מאיר אהרן גאָלדשמידטס ווערק, קען זיך אויסדוכטן, אַז בלויז אויף דער פאָרעם אַליין האָט דער דיכטער געדאַרפט אַרבעטן זייער אַ סך, ער האָט געדאַרפט אַ סך פיילן, בכדי אַרויסצוקריגן אַזאַ סטיל. און דאָך איז עס אַ פאַקט, אַז מאיר אהרן גאָלדשמידט האָט קיין מאָל נישט איבערגעשריבן זיינע דערציילונגען, ראָמאַנען און עסייען.

געאָרג בראַנדעס שטעלט זיך שטאַרק אָפּ אויף דעם דאָזיקן גאָלד־שמידט־פענאָמען, שרייבנדיק וועגן זיין פראַכטפולן סטיל.

*

וועגן מאיר אהרן גאָלדשמידטס יידישקייט, ווי מיר האָבן געזען, קען נישט זיין קיין שקלא וטריא. האָט ער דאָך אָנגעהויבן זיין אויטאָביאָגראַפיע אויף אַזאַ נאַטירלעכן יידישן שטייגער, הגם ער האָט געשריבן אויף דעניש, — „איך שטאַם פון שבט לוי״. דאָס קען נישט געזאָגט ווערן וועגן די ברידער געאָרג און עדוואַרד בראַנדעס.

עדוואַרד בראַנדעס, וואָס איז געווען מיט עטלעכע יאָר יינגער פון זיין ברודער, געאָרג, האָט פאַרנומען גאָר אַ באַדייטנדיק אָרט אין דעם גייסטיקן און פּאָליטישן לעבן פון זיין לאַנד. בשעת דער ערשטער וועלט־מלחמה איז עדוואַרד בראַנדעס געווען דער פינאַנץ־מיניסטער און געפירט דאָס נייטראַלע דענעמאַרק דורך אירע פּאָליטישע און עקאָנאָמישע קריזיס־יאָרן.

עדוואַרד בראַנדעס איז אויך געווען אַן אָנגעזעענער עסייאיסט און פּובליציסט (ער פלעגט בלויז שרייבן פון צייט צו צייט), וואָס יעדע עסיי

זיינע אין דער ליבעראַלער צייטונג „פּאָליטיקען" האָט געוועקט אויפמערק־זאַמקייט אין גאַנץ סקאַנדינאַוויע. באַזונדערס צוליב דער באַהאַוונטקייט אין די ענינים, וואָס ער פלעגט באַרירן און צוליב זיין עלאָקווענטן סטיל און שאַרפזין.

עדוואַרד בראַנדעס איז אויך געווען אַ גרויסער קענער פון טעאַטער און אַליין געשריבן אַ סך טעאַטער־שפּילן. איין פּיעסע זיינע — „מאַכמעד" האָט פאַר אונדז גאָר אַ גרויסע באַדייטונג. דאָרט ווערט געשילדערט מיט אַ סך ערודיציע און מיט שפּאַנונג דער אויפקום פון איסלאַם און מאַכמעדס באַציאונג צו יידן און יידישער אמונה. טראַגיש און דראַמאַטיש־רירנדיק זענען די סצענעס פון קידוש־השם פון דער קליינער אָבער שטאָלצער יידישער קהילה, מעדינאַ.

אַן אומפאַרגעסלעכע סצענע, איז דער היסטאָרישער פאַקט, וואָס עדוואַרד בראַנדעס ברענגט אַרויס — מאַכמעדס אָנפאַלן אויף די יידן פון מעדינאַ און די בתי־מדרשים אין אַ פרייטיק צו נאַכט, בעת זיי זענען נישט געווען צוגעגרייט און צוליב שבת האָבן זיי נישט געטראָגן קיין כלי־זין. מען אַרעסטירט אַלע יידן און מען ברענגט זיי צו מאַכמעדן. ער פרעגט יעדן יידן באַזונדער, צי ער וויל אנערקענען אַללאַ און אים, מאַכמעדן. אָבער איינער נאָכן אַנדערן ענטפערן די יידן, אַז זיי וועלן נישט פאַרלאָזן זייער אמונה.

ווען מאַכמעד האָט אויף אַזאַ אופן איינציקווייז אויסגעקוילעט די יידן פון מעדינאַ, האָט ער און זיינע אָנהענגער, אין רעליגיעזן עקסטאַז זיך געלאָזט מיט בלוטיקע שווערדן אויף די אַראַבער פון מעקאַ, זיי באַזיגט און געצוווּנגען צו אנערקענען אים פאַר דעם איינציקן, אמתן משיח און אַללאַ פאַר דעם איינציקן גאָט.

עדוואַרד בראַנדעס איז געווען אַ בקי אין סעמיטישע שפּראַכן און אין סאַנסקריט. ער האָט אויף דאָס ניי איבערגעזעצט דעם תנ"ך פון לשון קודש אויף דעניש.

אַ סברה, אַז עדוואַרד בראַנדעס האָט געהאָלפן זיין עלטערן ברודער געאָרג לייענען חיים נחמן ביאַליקס שירים. פריינד פון דער העברעאישער ליטעראַטור און פאַרערער פון ביאַליקן האָבן געהאָפט, אַז ווען געאָרג בראַנדעס וועט זיך באַקענען מיט ביאַליקן און שרייבן וועגן אים, וועט ער אפשר קריגן דעם נאָבעל־פרייז. זיי האָבן דערפאַר באַזאָרגט געאָרג בראַנדעסן

מיט די איבערזעצונגען פון ביאַליקס שירים. באַזונדערס האָט זיך מיט דעם מתעסק געווען דער אויבערראַבינער פון דענעמאַרק, דער רב הכולל פּראָפעסאָר דוד סימאָנסען.

געאָרג בראַנדעס, וואָס האָט געקענט העכער אַ טוץ שפּראַכן, האָט אָבער נישט געקענטביידע יידישע שפּראַכן —— העברעאיש און יידיש, און דעריבער נישט געקאָנט לייענען אין אָריגינאַל ביאַליקן; במילא האָט געאָרג בראַנדעס נישט געשריבן יענע גרויסע און טיפע אַרבעט וועגן ביאַליקן, וואָס מען האָט דערוואַרט.

וואָס שייך געאָרג בראַנדעס איז נאָך לעת־עתה נישט געמאַכט געוואָרן קיין גענויע און טיפע אויספאָרשונג וועגן זיין שייכות מיטן יידישן פאָלק און וועגן זיין יידישער פערזענלעכקייט.

אַ יונגער דעניש־יידישער וויסנשאַפטלער ד״ר י. יאַקאָבסען, האָט אין די „ייוואָ־בלעטער״ פון 1943, צו געאָרג בראַנדעסעס הונדערט־יאָריקן געבוירנטאָג (וואָס איז אויסגעפאַלן אין 1942), פאַרעפנטלעכט אַן אינטע־רעסאַנטע אַרבעט אויף דער טעמע. ער האָט אָבער דאָרטן בלויז באַרירט דעם ענין. ליידער איז דער דאָזיקער פיל־צוזאָגנדיקער יונגער יידישער געלערנטער באַגאַנגען זעלבסטמאָרד, צוזאַמען מיט זיין פרוי, נאָך דעם ווי היטלער האָט פאַרכאַפּט דענעמאַרק. אויך דער שרייבער פון די שורות האָט ביי אַ סך געלעגנהייטן אָנגעוויזן אויף געאָרג בראַנדעסעס שייכות צום יידישן פאָלק.

צום דריטן יאָרצייט פון געאָרג בראַנדעס, האָט הענרי נאַטאַנסען אַרויסגעגעבן אַ בוך אונטערן נאָמען — „געאָרג בראַנדעס, אַ פּאָרטרעט״, וווּ עס געפינט זיך אַ סך אינטערעסאַנטער מאַטעריאַל וועגן געאָרג בראַנדעסן און די יידן. וולאַדימיר גראָסמאַן באַרירט אָפט דעם ענין און גאָר לעצטנס האָט אַ דענישער היסטאָריקער, פּעטער פּ. ראָדע פאַרעפנט־לעכט אין דער דענישער צייטונג „פּאָליטיקען״, צוויי לענגערע אַרטיקלען וועגן בראַנדעס׳ יידישער פערזענלעכקייט און זיין שייכות צו ארץ־ישראל. קיין באַזונדער נייער מאַטעריאַל געפינען זיך נישט אין די דערמאָנטע צוויי אַרטיקלען. מען געפינט אויך אינטערעסאַנטן מאַטעריאַל וועגן בראַנ־דעס און די יידן, אין גערטרוד רונגס בוך „מיט בראַנדעסן און בריוו פון אים״.

איך וועל דאָ דערמאָנען, וואָס געאָרג בראַנדעס האָט געשריבן וועגן

יידישע פּערזענלעכקייטן און יידישע ענינים מיט אַ סך וואַרעמקייט און פאַרשטענדעניש. געאָרג בראַנדעס אַליין רעכנט אויס זיינע יידישע ווערק צו דעם שרייבער פון די שורות. דער דאָזיקער בריוו איז פון אַ היסטאָ־רישער באַדייטונג, ווייל ער גיט אַ שליסל צו געאָרג בראַנדעסעס יידישער נשמה.

אָט איז דער גאַנצער בריוו, אין אַ ווערטלעכער איבערזעצונג:

קאָפּענהאַגען, דעם 5טן יולי 1918.

חשובער ישראל כאַלעוווא:

איר מעגט איבערזעצן די אָפּהאַנדלונג וועגן מיינע עלטערנס גלויבן, וואָס געפינט זיך אין מיין בוך „נאַפּאָלעאָן און גאַריבאַלדי". איך גלויב, אַז איר האָט טעות, ווען איר זאָגט, אַז מען האָט נאָך גאָרנישט איבערגעזעצט פון מיינע ווערק אויף יידיש. אָט האָט אַ געוויסער הער שאַיאַק, וואָס וווינט דאָ אין שטאָט, מיר אָנומלטן געשריבן, אַז ער האָט איבערגעזעצט מיינע צוויי אַרטיקלען אויף יידיש.

אָבער מאָדנע איז, וואָס איך בין מיין גאַנץ לעבן פאַרהאַסט און פאַר־פאָלגט געוואָרן פון דער יידישער פּרעסע. אָנגעהויבן האָט עס זיך אַרום דעם יאָר 1895, בשעת מאַקס נאָרדוי האָט מיך אין „ענטאַרטונג" אָנגערופן „די ווידערלעכסטע (מיאוסטע, העסלעכסטע — י. ז.) דערשיינונג דער גאַנצן אייראָפּעאישן ליטעראַטור", און פאַרזיכערט, אַז אויב די עלטערן אין קאָפּענהאַגען וואָלטן געוווסט וואָס איך לערן זייערע זין אין דעם קאָפּענהאַגענער אוניווערסיטעט וואָלטן זיי מיך דערהרגעט אין מיטן גאַס. נאָך דער דאָזיקער דירעקטער אויפפאָדערונג צו מאָרד, האָט די יידישע פּרעסע, באַזונדערס דער טייל, וואָס איז געשטאַנען אונטער מאַקס נאָרדויס השפעה פאָרגעזעצט די פאַרפאָלגונגען אויף דעם זעלבן אופן.

אַ סך באַדייטנדיקער, ווי די קליינע אָפּהאַנדלונג וואָס איר דערמאָנט, זיינען די ביכער, וואָס געפינען זיך אין מיינע שריפטן וועגן בערנע און היינע, אין זעקסטן טייל פון „די הויפּטשטרעמונגען". דאָס בוך וועגן לאַסאַל, דאָס בוך וועגן לאָרד ביקאָנספילד. מיינע אָפּהאַנדלונגען וועגן תנ"ך, דאָס אַרטיקל „פּאָלקסליידן און אוטאָפּיעס", די אָפּהאַנדלונג וועגן די יידן אין רומעניע. זיי געפינען זיך אין די בענד 6, 7, 11 און 17. אויף וויפל איך

ווייס זענען זיי נישט איבערגעזעצט אויף יידיש (סיידן מען האָט זיי איבער־געזעצט, נאָר כּדי מיר נישט צו צאָלן קיין האָנאָראַר, האָט מען מיר קיין מאָל נישט געלאָזט וויסן וועגן דעם און מיר נישט צוגעשיקט קיין שום עקזעמפּלאַר).

אין דער לעצטער צייט ווער איך ממש טעגלעך באַהאָגלט פון יידישע זשורנאַליסטן, וואָס ווענדן זיך צו מיר, אַז איך זאָל אַרויסזאָגן מיין מיינונג וועגן דעם אָדער יענעם ענין, באַזונדערס פון דער אַמעריקאַנער פּרעסע. ווען איך האָב ווען־עס־איז געענטפערט, האָט די צענזור אויסגעשטראָכן כמעט דאָס גאַנצע אַרטיקל. מיינע מיינונגען האָבן זעלטן ווען דאָס מזל צו געפעלן צענזאָרס.

מיט דרך־ארץ, געאָרג בראַנדעס.

„מיינע עלטערנס גלויבן" האָט אַ שייכות מיט דעם, וואָס די צאַרישע רעגירונג האָט אים נישט דערלויבט צו פאָרן קיין פּעטערבורג און מאָסקווע אויף אַ לעקציע־טור, כאָטש די בילעטן צו די לעקציעס זענען שוין געווען אויספאַרקויפט. מען האָט אים נישט דערלויבט צו פאָרן צוליב זיין יידישער אָפּשטאַמונג.

דעם בריוו צו מיר האָט געאָרג בראַנדעס געשריבן מיט זיין געפּערלטן כתב־יד. ווען איך האָב אים געדאַנקט פאַר דער דערלויבעניש און בריוו, האָט ער מיר געענטפערט, אַז ער וואָלט וועלן, איך זאָל אים באַזוכן. איך האָב נאָך דעם אַ סך מאָל באַזוכט געאָרג בראַנדעסן.

זיין בריוו פאָדערט אַן אויפקלערונג: אַ יידישער סטודענט פון קאָפּענהאַגענער אוניווערסיטעט — איך, אין יענער צייט — ווענדט זיך צו אים, אַז ער זאָל אים דערלויבן איבערצוזעצן זיינס אַן אָפּהאַנדלונג. וואָס טוט דער כמעט 77־יאָריקער זקן, געאָרג בראַנדעס? אַנשטאָט ענטפערן קורץ, אַז ער גיט אים די דערלויבעניש, האָט ער זיך גענומען אויסרעכענען כמעט אַלע זיינע ווערק פון יידישן אינהאַלט (דאָס איז, נאַטירלעך, געווען, נאָך איידער מאַקס מייזעל האָט אַרויסגעגעבן געאָרג בראַנדעסעס געזאַמלטע ווערק).

געאָרג בראַנדעס האָט, ווייזט אויס, שטאַרק געוואָלט, אַז יידישע יידן זאָלן וויסן, אַז ער האָט אַ סך געשריבן וועגן יידן. פון מיינע שפּעטערדיקע באַזוכן ביי געאָרג בראַנדעסן אין הויז האָב איך אויך אויסגעפונען, אַז

דאָס אומבאַקאַנטע פאָלק פאַר אים, וואָס רעדט יידיש, אינטערעסירט אים זייער שטאַרק. ער וואָלט אויך וועלן, אַז זיי זאָלן קענען זיינע ווערק. דאָ ליגט פאַרבאָרגן אַ פיל טיפערער פאַרלאַנג ווי בלויז, אַז יידן זאָלן קענען זיינע ווערק.

דער בריוו פאָדערט אויך אַן אויפקלערונג פון ציוניסטישן קוקווינקל:

ווי באַקאַנט איז מאַקס נאָרדוי געווען צווישן דער קליינער צאָל וואָס האָט זיך אָפּגערופן אויף טעאָדער הערצלס ווענדונג צו באַטייליקן זיך אין ערשטן ציוניסטישן קאָנגרעס. הערצל האָט זיך אויך, ווייזט אויס, געווענדט צו געאָרג בראַנדעסן און אים פאַרבעטן צום ערשטן ציוניסטישן קאָנגרעס. פאַר וואָס געאָרג בראַנדעס האָט זיך נישט באַטייליקט, ווערט טיילוויז קלאָר פון בראַנדעסעס בריוו און אין דער ווייטערדיקער אויפ־קלערונג: מאַקס נאָרדוי, דער מחבר פון „די קאָנווענציאָנעלע ליגנס" און „פּאַראַדאָקסן", האָט, כידוע, אין „ענטאַרטונג" דערגרייכט די העכסטע און גרעסטע מדרגה פון נעגירן די גאַנצע מאָדערנע וועלט־ליטעראַטור.

אין די „קאָנווענציאָנעלע ליגנס", וואָס איז געוואָרן אין גאַנץ אייראָפּע די באַקאַנטסטע פּראָזע, האָט נאָרדוי געמאַכט אַ תל־עולם פון כמעט דער גאַנצער מענטשלעכער קולטור, ווי אַ שטייגער פון: פאָלק, רעליגיע, געזעלשאַפט, קיניגטום, פאַמיליע, פריינדשאַפט וכדומה. אַלצדינג איז בלויז פּוסטע איינרעדענישן, ליגנס. אין דער „ענטאַרטונג" האָט ער זיך גענומען צו דער אייראָפּעאישער ליטעראַטור, זי געוואָלט ממש אָפּווישן פון דער ערד, זי זאָל מער קיין תקומה נישט האָבן. סיי די אייראָפּעאישע ליטעראַטור און סיי די שרייבער זענען צעפוילט, פאַרדאָרבן, אוממאָראַליש, דעגענערירט. מאַקס נאָרדוי האָט צעפּאַלמעסט יעדן שרייבער און יעדעס גרויסע ווערק, אָנווייַזנדיק די צעפוילטקייט.

ער האָט זיך אויך אַ נעם געטאָן צו געאָרג בראַנדעסן. בראַנדעס האָט אין יענער צייט, אַרום דעם יאָר 1895, געהערט צו דער קליינער גרופּע אינטעלעקטואַלן, וואָס האָבן געפאַנגען די הערצער פון דער גאַנצער אייראָ־פּעאישער אינטעליגענץ. האָט מאַקס נאָרדוי אויסגעלאָזט זיין צאָרן אויף געאָרג בראַנדעסן, אים אָנגערופן מיט די ערגסטע עפּיטעטן. געאָרג בראַנדעס האָט שוין דאַן געהאַט פאַרעפנטלעכט זיינע ביכער וועגן „בערנע", „היינע", „לאַסאַל" און „ביקאָנספילד־דיזראַעלי". דאָס איז געווען אַ צייט ווען עס איז אויפגעקומען דער מאָדערנער דייטשער אַנטיסעמיטיזם, פון

„שטעקערס געגנאַדע". דער אַנטיסעמיטיזם האָט אָנגעהויבן צו פֿאַרשפּרייטן זיין סם צווישן דער אינטעליגענץ. געאָרד בראַנדעס׳ ביכער וועגן די יידישע פּערזענלעכקייטן זענען געווען אַן אומדירעקטער, אָבער אַ שטאָל־צער ענטפֿער די אַנטיסעמיטן.

בעת מאַקס נאָרדוי האָט געשריבן זיין „ענטאַרטונג" האָט אייראָפּע נאָך נישט געוווּסט, אַז ער איז אַ ייד. טעאָדאָר הערצל, דער דרייפֿוס־פּראָצעס, דער צעווילדעוועטער אַנטיסעמיטיזם האָבן, ווי באַקאַנט, אויפֿ־געוועקט אין מאַקס נאָרדוי זיין טיף־יידיש געפֿיל. ער איז צוגעשטאַנען צו טעאָדאָר הערצלען, צום ציוניזם. דאָס איז נישט געווען קיין קליינע איבעררעשונג פֿאַר אייראָפּע.

ווען טעאָדאָר הערצל האָט זיך געווענדט צו געאָרג בראַנדעסן און אים געבעטן, אַז ער זאָל זיך באַטייליקן אין דעם ערשטן ציוניסטישן קאָנגרעס, האָט בראַנדעס גוט געוווּסט, אַז מאַקס נאָרדוי וועט זיין אַ הויפּט־מחותן אויף דעם קאָנגרעס, געאָרג בראַנדעס׳ ענטפֿער צו הערצלען איז דעריבער געווען זייער אַ לאַקאָנישער, אַז ער וועט זיך נישט באַטייליקן. בראַנדעס האָט גוט געקענט טעאָדאָר הערצלען פֿון „די נייע פֿרייע פּרעסע", ווי דעם ראַפֿינירטן אייראָפּעאישן פֿעליעטאָניסט. דאָך האָט ער נישט אָנגעגעבן קיין שום מאָטיוו פֿאַר וואָס ער באַטייליקט זיך נישט. עס לייגט זיך דעריבער אויפֿן שכל, אַז נאָרדויס אָנגריף אויף בראַנדעסן איז געווען די הויפּט־סיבה.

ווי ווייט בראַנדעס האָט נאָכגעפֿאָלגט טעאָדאָר הערצלען און זיין שליחות, קען אונדז ווייזן דער פֿאַקט, אַז גלייך נאָך דעם ווי טעאָדאָר הערצל האָט פֿאַרעפֿנטלעכט „אַלטניילאַנד" האָט בראַנדעס אָנגעשריבן אַן אַרטיקל „פֿאָלקסליידן און אוטאָפּיעס". אָט איז בלויז אַ קורצע ציטאַט פֿון בראַנדעס׳ אָפּהאַנדלונג וועגן „אַלטניילאַנד":

„זאָלן פּראַקטישע אויטאָריטעטן פֿון נאָענטן מזרח משפּטן, אויף ווי ווייט דאָס וואָס ווערט דאָ (אין „אַלטניילאַנד") געשילדערט ווי שוין דער־גרייכט, קאָן אויף אַן אמת דערגרייכט ווערן, אויב נישט אין צוואַנציק יאָר אַרום, ווי עס געשעעט אין ראָמאַן, איז לפּחות אין הונדערט יאָר אַרום; וואָרעם, נאָך אַלעמען איז, אין אַזאַ גרויסער געשעעניש, די פֿראַגע פֿון צייט נישט דער סאַמע עיקר".

און בראַנדעס ענדיקט:

„עס וועט געשען מיטן ציוניזם ווי מיטן סאָציאַליזם. די באַוועגונג וועט זיך אַרויסווייזן באַדייטנדיקער ווי דער עצם-ציל; הגם דער סאָציאַליסטישער צוקונפט-שטאַט ווערט מער און מער פאַרלוירן. פון אָנבליק, האָט די באַוועגונג גורם געווען צו אָרגאַניזירן אַ גאַנצן קלאַס. כאָטש דער ציוניסטישער צוקונפט-שטאַט לאָזט זיך נישט לייכט רעאַליזירן, האָט די באַוועגונג געגעבן אַ גרויסן טייל יידן מוט, אָנהאַלט און אינהאַלט. עס איז על כל פנים תמיד דאָ אַ מעגלעכקייט, אַז עס זאָל זיך ווידער אַ מאָל אַנטוויקלען אין יענעם היסטאָרישן לאַנד אַ מאָדערנע יידישע קולטור. אָבער לעת-עתה זענען די פאַרשידענע פעלקער, נאַציאָנאַליטעטן און גלויבנס באַזונדערס פאַרנומען מיט פאָראורטיילן און מיט פאַרביטערן איינער דעם אַנדערן דאָס לעבן”.

אגב, דערציילט בראַנדעס אין דער דערמאָנטער עסיי, אויף אַ ווונדער־לעך־פאַרכאַפּנדיקן אופן, דעם אינהאַלט פון „אַלטניילאַנד”. צווישן די שורות קען מען באַמערקן, אַז געאָרג בראַנדעס האָט שוין דעמאָלט געהאַט געוויסע פאַרשטענדעניש און אַפילו סימפּאַטיעס פאַר דעם ציוניסטישן אידעאַל. עטלעכע יאָר איידער בראַנדעס איז געשטאָרבן האָט ער פאַר־עפנטלעכט אַן אָפּהאַנדלונג פול מיט ליבע פאַרן ציוניזם. געאָרג בראַנדעס האָט, פאַרשטייט זיך, געשריבן וועגן יידן נישט דווקא בלויז אין זיינע ווערק וועגן יידישע פּערזענלעכקייטן. אין זיין גרויס ווערק וועגן „יוליוס צעזאַר” האָט בראַנדעס אַ גאַנץ קאַפּיטל וועגן יוליוס צעזאַרס באַציאונג צו די יידן. בלויז עטלעכע שורות דערפון וועל איך דאָ ציטירן (אַלע ציטאַטן, וואָס איך ברענג, זענען איבערגעזעצט פון דענישן אָריגינאַל):

„עס איז נאַטירלעך און פאַרשטענדלעך, אַז די יידן האָבן פיינט געהאַט פּאָמפּעוסן און אים געהאַסט. ער איז באַפאַלן זייער פירשט אַריסטובול, באַלאַגערט און פאַרכאַפּט ירושלים בעת צוועלף טויזנט יידן זענען געפאַלן, פאַרטיידיקנדיק זייער שטאָט (אין יאָר 63). פּאָמפּעוס האָט אַראָפּגעריסן די מויערן פון ירושלים און זיך אַריינגעריסן אין בית המקדש. ער האָט אויך אַרויפגעלייגט אַ גרויסן אָפּצאָל אויף די איינוווינער פון ירושלים און באַרויבט אַלע האַפן־שטעט פון יידישן לאַנד”.

„די יידן האָבן דעריבער געוווּסט, אַז זיי האָבן אין יוליוס צעזאַרן אַ פריינד. ווען זיין לאַגע אין מצרים איז געווען זייער אַ געפערלעכע, ווייל יוליוס צעזאַר האָט זיך דאָרטן געפונען מיט גאָר אַ קליינער צאָל סאָלדאַטן,

דערצו נאָך אָן דער מינדעסטער ידיעה פון רוים, אין מיטן פון אַ פיינטלעך פּאָלק, האָבן די יידן אין זייער לאַנד באַשלאָסן אים צו קומען צו הילף".
דערנאָך רעכנט בראַנדעס אויס בפרטיות ווי אַזוי די יידן האָבן געהאָלפן צעזאַרן.

אין זיין ווערק וועגן שעקספּירן שרייבט בראַנדעס, אַז אין דער אייגענער צייט, וואָס דזשעסיקא ביי שעקספּירן גייט אַזוי לייכט איבער צו קריסטנטום, האָבן זיך געפונען טויזנטער יידן, וואָס האָבן בעסער געוואָלט שטאַרבן אויף קידוש־השם, ווי פאַרלאָזן זייער יידישע אמונה.
בראַנדעס רעכנט געגויי אויס, ווו יידן זענען אַלץ אומגעקומען אויף קידוש־השם.

עס איז איבעריק צו זאָגן, אַז געאָרג בראַנדעסעס קעגנער האָבן אים אויף שריט און טריט געגעבן צו פילן, אַז ער איז אַ ייד. בראַנדעסעס ענטפערס זענען תמיד געווען מוטיק־שטאָלצע. בעת ער איז אַרויסגעטראָטן מיט זיינע „הויפּטשטרעמונגען אין דער ליטעראַטור פון נייצנטן יאָרהונדערט" האָט ד"ר פלאוג, וואָס האָט געהאַט אַמביציעס צו פאַרנעמען דעם פּראָפעסאָר־אַמט פון עסטעטיק אין קאָפּענהאַגענער אוניווערסיטעט, געשריבן: „מיר מיינען, ווען בראַנדעס זאָל זיך גוט פאַרטראַכטן, דאַרף ער נישט אָנגרייפן די דענישע געזעלשאַפט און וועלן חרוב מאַכן אַלצדינג, וואָס זי האָט אויפגעבויט. ער דאַרף גוט געדענקען, אַז די דאָזיקע געזעלשאַפט האָט אַרויסגעוויזן זיינע עלטערן און אורעלטערן גאַסט־פריייהייט און זיי באַשיצט. דערפאַר דאַרף ער בעסער אַרבעטן פאַר איר אַנטוויקלונג און נישט פאַר איר צעשטערונג".

הגם די יידן אין דענעמאַרק האָבן שוין אין בראַנדעס' צייט לאַנג געגאָסן אַלע בירגערלעכע רעכט, האָט בראַנדעס געענטפערט סאַרקאַסטיש דעם פּראָפעסאָר פלאוג און איראָניזירט איבער די כלומרשטע פריייהייטן, וואָס יידן האָבן אַמאָל געגאָסן. אָט איז אַ קליינער אויסצוג פון געאָרג בראַנדעס' ענטפער: „וואָס שייך די גאַסט־פריייהייט, וואָס פלאוגס עלטערן און אורעלטערן האָבן אַרויסגעוויזן מיינע עלטערן און אורעלטערן, בין איך זייער דאַנקבאַר. עס איז באמת אַ גרויסע חוצפּה פון מיר אין אַ לאַנד, ווו מיינע עלטערן זענען אַזוי פריינדלעך אויפגענומען געוואָרן, צו ריידן און שרייבן וועגן דער געשיכטע פון דער ליטעראַטור און דערקלערן, וואָס קאָנסטאַנט און מאַדאַם דע סטאַעל האָבן געמיינט מיט זייער קאַמף קעגן

דער געזעלשאַפט. איך האָב בכן געדאַרפט שרייבן וועגן דעם גליקלעכן און פרידלעכן צוזאַמענלעבן. ווען איך זאָל זיך נאָר גוט באַזינען ווי גרויס־מוטיק פלאוגס עלטערן און אורעלטערן האָבן געהאַנדלט קעגן מיינע עלטערן און אורעלטערן און דערלויבט זיי צו טאָן יעדע באַשעפּטיקונג (מיטן אויסנאַם פון כמעט אַלע בכבודיקע באַשעפּטיקונגען) און צו באַקליידן יעדן אַמט (מיטן אויסנאַם פון כמעט אַלע אַמטן) דעמאָלט צעגייט מיין האַרץ פאַר פרייד און איך קען מער קיין וואָרט נישט שרייבן קעגן אָט דער געזעלשאַפט״.

*

געאָרג בראַנדעס האָט פאַרעפנטלעכט זיין בוך וועגן דיזראַעלי אָדער לאָרד ביקאָנספילד אין יאָר 1878, דעמאָלט, ווען דיזראַעלי האָט געשפּילט די גרעסטע ראָלע אין דער אייראָפּעאישער פּאָליטיק. אויף דעם בערלינער קאָנגרעס פון יאָר 1877, ביים סוף פון דער רוסיש־טערקישער מלחמה, איז דיזראַעליס השפעה געווען אַנטשיידנדיק. געאָרג בראַנדעס דערציילט, וואָס פאַר אַן איינדרוק לאָרד ביקאָנספילד האָט געמאַכט אויף אים, ווען ער האָט אים געזען אין בערלין:

„ביקאָנספילד איז שוין דעמאָלט געווען שוואַך, די איבער־אָנשטרענגונג האָט מען געקענט לייענען פון יעדער מינע פון זיין פּנים. בעת מען האָט אַריינגעקוקט אין זיין בלייך און מאַגער־געוואָרן פּנים, האָט מען זיך דערמאָנט אָן דעם גרויסן קאַמף, וואָס ער האָט געמוזט פירן זיין גאַנץ לעבן. אַלע אַנטוישונגען, וואָס ער האָט געליטן, די ליידן וואָס ער איז אויסגעשטאַנען, דעם שטאָלצן מוט דורך וועלכן ער האָט אויסגעקעמפט דעם זיג, זיין מיטגעפיל מיט דעם אָרעמאַן, פאַר וועמען ער האָט זיך תמיד אָנגענומען, דעם קאַמף וואָס ער האָט געפירט פאַר רעכט און גערעכטיקייט פאַר זיין אייגן אונטערדריקט פאָלק, פאַר דעם יידישן פאָלק. תמיד איז ער שטאָלץ געווען אויף זיין יידישער אָפּשטאַמונג. ער אַליין האָט געצוווּנגען, אַז מען זאָל אויפהערן צו באַהאַנדלען זיין פאָלק אַזוי גרויזאַם. אַז איך האָב אים געזען, איז ער מיר אויסגעקומען אין שענסטן און איידלסטן ליכט״.

דאָס, וואָס עס האָט אַזוי שטאַרק געצווּנגען געאָרג בראַנדעסן צו פאַראינטערעסירן זיך מיט דעם יידיש־ענגלישן שטאַטסמאַן, נישט געקוקט

אויף דעם פּאָליטישן חילוק צווישן זיי, איז בלי שום ספק דער פאַקט, וואָס דיזראַעלי איז געווען אַ ייד. דאָס האָט אָנגעפילט בראַנדעסן מיט אַ געפיל פון שטאָלץ, ווייל אין ביקאָנספילדן האָבן נאָך געלעבט אַלע אַלטע, טעאָקראַטישע, שטאָלצע חלומות פון דעם יידנטום. פאַר ביקאָנספילדן זענען די יידן נאָך געווען אַן אויסדערוויילט פאָלק, מיט דער גרויסער פאַרגאַנגע־הייט, מיט דער גרויסער שליחות, דאָס איינציקע פאָלק, וואָס האָט געקענט פאַרענטפערן די שווערע פּראָבלעמען פון דער צייט.

געאָרג בראַנדעס הייבט אַרויס וואָס דיזראַעלי האָט געענטפערט זיינע קריסטלעכע שול־חברים בעת זיי פלעגן אים מיט פאַראַכטונג רופן ייד.

אָט וואָס ער האָט זיי געזאָגט: „איר רופט מיך ייד! צי ווייסט איר נישט, אַז בעת דאָס פאָלק פון וועלכן איך שטאַם, דאָס יידישע פאָלק, האָט שוין געהאַט אַ בליענדיקע קולטור הינטער זיך, זייט איר נאָך געווען ים־רויבער, ווילד, אָן קליידער, און ווי חיות געוווינט אין די וועלדער? געהערט דען נישט אַ האַלבע קולטור פון יעדן פאָלק צום יידנטום? צי לערנט איר נישט מיט אייערע זין די אַלטע יידישע געשיכטע, און דערנאָך ערשט די געשיכטע פון אייער אייגן פאָלק? און אפילו אייער גאָטס זון איז דאָך נישט קיין אַנדערער, ווי אַ זון פון אַ יידישער טאָכטער. און די גאַנצע רעליגיע אייערע, דאָס קריסטנטום, איז דאָך נישט מער ווי אַ פּראָדוקט פון יידנטום!"

אין סוף פון דעם פאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט האָבן די רומענער ברוטאַל באַהאַנדלט די יידן און זיי באַרויבט פון יעדער מענטשנרעכט. אין יענער צייט האָט געאָרג בראַנדעס פאַרעפנטלעכט אַ ריי אַרטיקלען קעגן די רומענישע אכזריותן. די אַרטיקלען האָבן אויפגעשטורעמט די עפנטלעכע מיינונג פון אייראָפּע און אַמעריקע. געאָרג בראַנדעס הייבט אָן מיט דעם פאָלגנדיקן מאָטאָ:

ברעך אויס אין הויכע קלאָגן,
דו פינצטער מאַרטירער־ליד,
וואָס איך האָב אַזוי לאַנג געטראָגן
אין מיין פלאַמשטילן געמיט.

(היינריך היינע)

און בראַנדעס שרייבט:

„פון דעם קעניג, קעניגין אָדער פון די מיניסטאָרן אין לאַנד, קאָנען די אומגליקלעכע רומענישע יידן נישט דערוואַרטן קיין שום הילף. זיי קאָנען אויך נישט דערוואַרטן קיין שום הילף פון דער רומענישער אינטע־ליגענץ, וואָס העלפט פייניקן און אויסראָטן די יידן. אָבער זייער מצב איז דאָך נישט האָפענונגסלאָז. ווען אַלע יידן פון אַמעריקע און פון אייראָפּע וואָלטן מסכים געווען זיי צו פאַרטיידיקן און ווען זיי וואָלטן געווען באַוווסט־זיניק פון זייער מאַכט און זי טאַקע אָנגעווענדט, וואָלטן זיי תיכף געקאָנט בייקומען די רעדלפירער פון דער באַרבאַריש־קליינער מלוכה. די צייט איז שוין פאַרביי, ווען דאָס יידישע פאָלק איז געצוווּנגען געווען צו לאָזן זיך פייניקן, נישט געבנדיק קיין זיפץ אַפילו. אַנטקעגן דעם מאָדערנעם באַרבאַריזם און זיין פרעכער גרויזאַמקייט קאָנען די יידן נישט האַנדלען אַנדערש, ווי זיך פילן אַלע געטראָפן צוזאַמען מיט די פאַרפאָלגטע". און ער זעצט פאָר:

„די געשיכטע פון די יידן איז פון מיטלאַלטער אָן אַ ליידנסגעשיכטע, וואָס האָט נישט קיין גלייכן צו זיך ביי קיין שום פאָלק פון דער וועלט. אַלץ, וואָס די מענטשלעכע געשיכטע האָט נאָר געקאָנט אַרויסברענגען: צביעות, אכזריות, פאַרפאָלגונגס־לוסט, מוראדיקע גרוילטאָטן און בלוט־דורשט, איז אויסגעגאָסן געוואָרן אויף דעם נישט גרויסן, אָבער גייסטיק־שטאַרקן פאָלק". און בראַנדעס ענדיקט די אַרטיקלען, וואָס האָבן אויפגעדעקט פאַר דער וועלט דעם באַרבאַריזם פון דער רומענישער מלוכה, מיט די ווערטער:

„די יידן אין רומעניע געפינען זיך אין אַזאַ שרעקלעכן מצב, אַז זיי האָבן נישט אין גאַנצן לאַנד קיין איינציקע צייטונג, וואָס זאָל זיך אָננעמען זייער עוולה. זיי וואַגן נישט צו שרייבן מיט אָן אונטערשריפט אין אייראָ־פּעאישע צייטונגען וועגן זייערע יסורים. זיי האָבן מורא צו שיקן מאַטע־ריאַלן און דאָקומענטן; זיי שרעקן זיך אַפילו אויפצושרייבן אויף אַ קאָנווערט דעם נאָמען פון אַ באַקאַנטן אויסלענדער און אים שיקן אַ בריוו. זיי בעטן, מען זאָל נישט דערמאָנען זייערע נעמען. אונטער אַזעלכע מוראדיקע אומשטענדן לעבן די יידן אין רומעניע".

„אָבער די יידן אין די אַנדערע לענדער קאָנען און מוזן זיי קומען צו הילף. די רומענישע אַנטיסעמיטן מוזן געשטעמפּלט ווערן פאַר באַרבאַרן,

ווי זיי זענען. אַ חוץ דעם קאָן די יידישע פינאַנץ־וועלט (נישט געקוקט, וואָס איר כוח ווערט אַזוי שטאַרק איבערגעטריבן, איז זי דאָך אַ באַדייטנ־דיקער כוח), אָפּזאָגן דער רומענישער מלוכה, וואָס איז צוליב איר אייגענער שולד ביזן גרונט צעפוילט, צו באָרגן געלט, אַזוי לאַנג ווי די מלוכה האָט נישט דערפילט די התחייבותן, אונטער וועלכן די גרויסמאַכטן האָבן אין יאָר 1877 אָנערקענט איר אומאָפּהענגיקייט. די רומענישע אַנטיסעמיטן, וואָס הערן נישט אויף צו שרייען, אַז די יידן זענען געלט־גייציק, האָבן נאָר איין און איינציקן באַגער אויף דער וועלט, און דאָס איז דער באַגער נאָך געלט".

געאָרג בראַנדעס האָט מיט אַ סך באַגייסטערונג געשריבן וועגן איוב, שיר השירים, קהלת, רות, מגילת אסתר, יהודית, שושנה, יונה הנביא, זרובבל און די נביאים. וועגן די נביאים האָט בראַנדעס געשריבן צווישן אַנדערן: „דער הויפּט־יסוד פון תנ"ך איז דער גייסט פון די נביאים. דאָס איז דאָס שטרעבן נאָך פולקומענקייט, שלימות און געניאַליטעט. דער דאָזיקער גייסט איז נאָך נישט געשטאָרבן. דאָס איז דער מאָדערנער גייסט, דער אייביקער גייסט. די נביאים עמוס, ישעיה, הושע, מיכה האָבן אין זיך פאַרקערפּערט דעם אידעאַל פון דער מענטשהייט. זייער אידעאַל האָט נישט פאַרלאַנגט קיין שום קרבן, נישט פון פאַרנונפט און נישט פון געוויסן. זיי האָבן געבראַכט אַ גאָט אין הימל, וואָס האָט נישט געוואָלט וויסן פון קיין שום מזבח, פון קיין שום קרבנות, פון קיין לויב־געזאַנגען — נישט פון כהנים, נישט פון לוויים. זייער אידעאַל איז געווען, אַז דאָס וואָס איז נישט באַגרינדעט אויף גערעכטיקייט, מוז צו גרונט גיין".

וועגן חיים נחמן ביאַליק האָט געאָרג בראַנדעס געשריבן אַ לענגערע קריטישע אַרבעט. איך וועל דאָ ציטירן בלויז עטלעכע שורות:

„דער יאָמער פון דער גאַנצער מענטשהייט גרייפט דעם לעזער, אַ דריי טויזנט־יאָריקער יאָמער, דעסטילירט, קאָנצענטרירט, געמישט מיט האָפענונגען און וויזיעס, געטלעכע איינבילדונגען, בענקענישן און געבעטן. אַ רייכע אומווירקלעכקייט, ווי אַ ראַם אַרום איין איינציקער ווירקלעכקייט — פיינלעכער מאַרטירערטום".

„עס ליגט אַ יום־טובדיקייט און ערנסטקייט פון אַ תפילה, אַפילו הינטער דעם, וואָס איז דאָ פערזענלעך". און בראַנדעס ענדיקט:

„ביאַליק איז דער גייסט ביי וועמען די נייע העברעאישע לייענער

געפינען נאַרונג. דער דיכטער, וואָס קען זייער שמערץ, זייערע הכנעה־דיקייטן, זייערע ווונטשן און וואָס באַפרידיקט זייער באַדערפעניש, אָנזאָגנדיק אַ צוקונפט אין מאָרגנליכט, אין שלום און פרייהייט אויף ציונס ערד".

עס איז זיכער נישט קיין צופאַל, וואָס געאָרג בראַנדעס האָט אין זיינע יידישע פּערזענלעכקייטן וועגן היינריך היינע, לודוויג בערנע, לאָרד ביקאָנספילד, פערדינאַנד לאַסאַל און אַנדערע, אַזוי בולט אַרויסגעבראַכט די שייכות צו זייער יידישער דערציונג און סביבה. ער האָט דאָס געטאָן מיט אַ באַזונדערער כוונה. זייער שטאַרק פילט זיך דאָס אין בראַנדעס' בוך איבער לאַסאַלן. בראַנדעס שרייבט:

„בעת דער פופצן־יאָריקער לאַסאַל האָט געהערט וועגן עלילת דם (22סטן מאַי 1840) אין דמשק, האָט ער פאַרצייכנט אין זיין טאָגבוך: „עס איז שרעקלעך צו לייענען, עס איז שרעקלעך צו הערן. די האָר שטעלן זיך קאַפּויער, און אַלע געפילן פון האַרץ פאַרוואַנדלען זיך אין רציחה. אַ פאָלק, וואָס קען דאָס פאַרטראָגן, איז עלנט. נקמה דאַרף עס נעמען און נישט זיך לאָזן פייניקן און דערנידעריקן. נקמה דאַרף עס נעמען פאַר דעם אומשולדיקן בלוט. איך פאַרשטיי נישט פאַר וואָס די יידן אין דמשק ווילן נישט בעסער שטאַרבן אויפן שלאַכט־פּלאַץ, איידער פון די מאַטער־נישן, וואָס מען פאַרשאַפט זיי. צי איז דען פאַראַן אַ רעוואָלוציע, וואָס וואָלט געוועזן מער באַרעכטיקט, ווי ווען די יידן אין דמשק וואָלטן געמאַכט אַן אויפשטאַנד, אָנגעצונדן די גאַנצע שטאָט אין אַלע עקן, און עקספּלאָדירט דעם אויפרייס־פּולווער און דערהרגעט זיך צוזאַמען מיט זייערע פייניקער".
„דו פחדנותדיק פאָלק, פאַרדינסט נישט קיין בעסערן גורל! דו פאַרשטייסט נישט, ווי אַזוי צו שטאַרבן. פאַרשטייסט נישט, וואָס דאָס הייסט גערעכטע נקמה. באַגרייפסט נישט, וואָס עס הייסט אַליין אומקומען, אָבער אויך באַגראָבן דיינע שונאים, און צעררייסן זיי נאָך אין דער גסיסה".

בעת די שוידערלעכע בילבולים, אַז יידן געברויכן קריסטלעך בלוט, זענען ווידער אַרויפגעשווומען, האָט לאַסאַל געשריבן: „ווידער אַ מאָל די מיאוסע מעשיות, אַז יידן געברויכן קריסטלעך בלוט. די זעלבע געשיכטע, וואָס מיר האָבן געהערט אין דמשק הערן מיר אויך אין ראַדאָם, אין לעמבערג, אָבער ווען מען קומט מיט דער זעלבער באַשולדיקונג פון אַלע עקן וועלט, דוכט זיך מיר, אַז מען גיט אונדז אַן אָנדייטונג, אַז די צייט

איז באַלד געקומען, ווען מיר זאָלן זיך אמתדיק העלפן מיט קריסטלעך בלוט. העלף דיר אַליין און גאָט וועט דיר העלפן".

„עס איז געווען אין לאַסאַלן עפּעס פון אַ צעזאַר. ער איז באַשאַפן געוואָרן צו הערשן. נאָר אַזוי ווי ער איז נישט געבוירן געוואָרן קיין פּרינץ אָדער אַן אַדעלמאַן, נאָר ווי אַ קינד פון מיטלשטאַנד און פון אַ פּאָלק, וואָס מען האָט דערנידעריקט, איז ער געוואָרן אַ דענקער, דעמאָקראַט און אַן אַגיטאַטאָר".

אין דער נאָכשריפט צו בראַנדעס' בוך וועגן „פּוילן", וואָס איז דערשינען אין יאָר 1888, שרייבט ער: „ווען פּוילן וועט ווידער אַ מאָל אויפגעריכט ווערן, דעמאָלט וועט אויך אַ טראָפּן פון מיין בלוט זיין אין דעם בלוט, וואָס וועט העלפן אויפבויען דאָס פרייע פּוילן". אין זיין דאָזיקן בוך דריקט בראַנדעס אויס זיין טיפע באַגייסטערונג פאַר פּוילן, פאַר איר קולטור, און זיין טיפער און איינציקער פאַרלאַנג — ווידער צו זען פּוילן ווי אַ פריי לאַנד און אומאָפּהענגיק פאָלק.

אין קיין שום אָרט און אין קיין שום לאַנד איז בראַנדעס נישט אַזוי יום־טובדיק אויפגענומען געוואָרן, ווי בעת ער האָט באַזוכט וואַרשע אין יאָר 1887. מען האָט אים באַשטימט פאַר ערן־פּאָרזיצער אין די וויכטיקסטע פּוילישע אינסטיטוציעס און פאַראיינען. אמת, בראַנדעס האָט אָפּגעצאָלט פאַר די אַלע כיבודים. ער האָט אומדערמידלעך געאַרבעט אין משך פון אַ האַלבן יאָרהונדערט פאַר דער באַפרייונג פון פּוילן.

אָבער נאָך דעם ווי די פּאָליאַקן האָבן מיט אַזאַ רויער רציחה אויפגעהעצט די רוסישע באַאַמטע אויף די יידן, „באַווייזנדיק" אַז די יידן זענען שפּיאָנען און שולדיק אין אַלע רוסישע מפּלות, האָט דער זעלבער געאָרג בראַנדעס אָנגעגריפן די פּאָליאַקן, הגם ער האָט געוווּסט, אַז ווי נאָר ער וועט אָנווייזן די פּאָליאַקן אויף זייער אכזריות, רייסט ער איבער יעדע באַציונג און פאַרבינדונג מיט זיי. אַ גאַנץ פאָלק וועט אים ווערן אַ שונא.

בראַנדעס' אַרויסטרעטונגען קעגן די פּוילישע אכזריותן האָבן אָנגעמאַכט אַ רושם אויף דער גאַנצער וועלט. מען האָט אים אויסגעשלאָסן פון אַלע פּוילישע פאַראיינען. אַ האָגל אָנגריפן האָבן זיך באַוויזן אין דער גאַנצער פּוילישער פּרעסע. ער איז באַשולדיקט געוואָרן, אַז די יידן האָבן אים אונטערגעקויפט; אַז זיין קאַמף פאַר פּוילנס אומאָפּהענגיקייט איז

נישט געווען מער ווי צביעות, וואָס ער האָט לחלוטין גאָרנישט נישט געמיינט.

בראַנדעס האָט נישט געענטפערט אויף די אַלע אָנגריפן. אַ גרויסע טייל פון די געבילדעטע פּאָליאַקן, וואָס האָבן געוווּסט די באַדייטונג פון בראַנדעס׳ אָנקלאַגע, האָט געהאַלטן אין איין שרייבן אין דער אויסלענדישער פּרעסע, אַז בראַנדעס איז שלעכט אינפאָרמירט און געפּאָדערט, אַז בראַנדעס זאָל צוריקציען זיינע באַשולדיקונגען. בראַנדעס האָט אין אַ צייט אַרום געענטפערט די דאָזיקע פּוילישע אינטעליגענטן. דאָ ברענג איך אַ טייל פון דעם ענטפער:

„וואָס איך האָב אַ מאָל געשריבן וועגן די פּאַרפאָלגונגען, וואָס די יידן — וואָס זייער גורל איז אויסגעפאַלן צו לעבן צווישן די פּאָליאַקן — ליידן, איז אמת; איך האָב אַזאַ גרויסן באַווייז־מאַטעריאַל, אַז קיין שום זאַך אין דער וועלט קאָן זיי נישט ריינוואַשן. איך האָב לעצטנס געזען פאָטאָגראַפיעס פון פּאַסכאַ־אייער, וואָס די פּאָליאַקן האָבן געשיקט צו די סאָלדאַטן אין פּוילן אין די יום־טוב־טעג פון פּסח. אויף דעם אויבערשטן טייל פון איי איז — אָנשטאָט אַ פּאַרפּוצונג — געווען אַ בילד, וואָס שטעלט פאָר אַ יונגע פרוי, וואָס איז צוגעבונדן פעסט צו אַ טיש, אַרום איר זיצן פיר פּוילישע יידן, וואָס צאַפּן אויס מיט זייג־מכשירים איר בלוט, וואָס דאַרף אָנגעווענדט ווערן פאַר די יידישע מצות. אויף דער צווייטער זייט פון איי ווערן די סאָלדאַטן, אין דער פּוילישער שפּראַך, אויפגעהעצט נקמה צו נעמען פון די יידן״.

*

געאָרג בראַנדעס האָט נישט איבערגעלאָזט נאָך זיך קיין שום מאַטעריעלע ירושה. ער האָט קוים בצימצום פאַרדינט אויף חיונה. דערצו האָט ער געוווינט אין אַ טומלדיקער גאַס אין צענטער פון שטאָט, ווו ער האָט זיך כסדר געהערט דער בריאַזג פון וועגענער. דאָס הויז, ווו דער באַרימטער קריטיקער האָט געוווינט, איז געווען אַן אַלטס, אָבער די צימערן זענען געווען גרויסע און הויכע. אַלע צימערן זענען געווען אָנגעפילט מיט ביכער־שרענק, וואָס זענען געווען אויסגעשטעלט אין ציכטיקייט און אָרדענונג.

אין זיין אַרבעט־צימער האָט געאָרג בראַנדעס געהאַלטן זיינע אייגענע ווערק, קודם־כל די דענישע אויסגאַבעס און פאַרשיידענע איבערזעצונגען

אויף אַ קימאַ־לן פון ווינציקסטנס צוויי טוצן שפּראַכן. אַ ריי איבערזעצונ־גען האָט געאָרג בראַנדעס אַליין רעדאַקטירט, דהיינו: די דייטשע, ענגלישע, פראַנצויזישע און איטאַליענישע. די דאָזיקע שפּראַכן האָט ער פולשטענדיק באַהערשט. ער האָט, פאַרשטייט זיך, אויך געקענט די אַנטיקע שפּראַכן, לאַטיין און גריכיש, אָבער געשריבן זיינע ווערק האָט ער בלויז אויף דעניש.

לעבן דער רוסישער איבערזעצונג, אויף וועלכער ער האָט זיך שטאַרק באַקלאָגט, ווייל די איבערזעצערס האָבן פאַרפלאַכט זיינע געדאַנקען, אָדער גאָר פאַלש איבערגעזעצט, איז געשטאַנען די יאַפּאַנישע איבערזעצונג; און לעבן פון דער יאַפּאַנישער איז געשטאַנען די יידישע איבערזעצונג פון געאָרג בראַנדעס׳ ווערק, וואָס דער פאַרלאַג מאַקס נ. מייזעל פון ניו־יאָרק האָט אַרויסגעגעבן אין 1919 אין צוועלף בענד.

ביים שרייבטיש זענען געלעגן שטויסנווייז אָנגעוואָרפן בריוו, זשור־נאַלן, כלערליי ליטעראַרישע אויסגאַבעס און ביכער, וואָס ער האָט געקראָגן צוגעשיקט פון שרייבערס פון דער גאַנצער וועלט.

געאָרג בראַנדעס האָט זיך זייער איבערגענומען מיט דער דאָזיקער וועלט־פּאָסט און נישט אומזיסט האָט ער געקוקט אויף זיך ווי אויף אַ וועלט־בירגער. אַלע אַכט טעג פלעגט ער סיסטעמאַטיש אָפּרייניקן די שטויסן, וואָס די פּאָסט פלעגט אים טעגלעך ברענגען.

ווען געאָרג בראַנדעס האָט געקראָגן די יידישע איבערזעצונג פון זיינע ווערק, האָט ער געשיקט נאָך מיר און מיך געבעטן איבערצוזעצן די הקדמה, וואָס חיים ליבערמאַן האָט געשריבן אין ערשטן באַנד. איך האָב פאָרזיכטיק געגומען איבערזעצן: „שוין אַ סך יאָרן ווי דאָס יידישע פאָלק קוקט אַרויף צו זיין זון, מיט שטאָלץ אויף זיין גרויסקייט, אָבער מיט פאַרדרוס אויף זיין ווייטקייט" (ציטירט פון אויסנווייניק, לויט דעם דעמאָל־טיקן איינדרוק). דאָ האָט מיך געאָרג בראַנדעס אָפּגעשטעלט און בייז אויסגערופן: „איך בין קיין מאָל נישט געווען ווייט פון יידישן פאָלק, כאָטש מיינע יידישע קעגנער האָבן מיך געוואָלט דערווייטערן פון אים, און מיינע קריסטלעכע קעגנערס און שונאים האָבן דווקא געוואָלט, אַז איך זאָל מאַניפעסטירן מיין יידישקייט". געאָרג בראַנדעס האָט גלייך דערנאָך אָנגעהויבן צוזאַמענקלייבן פון די טיפע פאָליצעס אַלצדינג, וואָס ער האָט געשריבן וועגן יידן (פונקט ווי ער האָט פריער געהאַט געטאָן שריפטלעך, אויסרעכענענדיק זיינע וויכטיקסטע יידישע ווערק, אין דעם פריער־

געבראַכטן בריוו צו מיר) און דערביי געמאַכט שאַרפֿע קאָמענטאַרן. עס האָט זיך באַקומען אַ גאַנצע ליטעראַטור נישט בלויז פֿון אַ גרויסן, מוטיקן שריפֿטשטעלער, נאָר אויך פֿון אַ שטאָלצן ייִד.

בראַנדעס האָט געהאַט אַ פֿענאָמענאַלן זכרון. ער האָט געאַרבעט זעכצן שעה אין מעת־לעת, אָפֿט נאָך מער. ער האָט זעלטן ווען זיך באַנוצט מיט אַ סעקרעטאַר. ער האָט אויך נישט געהאַט קיין שרייבמאַשינקע. אין מיטן דער נאַכט פֿלעגט ער אַליין אַרונטערגיין און אַוועקשיקן דאָס אָנגעשריבענע צו דעם באַקאַנטן סקאַנדינאַווישן פֿאַרלאַג „גילדענדאַל“, אָדער אין דער צייטונג „פּאָליטיקען“, צי אין אַ זשורנאַל. פֿון די שכירות וואָס ער פֿלעגט קריגן פֿון זיין פֿאַרלעגער האָט ער נישט געקענט אויסקומען. ער האָט דעריבער אויך געמוזט שרייבן אַרטיקלען. איך האָב שוין אַ מאָל געשריבן, ווי אָנגעלייגט עס זענען געווען ביי אים די פֿיר הונדערט דאָלאַר, וואָס דער חשובער מאַקס מייזעל האָט אים צוגעשיקט „ראָיאַלטי“ פֿאַר דער איבערזעצונג.

בראַנדעס האָט פֿאַרעפֿנטלעכט, צווישן זיינע הויכע זיבעציקער־אכציקער יאָרן, אַ חוץ צענדליקער עסייען, אַ בוך וועגן דער ערשטער וועלט־מלחמה („די דעבאַטע מיט קלעמאַנסאָ“), זיינע ווערק וועגן „וואָלטער“, „געטע“, יוליוס צעזאַר“ און „מיקעל אַנדזשעלאָ“ — דאָס זענען טויזנט־זייטיקע ווערק — און אַ בוך „יעזוס — אַ לעגענדע“.

געאָרג בראַנדעס איז געווען אַ רעוואָלוציאָנער. ער האָט נישט אויסבאַהאַלטן זיין קעגנערשאַפֿט צום פּאָליטישן רעזשים פֿון זיין לאַנד דענעמאַרק, און פֿון אַנדערע לענדער, נאָר אדרבא, ער האָט שטאַרק באַקעמפֿט די רעאַקציע און די גייסטיקע אָפּגעשטאַנענקייט פֿון סקאַנדינאַוויע. ער האָט אויך נישט געמאַכט קיין סוד פֿון דעם, וואָס ער איז אַן אַטעאיסט. צוליב זיין „אַטעאיזם“ האָט ער נישט געקראָגן די רעגולערע פּראָפֿעסאָר־שטעלע פֿון עסטעטיק אין קאָפּענהאַגענער אוניווערסיטעט. צוליב דעם האָט ער אויף אַ צייט לאַנג פֿאַרלאָזט דענעמאַרק און זיך באַזעצט אין דייטשלאַנד. ער האָט זיך אומגעקערט אין זיין היימלאַנד נאָך דעם ווי די אָנגעזעענסטע אינטעלעקטואַלן פֿון לאַנד האָבן זיך געווענדט צו אים מיט אַ ספּעציעלן אַדרעס און געבעטן אים אַהיימצוקומען.

ווען געאָרג בראַנדעס איז שוין געווען אַ זקן אין די זיבעציקער האָט ער אין דעם קריסטלעכן לאַנד דענעמאַרק, אַרומגערינגלט פֿון אַ קריסטלע־

כער סביבה, פאַרעפנטלעכט דאָס פריער דערמאָנטער בוך „יעזוס — אַ לעגענדע". דאָרט באַווייזט ער מיט אָן אַ שיעור היסטאָרישע ראיות און דאָקומענטן, אַז די גאַנצע מעשה יעזוס איז בלויז אַ פיקציע.

געאָרג בראַנדעס איז געשטאָרבן דעם 19טן פעברואַר, 1927. אין דענעמאַרק, ווי בכלל אין סקאַנדינאַוויע, איז יענער טאָג געווען אַ נאַציאָנאַלער טרויער־טאָג. דער העכער 85־יאָריקער געאָרג בראַנדעס האָט איבערגעלאָזט אַ צוואה, אַז מען זאָל אים קרעמירן און זיינע רייכע ביבליאָטעק מיט אַלע כתבֿ־ידן, מאַנוסקריפּטן און זעלטענע אויסגאַבעס יקר המציאות, זאָל מען איבערגעבן אין רשות פון דער קאָפּענהאַגענער קעניגלעכער ביבליאָטעק. ער איז געווען גייסטיק שעפעריש ביז די לעצטע טעג פון זיין לעבן.

„אידישער קעמפער", תשי"ט

# העברי נאַטאַנסען

בשעת היטלער האָט נאָך געבושעוועט, איז אָנגעקומען פון דענעמאַרק אַ ידיעה אַז העברי נאַטאַנסען, דער יידישסטער שריפטשטעלער פון גאַנץ סקאַנדינאַוויע, איז געשטאָרבן. שפּעטער האָט מען זיך דערוווּסט די פּרטים, ווי אַזוי ער איז אומגעקומען דורך די נאַצי־רוצחים. די נאַצישע רוצחים האָבן אים געטריבן צו זעלבסטמאָרד, וואָס ער איז באַגאַנגען אין שוועדן, ווו ער האָט זיך געפונען מיט די אַנדערע דעניש־יידישע פליטים.

עס איז קיין שום ספק נישט, אַז עס וועט קומען אַ צייט, ווען מען וועט העברי נאַטאַנסענס ווערק איבערזעצן אויף יידיש און אויף העבראיש, דאַן וועט זיך די יידישע וועלט ערשט דערוויסן, וואָס פאַר אַן אייגנאַרטיקער און טיפער יידישער שרייבער און ליכטיקע יידישע פּערזענלעכקייט ער איז געווען.

העברי נאַטאַנסען אַליין האָט געהאַט אַן אינערלעכן גלויבן, אַז סוף כל סוף וועט אים די יידישע וועלט באַמערקן און ער וועט געלייענט ווערן אויך פון יידישע לייענער. אמת, גלייך נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה

האָט אַ צאָל יידישע זשורנאַליסטן, ציוניסטישע טוער און יידישע שרייבער, וואָס האָבן זיך דעמאָלט אויפגעהאַלטן אין קאָפּענהאַגען, זיך באַקענט מיט הענרי נאַטאַנסענען און זיי זענען גערירט געוואָרן פון זיין שיינער פערזענ־לעכקייט און וואַרעם יידיש האַרץ, אָבער הענרי נאַטאַנסענס ווערק, צוליב דעם וואָס זיי זענען געשריבן אויף דעניש, זענען געווען פאַר זיי אַ פאַר־מאַכט בוך.

אין דענעמאַרק איז הענרי נאַטאַנסען געלייענט געוואָרן פון דער סאַמע עקסקלוסיווער אינטעליגענץ און פון יענע דענישע אינטעלעקטואַלן, וואָס האָבן געהאַט אַ חוש און ליבע פאַר עסטעטיק און אמתער קונסט.

די דענישע יידן האָבן אים אָבער נישט ליב געהאַט צוליב זיין כסדריקער „מאַניפעסטאַציע פון דער יידישער נשמה און פון יידישן וועזן".

אָבער די דענישע יידן האָבן זיך אויך אָפּגעטרייסלט פון מאיר אהרן גאָלדשמידט, בשעת ער האָט אין יאָר 1846 אַרויסגעגעבן דאָס קלאַסישע הערק „אַ ייד", און צענדליקער אַנדערע דערציילונגען און נאָוועלן אויף יידישע טעמעס.

*

ווי אומעטום אין דער וועלט, האָבן אויך יידן אין דענעמאַרק, אין משך פון דורות געמוזט קעמפן נישט נאָר פאַרן טעגלעכן ברויט, נאָר אויך פאַר זייערע מענטשלעכע רעכט. זייער גייסטיק לעבן איז געווען זייער אָרעם. דער איינציקער גייסטיקער אינטערעס איז געווען רעליגיע, דער איינציקער גייסטיקער צענטער איז געווען די שול.

ערשט די גרויסע פראַנצויזישע רעוואָלוציע וואָס האָט פּראָקלאַמירט מענטשן־רעכט און האָט געוועקט אומעטום אַ שטרעבונג צו עמאַנציפּאַציע, האָט געגעבן דעם ערשטן סיגנאַל צו דער ווידערגעבורט און דער באַפרייאונג אויך פון יידישן פאָלק.

אין יענער צייט האָבן זיך באַוויזן די ערשטע יידישע שרייבער אין דענעמאַרק, די אָנגעזעענסטע פון זיי זענען געווען הענריק הערץ און מאיר אהרן גאָלדשמידט.

הענרי נאַטאַנסען איז געווען דער גייסטיקער יורש פון אַלע שיינע יידיש־הומאַנע טראַדיציעס פון מאיר אהרן גאָלדשמידט. הענרי נאַטאַנסען

איז אָבער געווען אַ קינד פון 20סטן יאָרהונדערט. זיין יידיש באַוווסטזיין איז נישט געווען קיין פּראָדוקט פון דרויסן. נישט זיין היים, און נישט די סביבה, ווו ער איז אויסגעוואַקסן און דערצויגן געוואָרן, האָבן געטראָגן אַ וועלכן עס איז רעליגיעזן אָדער יידיש־נאַציאָנאַלן כאַראַקטער. נישט פון דער דערציונג (ער האָט זיך געלערנט אין אַ קריסטלעכער שול) האָט דאָס יידנטום געפונען אַ וועג אין זיין נשמה. וואָס עס איז נייטיק געווען פאַר זיין יידישן וווקס און באַוווסטזיין, האָט זיך באַהאַלטן אין קוואַלן און ערדשיכטן פון פריערדיקע דורות.

אויב אפילו זיין יידיש באַוווסטזיין האָט זיך דירעקט נישט דערנערט פון דרויסנדיקע איינפלוסן, האָבן דאָס לעבן, די צייט, מיטגעהאָלפן זיין וווקס.

דאָס איז געווען אין יאָר 1918, בשעת די פּאָליאַקן האָבן געמאַכט פּאָגראָמען אויף יידן אין פּוילן. אין יענער צייט האָבן אויך די יידן אין קאָפּענהאַגען גערופן אַ פּראָטעסט־פאַרזאַמלונג און פאַרבעטן הענרי נאַטאַנ־סענען, אַז ער זאָל זיך אויך באַטייליקן מיט זיין וואָרט פון פּראָטעסט.

אַ סך יידן זענען אויף יענער פאַרזאַמלונג געווען, אויך די יידישע שרייבער און כלל־טוער, וואָס האָבן זיך דאַן אויפגעהאַלטן אין קאָפּענהאַגען. איך וועל קיין מאָל נישט פאַרגעסן דעם טיפן איינדרוק, וואָס הענרי נאַטאַנסען האָט געמאַכט אויפן גאַנצן עולם.

די גאַנצע רעדע איז אַזוי ציטלעך, ווי זי וואָלט ערשט היינט געהאַלטן געוואָרן. אָט זענען עטלעכע פּאַראַגראַפן פון יענער רעדע *:

„איך בין אין דעם ערשטן יאָר פון דער וועלט־מלחמה געזעסן אין אַ בירגערלעכער היים אין קאָפּענהאַגען. די היים איז געווען אינטעליגענט, דאָס געפיל פון דער היים — ליבעראַל און מענטשלעך. ווי תמיד דאַן, האָט מען גערעדט וועגן בעלגיע. דער בעל־הבית, אַ זייער בכבודיקער מענטש, האָט זיך אויפגעשטעלט און אין וואַרעמע, רירנדיקע ווערטער פּראָטעס־טירט קעגן די גרוילטאַטן און אכזריות, וואָס דייטשלאַנד איז באַגאַנגען

* דאָס קאָפּענהאַגענער ביוראָ פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע האָט אַרויס־געגעבן די רעדע אויף דעניש, אונטערן טיטל : Protest mod Joede pogromerne (פּראָטעסט קעגן די פּאָגראָמען אויף יידן) רעדע, געהאַלטן ביי דער פּראָטעסט־פאַרזאַמלונג אין קאָפּענהאַגען דעם 27טן נאָוועמבער 1918, צוליב די פּאָגראָמען אין פּוילן, פון הענרי נאַטאַנסען, דערשינען אין קאָפּענהאַגען אין 1919.

קעגן דעם קליינעם אָבער העראָאישן פֿאָלק. איינער נאָכן אַנדערן האָבן זיך די געסט אויפֿגעשטעלט און גערעדט אין דעם זעלביקן גייסט. דאָס צימער איז אָנגעפֿילט געוואָרן פֿון אַ ברויזיקן און הייליקן ציטער פֿון אַלמענטש־לעכן פֿאַרדרוס און גערעכטיקייט־געפֿיל. נאָר איינער איז שטיל געזעסן — איך. פּלוצלונג האָט זיך דער בעל־הבית פֿון הויז געווענדט צו מיר און געזאָגט: „האָט איר גאָרנישט וואָס צו זאָגן? זענט איר דער איינציקער, וואָס פֿילט גאָרנישט דעם ברידערלעכן גייסט, וואָס נעמט אַרום אַלע אַנדערע אין אַ נויט, וואָס איז געמיינשאַפֿטלעך, ווייל זי איז מענטשלעך?“ האָב איך זיך אויפֿגעהויבן און געזאָגט: „איך פֿיל דאָס זעלבע וואָס איר און אַלע אַנדערע, אָבער וואָס ווילט איר זאָל איך זאָגן? איז דאָס עפּעס נייעס פֿאַר מיר? עפּעס אומדערהערטס? אין משך פֿון הונדערטער יאָרן האָט מיין פֿאָלק געליטן, אַ וועלט איז געווען זיין שונא, קיינער נישט — זיין פֿריינד. איצט פֿילט זיך די וועלט מיט רעכט פֿאַרביטערט, ווייל אַ פֿאָלק איז באַעוולט געוואָרן, גרויזאַם באַעוולט. יעדער איינציקער מענטש אין גאָר דער וועלט פֿילט זיך געקרענקט און פֿאַרביטערט. ווו איז די פֿאַר־ביטערונג און דער פֿאַרדרוס געווען, ווען עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן מיין פֿאָלק? ווער האָט זיך געפֿילט געקרענקט, באַליידיקט, אויפֿגערודערט אין זיין מענטשלעכקייט, ווען עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן די אַכזריות, וואָס מיין פֿאָלק האָט אין יאָרהונדערטער געליטן? אַ פֿאָלק אָן אַ לאַנד, אָן רעכט, אָן הילף, אָן פֿריינד. ווייל איר האָט אַלע געשוויגן אין משך פֿון אַלע יאָרן, און שווייגט נאָך ביזן היינטיקן טאָג, וועגן די ליידן און אומגליקן פֿון מיין פֿאָלק, דערפֿאַר האָב איך געשוויגן. דאָס, וואָס איר האָט געפֿילט אין אַ קורצער צייט אין אייער לעבן צו אַ פֿאָלק, הינטער וועמען עס שטייט אַ וועלט מיט סימפּאַטיע, דאָס האָב איך געפֿילט מיין גאַנץ לעבן און דורות פֿאַר מיר צו אַ פֿאָלק, הינטער וועמען עס איז געשטאַנען אַ וועלט מיט פֿיינטשאַפֿט, געפֿיללאָזקייט און פֿאַראַכטונג“. און נאַטאַנסאָן רעדט ווייטער: „דאָס איז אונדזער אָנקלאַגע. די וועלט האָט געזען און געהערט, ווען עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן ליידן פֿון אַנדערע פֿעלקער, האָט אָבער דער אומגליק געטראָפֿן אונדזער פֿאָלק, איז די וועלט געווען בלינד און טויב“.

און אין שטילע רירנדיקע טענער דערציילט נאַטאַנסאָן וועגן יידישע ליידן, נישט וועגן יענע אכזריותן, וואָס שרייען אַזוי הויך צום הימל, אַז דאָס פֿאַרמאַכטסטע אויער און האַרץ מוז זיך עפֿענען, נאָר וועגן קליינע

פאַלן פון נקמה און האַס, קנאה און שנאה, וואָס שפּיגלען אָפּ צום שאַרפסטן און צום בולטסטן די הויך־באַזונגענע מערב־אייראָפּעאישע קולטור, ווי אַ שלעכטע און אָפּשרעקנדיקע קאַריקאַטור: „דו קומסט אָן אַן אָוונט אין אַ גרויסער שטאָט אין דרום, מיד און פאַרמאַטערט פון אַ לאַנגער און שווערער נסיעה. דו קומסט אָן אין אַ גרויסן און קולטורעלן קנוילפּונקט, באַרימט מיט זיין קונסט און אינדוסטריע. עס געלינגט דיר צו קריגן אַ טרעגער, וואָס וויל דיר באַהילפיק זיין צו געפינען אַ האָטעל, און אין דער טיפער פינצ־טערניש שלעפּט מען זיך ביי זיין זייט דורך דער שלאָפנדיקער נאַכט. ענדלעך האָט מען געפונען וואָס מען האָט געזוכט — אַ גרויסער באַלויכ־טענער האָטעל שטראַלט דיר אַנטקעגן. דער טרעגער האָט באַקומען זיינס און אויך אַ דאַנק פאַר דער טירחה, און צופרידן פון דער אויסזיכט נאָך דער רו, וואָס מען נייטיקט זיך אַזוי שטאַרק, טרעטסטו אַריין אין ליכטיקן זאַל. דער פּאָרטער קוקט אַ רגע אויף דעם אַריינקומענדיקן, רופט העפלעך צו אַ מענטשן, געקליידט אין אַ שיינעם פראַק, יענער באַטראַכט דיך אַ וויל און רוימט עפּעס איין דעם פּאָרטער, וואָס האַלט זיך אין איין בוקן. דער פּאָרטער דערנעענטערט זיך ווידער צו דיר, און זאָגט מיט אַ באַדויערנדיקן ציי מיט די אַקסל: „אין דעם האָטעל נעמען מיר נישט אַריין קיין יידן".

אָדער מען איז אַריינגעקומען אין אַ רעסטאָראַן אין אַ וועלט־שטאָט, אין דעם צענטער פון דעם קאַליידאָסקאָפּיש־געפאַרבטן לעבן פון דער וועלט־שטאָט. רואיק האָט מען זיך אַוועקגעזעצט אין אַ ווינקל און געבעטן די צייטונגען, צופרידן און געמיטלעך פונעם געדאַנק, אַז מען איז אין אַ לאַנד, וואָס מען פאַרשטייט זיין שפּראַך, און מען קען זיין לעבן, און וואָס מען האָט ליב זיין קונסט און קולטור.

דורך אַ פאַרשטיקט מורמלען וועקט זיך פּלוצלונג דיין אויפמערק־זאַמקייט, און דו באַמערקסט אין מיטן צימער אַ גרופּע אָפיצירן, וואָס רעדן שטיל אָבער צודרינגלעך מיט אַ מענטשן וואָס איז באַהאַלטן הינטער די געפאַרבטע אוניפאָרמען. באַלד האָט זיך דער קרייז געעפנט און אַ מענטש דערנעענטערט זיך צו דעם פּלאַץ, ווו דו זיצסט, דערנעענטערט זיך אונטער אַלעמענס אויפמערקזאַמע בליקן. ער קומט צו צו דיר און רוימט דיר איין העפלעך אָבער באַפעלעריש: „אַנטשולדיקט, דער דאָזיקער רעסטאָראַן איז נישט פאַר קיין יידן!".

און נאָטאַנסען רעדט ווייטער אין אַ טאָן פון מאָנונג און בטחון: „אַ

נייע צייט האַלט איצט אין אָנקומען. שלום איז דאָס באַפרייענדיקע וואָרט. דער פעלקער־פאַרבאַנד — די געליבטע אידעע. און אויף דער שוועל פון דער נייער צייט שטייט ווידער דער מערדער מיט דער שווערד אין האַנט. וועט איצטער ווידער אונדזער פאָלק אויסגענוצט ווערן ווי דער שעיר לעזאזל פאַר דעם בלוטיקן קאַמף וואָס האָט געבושעוועט? פאַר די אימדערהערטע לײדן, וואָס אַנדערע האָבן געבראַכט אויף דער וועלט? וועט זיך די טרויעריקע מעשה פון דער געשיכטע אויף ס'ניי איבערחזרן, איצט ווי פריער? וועט אונדזער פאָלק זיין דאָס איין און איינציקע וואָס האָט גאָרנישט צו דערוואַרטן, דאָס איינציקע וואָס קיינער וויל נישט העלפן?".

העברי נאַטאַנסען האָט גוט געקענט די מערב־אייראָפּעאישע קולטור. דער באַראָמעטער איז נישט בלויז געווען דער אופן ווי אַזוי מען האָט באַהאַנדלט דעם יידן, ער האָט געחלומט און געבענקט נאָך אַן אייגן יידיש לאַנד. דאָס איז אָבער געווען אַ געהייליקטער און געלייטערטער ציוניזם, ער האָט גוט געוווּסט וועגן די שווערע נסיונות, וואָס שטייען פאַר דעם יידישן פאָלק. ער האָט נישט דערוואַרט קיין הילף פאַר די יידן פון די אייראָפּעאישע לענדער. ער האָט נישט געהאַט קיין צוטרוי צו ענגלאַנד און אירע צוזאָגן. „אייראָפּע איז אָנגעשטעקט מיט פעסט־באַצילן און איר נשמה איז פאַרדאָרבן", האָט ער געשריבן אין 1918. „די ישועה וועט און מוז קומען פון דעם לאַנד, ווו מיר זענען דאָס ערשטע מאָל אין אונדזער לאַנגן גלות־לעבן אויפגענומען געוואָרן ווי מענטשן און ברידער; די הילף וועט קומען פונעם יינגסטן לאַנד, פון דער יינגסטער קולטור פון דער נייער וועלט — אַמעריקע. דאָס לאַנד איז דורך דעם חסד פון גאָט באַשטימט צו פירן די פאַרבלאָנדזשעטע און צעטומלטע אייראָפּע אויף נייע וועגן, צו נייע צילן. דאָס לאַנד איז אויך דורך דעם חסד פון גאָט באַשטימט צו זיין אין דער שפּיץ פון די פעלקער, צו פירן אויך אונדזער פאָלק צו זיין אמתער היים, נאָך זיין לאַנגן גלות". אַזוי האָט העברי נאַטאַנסען געשריבן אין 1918, בשעת די האָפענונגען אויף ענגלאַנד און אויף דער באַלפור־דעקלאַראַציע זענען געווען אין פולן בלי.

אַוודאי האָט העברי נאַטאַנסען געשריבן עסייען, ווו ער האָט אַרויסגעוויזן אַ סך ערודיציע און בקיאות אין פּאָליטישן און גייסטיקן לעבן פון אייראָפּע, אָבער נאַטאַנסען איז באַרימט ווי אַ ראָמאַניסט און שרייבער פון

פּיעסן, מעגן די עסייען זיין געשריבן ווי פּאָעטיש־קינסטלעריש און מיט דער דערפאַרונג פון חכמה און אַחריות, אָבער נאָך איין עסיי וועל איך דאָ אויספירלעך באַרירן, ווייל זי האָט, דאַכט זיך מיר, מער ווי אַ געוויינלעכן ווערט פאַר אונדז, איך וויל נישט זאָגן אַ היסטאָרישן ווערט. און וואָלט זי געווען געשריבן אין יידיש, וואָלט זי שוין לאַנג אויסגענוצט געוואָרן אין דער דעבאַטע וועגן געאָרג בראַנדעס׳ שטעלונג צום יידישן פאָלק.

פון יאָר 1902 ביז 1927 ד״ה ביז צום טויט פון געאָרג בראַנדעס, איז הענרי נאַטאַנסען געווען בראַנדעס׳ אינטימסטער פריינד. אין יאָר 1902 האָט הענרי נאַטאַנסען אָנגעשריבן אַ נאָוועלע „דער טייך״. דאָרטן שילדערט ער אַ געוויסן דאָקטאָר פראַנק, אַ דעניש־יידישן שרייבער מיט אַ וועלט־נאָמען, וואָס זוכט כסדר אויפצוטרעטן ווי אַ פּולבלוטיקער דענער, הגם יענע באַצייכענען אים ביי יעדער געלעגנהייט ווי אַ פרעמדן, אָדער ווי אַ ייד. נאַטאַנסען זאָגט דאָרטן: „ביי אָט דעם דאָקטאָר פראַנק (ער רופט אים אויך „דער יידישער האַמלעט״) איז פאַראַן אַ מאָדנער ווידערשפרוך, וואָס קלינגט פּאַראַדאָקסאַל — דער ,אַנטי־יידישער אינסטינקט אין זיין יידישער נאַטור׳ ״.

ווען נאַטאַנסען האָט אָנגעשריבן יענעם ראָמאַן, האָט ער באַזוכט בראַנדעסן און פון דעמאָלט אָן איז פאַרבונדן געוואָרן אַן אינטימע פריינד־שאַפט צווישן די צוויי יידיש־דענישע שרייבער, וואָס האָבן געהאַט אַ היפּוכדיקע שטעלונג צו נאַציאָנאַלע יידישע פראַגן. אין אינטימע יידישע קרייזן אין דענעמאַרק האָט מען געוווסט, אַז הענרי נאַטאַנסען פּרובירט פאַראינטערעסירן בראַנדעסן, אַז ער זאָל אַרויסטרעטן פאַר יידישע אַספּי־ראַציעס, באַזונדערס פאַרן ציוניזם. פון צייט צו צייט זענען זיי געווען צעקריגט, אָבער נישט אויף לאַנג.

און אָט האָט אין יאָר 1922 הענרי נאַטאַנסען פאַרעפנטלעכט אַ לענגערן עסיי — „צוויי בריוו״. דאָס איז אַ וויכוח צווישן צוויי אינטימע יידישע פריינד, וואָס האָבן פונקט אַ קעגנגעזעצטע שטעלונג צום יידנטום. מען דערקענט גלייך, סיי לויטן פּאַטאָס, לויט דער שפּראַך, מאַניר, געדאַנק און אידעאישן איינשטעל, אַז דער ערשטער בריוו דאַרף פאַרשטעלן געאָרג בראַנדעסן, און דער צווייטער — דער ענטפער — הענרי נאַטאַנסענען. און דאָך, ווען דער שרייבער פון די שורות האָט נאָך דעם ווי די „צוויי בריוו״ זענען פאַרעפנטלעכט געוואָרן, באַזוכט פריער הענרי נאַטאַנסענען און אים

געפרעגט, צי ער האָט אין זינען געהאַט מיטן ערשטן בריוו געאָרג בראַנ־
דעסן, האָט נאַטאַנסען וואָרעם געשמייכלט און זיך אָפּגעהאַלטן פון געבן אַן
ענטפער. און ווען איך האָב באַלד דערנאָך באַזוכט געאָרג בראַנדעסן, און
האָב אויף אַן אומשולדיקן אופן אַ פרעג געטאָן אים, צי האָט ניט העברי
נאַטאַנסען אים געמיינט אין דעם עסיי „צוויי בריוו", האָט בראַנדעס כמעט
אין אַ בייזן טאָן אַ זאָג געטאָן — „ווי פאַלט אייך איין אַזאַ זאַך, דורכויס
נישט".

סיי ווי דינט דער דאָזיקער עסיי מער ווי אַ שליסל צו בראַנדעס' יידיש־
קייט.. נאָך דעם וויביידע פריינד האָבן געהאַט אַ היציקן וויכוח, און, ווייזט
אויס, זיך שטאַרק צעקריגט. און הגם עס איז שוין געווען אַ שפּעטע נאַכט־
שעה, זעצט זיך קאַרל מאַרקוס אַוועק און שרייבט אַן זיין פריינד אַ בריוו.
פון דעם דאָזיקן בריוו וועלן מיר ציטירן עטלעכע פּאַראַגראַפן:

„איך בין אַ ייד פּונקט ווי דו. דאָס פילט מיך נישט אַן נישט מיט
שטאָלצקייט און נישט מיט הכנעהדיקייט. דאָס איז אַ פאַקט וואָס וואָלט
פאַר מיר געווען גלייכגילטיק, ווען נישט נאַרישקייט אויף איין זייט, און
גדלות אויף דער צווייטער זייט, וואָלטן מיר, אויף שריט און טריט,
געגעבן דאָס צו פילן. איך בין געבוירן געוואָרן אין אַ יאָרהונדערט בעת די
שטייגנדיקע אויפקלערונג, דעמאָקראַטיע און אַנאַציאָנאַליזירונג האָבן גע־
זוכט צו פאַרנעמען דאָס אָרט פון פריערדיקע אָבסקוראַנטיזם, קלעריקאַליזם
און שאָוויניזם. מיין ציל איז געווען, אין מיין באַשיידנקייט, צו זיין אַ
מענטש צווישן מענטשן. דאָס יידנטום איז פאַר מיר געווען אַ רעליגיע, און
ווי אַזאַ — ווי יעדער אַנדער רעליגיע, — אַ געפיל־זאַך, אַ פּריוואַט־זאַך.
נישט איך האָב געוואָלט זיך צוריקקערן צו דער געטאָ, און נישט איך האָב
געוואָלט פאָרן קיין פּאַלעסטינע. אין משך פון אונדזער היינטיקן שמועס
האָסטו געזאָגט אָט די ווערטער, וואָס פאַרמאָגן זיכער אַן אמת: ,איך בין
אין דער אמתן נאָר אין דער היים אין מיינע חלומות, אָבער איך בין קיין
מאָל נישט דאָרטן ווו איך בין'. אָבער דער אמת קען אויך זיין טרויעריק;
איך בין דאָרט ווו איך בין, און דאָרטן וויל איך אויך פאַרבלייבן, אַזוי לאַנג
ווי גוטע כוחות וועלן מיך באַשיצן".

„אמת, איך בין אַ ייד, דאָס איז אַ פאַקט, אָבער אויך אַ פאַקט קען זיין
טרויעריק. איך וואָלט קיין מאָל נישט געוואָלט ברענגען דעם זעלבן נישט
פאַרדינטן גורל אויף אַנדערע און איך האָב עס קיין מאָל נישט געטאָן.

איך האָב אָפּגעשמדט מיינע קינדער נישט צוליב מיר, נאָר צוליב זיי... זאָל זיי דערלויבט זיין זיך פריי צו באַוועגן אין די גרענעצן, וואָס מנהגים, זיטן און טראַדיציעס שטערן. דער שמד איז פאַר מיר נישט קיין רעליגיע, ער איז אַ פּאַקן־צעטל"...

„איך בין געבוירן געוואָרן אין דענעמאַרק, פיל מיך ווי אַ דענער, בין אַ דענער. אַלצדינג איז פאַר מיר צוגעבונדן צו דעם לאַנד, מיין משפחה, מיינע פריינד, מיין שפּראַך, מיין אַרבעט, מיין לעבן. ווו איך גיי און ווו איך שטיי, פיל איך מיך אין דער היים. אין דער נאַטור פון לאַנד, אין זיין גייסט, אין זיין קונסט. מיר דאַכט זיך, אַז מיין לאַנד איז דאָס סאַמע בעסטע, נישט ווייל עס איז אַזוי, נאָר דערפאַר ווייל איך פיל דאָס. פון דעם דאַזיקן קוק־ווינקל פאַרשטיי איך אַלע אַנדערע. זייער לאַנד מוז זיין דאָס זעלבע פאַר זיי, ווי מיינס איז פאַר מיר. דאָס איז אַ פּאַטערלאַנד־ליבע אָן פּאַטאָס, אָן פּאַטריאָטיזם און אפילו אָן נאַציאָנאַליזם. אַ געזונט און נאַטירלעך היים־געפיל. אין טעגלעכן לעבן אָפּגעגרענעצט פון מיינע חדרים, אין דעם עפנטלעכן לעבן — פון די גרענעצן פון מיין לאַנד. מחוץ די גרענעצן פון מיין היים, קען זיין גליקלעך פאַר אַנדערע, אומבאַדייטנדיק פאַר מיר. פאָרן, כדי צו לערנען און דערציילן אַנדערע וועגן מיין היים, דאָס איז עפּעס אַנדערש. און דאַן זי ווידער זען, פילן צו איר אַ טאָפּלטע ליבע, ווען איך קער זיך ווידער אַמאָל אַהיים, אַהיים, יאָ אַהיים!".

„אָבער איצט דערנעענטער איך זיך צו דעם הויפּט־פּונקט. און איך וועל פּרובירן, אָן איבערצוטרייבן, אויסצודריקן זיך אַזוי רואיק, ווי די שפּעטע נאַכט־שעה דערלויבט עס, און אויף וויפל מיין טיפע פריינדשאַפט צו דיר פאָדערט עס".

„איך בין אַ ייד. אַ וואָרט פאַר מיר, אַ נאָמען, וואָס וועקט נישט אין מיין האַרצן קיין שום עמפּינדלעכע שטימונג. להיפּוך, אַ וואָרט, וואָס האָט פאַר מיר אַ בייקלאַנג, וואָס פאַראורזאַכט אַז איך הער עס אומגערן, און איך אַליין זאָג עס בלויז אַרויס מיט אומצופרידנקייט. אַ וואָרט, וואָס איך וואָלט וועלן, אַז עס זאָל אויסגעלאָשן ווערן פון דער צאָל פון די לעבעדיקע, ווייל עס האָט דורך דער אומדערקלערלעכער מעלאָדיע באַקומען אַ טאָן פון בזיון, הכנעה, חרפּה, שטראָף, קנאה, האַס... עס געפינט זיך נישט קיין וואָרט, וואָס זאָל אילוסטרירן די מער קערפּערלעכע ווי גייסטיקע אומאָנגענעמקייט וואָס איך פיל דערביי"...

„איך קען, זעלבספאַרשטענדלעך, יידן, וואָס באַאיינפלוסן מיך מיט סימפּאַטיע, נעמען מיך דורך מיט זייערע מילדע נשמות, און דורך דער אייגענער גילדענער איינזאַמקייט. אָבער ווי מערקווירדיק דאָס זאָל אַפילו נישט קלינגען, זיי ווירקן אויף מיר ווי ווייטע און פרעמדע טיפּן. איך האָב צו זיי דעם זעלבן געפיל ווי אין דער פרעמד צו פרעמדע"...

„אומעטום, ווו איך האָב דיך אין אונדזער צוזאַמענזיין געפילט ווי אַ ייד, צי אין דיין שפּאַט, צי אין דיין פּאַטאָס, ביסטו מיר געוואָרן פרעמ־דער, ווי די ווייטסטע פון מיינע פריערדיקע פריינד".

„יאָ, איך רעד צו דיר אָפן, אפשר דאָס ערשטע מאָל אין מיין לעבן, דו ווייסט פונקט אַזוי גוט ווי איך, אַז אָפנהאַרציקייט איז נישט קיין יידישע מידה. אין משך פון דורות זענען מיר געצווונגען געווען צו כאַמעלעאָנישע פאַרוואַנדלונגען. לכתחילה פון נויט, דערנאָך פון טוגנט. הן פאַר אייגענע, הן פאַר פרעמדע. מיר האָבן געזען, אַז מיר זענען אויף אַן אויסגעזעצטן פּאָסטן, דעריבער האָבן מיר אויסגעמיטן אונדזערע אייגענע, כדי די טאָפּלטע אונטערשטרייכונג זאָל נישט פירן צו דער אויפמערקזאַמקייט טאָפּלט שטאַרק, אויף יעד איינציקן פון אונדז".

„איך פאַראַכט דאָס מאָלן יידיש לעבן אין טעאַטער. איך קוק אויף דעם ווי אויף אַ נידעריקער פאָרשטעלונג, וואָס פאַרווילט אַ נאַרישן המון. דאָס פאַרווונדעט נישט בלויז מיין עסטעטישן חוש, נאָר דאָס פאַרלעצט טיף מיין טאַקט־געפיל און חרפה. ניין, איך וויל היינט אָוונט זיין גאַנץ ערלעך און זיך נישט מאַכן בעסער ווי איך בין. חרפה, דאָס וואָרט הינטער וועלכן מיר יידן זוכן זיך צו באַהאַלטן, ווען מיר ווילן נישט אויפטרעטן מיטן יידישן פּנים, איז דאָך סוף כל סוף נישט דאָס וואָרט. האָט מען אַ הויקער, וויל מען נאָר איין זאַך, באַהאַלטן אים הן פון דער נייגעריקייט פונעם המון, הן פון זיין מיטגעפיל. און איך פיל מיין הויקער, איך גיב דאָס רואיק צו, ווען איך הער אָדער זע דעם יידישן טיפּ באַהאַנדלט ווי אַן עקסקלוסיווע נאַטור־דערשיינונג, דעמאָלט פיל איך, ווי די געטאָ רוקט זיך בילדלעך אַן אויף מיין לעבן, און איך קער זיך אָפּ מער פרעמד צו מיינע אייגענע, ווי צו אַ וועלכן עס איז אַנדער פאָלק אויף דער ערד".

„איך ווינטש נאָר איינס — פרידן, שטילקייט אַרום מיין נאָמען ווי אַ ייד. איך בין ווייט און פרעמד פון דעם געדאַנק פון אַ יידיש פאָלק, וואָס זאָל זיין וועזן־פאַרשיידן און נאַציאָנאַל באַוווּסטזיניק צווישן אַנדערע. איך

וויל נישט האָבן אונטערגעשטראָכן דעם יידישן טאָן און יידישע פאַרב דורך קינסטלעך פאַרליבטע אָפּזונדערונגען. איך וויל, אַז די יידישע נשמה זאָל מילדער ווערן. פאַרלירן איר פאַרב, דורך דעם צוזאַמענלעבן מיט אַנדערע, דורך דער רעזיגנאַציע און געזעלשאַפטלעכן פאַרקער, ווי עס שטרעבט יעדער מין צוזאַמענלעבן. איך בענק נאָך דעם טאָג, וואָס מיינע אויגן וועלן זיכער קיין מאָל נישט זען, ווען דער נאָמען ייד וועט זיין א טויטער נאָמען, ווי די יידישע שפּראַך איז טויט, ווי דאָס יידישע לאַנד איז טויט. שוין איצט איז גאָרנישט פאַראַן, וואָס זאָל אונדז פאַרבינדן, נישט קיין גלויבן, נישט קיין קולטור, נישט קיין היים. מיר לעבן אין דעם לאַנד ווו מיר לעבן, אין אים, פאַר אים און פון אים. מיר האָבן נאָר איין ציל, דעם זעלבן, וואָס אַלע אַנדערע האָבן: צו געבן אונדזער לעבנס־ווילן און כוח צו דער צייט, צו וועלכער מיר געהערן".

„און ווען עס וועט אַ מאָל קומען אַט יענע גליקלעכע צייט, וועט דער געיעג זיין פאַרביי. דאַן וועט זיך שוין קיין שום ייד נישט דאַרפן מער אָנשטרענגען איבער זיינע כוחות, כדי צו טריומפירן ווי דער ערשטער אין זיין קאַריערע אויפן חשבון פון זיין נשמה. קיין שום ייד וועט זיך מער נישט פילן ווי אַ געיאָגטע חיה אויף פרעמדער ערד. דאַן וועט ער צוריק באַקומען זיין שטאָלץ פּנים, דאַן וועט ער קענען באַפרייט נאָכטראַכטן וועגן דער נויט פון זיין פאָלק, און זיך אויסרוען הינטער די פּאַלמען פון שלום. דאָס לעבן וועט דאַן האָבן אים געשאָנקען אַ נייעם גלויבן, אַ נייע היים, אַ ניי פּנים און דער עיקר — אַ נייע נשמה, פאַראיידלט פונעם קאַמף, פאַרמילדערט פון דער רו, ווי זי איז פריער געווען פאַרהאַרטעוועט פון געיעג. ווען מיר וועלן שוין האָבן דערגרייכט אַזוי ווייט, דאַן וועלן מיר זיך קענען טרעפן אין פולער פאַרטרוילעכקייט, צו געמיינשאַפטלעכער אַר־בעט, זייט ביי זייט, דאָס זעלבע פאָלק אין דעם זעלבן לאַנד. דאָס איז פאַר מיר דאָס איינציקע אויסדערוויילטע לאַנד, וואָס איז פאַראַן...

„פרידן — אין דעם נייטיקט זיך דאָס יידנטום, דו און איך, און אַלע מיליאָנען יידן, וואָס ליידן און האָבן געליטן, אונטער דעם פאַרשאָלטענעם קאַמף. פרידן פאַר אונדזער פרידנלאָזער נשמה. אונדז איז געלונגען צו איבערצייגן די וועלט אויף אונדזער רעכט צו לעבן. דער אופן ווי אַזוי מיר וועלן אויסנוצן אין דער צוקונפט דאָס דאָזיקע רעכט פאַר אַ פריי און האַרמאָניש צוזאַמענלעבן, ליגט אין אונדז גופא".

„איצט האָב איך דיר געזאָגט, וואָס איז געווען אויף מיין האַרצן, אויף וויפל דאָס לאָזט זיך טאָן אין אַ שפּעטער נאַכט־שעה. אויך דו און איך נייטיקן זיך אין פרידן און רו, אין אונדזער פריינדשאַפט. ביסטו דו און איך זען נישט אַ בילד פון היפּוך, פון ווידערשפּרוך, אין דער יידישער געזעל־שאַפט? ווען דאָס יידנטום וואָלט אונדז נישט צעשיידט, וואָלט אונדזער פריינדשאַפט געווען אַ טיפער, געטרייער בונד, וואָס גלייכט אויס אַלצדינג אין פאַרטרוילעכקייט און האַרמאָניע".

„און מיט דעם וויל איך ענדיקן. ווי טייער דיין פריינדשאַפט איז מיר, האָסטו אַזוי אָפט געפילט אַז דו דאַרפסט עס וויסן. די שאָטנס פון דער פאַרגאַנגענהייט זענען עס געווען, וואָס האָבן זיך צעלייגט היינט צווישן דיר און מיר און האָבן אונדז פאַרפינצטערט דעם אָוונט".

„איצט בין איך ווידער רואיק. איך דריק אין די געדאַנקען דיין האַנט. אַ גוטע נאַכט, אויף באַלדיקן ווידערזען! דיין קאַרל מאַרקוס".

נאַטאַנסאָן האָט גוט געקענט די מערב־אייראָפּעאישע יידן, באַזונדערס די הויכע יידישע אַריסטאָקראַטיע פון דער פאַר־היטלער־צייט. ער האָט גוט געקענט זייערע טענדענצן און ווונטשן, זייער פאַרלייקענען זיך אַליין, און זייער פּחדניש אַנטלויפן פון יידישן פאָלק.

אַוודאי האָט „דער בריוו" נישט באַצוועקט „צו שילדערן" געאָרג בראַנדעסן. סוף כל סוף איז דאָך „דער בריוו" (וואָס בלויז אַ טייל האָט דער לייענער דאָ געזען) „ליטעראַטור", „בעלעטריסטיק" און נישט אַלצדינג פּאַסט זיך פאַרן גרויסן פרייהייטס־גייסט, געאָרג בראַנדעסן, וואָס האָט אויך געשריבן מיט וואַרעמקייט וועגן אַ סך גרויסע יידישע פּערזענלעכקייטן און יידישע געשעענישן. ברענגט דאָך העגרי נאַטאַנסאָן אַליין אין זיין בוך „געאָרג בראַנדעס — אַ פּערזענלעכקייט", וואָס ער האָט פאַרעפנטלעכט אין יאָר 1929, צום צווייטן יאָרצייט פון געאָרג בראַנדעסן, בראַנדעס' אַ וואַרעם אַרטיקל וועגן ציוניזם, און וועגן דעם פריער־דערמאָנטן העגריק הערץ שרייבט געאָרג בראַנדעס: „עס איז מיאוס פון אַ שרייבער, ווי העגריק הערץ, וואָס איז געבוירן אַ ייד, אַזוי אויסצומיידן צו באַהאַנדלען יידישע טעמעס, אָדער יידישע פּערזאָנען און אַפילו נישט צו דערמאָנען קיין יידישע נעמען, ווי עס וואָלט עפּעס אַ חרפּה געווען צו זיין אַ ייד. נישט איין אַקאָרד פון זיין לירע איז צוליב דעם פאַרלוירן געגאַנגען".

די שילדערונג איז גיכער געווען נוגע דעם גאַנצן קלאַס אַסימילאַטאָרן. דער „ערשטער בריוו" איז אָבער געשריבן דער עיקר, כדי אַרויסצוברענגען נאַטאַנסענס אייגענעם יידישן שטאַנדפּונקט. דאָס איז דער קוק פון אַ נאַציאָנאַלן יידן, וואָס טרעט אויף שטאָלץ און מוטיק פאַרן רעכט פון די יידן צו עקזיסטירן ווי אַ פאָלק.

צווישן די מערב־אייראָפּעאישע יידן קען מען נישט געפינען צו פיל אַזעלכע נאַציאָנאַל־באַוווסטזיניקע יידן, ווי העברי נאַטאַנסען איז געווען. ער שרייבט צו זיין פריינד קאַרל מאַרקוס, וואָס האָט זיך, ווי מיר האָבן געזען, אָפּגעזאָגט פון דער קרובהשאַפט מיטן יידישן פאָלק: „דו האָסט מיר געוויזן, ווו די געפאַר איז געלעגן, ווו דער שונא האָט געלויערט. דו און די סביבה, צו וועלכער דו געהערסט, זענען געוואָרן די געפאַר און דער שונא. דיין פאַרלייקענען און אָפּפאַלן האָבן באַשטימט מיין לעבן און די ריכטונג, וואָס מיין געדאַנק און געפיל האָבן מיט דער צייט אָנגענומען. וואָס מער דו ביסט אָפּגעשטאַנען און אַוועק, אַלץ שטאַרקער האָב איך זיך דערנעענטערט צו דער אידעע וועגן אַ פאָלק, וואָס איז מיין. דו, וואָס ביסט געווען מיין פריינד, ביסט געוואָרן מיין שונא ווי אַ ייד".

אַזוי פיל נאַציאָנאַלער און נאַטירלעכער יידישער געפיל שטראָמט אַרויס פון נאַטאַנסענען, ער שרייבט ווייטער: „דו האָסט געפּיעשטשעט דיינע חושים און פאַרהאַרטעוועט דיין געמיט, דו האָסט פאַרמאַכט דיינע אויגן פאַר אַ בילד, וואָס האָט נישט האַרמאָנירט מיט דיין עסטעטישן פיין־געפיל. האָסט פאַרשטאָפּט דיינע אויערן פאַר אַ געשריי, וואָס איז נישט געווען אין הסכם מיט דיין מאָראַלישן ווױלגעפינען זיך. דו ביסט אימ־שטאַנד געווען צו כאָוען דיין ביטול פאַר דעם פאָלק, צו וועלכן דו געהערסט לויט דער אָפּשטאַמונג; דו און די דייניקע זענען קיין מאָל נישט געשטאַ־נען מיטן בעטלער־בריוו פאַר דער טיר, דו און דיינס גלייכן זענען נישט געטריבן אָדער גערודפט געוואָרן. וואָס האָט דיך געאַרט? דו האָסט זיך אָפּגעזאָגט פון דער קרובהשאַפט און פון יידישן נאָמען. דו האָסט דיינס געהאַט אויף דער יבשה, און האָסט זיך נישט געקימערט וועגן זיי, וואָס האָבן געבראָדיעט אין נאַסן דרויסן אַרום דיינע טירן. דו האָסט נאָך פעס־טער אַריבערגעצויגן די דעק איבער די אויערן און איינגעדרימלט זיס, איבערלאָזנדיק דעם שטורעם און רעגן אין דרויסן, ווי אַקאָמפּאַניאַמענטן צו דיין רודף־שלומדיקער רו".

„דיין פאַרהאַרטעוועטקייט און אַפּליקענען זענען עס געווען וואָס האָבן אַזוי אָפט אַרויסגערופן מיין צאָרן, און לעצטן מאָל, נעכטן ביינאַכט".

„עס איז פאַראַן ביי דיר און ביי די נישט־יידישע יידן אַ פּלוס פון פאַרהאַרטעוועטקייט, אַ פּלוס פון אַפּליקענען, אַ לכתחילהדיק אָפּזאָגן זיך פון קרובהשאַפט. קיין מאָל אין לעבן האָב איך זיך נישט געפילט אַזוי הילפלאָז, פאַרשטויסן און אַליין, ווי צווישן די דאָזיקע, מיינע אייגענע. דו האָסט מיט מיר פאַרברענגט ווי אַ מענטש. און מיך אויסגעמיטן ווי אַ ייד. איך האָב געפילט, אַז איך בין פאַרראַטן געוואָרן, נישט בלויז דעקלאַסירט, נאָר דיסקוואַליפיצירט ווי אַ מענטש. און מיין געמיט, וואָס איז דורך דערציאונג, סביבה, און אומשטענדן, נוטה געווען צו איזאָלאַציע, האָט זיך איינגעטוליעט אין זיין איינזאַמקייט".

מען דאַרף געדענקען, אַז דאָס האָט נאַטאַנסען געשריבן אויף דעניש און נישט פאַר יידישע לייענער, און אין אַ דענישער צייטשריפט. אַוודאי האָט ער געהאָפט, אַז זיין שרייבן וועט אויך גרייכן אַ יידיש אויער.

הענרי נאַטאַנסען, דער טרוימער פון אַ פּראָדוקטיוו און אידעאַל יידיש לעבן אויף אייגענעם באָדן, האָט גייסטיק געליטן פון אַ צווייטן מין יידן, וואָס האָט פאַרמיאוסט דעם נאָמען ייד, פון יידישע ספּעקולאַנטן. ער שרייבט: „ווי פילט דאָס מיך אָן מיט זאָרג און חרפּה, אָט דאָס פּנים וואָס דאָס יידישע פאָלק ווייזט אַזוי אָפט פאַר דער וועלט. ווי קען איך דיר דערקלערן דעם מאָדנעם האָפענונגסלאָזן געפיל פון פאַרלוירנקייט. ווי מאַכט עס מיך טאָפּלט איינזאַם און אומעטיק, דאָס שפּיגל־בילד, וואָס באַגעגנט מיך אויף די וועגן און שטעגן פון אייגענעם פּנים און אייגן געמיט. דאָס פּנים פון מיינע קרובים. איז עס מיין משפּחה וואָס טומלט און ליאַרעמט אויף יעדן ראָג, אויף יעדן פּלאַץ? איז דאָס מיין בליק, מיין שמייכל? איז דאָס די אַנטוויקלונג, צו וועלכער מיין פאָלק איז אויסדערוויילט צו דערגרייכן — אַ ברויזנדיקער מוראדיקער פליס, אָן טיפערע צילן, אָן ווייטערע פאַרלאַנגען, אַ קאַלטער מוח, וואָס באַרעכנט די הכנסות, אָן אומפרוכטבאַר האַרץ, וואָס שטעלט אויס דאָס געווינס".

און נאַטאַנסען דערציילט ווייטער וועגן אַן אַנדער מין ייד, וואָס ער האָט באַגעגנט, באַזונדערס ביי די מזרח־אייראָפּעאישע יידן, „פּנימער און נשמות דערנערט פון אַ הייליקן פייער דורך פינצטערניש פון לאַנגע דורות".

„אין זייערע אומבאַרירטע נשמות שטראַלט נאָך אַרויס דער אור־

שפּרינגלעכער אידעאַל פון יידישן פאָלק — מילדקייט און הויכער דרך־ארץ פאַר ווערטן, וואָס ציען זיך נאָך פון תנ״ך אָן״.

דער קלימאַקס פון דעם ענטפער צו זיין פריינד איז נאַטאַנסענס לײדנ־שאַפטלעכער היימגעפיל. ער האָט נישט באַנוצט דאָס וואָרט ציוניזם, פּונקט ווי ער האָט נישט באַנוצט דאָס וואָרט אַסימילאַטאָר. זיין קינסטלעריש־ראַפינירט אויער האָט אויסגעמיטן ביידע באַגריפן. „אַ פאָלק, וואָס האָט דורך משהן און די נביאים און דורך שפּעטערדיקע פרייהײטס־קעמפּער געגעבן דער וועלט דעם מאָראַלישן יסוד, אויף וועלכן עס רוט די גאַנצע גייסטיקע אַנטוויקלונג״. און נאַטאַנסען פרעגט: „קען די וועלט, וואָס קעמפט איצטער איר אומגעהייערן קאַמף פאַר רעכט פון אַלע פעלקער, אָפּזאָגן דעם יידישן פאָלק, אין דער אַנטשיידנדיקער שעה, די אוראַלטע רעכט פון זאַמלען אויף אייגענעם באָדן אַלע זיינע צעזייטע און צעשפּרייטע כוחות, כדי צו אַנטוויקלען זיי אין פולער האַרמאָניע צו אַ הייכקייט, ווי אפשר נאָך קיין מאָל נישט פריער? איז די וועלט בכוח אונטער איר גרויסן צוזאַמענברוך אויסצומינצן די לעצטע און טייערסטע ווערטן אין דער יידישער נאַטור? האָט זי אַ רעכט אויסצומאַטערן דעם דאָזיקן קראַפט־קוואַל, וואָס וועט אפשר ווידער פון אומגעאַנטער הויכקייט קענען שפּרייטן איר אויפקלערנדיקע ליכט איבער פעלקער און מדינות?״

און נאַטאַנסען זאָגט צו זיין פריינד: „בלויז אויף אַ היימישן באָדן פילט מען זיך גוט, נישט דו און נישט איך זענען ווען עס איז געווען אויף אַן אייגענעם באָדן. בלויז אין אַן אייגענער היים וועלן מיר קריגן אַ געזונט און נאַטירלעך געפיל פאַר אייגענעם ווערט און ווערדע״.

הענרי נאַטאַנסען האָט פאַרבראַכט זיין גאַנץ לעבן צווישן דער דעניש־קינסטלערישער אינטעליגענץ סיי ווי אַ דירעקטאָר פון דעם בעסטן דענישן דראַמאַטישן טעאַטער, סיי ווי אַ דראַמאַטורג, וואָס איז געווען פאַרבונדן מיטן טעאַטער, סיי ווי אַ ראָמאַניסט און עסייאיסט. דאָס האָט אים אָבער קיין מאָל נישט געשטערט אויפצוטרעטן ווי אַ נאַציאָנאַלער ייד. ער האָט נישט געזען קיין שום סתירה צווישן זיין געבוירן־אָרט (דענעמאַרק), זיין שפּראַך (דעניש), אויף וועלכער ער האָט געשאַפן, און די נאַציאָנאַלע אַספּי־ראַציעס פון יידישן פאָלק.

אַוודאי האָבן מיטגלידער פון דער יידישער געמיינדע געקוקט אויף אים נישט בלויז קרום, נאָר מיט פאַרביטערונג, ווייל ער האָט געשריבן

אַזוי יידיש־נאַציאָנאַל. דאָס האָט פאַרשאַפט הענרי נאַטאַנסענען גרויס עגמת־נפש, אַזוי אַז ער איז געווען געצוווּנגען אַרויסצוטרעטן פון דער ז'ענישער יידישער געמיינדע. דאָס איז אָבער אַ קאַפּיטל פאַר זיך, וואָס מיר וועלן דאָ נישט באַרירן.

*

הענרי נאַטאַנסענס ערשטע באַרימטע פּיעסע, „דניאל הערץ", איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין 1909 און ווערט באַטראַכט ווי גאָר אַ שיינע שאַפונג אין דער סקאַנדינאַווישער ליטעראַטור. ער האָט אַריינגעדרונגען אין דער נשמה פון אַ מערב־אייראָפּעאישן יידן, וואָס באַגרייפט, אַז דאָס לעבן פאַרלאַנגט פון אַ מענטשן העכערע שטרעבונגען, ווי בלויז רייכטום און פאַרגעניגן. דניאל האָט נישט קיין באַזונדערע יידישע אינטערעסן, זיינע אידעאַלן זענען „אַלמענטשלעך". קודם כל וויל ער דינען דעם אַרבעטער־פאָלק פון זיין לאַנד. דניאל, דער זון פון אַ רייכן יידישן פאַבריקאַנט, ווערט דער אָנגעזעענסטער פירער און וואָרטזאָגער פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי און אַרבעטער־באַוועגונג פון זיין לאַנד. זיין קלוגשאַפט, אינטעליגענץ, און זיין איבערגעגעבנקייט צו דער פּאַרטיי און צו דער אַרבעטער־באַוועגונג, רופן אַרויס דרך־ארץ און אַכטונג צו אים נישט נאָר ביי זיינע קאָלעגן, נאָר אויך, און דער עיקר, ביי די אַרבעטער־מאַסן. די אַרבעטער דערפילן אינטואיטיוו, אַז זיי האָבן אין דניאל הערצן אַ קלוגן, געניטן און זייער געטרייען פירער. דניאל רייסט איבער יעדע באַציאונג מיט זיין רייכן פאָטער און ברודער, ווייל זייערע עקספּלואַטאַטאָרישע האַנד־לונגען זענען קעגן זיין ריין געוויסן. ער גייט אַזוי ווייט, אַז ער האָט אפילו חתונה מיט אַ פּשוט קריסטלעך אַרבעטער־מיידל פון זיין פאָטערס פאַבריק, וואָס דאָס פאַרשאַפט זיין פאָטער אַ סך עגמת־נפש און פאַרדראָס. דעם אַלטן הערצס ווייטיק איז נאָך שמערצלעכער צוליב דעם, וואָס ער האָט זייער ליב געהאַט און געהאַלטן שטאַרק פון דניאלן און גערעכנט, אַז דניאל, זיין פעאיקסטער זון, וועט איבערנעמען די גרויסע און פאַרצווייגטע פאַבריק. אַזוי האָט ער זיך געפירט אין דער משפחה פון דורות אָן. דער עלטסטער זון פלעגט איבערנעמען די געשעפטן פון פאָטער און זיי פאַר־גרעסערן און ווייטער פירן.

דניאל געווינט דעם צוטרוי פון די אַרבעטער, ווייל ער דינט געטריי

און ערנסט זייערע אינטערעסן. זיין איינציקע שטרעבונג איז צו פֿאַר־בעסערן דעם עקאָנאָמישן, קולטורעלן און געזעלשאַפֿטלעכן מצב פֿון דעם אַרבעטער־קלאַס. זייער אַ סך האָט ער שוין דערגרייכט. במשך זיין קאַמף פֿאַר די אינטערעסן פֿון די אַרבעטער איז אים אָפֿט אויסגעקומען אויך צו קעמפֿן דירעקט קעגן דעם פֿאָטער, צו שטיין פּנים אל פּנים קעגן זיין געטרייען אָבער פֿאַרעקשנטן פֿאָטער. דניאל האָט אָבער תּמיד אין זינען די נוצן און אינטערעסן פֿון די אַרבעטער־מאַסן, און לאָזט זיך באין אופֿן נישט באַאיינפֿלוסן פֿון קיין שום סענטימענטן.

אַ גרויסער שטרייק ברעכט אויס ביי זיין פֿאָטער. די סיבה פֿון דעם שטרייק איז דאָס, וואָס דער אַלטער הערץ האָט, אָן גענוגנדיקער סיבה, אָפּגעזאָגט 5 אַרבעטער פֿון זיין פֿאַבריק. די אַרבעטער האָבן אַרויסגע־שטעלט די פֿאָדערונגען: העכערן די שכירות, ווינציקער אַרבעט־שעהען און צוריקקערן די 5 אָפּגעזאָגטע אַרבעטער. צוליב דער נויט, וואָס עס הערשט אין די אַרבעטער־רייען, קענען זיי אָבער לענגער נישט שטרייקן. זיי קלייבן דעריבער אויס דעם קלוגן און איבערגעגעבענעם דניאל הערץ, און זיי באַאויפֿטראָגן אים צו פֿאַרענדיקן דעם שטרייק.

אַ שטאַרקע און שפּאַנענדיקע סצענע קומט פֿאָר צווישן דניאלן, זיין פֿאָטער און ברודער. דניאל האָט שוין אויסגעקעמפֿט, לויט זיין מיינונג, די 2 וויכטיקסטע פּונקטן — אַ העכערן לוין און ווינציקער אַרבעט־שעהען, נאָר אויף דער דריטער פֿאָדערונג — דאָס צוריקקערן די 5 אָפּגעזאָגטע אַרבעטער — וויל דער אַלטער הערץ בשום אופֿן נישט איינגיין. ער דער־קלערט, אַז ער האָט נישט איבערגעטראָטן דעם אָפּמאַך. ער האָט אָפּגע־זאָגט די פֿינף אַרבעטער, ווייל זיי זענען אויפֿגעטראָטן אומפֿאַרשעמט. זיי האָבן באַליידיקט זיינע יידישע געפֿילן, און אויב ער זאָל אַפֿילו וויסן, אַז מע וועט ביי אים נאָך אַ מאָל אַזוי לאַנג שטרייקן, און יעדע שעה פֿון שטרייק וועט אים קאָסטן אַ פֿאַרמעגן, וועט ער די פֿינף אויסוואורפֿן נישט לאָזן איבערטרעטן די שוועל פֿון זיין פֿאַבריק. דניאל בעט זיין פֿאָטער, אַז ער זאָל רעדן אָנשטענדיקער וועגן די פֿינף אַרבעטער, אָבער צום סוף באַפֿרייט דניאל זיין פֿאָטער פֿון דעם פּונקט און דער שטרייק ווערט פֿאַרענדיקט.

עטלעכע פֿון דניאלס קאָלעגן, וואָס האָבן אים מקנא געווען, נוצן אויס די דאָזיקע אָנגעלעגנהייט און פֿאַרשפּרייטן קלאַנגען צווישן די אַרבעטער,

אַז דניאל האָט זיי פאַרראַטן, אַז זיין פאָטער האָט אים אונטערגעקויפט.

אַפילו זיין אייגענע פרוי, וואָס איז אַ מאָל געווען אַן אַרבעטאָרין ביי זיין פאָטער אין פאַבריק, און וואָס וואָלט אַזוי שטאַרק געוואָלט, אַז דער אַלטער הערץ, איר שווער, זאָל אין גאַנצן רואינירט ווערן, איז אים כלומרשט חושד אין פאַרראַט. אין האַרצן ווייסט זי גוט ווי געטריי און ערלעך דניאל איז, אָבער אויף אַן אַלגעמיינער אַרבעטער־פאַרזאַמלונג שרייט זי: „דער ייד האָט אונדז פאַרראַטן, נידער מיט די יידן!" ווען דניאל דערהערט דאָס, ברעכט ער צוזאַמען, שטאַמלענדיק: „אומזיסט 20 יאָר פון מיין לעבן אַוועקגעגעבן!"

„דניאל הערץ" איז פיל מאָל געשפּילט געוואָרן אין די הויפּטשטעט פון די סקאַנדינאַווישע לענדער און האָט אומעטום אַרויסגערופן אַ סך דיסקוסיעס.

„הינטער די מויערן", אַ צווייטע פּיעסע נאַטאַנסענס, איז אויך פיל מאָל געשפּילט געוואָרן און באַקומען אַ סך לויב. דאָס איז אַ זייער שטי־מונגספולע שפּיל, וואָס שילדערט דאָס יידישע פאַמיליע־לעבן מיט אַ סך פריידיקע און אויך קאָמישע סצענעס.

„ד"ר וואָל" איז אַ טיפע דראַמע. נאַטאַנסען שילדערט דאָ אַ מענטשן, וואָס ליידט פון אַ קאָמפּלעקס. ער האַסט יידן און ווייסט נישט אַז ער אַליין איז אַ ייד, און ווען ער געפינט אויס דעם טיפן סוד, שרייט ער אויס אין גרויס פאַרצווייפלונג: „ניין, ער איז נישט קיין ייד", און וויל אַנטלויפן פון דער אייגענער הויט.

הענרי נאַטאַנסענס הויפּט־בוך, זיין לעבנסווערק, איז דער ראָמאַן אין פיר טיילן „הוגאָ דאַווידס לעבן". געדאַרפט האָט עס גאָר הייסן „הענרי נאַטאַנסענס לעבן", דאָס איז אַן אויטאָביאָגראַפיע פון נאַטאַנסען גופא. עס איז אַ ווערק פון אומשאַצבאַרן, קינסטלערישן און מענטשלעכן ווערט. ווען דער ערשטער טייל פון ראָמאַן איז דערשינען, איז ער באַצייכנט גע־וואָרן פון דער דענישער ערנסטער קריטיק פאַר דעם בעסטן בוך פון די לעצטע יאָרן, און די אַנדערע טיילן זענען אויפגענומען געוואָרן מיט דער אייגענער באַגייסטערונג. די הויפּט־ראָלע אין נאַטאַנסענס ווערק שפּילט דאָס יידישע וועזן, הוגאָ דאַווידס בענקנדיקע יידישע נשמה. הוגאָ האָט קיין קינדהייט נישט געהאַט. זיינע עלטערן, די איינציקע דענישע יידן אין שטעטל, זענען תמיד איינגעשלאָסן אין זיך. דער פאָטער איז אַלע מאָל

פאַרטיפט אין חשבונות, און די מאַמע פירט דאָס הויז־באַלעבאַטישקייט. ווען הוגאָ איז נאָך געווען אַ קינד, איז זיין שוועסטערל געשטאָרבן. מ'האָט געבראַכט אַ ווייסן קאַסטן און זי דאָרטן אַריינגעלייגט. זי איז געווען אָנגע־טאָן אין אירע שענסטע קליידער און געהאַלטן אַ בוקעט בלומען אין איר הענטל. די עלטערן זענען אַוועקגעפאָרן מיט זיין שוועסטערל, די מוטער האָט איינגעוויקלט דעם ווייסן קאַסטן מיט איר שאַל, אַזוי, אַז מע האָט נישט געקענט זען וואָס דאָרטן איז. הוגאָ האָט געפרעגט די דינסט וווּהין און צו וואָס זיי פאָרן אַוועק, האָט זי אים געזאָגט: „ווייל מען דאַרף דיין שוועסטערל באַגראָבן". הוגאָ איז אַ ווייל געשטאַנען און נאָכגעטראַכט. „פאַר וואָס באַגראָבט מען זי נישט אויף דעם בית־עולם, ווו אַלע אַנדערע זענען באַגראָבן?" „ווייל זי איז אַ יידיש קינד, דאַרף מען זי באַגראָבן אין אַן אַנדער ערד", האָט די דינסט געענטפערט. ווען די עלטערן זענען אַוועק־געפאָרן מיט זיין שוועסטערל, האָט זיך הוגאָ געפילט איינזאַם און פאַר־לאָזט, איינער אַליין אויף דער וועלט, ווייל זיין קליין שוועסטערל האָט מען געמוזט אַוועקפירן און זי וועט ליגן ווייט אַוועק פון אַלעמען.

הוגאָס חברים האָבן זיך איין מאָל געוואָלט איבערצייגן ווי אַזוי אַ יידיש יינגל זעט אויס, האָבן זיי אים אַוועקגעלייגט... הוגאָ האָט נישט פאַרשטאַנען, וואָס זיי קוקן און זוכן, נאָר אַ פאַרשעמטער, מיט אַ ווונד אין זיין צאַרטער נשמה, איז ער אַהיימגעלאָפן און ביטער געוויינט. דאָס האָט באַשטימט זיין לעבן. אַפילו נאָך דעם ווי הוגאָ איז שוין געווען אַן אָנגע־זעענער קינסטלער אין דער הויפּטשטאָט פון לאַנד, האָט ער זיך כסדר געפונען צווישן פרעמדע מענטשן.

הענרי נאַטאַנסען פירט אַרויס אין דעם ראָמאַן אַ גאַנצע גאַלעריע מענטשן, אָנהייבנדיק מיט זיין געבוירן־שטעטל און איבערגייענדיק צו דער קינסטלער־סביבה פון דער הויפּטשטאָט, ווו הוגאָ פאַרנעמט, מיט דער צייט, אַ חשוב אָרט ווי אַ רעזשיסאָר און מחבר.

דער ראָמאַן ענדיקט זיך אין הוגאָ דאַווידס בליענדיקע יאָרן. ער קריגט אַ טעלעגראַמע, אַז זיין פאָטער איז קראַנק. נאָך איידער הוגאָ קומט אַהיים, איז דער פאָטער שוין געשטאָרבן. און ווען הוגאָ מיט זיין מוטער האָבן געוואָרט אויפן צוג, וואָס האָט געדאַרפט אַוועקפירן דעם קערפּער פון זיין פאָטער אין דער הויפּטשטאָט, כדי אים מקבר צו זיין אויפן יידישן

בית־עולם, האָט ער זיך דערפילט עלטער ווי דאָס לעבן, וואָס האָט אינע־ווייניק אין אים געלעבט.

העגרי נאַטאַנסען איז צוגעטראָטן צו דער ליטעראַטור שוין אַ רייפער מענטש. ער האָט אַ סך געלערנט און זיך געגרייט צו זיין שרייבערישן באַרוף.

הגם העגרי נאַטאַנסען איז אין דענעמאַרק געווען אַ פרעמדער פויגל — „דער יידישער גייסט אין דער דענישער ליטעראַטור" — האָט אָבער דאָס אַלגעמיין־מענטשלעכע אין זיין קונסט אים געמאַכט פאַר איינעם פון די גרויסע שריפטשטעלער אין דער דענישער ליטעראַטור.

העגרי נאַטאַנסען האָט געבענקט און געחלומט נאָך אַ שיין יידיש לעבן אויף אייגענער ערד, און אומגעקומען, אויף קידוש השם, אויף פרעמדער ערד צוזאַמען מיט די זעקס מיליאָן יידישע קדושים. נישט געקוקט אויף ד'עם, וואָס ער האָט געשאַפן זיינע ווערק אויף נישט קיין יידיש לשון, האָט ער דאָך איבערגעלאָזט אַ גייסטיק־רייכע יידישע ירושה.

## געאָרג בראַנדעס *

(צו זיין 80יאָריקן געבוירנטאָג, וואָס איז אויסגעפאַלן דעם 4טן פעברואַר 1922)

ווייניק גרויסע פערזענלעכקייטן האָבן ביים לעבן דערגרייכט אַזאַ אַלזייטיקע אָנערקענונג ווי געאָרג בראַנדעס. נאָך אין די אַכציקער יאָרן פון פריערדיקן יאָרהונדערט, האָבן די פראַנצויזן געפונען, אַז זיין גייסט איז פראַנצויזיש, די ענגלענדער, אַז ער איז ענגליש, און די דייטשן האָבן זיך געפרייט מיט זיין „דייטש וועזן". און עס איז קיין ווונדער נישט, וואָרעם יעדער איינער, וואָס האָט געלייענט זיינע „הויפטשטרעמונגען אין דער ליטעראַטור פון דעם ניינצנטן יאָרהונדערט" ווערט באַהערשט פון אַ געפיל, אַז געאָרג בראַנדעס האָט מיט די „הויפטשטרעמונגען" געשאַפן אַ גרויס ווערק, אָבער אויך זיין בוך „דער נאַטוראַליזם אין ענגלאַנד" ווערט באַטראַכט פאַר אַ טיף ווערק אין דער וועלט־ליטעראַטור.

---

* אַריינפיר־קאַפּיטל צו אַ גרעסערער אַרבעט.

געאָרג בראַנדעס ווערט אויך פאַררעכנט פאַר איינעם פון די גרעסטע שעקספּיר־אויסטייטשער.

דערציילט דער דענישער שרייבער לאָוריץ ברון, אַז ער האָט מיט יאָרן צוריק באַזוכט דעם בריטישן גובערנאַטאָר פון אַ ווייטן אינדזל. נאָך די ערשטע באַגריסונגען איז אַנטשטאַנען צווישן די צוויי פרעמדע מענטשן אַ מאָדנע שטילשווייגן. צו לאַנג האָט דער בריטישער באַאַמטער געהאַט פאַרבראַכט ווייט אַוועק פון דער מערב־ציוויליזאַציע, אַז עס זאָל זיך צווישן זיי פאַרבינדן אַ שמועס. מיט אַ מאָל גיט אַ פרעג דער בריטישער באַאַמטער: „דוכט זיך, אַז איר קומט פון קאָפּענהאַגען? איר קענט אפשר געאָרג בראַנדעסן?" עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דער בריטישער גובער־נאַטאָר האָט געהאַט געאָרג בראַנדעס׳ ווערק וועגן וויליאַם שעקספּירן און געלייענט עס מיט באַגייסטערונג! און דער דענישער שרייבער פאַרענדיקט, אַז אויף דעם ווייטן בריטישן אינדזל איז צווישן אים און דעם ענגלענדער געוואָרן אַ נאָענטקייט, געאָרג בראַנדעס האָט זיי פאַראייניקט.

געאָרג בראַנדעס׳ ביכער וועגן בייראָן, שעלי, וואָרטסוואָרט, סטיואַרט מיל — זענען, אַ דאַנק דער טיפער ערודיציע און פאַרשטענדעניש, וואָס ער וויזט דאָרטן אַרויס, געוואָרן באַליבט ביי די ענגלענדער.

ווייניק קריטיקער האָבן אַזוי אָפּגעשאַצט אַלע ריכטונגען און פערזענ־לעכקייטן אין דער דייטשער ליטעראַטור, ווי געאָרג בראַנדעס.

בראַנדעס דערציילט אין זיין אויטאָביאָגראַפיע: „איך בין דעמאָלט אַלט געווען פינף יאָר. איך האָב שוין געהאַט געהערט אַ סך מאָל דאָס וואָרט ייד, וואָס די קינדער האָבן אַרויסגעזאָגט מיט פאַראַכטונג. איין מאָל בין איך אַריינגעלאָפן צו מיין מוטער און זי געפרעגט: ‚מאַמע, וואָס מיינט דאָס אַ ייד?' די מוטער מיינע האָט געענטפערט: ‚יידן, דאָס זענען מענטשן'. ‚העסלעכע מענטשן?' האָב איך געפרעגט. ‚יאָ', האָט די מאַמע געענטפערט, מיט אַ שמייכל: ‚אָפּט גאַנץ מיאוסע, אָבער נישט תמיד'. ‚קען איך זען אַ יידן?' האָב איך ווייטער געפרעגט. ‚אַוודאי', האָט זי געענטפערט און האָט מיך גיך אויפגעהויבן פאַר אַ גרויסן אָוואַלן שפּיגל, וואָס איז געהאָנגען איבער דער סאָפע. איך האָב אַרויסגעלאָזט אַ געשריי און די מאַמע האָט באַדויערט, וואָס זי האָט מיר פריער נישט דערציילט און מיך מער צוגע־גרייט".

אַ סך איז געשריבן געוואָרן וועגן געאָרג בראַנדעס׳ יידישקייט. בראַנ־

דעס׳ שונאים אין דענעמאַרק און יידן־פיינט האָבן אַפילו באַהויפּט, אַז אַלצדינג וואָס בראַנדעס האָט געשאַפן טראָגט אַ סעמיטיש־יידישן כאַראַק־טער, אַז אַזוי שרייבט נישט קיין „אַריער״, אַפילו ווען בראַנדעס שיל־דערט אַ לאַנדשאַפט, האָבן זיי דערקלערט, טראָגט דאָס אַ ספּעציפיש יידיש פּנים. און אומזיסט האָט ער אַמביציעס צו הויזן מיט איירמאָפּייער, ער וועט אין פאַנטעזאָן צווישן די גרויסע פּערזענלעכקייטן נישט אַריינקומען.

עס איז אמת, אַז די צאָל פון זיינע אָנגרייפער איז קליין, אָבער זיי זענען פאַראַן.

דערפאַר אָבער, אין די ליבעראַל־פּראָגרעסיווע קרייזן, ווען מען רעדט אָדער ווען מען שרייבט וועגן בראַנדעס׳ אָפּשטאַמונג, אַ זאַך, וואָס געשעט זעלטן, כדי אים נישט ווי צו טאָן, באַהויפּט מען, אַז די פראַגע פון ראַסע־אָנגעהעריקייט האָט אויף בראַנדעסן נישט געהאַט קיין שום השפעה. געאָרג בראַנדעס׳ אינטעלעקט קען מען באין אופן נישט פאַרבינדן מיט זיין יידישער אָפּשטאַמונג; על־כל־פּנים האָט זיך די פאַרבינדונג אין קיין שום זאַך נישט אויסגעדריקט. ער האָט זיך אָנגענומען פאַר יידישע קריוודעס פּונקט ווי ער האָט זיך אָנגענומען פאַר קריוודעס פון אַנדערע אונטערדריקטע פעלקער. ער האָט קיין מאָל נישט געשריבן וועגן יידן אַנדערש ווי יעדער שרייבער, וואָס איז פריי פון פאָראורטיילן, וואָלט געטאָן.*

נאָר דער זשעני קאָן נאָך אין זיין הויכן עלטער באַשאַפן ווערק פון אייביקן ווערט. דער ניינציק־יאָריקער זקן סאָפאָקלעס האָט פאַרגעלייענט פאַר די ריכטער זיין ערשט געשריבן „עדיפּוס אין קאָלאָנעס״, כדי צו ווייזן, אַז זיין גייסט איז נישט אָפּגעשוואַכט. מיקעל אַנדזשעלאָ האָט נאָענט פון די ניינציקער געבויט דעם קופּאָל פון דער פּעטער־קירכע און דער פּערסישער דיכטער סאַדין האָט פאַרפאַסט, ווען ער איז אַלט געווען הונדערט יאָר, לירישע לידער פון גרויס שיינקייט. טיציאַן, פראַנץ האַלס און נאָך האָבן פאַרענדיקט, ווען זיי זענען געווען עטלעכע און אַכציק יאָר, זייערע פּרעכ־טיקסטע בילדער. און די אייגענע פעאיקייט צו שאַפן מייסטערווערק אין הויכן עלטער זעען מיר אויך ביי מוזיקער (כערוביני, הענדעל, ווערדי).

געאָרג בראַנדעס האָט נאָענט פון די אַכציקער באַשאַפן אַזעלכע ווערק

* זע מיין אַרבעט „יידישע מאָטיוון ביי מ. א. גאָלדשמידט, עדוואַרד און געאָרג בראַנדעס״.

ווי „וואָלטער", „געטע", „יוליוס צעזאַר"", „מיקעל אַנדזשעלאָ", „יעזוס אַ לעגענדע", אַחוץ אַ ריי קלענערע און גרעסערע אָפּהאַנדלונגען. די מערסטע דערמאָנטע ווערק, וואָס יעדעס פאַרנעמט איבער טויזנט גרויסע זייטן, זענען פון אַזאַ קאָלאָסאַלן פאַרנעם, וואָס היסטאָריקער אָדער ליטעראַטור־קריטיקער, וואָלטן געדאַרפט אַרבעטן אויף יעדן איינציקן פון זיי אַ העלפט פון זייער לעבן און געקאָנט שטאָלץ זיין אויף זייער שאַפונג.

בראַנדעס' „יוליוס צעזאַר" פאַרמאָגט אַ זייער אינטערעסאַנט קאַפּיטל וועגן דער באַציאונג פון די יידן צו יוליוס צעזאַרן און צעזאַרס באַציאונג צו די יידן.

„צעזאַר האָט געגעבן די יידן", שרייבט בראַנדעס, „פולשטענדיקע רעליגיעזע פרייהייט אין אַלע וויכטיקע שטעט פון קליין־אַזיע, ווו די גריכן האָבן פריער באַרויבט זייערע פרייהייטן. זיי האָבן געקענט אָפּן אָפּהיטן שבת, בויען בתי־מדרשים, סינאַגאָגעס. בעת צעזאַר האָט אַ יאָר פאַר זיין טויט אונטערדריקט אַלע פּאָליטישע קלובן (קאָלעגיע) אין רוים, האָט ער אויס דאַנקבאַרקייט, וואָס די יידן האָבן אים אַרויסגעוויזן אין עגיפּטן און קליין־אַזיע, דערלויבט בלויז די יידישע פאַראיינען. אומעטום האָבן די יידן ליב געהאַט צעזאַרן אַזוי לאַנג ווי ער האָט געלעבט און ער האָט זיי ביטער געפעלט ווען ער איז געווען טויט. די יידן אין רוים האָבן זיך ממש נישט געלאָזט טרייסטן נאָך דעם ווי מען האָט אים דערמאָרדעט, און זיי האָבן פאַרבראַכט טעג און נעכט אין געוויין און אין טרויער לעבן דעם פייער וואָס האָט פאַרצערט זיין קערפּער".

און בראַנדעס ענדיקט: „די יידן, וואָס האָבן אויף זייער היימישן באָדן (ארץ־ישראל) געקעמפט און געפאַלן ווי מאַרטירער פאַר זייער גאָט און לאַנד, זענען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין צעזאַרס רוימישער מאָנאַרכיע אין אַפּאָסטאָלן פאַר וועלט־בירגערגייסט".

וועגן מיקעל אַנדזשעלאָ שרייבט בראַנדעס: „קיינער פון די גרויסע גייסטער האָט נישט אַזוי באַאיינפלוסט מיין לעבן ווי מיקעל אַנדזשעלאָ. ער איז תמיד געווען די צענטראַלע געשטאַלט פון מיין קוק אויף מענטשן און קונסט". איבעריקנס, טרעפן מיר זייער אָפט אין בראַנדעס' ווערק, ווו ער האָט אָנגעגעבן ווי אַן אַרויסגאַנג־פּונקט פאַר זיין עסטעטישער אַנטוויקלונג, דאָס אינטימע צוזאַמענלעבן מיט דער גרויסער קונסט פון דער רענעסאַנס־צייט.

שרייבט בראַנדעס: „מיקעל אַנדזשעלאָס קונסטווערק איז אַרויס פון שטיין נישט בלויז אין מעכאַנישן זין, דאָס ווערק איז געבוירן פון שטיין, וואָס אין זיין אינגעווייד איז עס געווען באַהאַלטן און אין גאַנצן פּאַרטיק און נאָר געוואָרט אויף אַן אויסלייזונג. עס איז שוין געווען אין שטיין פון פריער, דער קינסטלער האָט נאָר גענייטיקט אַוועקהאַקן דאָס אומנייטיקע, כדי אַרויסצובאַקומען דאָס קונסטווערק". אויף אַ צווייט אָרט זאָגט ער: „דער מענטש איז דאָס קונסטווערק, און גאָט איז דער קינסטלער, וואָס האַקט אַוועק אַלץ וואָס עס איז איבעריק און גלייכגילטיק, כדי אַרויסצובאַקומען דאָס פולקומענע, זיין בילד. מיקעל אַנדזשעלאָ האָט דערפאַר אַזוי גוט ווי קיין מאָל נישט געפורעמט מאָדעלן, נאָר באַלד אַוועקגעהאַקט פון מאַרמאָר־בלאָק. יאָ, ער האָט פריער געזען, וואָס עס איז באַהאַלטן אין שטיין". בראַנדעס' בוך גיט אונדז אַ פולשטענדיק בילד וועגן מיקעל אַנדזשעלאָס גרויסקייט ווי אַ פּערזענלעכקייט און קינסטלער.

ווען געאָרג בראַנדעס איז אין זיין הויכן עלטער אַרויס מיט דעם ווערק „יעזוס אַ לעגענדע", איז ער שטאַרק פּאַרהאַסט געוואָרן אין די קלעריקאַל־קאָנסערוואַטיווע קרייזן פון דענעמאַרק. בראַנדעס האָט זיך באַנוצט מיט אַלע קוואַלן, וואָס זענען נאָר פאַראַן און געקומען צו דער מסקנא, אַז יעזוס האָט קיין מאָל נישט געלעבט. בראַנדעס האָט אָנגעוויזן די יידישע אור־קוואַלן און די מאָראַלישע סענטעצן, וואָס געפינען זיך אין דער עוואַנגעליע. מען דאַרף אין זינען האָבן, אַז בעת בראַנדעס האָט פּאַרעפנטלעכט דאָס בוך, זענען דענעמאַרקס דערציאונגס־אינסטיטוציעס נישט געווען אָפּגע־טיילט פון דער קירכע.

געאָרג בראַנדעס איז געווען אַ רעוואָלוציאָנער פון זיין פריסטער יוגנט אָן. זיין רעוואָלוציאָנערישקייט איז נישט געווען אַזאַ, וואָס מען האָט געקענט פאַרבינדן מיט אַ פּאָליטישער פּאַרטיי. שוין אין 1866 האָט געאָרג בראַנדעס, זייענדיק אַלט 24 יאָר, פאַרעפנטלעכט אַ פילאָזאָפיש־פּאָלעמישן עסיי „דער דואַליזם אין אונדזער נייעסטער פילאָזאָפיע", וואָס איז געווען אַן אָנגריף אויף דעם באַרימטן דענישן רעליגיע־פילאָזאָף סוירען קיר־קעגאָרד.*

* מער וועגן ג. בראַנדעס' באַציאונג צו קירקעגאָרד — אין מיין אַרבעט „קאָרעס־פּאָנדענץ צווישן געאָרג בראַנדעס און פּעטער קראָפּאָטקין" פון וולאַדימיר גראָסמאַן.

געאָרג בראַנדעס׳ קולטור־היסטאָרישע באַדייטונג ווי אַ שרייבער, הייבט זיך אייגנטלעך אָן אין יאָר 1870, הגם ער האָט שוין פריער געהאַט פאַרעפנטלעכט „קריטישע שטודיעס״ און „אָפּהאַנדלונגען און פּאָרטרעטן״, וווּ ער האָט אָפּגעשאַצט די באַדייטנדיקסטע סקאַנדינאַווישע שרייבערס. שוין דעמאָלט האָט מען באַמערקט בראַנדעס׳ גרויסע פעאיקייט צו אַנאַליזירן און כאַראַקטעריזירן ווערק און שרייבערס. ביז דעמאָלט האָט זיך אָבער בראַנדעס מערסטנס באַשעפטיקט מיט אידעען, סיסטעמען און אַבסטראַקציעס. צום סוף פון יאָר 1869 ווערט געאָרג בראַנדעס פאַרטיק מיט זיין דאָקטאָר־טעזיס, וואָס האָט געהייסן „די פראַנצויזישע עסטעטיק היינט צו טאָג״. תיכף דערנאָך האָט זיך בראַנדעס געלאָזט איבער אייראָפּע.

נישט אַלע שרייבערס האָבן געמאַכט נסיעות, אַפילו נישט די, וואָס האָבן געהאַט אַן איינפלוס אויף דער קולטור־אַנטוויקלונג. מיר וויסן נישט אויב שעקספּיר איז געווען מחוץ די גרענעצן פון ענגלאַנד. געטע האָט געזען איטאַליע און עפּעס פון פראַנקרייך ווי אַ באַטייליקטער אין ברונשוויגער פעלדצוג אין יאָר 1792 — און נישט מער פון דייטשלאַנד ווי די געגנט אַרום ווייִמאַר און פראַנקפורט. מענדעלע און פּרץ האָבן כמעט גאָר נישט געזען די וועלט.

אָבער גאָר אַנדערש איז עס געווען מיט בראַנדעסן. ער איז אַ סך אַרומגעפאָרן, אָבער זיין ערשטע נסיעה האָט געהאַט אויף אים די גרעסטע השפּעה. בראַנדעס האָט געהאַט אַן אָפענעם בליק פאַר דער נאַטור, אָבער ער וואָלט זיכער געקענט אויסקומען נישט זעענדיק די שווייצאַרישע בערג, אָדער דעם הימל אין איטאַליע; ער וואָלט זיך אָבער באין אופן נישט געקענט באַגיין אָן די שמועסן מיט די באַרימטע פערזענלעכקייטן, וואָס ער האָט באַגעגנט אויף זיין ערשטער נסיעה. דאָס זענען געווען היסטאָרישע מסיבות, וואָס זענען פאָרגעקומען צווישן אים און סטיואַרט מילס, טען און רענאַן.

בעת בראַנדעס איז געווען אין דענעמאַרק פאַרנומען מיט לערנען, האָט ער פּשוט קיין צייט נישט געהאַט צו פאַרטראַכטן זיך און פאַרשטיין זיין אייגענע שטעלונג. ערשט אויף זיין נסיעה האָט ער איינגעזען, אַז זיין היים, דענעמאַרק, איז געווען שטאַרק צוריקגעשטאַנען. בעת אין איבעריקן טייל פון אייראָפּע, בעיקר אין פראַנקרייך, איז אויפגעקומען אַ נייע קולטור און אַ נייע ליטעראַטור, איז מען אין דענעמאַרק נאָך געזעסן פאַרלוירן אין

קינדערישע טרוימערייען, איינגעשפינט אין טעאָלאָגיע, וואָס איז שוין אין ערגעץ נישט געווען אין דער מאָדע. די ליטעראַטור איז געווען קאָנסער־וואַטיוו. די שרייבערס זענען ס׳רוב געווען קירכמענטשן; די מאַכט פון דער קירכע און קעניגטום האָט קיינער נישט געוואָגט צו קריטיקירן. דער טאָן איז געווען קליינבירגערלעך. די אַרבעטער האָבן נאָכגעפאָלגט די אַזוי גערופענע נאַציאָנאַל־ליבעראַלן.

נאָך דעם ווי געאָרג בראַנדעס האָט זיך אומגעקערט פון די הויפּט־שטעט אין אייראָפּע, האָט ער מער נישט געוואָלט באַלערנען עסטעטיש, נאָר רעפאָרמירן זיין לאַנד פּאָליטיש, סאָציאַל און רעליגיעז, אַרויסרופן די גייסטיקע אינטעליגענץ צו רעוואָלט.

כדי דאָס צו דערגרייכן האָט ער פאַרטראַכט צו פאַרעפנטלעכן אַ גרויס ווערק „די הויפּטשטרעמונגען אין דער ליטעראַטור פון 19טן יאָרהונדערט", וואָס זאָל אַרומנעמען די ליטעראַטור פון די הויפּטלענדער אין מערב־אייראָפּע אין אַ פּעריאָד פון פופציק יאָר. דאָס זאָלן זיין נישט נאָר אָפּשאַ־צונגען וועגן די דיכטער־ווערק, נאָר אויך אַן אַנאַליז וועגן די וויכטיקסטע מאָראַלישע און סאָציאַלע אידעען פון דער באַטרעפנדיקער תקופה. דאָס ווערק דאַרף דינען נישט בלויז ווי אַן אַנגריף אויף דער דענישער ליטע־ראַטור, וואָס איז געווען אַזוי צוריקגעשטאַנען, נאָר אויך אויף דער גאַנצער קאָנצעפּציע פון לאַנד.

געאָרג בראַנדעס האָט גענומען האַלטן פאָרלעזונגען אין דער קאָפּענ־האַגענער אוניווערסיטעט פאַר געפּאַקטע אודיטאָריעס. עס האָט אָבער לאַנג נישט געדויערט און דאָס גאַנצע פאָלק האָט אים אָנגעהויבן צו האַסן. מען האָט געדאַרפט באמת פאַרמאָגן בראַנדעס׳ אומדערשראָקענעם און מוטיקן גייסט, כדי אָפן און פאַר אַלעמען, אין אָנהייב פון די זיבעציקער יאָרן פון פריערדיקן יאָרהונדערט, צו דערקלערן אין דענעמאַרק, אַז מען איז אַ פריידענקער. מען האָט דעמאָלט אין דענעמאַרק אַ פריידענקער נישט נאָר פאַרהאַסט, נאָר פאַרשאָלטן און פאַראַכט. מען האָט אויף אים געקוקט ווי אויף איינעם, וואָס שטייט מחוץ יעדער מענטשלעכער געזעלשאַפט; אויף אַן אומגליקלעכן, ווען ער האַלט זיינע געדאַנקען פאַר זיך גופא, און ווי אויף אַ פאַרברעכער ווען ער רעדט. אַט פונקט ווי מען האָט געקוקט אויף אַ יידישן אַפּיקורס אין אַ פּוילישער אָדער ליטווישער שטאָט אין דער איי־גענער צייט, אַן אַפּיקורס וואָס וויל נאָך פאַרשפּרייטן זיין אַפּיקורסות.

נאָך זיינע ערשטע פאָרלעזונגען איז די אָנגעזעענסטע אינטעליגענץ געוואָרן זיינע שטאַרקסטע אָנהענגער. דער אינהאַלט פון זיינע פאָרלעזונגען האָבן געהאַט אַ גרויסן און אַנטשיידענעם איינפלוס.

בראַנדעס איז געווען אַזאַ שטאַרקע פערזענלעכקייט, אַז די וואָס האָבן איינגעזען די גייסטיקע פוסטקייט פון יענער צייט, האָבן זיך געצויגן צו אים. די אָנגעזעענסטע דענישע שרייבערס, ווי י. פּ. יאַקאָבסען, האָלגער דראַכמאַן, הערמאַן באַנג און אַנדערע, האָבן אָנגעהויבן גיין אין בראַנדעס' וועגן.

די אַלגעמיינע שטימונג קעגן בראַנדעסן איז אָבער נישט בעסער געוואָרן אַפילו נאָך דעם ווי ער האָט פאַרעפנטלעכט דעם ערשטן טייל פון זיינע פאָרלעזונגען, מיינענדיק, אַז איצטער וועט יעדער איינער קענען זען, אַז די בילבולים, וואָס זיינע שונאים האָבן פאַרשפּרייט וועגן זיינע פאָרלע־זונגען, זענען פאַלש.

אין 1872 איז אין קאָפּענהאַגען געשטאָרבן דער פּראָפעסאָר פון עסטעט־טיק און איבערגעלאָזט אַ צוואה, אַז געאָרג בראַנדעס זאָל זיין זיין נאָכ־פאָלגער, מחמת ער איז דער פּאַסיקסטער און קוואַליפיצירטסטער פאַר דעם אַמט. די פּראָפעסור־שטעלע האָט מען אים בשום אופן נישט געוואָלט געבן, מיט דעם תירוץ, אַז אַ פרייַדענקער, וואָס גרייפט אָן די רעליגיע און מאָראַל, קען נישט אָנגעשטעלט ווערן ווי אַ לערער.

אין יענע פינצטערע און טרויעריקע טעג האָט געאָרג בראַנדעס באַ־שלאָסן צו פאַרלאָזן אויף תמיד דענעמאַרק און זיך באַזעצן אין רוים אָדער אין פּאַריז, אין ווין, לאָנדאָן אָדער אין בערלין, און שרייבן אויף איינער פון די וועלט־שפּראַכן און אַנטלויפן פון דענעמאַרק, ווו אַפילו די פויערים אין די דערפער האָבן אים געהאַסט.

ווען דאָס איז באַקאַנט געוואָרן, האָבן אַ סך געפילט, אַז מיט בראַנדעס' אַוועקפאָרן וועט דער גייסטיקער האָריזאָנט פון דענעמאַרק אַ סך פאַר־שמעלערט ווערן. דער דאָזיקער געפיל האָט גורם געווען, אַז 45 אוניווער־סיטעט־לערער און וויסנשאַפטלער האָבן אים דערלאַנגט אַ שריפט, דאַנק־קענדיק אים פאַר דעם וואָס ער האָט אויפגעטאָן פאַרן דענישן גייסטיקן לעבן און אים אויפגעפאָדערט צו פאַרבלייבן אין קאָפּענהאַגען. ער האָט אָבער גאָרנישט געהאָלפן. צו פיל האָט מען פאַרביטערט דעם יונגן בראַנ־דעסן. ער האָט איינגעפּאַקט זיינע זאַכן און זיך געלאָזט קיין בערלין.

תיכף נאָך דעם, ווי ער האָט זיך באַזעצט אין בערלין, איז ער געקו־מען אין באַרירונג מיט אַלע באַדייטנדיקסטע דענקער, פּאָליטיקער און שרייבער פון אייראָפּע.

אין דייטשלאַנד האָט געאָרג בראַנדעס פאַרענדיקט די „הויפּטשטרע־מונגען". ער האָט איצטער איינגעזען, אַז ער וועט באַגעגענען אַ פּיל גרע־סערן ווידערשטאַנד ווי ער האָט לכתחילה געדענקט. עס האָט שוין מער קיין רייד נישט געקענט זיין וועגן ווענדן זיך צום „פאָלק".

אין אַ פאָרטראָג וואָס ער האָט מיט יאָרן שפּעטער געהאַלטן וועגן יונה הנביא, זאָגט בראַנדעס: „דאָס וואָס עס ווערט דערציילט וועגן יונה הנביא, אַז ער איז אַריין אין נינוה און דורך זיין וואָרט געווירקט, אַז די גאַנצע גרויסע שטאָט זאָל גלייבן אין יהוה, איז אַ סך אַ גרעסערער נס, ווי די דריי טעג אויפהאַלטן זיך אין דעם אינגעווייד פון דעם פיש".

נאָך אַ פינפיאָריקן „גלות־אָפּריכטן" האָט זיך געאָרג בראַנדעס צוריק־געקערט אין זיין היים קיין קאָפּענהאַגען.

אַ גרופּע פאַרערערס פון בראַנדעסן האָט אין דער שטיל געזאַמלט אַ סומע געלט און זיך אונטערגענומען אים צו געבן אַ יערלעכן געהאַלט, מיטן תנאי ער זאָל זיך באַזעצן אין קאָפּענהאַגען. די סומע איז געווען אַזוי גרויס ווי־פל עס האָט באַטראָפן די שכירות פון אַ פּראָפעסאָר. עס איז אינ־טערעסאַנט, אַז די נעמען פון די מענטשן, וואָס האָבן געשאַפן דאָס געלט זענען געבליבן אומבאַקאַנט אי פאַר דער עפנטלעכקייט אי פאַר בראַנדעסן.

מיר קענען זיך פאָרשטעלן, ווי שווער עס איז אָנגעקומען אַזאַ שטאָלצע און אומאָפּהענגיקע נאַטור ווי בראַנדעסן אָנצונעמען דעם דאָזיקן אָנבאָט. ער וואָלט אָבער זיכער צוריקגעקומען קיין דענעמאַרק אָן דער דאָזיקער שטיצע. סיי ווי האָט ער, נאָך זייענדיק אין דייטשלאַנד, געשיקט אַלצדינג, וואָס ער האָט געשריבן, צו זיין פאַרלעגער.

דער מצב אין דענעמאַרק איז אויך געוואָרן אַן אַנדערער, בראַנדעס האָט געקריגן אַ גרעסערע אָנהענגערשאַפט צווישן דער אינטעליגענץ. אַפילו די פּאָליטישע לאַגע איז אין אַ סך פּרטים געוואָרן אַן אַנדערע, עס האָט גע־האַלטן אין אויפקומען אַ ראַדיקאַלע באַוועגונג.

אַזוי גיך ווי בראַנדעס איז צוריקגעקומען פון דייטשלאַנד, האָט ער פאָרגעזעצט זיינע פאָרלעזונגען אין קאָפּענהאַגענער אוניווערסיטעט — וועגן דער „יונגער דייטשלאַנד".

1887 האָט בראַנדעס באַזוכט רוסלאַנד און פּוילן. אין פּעטערבורג און מאָסקווע האָט ער געהאַלטן פאָרטראָגן וועגן דער רוסישער ליטעראַטור פון דעם 19טן יאָרהונדערט; די פאָרטראָגן, וואָס ער האָט געהאַלטן אין פראַנצויזיש, האָבן אים פּאָפּולער געמאַכט צווישן דער רוסישער אינטע־ליגענץ.

אין וואַרשע האָט ער געהאַלטן פאָרלעזונגען וועגן דער פּוילישער ליטעראַטור און איז דאָרט שטאַרק באַליבט געוואָרן.

ווען ער איז צוריקגעקומען קיין קאָפּענהאַגען, האָט ער פאַרעפנטלעכט צוויי ביכער: אַ בוך וועגן פּוילן און אַ בוך וועגן רוסלאַנד.

געאָרג בראַנדעס׳ גרעסטע ווערק נאָך „די הויפּטשטרעמונגען" איז זיין דריי־בענדיק ווערק וועגן שעקספּירן.

ווייניק האָט מען דעמאָלט געוווּסט וועגן שעקספּירס לעבן, בראַנדעס פאַרטיפט זיך אין שעקספּירס ווערק, אין די אַרבעטן וועגן אים, פאַרנאָ־טירט די פּאָר אָרעמע ידיעות וועגן זיין לעבן, וואָס עס איז נאָר מעגלעך געווען צו קריגן. אָן באַזונדערע שוועריקייטן האָט ער פעסטגעשטעלט, ווען שעקספּיר האָט פאַרעפנטלעכט יעדעס ווערק; ער אַנאַליזירט דעם שייכות פון שעקספּירן צו די דעמאָלטיקע אָנפירנדיקע פערזענלעכקייטן און קומט צום אויספיר, אַז יעדעס ווערק איז דער אויסדרוק פון דיכטערס געדאַנקען און שטימונגען.

ביז בראַנדעסן זענען די שעקספּיר־פאָרשער אַרויסגעגאַנגען פון דער הנחה, אַז שעקספּיר איז אין אַ סך פּרטים דער היפוך פון אַנדערע גרויסע דיכטער, בעת יענע שילדערן אין אַ גרויסער מאָס זיך גופא, האָט שעקספּיר אין זיינע ווערק שטימונגען און געדאַנקען, וואָס זענען אים געווען פרעמד און געפורעמט געשטאַלטן, וואָס האָבן גאָר קיין שייכות נישט געהאַט צו זיין אייגענעם „איך".

בראַנדעס איז אָבער אַרויסגעגאַנגען פון דער הנחה, אַז די דיכטער־קונסט איז פערזענלעך, אַז דאָס, וואָס דערנערט זיך נישט פון דיכטערס האַרץ און בלוט, קען קיין מאָל נישט זיין קיין אמתע קונסט.

קיין שום קריטיקער האָט זיך נישט פאַרגעשטעלט ווילִיאַם שעקספּירן אין גרעסערע דימענסיעס, אין פיינערע מענטשלעכע פאָרמען, ווי ער האָט זיך געוויזן פאַר געאָרג בראַנדעסן.

דאָך פאַרשווייגט נישט בראַנדעס, ווען עס ווייזט זיך אים אויס, אַז דער דיכטער איז באַגאַנגען אַן אומרעכט, מעג עס אַפילו זיין שעקספיר.

אינטערעסאַנט איז ווי בראַנדעס איז זיך נוהג, ווען ער נעמט זיך שרייבן אַ ווערק. ער דערציילט ווי אַזוי ער האָט געשריבן זיין בוך וועגן „דיזראַעלי" אָדער „לאָרד ביקאָנספילד":

„איך האָב זיך אַ מאָל פאַראינטערעסירט אין דעם יידיש־ענגלישן שטאַטסמאַן לאָרד ביקאָנספילד, וואָס איז אויך געווען אַ נאָוועלן־שרייבער. פריער פון אַלץ האָב איך איבערגעלייענט אַלע ראָמאַנען און נאָוועלן, וואָס ער האָט געשריבן, דערנאָך נאָכגעפאָלגט די געשיכטע פון זיין פּאָליטיש־געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט, געלייענט אַלע זיינע פּאָליטישע רעדעס אין פּאַרלאַמענט; און היות ווי מיין עיקר־אינטערעס איז געווען ביקאָנספילד, האָבן מיך רעדעס וועגן ענינים, וואָס סתם וואָלט איך זיך מיט זיי נישט אָפּגעגעבן, אָנגעהויבן אינטערעסירן, און נישט נאָר זיינע רעדעס, נאָר אויך די רעדעס, וואָס עס האָבן געהאַלטן זיינע חברים — פּאַרלאַמענטאַריער, באַזונדערס די רעדעס פון זיינע קעגנער און שונאים. ער האָט געהאַט אַן אַ שיעור שונאים און אַ צאָל פון זיי זענען געווען אָנגעזעענע פּערזענלעכ־קייטן; איך בין געוואָרן אין די דאָזיקע מענטשן רעלאַטיוו פאַראינטערע־סירט, מחמת דעם, וואָס יענעם, ווען זיי זענען דערגאַנגען די יאָרן, איז געווען מיין צענטראַלע געשטאַלט, און ביסלעכווייז האָב איך געמוזט דורכ־שטודירן אַ גרויס קאַפּיטל פון ענגלאַנדס פּאָליטישן לעבן".

געאָרג בראַנדעס איז אויך באַרימט ווי אַ וואָרט־קינסטלער, ער ווערט פאַררעכנט פאַר דעם בעסטן סקאַנדינאַווישן רעדנער. דער שרייבער פון די שורות האָט געהאַט די געלעגנהייט צו הערן אים עטלעכע מאָל ביי עפנטלעכע אַרויסטרעטונגען. דאָס ערשטע מאָל, בעת עס איז אין קאָפּענ־האַגען געפייערט געוואָרן דער פופציקיאָריקער יובילי פון זיין ערשטן עפנטלעכן פאָרטראָג אין קאָפּענהאַגענער אוניווערסיטעט. ער האָט דעמאָלט געהאַט פאַר דער דענישער אינטעליגענץ וועגן „איליאַדע און אָדיסיי". פאַכמענער פון דער גריכישער קולטור, וואָס זענען געווען אָנווע־זנדיק אויף דעם פאָרטראָג, האָבן נישט געפונען קיין ווערטער פון באַ־גייסטערונג, איז ער דאָך באַקאַנט פאַר אַ העליאַנער זיין גאַנץ באַוווסטזיניק לעבן. היינט דאָס ריידן גופא, די איבערלעבונגען, די וואַרעמקייט פון זיין ריידן, פיינע ענערגישע האַנט־באַוועגונגען, זיין איראָנישער שמייכל, היינט

זיך שטים! אַ גרויסע ענלעכקייט האָב איך באַמערקט אין דער רעדנער־קונסט צווישן אים און ד״ר חיים זשיטלאָווסקי.

דערנאָך האָב איך אים געהערט אין דער דעניש־איטאַליענישער דאַנטע־געזעלשאַפט ריידן וועגן איטאַליע אין 17טן, 18טן און 19טן יאָר־הונדערט. ער האָט גערעדט מיט אַזאַ פאַרנעם און זיכערקייט, אַז איין זאַל איז געווען זייער פריילעך, בעת בראַנדעס האָט, ריידנדיק אַ זאָג געטאָן: „ווען מיין זכרון זאָל מיך נישט אָפּנאַרן און ווען מיין באַלעזנקייט וואָלט געווען גרעסער, וואָלט איך געקענט ברענגען אַ סך מער מוסטערן וועגן דעם איינפלוס פון איטאַליע״.

איך האָב אים אויך געהערט ריידן פון דער בינע, בעת מען האָט אין בעסטן טעאַטער געפּראָוועט דעם דרייהונדערטיאָריקן געבוירנטאָג פון מאָליערס באַקאַנטע קאָמעדיע „טאַרטיף״.

געאָרג בראַנדעס׳ רעדע האָט אַזוי באַגייסטערט, אַז די צייטונגען האָבן צו מאָרגנס געשריבן: דער גרויסער גייסט, געאָרג בראַנדעס, איז געווען דאָס קונסטווערק פון אָוונט, און ווייטער: „נאָך געאָרג בראַנדעס׳ רעדע וועגן מאָליער, האָט די אויפפירונג פון „„טאַרטיף״ געווירקט בלאַס און דיסהאַרמאָניש״, נישט געקוקט, וואָס עס האָבן געשפּילט אין דער אויפפי־רונג די סאַמע בעסטע און אָנערקענסטע קינסטלער פון דענעמאַרק.

נישט געקוקט, וואָס בראַנדעס האָט פאָרויסגעזאָגט די וועלט־מלחמה, איז זי געווען פאַר אים אַזאַ קאַטאַסטראָפע וואָס האָט אים באַרויבט פון די לעצטע אילוזיעס. אין זיינע אויגן האָט די מלחמה נאָר געבראַכט חורבות און צעשטערונג; ער האָט נישט געזען אין קיין איינעם פון די צדדים קיין שום אידעאַל אָדער געפיל פאַר יושר, ער האָט דעריבער איבערגעריסן יעדע פאַרבינדונג מיט זיינע פריינד אין די מלחמה־לענדער און זיך איינ־געשלאָסן אין זיין שטודיע־חדר.

איינער פון זיינע אַמאָליקע פריינד — קלעמאַנסאָ — האָט זיך געוווּנ־דערט, פאַר וואָס בראַנדעס איז אַזוי רואיק, בעת פראַנקרייך געפינט זיך אין אַ מוראדיקן קריזיס, צי דען זשע האָט בראַנדעס נישט ליב געהאַט פראַנקרייך און איר קולטור, וואָס די דייטשע חיילות האָבן געדראָט חרוב צו מאַכן? האָבן דען די דייטשן נישט געברענט בעלגישע און פראַנצוי־זישע שטעט? הרגענען דען זיי נישט קיין אומשולדיקע מענטשן? דאָס

אַלץ וועגן דייטשלאַנד איז דאָך אמת, פאַר וואָס זשע שווייגט געאָרג בראַנדעס ?

אָבער און ווידער האָט קלעמאַנסאָ אויפגעפאָדערט זיין פריינד און חבר אַרויסצוזאָגן זיין מיינונג. ענדלעך האָט בראַנדעס געענטפערט.

אין מערץ 1915 האָט געאָרג בראַנדעס אין זיין תשובה צו קלעמאַנסאָ זיך אָפּגעזאָגט צו געבן עמעצן פון די קריגספירנדיקע מלוכות זיין אויסדרוק פון סימפּאַטיע: „מחמת קיינער פון זיי פאַרדינט נישט קיין סימפּאַטיע", „מלחמה איז אַזאַ שרעקלעכע משוגעת, אַזאַ אויפרודערנדיקע האַנדלונג, אַז מענטשן פון גייסט האָבן קיין אַנדערע ברירה נישט, ווי שווייגן, בשעת די קאַנאָנען ליאַרמען". ער ווייזט אָן, אַז ער איז שולדיק יעדן אייראָפּעאישן קולטור־לאַנד — פראַנקרייך, דייטשלאַנד, ענגלאַנד — אַ טייל פון זיין גייסטיק וועזן. ער רעדט אין זיין תשובה נישט ווי אַ רעפּרעזענטאַנט פון אַ באַשטימט פאָלק, נאָר פון אַ קולטור. ער קען זיך נישט פרייען ביים זיג פון די „אַליאירטע", ווייל אויך זיי רעפּרעזענטירן נישט קיין גערעכטיקייט.

אין אַ נייער פּאָלעמיק אין 1916, אין אַן ענטפער צו ווילליאַם אַרטשער, וואָס האָט פונקט ווי קלעמאַנסאָ געהאַט צו אים אַ טענה, הלמאי ער ווייזט נישט אַרויס זיין מיטגעפיל צו פראַנקרייך און ענגלאַנד — האָט ער זיך געהאַלטן ביי זיין שטאַנדפּונקט.

געאָרג בראַנדעס האָט געזען בלויז איין און איינציקן חילוק צווישן דייטשלאַנד און איר קעגנער: בעת די דייטשן לייקענען נישט, אַז זיי קעמפן פאַר מאַכט, באַהאַלטן פראַנקרייך און ענגלאַנד זייער מאַכט־טעאָריע אין הינטערגרונט.

1923

## געאָרג בראַנדעס וועגן חיים נחמן ביאַליק

פריינד פון דער העברעאישער ליטעראַטור האָבן שטאַרק חשק געהאַט, אַז חיים נחמן ביאַליק זאָל קריגן דעם נאָבעל־פּרייז, וואָס די אַקאַדעמיע אין שוועדן טיילט אויס יערלעך פאַר דעם גרעסטן ליטעראַרישן ווערק;

באַזונדערס איז געווען אין דעם פאַראינטערעסירט פּראָפעסאָר דוד סימאָנ־כסען, דער רב הכולל פון דענעמאַרק. און אַזוי ווי די שוועדישע אַקאַדעמיע האָט זיך שטאַרק גערעכנט מיט געאָרג בראַנדעס׳ רעקאָמענדאַציעס, דערי־בער האָט מען צוגעשטעלט געאָרג בראַנדעסן די איבערזעצונגען פון ביאַליקס שירים. צוליב דעם, וואָס בראַנדעס איז געווען געצוווּנגען צו לייענען ביאַליקס ווערק נישט אין אָריגינאַל, איז זייער אַ סך פאַרלוירן געגאַנגען.

דאָס דאָזיקע אַרטיקל וועגן ביאַליקן האָט בראַנדעס געשריבן אין 1915, און ווייל עס איז געשריבן געוואָרן אין דער צייט, ווען די ערשטע וועלט־מלחמה האָט זיך שוין געהאַט צעפלאַקערט, שילדערט געאָרג בראַנ־דעס, אין ערשטן העלפט פון דעם אַרטיקל, די שרעקלעכע לײדן, וואָס די יידן זענען אויסגעשטאַנען פון די צאַרישע באַאַמטע, צוליב דעם, וואָס מען האָט זיי באַשולדיקט אין די רוסישע מפּלות; ער שרייבט אויך וועגן דער מיאוסער ראָלע, וואָס עס האָבן געשפּילט די פּאָליאַקן; זיי האָבן פאַר־שפּרייט העצעס קעגן יידן. די שרעקלעכע יידישע לײדן שילדערט בראַנדעס, כדי צו ווייזן די אַטמאָספערע, אין וועלכער ביאַליק האָט געלעבט און געשאַפן.

געאָרג בראַנדעס שרייבט אין דער הקדמה צו דעם אַרטיקל וועגן חיים נחמן ביאַליק:

„איך האָב לעצטנס געזען „פּסח־אייער״ (פּאַסכאַ־אייער), וואָס די פּאָליאַקן האָבן געשיקט צו די פּוילישע סאָלדאַטן אין די יום־טוב־טעג פון פּסח. אויף דעם אויבערשטן טייל פון פּסח־איי איז, אַנשטאָט אַ פאַרפּו־צונג, פאַראַן אַ בילד פון אַ פּוילישער פרוי, וואָס ליגט פעסט צוגעבונדן צו אַ טיש, אַרום איר זיצן פיר פּוילישע יידן, וועלכע צאַפּן אויס מיט זייג־מכשירים איר בלוט, וואָס דאַרף געניצט ווערן אויף פּסח צו די מצות. אויף דער צווייטער זייט פון איי ווערן די פּוילישע סאָלדאַטן אויפגעהעצט נקמה צו נעמען אין די יידן.

אַזעלכע און ענלעכע געשעענישן פון היינט צו טאָג, מוז מען אין זינען האָבן, ווען מען נעמט זיך לייענען דעם ליריקער, וואָס שטייט פאַר די מזרח־אייראָפּעאישע יידן ווי זייער אָנגעזעענסטער און געאַכטעסטער דיכ־טער; דער פּאָעט וואָס קען זיך אויך באַרימען מיט דעם פולסטן צוטרוי פון די יידן אין זייער גרעסטער באַוווּנדערונג צו אים און זיינע פּאָעטישע ווערק.

חיים נחמן ביאַליק האָט ווידער לעבעדיק געמאַכט די אַלטע העברעאישע שפּראַך. דער לייענער וואָס קען בלויז ביאַליקן פון איבערזעצונגען — איז נישט ביכולת געגוג צו באַשטימען זיין באַדייטונג ווי דער באַהערשער פון דער פּאָעטישער פאָרעם, נאָר מוז זיך באַגנוגענען בלויז מיטן איינדרוק פון דעם דיכטערס וועזן".

אָט איז געאָרג בראַנדעס' אַרטיקל „חיים נחמן ביאַליק" אין מיין איבערזעצונג:

געבוירן איז ביאַליק אין 1873, אין ראַדי, אַ דאָרף אין דער רוסיש־פּוילישער גובערניע וואָלין, ווו זיין פאָטער האָט געהאַט אַן אָרעמע פּויע־רים־קרעטשמע, אָבער ער האָט זיך אויך אָפּגעגעבן מיט לערנען. ווען חיים נחמן ביאַליק איז אַלט געוואָרן זעקס יאָר, האָבן זיינע עלטערן אויס־געוואַנדערט קיין זשיטאָמיר, ווו זיין פאָטער איז גלייך נאָך דעם געשטאָרבן. דאָס יינגל איז געקומען אונטער דער השגחה פון זיין זיידן, און געקריגן אַ יידישע דערציאונג, וואָס איז מיט אַן ערך הונדערט יאָר צוריק נאָך געגעבן געוואָרן די יידישע קינדער אין מערב־אייראָפּע און ווערט נאָך היינט צו טאָג געגעבן די יידישע קינדער אין מזרח־אייראָפּע. טעג און יאָרן האָט ער פאַרבראַכט לערנענדיק גמרא. ער איז אַריינגעפירט געוואָרן אין די געהיימנישפולע טראַדיציעס, לאָזנדיק זיך באַוועלטיקן פון די נישט־ווינציקער געהיימנישפולע נאַטור־איינדרוקן. ער האָט אָבער גע־בענקט נאָך אמתדיקן לעבעדיקן וויסן, געהאָפט צו געפינען דאָס אין דער וואָלאָזשינער ישיבה, דאָרטן האָט ער אָבער געפונען אומאויפהערלעכע פּירושים איבער דעם תלמוד און ענדלאָזע וויכוחים. דאָך איז צו אים דער־גאַנגען די ידיעה וועג אַ נייער באַוועגונג און וועגן נייע האָפענונגען אין רוסישן יידנטום; ער איז געוווּיר געוואָרן ווי שטאַרק דער ציוניזם האָט זיך פאַרשפּרייט צווישן די יידן און אויך וועגן דעם גייסטיקן פירער פון אָט דער באַוועגונג — אחד־העם. כדי צו זיין נאָענט צו אחד־העמען און באַפּרוכפּערט צו ווערן פון אים, האָט ביאַליק דאַן פאַרלאָזן די ישיבה און דעם תלמוד און איז אַוועק קיין אָדעס, וואָס איז ביסלעכווייז געוואָרן זיין היים.

אַ שטיקל צייט האָט ער געלעבט אין סאָסנאָוויץ, דאַן אין וואַרשע. אָבער ער האָט זיך אומגעקערט קיין אָדעס, ווו ער האָט פון 1905 אַרויס־

געגעבן, צוזאַמען מיט אחד־העמען, אַ העברעאיש־ליטעראַרישע מאַנאַט־שריפט. דער יידיש־רוסישער קריטיקער ראַווניצקי, וואָס האָט געזען ביאַליקס ליד „אל הציפור" (צום פויגל) האָט באַמערקט אין אים אַ סך טאַלאַנט, און צוזאַמען מיט ראַווניצקין האָט ער אָנגעפירט אַ סך יאָרן דעם פאַרלאַג „מוריה".

דער יאָמער פון דער גאַנצער מענטשהייט שפיגלט זיך אָפּ אין ח. נ. ביאַליקס דיכטונג. אַ דריי טויזנט־יאָריקער יאָמער, וואָס איז אויך געהייליקט מיט האָפענונגען און אויפטואונגען; מיט געטלעכע וויזיעס און תפילות. אַ רייכע אומווירקלעכקייט, ווי אַ ראַם אַרום אַן איינאייציקער ווירקלעכקייט — פיינלעכער מאַרטירערטום.

ווי געטריי דער דאַזיקער ליריקער איז צו זיך און זיין שטאַם. קיין שום פּלאַסטיק. זעלטן עפּעס וואָס איז ממשותדיק, אָדער אָנשוילעך פון דער דרויסנדיקער וועלט; קיין מאָל נישט קיין געשטאַלטן וואָס לויכטן און באַוועגן זיך פריילעך אין דער זון פון לעבן. און ווי ערנסט שרייבט דער דאָזיקער ליריקער! קיין מאָל נישט קיין פערז, קיין מאָל נישט קיין קורץ־געפּאַסטער אָפּגערונדעטער געזאַנג, וואָס קלינגט אַזוי נאַטירלעך אין שפּראַכן פון יינגערע צייטן, די וואָס דאַרפן נישט מיט מי זיך אַריינפּאַסן אין דעם באַנעמען און אין די סענטימענטן פון מאָדערנעם לעבן.

עס ליגט אַ יום־טובדיקייט, אַ תפילה־געזאַנג, אַן ערנסטקייט פון אַ קהילה־געבעט אַפילו אין די לידער, וואָס זענען טיף־פּערזענלעך. רירנדיק איז דאָס ליד אין וועלכן ביאַליק דערציילט פון וואָגען ער האָט געירשנט זיין געזאַנג. אין זיין פאָטערס חדר האָט געוווינט אַ זינגער, וואָס איז געווען באַהאַלטן אין די פינצטערע לעכער און שפּאַלטן, הינטער די אָרעמע שטובזאַכן. דער דאָזיקער זינגער האָט פאַרמאָגט נאָר איין־איינציקן טאָן, אַ מאַרטירער־טאָן! דאָס געזאַנג פון איינטאָניקע ליידן. און אָפּט, ווען דעם יינגלס האַרץ איז שטיל געווען, ווען זיין געוויין — דערשטיקט, און די צונג זיינע — שטום, צוגעקלעפּט צום גומען — דעמאָלט האָט אין דער וויסטער נשמה פון דעם יינגל אַריינגעדרונגען דער טרויעריקער טאָן פון יענעם באַהאַלטענעם מוזיקאַנט — די גריל, דער זינגער פון דער נויט!

די שבת־לייכטער זענען געווען פאַרמשכונט, און אויף זייער אָרט האָט געברענט אַ מאַט ליכטל, צוגעקלעפּט פעסט צום שטיקל ליים. די שאָטנס האָבן געטאַנצט, און זיבן קינדער, הונגעריקע, שלעפעריקע האָבן אַרומגע־

רינגלט דעם טיש, אויף וועלכן עס איז נישט געווען, נישט קיין חלה און נישט קיין ווייַן. דער פאָטער האָט צעשניטן דעם הערינג מיט אַ שטומפּיק מעסער, געטיילט יעדן אַ שטיקל, און בעת די קינדער האָבן ברומענדיק געזונגען די זמירות, האָט זיך פון אַ ווינקל אין חדר געהערט געזאַנג פון דער גריל, ווי זי וואָלט זיך איינגעהערט אין דעם ברומען פון די זמירות, און געגעבן דעם ריכטיקן טאָן.

די נאַטור־דערשיינונג, צו וועלכער ביאַליק ווערט כמעט אויסשליסלעך מיטגעריסן, און באַזינגט זי תמיד — איז דאָס ליכט, די שטראַלן פון דער זון. אַ שיין ליד הייסט „מאָרגן־גייסטער"; ער וואַכט אויף, ווי דער מוטער־קוש, אָדער דאָס שוואַלבן־געזאַנג, וואָלטן אים אויפגעוועקט פון זיסן דרימל, אָדער גאָר די ליכט־שטראַלן, וואָס האָבן געשיינט און געשטראַמט אויף זיין פּנים, האָבן אים אויפגעוועקט. די פעדעם פון חלום, וואָס זענען איבערגעריסן געוואָרן, פּילן זיך נאָך, די פרימאָרגן־גייסטער קלאַפּן נאָך, ווי טויבן, אויף די פענצטער־שויבן; זיי צעשפּרייטן ליכט, ברענגען דאָס ליכט, וואָס שיינט דאַן אויף די סודותדיקע זאַנגען, אויף גלאַנציקע כוואַליעס, אויף מאָרגנטוי, און אויף קליינע קינדער און מוטערס — די, וואָס גייטיקן זיך אין דעם ליכט. דאָס האַרץ פון דיכטער צעגייט. ער פאַרמאַכט די אויגן אין שטילער פרייד. דאָס דאָזיקע ליכט האָט אים איבערוועלטיקט!

אין אַ סך שירים, ווי „צום פויגל", וואָס קומט פון דרום און ברענגט מיט זיך אַ דופּט און אַ באַלזאַם־הויך פון שרונס טאָלן, און אין אַ ריי אַנדערע לידער, דריקט ביאַליק אויס זיין ליבע צום יידישן פאָלק און צו ציון; דאָס בענקען און גאַרן נאָך ציון. אויך דאָ איז פאַראַן די זון, צו וועלכער ער שיקט זיין תפילה און נאָך וועלכער ער גאַרט אַ פאַרשמאַכטער פון דאָרשט.

די פּאָר ליבע־לידער, וואָס געפינען זיך אין ביאַליקס זאַמלונג, זענען אויס צו זיין שוואַך־באַווירקט פון שיר־השירים. פאַראַן אין זיי פרייד פון שיר־השירים איבער דער נאַטור און פרילינג. אָבער נישט קיין פונק פון איר לעבעדיקער און וואַרעמער גלוסטיקייט. זיי זענען אויך באַהויכט פון אַ ר'עליגיעזיטעט, וואָס איז שיר־השירים פרעמד. אין אַנדערע לידער ווייזט זיך ביאַליק מיטן געפיל און מיט דער שטרענגקייט פון אַ נביא: גאָט האָט אים געשיקט. ער זאָגט אָן, שטראָפט, און טרייסט. דאָ איז פאַראַן שטאַרקייט, אָבער נישט די פּעאיקייט, וואָס שאַפט בילדער און פאַרמירט געשטאַלטן.

ביאַליקס לייענער פאַרלאַנגען אָבער נישט עפּעס אַנדערש פון אים, ווי נאָר דאָס וואָס ער גיט. ער איז דער גייסט, ביי וועמען די נייע העברעאישע לייענער געפינען נאַרונג; דער דיכטער, וואָס קען זייער צער, זייער הכנעה און זייערע ווונטשן; דער פּאָעט, וואָס דריקט אויס זייער חלום, און וואָס זאָגט זיי אָן אַ צוקונפט אין מאָרגן־ליכט, אין שלום און אין פרייהייט אויף ציונס ערד.

## קאָרעספּאָנדענץ צווישן הערצלען און בראַנדעסן

ד״ר רפאל עדעלמאַן האָט מיט אַ צייט צוריק פאַרעפנטלעכט אין דער שוועדיש־יידישער צייטשריפט „יודיסק טידסקריפט״ (יידישע צייטשריפט) אַ בריוו־אויסטויש צווישן טעאָדאָר הערצלען און געאָרג בראַנדעס. ד״ר ר׳פאל עדעלמאַן איז דער ביבליאָטעקאַר פון דער יידישער אָפּטיילונג אין דער קאָפּענהאַגענער קעניגלעכער ביבליאָטעק.

דעם ערשטן בריוו האָט טעאָדאָר הערצל געשריבן דעם 13טן נאָוועמבער 1896. ניין חדשים נאָך דעם ווי ער האָט געהאַט פאַרעפנטלעכט זיין „יידנשטאַט״.

אַז געאָרג בראַנדעס האָט תיכף דערשפּירט טעאָדאָר הערצלס אידעאַליזם און גרויסקייט, זעט מען בולט אין זיין ענטפער. אגב, איז כדאי צו דערמאָנען, אַז בראַנדעס האָט געהאַלטן הערצלס בריוו צווישן זיין אָפּגעהיטענער קאָרעספּאָנדענץ. אויך טעאָדאָר הערצל האָט אָפּגעהיט געאָרג בראַנדעס׳ בריוו אין משך פון אַכט און דרייסיק יאָר. טעאָדאָר הערצלס קאָרעספּאָנדענץ און טאָגביכער געפינען זיך אין דעם אַרכיוו פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין ירושלים.

אָט איז טעאָדאָר הערצלס בריוו צו געאָרג בראַנדעס:

זייער חשובער הער!

עס וואָלט מיך שטאַרק פאַראינטערעסירט צו הערן אייער מיינונג וועגן מיין שריפט „דער יודענשטאַט״.

איך שיק אייך דאָ בייגעלייגט מיין קליין ביכל, וואָס איז דערשינען מיט דריי פערטל יאָר צוריק (דעם 14טן פעברואַר, 1896).

פון זינט מיין שריפט איז דערשינען, האָב איך געמאַכט נסיעות קיין קאָנסטאַנטינאָפּאָל און לאָנדאָן.

די זאַך איז מעגלעך (ד. ה. די רעאַליזירונג פון יידנשטאַט" — י. ז.), אויב אפילו עס זאָל געשען נישט פונקט אַזוי ווי עס שטייט אין בוך.

איך ווייס נישט אויב איר האָט געהערט מיין נאָמען. איך בין דער פעליעטאָן־רעדאַקטאָר פון דער „נויע פרייע פּרעסע", און בין פריער געווען דער פּאַריזער קאָרעספּאָנדענט פון דער דאָזיקער צייטונג. דאָרט האָב איך געשריבן אַ בוך וועגן דעם „פּאַלעי בורבאָן" (די פראַנצויזישע דעפּוטאַטן־קאַמער — י. ז.), וואָס איז דערשינען אין פאַרלאַג דונקער און הומבאָלט — אין יאָר 1895.

מיט דרך־ארץ, אייער איבערגעגעבענער

טעאָדאָר הערצל

געאָרג בראַנדעס איז צו יענער צייט געווען דער אָפּגאָט פון דער אייראָפּעאישער אינטעליגענץ און איז כסדר אַרויסגעטראָטן קעגן יעדער פאָרעם פון נאַציאָנאַליזם. זיין ליטעראַטור־קריטישער איינשטעל איז געווען אַן אוניווערסאַלער. אַוודאי האָט ער געזען די קוואַלן אין דער נשמה פון יעדן פאָלק, פון וואַנען עס שטראָמען די פאַרשידענע קולטורן; די אייגנאַרטיקע נאַציאָנאַלע מאָטיוון אין די ליטעראַטורן פון יעדן פאָלק; די אייגנטימלעכע פאָלקס־וואָרצלען, פון וועלכע עס וואַקסן אַרויס פאַרשידענע קונסט־פאָרמען. געאָרג בראַנדעס האָט שטענדיק געזוכט דעם פאָדעם, וואָס פאַרבינדט אַלע ליטעראַטורן; די שותפותדיקייט צווישן די קולטור־ווערטן פון פעלקער, די איינהייטלעכקייט פון מאָטיוון און שטרעמונגען אין די גייסטיקע שאַפונגען פון פעלקער.

געאָרג בראַנדעס האָט געזען דעם העכסטן אויסדרוק פון קולטור אין אוניווערסאַליזם, דערפון — זיין קעגנערשאַפט צו נאַציאָנאַליזם, וואָס איז ביי אים געווען אַ סינאָנים פון שאָוויניזם.

דאָס דאַרף מען אין זינען האָבן בעת מען לייענט בראַנדעס' ענטפער אויף הערצלס ווענדונג.

און איצט — געאָרג בראַנדעס' ענטפער:

קאָפּענהאַגען, דעם 7טן דעצעמבער, 1896.

זייער חשובער!

ווען איך זאָל אייך זאָגן, אַז איך דערהאַלט טעגלעך דורך דער פּאָסט צוואַנציק בריוו און אַכצן בענד געדרוקטע ביכער, וועט איר זיכער נישט האָבן קיין פּאַראיבל אויף מיר, וואָס איך האָב אייך תיכף נישט געענטפערט.

איך האָב זייער אויפמערקזאַם געלייענט דאָס בוך, וואָס איר זענט געווען אַזוי פריינדלעך מיר צו שיקן, און געלייענט עס מיט סימפּאַטיע.

איך בעט אייך נישט לייגן קיין סך געוויכט אויף מיין מיינונג, ווייל איך פיל זיך נישט גענוג קאָמפּעטענט.

איך האָב מיינע ספיקות, צי מען קען די יידן היינט־צו־טאָג נאָך באַטראַכטן ווי אַ „פאָלק". זיי האָבן נישט קיין בשותפותדיקע זכרונות און נישט קיין בשותפותדיקע דערציאונג, און זיי פאַרמאָגן נישט קיין אמתן נאַציאָנאַלן שטאָלץ. זיי האָבן איין פאָטערלאַנד, וואָס זיי באַטראַכטן מער־אָדער־ווייניקער פאַר זייערס, אָבער נישט קיין יידישס. איך גופא האָב זיך קיין מאָל נישט געפילט ווי אַ ייד, סיידן דעמאָלט, ווען מען האָט מיר פון צייט צו צייט דערמאָנט, אַז איך בין אַ ייד. עס האָט קיין מאָל נישט געטראָפן, אַז יידן זאָלן מיך אין דער פרעמד באַגעגענען ווי אַן אייגענעם, אָבער די דענער, די שוועדן, די נאָרוועגער און פינלענדער האָבן מיך אויפגענומען ווי זייער לאַנדסמאַן.

דער אַנטיסעמיטיזם אין דער דייטש־עסטרייכישער פאָרעם איז ביי אונדז אין צפון נישט באַקאַנט. מסתמא איז עס דערפאַר, וואָס דאָ געפינען זיך פאַרהעלטנישמעסיק ווייניק יידן, און זייערע שטאָטלעכע רעכט זענען אַזוי באַגרענעצט, אַז זיי רופן נישט אַרויס קיין קנאה.

איך פאַרשטיי דעריבער אַזוי גוט, אַז עס איז פאַראַן אַ טיפער ווונטש ביי אַ סך אונטערדריקטע יידן אויסצוואַנדערן, און עס איז שיין פון אייך אַרויסצורופן ביי זיי דעם געדאַנק וועגן אַ פאָטערלאַנד. די פעאיקייטן פון דעם יידישן שטאַם זענען זייער גרויס.

אָבער — איר קוקט מיר אויס צו זיין צו אָפּטימיסטיש. ווי אַזוי

קענט איר גאָר גלייבן, אַז דער סולטאַן און די מלוכות וועלן מסכים זיין איבערצוגעבן די יידן פּאַלעסטינע? איך בין סקעפּטיש געניגט צו גלייבן אין דעם. וואָס שייך אַרגענטינע, ווו דאָס באַזעצן זיך איז אַ סך עקאָנאָמישער און אויך שכלדיקער, געפינט זי זיך, ליידער, ווייט אַוועק. און הגם די רעגירונג דאָרטן האָט געגעבן איר הסכמה, וועט אָבער פון דעם, ווי עס ווייזט אויס, גאָרנישט ווערן.

צוליב וואָס, אייגנטלעך, ווילט איר הערן מיין מיינונג? איר האָט דעם ענין שטודירט, איך נישט.

אַ דאַנק אייער בוך בין איך צום ערשטן מאָל געוווּיר געוואָרן, אַז מען טראַכט נאָך היינט־צו־טאָג וועגן אַ יידנשטאַט. איך האָב בלויז געוווּסט, אַז דער פּרייסישער קעניג, פרידריך ווילהעלם דער פערטער, וואָלט וועלן שיקן די יידן קיין פּאַלעסטינע, און ווען ער האָט געפרעגט דעם באַנקיר מענדעלסאָן זיין מיינונג וועגן דעם, האָט אים מענדעלסאָן געענטפערט: „ווען דאָס וועט מקוים ווערן, מאַיעסטעט, האָב איך בלויז איין ווונטש". דער קעניג: „וועלכן ווונטש?" „צו זיין אין בערלין דער אַמבאַסאַדאָר פון דעם נייעם שטאַט".

איך זע די צייטונג, ווו איר זענט אַ מיטאַרבעטער, בלויז דעמאָלט, ווען מען איבערזעצט עפּעס פון מיר און מען שיקט עס מיר צו. איר וועט מיר מוחל זיין, וואָס איך האָב אייער בוך וועגן „פּאַלעי בורבאָן" נישט געזען.

מיט דרך־ארץ, אייער איבערגעגעבענער,

געאָרג בראַנדעס

טעאָדאָר הערצל האָט גוט געוווּסט, אַז געאָרג בראַנדעס האָט שוין דעמאָלט געהאַט פאַרעפנטלעכט זיינע ביכער וועגן בערנע, היינע, לאַסאַל און ביקאָנספילד־דיזראַעלי.

זיינע „הויפּטשטרעמונגען פון 19טן יאָרהונדערט" האָבן אים אַרויסגעבראַכט אויף דער אַרענע פון דער וועלט־ליטעראַטור, און הערצלען האָט זיך זייער געוואָלט, אַז בראַנדעס זאָל זיין באַקאַנט מיט זיין „יידנשטאַט" און אויך הערן זיין מיינונג.

אין געאָרג בראַנדעס' ענטפער צו הערצלען פילט זיך צווישן די שורות, אַז דער געדאַנק פון אַ יידנשטאַט אימפּאָנירט אים, כאָטש ער

באַהאַלט נישט זיין אוניווערסאַליזם, דאָך פאַרדריסט אים, וואָס די יידן האָבן מער נישט קיין נאַציאָנאַלן שטאַלץ — און וואָס זיי נעמען אים נישט אויף ווי אַן אייגענעם.

נאָך דעם, ווי הערצל האָט פאַרעפנטלעכט זיין „אַלטניילאַנד״, האָט בראַנדעס שוין געשריבן אַן אָפּהאַנדלונג וועגן דעם בוך, און אַ סך שטעלעס זענען פול מיט לויב און באַגייסטערונג, אָבער מיט אַ געוויסער מאָס רע־זערוואַציע.

הערצלס צווייטער בריוו צו בראַנדעסן:

דעם 10טן דעצעמבער, 1896.

זייער חשובער הער!

הגם איך דערהאַלט אויך אַ סך בריוו, וויל איך דאָך אייער פריינד־לעכע צושריפט תיכף דערליידיקן.

איך האָב געגלייבט, אַז מיין אידעע וועגן אַ יידנשטאַט וועט אייך שטאַרקער אָנרעגן. עס איז דאָך עפּעס נישט קיין קלייניקייט: דער רענעסאַנס פון אַ גאַנץ פאָלק! מיר האָט זיך געדוכט, אַז די שיינ־קייט פון דער אונטערנעמונג וועט אויפוועקן ביי אייך די סטרונעס פון אייער האַרפע, וואָס איר פאַרמאָגט בלי שום ספק.

איך אַרבעט אַרום דעם שוין אַ גאַנץ יאָר. מיר זענען גוט באַקאַנט די אַרגומענטן, וואָס מען ווענדט אָן קעגן דעם, און לויט די ענט־פערס צעטייל איך זיי אין קאַטעגאָריעס. מיר דאַרפן זיך באַמיִען צו פאַרטיפן זיך אין דער צייט, אין וועלכער מיר לעבן. מיר זענען געקומען צו אַ שיידוועג אין דער געשיכטע. מיר, יידן, פאַרמאָגן נאָך די פעאיקייט אויפצובויען אַן אייגענעם שטאַט.

איך דעפיניר אונדזער פאָלק אַזוי: אַ היסטאָרישע מענטשן־גרופּע, וואָס ווערט צוזאַמענגעהאַלטן דורך אַ געמיינזאַמען שונא.

איך פאַרלאַנג דורכויס נישט, אַז אַלע יידן זאָלן זיך באַזעצן אין פּאַלעסטינע (אַרגענטינע קומט מער נישט אין באַטראַכט). עס וועלן זיך באַזעצן די, וואָס ווילן און מוזן, זיי וועלן זיין די והותר צו באַ־שאַפן דעם נייעם שטאַט.

עס וועט פאַר אייך זיין אינטערעסאַנט צו וויסן, הער פּראָפעסאָר,

אַז די דאָזיקע ניי־יידישע באַוועגונג, וואָס איז אין גאַנצן איין יאָר אַלט, האָט זיך שוין פאַרשפּרייט איבער דער גאַנצער וועלט, און די אָנהענגערס ציילן זיך אין די הונדערטער טויזנטער.

איך קען נישט נאָך אַ באַוועגונג, וואָס מען זאָל זי האָבן אַזוי מיס־פאַרשטאַנען, פאַרלוימדעט און פאַרשוויגן, און דאָך וואַקסט זי ווי אַ יונגער גיבור.

איך גלייב נישט קיין איין רגע, אַז דער יידנשטאַט וועט אויפקומען פּונקט אַזוי ווי איך האָב עס פאָרגעלייגט אין דער בראָשור, וואָס איך האָב אייך געשיקט (זי איז שוין איבערגעזעצט געוואָרן אין צען שפּראַכן).

דאָס לעבעדיקע אַנטוויקלט זיך אומאָפּהענגיק פון דעם, ווער עס פּלאַנצט עס און היט עס אָפּ.

איך האָב בטחון, אַז דער שטאַט וועט אויפקומען. ווען? אפשר אויף יענער זייט גרענעץ פון מיין לעבן, וואָס וועט ווייזן, אַז מיין לעבן איז דאָך געווען כדאי.

מיט דרך־ארץ, אייער איבערגעגעבענער,

טעאָדאָר הערצל

אין געאָרג בראַנדעס׳ צווייטן בריוו צו הערצלען שפּירט זיך, אַז הערצלס ערנסטקייט און גלויבן אין דער פאַרווירקלעכונג פון אַ יידנשטאַט האָט געמאַכט אויף אים אַ שטאַרקן איינדרוק. געאָרג בראַנדעס שרייבט צו הערצלען צווישן אַנדערן:

איך געהער בשום אופן נישט צו די אָפּשפּעטערס פון אייער אי־דעאַל.

און ער גיט צו, אַז אין די עטלעכע ווערטער, וואָס ער האָט געשריבן וועגן „יידנשטאַט", דאַרף מען נישט זוכן זיין בליק און שטעלונג צו דעם ענין.

געאָרג בראַנדעס מאַכט הערצלען אַ „שרייבערישן" פאָרוואורף:

איר פילט זיך גיך אַנטוישט, ווען מ׳ווערט נישט גלייך באַגייסטערט פאַר אייער לעבנסווערק. איך בין שוין געוווינט צו דעם, אַז מען

זאָל פּאַר מיין לעבנסווערק (וואָס איז, גריילעך, באַגרענעצט לגבי אייערס) זיך אין גאַנצן נישט אינטערעסירן.

געאָרג בראַנדעס שרייבט הערצלען, אַז ער האָט קיין מאָל נישט צופיל געבויט אויף דעם אינטערעס, וואָס דער אָדער יענער האָט אים אַרויסגע־וויזן, און ער פאַרענדיקט:

איר זענט, נאַטירלעך, אַ סך יינגער פון מיר (הערצל איז דעמאָלט, אין 1896, אַלט געווען 37 יאָר, און געאָרג בראַנדעס 54 יאָר) און איר זעט, במילא, די וועלט אַנדערש ווי איך.

פון גאָר גרויס וויכטיקייט איז הערצלס דריטער און לעצטער בריוו צו געאָרג בראַנדעסן.

אין דעם ערשטן בריוו האָט הערצל אַרויסגעוויזן נייגעריקייט צו הערן די מיינונג וועגן זיין „יידנשטאַט" פון דעם דעניש־יידישן ליטעראַ־טור־קריטיקער געאָרג בראַנדעס, וועלכער האָט דעמאָלט געהאַט אַ וועלט־נאָמען. אין זיין לעצטן בריוו צו בראַנדעסן פילט מען הערצלס גלויבן אין דער פאַרווירקלעכונג פון זיין אידעאַל.

הערצל שרייבט דעמאָלט בראַנדעסן:

איך בין אייך שולדיק אַ דערקלערונג פאַר וואָס איך ווער אַזוי „לייכט אַנטוישט", נישט צוליב זיך ווער איך אַנטוישט. איך בין אין דעם פאַל נישט מער ווי אַן אָרעמער מענטש, אויך נישט צוליב מיין לעבנסווערק, וואָס איז אַ סך גרעסער פון מיר; איך בין דאָ נישט מער ווי אַ שקלאַף, וואָס טראָגט צו שטיינער צו אַ פּיראַמידע. אַנ־טוישט בין איך אין אייך, אָדער ריכטיקער, צוליב דער פאָרשטע־לונג, וואָס איך האָב געהאַט און האָב וועגן אייך אַ דאַנק אייערע ווערק. איך האָב געהאַלטן — און האַלט אייך — פאַר אַ ליבהאָבער פון שיינע זאַכן, דערפאַר האָב איך אייך געוויזן מיין זאַך. איך האָב געוואָלט זען אייער רעאַקציע. אפשר איז די זאַך גאָר נישט שיין? און אפשר מאַכט דאָס אַ מאָל אַ טעות דער מייסטער פון קונסט?

און הערצל פאַרענדיקט דעם בריוו צו געאָרג בראַנדעסן מיט שטאָלץ און אמונה אין זיין לעבנסווערק. ער שרייבט:

איר מיינט משמעות, אַז איך בין אַזוי יונג, און איר רייצט מיך אַ ביסל

מיט מיין יוגנט. איך בין 37 יאָר, דאָס איז אַן עלטער, וואָס איינער, אויב ער איז באמת בכוח עפּעס אויפצוטאָן, איז שוין אַזוי צו זאָגן, אַ מאַן.

אַזוי ווי איר זענט געווען אַזוי פריינדלעך און אויך איבערגעלייענט מיין רעפעראַט, דערלויבט מיר דערפאַר אייך זאָגן, אַז דאָס ווערק (די אידעע וועגן אַ יידנשטאַט — י. ז.) וואַקסט. עס געפעלט די הונ־געריקע, און, ווי עס ווייזט אויס, געפינען זיך, ליידער, אַ סך פון דעם מין.

# „געאָרג בראַנדעס און פּעטער קראָפּאָטקין"
## פון וולאַדימיר גראָסמאַן

וולאַדימיר גראָסמאַן האָט זיך קונה־שם געווען מיט זיינע ערנסטע פּובליציסטישע אַרטיקלען. ער איז אַ זשורנאַליסט פון גרויסן פאַרנעם, מחמת דעם, וואָס ער איז גוט באַהאַוונט אין דער אייראָפּעאישער קולטור־געשיכטע און פּאָליטיק.

וולאַדימיר גראָסמאַן איז דער עלטערער ברודער פון מאיר גראָסמאַן; אָבער בעת מאיר גראָסמאַן איז כל־ימיו, אַזוי צו זאָגן, אַן עקסטרעמער ציוניסט, איז וולאַדימיר גראָסמאַן געווען, און פאַרבליבן, אַן עקסטרעמער גלותיסט.

בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה האָבן זיך די ברידער גראָסמאַן אויפגעהאַלטן אין נייטראַלן דענעמאַרק. מאיר גראָסמאַן איז געווען פאַרטאָן ראשו רובו אין ארץ־ישראל־פּראָבלעמען. צוזאַמען מיט וולאַדימיר זשאַבאָ־טינסקי האָט ער אַרויסגעגעבן „די טריבונע". וולאַדימיר גראָסמאַן איז געווען דער עיקר פאַרטאָן און פאַראינטערעסירט אין רעגולירן דעם עמיג־ראַציע־שטראָם קיין קאַנאַדע, וווהין יידן פון מזרח־אייראָפּע האָבן געהאַלטן אין איינוואַנדערן.

עס דערמאָנט זיך ווי אויף אַ פאַרזאַמלונג אין קאָפּענהאַגען האָט וולאַ־דימיר גראָסמאַן געהאַלטן אַ פאָרטראַג וועגן די גרויסע מעגלעכקייטן פון

איינאָרדענען נייע ייִדישע אימיגראַנטן אויף די קנאַפּ־באַפעלקערטע שטחים פון קאַנאַדע. ער האָט דעמאָלט אַ סך ציטירט פון אַן אַרטיקל פון „צור־קונפט" פון א. י. וועגן דעם ענין קאָלאָניזאַציע, און נישט דערמאָנט דעם מחבר, מיך האָט דאָס שטאַרק געוווּנדערט, איך האָב זיך אָבער גלייך דערוווּסט, אַז דער מחבר א. י. איז געווען דער פּסעוודאָנים פון וולאַדימיר גראָסמאַן.

וולאַדימיר גראָסמאַן איז אויך באַקאַנט די סקאַנדינאַווישע לייענערס פון ערנסטע צייטשריפטן און צייטונגען. נאָך אין דער צייט פון דער ערש־טער וועלט־מלחמה האָט ער אָפט געשריבן פּאָליטישע אַרטיקלען אין דער דענישער באַרימטער צייטונג „פּאָליטיקען".

וולאַדימיר גראָסמאַן אין איז קאָפּענהאַגען געקומען אין באַרירונג מיט דענישע שריפטשטעלערס און אויך מיט געאָרג בראַנדעסן.

אין זיין בוך „געאָרג בראַנדעס און פּעטער קראָפּאָטקין" (ער האָט געדאַרפט הייסן: די קאָרעספּאָנדענץ צווישן געאָרג בראַנדעס און פּעטער קראָפּאָטקין), זעט מען וולאַדימיר גראָסמאַנס סאָלידע ידיעות און באַהאַ־וונטקייט אין דעם אידעען־איינשטעל פון די צוויי באַרימטע פּערזענלעכ־קייטן, אין פּאָליטישן מצב פון צאַרישן רוסלאַנד און צום טייל אויך פון ענגלאַנד און פון די סקאַנדינאַווישע לענדער.

אין דער הקדמה פון בוך, שרייבט צווישן אַנדערן וולאַדימיר גראָסמאַן:

„דער דענישער ליטעראַטור־היסטאָריקער, פּראָפעסאָר פּאול קריגער, פאַרדינט אַ גרויסן דאַנק פאַר דעם אופן, ווי ער האָט אַרויסגעגעבן די בראַנדעס־קראָפּאָטקין־קאָרעספּאָנדענץ, ווי אַזוי ער האָט זי צוגעגרייט צום דרוק און צוגעגעבן די נייטיקע אַנאָטאַציעס און אויפקלערונגען. די אַרבעט האָט גענומען עטלעכע יאָר. די בריוו האָבן זיך געפונען אין פאַר־שידענע לענדער, ס'רוב אין ענגלאַנד, אין בריטישן מוזיי און אין רוסלאַנד.

פרילינג 1954 איז פּראָפעסאָר קריגער איינגעלאַדן געוואָרן צו קומען קיין לענינגראַד און דאָ האָט ער באַקומען די פאָטאָקאָפּיעס פון קראָפּאָטקינס בריוו. אין רוסלאַנד האָט פּראָפ. קריגער אויך באַקומען אַ טייל פון בראַנ־דעס' בריוו צו קראָפּאָטקינען.

אין גאַנצן זענען אין בוך פאַראַנען 65 בריוו פון בראַנדעסן צו קראָ־פּאָטקינען און פון קראָפּאָטקינען צו בראַנדעסן. דער ערשטער בריוו פון

בראַנדעסן האָט די דאַטע: קאָפּענהאַגען, 22סטער מאַי 1896. דער לעצטער בריוו פון קראָפּאָטקינען איז דאַטירט: דמיטראָוו, מאָסקווער גובערניע, 28סטער אַפּריל 1919.

די גאַנצע קאָרעספּאָנדענץ איז פאַרעפנטלעכט אין אָריגינאַל, ד. ה. אין פראַנצויזיש״ (ז״ז 16—17).

געאָרג בראַנדעס האָט געפירט אַ פאַרצווייגטע קאָרעספּאָנדענץ מיט די באַדייטנדיקסטע קולטור־שעפער פון זיין צייט. און די קאָרעספּאָנדענץ האָט ער געפירט אויף כמעט אַלע אייראָפּעאישע שפּראַכן.

אויף פּעטער קראָפּאָטקין, וואָס האָט זיינע ווערק געשריבן, פאַרשטייט זיך, אויף רוסיש, האָט געקענט אַ ריי אַנדערע אייראָפּעאישע שפּראַכן, אויף וועלכע ער האָט פאַרעפנטלעכט גרעסערע אַרבעטן.

די בריוו און די דערקלערונגען האָט וולאַדימיר גראָסמאַן איבערגע־זעצט פון פראַנצויזיש, אָבער דאָרטן געפינען זיך אויך אַ סך קאָמענטאַרן, ווו עס פילט זיך שטאַרק דעם איבערזעצערס און צוזאַמענשטעלערס פּיעטעט און גרויס יראת־הכבוד פאַר די צוויי גייסטיקע פערזענלעכקייטן און שריפט־שטעלערס — געאָרג בראַנדעס און פּעטער קראָפּאָטקין.

אויב פּראָפעסאָר פּאַול קריגער, וואָס האָט אַרויסגעגעבן די בריוו, האָט אָנגעשריבן צו זיי „רש״י“, האָט וולאַדימיר גראָסמאַן געשריבן צו זיי „תוספות“, ווו עס זעט זיך אַרויס זיין חריפות באַזונדערס אין די פּאָליטיש־געזעלשאַפטלעכע געשעענישן פון יענער צייט.

דאָס איז געווען אַ צייט פון גרויסן אויפברויז; אין זייער קאָרעספּאָנ־דענץ שפּיגלט זיך אָפּ דער דרייפוס־פּראָצעס, דערנאָך די רוסיש־יאַפּאַנישע מלחמה און די רעוואָלוציע פון 1904. דער מאָרד פון דער עסטרייכישער קייזערין עליזאַבעט און די אַנטי־קראָפּאָטקין־העצעס אין שייכות מיטן מאָרד, און אַזוי כסדר. און ווען ס׳האָט זיך פאַרשפּרייט דער קלאַנג, אַז די סאָוויעט־רעגירונג האָט אַרעסטירט פּעטער קראַפּאָטקינען (דאָס האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר פאַלש), האָט דעמאָלט בראַנדעס געשריבן: „דער וואָס קען פּעטער קראָפּאָקינען ווייסט, אַז ער וועט שטאַרבן ווי סאָקראַטעס, נישט נאָר וועט ער זיך נישט באַקלאָגן, נאָר אין דער טיפעניש פון זיין האַרץ וועט ער פילן אַ הייסע סימפּאַטיע צו זיינע אומוויסנדיקע תלינים״ (זייט 238).

אין לעצטן בריוו צו בראַנדעסן, וואָס איז געשריבן פון דמיטראָוו, מאָסקווער גובערניע, דעם 28סטן אָקטאָבער 1919, טרעט קראָפּאָטקין

שאַרף אַרויס קעגן אַ מיליטערישער אינטערווענץ פון די מערב־מלוכות. „דאָס וועט צוריקברענגען צו אַ שאָוויניסטישער מאָנאַרכיע און האַס פון רוסישן פאָלק צו מערב־אייראָפּע. ער טרעט אויך שטאַרק אַרויס קעגן קאָלטשאַקן און דעניקינען — וואָס זייער האַנדלונג וועט ברענגען רעאַקציע און פּאַרגיסן טייכן בלוט (זייט 236). און ער שלאָגט פאָר, אַז די אַלאירטע זאָלן בעסער העלפן דעם רוסישן פאָלק אין דער שרעקלעכער נויט, אין וועלכער עס געפינט זיך.

אין פאָדערגרונט פון זייער קאָרעספּאָנדענץ שטייען קודם־כל זייערע ליטעראַרישע ווערק. זיי טיילן זיך אַפילו מיט די שטימונגען, וואָס באַ־הערשן זיי ערב זייערע שאַפונגען.

בעת די קאָרעספּאָנדענץ האָט זיך אָנגעהויבן אין יאָר 1896 האָט נאָך קראָפּאָטקין נישט געשריבן זיינע הויפּטווערק „זכרונות פון אַ רעוואָלו־ציאָנער", „קעגנזייטיקע הילף" און אַנדערע ווערק.

ווי נאָר אַ קאַפּיטל האָט זיך אָפּגעדרוקט אין ענגלאַנד אָדער אין אַמעריקע, האָט ער גלייך געוואָלט וויסן בראַנדעס' מיינונג; אויך בראַנדעס האָט זיך געפילט דערהויבן ווען קראָפּאָטקין האָט אויסגעדריקט אָנערקע־נונג אויף זיינס אַ ווערק.

זיי זענען דאָך געווען אַזוי פאַרשידן אין זייער גייסטיקער אידעען־איינשטעל: בראַנדעס האָט געהאַט וויניק אמונה אין „פּאָלק", ער איז געווען צו פיל אינדיווידואַליסט, בעת פּעטער קראָפּאָטקין האָט אַפילו אין דעם פּשוטסטן פויער געזען אַ בעל־שכל,ביידע זענען אָבער נישט געווען פאַרפאַנצערט קעגן אַנדערע אידעען.

וולאַדימיר גראָסמאַן דערמאָנט צוויי מאָל, אַז געאָרג בראַנדעס איז געווען שטאַרק אונטער דער השפּעה פון סוירען קירקעגאָרס קריסטלעכע אידעען, און אַז ער איז אַפילו שיעור נישט גרייט געווען אָנצונעמען דעם קריסטנטום. „ער (בראַנדעס) ווערט אָבער שפּעטער פאַרכאַפּט פון שפּינאָזאַן און באַטראַכט זיינע פילאָזאָפישע אידעען, ווי דאָס אמתע ליכט און דעם אמתן וועגווייזער אין מענטשלעכן דענקען און וויסן" (זייט 4).

איך בין זיך מודה, אַז איך האָב זיך קיין מאָל נישט אָנגעשטויסן אויף דעם.

אין געאָרג בראַנדעס' בריוו צו פרידעריק ניטשע, וואָס איז דאַטירט: קאָפּענהאַגען, דעם 11טן יאַנ. 1888, שרייבט ער: „עס איז פאַראַן אַ סקאַנדי־

נאָווישער דענקער, וואָס זיינע ווערק וואָלטן אייך שטאַרק פאַראינטערע־סירט, ווען איר וואָלט זיי געקאָנט לייענען אין אַ וועלכער עס איז איבער־זעצונג, איך האָב אין זין סוירען קירקעגאָר, וועלכער איז, ווי מיר דוכט זיך, איינער פון די טיפסטע פסיכאָלאָגן אין דער וועלט. אַ ביכל, וואָס איך האָט געשריבן וועגן אים, גיט נישט קיין אמתן באַגריף וועגן זיין געניאַלער פערזענלעכקייט, מחמת דעם, וואָס עס איז אַ פאָלעמישער פאַמפלעט, און געהאַט דעם צוועק צו פאַראַליזירן זיין ווירקונג. פסיכאָלאָגיש איז דער עסיי מיינער, אַזוי ווייזט מיר אויס, דאָס ראַפינירטסטע, וואָס איך האָב געשריבן אַ מאָל".

איך האָב ביי מיר אין ביבליאָטעק געאָרג בראַנדעס׳ עסיי וועגן סוירען קירקעגאָר, וואָס געפינט זיך אין צווייטן באַנד פון זיינע געזאַמלטע ווערק אויף דעניש, וואָס האָבן אָנגעהויבן דערשיינען אין 1919. די אָפּהאַנדלונג האָט געאָרג בראַנדעס געשריבן אין יאָר 1877 און פאַרמאָגט 125 גרויסע, געדיכט־געדרוקטע זייטן און איז איינגעטיילט אין 20 קאַפּיטלעך. אין דריי יאָר שפּעטער, האָט געאָרג בראַנדעס ווידער געשריבן אַן אַרבעט וועגן סוירען קירקעגאָרס פאַרבליבענע שריפטן. און אין יאָר 1900, ווען עס זענען דערשינען סוירען קירקעגאָרס „געזאַמלטע ווערק", האָט געאָרג בראַנדעס געשריבן דעם לעצטן עסיי וועגן אים.

אין אַלע דריי אַרבעטן בראַנדעס׳, וואָס פאַרנעמען 242 גרויסע זייטן, איז נישט פאַראַן די מינדסטע אָנצוהערעניש וועגן דעם, וואָס וולאַדימיר גראָסמאַן דערמאָנט אין זיינע אויסטייטשונגען.

אינטערעסאַנט איז ווי אַזוי געאָרג בראַנדעס הייבט אָן זיין עסיי וועגן סוירען קירקעגאָר:

„איך בין געווען כמעט נאָך אַ קינד, ווען מיר איז אויסגעקומען צו הערן דעם נאָמען קירקעגאָר... יעדעס מאָל, ווען איך האָב נישט ריכטיק אַריבערגעצויגן מיינע הויזן איבער די שטיוול, וואָס מען האָט דעמאָלט געטראָגן, האָט מיך דאָס הויזמיידל אָנגערופן — סוירען קירקעגאָר", און ער שרייבט ווייטער: „אויף אַזאַ אופן האָבן די קאַריקאַטורן אין „קאָרסאַרען" באַרימט געמאַכט קירקעגאָרס הויזן אין יענע קרייזן, ווו זיין זשעני האָט נישט געקענט גרייכן".

„קאָרסארען" האָט אַרויסגעגעבן דער יונגער רעבעל און שפּעטער־דיקער דעניש־יידישער קלאַסישער שרייבער, מאיר גאָלדשמידט, וואָס

האָט באַקעמפט דענעמאַרקס גייסטיקע אָפּגעשטאַנענקייט, באַזונדערס לגבי פראַנקרייך.

אין זיין שריפט האָט דער יונגער גאָלדשמידט שטאַרק קריטיקירט, ממש אָפּגעלאַכט, פון קירקעגאָרס טעאָלאָגישע דאָקטרינעס, ער האָט געחוזקט פון אים, און באַזונדערס זענען געווען זייער פּאָפּולער די קאַרי־קאַטורן פון סוירען קירקעגאָרס לאַנגע, אומגעלומפּערטע פיס און די הויזן זיינע.

גאָלדשמידט האָט געקעמפט קעגן דעם פּאָליטישן קאָנסערוואַטיזם און רעליגיעזן אַבסקוראַנטיזם פון דענעמאַרק; די שריפט, וואָס איז געווען זייער פּאָפּולער, איז אַזוי דערגאַנגען די יאָרן דעם עמפּינדלעכן פילאָזאָפישן שרייבער, אַז ער האָט בדעה געהאַט אין גאַנצן פאַרלאָזן דאָס שרייבעריי און ווערן אַ גלח אין אַ דאָרף.

בראַנדעס שרייבט, אַז די אָנגריפן אויף קירקעגאָרן זענען געווען נישט בלויז ווי אַ שטאָך פון אַ מיק (מאָסקיטאָ), וואָס טוט טאַקע וויי, נאָר ווי הונדערט טויזנט שטעך, וואָס קענען דערהרגענען אַ מענטשן. „און דאָך", שרייבט ער „זענען די דאָזיקע אָנגריפן געווען מילד און ראַפינירט לגבי די אָנפאַלן אויף מיר אין די שפּעטערדיקע יאָרן".

פאַרשטייט זיך, אַז צו יענער צייט האָט קיינער נישט געהאַט קיין אָנונג, אַז סוירען קירקעגאָר וועט, הונדערט יאָר נאָך זיין טויט (ער איז געשטאָרבן אין 1855), ווערן דער דענקער, ביי וועמען די אַנטוישטע אין מאַטעריאַליזם, וועלן זוכן גייסטיקע אינספּיראַציע און באַרואיקונג. „עקזיסטענציאַליזם" איז געוואָרן פּאָפּולער ביי אַלע, וואָס שרייבן אָדער ריידן וועגן מענטשנס איינזאַמקייט און פאַרלוירנקייט אויף זיין קורצן, דערנערדיקן וועג צו יענער זייט עקזיסטענץ.

וולאַדימיר גראָסמאַן, דער גוטער קענער פון געאָרג בראַנדעסן דעם פרייגייסט און אַטעאיסט, האָט געדאַרפט זיין זייער קריטיש צו יעדער באַהויפּטונג וועגן קירקעגאָרס קריסטלעכער השפּעה אויף אים.

ווי מיר האָבן געזען אין ציטירטן בריוו צו ניטשע, שרייבט בראַנדעס, אַז זיין ציל איז געווען צו פאַראַליזירן קירקעגאָרס איינפלוס.

וולאַדימיר גראָסמאַן דערציילט אין דער הקדמה וועגן פיל בענד בראַנדעס־קאָרעספּאָנדענץ, וואָס זענען שווין דערשינען. דאָס האָט ווייט נישט אויסגעשעפּט זיין קאָרעספּאָנדענץ.

אַט איז אין מערץ 1963 דערשינען אין קאָפּענהאַגען אַ בוך: „מאַסקעס און מענטשן״ פון דעם אַכציק־יאָריקן דענישן שוישפּילער, פּאַול רוימערט. דער דענישער אַרטיסט ברענגט דאָרטן אַ צאָל בריוו, וואָס בראַנדעס האָט אים געשריבן נאָך דעם ווי ער האָט אים געזען אויפטרעטן אויף דער בינע.

געאָרג בראַנדעס האָט טיטולירט דעם יונגן שוישפּילער: דו וועסט זיין אַ מאַרקעלוס.

דער יונגער שוישפּילער האָט געפרעגט בראַנדעסן, וואָס ער מיינט מיט דעם, אַז ער וועט זיין אַ מאַרקעלוס. און פּאַול רוימערט דערציילט:

„געאָרג בראַנדעס האָט מיך אָנגעקוקט מיט באַדויערן, ער, וואָס איז געווען אין דער היים אין אַזוי פיל צווייגן פון דער מענטשלעכער קולטור, האָט זיך נישט געקענט פאָרשטעלן, אַז איך ווייס נישט אויף ויעמען דער נאָמען באַציט זיך; און ער האָט מיר דערציילט, אַז דער קיסר אוגוסטוס האָט געהאַט אַ נאָענטן קרוב, מארקעלוס, וואָס איז געווען זייער באגאבט און מען האָט געלייגט אויף אים גרויסע האָפענונגען. צום גרויסן ווייטיק פון אַלע, וואָס האָבן אים געקענט, איז ער געשטאָרבן אין זיין פריער יוגנט. פון דעמאָלט אָן פלעגט מען אין רוים זאָגן אויף אַ יונגן מענטשן, וואָס ווייזט אַרויס פעאיקייטן: „דו וועסט זיין אַ מאַרקעלוס״.

די קאָרעספּאָנדענץ צווישן בראַנדעסן און קראָפּאָטקינען איז במשך פון די יאָרן געוואָרן נעענטער און האַרציקער. ווען איינער פון זיי איז קראַנק געווען, זעט מען דעם אויפריכטיקן מיטגעפיל פונעם צווייטן. אויך די משפחה־מיטגלידער, פּרוי קראָפּאָטקין און זייער טאָכטער, סאַשאַ, פיגורירן שטאַרק אין דער קאָרעספּאָנדענץ; און אַזוי אויך בראַנדעסעס טאָכטער, אידיט, וואָס האָט זיך שטאַרק געפרייט ווען קראָפּאָטקין האָט איר געשיקט אויף אַן אַלבום אַ ווידמונג.

בראַנדעס׳ ערשטע באַגעגעניש מיט קראָפּאָטקינען איז פאָרגעקומען אין לאָנדאָן, אין הויז פון רוסישן שריפטשטעלער סערגעי סטעפּניאַק.

אַ קורצע צייט נאָך דעם איז סטעפּניאַק אומגעקומען פון אַן אומגליק־פאַל, ער האָט גייענדיק געלייענט אַ בוך און נישט באַמערקט די באַן וואָס איז אָנגעקומען. דאָס איז געווען אַ שרעקלעכע קאַטאַסטראָפע פאַר קראָ־פּאָטקינען און אויך פאַר בראַנדעסן, און ביידע זענען געוואָרן פאַראינטע־

רעסירט אינעם גורל פון פרוי סטעפניאק, און נישט בלויז אין די טראַגישע טעג פון אומגליק.

קראָפּאָטקינס לעצטער בריוו צו בראַנדעסן, ווו ער מאַכט אַ פאַרגלייך צווישן דעם פּראָצעס, וואָס פראַנקרייך האָט דורכגעמאַכט בעת דער רעוואָ־לוציע פון די יאַקובינער, פון סעפּטעמבער 1792 ביז יולי 1794, מיט דער באָלשעוויסטישער רעוואָלוציע, איז אַ וויכטיק קאַפּיטל פּאָליטישע געשיכטע.

בראַנדעס און קראָפּאָטקין זענען ביידע געבוירן אין זעלבן יאָר, אין 1842; קראָפּאָטקין איז געשטאָרבן אין 1921, אין עלטער פון 79 יאָר אַ טיף אַנטוישטער אין דער רוסישער רעוואָלוציע.

בראַנדעס איז געשטאָרבן אין זיין היימשטאָט קאָפּענהאַגען אין יאָר 1927 אין עלטער פון 85 יאָר, אַרומגערינגלט מיטן אָן אַ שיעור פריינד.

וולאַדימיר גראָסמאַן פּאַרענדיקט זיין אָפּשאַצונג וועגן בראַנדעסן און קראָפּאָטקינען מיט עטלעכע ווערטער, וואָס וואַרפן אַ ליכט אויף די דאָזיקע צוויי שעפערישע פּערזענלעכקייטן, ער שרייבט:

„קיינער פון זיי האָט נישט פאַרזוכט ארויפצוצווינגען אויף דעם אַנדערע זיינע אייגענע אידעען, און זיי זענען פון דעסטוועגן געבליבן אויף שטענדיק אינטים־פאַרבונדענע פריינד. דאָס איז געווען אַ זעלטענער פאַל פון אידעען־טאָלעראַנץ" (זייט 18).

געאָרג בראַנדעס האָט אויך געפירט אַ נאָענטע קאָרעספּאָנדענץ מיט פרידריך ניטשע, אויף דייטש נאַטירלעך; אויך דאָרטן ווייזט בראַנדעס אַרויס אַ שטאַרקע פאַראינטערעסירטקייט נישט בלויז אין ניטשעס ווערק, נאָר אויך אין זיין גורל. ווען ניטשע שרייבט אים צום סוף פון אַ לאַנגן בריוו, וואָס איז דאַטירט דעם 26סטן נאָוו. 1887: „איך האָבן זיך אָפּגעזאָגט פון מיין פּראָפעסור אין דער באַזעלער אוניווערסיטעט; איך בין כמעט אין גאַנצן בלינד". ענטפערט אים אויף דעם בראַנדעס: „די לעצטע ווערטער, מיט וועלכע איר פאַרענדיקט אייער בריוו, האָבן געמאַכט אויף מיר אַ שווערן איינדרוק. האָט איר זיך געזען מיט גוטע אָקוליסטן, מיט די בעסטע? צוליב אַלע, וואָס אכטן אייך, דאַרפט איר זען נישט צו פאַר־לאָזן די אויגן. דאָס, וואָס איינער זעט שלעכט, ווירקט אויך שלעכט אויף דער פּסיכיק". אגב, דערמאָנט געאָרג בראַנדעס אין דעם אייגענעם בריוו צו ניטשע דעם נאָמען קראָפּאָטקין. ער שרייבט: „עס האָט מיך היפּש

שאָקירט אייערע שאַרפע און לײַדנשאַפטלעכע אויסדרוקן וועגן אַזעלכע דערשיינונגען ווי די סאָציאַליסטישע און אַנאַרכיסטישע פּראָפּאַגאַנדע. פּירשט קראָפּאָטקינס אידעען זענען דורכויס נישט קיין נאַרישקייטן, ווי איר דריקט זיך אויס".

דאָס האָט בראַנדעס געשריבן צען יאָר פריער איידער ער האָט זיך באַגעגנט מיט קראָפּאָטקינען און אָנגעהויבן פירן אַ קאָרעספּאָנדענץ מיט אים.

אוודאי האָט זיך געאַרג בראַנדעס געפילט געשמייכלט, ווען ניטשע האָט אים געשריבן: „די דייטשן האָבן צו מאָל נישט באַמערקט מיינע פילאָזאָפישע אידעען, און פּלוצלונג האָט איר זיך באַוויזן און אַרומגערינגלט מיך מיט אַ הייליקן שיין".

בראַנדעס האָט אים געהאַט געשריבן צווישן אַנדערע זאַכן: „אַ נייער, אייגנאַרטיקער גייסט גייט מיר אַנטקעגן פון ניטשעס ווערק, איך וואָלט דאָס אָנגערופן, אַריסטאָקראַטישער ראַדיקאַליזם" אאַז"וו. דאָס באַציט זיך אויף ניטשעס ווערק „אויף יענער זייט פון גוט און שלעכט" און „גענעאָלאָגיע און מאָראַל", וואָס ניטשעס פאַרלעגער האָט אים געשיקט בראָשירט און וואָס בראַנדעס האָט זיי תיכף געלאָזט איינבינדן.

און דאָך זענען די בריוו צווישן בראַנדעסן און ניטשען געווען רעזער־ווירט; זיי האָבן זיך טיטולירט איינער דעם אַנדערן — „מיין ליבער הער" אָדער „מיין געערטער הער", בעת אין דער קאָרעספּאָנדענץ צווישן בראַנדעסן און קראָפּאָטקינען שרייבן זיי זיך איינער דעם אַנדערן: „מיין טייערער גוטער פריינד", אָדער „זייער טייערער גוטער פריינד".

אפילו אין די בריוו, וואָס הענרי נאַטאַנסאָן האָט פאַרעפנטלעכט אין בוך — „געאָרג בראַנדעס — אַ פּאָרטרעט", איז נישט פאַראַן אַזאַ אינטימע נאָענטקייט, הגם זיי האָבן זיך זייער גאַנץ לעבן „געקריגט" איינער מיטן אַנדערן און געווען נאָענטע פריינד.

בלויז אין די בריוו צו פרוי געטרוד רונג פילט זיך יענע נאָענטקייט און האַרציקייט, וואָס מיר באַגעגענען צווישן אים און קראָפּאָטקינען.

פרוי גערטרוד רונג איז געווען געאָרג בראַנדעסעס אַ גרויסע פאַר־ערערין, זי האָט אין די לעצטע צען יאָר אים באַגלייט אויף כמעט אַלע זיינע נסיעות און נישט אָפּגעטראָטן פון זיין בעט, בעת ער איז קראַנק געווען.

איר בוך איז אַ מין געאָרג בראַנדעס בעל־פה; בראַנדעסעס פקחות און שאַרפע רעאַגירן אויף דערשיינונגען דערמאָנען אַ סך אין מענדעלען.

זאָל מיר דערלויבט זיין צו דערציילן כאָטש איין „חכמה" וועגן פעטער קראָפּאָטקינען.

ווען פעטער קראָפּאָטקין איז דאָס ערשטע מאָל געקומען קיין לאָנדאָן, האָבן אים אָפּגעוואַרט די מיטגלידער פון דער קעניגלעכער געאָגראַפישער געזעלשאַפט אויפן וואָקזאַל פון ערשטן קלאַס. ווי דערשטוינט זענען זיי אָבער געווען, ווען זיי האָבן אים געזען אַראָפּגיין פון דריטן קלאַס. און אַז מ'האָט אים געפרעגט „פירשט קראָפּאָטקין, פאַר וואָס עפּעס זענט איר געפאָרן אויפן דריטן קלאַס?" האָט קראָפּאָטקין רואיק געענטפערט: — „ווייל ס'איז נישטאָ קיין פערטער קלאַס".

וולאַדימיר גראָסמאַן, דער איינראָפּעער „פאַר עקסעלאַנץ", האָט מיט זיין איבערזעצונג און זיינע קאָמענטאַרן פון דער בראַנדעס־קראָפּאָטקין קאָרעספּאָנדענץ, באַרייכערט אונדזער יידישע ליטעראַטור מיט אַ וויכטיק ווערק.

„צוקונפט" יאַנואַר 1964

## פּראָפעסאָר דוד סימאָנסען

מיט אַ שטיקל צייט צוריק איז אָנגעקומען אַ ידיעה פון דענעמאַרק אַז די דענישע רעגירונג האָט אַסיגנירט 75 טויזנט קראָנען אויפצובויען אַ בנין אין קאָפּענהאַגען פאַר אַ יידישער ביבליאָטעק. איך מוז זיך מודה זיין, אַז הגם מיר איז גוט באַקאַנט וועגען די שיינע און ליכטיקע מעשים פון דעם דענישן פאָלק לגבי די דענישע יידן, באַזונדערס אין די פינצטערע היטלער־יאָרן, פון דעסטוועגן בין איך לכתחילה געווען אין ספק צי די דאָזיקע נייעס איז אַ רעאַלע. הגם עס זענען פאַראַן גענוגנדיקע און וואָגיקע סיבות צו גלויבן יעדע גוטע זאַך וועגן די דענער. מיט אַ קורצער צייט צוריק איז מיר אויסגעקומען צו זען אַ צעטל, געשריבן אויף דעניש, וואָס אַ יידישע משפחה אין קאָפּענהאַגען האָט געפונען לעבן דער טיר, צו מאָרגנס

נאָך דעם ווי זי האָט זיך אומגעקערט פון דער דייטשער געפאַנגענשאַפט. אין צעטל איז געווען געשריבן: „ווען די דייטשן האָבן אייך אַוועקגעפירט און עס איז פינצטער געוואָרן אין אייערע פענצטער, איז אויך אונדז פינצטער געוואָרן. ווען מיר האָבן נעכטן געזען, אַז אין אייערע פענצטער איז צוריק ליכטיק, איז אויך אונדז ליכטיק געוואָרן". קיין נאָמען איז נישט געווען אונטערגעשריבן, בלויז דאָס צעטל און אַ בוקעט בלומען.

פונקט ווי אין אַ טראָפּן וואַסער שפּיגלט זיך אָפּ די זון, אַזוי קען מען אין מעשים פון יחידים לערנען דעם כאַראַקטער פון פאָלק, בפרט נאָך ווען די מעשים זענען נישט קיין צופעליקע אָדער איינצלנע דערשיינונגען.

נאָך אַ פאַל וועלן מיר דאָ פאַרצייכענען, וואָס איז כאַראַקטעריסטיש פאַר די מערסטע יידן, וואָס האָבן איבערגעלאָזט געשעפטן אָדער פאַבריקן אין דענעמאַרק און זענען אַנטלאָפן קיין שוועדן, אָדער וואָס מען האָט זיי אַוועקגעשיקט אין דעם טערעזיענשטאָטער געטאָ.

יידן זענען געצווונגען געווען נישט נאָר אין געציילטע טעג, נאָר אין געציילטע שעהען אויפצוגעבן זייערע געשעפטן און זיך ראַטעווען פון די היטלער־נעגל.

מיר האָט איבערגעגעבן דער דעניש־יידישער הוטן־פאַבריקאַנט, ס. כץ, וואָס איז לעצטנס געווען אין ניו־יאָרק אויף אַ קורצן באַזוך, אַז איידער ער איז אַנטלאָפן קיין שוועדן, האָט ער קוים באַוויזן איבערצוגעבן זיין פאַבריק צו דעם בוכהאַלטער און צו דעם פאַבריק־פאָרמאַן. נאָך דער באַפרייאונג האָט זיך ס. כץ צוזאַמען מיט אַנדערע דענישע יידן אומגעקערט קיין קאָפּענהאַגען. ער איז אַרויף אַ קוק טאָן וואָס עס הערט זיך אין זיין הוט־פאַבריק. ווען ער איז אַרויפגעקומען האָט אים דער דענישער ביכהאַלטער איבערגעגעבן די פאַבריק און 15 טויזנט דענישע קראָנען ריווח וואָס עס איז געבליבן פאַר די צוואַנציק חדשים, וואָס ער איז געווען אַוועק. ער האָט געבעטן דעם בוכהאַלטער און דעם פאָרמאַן, אַז זיי זאָלן צעטיילן דאָס געלט צווישן די אַרבעטער. ער האָט בלויז איבערגענומען די פאַבריק, וואָס איז געהאַלטן געוואָרן אין דער בעסטער אָרדענונג.

אַזעלכע פאַלן זענען געווען אַ סך. די דענישע רעגירונג האָט אויך געצאָלט וועכנטלעך געהאַלט אַלע יידן (און, פאַרשטייט זיך, אויך די נישט־יידן), וואָס האָבן געליטן פון די נאַציס. דאָס געלט איז אויסגעצאָלט

געוואָרן די יידן נאָך דעם, ווי זיי האָבן זיך אומגעקערט פון דעם טערע־זיענשטאָטער געטאָ אָדער פון שכנותדיקן לאַנד, שוועדן.

דער יסוד פון דער יידישער ביבליאָטעק, וואָס די דענישע רעגירונג גייט איצט אויפבויען, וועלן זיין פּראָפ. דוד סימאָנסענס באַרימטע זאַמלונגען פון יידישע ביכער, וואָס מאַכן אויס העכער 40 טויזנט בענד.

פּראָפעסאָר דוד סימאָנסען איז געווען עטלעכע צענדליק יאָר דער אויבער־ראַבינער פון דענעמאַרק.

ער איז געווען פון די חשובסטע יידן אין סקאַנדינאַוויע; צו זיין וואָרט האָבן זיך צוגעהערט נישט נאָר יחידים און געזעלשאַפטן, נאָר אויך רעגי־רונגען; בשעת קאַלטשאַק און דעניקין האָבן געשיקט שליחים אין די סקאַנדינאַווישע לענדער, כדי אָנצוקניפּן מיט זיי האַנדלס־באַציאונגען, האָט פּראָפ סימאָנסען געשריבן אין דער סקאַנדינאַווישער פּרעסע וועגן זייערע בלוטיקע מעשים. דער רעזולטאַט איז געווען, אַז די סקאַנדינאַווישע רעגירונגען האָבן נישט געוואָלט האָבן קיין שום מגע־ומשא מיט די יידן־מערדער.

נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, האָט זיך פּראָפעסאָר דוד סימאָנסען אַריינגעוואָרפן אין דער הילפס־אַרבעט לטובת דעם מזרח־אייראָפּעאישן יידנטום. לויט זיין איניציאַטיוו אין אין דענעמאַרק געגרינדעט געוואָרן ד'ער סקאַנדינאַווישער צענטראַלער הילפס־קאָמיטעט און עס זענען דורך דענעמאַרק געשיקט געוואָרן די ערשטע טראַנספּאָרטן מיט לעבנסמיט־לען, מעדיקאַמענטן און קליידער קיין סאָוועטן־אוקראַינע, ווו יידן האָבן מערסטנס געליטן. אין „דזשאָינט" און אין „פּיפּעלס־רעליף" איז געווען גוט באוווּסט פּראָפעסאָר דוד סימאָנסענס הילפס־אַרבעט.

פּראָפעסאָר דוד סימאָנסען האָט זיך אין משך פון עטלעכע צענדליק יאָר באַטייליקט אין אַ סך אייראָפּעאיש־יידישע צייטשריפטן. זיינע הויפּט־טעמעס זענען געווען איבער יידישע פּערזענלעכקייטן, יידישע ווערק און אַלטע יידישע כתב־ידן. ער איז געווען אַ בקי אין העברעאיש און דער עיקר אין דער תלמודישער ליטעראַטור. נאָך אין יאָר 1898 האָט ער אַרויסגעגעבן אַ זייער אינטערעסאַנט בוך אויף דעניש, „תלמודישע לעבנס־כללים". ער האָט אויך נאָכגעפאָלגט די יידישע ליטעראַטור, און פון צייט צו צייט האָט ער אפילו געגעבן אָפּשאַצונגען וועגן אַ מאָדערן יידיש ווערק

אָדער שרייבער אין דענישן זשורנאַל פאַר „יידישער ליטעראַטור, געשיכ־טע און וויסענשאַפט", וואָס ער האָט אין אַ משך פון אַ סך יאָרן רעדאַקטירט.

אין די לעצטע יאָרן האָט ער זיך צוריקגעצויגן פון זיין אַמט אַלס דער אויבער־ראַבינער פון דער דעניש־יידישער קהילה, ער איז אָבער פאַרבליבן ביז די לעצטע טעג פון זיין לעבן איר עצה־געבער.

פּראָפעסאָר דוד סימאָנסען האָט פאַרמאָגט אַ פּריוואַטע ביבליאָטעק, וואָס איז אפשר געווען איין־און־איינציק אין גאַנץ אייראָפּע. ווער עס האָט נאָר געזען זיין ריזיקע ביבליאָטעק, דער האָט זיך נישט געקענט באַפרייען פון געדאַנק, אַז דאָרטן האָט געלעבט אַ גרויסער קולטור־מענטש. ער האָט אַוועקגעשענקט זיין ביבליאָטעק פאַר דער קאָפּענהאַגענער קעניג־לעכער ביבליאָטעק.

דער דאָזיקער גרויסער אוצר פון יידישע ביכער, וואָס געפינט זיך אין דער קעניגלעכער ביבליאָטעק, וועט איצט איבערגעגעבן ווערן דער יידישער ביבליאָטעק, נאָך דעם ווי דער יידישער בנין וועט אויפגעבויט ווערן און אַלצדינג וועט איינגעאָרדנט ווערן.

די יידישע ביבליאָטעק וועט זיך געפינען אונטער דער השגחה פון דער דענישער קעניגלעכער ביבליאָטעק אין קאָפּענהאַגען, און וועט ווערן אַ צענטער פון יידישער קולטור אין ברייטסטן זין פון וואָרט.

עס וועט נאָך אויסקומען צו שרייבן וועגן אָט דעם נייעם גרויסן און שיינעם קאַפּיטל פון דעם דענישן פאָלק נאָך דעם ווי עס וועט קומען קיין אַמעריקע דער ביבליאָטעקאַר פון דער קאָפּענהאַגענער קעניגלעכער ביבליאָטעק, ד"ר רפאל עדעלמאַן, וואָס איז דער ביבליאָטעקאַר פון די יידישע אָפּטיילונגען. ד"ר רפאל עדעלמאַן קומט אַהער, כדי זיך צו באַקענען און אויך העלפן איינשאַפן די נייע העברעאיש־יידישע ספרים, וואָס זענען דערשינען אין די לעצטע יאָרן און וואָס געפינען זיך דערווייל נאָך נישט אין דער גרויסער יידישער ביבליאָטעק.

„פאָרווערטס" 2 נאָוו. 1947

פּ. ס. די יידישע ביבליאָטעק אין קאָפּענהאַגען געפינט זיך אין בנין פון דער קעניגלעכער קאָפּענהאַגענער ביבליאָטעק, און איז באַקאַנט ווי: „ביבליאָטעקאַ יודאַאיקאַ סימאָנסעניאַנאַ".

# פנחס וועלנער

די דענישע צייטונגען האָבן געווידמעט גרויסע אָפּשאַצונגען דעם ייִדיש־דענישן שרייבער פּנחס וועלנער, וואָס איז דעם 10טן פעברואַר 1965 געשטאָרבן פון אַ האַרץ־אַטאַקע אין עלטער פון 71 יאָר. אויך אין די אַנדערע צוויי סקאַנדינאַווישע לענדער, נאָרוועגיע און שוועדן, האָבן די צייטונגען פאַרעפנטלעכט הספדים־אַרטיקלען וועגן פּנחס וועלנער, דעם לאָדזשער עמיגראַנט, וואָס איז געוואָרן אַן אָנערקענטער שרייבער אין סקאַנדינאַוויע.

די באַקאַנטע דענישע ליבעראַלע צייטונג „פּאָליטיקען" האָט געשריבן: „פּנחס וועלנער האָט קודם־כל געשריבן זיינע דערציילונגען אויף ייִדיש, און בהדרגה האָט ער אַזוי באַהערשט די דענישע שפּראַך, אַז אַ טייל פון זיינע שאַפונגען קענען צוגערעכנט ווערן צו דער טראַדיציע פון די גרויסע דעניש־ייִדישע קינסטלער מאיר אהרן גאָלדשמידט און הענרי נאַטאַנסען".

פּנחס וועלנערס ערשטע דענישע בוך האָט געהייסן „אין יענע טעג". ס'איז דערשינען מיט 16 יאָר צוריק. אין דעם בוך האָט פּנחס וועלנער געשילדערט די שטילע ליידן פון די דענישע ייִדן בעת דער היטלעריס־טישער אָקופּאַציע.

פּנחס וועלנער איז געקומען קיין דענעמאַרק אין יאָר 1913. פאַראַיאָרן האָט מען אין דענעמאַרק געפייערט זיין 70סטן געבוירנטאָג. ביז דער היטלער־מגפה איז ער געווען אַן אַרבעטער, אַ שניידער.

פּנחס וועלנער האָט זיך געראַטעוועט צוזאַמען מיט די מערסטע דענישע ייִדן אין דעם שכנישן שוועדן. ער איז אָבער גוט באַקאַנט געווען נישט בלויז מיט דעם גורל פון די 500 דענישע ייִדן, וואָס זענען פאַרשיקט געוואָרן קיין טערעזיענשטאַט, נאָר בכלל מיט די קרבנות פון די דייטשע רוצחים. אין דעם בוך „אין יענע טעג" איז פאַראַן אַ דערציילונג א. נ. „מלכהלע", וואָס מאַכט אַ שטאַרקן איינדרוק. אַ געהיימער ייִדישער עראָפּלאַן פון ארץ ישראל האָט זיך ארונטערגעלאָזט מיט 5 ייִדישע העלדן אויף פאַרשיידענע פּונקטן, ווו די דייטשן האָבן געהערשט. מלכהלען האָט מען אַרונטערגעלאָזט אויף אַ פאַראַשוט אין אַ וואַלד, נישט ווייט פון איר געבוירן־שטעטל וויגאָץ אין פּוילן. זי דאַרף ברענגען אַ גרוס פון ישוב

אין ארץ־ישראל צו די יידן אין די געטאָס, און זיי אָנזאָגן, אַז די שעה פון באַפרייאונג איז נאָענט, מלכהלע דערמאָנט אין אַ סך פּרטים חנה סענעש.

דאָס דאָזיקע בוך האָט וועלנערן זייער פּאָפּולער געמאַכט אין דענע־מאַרק. ער פלעגט די דערציילונגען פאָרלייענען אין ראַדיאָ און אויף פאַרזאַמלונגען. ער האָט געקראָגן פאַר דעם בוך דעם העברי נאַטאנסען־פּרייז.

מיט 9 יאָר שפּעטער, אין 1958, איז דאָס בוך אויך דערשינען אויף יידיש אין אַרגענטינע און געקראָגן די צבי קעסל־פּרעמיע.

אין 1953 האָט פּנחס וועלנער אַרויסגעגעבן זיין בוך „ביי די ברעגן פון אוירסונד", וואָס ער האָט אליין איבערגעזעצט אויף דעניש. אויף יידיש איז דאָס בוך דערשינען אין 1957, אַרויסגעגעבן דורך דעם אַלוועלטלעכן יידישן קולטור־קאָנגרעס אין ניו־יאָרק.

אין דעם בוך שילדערט פּנחס וועלנער דעם געמיט־צושטאַנד פון די יידן אין דענעמאַרק בעת דער נאַצי־אָקופּאַציע פון לאַנד. די יידן האָבן זיך געריכט, אַז יעדן טאָג קענען די דייטשן זיי באַפאַלן און אַוועקשיקן אין קאָנצענטראַציע־לאַגערן, די פאַרלוירנקייט, הילפלאָזיקייט און אומזיכערקייט האָט אַזוי שטאַרק געווירקט אויף די נערוון פון די יידן, באַזונדערס אויף די איינגעוואַנדערטע מזרח־אייראָפּעאישע יידן, אַז זיי זענען אַרומגעגאַנגען ווי שאָטנס. ביי יעדן קלאַנג און חשד, אַז די נאַציס וועלן זיי אפשר ביי נאַכט באַפאַלן און אַרעסטירן, האָבן זיי, אומבאַמערקט, אַרויסגעשלייכט זיך פון די היימען און אַוועק זיך אויסבאַהאַלטן ביי באַקאַנטע דענער, און מורא געהאַט זיך אומקערן אַהיים אָדער גיין צו דער אַרבעט.

פּנחס וועלנער האָט אָנגעהויבן שרייבן, ווען ער איז שוין געווען אין די פופציקער יאָרן. ער האָט איבערגעלעבט די היטלעריסטישע גרויל־עפּאָכע, און דאָס האָט אים, ווי עס ווייזט אויס, געגעבן אַ שטאַרקן שטויס צו פאַרצייכענען די טראַגעדיעס, וואָס ער האָט זיך אָנגעזען און אָנגעהערט.

דער שרייבער פון די שורות האָט אַ סך יאָרן געלעבט אין קאָפּענהאַגען און גוט געקענט פּנחס וועלנערן, וואָס האָט האָט באַלאַנגט צו יענע פאָלקס־אינטעליגענטן, וואָס מען געפינט זיי בכל תפוצות ישראל — אין די צווייגן פון נאַציאָנאַלן אַרבעטער־פאַרבאַנד, אַרבעטער־רינג, שול־פאַרוואַלטונגען,

פּועלי־ציון וכדומה. ער איז יאָרנלאַנג געווען איינער פון די וואָרטזאָגער פון דעם יידיש־נאַציאָנאַלן שיכט אין קאָפּענהאַגען.

אין 1960 האָט פּנחס וועלנער פאַרעפנטלעכט זיין אויטאָביאָגראַפיש בוך אויף דעניש — „באַלוט״. ער רופט עס אָן „דען בראָגעדע גאדע״ — „די פארביקע גאַס״, ווייל דאָס וואָרט „באַלוט״, האָט מיר וועלנער געשריבן, ווי אַ טיטול־נאָמען, וואָלט געווען דעם דענישן לייענער אין גאַנצן פרעמד. אָבער אינעווייניק אין בוך רעדט דער מחבר פאַרשטייט זיך, כסדר וועגן באַלוט, וועגן דער אָרעמער יידישער געגנט אין לאָדזש, ווו ער איז געבוירן געוואָרן, געלעבט דאָרטן, געגאַנגען אין חדר, געאַרבעט פון זיין פריער יוגנט ביז ער האָט פאַרלאָזט לאָדזש אין 1911, אַלס קלאַסנבאַוווסטזיניקער בחור פון 18 יאָר.

עס איז איבעריק אונטערצושטרייכן, אַז ער האָט דאָס בוך פריער געשריבן אויף יידיש און דערנאָך האָט ער דאָס איבערגעזעצט אויף דעניש.

ליידער איז דאָס בוך נאָך נישט דערשינען אויף יידיש. עס האָט זיך נישט איינגעגעבן צו געפינען אַ פאַרלעגער אָדער אַן אינסטיטוציע וואָס זאָל עס אַרויסגעבן.

אין בוך געפינען זיך הונדערטער יידישע אויסדריקן, וואָס זענען טראַנס־ליטערירט מיט לאַטיינישע אותיות און פאַרטייטשט אויף דעניש. דאָ האָט פּנחס וועלנער, אין אַ געוויסן פרט נאָכגעטאָן דעם דעניש־יידישן קלאַסיקער מאיר אהרן גאָלדשמידט, וואָס האָט געלעבט מיט העכער 100 יאָר צוריק און געשריבן זיינע הויפּט־ווערק אויף יידישע טעמעס. אויך מאיר אהרן גאָלדשמידט האָט אין זיין באַרימט ווערק „אַ ייד״, וואָס ווערט אָבליגאַטאָריש געלערנט אין די דענישע מיטלשולן, גענוצט אַ סך יידישע אויסדריקן און אפילו גאַנצע זאַצן און פּאַראַגראַפן. אָבער בעת מאיר אהרן גאָלדשמידט האָט גענוצט ליטורגיע, תפילות, ברכות, נוצט פּנחס וועלנער פּשוטע יידישע ווערטער, וואָס זייער פאָלקסטימלעכקייט לאָזט זיך נישט תמיד איבערזעצן.

נאָך דעם ווי זיין בוך „באַלוט״ איז דערשינען, האָט פּנחס וועלנער דערקלערט, אַז אין די לאַנגע חדשים, וואָס ער האָט זיך אויפגעהאַלטן אין שוועדן, בעת דער היטלעריזם האָט געבושעוועט איבער אייראָפּע, האָט פאַר זיינע אויגן טאָג־טעגלעך געשוועבט זיין קינדהייט, „באַלוט״ מיט אַלע פאַרשוינען און געשעענישן, און געמאָנט ביי אים, אַז ער זאָל דאָס אָנקליידן

אין פלייש און בלוט, און ער האָט געטאָן אַ נדר, אַז אויב גאָט וועט אים לאָזן לעבן, וועט ער אָנשרייבן דאָס בוך „באַלוט“ און ער האָט געהאַלטן וואָרט.

פּנחס וועלנער צייכנט זיך אויס אין זיין בוך „באַלוט“ מיט קינסטלע־רישער ערלעכקייט. ער פאַרהוילט גאָרנישט פאַרן לייענער, נישט די אָרעמ־קייט און עלנטקייט פון די יידישע איינוווינערס פון די באַלוטער הויפן, נישט די קאַטערינשטשיקעס, ווילע־יונגען און מיידן פון פעפער־גאַס, אויך נישט די אָפנעמער און גנבים פון די פינצטערע באַלוטער גאַסן. דערפאַר באַהאַלט ער אויך נישט דעם טיפן אידעאַליזם פון די יידישע אַרבעטער, דער עיקר פון די וועבערס, וואָס זענען געווען גרייט אָפּצוגעבן זייער לעבן פאַר אַ ליכטיקערער צוקונפט, אין וועלכער זיי האָבן געגלויבט.

כאָטש די נאָוועלע „באַלוט“ איז געשריבן אין דער דריטער פּערזאָן, איז עס דורכויס אַן אויטאָביאָגראַפיש בוך.

וועלנער האָט, ווי ס׳רוב באַלוטער יידישע קינדער, נישט געהאַט קיין קינדהייט. די זון פלעגט דאָרטן זעלטן ווען שיינען, דאָך האָט די מורא פאַר די פּוילישע שקצים נישט אָפּגעהאַלטן מענדלען זיך אַ מאָל מיט חברים אַרויסכאַפּן הינטער באַלוט און זען דעם הימל,ביימער, פעלדער. נישט איין מאָל איז אַזאַ שפּאַציר נישט אָפּגעגאַנגען גלאַטיק.

צענדליקער טיפן פּירט אַרויס פּנחס וועלנער, און מיט אַ סך פּרטים באַשרייבט ער זייער לעבן און זייערע פּראָבלעמען, די דעמאָנסטראַציעס פון 1905, די שיסערייען פון די קאָזאַקן אויף די דעמאָנסטראַנטן, די דורכגע־פאַלענע רעוואָלוציע, די שרעק פאַר פּאָגראָמען, די גלייכגילטיקייט פון דער פּוילישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי צו זייערע יידישע חברים. און אין מיטן פון דעם אַלעם טליעט ביי מענדלען אַ היים־געפיל, וואָס ער געפינט נישט אין זיין היים און נישט אויף די באַלוטער גאַסן, און עס בליצט אויף ביי אים אַ בענקשאַפט נאָך דעם לאַנד פון חומש.

אין יאָר 1911 האָט זיך פּנחס וועלנער געזעגנט מיט באַלוט און געלאָזט זיך אין דער ווייטער וועלט אַריין, ער האָט איבערגעלאָזט הינטער זיך אַ שטאָט, וואָס האָט געשוויבלט און געגריבלט מיט יידיש לעבן.

אין די פינצטערע היטלער־יאָרן איז באַלוט פאַרוואַנדלט געוואָרן אין דער באַרימטער לאָדזשער געטאָ, ווו ס׳האָבן געלעבט דריי הונדערט טויזנט יידן. בלויז זעקס הונדערט האָבן באַוויזן דורך כלערליי ניסים זיך

צו ראַטעווען, די איבעריקע צוויי הונדערט מיט ניין און נײַנציק טויזנט און פיר הונדערט יידן האָבן די דייטשן אומגעבראַכט.

פּנחס וועלנערס בוך „באַלוט" איז אַ מאָנומענט נאָך דעם אַ מאָל אַזוי קאָלירפולן, רייכן יידישן לעבן, נישט געקוקט אויף דער דרויסנדיקער גרויסער אָרעמקייט.

„טאָג מאָרגן־זשורנאַל", 1965

# יידן אין דענעמארק

דעם 29סטן מערץ 1814, האָט דער דענישער קעניג, פרעדעריק דער זעקסטער, געגעבן די יידישע איינוווינער פון דענעמאַרק גלייכע רעכט מיט אַלע איבעריקע בירגער פון לאַנד. די דענישע פּרעסע האָט אָפּגעגעבן אַ סך פּלאַץ דער דאָזיקער היסטאָרישער געשעעניש. זי וווּנדערט זיך נאָר שטאַרק, וואָס עס איז ערשט אין גאַנצן 150 יאָר, זינט יידן זענען געוואָרן גלייכבאַ־רעכטיקט. „און וואָס איז געווען פריער?", פרעגט די דענישע ליבעראַלע צייטונג „סאַמווירקע". אין דער אמתן האָבן שוין יידן געוווינט אין דענע־מאַרק אַ סך פריער. דער איצטיקער אויבער־ראַבינער פון דענעמאַרק, ד"ר מאַרקוס מעלכיאָר, שטאַמט פון אַ משפחה, וואָס וווינט שוין אין דענעמאַרק 250 יאָר.

די דערמאָנטע דענישע צייטונג שרייבט: די קעניגלעכע פּראָקלאַמירונג פון גלייכבאַרעכטיקונג פאַר די יידן האָט פון דעסטוועגן נאָך פאַרמאָגט אַ סך פלעקן; און ס'האָט גענומען היפּשע יאָרן ביז מען האָט אָנגעהויבן פאַרווירקלעכן, וואָס מען האָט צוגעזאָגט. דער שרייבער באַמערקט איראָניש, אַז נאָך מיט יאָרן שפּעטער האָט מען אָנגעבאָטן אַ יידישן דאָקטאָר אַ פּראָ־פעסאָר־שטעלע אין קאָפּענהאַגענער אוניווערסיטעט, מיטן „תנאי", אַז ער זאָל איבערגיין צו דער קריסטלעכער קירכע. דער יידישער דאָקטאָר האָט זיך אָפּגעזאָגט — און ערשט מיט פערציק יאָר שפּעטער, אין 1853, האָט מען אָנגעהויבן אַריינצונעמען יידישע סוחרים אין סוחרים־פאַרבאַנד פון דער שטאָט אלבערג; און נישט פריער ווי אין יאָר 1870 האָט דער קאָפּענהאַגענער אוניווערסיטעט פאָרמעל געגעבן די יידן פולע גלייכהייט.

די אָנגעזעענסטע קאָנסערוואַטיווע דענישע צייטונג „בערלינסקע טידענ־דע“ שרייבט, אַז די יידן זענען אין דענעמאַרק בדרך־כלל באַהאַנדלט געוואָרן אין לשער בעסער ווי אין די מערסטע לענדער: „קיין געטאָס, צי געצוווּנגע־נע הלבשה־צייכנס, אָדער בלוטיקע פּאָגראָמען אויף יידן, זענען ביי אונדז אין לאַנד קיין מאָל נישט פּאָרגעקומען“. דאָס מיינט אָבער נישט אַז די יידן האָבן געהאַט אין לאַנד גלייכע רעכט מיט די אַנדערע איינוווינער. דורכויס נישט! „בלויז יענע יידן האָט מען ‚אַקצעפּטירט‘, אין וועמען מען האָט זיך שטאַרק געניייטיקט“.

אַזוי, למשל, האָט דער קעניג, קריסטיאַן דער פערטער — וואָס האָט געגרינדעט די שטאָט גליקשטאַט אין האָלשטיין — געוואָלט אַז די בייגע־גרינדעטע שטאָט זאָל קאָנקורירן מיט האַמבורג און אַמסטערדאַם. האָט ער דעריבער אָנגעבאָטן די יידן אַ ריי פּריווילעגיעס מיטן באַדינג, אַז זיי זאָלן זיך באַזעצן אין יענער שטאָט. „דאָס איז אָבער נישט געווען קיין אַקט פון וועלכער־עס־איז הומאַניסטישער צי רעליגיעזער טאָלעראַנץ. דער קעניג האָט זיך פּשוט געניייטיקט אין זייער דערפאַרונג אין מסחר און אין פינאַנסן.

די אייגנטלעכע געשיכטע פון די יידן אין דענעמאַרק הויבט זיך אָן אין 1620, אין יענע יאָרן בעת עס איז געגרינדעט געוואָרן די פריער־דער־מאָנטע שטאָט גליקשטאַט. אַ צאָל משפחות האָבן געקראָגן דערלויבעניש צו וווינען אין דענעמאַרק אין די שטעט אַלטאָנאַ און וואַנסבעק. אויך אין קעניג־לעכן הויף פון קריסטיאַן דעם פערטן האָבן זיך אויפגעהאַלטן עטלעכע יידן. דאָס זענען געווען דאָקטוירים, פינאַנס־עקספּערטן און ספּעציאַליסטן אין וועמען דער קעניג האָט זיך געניייטיקט. אָבער אין אַלגעמיין האָט מען פאַרבאָטן די יידן זיך צו באַזעצן אין דענעמאַרק.

נאָך דער שוועדישער מלחמה, וואָס איז פאָרגעקומען פון 1658 ביז 1660, ווי דענעמאַרק האָט פאַרלוירן די שטעט סקאָנע, האַלאַנד און בלעקינגע, האָט מען דערלויבט אַ צאָל יידן וווינען אין אַ ריי שטעט. אַ סך דענישע שטעט זענען דעמאָלט געווען שטאַרק פאַראָרעמט און מען האָט געגלויבט, אַז די יידן וועלן העלפן אויפבויען יענע שטעט. אין 1667 האָט מען דערלויבט אַ צאָל יידן וווינען אין נאַקסקאָוו, אין פרעדריציאַ אין 1675, און אין קאָפּענ־האַגען אין יאָר 1676 און אין נאָך עטלעכע שטעט. אין יענער צייט האָבן זיך די יידן אין דענעמאַרק געווענדט צום קעניג, אַז מען זאָל זיי געבן געוויסע

רעליגיעזע פרייהייט אין גאַנצן לאַנד. דער קעניג האָט די ווענדונג צוריק־געוויזן.

די דענישע צייטונגען און צייטשריפטן שרייבן מיט גרויס באַדויער וועגן דער שלעכטער באַהאַנדלונג פון די יידן אין יענער צייט און אויך שפּעטער. זיי פאַרלייקענען אָבער נישט די פאַקטן. די יידן האָבן זיך ווייניק באַוויזן אין די גאַסן. מען פלעגט זיי באַליידיקן, מען האָט יידן נישט אַריינגענומען אין אַ גאַנצער ריי פאַכן, זיי האָבן אויך נישט געהאַט קיין איינטריט אין די שולן און אין דעם אוניווערסיטעט. יידן האָבן נישט געטאָרט האַלטן ביי זיך אין הויז קיין דינערינס אונטער פופציק יאָר. די סיבה איז געווען, וואָס מען האָט געהאַלטן, אַז יינגערע פרויען מיט נישט קיין געזעצטן כאַראַקטער, קען מען פאַרפירן רעליגיעז, און נאָך מער, קערפּערלעך. מען פלעגט באַשטראָפן יידן, ווען מען האָט זיי באַשולדיקט אין דעם. אין יאָר 1726 האָט מען באַשולדיקט אַ ייד, אַז ער האָט פאַרפירט אַ קריסטלעך מיידל, וואָס איז פון אים שוואַנגער געוואָרן. מען האָט אים דערפאַר פאַרמשפּט צו אַ יאָר תפיסה, געשמידט אין קייטן און נאָכן יאָר האָט מען אים אַרויסגעשיקט פון לאַנד. די מוטער פון קינד האָט מען עפנטלעך געשמיסן און נאָך דעם זי סטעריליזירט. דאַקעגן אַ דענישער מאַן איז נישט באַשטראָפט געוואָרן, אויב אַ יידישע נישט פאַר'הייראַטע פרוי איז פון אים שוואַנגער געוואָרן.

אין אָנהויב פון ניינצנטן יאָרהונדערט האָבן אַ צאָל דענישע ליבעראַלע פּאָליטיקער — א. פּ. בערנסטאָרף, די ברידער רעווענטלאָוו און קריסטיאַן קאַלביערנסאָן — געקעמפט פאַר דער באַפרייאונג פון די פּויערים און גלייכצייטיק אויך פאַר דער גלייכבאַרעכטיקונג פון די יידן, וואָס האָבן געלעבט אין דענעמאַרק.

די דענישע צייטונג „פּאָליטיקען" באַמערקט, אַז „די רעוואָלוציע, וואָס שייך רעכט פאַר יידן, איז געקומען פון אויבן. אויב דער פאַרשלאַג וואָלט גענומען געוואָרן צום אָפּשטימען פון פאָלק, איז אַ גרויסער ספק צי ער וואָלט דורכגעגאַנגען".

אויך די יידן אין נאָרוועגיע האָבן געלעבט אָן רעכט. דער נאָרוועגישער דיכטער ווערגעלאַנד האָט אין אַ גרויסער מאָס גורם געווען, אַז די יידן פון נאָרוועגיע זאָלן ווערן גלייכבאַרעכטיקט. געשען איז עס אַזוי: אין אַ שרעקלעך פראָסטיקער קריסטמעס־נאַכט (ניטל), האָט אַ יידישער הויזערער, מיט

זיין פעקל סחורה אויף די פּלייצעס, געוואַנדערט — ריכטיקער : געוואָגלט — אין אַ נאָרוועגישן דאָרף. דערווייל איז געוואָרן אַ מוראַדיקע זאַווערוכע און בייסיקע קעלט. דער יידישער הויזערער איז פאַרבייגעגאַנגען די קריסטלעכע הייזער, פון וואַנען עס האָט אַרויסגעשטראָמט אַזוי פיל ליכט, פרידן און שלווהדיקייט. די משפחות זענען געזעסן ביי די געדעקטע טישן און געפּראַוועט דעם יום־טוב פון ליבע.

דער ייד האָט זיך דערוועגט אָנצוקלאַפּן אין אַזאַ קריסטלעכער טיר. אַ שטראָם וואַרעמקייט איז אים אַנטקעגנגעקומען. ער האָט מיט אַן הכנעהדיקן טאָן געבעטן, מען זאָל אים אַריינלאָזן אין הויז, ווייל ער ווערט געפרוירן. דער ענטפער איז געווען : „אַוועק פון דאַנען, דו קריסטוס־מערדער !״ אויך אין די אַנדערע קריסטלעכע הייזער האָט ער געקראָגן די זעלביקע תשובה.

אַזוי וואַנדערנדיק האָט ער געטראָפן אַ קריסטלעך ייִנגל. איצט האָט דער ייד אָנגעקלאַפּט מיט מער דרייסטקייט אין די קריסטלעכע טירן און געבעטן מען זאָל רחמנות האָבן און כאָטש אַריינלאָזן דאָס ייִנגל. ער איז דאָך אַ קריסטלעך קינד ! אָבער ווידער ס׳זעלבע : „אַוועק פון דאַנעט, קריסטוס־מערדער !״ און מען האָט פאַרהאַקט די טירן.

אין דער פרי האָט מען געפונען דעם ייד, איינגעקלאַמערט מיטן קריסטלעכן קינד, ליגן געפרוירן לעבן אַ בוים. ווערגעלאַנד האָט די דאָזיקע פאַסירונג, אָדער דיכטערישע פאַנטאַזיע, באַשריבן אין רירנדיקע פערזן און פאַרענדיקט : איז דאָס קריסטן־ליבע ?

תיכף נאָך דעם האָט זיך אין נאָרוועגיע אָנגעהויבן אַ באַוועגונג צו געבן די יידן גלייכע רעכט. די נאָרוועגישע יידן אין דער הויפּטשטאָט פון לאַנד — אין אַמאָליקן קריסטיאַנאַ און איצטיקן אָסלאָ — האָבן אויפגעשטעלט אַ מאָנומענט דעם דיכטער, ווו עס איז אויסגעקריצט זיין ליד.

אָבער לאָמיר זיך צוריק אומקערן צו דענעמאַרק. אין יאָר 1819 זענען אין קאָפּענהאַגען און אין אַ ריי פּראָווינץ־שטעט פאָרגעקומען מילדע פּאָגראָמען. מען האָט צעראַבעוועט יידישע געשעפטן, אויך פאַרווונדעט אַ צאָל יידן. אַ סך האָבן זיך געמוזט אויסבאַהאַלטן. די סיבה פון די אויסברוכן שרייבט מען צו אַ מלוכה־באַנקראָט, וואָס איז מיט אַ צייט צוריק פאָרגעקומען, הגם די יידן האָבן מיט דעם נישט געהאַט קיין שום שייכות.

די דענישע צייטונגען שרייבן : „אַזוי האָבן זיך אין מערסטע לענדער אָנגעהויבן פּאָגראָמען אויף יידן. אָבער ביי אונדז אין לאַנד האָט די מאַכט,

לויט דער פאַראָרדענונג פון דער רעגירונג, אָנגענומען די שטרענגסטע מיטלען און מיט אַ שטאַרקער האַנט אונטערדריקט יעדן איבערפאַל. עס איז אַרויסגערופן געוואָרן מיליטער און 28 באַטייליקטע זענען באַשטראָפט געוואָרן ביז דריי יאָר תפיסה... דער גרונט־געזעץ פון 1849 האָט געהאָלפן נאָרמאַליזירן דעם יידישן סטאַטוס אין דער דענישער געזעלשאַפט". עס איז געוואָרן לייכטער צו זיין אַ ייד, און ס׳איז געוואָרן נאָך לייכטער אויפצוהערן זיין אַ ייד.

אין 1834 האָט די יידישע געמיינדע אין דענעמאַרק געציילט פיר טויזנט מיטגלידער (יעדער דענישער ייד מוז געהערן צו דער געמיינדע און באַצאָלן אַ באַשטימטן שטייער־אָפּצאָל, די געמיינדע פאַרזאָרגט אַלע רעליגיעזע הצטרכותן פון אירע מיטגלידער). אין יאָר 1901, לויט דער פאָלקס־ציילונג, האָט די געמיינדע געהאַט אַן ערך 3,500 מיטגלידער. באַזונדערס זענען דערפון געטראָפן געוואָרן די פּראָווינץ־שטעט. אין יאָר 1834 האָבן זיך אין די דענישע פּראָווינץ־שטעט געפונען אַרום 1500 יידן, אין 1934 האָט זיך קוים געפונען אַ צענטל פון דער צאָל — און היינט האַלטן זיך אויף בלויז אַ פּאָר צענדליק יידן אין די פּראָווינץ־שטעט. אַלע פּראָווינץ־געמיינדעס זענען שוין פון לאַנג אונטערגעגאַנגען. פאַרבליבן איז בלויז די יידישע געמיינדע אין קאָפּענהאַגען.

היינט־צו־טאָג געפינען זיך אַן ערך 6,500 דענישע יידן, וואָס זענען אָנגעשלאָסן אין דער געמיינדע. די פאַרגרעסערטע צאָל איז, פאַרשטייט זיך, אַדאַנק דער אימיגראַציע פון די פויליש־רוסישע יידן אין אָנהויב פון דעם יאָרהונדערט און אַדאַנק דער איינוואַנדערונג פון יידן אין די דרייסיקער יאָרן, וואָס זענען באַצייטנס אַנטלאָפן פון דייטשלאַנד. דער פּראָצענט יידן, לויט דער אַלגעמיינער באַפעלקערונג, ווערט אָבער קלענער פון יאָר צו יאָר. אַן ערך הונדערט דענישע יידן, צווישן זיי אַ היפשע צאָל יוגנטלעכע, האָבן זיך באַזעצט אין מדינת ישראל.

די סיבה פאַרן כסדריק־פאַרקלענערטן פּראָצענט יידן נעמט זיך קודם־כל פון דער קליינער צאָל געבורטן ביי די דעניש־יידישע משפחות און פון די געמישטע חתונות, ווו די קינדער ווערן (על־פי־רוב) דערצויגן אָן יידישער אָנגעהעריקייט. דערצו איז אויך גורם דער „איבערגאַנג" פון יידן צו דער „נישט־יידישער באַפעלקערונג" — דער שיינער נאָמען „פאַר אויסבייטן דאָס רענדל"; אויך דער צו־גרויסער פּראָצענט נישט חתונה־

געהאַטע דענישע יידן, אָדער „געמישטע חתונות" ווי די פּאָרלעך האָבן זיך געגט.

דער דאָזיקער פּראָצעס פון אַסימילאַציע האָט זיך נאָך דער גרינדונג פון מדינת ישראל אַ ביסל אָפּגעשטעלט, אָבער נישט אויף לאַנג.

*

אין „יודיסק סאַמפונד" (יידישע געזעלשאַפט), די אומאָפּיציעלע דעניש־יידישע חודשלעכע שריפט פון דער יידישער געמיינדע איז (אין אַפּריל־נומער) פאַראַן אַ פּרטיותדיקער באַריכט וועגן דער אימפּאָזאַנטער פייערונג אין דער קאָפּענהאַגענער סינאַגאָגע לכבוד 150 יאָר גלייכבאַרעכטיקונג פון די דענישע יידן. די פייערונג איז פאָרגעקומען דעם 7טן אַפּריל ה.י.

וואָס שייך דער געשיכטע פון די יידן אין דענעמאַרק אַ מאָל — און דעם גייסטיקן מצב פון דער יידישער געמיינדע היינט־צו־טאָג — וועגן דעם איז דאָרט נישט פאַראַן קיין וואָרט. איך האָב אָבער געפונען אַ שלל אינפאָרמאַציע אין דער אַלגעמיינער דענישער פּרעסע, וואָס איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן צו דער דאָזיקער געלעגנהייט.

אין אַ געוויסן פּרט איז עס אפשר פאַרשטענדלעך. מען דאַרף געפינען אַ זכות פאַר וואָס די אָנפירערשאַפט פון דער יידישער געמיינדע מיידט אויס אַלע נעגאַטיווע מאָמענטן; בפרט ביי אַזאַ יום־טובדיקער געלעגנהייט.

צוזאַמען מיטן קעניגלעכן פּאָרל זענען אויך געקומען צו דער פייערונג די פאָרזיצער פון „פאָלעקטינג" (פּאַרלאַמענט) גוסטאַוו הענדערסען, דער אַמבאַסאַדאָר פון ישראל הארי לעווין, דער מעיאָר פון קאָפּענהאַגן אָווע ווייקאָפּ, דער דעקאַן פון קאָפּענהאַגענער אוניווערסיטעט, דער באַרימטער שוישפּילער פּאָול רוימערקט, דער בישאָף פוגלסאַנג דאַמגאַרד און אַנדערע באַרימטע פּערזענלעכקייטן. אַלע זענען געזעסן אין די היטלען.

דער הויפּט־ראַבינער, ד״ר מאַרקוס מעלכיאָרס זון — ראַבינער בנימין מעלכיאָר, וואָס האָט מיט עטלעכע חדשים צוריק געקראָגן סמיכה פון רב־הכולל ישראל בראָדי פון ענגלאַנד — האָט באַגעגנט דאָס קעניגלעכע פּאָרל מיט אַ טראַדיציאָנעלער ברכה.

אין דעם דענישן האָטעל ד׳אַנגלעטעיר ווו די חשובסטע געסט האָבן זיך דערנאָך פאַרזאַמלט, איז דער גרויסער יום־טוב פאַרגעזעצט געוואָרן.

אגב, די פאָרשטייער פון דער יידישער געמיינדע דאַרפן נישט דערקלערן ביי יעדער געלעגנהייט, אַז זיי זענען דענער און דענעמאַרק איז זייער פאָטערלאַנד. די דענער ווייסן דאָס גוט. דעריבער האָבן די כסדרדיקע סופּער־פּאַטריאָטישע דעקלאַראַציעס אַ געוויסן ביי־טעם. ווען די דענישע פּרעסע שרייבט וועגן יידן אין דענעמאַרק, רופט מען זיי קיינמאָל נישט „דענער״; מען שרייבט וועגן זיי און מען רופט זיי — דענישע יידן. דאָס פאַרמינערט נישט אַ האָר זייער פּאַטריאָטיזם און זייער אָנגעהעריקייט צו דענעמאַרק.

דער קלאַסיש־דעניש־יידישער שרייבער — דער מחבר פון באַרימטן ראָמאַן „אַ ייד״ און פון אַ סך אַנדערע גרויסע ווערק, א. מאיר גאָלדשמידט — האָט נישט געהאַלטן אין איין אונטערשטרייכן, אַז ער איז אַ דענער און דענעמאַרק איז זיין היים. אדרבא, זיין ראָמאַן „אַ ייד״ איז אַ שטאַרקע אָנקלאַגע קעגן דער דענישער געזעלשאַפט, וווּ דער ייד האָט נאָך אַלץ נישט געהאַט קיין פולע בירגערלעכע גלייכבאַרעכטיקונג, באַזונדערס אין סאָציאַלן לעבן.

לאָמיר ברענגען אַן אויסצוג פון א. מאיר גאָלדשמידטס נאָוועלע „אַ ייד״, וואָס האָט אַ שטאַרקן שייכות צו דער יידישער גלייכבאַרעכטי־קונג: די הויפּט־געשטאַלט פון ראָמאַן, יאַקאָב בענדיקסען און זיינע קריסטלעכע חברים — סטודענטן פון מעדיצינישן פאַקולטעט — זענען אויף אַ שפּאַציר אין וואַלד. ס'איז אַ לעבעדיקע און טומלדיקע חברותא. בלויז דער איינציקער ייד צווישן זיי, יאַקאָב בענדיקסען, קען אַפילו אויף דער שיינער נאַטור זיך נישט באַפרייען פון אינערלעכער געדריקט־קייט און אומרו און ער הויבט אָן דעם וויכוח.

— איצט — האָט געזאָגט יאַקאָב בענדיקסען, וואָס זיין בלוט איז אים געקומען אין פּנים אַריין, און האָט זיך מער נישט געקענט האַלטן אויף די פיס — טרינק איך פאַרן וווילזיין פון דענעמאַרק. איך תוך געגומען האָב איך צום ליבסטן דענעמאַרק.

— קומט דיר דערפאַר אַ שיינעם דאַנק — האָט אים אונטערבראָכן דער סטודענט גרוינדאַל — מיר דוכט זיך, אַז דענעמאַרק איז פּונקט אַזוי גוט דיין פאָטערלאַנד ווי מיין. ביסט אפשר נישט געבוירן און דערצויגן געוואָרן אין פין? (אַן אינדזל אין דענעמאַרק), ווילסט עס אפשר אָפּליי־קענען?

— ניין, בשום אופן נישט — האָט יאַקאָב געענטפערט — אָבער דענעמאַרק קען דאָך נישט זיין מיין פאָטערלאַנד, אין דער זעלבער מאָס ווי עס איז אייערס. צי גלויבט איר, אַז אַ ייד וואָס איז זיך באַוווּסט וועגן זיין מענטשן־רעכט, קען זיך צוקוקן גלייכגילטיק צו דער דאָזיקער אומגלייכקייט, וואָס איז צווישן אים און זיינע קריסטלעכע מיטגלידער?

— אָבער דער חילוק איז דאָך אומבאַדייטנדיק — האָט זיך איינער אָנגערופן — בלויז אין גאָר ווייניק זאַכן זענען די יידן ביי אונדז נישט גלייכבאַרעכטיקט.

— די פרייהייט קען מען נישט טיילן — עטפערט יאַקאָב — דער מינדעסטער פּרט, וואָס פעלט, פאַרוואַנדלט די פרייהייט אין אומפרייהייט.

— איך ווייס נישט מיט וואָס מען באַהאַנדלט ביי אונדז די יידן ערגער פון אַנדערע. האָסט אפשר געקראָגן אַ נידעריקערן צייכן ביים עקזאַמען, ווייל דו ביסט אַ ייד?

— גאָרנישט זאָגסטו — ענטפערט יאַקאָב — איך וויל איצט נישט ריידן וועגן דער פיינטלעכקייט, הגם דאָס איז דאָס עצמדיקסטע און ווירקט מער ווי געזעצן און באַפעלן. צי קען אַ ייד ווערן אַ באַאַמטער? קען ער ווערן אַן אָפיציר אין דער אַרמיי? איך האָב געזאָגט, אַז איך וויל נישט ריידן וועגן דער שנאה צו יידן, דאָך וויל איך ברענגען עטלעכע כאַראַקטעריסטישע פאַקטן. עס זענען פאַראַן אַ ריי פאַכן און מלאכות, וואָס שליסן אויס יידן און ווילן נישט צו מאָל צונעמען אַ יידיש לערן־יינגל. ווען, למשל, אַ דראַמאַטורג ווייסט נישט וועגן וואָס צו שרייבן, שטעלט ער אַריין אַ יידן — און קריגט שוין אַ פּאַיאַץ צו שפּילן די ראָלע. דאָס נאַציאָנאַלע אָדער רעליגיעזע טרעפן זיך קיין מאָל נישט, אפילו די אויסשפּראַך איז פאַרקריפּלט. אָבער דער המון לאַכט — און דער המון איז דאָך אין אַזאַ אָוונט דער רוב מנין און בנין פון פּובליקום.

— דו ביסט צו־שטרענג — האָט געזאָגט פרענקל — ווילסטו אפשר, אַז מיר זאָלן אין טעאַטער שרייען הוראַ פאַר די יידן? הוראַ פאַר די יידן!?

— הוראַ פאַר די יידן! — האָט געליאַרעמט די גאַנצע חברותא.

— איך וויל — האָט יאַקאָב לײַדנשאַפטלעך אויסגערופן, האַלטנדיק אין האַנט אַ גלאָז ווײַן — איך וויל, אַז איר זאָלט מיר זאָגן, פאַר וואָס איך, וואָס שטיי־אָט־דאָ, בין נישט פּונקט אַזוי גוט, פּונקט אַזוי באַרעכטיקט

צו יעדער פרייהייט און יעדן צוטרוי און צו יעדן אמט ווי איר? איך וויל — האט ער געזאגט אין א טאן וואס האט געשוועבט צווישן ביטערקייט און קאפריז — איך וויל, אז איר זאלט מיר זאגן, פאר וואס קען איך נישט ווי איינער פון אייך ווערן א וועכטער?

— דו זאלסט ווערן א וועכטער? יאקאב זאל ווערן א וועכטער! — האט מען געליארעמט און געשריען — הורא פארן וועכטער יאקאב בענדיקסען!

צווישן די דענישע יידן האט דאס דאזיקע בוך — איבעריקנס אויך זיינע שפעטערדיקע דערציילונגען אויף יידישע טעמעס — ארויסגערופן גרויס פארביטערונג. דאס בוך איז באטראכט געווארן ווי א נאציאנאל-יידישע מאניפעסטאציע. למען האמת דארף געזאגט ווערן, אז בעת מען האט אין דענעמארק געפייערט מאיר־אהרן גאלדשמידטס הונדערט־יאריקן געבוירנטאג, האבן זיך אין דעם יום־טוב באטייליקט אנגעזעענע דענישע יידן. די דעניש־יידישע שריפט, וואס איז דעמאלט נאך דער־שינען — צייטשריפט פאר יידישער געשיכטע און ליטעראטור — האט אפגעגעבן א סך פלאץ פאר גאלדשמידט־פארשונג. באזונדערס האבן דאס געטאן יוליוס סאלאמאן, דער רעדאקטאר פון דער דערמאנטער שריפט, און פראפעסאר דוד סימאנסען ע״ה, דער אנגעזעענער יידישער עסקן, אריענטאליסט און אויבערראבינער פון דענעמארק.

אין דער הקדמה צו דער צווייטער אויפלאגע פון „א ייד" שרייבט גאלדשמידט: „ווען עמעצער מיינט, אז איצט, נאך דעם יאר 1849 — ווען יידן האבן אין דענעמארק געקראגן פולשטענדיקע גלייכבארעכטי־קונג — איז ,דער יידישער שטאף' פון מיין ראמאן פארעלטערט, מאכט ער א טעות. די פאלקסשטימונג און אינסטינקטן האבן זיך ליידער נישט געענדערט".

עס וואלט געווען אינטערעסאנט צו הערן, וואס גאלדשמידט וואלט געזאגט, ווען ער לעבט היינט אויף די שטימונגען און אינסטינקטן. משמעות, אז אויך זיי קענען זיך ענדערן: דער בעסטער באוויז — די האנדלונג פון דענישן קעניג און זיין פאלק אין יענע טראגישע טעג.

„אידישער קעמפער", 1964

# ד״ר רפאל עדעלמאַן

ד״ר רפאל עדעלמאַן, דער צוזאַמענשטעלער פון דער כרעסטאָמאַטיע, איז דער ביבליאָטעקאַר פון דער יידישער אָפּטיילונג אין דער קאָפּענהאַגענער ביבליאָטעק.

ד״ר רפאל עדעלמאַן שרייבט, אַז ביים צוזאַמענשטעלן די כרעסטאָמאַטיע האָט ער קודם־כל אין זינען געהאַט די שפּראַכלעכע נוסחאות און די פאַרשידענע עלעמענטן פון דער יידישער ליטעראַטור אין די לעצטע הונדערט יאָר, ד. ה. זינט איר אויפבלי מיט מענדעלע מוכר־ספרים ביז דעם יאָר 1965. ער באַמערקט אויך, אַז פון דער ליטעראַטור, וואָס שטאַמט פון דער דאָזיקער תקופה, האָט ער אַריינגענומען אַן אָפּשניט פון דער „צאינה וראינה״, לויט דער אויסגאַבע פון יעקב יאַנאָווער. ער שטרייכט אונטער, אַז די „צאינה וראינה״ האָט אויף אַן אַנטשיידנדיקן אופן באַאיינפלוסט לשון און סגנון פון יידיש ביזן היינטיקן טאָג.

ד״ר רפאל עדעלמאַן שטייט אין שריפטלעכער פאַרבינדונג מיט אַלע יידישע ביבליאָטעקן, ביבליאָטעקאַרן און אויך מיט אַ גרויסער צאָל יידישע שרייבער בכל תפוצות ישראל. ער טוט דאָס מחמת ער וויל כסדר באַרייכערן די יידישע אָפּטיילונג פון דער קאָפּענהאַגענער קעניגלעכער ביבליאָטעק, וואָס איז באַקאַנט אונטערן נאָמען: „ביבליאָטעקאַ יודאַיקאַ סימאָנסעניאַנאַ״.

ד״ר רפאל עדעלמאַן שרייבט אין סוף פון דער הקדמה צו דער כרעסטאָמאַטיע, וואָס איז דערשינען מיט עטלעכע חדשים צוריק:

„זאָלן די טעקסטן אין אונדזער כרעסטאָמאַטיע באַלייכטן דאָס לשון פון די מחברים אין ווייט־פאַרשידענע לענדער, הגם זיי אַלע האָבן זייער מקור אין מזרח־אייראָפּע״.

אויך ד״ר רפאל עדעלמאַן האָט זיין מקור אין מזרח־אייראָפּע. אמת, ער איז בסך־הכל אַלט געווען זיבן יאָר, ווען זיינע עלטערן האָבן פון דעם לאָטווישן שטעטל רעזשיצע, אין יאָר 1909, איינגעוואַנדערט קיין קאָפּענהאַגען.

ד״ר רפאל עדעלמאַן האָט געקריגן אַ יידיש־טראַדיציאָנעלע דערציאונג. ער שטודירט אין בערלינער ראַבינער־סעמינאַר. זיין דאָקטאָר־דיסערטאַציע

האָט ער געשריבן אין 1928 אין דער אוניווערסיטעט אין באָן, דייטשלאַנד, אויב איך מאַך נישט קיין טעות, איז די טעמע פון זיין דיסערטאַציע געווען: „די אַראַבישע ווערסיע פון חומש".

ד"ר רפאל עדעלמאַן איז דער מחבר פון אַ ריי ווערק אויף יידישע טעמעס: „די געשיכטע פון מחזור", „רמב"ם און מעדיצין", „יידישע מיסטיק", „די יידישע ליטעראַטור במשך פון צוויי טויזנט יאָרן". די דערמאָנטע ווערק האָט ער געשריבן אויף דייטש און דעניש, אין די לעצטע יאָרן, פאַקטיש פון 1934 אָן שרייבט ער זיינע ווערק בלויז אויף דעניש. ער איז אויך געווען אַ מיטגליד אין דער דענישער דעלעגאַציע פון אונעסק"אָ.

זינט 1938 איז ד"ר רפאל עדעלמאַן דער ביבליאָטעקאַר פון דער יידישער אָפּטיילונג פון דער קאָפּענהאַגענער קעניגלעכער ביבליאָטעק. שוין יאָרנלאַנג, ווי ער איז אויך לעקטאָר פון יודאַאיקאַ אין דער קאָפּענהאַגענער אוניווערסיטעט.

צו דעם אַלעם איז ד"ר רפאל עדעלמאַן אַ יידישער מענטש, אַ טראַדיציאָנעלער ייד. ער איז געווען שטאַרק אויפגעבראַכט און שאָקירט, ווען דער קאָפּענהאַגענער אויבעררבינער האָט מיט אַ יאָר צוריק אָנגענומען אַ דייטשן קרייץ־מעדאַל (שוין דאָס צווייטע מאָל), הגם ער מישט זיך נישט אין פּאָליטיק און במילא רעאַגירט ער אויף דעם בלויז פּריוואַט.

ד"ר רפאל עדעלמאַן באַטייליקט זיך אויך פון צייט צו צייט אין די „ייוואָ־בלעטער", וואָס עס גיט אַרויס דער יידישער וויסנשאַפטלעכער אינסטיטוט.

דעם לעצטן זומער, בעת איסר גאָלדבערג, דער פאַרוואַלטער פון „ציקאָ", איז געווען אויף אַ באַזוך אין קאָפּענהאַגען, האָט ד"ר רפאל עדעלמאַן באַשטעלט ביי אים פאַר דריי טויזנט דאָלאַר יידישע ביכער פאַר דער יידישער אָפּטיילונג פון דער קאָפּענהאַגענער קעניגלעכער ביבליאָטעק.

מיט אַ צייט צוריק האָט ד"ר רפאל עדעלמאַן מיר געשריבן, אַז דער קאָפּענהאַגענער אוניווערסיטעט האָט איינגעפירט יידיש און יידישע ליטעראַטור און דער אוניווערסיטעט וועט מסתמא אויך אַרויסגעבן אַ לערנבוך אין יידישער ליטעראַטור.

איצטער איז דערשינען דאָס לערנבוך פון ד"ר רפאל עדעלמאַן א. ב. „יידישע כרעסטאָמאַטיע", אַרויסגעגעבן פונעם פאָנד איינצושאַפן לערנביכער ביי דער אוניווערסיטעט אין קאָפּענהאַגען „ג. ע. ק. גאד, קאָפּענהאַגען 1966".

דאָס בוך עפנט זיך מיט אַ קורצער הקדמה אויף יידיש — און פון דער לינקער זייט, ביים סוף פון בוך, די אייגענע הקדמה אויף דעניש.

ד״ר רפאל עדעלמאַן הייבט אָן די כרעסטאָמאַטיע מיט אַן אויסצוג פון עטלעכע זייטן פון דער „צאינה וראינה״. דער מחבר לאָזט איבער די אַר־כאַאישע ווערטער ווי זיי זענען פאַרעפנטלעכט אין יעקב יאַנאָווערס אויס־גאַבע, וואָרעם די כוונה פון מחבר איז, צו געבן די סטודענטן „אַן אָפּשניט פון דעם ווערק, וואָס שטעלט מיט זיך פאָר אַ מדרגה פון דער שפּראַך, עברי־טייטש, וואָס איז נאָך פריי פון די צאָלרייכע סלאַווישע און מאָדערנע אייראָפּעאישע עלעמענטן״ — פון דער הקדמה.

דאָס קאַפּיטל ענדיקט זיך אַזוי: „אין זעקסטין טאָג האָט אדם הראשון איין עבירה גיטאָן און איז וואָרין פאַרטריבן אויש דעם גן־עדן. נוא קען מען זעהען דאָש פון דעם אַנדערין טאָג און האָט זיך אָן גיפאַנגען די קריג״.

איך מאָל זיך, אַז ד״ר רפאל עדעלמאַן מוז האָבן אין זיין ליטעראַטור־קלאַס פאַראינטערעסירטע סטודענטן, וואָס ווילן זיך באַקענען, אויב נישט מיט דעם בראשית פון יידיש, איז מיט אַ ביסל אַ וויטערער תקופה; אַנדערש וואָלט ער נישט אַריינגענומען דאָס קאַפּיטל.

און אפשר האָט ער אַריינגענומען דעם גרעסערן אויסצוג פון „צאינה וראינה״ צוליב יידישער טראַדיציע, טראַדיציע אין דעם רעליגיעזן זין, וואָס איז אים אַזוי נאָענט צום האַרצן.

פון מענדעלע מוכר־ספרים האָט דער צוזאַמענשטעלער אַ קאַפּיטל פון „די קליאַטשע״, לויט דער וואַרשעווער אויסגאַבע פון 1828, „אַלע ווערק פון מענדעלע אין פינף בענד״.

אַוודאי איז דער יידיש דאָ אַ געלייטערטער, הגם דער אויסלייג איז אַ פאַרעלטערטער, אַ שטייגער: „חאַפּען דעם אָטהעם״ (כאַפּן דעם אָטעם), וואָס דער צוזאַמענשטעלער האָט מיט אַ כיוון אַזוי איבערגעלאָזט.

די פראַגע איז אָבער, צי איז פּאַסיק דאָס קאַפּיטל, וואָס דער מחבר האָט אַריינגענומען, ריכטיקער, צי דאַרף מען בכלל לערנען מענדעלעס „די קליאַטשע״, מיט סטודענטן, וואָס ס׳רוב זענען עכטע דענער; צי וועלן זיי תופס זיין די אָנצוהערענישן, די רמזים, זיין סאַטירע; צי קענען זיי אויפ־כאַפּן מענדעלעס שאַרפע פּקחות?

אַ סך פּאַסיקער וואָלט געווען אַ קאַפּיטל פון „שלמה ר׳ חיימס״, וואָס איז אין דער אמתן — שלום יעקב בן חיים משה אַבראַמאָוויטש.

פון שלום־עליכמס ווערק האָט ד״ר רפאל עדעלמאַן אַריינגענומען אין זיין כרעסטאָמאַטיע „ווען איך בין ראָטשילד״, פון דער ווילנע־וואַרשע־אויסגאַבע, 1925, אַ געלונגענער אויסוואַל. דער כתרילעווקער מלמד האָט אַ פּלאַן נישט בלויז אָפּצושאַפן מלחמות, נאָר אפילו אָפּצושאַפן געלט, „וואָס איז נישט מער ווי אַ יצר־הרע, אַ תאווה אַזעלכע, איינע פון די גרעסטע תאוות״.

וואָס פאַר אַ גוטער מאַטעריאַל פאַר אַ לערער צו רעדן צו סטודענטן וועגן שלום־עליכמען!

פון י. ל. פרץ „דער קונצנמאַכער״ פון זיינע פאָלקסטימלעכע געשיכטן און פון שלום אַש — „דריי חופּות״, לויט דער ניו־יאָרקער אויסגאַבע פון 1918, דאָס איז אַ לויבגעזאַנג צום שטעטל, וואָס קיינער האָט נישט געקענט אַזוי באַזינגען ווי שלום אַש.

דערנאָך ברענגט ד״ר רפאל עדעלמאַן „אַ זומער־בילד״ — „די ליבע פּראָווינץ״ פון ס. גאָרעליק.

אויף דעם אָרט האָט זיך גיכער געפּאַסט אַ דערציילונג פון אברהם רייזענען, וואָס איז לויט מיין מיינונג, אונדזער גרעסטער שרייבער פון דער קורצער דערציילונג, אויך וואָס שייך שילדערונג פון סביבה, מיליע און שטייגער־לעבן. ער איז אין דער כרעסטאָמאַטיע נישט פאַרטראָטן, אויך נישט מיט קיין ליד.

איך רעכן, אַז דאָס נעמט זיך פון אַ באַשטימטער אויפגאַבע, וואָס דער צוזאַמענשטעלער האָט זיך געשטעלט, הגם זי איז פאַר מיר נישט קלאָר.

פון דער אַנטאָלאָגיע פון דער יידישער פּראָזע צווישן ביידע וועלט־מלחמות, וואָס עס האָבן צונויפגעשטעלט י. י. טרונק און אהרן צייטלין, ניו־יאָרק, 1946, ברענגט ד״ר רפאל עדעלמאַן אין זיין כרעסטאָמאַטיע: „דאָס רבישע אייניקל״ פון ה. ד. נאָמבערג, „ערד״ פון רחל קאָרן, „אייזיק אשמדאי״ פון שיע טענענבוים און „דער גרינער״ פון חוה ראָזענפאַרב.

פון די אַנדערע מוסטערן, וואָס דער מחבר האָט געהאַלטן פאַר נייטיק אַריינצונעמען, וויל איך נאָך דערמאָנען: „די יידישע פּראָזע אין פּוילן״ פון י. י. טרונק. אַ קאַפּיטל פון דוד בערגעלסאָנס „נאָך אַלעמען״, „חבוט הקבר״, דראַמע אין איין אַקט, פון דוד פּינסקי, געדרוקט אין „קיום״ פּאַריז, 1950.

פון דער סאָוויעטישער יידישער ליטעראַטור האָט דער מחבר אַריינ־

געגומען: „קומט, ווען די טוליפּאַנען בליען״ פון שירע גאָרשמאַן, „סאָ־וועטיש הימלאַנד״, מאָסקווע, 1962.

אין דער כרעסטאָמאַטיע געפינען זיך בלויז צוויי לידער — „דער בעטלער״ פון מאַני לייב, פון זיין זאַמלונג „לידער און באַלאַדן״, ניו־יאָרק, 1955, און „אַ חלום״ פון א. סוצקעווער, פון זיין זאַמלונג „אַאַזיס״, תל־אביב, 1960.

צום סוף פון דער כרעסטאָמאַטיע ברענגט ד״ר רפאל עדעלמאַן אַ קליין אַקאַדעמיש ווערטערבוך פון אַן ערך טויזנט ווערטער, פון העברע־איזמען, סלאַוויזמען און סתם שווערע ווערטער, וואָס געפינען זיך אין די מוסטערן פונעם לערנבוך.

די ווערטער ווערן געגעבן פּאַרטייטשט אויף דעניש און אָנגעגעבן, טראַנסליטערירט זייער אויסשפּראַך על־פּי אשכנזישן נוסח. די סובסטאַנ־טיוון אין לשון־יחיד ווערן אָנגענומען אין לשון־רבים. עס ווערט אָנגע־געבן דער מין — לשון־נקבה — זכר. ביי אַ וואָרט, ווי „בדעה״, דערקלערט ער שוין אויף איין וועג, וואָס עס מיינט „דעה״. אַ וואָרט, ווי „יאַדעשליווע״ (פון מענדעלעס „קליאַטשע״) דערקלערט ער — אַסטמע, קורצער אָטעם, און אַזוי כסדר.

צום סוף ווילט זיך נאָך זאָגן, אַז ד״ר רפאל עדעלמאַן קלייבט זיך שוין אַ לענגערע צייט קומען קיין ניו־יאָרק, בעיקר אין די אינטערעסן פון דער יידישער אָפּטיילונג פון דער קאָפּענהאַגענער קעניגלעכער ביבליאָטעק, וואָס איז פון די גרעסטע יידישע ביבליאָטעקן אין אייראָפּע מיט זעלטענע יקר־המציאותן פון יודאַאיקאַ.

ער וואָלט געווען אַן אָנגעלייגטער גאַסט, באַזונדערס פון אונדזער יידישער סביבה.

„טאָג מאָרגן־זשורנאַל״, 1966

# אברהם רייזען

(צו זיין צענטער יאָרצייט)

פילפאַרביק און גרויס איז די גייסטיקע ירושה, וואָס אברהם רייזען האָט איבערגעלאָזט. אַ חוץ די דערציילונגען און לידער, וואָס געפינען זיך אין זיינע געזאַמלטע ווערק, זענען פאַראַן נאָך אָן אַ שיעור דערציילונגען און לידער, אויך אָפּשאַצונגען וועגן ביכער און שרייבער, די זכרונות פון דיכטער, וואָס זענען פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין פאַרשידענע צייטונגען און צייטשריפטן, וועלכע זענען נאָך נישט אַריינגענומען געוואָרן אין זיינע פאַרעפנטלעכטע ווערק.

אויך צו פריינד, בעיקר צו לערער און תלמידים, האָט אברהם רייזען צוגעשיקט לידער ביי יום־טובדיקע געלעגנהייטן. אָט איז אַ ליד אברהמס רייזענס „מיין לאַנד", וואָס דער דיכטער האָט צוגעשיקט צום שרייבער פון די שורות פאַר אַ שול־אויסגאַבע. אויף וויפל מיר איז באַקאַנט געפינט זיך נישט דאָס ליד אין זיינע געזאַמלטע ווערק, און אויך נישט אין זיין גרויסער לידער־זאַמלונג פון 1951:

וועז דו זאָגסט: מיין לאַנד —
וועלכעס פון די לענדער?
— יענעס לאַנד, וואָס זאָגט:
קיינער איז נישט קיין פרעמדער.

— ווען דו זאָגסט: מיין פאָלק —
וועמען מיינסטו ווידער?
— יענעס פאָלק, וואָס זאָגט:
אַלע זענען ברידער.

— און דיין יום־טוב, ווען?
וועלכער איז דיר נאָענט?...

— יעדער טאָג אין וואָך,
און אַ ליד אין אָוונט...

— און דיין טעמפּל — וווּ
וועלכן האָסט אין זינען?
— יעדעס הויז אָן שלאָס,
און אַ מענטש דערינען.

— און דיין פאָן ווו הענגט,
וועלכע איז דיר ליבער?
— הויכער, בלויער רוים
איבער אַלע שטיבער...

און וואָלט דאָס ליד נישט געווען געשריבן אין אַברהם רייזענס כתב־יד, מיט זיין אונטערשריפט, וואָלט אויך נישט געווען שווער צו דערקענען דעם מחבר. עס איז פאַראַן אין אים דער אַברהם רייזענשער מאָטיוו און דאָס שטרעבן צו מלכות־שמים פאַר אַלע מענטשן־קינדער.

אַברהם רייזען איז געווען נישט נאָר אַ גרויסער מבין אויף ליטעראַטור, נאָר אויך אַ שטאַרקער מפונק. באַזונדער האָט ער צו זיך גופא געשטעלט גרויסע פאָדערונגען. בעת ער האָט אַרויסגעגעבן זיין לעצטע זאַמלונג לידער, איז ער געווען שטאַרק איבערקלייבעריש, וואָס יאָ אַריינצונעמען און וואָס נישט. הגם ער האָט נישט געוואָלט, אַז דאָס בוך זאָל הייסן „געקליבענע לידער" — „מען קלייבט אַרבעס, אָבער נישט קיין לידער", האָט ער מיר אַ מאָל געזאָגט — פון דעסטוועגן האָט ער שטאַרק מקפיד געווען און געקליבן די לידער.

די ברידער שולזינגער, וואָס האָבן געדרוקט די גרויסע זאַמלונג לידער, האָבן געהאַט פון אים צו זינגען און צו זאָגן. יעדן טאָג פלעגט אַברהם רייזען קומען מיט אַנדערע פּלענער. דאָ האָט ער געוואָלט אַרויסנעמען אַ ליד, וואָס איז שוין געווען אויסגעזעצט און וואָס איז אים נישט געפעלן, און דאָ האָט ער געבראַכט אַ ניי ליד, וואָס מוז למען־השם אַריינקומען אין דער זאַמלונג. אַזוי טאָג־איין און טאָג־אויס; און אָט וויל ער גאָר בייטן די אָפּטיילונגען: אַ ליד, וואָס געפינט זיך אין „אידיליעס און באַלאַדן", דאַרף גאָר זיין אין דער אָפּטיילונג „דער־וואַרטונג", און אַזוי כסדר.

איין מאָל, שוין באַלד ערב דער דערשיינונג פון זיין ווערק, טעלע־פאָנירט מיר אַברהם רייזען, אַז ער האָט אַ גאַנצע נאַכט נישט געקענט שלאָפן, ווייל אין בוך געפינט זיך אַ ליד, וואָס ער מוז אַרויסנעמען, אַ ליד וועגן גאָט, וואָס איז געשריבן נישט בלויז לייכט, נאָר טאַקע לייכטזיניק. ער שעמט זיך אָבער דאָס צו פאַרלאַנגען פון די אידעלע דרוקער, וואָס האָבן שוין „געבראָכן די זייטן" און זיי וועלן ווידער דאַרפן אַוועקגעבן צייט אויף איינצושטעלן אַ נייע זייט. היות דער לערער־קאָמיטעט האָט זיך באַטייליקט מיט אַ קליינער געלט־זאַמלונג, וויל ער, איך זאָל אַרויפגיין מיט אים צו די „אידעלע ברידער שולזינגער".

די דרוקער האָבן ווידער אַ מאָל נאָכגעגעבן דעם פאַרלאַנג פון דיכטער. דאָס איז אָבער ווייט נישט געווען דאָס לעצטע מאָל, וואָס דער „קאַפּריזנער" אַברהם רייזען האָט געמאַכט שינויים.

— אַ יידישער שרייבער דאַרף זיין אָפּגעהיטן אַפילו אין די יינגערע יאָרן, אַ פשיטא שוין אין די רייפערע יאָרן — האָט ער צוגעגעבן, נישט וועלנדיק נוצן דעם אויסדרוק: „אויף די עלטערע יאָרן".

און אָט זענען די סטראָפן, וואָס אַברהם רייזען האָט אַרויסגענומען פון יענעם ליד — וועלכע האָט אים פאַרשאַפט אַ שלאָפלאָזע נאַכט. דאָס ליד הייסט „פאַרן בילד":

קיין מזוזה אין מיין צימער,
כ'בין, מיין קינד, נישט רעליגיעז,
כ'האָב אין גאָט שוין לאַנג פאַרגעסן,
און דער טייוול איז נישט בייז.

נישט קיין גאָט און נישט קיין מזוזה
אין אַ צימער אַזאַ,
וואָלט דאָך טרויעריק געווען
נאָכן טעגלעכן הו־האַ.

די אַנדערע סטראָפן פון ליד זענען פאַרבליבן טאַקע אונטער דעם אייגענעם נאָמען — „פאַרן בילד" (זייט 110, „די לידער" פון אַברהם רייזען, 1951) און לייענען זיך:

ביסט דאָך, מיין קינד, גוטהאַרציק,
האָסט דיין בילד מיר לאַנג געשענקט,
אין מיין אַפּיקורסיש צימער
העגנט דאָס פריינדלעך און פאַרבענקט. — אאז״וו

אַז אַברהם רייזען האָט אַרויסגענומען די אויבן־ציטירטע סטראָפן און אויך פאַרביטן די שורה „אין מיין אַפּיקורסיש צימער" אויף „אין מיין פרעמד געדונגען צימער", איז אים ווי אַ שטיין אַראָפּ פון האַרצן און ער האָט זיך באַרואיקט.

בעת אברהם רייזען האָט געשריבן די דאָזיקע „אַפּיקורסישע" שורות, מיט פינף צענדליק יאָר צוריק, האָט דער ידישער ראַדיקאַלער שרייבער און לייענער גאָרנישט געטראַכט וועגן אַ מזוזה. אָבער אַברהם רייזען, דער ידישער, סענסיטיווער דיכטער, האָט שוין דעמאָלט דערפילט, אַז עס איז עפּעס נישט גלאַט מיט אונדזער „נייער" ידישקייט און ער מוסרט זיך אַליין, אַז עס איז אומעטיק צו וווינען אין אַ הויז אָן גאָט און אָן אַ מזוזה.

אָבער אַזוי ווי די סטראָפן אין יענעם ליד וואָלטן דאָך געקענט אויסגעטייטשט ווערן ביי דעם אָדער יענעם לייענער, ווי גרינגשעצונג צום באַגריף גאָט און צו ידישער טראַדיציע, האָט עס דעם דיכטער נישט געלאָזט רוען.

ברענגען מיר דאָס ווי אַ צוגאָב־באַווייז פון אברהם רייזענס אחריות־געפיל און ידיש־נאַציאָנאַלן באַוווסטזיין.

אַגב, איז גוט וואָס דער מחבר אַליין איז זיך עוסק מיט מסדר זיין זיינע שאַפונגען. וואָלט דאָס דערמאָנטע ליד אַריינגעפאַלן אין די הענט פון אַ צוזאַמענשטעלער, וואָלט יענער עס פאַרעפנטלעכט ווי עס שטייט און גייט, און וואָלט מסתמא נישט געהאַט קיין שלאָפלאָזע נעכט.

אין ליכט פון ידישן חורבן, וואָס איז פאָרגעקומען אין אונדזערע טעג, ווערלן אַזעלכע דערציילונגען ווי: „דער בוים", „איוב", „דעם זיידנס לאָמטערן", „אָרעמע מצה", „ווען עסט די מאַמע", „דער שמעק־טאַבאַק", „די רירנדיקע דרשה", „די צוויי ברידערלעך", „דער קראַנקער פינגער", „פלאַקס", „געשלאָסן אַ געשעפט" און צענדליקער אַנדערע דערציילונגען

פאַרבלייבן ווי יידישע מאָנומענטן, וואָס האָבן נישט קיין גלייכן צו זיך און וואָס וועלן פאַרבלייבן עד סוף כל הדורות.

די דאָזיקע דערציילונגען קענען דאָך לייענען קינד און קייט, אינטעליגענט און פשוטער פאָלקס־מענטש, ייד צי קריסט, און באַווירקט ווערן פון זייער אינערלעכער ערלעכקייט און טיף־עטישער מענטש־לעכקייט! און אין דער אייגענער צייט זענען דאָס קינסטלערישע שאַפונגען, וואָס ווירקן מיט זייער פשוטער ראַפינירטקייט. אויף זיי ליגט דער חותם פון נשמה־ערלעכקייט און אַ שטרעבן נאָך שלימות און קדושה.

ווי פלאַמט אָפטמאָל דאָס יידישע פנים פון חרפה, ווען מען לייענט געוויסע „גרויסע ווערק״, וואָס צעלייגן זיך אויף די שפאַלטן פון די בלעטער און מאָלן פאַר אונדז דעגענערירטע און פאַרדאַרבענע טיפּן, פול מיט הפקרות און זנות. און מען טראָגט דאָס נאָך אונטער אויך דעם נישט־יידישן לייענער ווי „אמתדיק און עכט יידיש לעבן״.

וואָס פאַר אַן אָפּפרישונג איז עס דערנאָך, ווען מען נעמט אין האַנט אַריין אַברהם רייזענס אַ ליד צי אַ דערציילונג!

אַברהם רייזענס לידער און דערציילונגען אַנטפּלעקן די נשמה פון פאָלק, פון יידישן מענטשן; דער דיכטער קומט מיט אַ שליחות צום יחיד און צו דער וועלט. זיינע פּסיכאָלאָגישע דערציילונגען פון אונדזער פאַרשניטענער יידישער וועלט זענען אויסגעהאַמערט, אויסגעקרישטאַ־ליזירט און געשריבן אין פּאָעטישן ריטם.

הגם אַ סך פון אַברהם רייזענס דערציילונגען זענען טיף־יידיש לויט זייער תוכן און מיליע, פון דעסטוועגן זענען דאָס ממש אוניווערסאַלע ווערק, וואָס זייער ווערט איז נאָך נישט גענוג אַנטפּלעקט געוואָרן. עס וועט נאָך אויסגעדיכטעט ווערן דער גרויסער עפּאָס וועגן אַברהם רייזען דעם קינסטלער און וועגן אַברהם רייזען דעם ליכטיקן מענטשן, וואָס האָט פאַר אַלעמען געהאַט אַ גוט און דערמוטיקנדיק וואָרט.

*

עס איז כדאי דאָ צו דערמאָנען אַ באַזוך פון אברהם רייזענען אין אַ מיטלשול־קלאַס, נאָך דעם ווי דער קלאַס האָט אינטענסיוו געלייענט און פאַרענדיקט זיינס אַ בוך דערציילונגען, האָבן די תלמידים פאַרבעטן דעם דיכטער צו זיין זייער גאַסט. אַ תלמידה שטעלט אים אַ פראַגע:

— האָט איר אַליין איבערגעלעבט, וואָס איר באַשרייבט אין אייערע דערציילונגען „שכר לימוד" און „דאָס בענטשערל", אָדער האָט איר זיך דאָס בלויז פאָרגעשטעלט?

— זייער אַ גוטע פראַגע — ענטפערט רייזען. — אַ מעשה וואָס איז בלויז אַן איבערלעבונג, אָן דעם דיכטערס פאַנטאַזיע, איז קינסט־לעריש נישט אמת. פונקט ווי אַ קונסט־בילד איז אינטערעסאַנטער און אפילו אמתדיקער ווי אַ פאָטאָגראַפיע, ווייל דאָרטן געפינט זיך אויך די שאַפונג פון קינסטלער.

אַ צווייטער תלמיד שטעלט אים אַן אַנדער פראַגע:

— פאַר וואָס שרייבט איר בלויז קורצע דערציילונגען?

אַברהם רייזען טראַכט אַ ווײַלע. באַלד זאָגט ער:

— דאָס איז אַ ביסל אַ שווערע פראַגע צו פאַרענטפערן. קליינע דערציילונגען קאָנען זיין גרויסע ווערק און גרויסע נאָוועלן קאָנען האָבן אַ קנאַפּן קינסטלערישן ווערט. דער עיקר איז דאָך די עכטקייט פון אַ ווערק, נישט זיין גרויס. מיין מעשה „איוב", וואָס איר האָט געלייענט, איז מיט אַ סך יאָרן צוריק איבערגעזעצט געוואָרן אויף דייטש אין דעם אַמאָליקן יידיש־דייטשן זשורנאַל „אָסט און וועסט". האָט אַ דייטשער שרייבער, ראָט, גענומען דעם מאָטיוו פון מיין דערציילונג און אָנגעשריבן אַ דיק בוך אונטער דעם זעלבן נאָמען — „איוב". מיר דוכט זיך, אַז מיין קליינע דערציילונג איז מער קינסטלעריש. און איך האָב נישט ליב זיך אַליין צו לויבן. ראָטס „איוב", וואָס איז זייער צעצויגן, איז געשריבן מער־ווייניק ליטעראַריש, אָבער אַ גרויס ווערק דאַרף אויך זיין קינסטלעריש.

— זיינען נישט „דאָס בענטשערל", „שכר־לימוד", „איוב", „דעם שכנס ברונעם" טיפיש־יידישע דערציילונגען? — רייסט אַן אַנדער סטודענט איבער אַברהם רייזענס געדאַנקען.

— עס איז גאָרנישט קיין חיסרון, וואָס אַ ווערק איז שטאַרק נאַציאָנאַל — ענטפערט רייזען. — דווקא די נאַציאָנאַלע ווערק, אויב זיי שטאַמען פון קינסטלערס פעדער, זענען געוואָרן אוניווערסאַל.

אויף דער פראַגע, פאַר וואָס שרייבט ער מערסטנס דערציילונגען וועגן דער אַלטער היים, ענטפערט רייזען:

— ליטעראַטור טאָר מען אַזוי נישט מעסטן, די סאַמע מאָדערנסטע

דערציילונגען צי לידער קאָנען זיין אומאינטערעסאַנט און קינסטלעריש פאַלש; דאַקעגן טיפּן פון אַמאָל, בפרט ווען דער שרייבער האָט זיי אַליין איבערגעלעבט, אָדער זיין האַרץ האָט דערפילט דעם לעבעדיקן מענטש, קאָנען זיין אינטערעסאַנט און אמתדיק.

אַברהם רייזענס דערציילונגען זענען באַשטראַלט מיט חכמה און נשמה־קעגטעניש. דאָס זענען מיניאַטור־קונסטווערק, כאָטש זיי פאַרמאָגן אָפט נישט מער ווי פינף־זעקס זייטלעך.

זיינע לידער און דערציילונגען וועלן מיטגיין מיטן יידישן פאָלק אויף אַלע זיינע וואַנדערונגען און דורך אַלע דורות.

„אידישער קעמפער", מאַי 1963

## דניאל טשאַרני

(צו די שלושים)

איך האָב אַ מאָל אָנגעפרעגט ביי שמואל ניגערן פאַר וואָס ער שרייבט אַזוי זעלטן וועגן זיין ברודער, דניאל. איך האָב אים אָנגעוויזן, אַז דער באַרימטער דעניש־יידישער ליטעראַטור־קריטיקער, געאָרג בראַנדעס, האָט געשריבן אַ גרויסע אָפּהאַנדלונג וועגן זיין יינגערן ברודער, עדוואַרד בראַנדעס, וואָס איז געווען אַ פּאָליטיקער, דראַמאַטורג, טעאַטער־היסטאָריקער, לינגוויסט און עסייאיסט.

אויף דעם האָב איך געקראָגן אַ לענגערן בריוו פון שמואל ניגערן, ווו ער שרייבט צווישן אַנדערן:

„...וואָס שייך צום תוך (פאַר וואָס ער שרייבט אַזוי זעלטן וועגן זיין ברודער דניאל — י. ז.) — איז די פראַגע דאָ נישט וועגן מעגן אָדער נישט טאָרן. די פראַגע איז וועגן קאָנען. איינער קאָן טאָן געוויסע זאַכן, אַן אַנדערער — נישט. אָט, צום ביישפּיל, דערציילט איר, אַז עדוואַרד בראַנדעס האָט אין דער צייטונג, וואָס ער האָט רעדאַקטירט, געלאָזט זיין ברודער שרייבן וועגן זיינע ביכער. זאָג איך נישט, אַז ער האָט עס נישט געטאָרט טאָן. אָבער איך ווייס, אַז אין דער „יידישער וועלט", וואָס איך

האָב רעדאַקטירט, האָב איך בעל־דמיונען און אפילו בעל־מחשבותן וואָס האָבן פאַרגעלייגט צו שרייבן וועגן מיין ערשטן בוך (וועגן „יידישער שרייבער") — נישט געלאָזט עס טאָן. בין איך געווען אַזאַ צדיק, אַזאַ עניו? עס הויבט זיך נישט אָן. עס איז אַ געשמאַק־זאַך, און עס זענען אויך דאָ עטישע, נישט נאָר עסטעטישע געשמאַק־זאַכן. און אַנשטאָט דעם אַדיעקטיוו „עטיש", וואָלט איך בעסער באַנוצט דעם מער אָביעקטיוון טערמין — פסיכאָלאָגיש.

„אָט האָב איך, איבערלייענענדיק דמשקס העברעאישע איבערזעצונג פון דניאלס „דוקאר", דערפילט אין זיך אַ באַדערפעניש — און אַ מעג־לעכקייט — צו זאָגן עפּעס, האָב איך עס געטאָן. און איך האָב יענע עטלעכע נאָטיצן אָװעקגעשיקט אין רעדאַקציע נאָך אײדער איך האָב באַקומען אייער בריוו.

„די ,העמונג' אָדער דער ,קאָמפּלעקס' וואָס שטערט מיר, איז — די מורא צו ווערן פערזענלעך, ריכטיקער, צו ווערן סוביעקטיוו — און אַנווערן די מאָס פון דער זאַך גופא.

„ווען מען זאָל וויסן דעם דרוק, וואָס קומט אַזוי אָפט מצד מחברים און זייערע פריינד און דעם מוז צו שיצן זיך קעגן אָט־דער ,פּרעשור', וואָלט מען בעסער פאַרשטאַנען די כמעט־פּאַטאָלאָגישע אָפּגעהיטקייט, וואָס קומט אויף ביי איינעם, וואָס שרייבט וועגן ביכער".

*

ווי אַ לייענער פון דניאל טשאַרניס פּעליעטאָנען, שטיפעריי**ען**, זכרונות, טאָגביכער און לידער אין די לעצטע דריי צענדליק יאָרן, דערוואַרט איך אַ ליאַדע טאָג צו זען זיינס אַ נייעם פעליעטאָן, וואָס זאָל האָבן אומגעפּער אַזאַ קאָפּ: „איך שטאַרב דאָס מאָל אויף אַן אמת, אָבער איך שטיי אויף תחית המתים".

די געזונטע נשמה האָט זיך שוין געהאַט אַזוי צוגעוווינט צו זיין קראַנקן גוף, אַז זי האָט אים גאָרנישט געוואָלט פאַרלאָזן; און ווען די דאָקטוירים וואָלטן זיך נישט גענומען „צורעכט מאַכן" זיין צעבראָכענעם היפּט־ביין, וואָלט ער זיך ביסלעכוויז צוגעפּאַסט צו זיינע איבעריקע רמ"ז אברים און ווייטער אויפגעהאַלטן זיין „לייב און לעבן".

ברוך וולאַדעקס טויט האָט צעטרייסלט דאָס צעבראָכענע לעבן פון

דעם צאַרטן דיכטער, דניאל טשאַרני. אין רירנדיקע פערזן האָט ער אויסגעדריקט זיין בענקשאַפט זיך צו באַהעפטן מיט זיין ברודער.

איך האָב נישט צוליב וועמען ווייטער נאָך צו לעבן,
און כ׳האָב נישט צוליב וועמען זעלבסטמאָרד צו באַגיין!
ס׳איז שווער אַזוי צווישן ערד און הימל שוועבן
און יעדן טאָג נאָך דיין לוויה גיין!
ווי לאַנג נאָך, ברודער, וועל איך זיצן נאָך דיר שבעה?
און יעדן חודש פּראַוועז „שלושים״ אויף דאָס ניי?
איך שעם זיך פאַר די האָר מיינע, די שיווע,
און פאַר מיין נייער פערזן־פלעכטעריי!
ווער קען מיר איצטער מוט און כוח געבן
צו פּטור ווערן פון מיין אייגענעם געביין,
אַז כ׳האָב נישט צוליב וועמען נאָך צו לעבן
און כ׳האָב נישט צוליב וועמען זעלבסטמאָרד צו באַגיין.

(יאָרצייט־ליד, צום אָנדענק פון ב. וולאַדעק)

גאָר פרי איז דער טויט געוואָרן איינער פון זיינע העלדן. נישט איין מאָל האָט ער זיך ביי אים געבעטן, אַז ער זאָל אים באַפרייען פון זיין לעבן, ווייל אויף יענער וועלט האָט ער אַזוי פיל געטרייע, גוטע פריינד, קאָלעגן שרייבער, און סתם וווילע יידן, שוין אָפּגערעדט פון זיין אייגענער משפחה.

אין זיינע אַרטיקלען, מעמואַרן, פעליעטאָנען און לידער האָט ער אַנטפּלעקט פאַרן לייענער זיין צעווייטיקטן גוף און רייכע נשמה. ער האָט נישט פאַרהוילן פאַר אים קיין שום זאַך.

עס איז פאַראַן אין זיין גאַנץ שרייבן אַ זעלטענע, קינדישע ערלעכקייט און שלימותדיקייט. יעדער פעליעטאָן, אָדער ליד, איז ביי אים געווען אַ השתפכות־הנפש, דאָך האָבן זיי זיך נישט געלייגט שווער אויפן געמיט פון לייענער, נאָר אדרבא, ווי דער לייענער אַליין וואָלט זיך אַראָפּגערעדט פון האַרצן. ער איז געוואָרן דער שליח־ציבור פון אַלע קראַנקע, פון אונדזער קראַנקער וועלט.

יעדע צייטונג ברענגט מיר יעדן טאָג
אַ נייעם נעקראָלאָג,
נאָך דיר, נאָך מיר און נאָך דער גאַנצער וועלט.
עס האָט די זון אין מיטן גאַנג זיך אָפּגעשטעלט,
און דו — מיט איר!
איצט טאַפּ איך אין דער פינצטער יעדע טיר,
וואָס פירט צו דיר,
וואָס פירט פון דער צו יענער וועלט.
עס האָט די זון אין מיטן גאַנג זיך אָפּגעשטעלט
און דו — מיט איר,
און איך — מיט דיר.

(ערשטער סטראָף פון זיינע „שבעה־פערזן")

הגם דער סיפּור המעשה אין זיינע פעליעטאָנען און די „טעמעס" פון זיינע לידער האָבן זיך אָפט איבערגעחזרט, איז אָבער דער לייענער נישט מיד געוואָרן זיי צו לייענען. זיי האָבן יעדעס מאָל געווירקט שיער נישט ווי עפּעס אַ „געזונט היילמיטל". דאָס געמיט איז געוואָרן נאָכן איבערלייענען דניאל טשאַרניס שריפטן סיי שווערער און סיי לייכטער. דער לייענער איז באַהערשט געוואָרן פון אַ געפיל פון יראַת הכבוד פאַר דעם ליידנדיקן דיכטער.

ב

ווען שמואל ניגער איז אַזוי פּלוצלונג און אומגעריכט געשטאָרבן, איז דער געדאַנק פון דער ייִדישער קולטור־וועלט געווען מיט דניאל טשאַרני — אין סאַנאַטאָריום, אינעם קראַנקן־צימער. הלוואי זאָל ער דאָס קענען אויסהאַלטן! הלוואי זאָל ער דאָס קענען אַריבערטראָגן! נאָך ש. ניגערס טויט האָט דאָס לעבן פאַר דניאל טשאַרני נישט געהאַט מער קיין זין. ער האָט געלעבט און געשריבן פון צייט צו צייט על פּי אינערציע. ער האָט נישט געוואָלט פאַרלירן דעם צלם אלוקים, און נישט־שרייבן האָט געמיינט פאַר אים ווי אויפהערן אין גאַנצן צו עקזיסטירן.

דאָס זיין פאַרבונדן מיט זיינע לעזערס, און די קאָרעספּאָנדענץ מיט

די קאַלעגן שרייבער, איז געווען פאַר אים ווי קריגן כסדרדיקע בלוט־טראַנספוזיע, וואָס האָט אים געגעבן באַנייטע און פרישע כוחות. עס איז מסתמא נישט געווען נאָך אַ שרייבער, וואָס זאָל האָבן געפירט אַזאַ קאָרעספּאָנדענץ ווי דניאל טשאַרני, און נישט בלויז מיט קאָלעגן שרייבער, נאָר אויך מיט פּשוטע לעזער.

פאַרנדיק צו דער לוויה זע איך ווי אַ ייד, וואָס זיצט לעבן מיר, קוקט אַלע ווײַלע אַריין אין אַ בריוו, וואָס ער האַלט אין האַנט. ער האָט, כּשמעות, זיך משער געווען, אַז איך פאָר אויך אויף דער זעלבער לוויה, ווײַזט ער מיר צוויי בריוו, וואָס ער האָט געקראָגן פון דניאל טשאַרני. ער דערציילט מיר, אַז ער האָט געשריבן צו דניאל טשאַרני, אַז ער האָט הנאה פון זײַנע אַרטיקלען און האָט באַלד געקראָגן פון אים אַן ענטפער מיט אַ דאַנק פאַר נעמען זיך די טירחה און אים שרייבן.

דניאל טשאַרני האָט געלעבט און געאָטעמט מיט דער יידישער ליטעראַטור בכל תפוצות ישראל. מיט פאַרליבטע אויגן האָט ער געקוקט און רעאַגירט אויף אַלצדינג, וואָס האָט געהאַט אַ שייכות מיטן יידישן וואָרט. ער איז געווען גענוג מבין אויף זיך צו וויסן, אַז ער איז אַ שרייבער מיט אַן אייגענעם זשאַנער, הגם ער האָט גאַנץ אָפט ליב געהאַט „אַוועקצומאַכן מיט דער האַנט" זײַנע „שרייבערייען", ווי ער וואָלט פּראָפעסיאָנעל נישט געהערט צום שרייבער־צעך. דאָס איז בײַ אים געווען אַ חנדל, וואָס ער האָט זיך מיט דעם באַנוצט ווי אַ שרייבעריש מיטל.

דער באַרימטער דעניש־יידישער שרייבער, מאיר אהרן גאָלדשמידט, האָט אַ מאָל באַזוכט היינריך היינע, און ווען היינע האָט אים געפרעגט: „וואָס איזט אירע בעשעפטיגונג?" האָט גאָלדשמידט זיך פאַרלוירן און געענטפערט פאַרשעמט: „איך בין זאָוואָס איין דיכטער!" אויף דעם האָט היינע געזאָגט: „מאַן איזט איין דיכטער, אָדער מאַן איזט עס ניכט". ווען היינריך היינע איז אָבער געוווּיר געוואָרן, אַז דאָס איז מאיר אהרן גאָלדשמידט, האָט ער דערנאָך געזאָגט: „זי זינד איין דיכטער".

דניאל טשאַרני איז געווען „ניכט זאָוואָס איין דיכטער", נאָר טאַקע אַן אמתער דיכטער, און איך וואָלט נאָך צוגעגעבן אַן אמת־ליבהאָבנדיקער דיכטער. ער האָט גוט געוווּסט, אַז אויך זײַן ליד וועט פאַרבלײַבן אין יידישן קולטור־אוצר.

אין זיין בוך „ווילנע",* וואָס איז אַ פאָרזעצונג פון זיין „דוקאַר", געפינען זיך אַ סך איוב־רייד אָבער אָן איובס טענות.

„זינט איך לעב נויטיק איך זיך אין מעדיציניִשער באַהאַנדלונג".

„דער רבונו של עולם האָט מיך שוין לכתחילה באַוואָרנט מיט אַזעלכע גוט־איינגעפונדעוועטע מחלות, וואָס זאָלן מיך באַגלייטן פון וויג צום קבר".

„יאָ, איך ווייס, אַז אַ דאַנק מיינע מחלות האָב איך שוין אין די יוגנט־יאָרן באַקומען די גוטע מעגלעכקייט צו דערזען די גרויסע, ליכטיקע וועלט אין גאָר אַן אַנדער באַלויכטונג ווי די געזונטע זעען זי געוויינלעך".

אין די לייכטע מינוטן האָט דניאל טשאַרני אויך געשריבן שטיפערישע — אָדער ווי ער דריקט זיך אַליין אויס — „לייכטזיניקע" לידער. ער האָט אפילו אַרויסגעגעבן, מיט אַ זעקס יאָר צוריק, אַ גאַנץ ביכל, ליטאָגראַפירט, וואָס ער רופט עס „ליבע־רעפלעקסן". די דאָזיקע „ליבע־רעפלעקסן" זענען צעכאַפּט געוואָרן פון זיינע געטרייע לייענער; ער האָט נאָר באַוויזן אָפּצוראַטעווען אַ צאָל עקזעמפּלאַרן פאַר די ביבליאָטעקן.

און אָט — עטלעכע שלווהדיקע שורות פון זיין ליד — „פופציק יאָר מיינע", דאַטירט פּאַריז, 1937:

— פופציק יאָר מיינע — דאָס זענען פופציק ניסים
פון מיין אומגעריכטן וווּנדער, וואַנדער־לעבן,
ווילט זיך היינט די גאַנצע וועלט באַגריסן:
— „מזל־טוב!" — „מיט מזל זאָלט איר לעבן!"

עס איז אַוועק פון אונדז אין דער אייביקייט אַ צאַרטער, יידישער דיכטער, וואָס איז העכער פיר צענדליק יאָר געווען די פאַרקערפערונג פון דער יידישער ליטעראַטור.

„יידיש־לאַנד" האָט מיט דעם טויט פון דניאל טשאַרני פאַרלוירן זיין אמבאַסאַדאָר.

„אידישער קעמפער", 1959

* „ווילנע" (מעמואַרן), בוענאָס־איירעס, 1951—תשי"א, אַרויסגעגעבן פון צענטראַל־פאַרבאַנד פון פוילישע יידן אין אַרגענטינע.

# „ה. לייוויק" פון ש. ניגער

## א

ש. ניגערס גייסטע ווערק וועגן ה. לייוויקן* לייענט זיך ווי אַ קינסטלערישע נאָוועלע, אָבער ווי אַ נאָוועלע פון וועלכער מען לערנט אויך אַ סך און מען ווערט גייסטיק רייכער. זי אַנטוויקלט אונדזער חוש פאַר עסטעטיק און רופט אַרויס ביי אונדז אַ געפיל פאַר העכערע עטישע ווערטן.

ש. ניגער פירט אונדז אַריין אין דער לאַבאָראַטאָריע פון דעם דיכטער און אַנטפּלעקט פאַר אונדז דעם דיכטער און זיין סביבה. ער ווייזט אונדז ווי אַזוי: „ה. לייוויק האָט זיך שווער און לאַנג געראַנגלט מיט זיך אַליין, מיט זיינע אייגענע שטומקייטן און שטאַמלענישן ביז ער האָט זיך אויסגע־לערנט צו זאָגן וואָס ער ווייסט און צו זאָגן עס אַזוי, אַז אויך אַנדערע זאָלן עס וויסן".

בדרך כלל איז נישט אַזוי גרינג און צוגענגלעך צו פאַרשטיין פּאָעזיע, בפרט לירישע אָדער סימבאָלישע שירים.

שרייבט ש. ניגער: „נישט גרינג איז אים (ה. לייוויקן) אָנגעקומען ביז וואַנען די וואָס האָבן געטאַנצט אַרום אים, האָבן פאַרנומען דעם ניגון, וואָס ער האָט געזונגען".

מיר דוכט, אַז ה. לייוויקס ניגון ווערט נאָך ש. ניגערס אַנאַליז דעם לייענער נישט בלויז פאַרשטענדלעך, נאָר נאָענט, ליב און אייגן.

ש. ניגער האָט נישט בלויז אויסגעפאָרשט דעם דיכטערס „רייפע פּירות", נאָר ער האָט אונדז אויך געגעבן אַן „אַריינבליק אין ה. לייוויקס ‚ערב־שאַפן' " — אגב, גאָר אַ געלונגענער טערמין. צוליב דעם האָט ש. ניגער געזוכט זיך פריער צו באַקענען מיט דעם שרייבערס סאַמע ערשטע שפּראָצונגען, אַפילו מיט די „ווילדע קרייטעכער". אין לעצטן סך־הכל האָט ש. ניגער געשאַפן אַן אינטערעסאַנטע ליטעראַרישע ביאָ־גראַפיע פון ה. לייוויקס ווערק און זיין פערזענלעכקייט, אַ בוך וועגן

---

* ה. לייוויק — צו זיין ווערן אַ בן־שישים: 1888—1948. אַרויסגעגעבן פון ה. לייוויק־יובל־קאָמיטעט, טאָראָנטע — קאַנאַדע, 501 ז"ז.

ה. לייוויקס „פּאָעטישע זעונגען און זיין גאַנצן לירישן און דראַמאַטישן שאַפן" — אַ ווערטפולע מתנה צום דיכטערס זעכציקיאָריקן געבוירנטאָג.

ב

אין די צוויי בענד פון ה. לייוויקן, וואָס זענען דערשינען אין 1950, געפינען זיך בלויז די ווערק, וואָס דער דיכטער האָט געשריבן, אָנהייבנדיק פון יאָר 1914, הגם ער האָט געשריבן און פאַרעפנטלעכט סיי לידער, סיי דראַמאַטישע פּאָעמעס מיט יאָרן פריער. פון אַלע פריערדיקע שאַפונגען געפינען זיך אין זיינע ווערק בלויז „די קייטן פון משיח", געשריבן אין 1908, אָבער ש. ניגער שטעלט זיך אויך אָפּ, און אַפילו באַריכות, אויף ה. לייוויקס סאַמע ערשטע לידער און אויף זיינע צוויי דראַמאַטישע פּאָעמעס, וואָס ער האָט זיי געלייענט אין כתב־יד. דאָס ווייזט אונדז נישט בלויז דעם קריטיקערס אַחריות צו זיין אַרבעט, נאָר אויך זיין פּיעטעט פאַרן דיכטער.

ש. ניגער איז זיך אַזוי נוהג אין זיין ווערק וועגן ה. לייוויקן: דורך דער ביאָגראַפיע פון מחבר וויל ער דערגיין צו זיינע שאַפונגען (סענט־בעווישער מעטאָד); דורך פאַרטיפן זיך אין דעם לעבן און אין דער סביבה פון דיכטער, זוכט ער אויסצוגעפינען די פאַזעס פון דיכטערס שאַפן און וווירקן, דאָס וואָס האָט גורם געווען, אַז דער דיכטער זאָל אין אַ באַשטימטן פעריאָד דווקא שאַפן אַ געוויס ווערק; דערנאָך גיט ער אונדז זיין פירוש אויף דעם דיכטערס שאַפונגען און ש. ניגער איז גאָר אַ שאַרפער אַנאַליטיקער און גאָרנישט גייט פאַרהוילן פון זיין קריטיש אויג.

ש. ניגער איז נישט קיין חסיד, ער איז צו קריטיש צו זען בלויז ליכטיקייט און זוניקייט; און ער ווייזט טאַקע אָן אויף ה. לייוויקס צוויי וועלטן — די „פאַרנעפּלטע און קלאָרע", אָדער אויף זיינע צוויי פּאָעטישע שפּראַכן — „איינע אַ שטומע אָדער אַ שטאַמלדיקע, און די צווייטע — אַ קלאָר־דיבורימדיקע", צי אויף זיין איבערגאַנג פון „שפּרוך צו שפּראַך", פון טונקלקייט צו שעפערישער קלאָרקייט, און דאָך איז דער אָביעקטיווער קריטיקער ש. ניגער פאַרליבט ממש מיט יוגנטלעכן ברען אין ה. לייוויקס פערזענלעכקייט און אין זיין פּאָעטיש שאַפן. פון דעם נעמט זיך דער

פֿאַרעמער טאָן, וואָס שטראָמט אַרויס פֿון קריטיקערס יעדע שורה, יאָ, פֿון יעדן וואָרט זײַנעם וועגן ה. לייוויק.

ה. לייוויקס לעבן קען געבן יעדן דענקענדיקן מענטשן גענוג מאַטעריאַל נישט בלויז זיך צו פֿאַראינטערעסירן אין דעם דיכטער, נאָר אים צו באַוווּנדערן און פֿאַרהערלעכן, ווײַל ער האָט געקאָנט גובר זײַן אַזוי פֿיל שטרויכלונגען און אַרויסקומען פֿון אַלע נסיונות אַ געלײַטערטער, ווײַל ער האָט געקענט און קען געבן די אַלע איבערלעבונגען פּאָעטישן און אידעאישן אויסדרוק, אַז אַפֿילו דער לייענער, וואָס באַנעמט נישט אַלצדינג, ווערט גענוג באַווירקט אַ דאַנק דעם, וואָס דער דיכטער איז אַזוי סימבאָליש און סוגעסטיוו, אַז ער מאַכט דעם לייענער טראַכטן און נאָכטראַכטן.

ג

ש. ניגער האָט זײַן בוך וועגן ה. לייוויקן אײַנגעטיילט אין נײַן קאַפּיטלעך און אויך מיט אַן „אַרײַנפֿיר״, וווּ ער דערציילט נישט בלויז ווי אַזוי ער איז זיך נוהג געווען ביים שרײַבן דעם פּאָעטס „ליטעראַרישע ביאָגראַפֿיע״, נאָר „פֿאַראינטריגירט״ באַלד דעם לייענער מיט עטלעכע קאָנדענסירטע באַמערקונגען און באַלייכטונגען וועגן ה. לייוויקס דרך און אָרט אין אונדזער ליטעראַטור, וועגן זײַן „געראַנגל צווישן אומרואיקייט און בענקשאַפֿט נאָך באַרואיקונג, צווישן יאוש און אמונה, צווישן אומקום און אויפֿקום, וואָר און וויזיע״.

די קאַפּיטלעך קייטלען זיך איינס מיטן צווייטן; און הגם דער לייענער ווערט אָפֿט איבערגעוועלטיקט פֿון אײַנדרוקן נאָכן איבערלייענען אַ קאַפּיטל, און ער וואָלט וועלן זיך אַ ביסל אָפּשטעלן, פֿאַרדייען און פֿאַר־געדענקען דאָס וואָס דער קריטיקער כאַראַקטעריזירט און אַנאַליזירט אַזוי טרעפֿלעך, קען ער אָבער דאָס נישט טאָן. צו פֿיל האָט אים ש. ניגער פֿאַראינטערעסירט אין דעם „העלדס״ לעבן און שאַפֿן און ער מוז לייענען ווײַטער.

און אַפֿילו דער לייענער, וואָס האָט נאָכגעפֿאָלגט דעם דיכטערס ליטעראַרישן באַרג־אַרויף, און ה. לייוויק האָט אַ סך געטרײַע לייענערס בכל תפוצות ישראל, האָט אויך אַן אינערלעכע באַפֿרידיקונג מיטצוגיין

מיטן קריטיקער און זען ווי עס ווערן פאַר אים קלאָרער, ווי עס לייכטן פאַר אים אויף אַ סך פאַרבאָרגענע פערזן, שירים און אַפילו גאַנצע סימבאָלישע שפּילן.

אין קאַפּיטל „ערשטע ליטעראַרישע פּרוּוון", באַווײַזט אַפילו ש. ניגער צו געבן אַ שטריך פון פּאָעטס אַ שאַפונג, וואָס איז לײַדער נישט אויפגעפירט געוואָרן, אַ פּאָגראַם־טעמע, ווו דער צוקונפטיקער גרויסער פּאָעט פּרוּווט שוין דעמאָלט שילדערן רשעות פון איין זייט און יסורים פון דער צווייטער זייט. און ש. ניגער באַמערקט „אַז עס איז דאָ אין דעם עפּעס סימבאָלישעס", און ער פרעגט מיט רעכט — „איז עס דען נישט דעם שפּעטערדיקן ה. לייוויקס אַ טיפּישער מאָטיוו?"

ש. ניגער צעגלידערט, ווי אַ געניטער כירורג, יעדעס וויכטיקע ווערק פונעם פּאָעט, הייבט אַרויס די געזונטע גלידער און דער עיקר דעם אומרואיקן און זוכנדיקן גייסט פונעם דיכטער, אַפילו אין זײַנע ערשטע שאַפונגען.

שרייבט ש. ניגער וועגן ה. לייוויקס אַ פּאָעמע אין צוויי טיילן „איוב דער צווייטער" אָדער „אַ נשמה פון גיהנום", וואָס שטאַמט פון די יאָרן 1907—1908, וואָס דער דיכטער האָט אַרויסגעשמוגלט פון דער מינסקער טורמע, ווו ער איז שוין געזעסן צוליב רעוואָלוציאָנערע טעטיקייטן, דאָס צווייטע מאָל: „דאָרטן (אין ,אַ נשמה פון גיהנום') פילט זיך שוין זײַן (ה. לייוויקס) נשמה־געראַנגל, זײַן שרעק פאַרן לעבן און זײַן ליבע צום לעבן, זײַן בונד מיטן פאָלק, און זײַן בונט קעגן גאָט". ה. לייוויק האָט די דאָזיקע פּאָעמע נישט אַרײַנגענומען אין זײַנע געזאַמלטע ווערק. ש. ניגער האָט דאָס געלייענט אין כתב־יד. און דער מאַנוסקריפּט באַשטייט פון פופציק געדיכט־פאַרשריבענע זײַטלעך, ביי אַ פערציק פערזן אויף יעדער זײַטל. ש. ניגער איז געוויסנהאַפטיק נישט בלויז אין זײַן שרייבן, גאָר אויך אין זײַן לייענען, דער סימן מובהק פון דעם עכטן קריטיקער, וואָס „אַרבעט" לפנים משורת הדין.

וועגן „די קייטן פון משיח", וואָס שטאַמט פון דער אייגענער צייט, 1907—1908, שרייבט ש. ניגער, אַז שוין דאָרטן זעט זיך די אידעע און די פּראָבלעם פון אַ סך שפּעטערדיקע ווערק פון פּאָעט.

אין ווייטאָג פון ירושלימס חורבן,
אין פייער און רויך;
געבוירן געוואָרן איז ער
צו זיין פאַר ישראל
אַן אייביקער חלום
און פאַר דער וועלט
אַ נבואה פון שלום.

(פון ה. לייוויקס „די קייטן פון משיח״)

„שוין דעמאָלט האָט דער פּאָעט געזוכט אַ שליסל צו דער רעטעניש פון חורבן און גאולה״. „דעם פּאָעט האָט זיך דעמאָלט שוין געחלומט אַ געשטאַלט וואָס איז זייער ענלעך צו אים — די געשטאַלט פון דעם אומרואיקן און רעבעלירנדיקן מלאך עזיאל, די הויפּט־פיגור אין ,די קייטן פון משיח׳ ״.

אין דעם קאַפּיטל „תפיסה, קאַטאָרגע, סיביר״, באַשרייבט ש. ניגער מיט געפיל און מיטגעפיל ה. לייוויקס תפיסה־יאָרן, דאָרטן האָט דער יונגער פּאָעט אויך געשריבן „הינטערן שלאָס״, ווו „ליידן האָט אָנגעפילט די לופט, שיר נישט זיין גאַנצן שאַפן. פּיין, פּייניקונג איז געוואָרן אַן אָרגאַנישער טייל פון זיין פּאָעטיש אויסלעבן זיך״.

ש. ניגער שילדערט מיט אַ סך פּרטים וואָס ה. לייוויק איז אַלץ דורכגעגאַנגען — תפיסה, הונגער־שטרייק, צוויי יאָר גיהנום אין „בוטירקי״, קאַטאָרזשנע טורמע אין מאָסקווע, זיין „מאַרש״ קיין סיביר, וואָס האָט זיך געצויגן חדשים ביז ער איז ענדלעך סוף אויגוסט 1912 אָנגעקומען קיין וויטים, אַ דערפל אין דער געגנט פון אירקוטסק, זיין לעבן אין סיביר און זיין אַנטלויפן אויף פערד און שליטן. ש. ניגער רופט אויס אין עקסטאַז: „ווער נאָך פון אונדזערע פּאָעטן האָט עס דורכגעלעבט? ווער נאָך האָט עפּעס ענלעכס געהערט און געזען?״

נישט צו אָפט טרעפט מען אין ש. ניגערס רייכע קריטישע ווערק אַזעלכע באַגייסטערטע אויסרופן, ווי אין זיין ווערק וועגן ה. לייוויקן, דהיינו:

„אַזוי האָט שוין לאַנג נישט געחלומט אַ יידישער דיכטער, זינט די מקובלים״ — (וועגן ה. לייוויקס אַ סעריע משיח־לידער).

אָדער: „זיין (ה. לייוויקס) איד־ליד גראָבט טיפער און פאַרמעסט זיך ברייטער ווי דאָס ליד פון אַנדערע אינדיווידואַליסטיש־ראָמאַנטישע ,יונגע׳״. צי: „איך האָב נישט געקענט נאָך אַ בוך פון אַזאַ מדרגה, וואָס זאָל זיין אַזוי איינגעטונקט אין איין שיין און אין איין טונקלקייט, ווי דאָס ערשטע בוך לידער פון ה. לייוויק״. נאָך שטאַרקערע אויסדרוקן פון באַגייסטערונג באַגעגנט מען, בעת דער קריטיקער שרייבט וועגן ה. לייוויקס גרויסע דיכטערישע און דראַמאַטישע ווערק און וועגן זיין גייסטיקער פערזענלעכקייט און שלימות.

אין דער אייגענער צייט וואָס דער קריטיקער באַקענט דעם לייענער מיט דעם פּאָעטס „ביאָגראַפיע״, שטעלט ער זיך אויך אָפּ אויף ה. לייוויקס געמיט ווי עס האָט זיך אויסגעדריקט אין אַ ריי לידער פון יענער תקופה, ווו דער פּאָעט „נאַרט זיך מיט חלומות — מיט חלומות אויפן וואָר״.

ש. ניגער גייט נאָך דעם דיכטער טראָט ביי טראָט, אַזוי אַז עס איז זייער באַשיידן פון קריטיקער, ווען ער זאָגט אונדז אין אַריינפיר — „דאָ איז נישטאָ קיין פולע באַשרייבונג פון זיין לעבן״. דער לייענער האָט דעם איינדרוק, אַז ש. ניגער האָט נישט דורכגעלאָזט קיין וויכטיקן מאָמענט פון ה. לייוויקס לעבן, וואָס איז אָנגעזאָפּט מיט אָן אַ שיעור איבערלעבונגען. אַפילו אַזוי צו זאָגן וועגן „טריוויאַלע״ מאָמענטן רעדט ש. ניגער רירנדיק. מיר ווערן געוואָר אַזעלכע „קלייניקייטן״, אַז אין זומער פון יאָר 1913, אין עלטער פון פיר און צוואַנציק יאָר, איז ה. לייוויק ענדלעך אָנגעקומען קיין אַמעריקע. אַז קיין „אוצרות פאַרשאָטענע״ האָבן דאָ נישט געוואַרט אויף אים, אדרבא, ער האָט נישקשהדיק געליטן און זיך אין אַמעריקע אויסגעלערנט אַ מלאכה — ער איז געוואָרן אַ טאַפּעטן־קלעפּער, געאַרבעט אין ניו־יאָרק אַ גאַנץ יאָר און דערנאָך איז ער אַוועק קיין פילאַדעלפיע, דאָרטן געאַרבעט אַ יאָר צייט ווי אַ שניידער אין אַ קליידער־פאַבריק און געוווינט אין אַ בוידעם־שטיבל. דער פּאָעט האָט „געפילט אינעם בייג פון זיין (דעם שכנס) רוקן, אַז ער איז אַ רינג מיט אים אין איין קייט״. ש. ניגער הייבט אָבער מיט פרייד אַרויס ווי אַזוי דער יונגער ה. לייוויק איז „געוואָרן אַ רינג אויך אין אַן אַנדער קייט — אין דער קייט פון דער אַמעריקאַנער יידישער פּאָעזיע״.

אין 1915 קומט ה. לייוויק צוריק קיין ניו־יאָרק, ער נעמט זיך צו זיין „אַלטער״ מלאכה — טאַפּעטן־קלעפּעריי, אויף דעם אַמעריקאַנער יידישן

לשון, מיינט דאָס פּשוט — אַ „פּייפּער־הענגער“, און ה. לייוויק האָט געאַרבעט ווי אַ „פּייפּער־הענגער“ ביז דעם יאָר 1932.

פאַראַן קאַפּיטלעך, וואָס זענען טיף־אַנאַליטיש, דהיינו — ש. ניגערס פּירוש אויף ה. לייוויקס ערשטע פיר גרויסע פּאָעמעס: „ער“ — ישו הנוצרי, „דאָס קראַנקע צימער“, „דער וואָלף“ און „די שטאָל“. עס לייכטן אויף אפילו פאַר דעם פליסיקן לייענער פון ה. לייוויקן אַ סך פאַרהוילענע און פאַרבאָרגענע שטעלעס. דער לייענער, וואָס איז געווען אַ „פאַרערער“ פון ה. לייוויק ווערט אויך אַ „פאַרשטייער“ פון דיכטער.

ש. ניגער בויט אויף, אויפן סמך פון ה. לייוויקס דיכטונג, די יידישע און במילא אויך די „אוניווערסאַלע“ וועלט־אַנשויאונג פון דיכטער, דער עיקר אין שייכות מיט די שפּעטערדיקע גרויסע שאַפונגען פון דיכטער, אָנהייבנדיק פון זיין מאָנומענטאַלער מיטאָס־דיכטונג דער „גולם“ ביז זיין „די חתונה אין פערנוואַלד“, אַ פּעריאָד פון פערציק יאָר געבענטשטער שאַפונג.

אין תוך גענומען, זאָגט אונדז ש. ניגער, איז יעדע איינציקע פּאָעמע פון ה. לייוויקן „געווען אַ שליסל צו דער פולקייט פון זיין דיכטערישן איך. אין יעדער איינער פון זיינע פּאָעטישע שאַפונגען, נישט נאָר איז זיי אַלע אין איינעם, אַנטפּלעקט זיך זיין גאַנצע פערזענלעכקייט“.

די דיכטערישע פערזענלעכקייט פון אונדזער „צוויי־געשטאַלטיקן“, געניאַלן פּאָעטישן קינסטלער פון „יאוש“ און „גאולה“, האָט גורם געווען, אַז אונדזער קלאַסישער קריטיקער, ש. ניגער זאָל שאַפן אַן אומפאַסנדיק ווערק וועגן ה. לייוויקן און זיין פערציק־יאָריקער פּראָדוקטיווקייט, אַ ווערק, וואָס וועט פאַרנעמען אַ מזרח־אָרט אין דער יידישער ליטעראַטור־קריטיק.

„קולטור און דערציאונג“, פעברואַר 1953

# שמואל ניגער — דער דערציער

(צום צענטן יאָרצייט)

שמואל ניגער איז געווען נישט בלויז דער דערציער פון צוויי דורות יידישע שרייבער, נאָר אויך דער דערציער פון יידישן לערער. אָבער און ווידער האָט ש. ניגער געשריבן וועגן דער וויכטיקייט פון יידישער דערציונג, און דערביי האָט ער אונטערגעשטראָכן נישט אַזוי דעם „קיום האומה", ווי דעם „קיום פון יחיד".

עס זענען אים געווען דערווידער די פלאַכע, שרייענדיקע פּאַרזאָרגערס פון קיום האומה, וואָס ציטערן כלומרשט כסדר איבערן גורל פון יידישן פאָלק. צו־גוט האָט ש. ניגער געקענט די גייסטיקע געשיכטע פון יידישן פאָלק, צו־גרויס איז געווען זיין אמונה אין דעם לעבנס־כוח פון יידישן פאָלק און צו־גוט האָט ער געקענט די פּאָטענץ פון אָט די „פּאַרזאָרגערס", אַז דאָס זאָל אים אַריינברענגען אין יאוש־שטימונגען.

ער האָט געהאַט בטחון אין דער יידישער שעפערישער המשכדיקייט פון אַמעריקאַנער יידישן קיבוץ. אמת, יידישקייט וועט בהדרגה אָננעמען גאַנץ אַנדערע פאָרמען, דאָס איז אומפאַרמיידלעך און דאָך מוז דער שעפערישער מענטש האָבן דאָס געפיל, אַז דאָס, וואָס ער האָט געשאַפן, וועט פאַרבלייבן. אַנשטאָט אַרומגיין פאַריאושטע און פאַרדאַגהטע, מיט דעם קאָמפּלעקס־געפיל, אַז מיר זענען די לעצטע פון גרויסן דור, זאָל מען בעסער אַוועקגעבן די ענערגיע אויף שעפערישער אַרבעט. דער יידישער קיבוץ וועט שוין געפינען אַ וועג, ווי אַזוי איבערצוגיסן אין סאָלידע כלים אַלץ, וואָס דער דור האָט איבערגעלאָזן און ווייטער ציען דעם גאָלדענעם פאָדעם.

אַוודאי האָט ש. ניגער פאַרנומען דעם צער פון דער קינסטלערישער פערזענלעכקייט, וואָס פילט זיך אָפט פאַראיינזאַמט, איזאָלירט. דאָס איז אָבער אין אַלע צייטן און ביי אַלע פעלקער געווען דער גורל פון אמתן קינסטלער.

פון צייט צו צייט פלעגט ש. ניגער אויפטרעטן אויף מסיבות פון העכערע בילדונג־אינסטיטוציעס, וואָס זייער טעטיקייט איז נישט אין איינקלאַנג מיט וועלטלעכן יידישן סעקטאָר. אויך אין יענער סביבה האָט

ער געהאַט וואָס צו זאָגן, עפּעס מחדש צו זיין און אַרויסרופן צו זיך גרויס דרך־ארץ.

ל. מ. שטיין ע"ה האָט אַרויסגעגעבן אַ בוך מיט דריי רעפעראַטן, וואָס ש. ניגער האָט געהאַלטן פאַר יידישע פּעדאַגאָגן, דערציער און טוערס אויף די טעמעס: „אין וואָס איך גלייב ווי אַ ייד" — אַ לעקציע פאַר סטודענטן פון אלומני פון יידישן טעאָלאָגישן סעמינאַר: „וווהין גייט דאָס יידישע לעבן אין אַמעריקע", אַ רעפעראַט, וואָס ער האָט געהאַלטן אויף דער לאַנדס־קאָנפערענץ פון יידישן דערציונגס־קאָמיטעט, און אַ לעקציע אויף דער טעמע: „ישראל, פאָלק און לאַנד", ווי אַן אָנטיילנעמער אין אַ סימפּאָזיום פון יידישן טעאָלאָגישן סעמינאַר. דאָ האָט ש. ניגער געגעבן, צום טייל, דעם אויסדרוק פון זיין אַני־מאמין.

אַוודאי האָט ש. ניגער געוואָלט אַקטיוויזירן אונדזער פאָלקס־אַחריות פאַר אַלע לענדער, וווּ עס וווינען יידן, (דער עיקר פאַר מדינת־ישראל), ער איז אָבער שטאַרק געווען קעגן דעם, אַז יידישע טעטיקייט אין אַמעריקע זאָל רעדוצירט ווערן צו „קאַמפּיין־יידישקייט". די יידישע געשיכטע האָט אַרויפגעלייגט אויפן אַמעריקאַנער יידישן קיבוץ פאַראַנטוואָרטלעכע שליחותן, אין דער ערשטער ריי — פאַרטיפן אונדזער יידישן קולטור־באַוווסטזיין.

שרייבט ש. ניגער: „דער נאָך נישט איינגעשטעלטער ריטעם פונעם אַמעריקאַנער יידישן לעבן איז אַ גילגול נישט פון אַן איינציקן ניגון, נאָר פון דער פולער סימפאָניע פונעם יידישן וועלט־פאָלק. מיר זענען אַ קולטור־פלוראַליסטיש פאָלק אין אַ קולטור־פלוראַליסטיש לאַנד".

ש. ניגער האָט דעריבער געזען אין דער יידישער דערציאונג אַ שטרעבונג פון קעגנזייטיקער השפעה, וואָרעם דער וועג פון יידישן חינוך פירט צום סינטעז פון די פאַרשידענע שטרעמונגען און שטרעבונגען אין „יידישן לעבן".

זיין מאָנונג צו די פאַרשידענע ריכטונגען איז געווען: גענוג צו שפּאַרן זיך, גענוג צו זיין איינגעשפּאַרט. מען דאַרף געדענקען, אַז די געשיכטע גרייט צו פאַר די אַמעריקאַנער יידן אַ פשרה, אַ סינטעז. הגם ש. ניגער האָט געהאַלטן, אַז „יעדע לעבנספילאָזאָפיע, יעדע יידישע ירושה, וואָס איז לעבנס־ און קאַמפּס־פעאיק, מעג און דאַרף קעמפן פאַר איר אָרט אונטער דער זון".

ער האָט נאָר דערמאָנט די צדדים אָדער ריכטונגען, אַז דאָס איז „אַ פאַמיליע־מחלוקת". „יעדע ריכטונג דאַרף שטרעבן צו האָבן אַ גרעסערן חלק און מער דעה אינעם פאָלקס־שותפות".

אמת, יעדע ריכטונג דאַרף לאָזן הערן איר שטים אין כאָר, אָבער „מען דאַרף געדענקען, אַז מען זינגט אין אַ כאָר, נישט סאָלאָ".

ריידנדיק פאַר די העברעאישע דערציער, וואָס אין זייערע לערן־אינסטיטוציעס מיידט מען זייער אָפט אויס צו לערנען יידיש און די יידישע ליטעראַטור, האָט ער אויף זיין אחריותפולן אופן דערקלערט: „פאַר אונדזערע יידישע סטודענטן דאַרפן זיין אָפן די מקורות פוןביידע לעבעדיקע און ווירקנדיקע שפּראַכן — העברעאיש און יידיש".

ש. ניגער האָט זעלטן גערעדט און נאָך זעלטענער געשריבן וועגן זיך. דאָך, אין אַן אינטימער סביבה האָט ער אַ מאָל געלאָזט פאַלן עטלעכע באַמערקונגען. נחום סטוטשקאָוו אין איינעם מיטן שרייבער פון די שורות, האָבן אים באַזוכט גראָד אין דעם טאָג ווען ער האָט געקראָגן צוגעשיקט פון אַרגענטינע זיין ווערק וועגן י. ל. פּרצן. מיר האָבן אים געווונטשן מזל־טוב און עס איז קענטיק געווען, אַז ש. ניגער האָט זיך געפרייט מיט זיין פרץ־בוך, וואָס ער האָט נאָר־וואָס געהאַט אויסגעפּאַקט. ביי דער געלעגנהייט האָט ער אונדז דערציילט עפּעס, פון וואָס עס ווערט קלאָר (הגם מען האָט דאָס גוט געוווּסט און מען האָט נישט געדאַרפט האָבן קיין שום באַווייזן) פאַר וואָס ש. ניגער האָט אַרויסגערופן צו זיך אַזאַ טיפן דרך־ארץ. אָט וואָס ש. ניגער האָט דערציילט:

נאָך דעם ווי ער האָט פאַרעפנטלעכט אין העברעאיש אַ גרעסערע אַרבעט וועגן י. ל. פרץ, האָט זיך פּראָפעסאָר יוסף קלויזנער געווענדט צו אים מיטן אָנבאָט, אַז דער העברעאישער אוניווערסיטעט זאָל אַרויסגעבן זיין פרץ־בוך. ער בעט נאָר, אַז ש. ניגער זאָל מער אונטערשטרייכן פרצן ווי דעם העברעאישן שרייבער.

זאָל דאָ דערמאָנט ווערן, אַז שמואל ניגער האָט געהאַט שוועריקייטן מיטן אַרויסגעבן זיין פרץ־בוך. דער „ציקאָ" האָט עס נישט אַרויסגעגעבן און ער האָט געמוזט אָנקומען צו אַרגענטינע. ניגער האָט נישט געוואָלט אַוועקשיקן קיין אַרגענטינע זיין מאַנוסקריפּט, וואָס ער האָט אים צוגעגרייט במשך פון עטלעכע יאָרצענדליק. וואָס טוט מען ווען ער ווערט חלילה

פאַרלוירן? ניגער האָט דעריבער געלאָזט קאָפּירן דעם כתב־יד און באַצאָלט דערפאַר אַ באַדייטנדיקע סומע.

און דאָך, ווען פּראָפעסאָר קלויזנער האָט אין דער אייגענער צייט זיך געווענדט צו אים, אַז ער זאָל פאַרעפנטלעכן דאָס פּרץ־בוך קודם־כל אויף העברעאיש און אַוועקשטעלן פּרצן, ווי דעם העברעאישן שרייבער אין צענטער, האָט ש. ניגער זיך נישט געקווענקלט קיין רגע און געלאָזט וויסן, אַז אַוודאי וואָלט ער צופרידן געווען, אַז מען זאָל אַרויסגעבן זיין פּרץ־בוך אויף העברעאיש; דאָס בוך מוז אָבער אָפּשפּיגלען, וואָס פּרץ איז געווען, דאָס הייסט — פּרץ דער יידישער שרייבער, און דערנאָך — פּרץ דער העברעאישער שרייבער.

ש. ניגער האָט פאַרמאָגט פּעאיקייטן מסביר צו זיין אַן ענין אַזוי, אַז יעדער לייענער אָדער צוהערער זאָל דאָס קאָנען תופס זיין. ער האָט קיין מאָל נישט געשריבן מיט „אָנשטעל" אָדער „שווערער עברי"; ער האָט אָבער אויך נישט געזוכט צו פאַרפלאַכן אַ געדאַנק. וויפל רייכן מאַטעריאַל גיט ש. ניגער אפילו דעם גענייטסטן לייענער אין אַט דעם איינעם פּאַראַגראַף:

...„אַט לייענען מיר אַזאַ דערציילונג, ווי ‚אויב נישט נאָך העכער' — און מיר האָבן פאַר זיך אַ פּראָדוקט פון דער חסידישער פאָלקס־פאַנטאַזיע, איבערגעשאַפן פון פּרצן, אַ מאָדערנעם שרייבער, אַ קינד פון דער השכלה. דער מיין פון פּרצעס געשיכטע איז אַ סאָציאַל־עטישער (דעם רבינס העלפן אַן אָרעמער פרוי איז אַ העכערע מדרגה, ווי פליען אין הימל אַריין), איר ווערט איז אַ נאַציאָנאַל־קולטורעלער; האָבן מיר פאַר זיך אַ האַרמאָנישע צינויפגיסונג נישט בלויז פון חסידישן און משכילישן, נאָר אויך פון סאָציאַלן און נאַציאָנאַלן מאָטיוו".

ש. ניגער האָט איבערגעלעבט די „חבלי לידה" און אויך די שאַפונגס־פרייד פון גרויסע יידישע ווערק, צוזאַמען מיט די מחברים וואָס האָבן זיי געשאַפן.

אַן אמתער קריטיקער, האָט געזאָגט אַנאַטאָל פראַנס, דאַרף אַפילו קענען די נאָטיצן, ווו דער מחבר האָט פאַרצייכנט פאַר זיך דעם ציל, וואָס ער האָט זיך געשטעלט ביים שרייבן דאָס ווערק, אויב דער שרייבער האָט בכלל געהאַט אַ ציל.

ש. ניגער, ווי יעדער גרויסער און עכטער קריטיקער, האָט אַליין

געשאַפן אייגענע ווערק, שרייבנדיק זיינע קריטישע אָפּהאַנדלונגען; אפילו זיינע אייגענע איבערלעבונגען קומען דאָרט צום אויסדרוק. זיינע קריטישע אָפּהאַנדלונגען און אַנאַליזן זענען נישט געבויט אויף קיין קאַפּריזן. מען האָט אים געקאָנט האַלטן פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דעם, וואָס ער האָט געשריבן, און ער האָט די אחריות נישט אָפּגעוואָרפן פון זיך.

קיין איין איינציקע קריטישע אָפּהאַנדלונג האָט ש. ניגער נישט געשריבן ווי אַ דרויסנדיקער. די יידישע ליטעראַטור איז אים געווען שטאַרק נוגע.

ער האָט אויך שטאַרק מקפיד געווען אויף דעם אינסטרומענט, מיט וועלכן ער האָט זיך באַנוצט העכער פינף־צענדליק יאָר. זיין יידיש איז זייער בייגעוודיק און מיט אַ שפע פון ווערטער־שפיל, אָבער ער האָט זיי נישט גענוצט סתם צוליב שפיל, נאָר כדי אַרויסצוברענגען פרישער, בולטער, קינסטלערישער דעם געדאַנק און פאַר־איין־וועגס א ווייז טאָן די רייכקייט פון יידיש.

דעריבער קען אונדז ש. ניגערס יידיש דינען ווי אַ מוסטער אין דעם לימוד פון אונדזער לשון אין העכערע יידישע לערן־אַנשטאַלטן. עס איז שווער אָפּצופרעגן אַ יידישן אויסדרוק, וואָס ש. ניגער האָט גענוצט. פונקט ווי ער איז געווען אחריותדיק אין דער קריטיק און אין דער פובליציסטיק, אַזוי איז ער אויך געווען וואָס שייך לשון.

ש. ניגערס ווערק וועגן מענדעלע מוכר ספרים, שלום־עליכם, י. ל. פּרץ, ה. לייוויק, שלום אַש און זיינע אָפּהאַנדלונגען וועגן צענדליקער יידישע שרייבערס, אַנטוויקלען אונדזער חוש פאַר עסטעטיק און רופן אַרויס ביי אונדז אַ געפיל פאַר העכערע עטישע ווערטן, דער עיקר אָבער ווערט דער לייענער פון ש. ניגערס ווערק גייסטיק רייכער. ער פירט אונדז אַריין אין לאַבאָראַטאָריעס פון די יידישע קלאַסיקער און נעאָקלאַסיקער און אַנטפּלעקט פאַר אונדז דעם שרייבער און זיין סביבה.

אין מערסטע ווערק איז זיך ש. ניגער אַזוי נוהג געווען — דורך דער ביאָגראַפיע פון מחבר האָט ער געוואָלט דערגיין צו זיינע שאַפונגען (סענט־בעווישער מעטאָד), דורך פאַרטיפן זיך אין דעם לעבן און אין דער סביבה פון דיכטער, האָט ער געזוכט אויסצוגעפינען די פאַזעס פון דיכטערס שאַפן און ווירקן — דאָס וואָס האָט גורם געווען, אַז דער דיכטער זאָל אין אַ

געוויסן פּעריאָד דווקא שאַפֿן אַ באַשטימט ווערק, דערנאָך האָט אונדז ש. ניגער געגעבן זיין פּירוש אויף דעם מחברס שאַפֿונגען.

ש. ניגער איז געווען איינער פון די גלענצנדיקסטע לערערס, ער איז געווען דער לערער פון די לערערס. זײַנע געוועזענע תּלמידים, איצטיקע לערערס, רעדן מיט גרויס פּיעטעט און ליבשאַפֿט וועגן זיינע לעקציעס אין לערער־סעמינאַר, ווי אַזוי ער פלעגט מסביר זיין קינסטלערישע ווערק און אַריינפירן די תּלמידים אין דער וועלט פון פאַרשיידענע ליטעראַרישע ריכטונגען און שולעס.

ש. ניגער איז גאַנצע 28 יאָר, פון 1920 ביז סוף 1947, געווען דער רעדאַקטאָר פון „קינדער־זשורנאַל". אונטער זיין רעדאַקציע איז אין „קינדער־זשורנאַל" פאַרעפנטלעכט געוואָרן אַ גאַנצע יידישע קינדער־ליטעראַטור. ער האָט סטימולירט יידישע שרייבערס זיי זאָלן שרייבן פאַרן יידישן קינד, און יידישע שרייבערס האָבן גערן געוואָלט, און טאַקע געהאַלטן פאַר אַ כבוד זיך צו דרוקן אונטער זיין רעדאַקציע.

איך ווייס נישט ווי רעדאַקטאָרן זענען זיך נוהג ביים רעדאַקטירן און פאַרעפנטלעכן ווערק פון שרייבער. איך בין אָבער יאָ געווען אַ ביסל באַקאַנט (אַ דאַנק דעם וואָס איך בין געווען אין דער רעדאַקציע־קאָמיסיע), ווי אַזוי ש. ניגער האָט זיך נוהג געווען ביים רעדאַקטירן אַלץ וואָס עס איז פאַר־עפנטלעכט געוואָרן אין „קינדער־זשורנאַל".

ש. ניגער פלעגט אויסבעסערן, ווען מען האָט געדאַרפט, די דערציי־לונגען, לידער, שפּילן, מעשהלעך, ווי אַ גוטער און געוויסנהאַפטיקער לערער פאַרריכט אַ קאָמפּאָזיציע פון אַ תּלמיד. און ווי אַ מענטש מיט אומגעהייערן טאַקט און איידעלער ראַפינירטקייט, פלעגט ער די פאַרריכטע זאַך צוריקשיקן צום מחבר און אים פרעגן צי ער איז מסכים אויף די אָנגעוויזענע אויסבעסערונגען. קיינער האָט וועגן דעם נישט געוווסט, חוץ ש. ניגער און דער שרייבער גופא. לאָמיר ברענגען בלויז עטלעכע אַזעלכע בריוו צו שרייבער. אויף וויפל עס איז אונדז באַקאַנט, איז עס דאָס ערשטע מאָל, וואָס דאָס ווערט אַרויסגעבראַכט אין דער עפנטלעכקייט. פאַרשטייט זיך, אַז מיר לאָזן־אויס די נעמען פון די שרייבער.

„אייער מעשהלע איז מיר זייער געפעלן, און איך וויל עס דרוקן, אָבער איך בעט אייך מיר דערלויבן מאַכן אַ פּאָר קירצונגען, און אָט פּאָר וואָס:

„אין דער לעצטער סטראָפע דערציילט איר, אַז אונדזער ראובן איז פאַרשיקט געוואָרן אויף אייביק אין אָסטראָג; איז עס אַן אמת, אָבער נישט דער קינסטלערישער אמת. קינסטלעריש וויל דאָס ליד וועקן — און עס וועקט — דעם מוט און די קעמפערישקייט ביי די קינדער. איז לאָמיר זיי בעסער איבערלאָזן מיט — ,מיר וועלן אים באַפרייען׳, נישט מיטן אָסטראָג. לאָמיר זיי מאַכן פריילעך, נישט אומעטיק אויפן האַרצן.

ווייטער זענען דאָ עטלעכע סטראָפעס, וואָס אָדער מען קאָן בכלל אויסקומען אָן זיי, אָדער זיי זענען נישט גענוג מאַטעריעל פאַר אונדזערע קינדער, צום ביישפיל: די צו־האַרבע ווערטער, וואָס טאַטע־מאַמע זאָגן וועגן ראובנען. אונדזערע קינדער וועלן עס נישט פאַרשטיין און זיי וועלן האַלטן די עלטערן פאַר גאָר ווילדע מענטשן. רעכן איך אַרויסלאָזן עטלעכע אַזוינע שורות, כדי עס ווייכער צו מאַכן...״

און אָט אין אַן אַנדער בריוול פון ש. ניגער:

„אייער ,ערשטער אַרויספאָר׳ איז זייער אינטערעסאַנט. איך גלייב, אַז די קינדער וועלן עס אויפנעמען. ,פאָרט׳ ווייטער. פלעכט אַריין וואָס מער עפּיזאָדן, פּאַסירונגען, דערהויפּט וועגן די קינדער אַליין.

„עס וועלן נייטיק זיין געוויסע סטיליסטישע אויסבעסערונגען. ווייטער איז אַלץ גוט. שיקט אַרויס ווייטעריקע קאַפּיטלעך איידער איר פאָרט אַוועק און פאָרט געזונט!

מיט בעסטע גרוסן, אייער ש. ניגער״.

די גאָר גוטע זאַכן וואָס מען האָט געשיקט פאַרן „קינדער־זשורנאַל״ און וואָס זענען איר שטאַרק געפעלן, פלעגט ער נאָך פון כתב־ד פאַרלייענען פאַר זיינע צוויי קינדער, ליבע און וואָווע. איך געדענק (אַזוי ווי די ש. ניגער־משפחה האָט געוווינט ווייט פון אַ יידישער שול, האָב איך מיט זיי אַ צייט לאַנג פּריוואַט געלערנט אין הויז) מיט וואָס פאַר אַ פרייד זיינע קינדער פלעגן דערוואַרטן דעם טאַטנס פאַרלייענען.

לאָמיר פאַרענדיקן מיט ציטירן אַן אַרויסזאָג פון ש. ניגער וועגן מענדעלע מוכר ספרים:

„לייענענדיק, וואָס עס שרייבט מענדעלע מוכר ספרים, דאַכט זיך איך אויס, אַז דאָס איז געשריבן נישט אויף פּאַפּיר, נאָר אויף פּאַרמעט; אַז

דאָס וואָס איר האַלט אין האַנט, איז נישט קיין מעשה־ביכל, נאָר עפּעס אַ מגילה, ווו עלטער־זיידעסריידן צו אוראייניקלעך, דורות צו דורות".

„אידישער קעמפּער", 1965

## מענדעלע מוכר ספרים אין אַמאָליקן לאָדזש

(אַ דערינערונג וועגן זיידן)

דאָס איז געווען אין יאָר 1909. איבער דער יידישער וועלט האָט מען זיך געגרייט צו פייערן דעם 75־יאָריקן געבוירן־טאָג פון מענדעלע מוכר ספרים.

איך האָב זיך דעמאָלט געלערנט אין דער לאָדזשער באַרימטער יאַראָטשינסקער שול, און היות ווי מענדעלע איז דעמאָלט געווען דער דירעקטאָר פון אַן ענלעכער שול אין אָדעס, האָבן מיר געהערט, אַז ווען מענדעלע וועט קומען קיין לאָדזש, וועט ער אויך באַזוכן אונדזער שול. דאָס איז געווען פאַר מיר און פאַר אַ גאַנצער גרופּע תלמידים עפּעס אַזעלכעס, וואָס מיר האָבן זיך עס נישט געקענט פאַרשטעלן אין אונדזער דמיון. מיר וועלן, הייסט עס, אַליין זען דעם זיידן פון דער יידישער ליטעראַטור? און נאָך ווו? ביי אונדז אין דער שול!

די דאָזיקע יאַראָטשינסקי־שול איז אויסגעהאַלטן געוואָרן פון זייער רייכע אַסימילירטע יידן, גרויסע וועבער־פאַבריקאַנטן.

דער דירעקטאָר, ה' א. שווייצער, און די לערער זענען אַלע, פאַר־שטייט זיך, געווען יידן. בלויז דער לערער פון דייטש, ה' רייכערט, איז טאַקע געווען אַן אמתער דייטש. אַ יידיש וואָרט האָט מען אָבער נישט געטאָרט אויסריידן, נישט אין די קלאַסן, נישט אין די קאָרידאָרן, נישט אין הויף און אַפילו נישט ביים שפּילן זיך.

מיר האָבן אַפילו נישט גערעדט קיין יידיש מיט ר' עוזר גלאַנץ ע"ה. דעם פאָטער פון פּאָעט און פּובליציסט אַ. גלאַנץ־לעיעלעס. ר' עוזר גלאַנץ איז געווען דער איין און איינציקער אין דער גאַנצער שול, וואָס האָט געטראָגן יידישע מלבושים, אפילו אַ היטל; אַ הדרת־פּנים, וואָס האָט

געהאַט אַ לאַנגע, גוט־געפּלעגטע באָרד, וואָס איז שוין אין מיין צייט געווען דורכגעוואָרפן מיט היפּשע גרויליכע פּאַסן.

עס פלעגט אַ מאָל טרעפן, אַז מיר פלעגן רעדן צו אים יידיש און אים רופן ר׳ עוזר גלאַנץ, אַנשטאָט „פּאַן" גלאַנץ. אָבער דאָס איז געווען בלויז דעמאָלט, ווען אַלע לערער זענען שוין לאַנג געווען אַוועק פון שול, און דער דירעקטאָר, וואָס האָט געהאַט אַ וווינונג אין דעם פּרעכטיקן שול־בנין, האָט געכאַפּט אַ נאָכמיטאָג־דרעמל. מיר, אַ גרופּע תלמידים, מיט „גרויסן יחוס", ווייל מיר זענען געווען האַלבע יתומים, אַנדערע אַפילו גאַנצע, אָדער קיילעכדיקע יתומים, האָבן געוואַרט אין קאַנצעלאַריע אויפן דירעקטאָר ביז ער וועט אויפשטיין פון שלאָף. מיר פלעגן בעטן ביי אים ער זאָל אונדז געבן אַ צעטל אויף שיך און תוך־כדי־דיבור האָבן מיר געוויזן דעם „מעמד" פון די „שיך", ריכטיקער פון די „שטיוול", אָדער אַ צעטל צום שניידער אויף אַ „שילעריש רעקל" און אַ מאָל בלויז אויף אַ פּאָר זוילן. נישט תמיד זענען מיר געווען געגוג מזלדיק, באַזונדערס, ווען דער דירעקטאָר איז געווען אין אַ שלעכטער שטימונג.

ווען מיר זענען אַרויס אויף דער גאַס, און „צופּעליק" באַגעגנט ר׳ עוזר גלאַנצן, וואָס איז געווען שטאַרק פאַראינטערעסירט, אַז מיר זאָלן קריגן די „צעטלען", פלעגן מיר דעמאָלט לויז מאַכן אונדזער צונג, וואָס איז אַ גאַנצן טאָג געווען געפּענטעט און אַנגעהויבן ריידן יידיש.

אין דער שול פלעגן זיך, יאָר־איין, יאָר־אויס, רעגיסטרירן ממש טויזנטער קינדער, און אָנגענומען האָט מען בלויז עטלעכע צענדליק, אַזוי פיל, וויפל עס האָבן פאַרענדיקט די שול. מען האָט געדאַרפט האָבן אַ סך רעקאָמענדאַציעס און פּראָטעקציע, כדי אָנגענומען צו ווערן אין דער דאָזיקער שול, אָבער די ערשטע זאַך, וואָס מען האָט פאַרלאַנגט, אַז ביים רעגיסטרירן זיך זאָל דער צוקונפטיקער תלמיד קאָנען ענטפערן אויף פּויליש אָדער רוסיש.

איך געדענק, ווי מיר פלעגן אַרגומענטירן מיט די לערערס רודי און גאָלדמאַן, וואָס האָבן מיט אונדז געלערנט פּויליש און אויך מיט דעם לערער אין רוסיש, הער גערץ, הלמאי מען לערנט מיט אונדז אַריטמעטיק, געשיכטע און געאָגראַפיע אויף רוסיש! עס וואָלט פאַר אונדז גרינגער געווען, האָבן מיר געטענהט, ווען מיר לערנען די לימודים אויף יידיש. מיר וואָלטן דעמאָלט פאַרשפּאָרט איינצייטיק צו לערנען אי די שפּראַך, אי דעם לימוד.

די לערערס פלעגן אונדז אָבער ענטפערן, אַז יידיש איז נישט קיין שפּראַך, נאָר אַ זשאַרגאָן, און אַז עס איז בכלל נישטאָ אַזאַ זאַך ווי יידישע ליטעראַטור.

נישט געקוקט וואָס מיר זענען דעמאָלט געווען עלף־צוועלף יאָריקע בחורימלעך, האָבן מיר אָבער גוט פאַרשטאַנען, אַז די לערער זענען געווען אומגערעכט. צו יענער צייט איז מענדעלע געווען באַרימט; מיט „יול פּרצן" ווי מען האָט גערופן י. ל. פּרצן אין לאָדזש, האָט געקלונגען אַ וועלט; שלום עליכמען האָבן געקענט קינד און קייט; אברהם רייזענס לידער האָבן מיר אַפילו שוין געקענט אויף אויסנווייניק; און שלום אַשס „שטעטל" האָבן אַלע באַוווּנדערט.

מיר האָבן דעמאָלט שטודירט זלמן רייזענס יידישע גראַמאַטיק, וואָס איז דערשינען מיט אַ יאָר פריער, אין וואַרשע, אין פאַרלאַג „פּראָגרעס".

מיר פלעגן זאָגן אונדזערע אַסימילירטע לערערס, אַז יידיש איז נישט קיין זשאַרגאָן, נאָר אַ שפּראַך ווי אַלע שפּראַכן, מיט אַ גראַמאַטיק און מיט אַ ליטעראַטור. ווער האָט דען נישט געהערט וועגן מענדעלען, דעם זיידן פון דער יידישער ליטעראַטור? פאַרשטייט זיך, אַז צו פיל האָבן די לערער אונדז נישט געלאָזט אַרגומענטירן.

היינט, מאָלט אייך, ווען מיר האָבן געהערט, אַז מענדעלע מוכר ספרים וועט קומען צו אונדז אין דער שול. מיר האָבן זיך פאַרגעשטעלט, ווי אַזוי מענדעלע וועט געבן זיי צו פאַרשטיין, בעסער ווי מיר, וועגן יידיש און וועגן דער יידישער ליטעראַטור; זיי וועלן שוין הערן ווי שיין די יידישע שפּראַך קלינגט!

ענדלעך איז מענדעלע געקומען קיין לאָדזש. די יידישע אַרבעטער, די וועבערס, האָבן אין די טויזנטער פאַרלאָזט די וועב־שטולן, באַזונדערס פון באַלוט, און זיך געלאָזט צו דער באַן, צו באַגעגענען דעם זיידן. די גאַסן אַרום דעם וואָקזאַל זענען געווען שוואַרץ פון יידישע אַרבעטער. די פּאָליאַקן האָבן נישט געקענט פאַרשטיין וואָס אַזוינס עס קומט פאָר; זיי האָבן געמיינט, אַז עפּעס אַ „ראַבין", אַ רבי, דאַרף אָנקומען. טאָ פאַר וואָס זשע זענען נישטאָ קיין יידן מיט בערד און עלטערע יידן?

ווען מענדעלע איז אַרויס פון וואָקזאַל, האָט זיך געהערט אַ ספּאָנטאַנער אויסגעשריי: „ברוך הבא, זיידע!" און די יידישע אַרבעטער האָבן אים בפועל ממש, געטראָגן אויף די הענט צום האָטעל, ווו ער איז איינגעשטאַנען.

עס איז געווען אַ דינסטיק, ווען עס איז געווען געמאָלדן אין דער פּרעסע, אין דעם „לאָדזשער טאַגעבלאַט" און אין די פּוילישע צייטונגען, אַז מענדעלע מוכר ספרים וועט באַזוכן יאַראָטשינסקיס שול.

אין דער שול האָט געהערשט אַ נערוועזיטעט. איך געדענק, אַז גראַנדאָווסקי, דער לערער פון העברעאיש, איז דעמאָלט געווען ביי אונדז אין קלאַס. מיר האָבן געהערט אַ גערודער אין דעם קאָרידאָר. מיר האָבן גלייך פאַרשטאַנען, אַז דאָס איז מענדעלע אָנגעקומען.

הער שווייצער, דער דירעקטאָר פון דער שולע, צוזאַמען מיט די עלטערע לערער, זענען געלאָפן הין און צוריק. עס איז קענטיק געווען, אַז מען האָט זיך שטאַרק גערעכנט מיט דעם געהויבענעם גאַסט, וועלכער דאַרף קומען.

מיר, אַ גרופּע פון זעקס תלמידים, זענען געווען אין זיבעטן הימל.

די טיר האָט זיך געעפנט און עס איז אַריינגעקומען מענדעלע, אין דער באַגלייטונג פון דעם דירעקטאָר, פון די עלטערע לערערס, צוזאַמען מיט אַ גרופּע יידישע שרייבער און זשורנאַליסטן, צווישן זיי איז אויך געווען דוד פרישמאַן.

די הערצער האָבן ביי אונדז געקלאַפּט פון אויפרעגונג, די אויגן האָבן געשיינט פון פרייד, די אויערן זענען ביי אונדז געווען אָנגעשפּיצט, אַז מיר זאָלן, חלילה, נישט פאַרפעלן קיין איין וואָרט, וואָס דער זיידע וועט זאָגן, און דער עיקר: זאָלן זיי הערן און זען ווער מענדעלע איז, וועלן זיי שוין מער נישט באַליידיקן אונדזער יידישע שפּראַך און די יידישע ליטע־ראַטור.

אונדז איז געגאַנגען אין לעבן, צי וועט הער שווייצער, דער דירעקטאָר, און די אַנדערע לערערס ענטפערן מענדעלען אויף יידיש אָדער אויף רוסיש. אַז מענדעלע וועט צו זיי ריידן אויף יידיש, איז ביי אונדז קיין שום ספק נישט געווען.

דער דירעקטאָר שטעלט פאָר דעם גאַסט פאַרן קלאַס אויף רוסיש. ער זאָגט נישט מענדעלע מוכר ספרים, נאָר „גאַספּאַדין אַבראַמאָוויטש", דירעק־טאָר פון דער אָדעסער שול און אַ שרייבער. מיר פילן זיך באַליידיקט און עפּעס שרעקט אונדז. מענדעלע הויבט אָן צו ריידן צו אונדז עטלעכע ווערטער אויף — — רוסיש...

מיר הערן שוין נישט וואָס ער רעדט. מיר שעמען זיך אויפצוהייבן די

אויגן. עפּעס דוכט זיך אונדז, אַז די לערער, באַזונדערס די אַסימילאַטאָרקע גאָלדמאַן, קוקט צו אונדז מיט אַ שפּאָטישן שמייכל.

מענדעלע האָט יענעם פֿאַרמיטאָג און אויך דעם נאָכמיטאָג פֿאַרבראַכט אין די קלאַסן, אין שול־הויף, אין עסצימער, געגעסן צוזאַמען מיט די תּלמידים, גערעדט מיט די לערערס, מיט די שילערס, פֿאָטאָגראַפֿירט זיך. אָבער מיר, אַ גרופּע 11־12־יאָריקע אָנהענגער זיינע, האָבן יענעם טאָג מיט חרפּה און ווייטיק פֿאַרלאָזט די שול. פֿאַר וואָס? פֿאַר וואָס האָט מענדעלע אַזוי פֿאַרשעמט אונדזער יידיש? — האָבן מיר, כמעט אַלע מיט טרערן אין די אויגן, געפֿרעגט איינער דעם אַנדערן.

מיט יאָרן שפּעטער האָבן מיר, פֿאַרשטייט זיך, עס פֿאַרטייטשט און פֿאַרענטפֿערט, אַז עס איז אין דעם אפֿשר גאָר קיין באַליידיקונג נישט געווען. אָבער דער יינגלישער פֿאַרדרוס האָט לאַנג געעגבערט.

„טאָג מאָרגען־זשורנאַל“, 14טן מערץ 1964

## שלום־עליכם אין קאָפּענהאַגען אין יאָר 1914

שלום עליכם, פּאַני שלום עליכם

קאָפּענהאַגען. עס איז אָנהייב האַרבסט 1914. דער טאָג אַ טריבלעכער און אויפֿן האַרצן איז אַזוי אומעטיק פֿון די טרויעריקע נייעס, אַז אַ מלחמה איז אויסגעבראָכן. מענטשן זאָלן זיך גאָר איינער דעם אַנדערן אויסשעכטן, פֿאַר וואָס? פֿאַר ווען?

איך, אַ בחור פֿון אַ יאָר זעכצן, שפּאַציר מיר אַזוי אויף אַ שטילער גאַס, וואָס פֿון איין זייט ציט זיך אַ לאַנגער טייך און אויף דער צווייטער זייט שטייען הויכע ביימער, ערשט איך זע אַ מענטש קומט מיר אַנטקעגן. גלייך, אויפֿן ערשטן בליק, האָב איך דערקענט, אַז דאָס איז שלום־עליכם; איך האָב אים דערקענט, לויט די פֿאַרשיידענע בילדער, הגם איך האָב אים פּערזענלעך פֿריער קיין מאָל נישט געזען. איך גיי צו אַ דערפֿרייטער און שריי כמעט אויס: „שלום־עליכם, פּאַני שלום־עליכם“, אָט ווי טביה דער מילכיקער ווענדט זיך יעדעס מאָל, ווען ער באַגעגענט שלום־

עליכמען. מיט אַ מאָל הייבן זיך אויף פון אונטער די ברילן אַ פּאָר קלוגע און גוטמוטיקע אויגן, באַטראַכטן מיך אַ ווײַלע. און ער ענטפערט: עליכם־שלום!

איך בין געווען אַזוי איבערראַשט, וואָס איך זע מיט מײַנע אויגן שלום־עליכמען, אַז איך האָב זיך פאַרלוירן.

— איר זענט אַ דענישער ייד? — מאַכט צו מיר שלום־עליכם.

— ניין, איך בין אייערער אַ לייענער פון פוילן.

שלום־עליכם האָט אַרויפגעלייגט די האַנט אויף מײַן פּלייצע און זיך האַרציק צעלאַכט.

שלום־עליכם לייענט פּאָר

עס האָט זיך גיך פאַרשפּרייט די ניַיעס, אַז שלום־עליכם איז אין קאָפּענהאַגען. אַז ער צוזאַמען מיט זײַן משפּחה האָבן זיך קוים געראַטעוועט פון דייטשלאַנד, ווו זיי האָבן זיך געפונען בשעת די מלחמה איז אויס־געבראָכן. קאָמיסיעס און יחידים זענען אַוועק צו שלום־עליכמען אין האָטעל. יעדער האָט געוואָלט האָבן די זכיה אים אָנצוקוקן, ריידן מיט אים אַ וואָרט. מען האָט כמעט פאַרגעסן די מלחמה־געפאַר.

אמת טאַקע, דענעמאַרק איז נייטראַל, דאָ הערשט פרידן און די דענער זענען אַזעלכע פריינדלעכע און ליבלעכע מענטשן. מיר האָט זיך דעמאָלט אויסגעוויזן, אַז אפילו די הינט און די פערד זענען דאָ אַנדערש ווי אין פוילן, פון וואַנען איך בין מיט אַ יאָר פריער געקומען. דאָרטן, אין פוילן, פלעגן די הינט אַזוי בייז בילן, ווען אַ ייִנגל פלעגט פאַרבײַגיין און אַפילו אַ ביס טאָן אויך. און צו די פערד פלעגט מען גאָרנישט קאָנען צוקומען. אַז זיי פלעגן אַ בריקע טאָן מיט די פיס, האָט מען שוין געהאַט צו זינגען און צו זאָגן. און דאָ, אין דעם שיינעם קאָפּענהאַגען, בילן אַפילו די הינט נישט צו שטאַרק, פון בייסן איז אָפּגערעדט; און די פערד הייבט נישט אָן צו אַרן, אַז מען רירט זיי אָן אָדער ווען מען גיט זיי אַ גלעט. זיי פאַרשקען בלויז מיט די נאָזלעכער, ווייטער נישט. און די איינציקע אַרבעט, וואָס די פּאָליציי־לײַט האָבן דאָ געהאַט צו טאָן, איז געווען אַריבערפירן אַלטע מענטשן און קינדער איבער די גאַסן. מיר האָט זיך דעמאָלט אויסגעוויזן, אַז ווען די מענטשן וואָלטן נאָר געוואָלט, וואָלט אויף דער וועלט געהערשט אמתער שלום.

אָבער לאָמיר זיך צוריק אומקערן צום שלום־עליכמען. מען האָט פאַרגעסן, אַז גאָר נאָענט, אין די שכנותדיקע לענדער, בושעוועט די מלחמה.

אַלע זענען געווען פאַרנומען מיט דעם יום־טוב, וואָס מען האָט זיך געקליבן מאַכן לכּבוד דעם גרויסן שרייבער. אַפילו אַזעלכע יידן (מען האָט זיי גערופן „מלחמה־יידן״, ווייל זיי זענען געקומען פון די מלחמה־לענדער), וואָס פלעגן ריידן צווישן זיך פויליש אָדער רוסיש, ווי ס׳וואָלט זיי נישט אָנגעשטאַנען צו ריידן יידיש, זענען אויך געקומען אין דעם פּרעכטיקן זאַל, ווהין שלום עליכם האָט געדאַרפט באַלד אָנקומען. אַלע עלעקטרישע לאָמפּן זענען געווען אָנגעצונדן, און דאָס ליכט האָט שימער־רירט און אַרויסגערופן ביי אַלעמען אַזוי פיל אויפגעלייגטקייט. איך האָב פריער נאָך קיין מאָל אַזוי פיל ליכט נישט געזען. אין דעם שיינעם זאַל זענען געזעסן מענטשן, קעפּ אויף קעפּ. אַפילו אַלטע יידן מיט גרויע בערד זענען געקומען, פרויען מיט פּאַרוקן אָדער שייטלען. דעניש עיידן, וואָס זייערע אורעלטערן האָבן שוין געוווינט אין דענעמאַרק און וואָס איך האָב זיך קיין מאָל נישט פאָרגעשטעלט, אַז זיי פאַרשטייען אַ יידיש וואָרט, זענען אויך געקומען הערן און זען שלום־עליכמען.

שלום־עליכם איז אָנגעקומען באַגלייט פון זיין פרוי, זיינע קינדער און איידעמס. אַ מינוטעלע איז שטיל געווען, ווי מען וואָלט געזוכט צווישן די אָנגעקומענע שלום־עליכמען. באַלד האָבן זיך אַלע אַ הייב געטאָן פון די ערטער, אים געגעבן אַזאַ ברוך הבא, אַז עס האָט פאַרקלונגען וויט און ברייט אַרום. ביי אַ סך זענען די אויגן געוואָרן אָנגעפילט מיט טרערן.

וואָס די רעדנער האָבן דאַן גערעדט וועגן שלום־עליכמען איז נישט אַזוי וויכטיק, מען קען זיך דאָס אַליין פאָרשטעלן. ווען דער פאָרזיצער האָט געלאָזט וויסן, אַז שלום־עליכם וועט אַליין עפּעס פאָרלייענען, האָט מען פריער זייער שטאַרק אַפּלאָדירט און דערנאָך, ווען שלום־עליכם האָט זיך אויפגעשטעלט, איז געוואָרן אַזוי שטיל, אַז מען האָט געקענט מיינען, אַז די מענטשן האַלטן איין דעם אָטעם. שלום־עליכם איז אַראָפּ פון דער בינע, וווּ אַלע רעדנער זענען געזעסן, און איז אַוועק אין מיטן זאַל צווישן דעם עולם. ער וויל נישט זיצן און פאָרלייענען אויבנאָן. מען האָט געבראַכט אַ טישל. שלום־עליכם נעמט אַרונטער די ברילן, ווישט אויס די גלעזער,

קוקט זיך אַרום אין זאַל אַרום און אַרום, ווי ער וואָלט וועלן אַלעמען זען און אַלע זאָלן אים אויך זען, און ער הייבט אָן לייענען אַ מעשה וואָס הייסט „זעקס און זעכציק".

איך האָב שוין אין מיין לעבן געהערט זייער אַ סך גוטע פאָרלייע־נערס, איך האָב געהערט פאָרלייענען גרויסע קינסטלער, אויך דעם באַרימטן אַרטיסט־רעציטאַטאָר, אַלעקסאַנדער מאָיִסי פון מאַקס ריינ־האַרדטס טעאַטער, אָבער אַזוי לייענען ווי שלום־עליכם האָט פאָרגעלייענט, האָב איך נאָך קיין מאָל נישט געהערט. די מעשה איז זייער אַ קאָמישע, אַלע ווײַלע האָט דער זאַל געהילכט פון געלעכטער, אָבער ביי שלום־עליכמען האָט זיך בלויז באַוויזן אַ שמייכל אַרום די ווינקלען פון מויל. ער האָט מסתמא געלאַכט פון די העלדן בשעת ער האָט געשריבן די מעשה. איצטער האָט אַ לייכט שמייכעלע געגרוט אויף זיין פנים. עס ווערט שטיל. שלום־עליכם לייענט ווייטער; דער עולם לאַכט, לאַכט האַרציק, ווישט די טרערן און לאַכט.

דער אָפשייד־אָוונט

דער בונדישער לייען־זאַל אין קאָפּענהאַגען האָט געמאַכט אַן אָפּשייד־אָוונט לכבוד שלום־עליכמען. ער פאָרט אַוועק קיין ניו־יאָרק. ער קען דאָך נישט פאַרבלייבן אין קאָפּענהאַגען, ווו עס זענען פאַראַן ווייניק יידן און עס דערשיינען נישט קיין יידישע צייטונגען, און קיין ביכער ווערן נישט אַרויסגעגעבן, און ווו עס איז נישט פאַראַן קיין אמתדיק יידיש לעבן.

צום געזעגענונג־אָוונט זענען פאַרבעטן געוואָרן אַרבעטער. כמעט אַלע געהערן זיי צו דער יידיש־סאָציאַליסטישער פאַרטיי „דער בונד".

מענטשן שטייען. דער זאַל איז אַ קליינער און עס איז נישט פאַראַן גענוג פּלאַץ פאַר אַלעמען. שלום־עליכם וויל זיך נישט זעצן. ער דערלאָזט נישט, אַז אימעצער זאָל זיך אויפהייבן און אים אַוועקגעבן דעם פּלאַץ.

דער רעדנער, וואָס דערציילט וועגן שלום־עליכמען, איז אַן אינטע־ליגענטער אַרבעטער, יאַנקל קאַציק פון לאָדזש, ער האָט אַ רעוואָלוציאָ־נערע פאַרגאַנגענהייט.

איך קוק אויף שלום־עליכמען. ער הערט זיך אויפמערקזאַם צו. פּלוצלינג זע איך ווי שלום־עליכם ווערט שטאַרק נערוועז. ער קען ממש נישט איינשטיין בשעת דער רעדנער זאָגט די ווערטער: „כאָטש שלום־

עליכם האָט געשריבן בלויז וועגן קליינבירגער, וועגן די טביהס און די מנחם־מענדלס, איז ער אונדז אויך ליב, ווייל ער האָט באַרייכערט די יידישע ליטעראַטור"...

שלום עליכם באַקומט דאָס וואָרט

„איך האָב נאָך קיין מאָל עפנטלעך נישט געהאַלטן קיין רעדע, בכל אופן קיין מאָל נישט געהאַלטן קיין רעדע וועגן זיך", הייבט ער אָן מיט אַ געמאַכטער רואיקייט, „איך בין נישט קיין רעדנער, איך בין בלויז אַ שרייבער", זאָגט ער ווייטער, „אָבער דאָס מאָל מוז איך רעדן". און שלום־עליכם רעדט כמעט בייז און פון די אויגן פינקלט אַ ליכטיק פייערל.

„איך האָב נישט געשריבן וועגן יידישע בעלי מלאכות און אַרבעטער?" שרייט ער כמעט אויס, „וועגן וועמען דען האָב איך געשריבן? אַ חוץ וועגן טביה דער מילכיקער און מנחם מענדל, האָב איך געשריבן וועגן הונדערטער און הונדערטער טיפּן, וועגן אַרבעטער־טיפּן און אַפילו מיינע מישטיינסגעזאָגט קליינבירגער זענען אויך נישט צו ווייט פון אַרבעטער, קיין גבירים זענען זיי אַוודאי נישט".

און שלום־עליכם הייבט אָן אויף אַ בילדערישן אופן שילדערן, ווי אַזוי ער און זיין משפחה האָבן זיך געפילט, ווען די וועלט־מלחמה איז אויסגעבראָכן. זיי האָט געדראָט דייטשישע געפאַנגענשאַפט, אָדער אומקערן זיך צוריק אין צאַרישן רוסלאַנד. זיי האָבן געוואָגלט פון שטאָט צו שטאָט, געוועכטיקט אויף די וואָקזאַלן, אויסגעשטאַנען כלערליי בזיונות און באַליידיקונגען און אַזוי געבענקט נאָך אַ שטיקל מקום־מנוחה, און ענדלעך זענען זיי אָנגעקומען אין דעם רואיקן דענעמאַרק.

אין דער דענישער הויפּטשטאָט, אין קאָפּענהאַגען, זענען זיי באַגעגנט געוואָרן פון רייכע דענישע יידן; מען האָט אים אויפגענומען אַזוי פריינדלעך און האַרציק, אָבער די ערשטע פראַגע, וואָס שלום עליכם האָט געפרעגט דעם אויבעררעבינער, פּראָפעסאָר ד. סימאָנסען, איז געווען: זענען אין קאָפּענהאַגען אויך פאַראַן מיינע יידן, דאָס הייסט יידישע אַרבעטער פון פוילן און רוסלאַנד?

און שלום עליכם פאַרענדיקט: „און איך בין געקומען צו אייך, יידישע אַרבעטער"...

„קינדער־זשורנאַל", 1939

# לייבוש לעהרער ע״ה

(געב. דעם 16טן אַפּריל, 1887; געשט. דעם 17טן סעפּטעמבער 1964)

## א

לייבוש לעהרער איז געווען גייסטיק־וואַך און שרייבעריש־אַקטיוו ביז די לעצטע טעג פון זיין רייך, שיין און שעפעריש לעבן, דאָס זאָגן עדות זיינע לעצטע צוויי מאמרים, „די צוויי נוסחאות״ און „יידן און יידישקייט״, וואָס זענען געווען געדרוקט אין „קעמפער״.

אויך אין קעמפּ „בויבעריק״, ביים אָפּשלוס פון „פעלקער יום־טוב״ — כּוף אויגוסט — האָט ער, אין אַ לענגערער רעדע, זיך געזעגנט מיט די „בויבעריקאַנער״. ער האָט דערביי געמאַכט אַ סך־הכל, וואָס ער האָט געוואָלט אויפטאָן במשך פון זיין פערציק־יאָריקער דירעקטאָרשאַפט, און וואָס ער האָט דערגרייכט. ער איז געווען פיזיש זייער אָפּגעשוואַכט, אָבער זיין גייסטיקע וואַכקייט איז נישט געמינערט געוואָרן.

צו לייבוש לעהרערס זיבעציק־יאָריקן געבוירן־טאָג האָט דער פאַרלאַג „מתנות״ אַרויסגעגעבן זיינע דריי ווערק, „אַזוי זענען יידן״, „פון דור צו דור״ און „מענטש און אידעע״. ער האָט צונויפגעזאַמלט די וויכטיקסטע עסייען, וואָס ער האָט געשריבן — דער עיקר אין „קעמפער״ — צווישן די יאָרן 1930 און 1958.

זיין גייסטיקן עזבון פון 1958 ביז ערב זיין טויט האָט ער נאָך באַוויזן צונויפצוזאַמלען און דאָס דאָזיקע ווערק וועט בקרוב דערשיינען אין י. ל. פּרץ־פאַרלאַג, אין תל־אביב. ער האָט געבעטן די אָנפירער פון פאַרלאַג אים צושיקן וואָס פריער די קאָרעקטור, ווייל ער וויל נאָך זען דאָס בוך; און לייבוש לעהרער איז געווען ווייט פון סענטימענטאַליטעט און האָט זיך אויפגעהערט שרעקן פאַרן טויט.

לייבוש לעהרער איז געווען איינער פון די יידישסטע שרייבער אין אונדזער סביבה. אויף זיין מאַניר פון שרייבן האָט אָבער געהאַט אַן איינפלוס דער געדאַנקען־גאַנג פון דער אייראָפּעאישער און אַמעריקאַנער קולטור.

אין זיינע סטודענטן־יאָרן, אין קלאַרק־אוניווערסיטעט, איז לייבוש

לעהרער געווען אונטער דער השפעה פון דעם באַרימטן דערציער און פּסיכאָלאָג סטענלי האָל. אין די שפּעטערדיקע יאָרן האָבן אויף אים געווירקט די טעאָרעטיקער פון דער געשטאַלט־פּסיכאָלאָגיע, וואָס דער־קלערט אונדז, אַז דאָס גאַנצע לעבן — הן דאָס פיזיאָלאָגישע, הן דאָס פּסיכאָלאָגישע — באַשטייט נישט פון באַזונדערע עלעמענטן, נאָר פון פּאַרטיקע גאַנצקייטן, פון געשטאַלטן.

אין זיין שרייבן האָט זיך לייבוש לעהרער נישט פאַרלאָזט בלויז אויף אינטואיציע. ער האָט זיך שטאַרק געגרייט צו זיין שרייבערישער עבודה. איידער ער האָט זיך גענומען שרייבן, איז ער געוואָרן אַן אויטאָריטעט איבער די ענינים, וואָס ער האָט געבראַכט צום יידישן לייענער.

לייבוש לעהרער איז דער מחבר פון אַ ריי ווערק, ווו ער איז אַ יחיד במינו אין דער נייער יידישער ליטעראַטור. ער איז צווישן די געציילטע און וויכטיקע שאַפער פון דער וויסנשאַפטלעכער עסיי אין אונדזער ליטעראַטור.

אים איז נישט אָנגעקומען אַזוי לייכט צו שרייבן פּאָפּולער. ער איז אַרויסגעגאַנגען פון דער הנחה, אַז זיין לייענער מוז לכתחילה פאַרמאָגן באַשטימטע ידיעות און זיין באַקאַנט מיט די גרונט־אידעען אין אַ היפּשער צאָל צווייגן פון דער קולטור־וועלט. אויב אַ לייענער קומט אָן שווער צו פאַרשטיין לעהרערס אַן עסיי, דאַרף ער זיך גוט אונטערגאַרטלען, אָדער גאָר פּשוט זוכן לייכטערן לייען־מאַטעריאַל.

פאַראַן עסייען ביי אים, ווו ער פאָרמולירט געדאַנקען אַזוי בצמצום־דיק, ווי מאַטעמאַטישע פאָרמולעס. זיינס אַ וויסנשאַפטלעכע אַרבעט אין ערשטן באַנד „שריפטן פאַר פּסיכאָלאָגיע און פּעדאַגאָגיק", וואָס ער האָט רעדאַקטירט, רופט לייבוש לעהרער: „געוויסע אייגנשאַפטן פון וויזועלן אויפנעמען און זייער שייכות צו טייל געאָמעטריש־אָפּטישע אילוזיעס". און אָט איז זיינס אַ פאָרמולירונג אין דער אויבן־דערמאָנטער אַרבעט:

„עס איז פאַרשטענדלעך, אַז וואָס מער די געשטאַלט־טעאָריע וועט פאַרבינדן איר מזל מיט די פאַקטן פון אויפנעמען, אַלץ גרעסער וועט ווערן די ראָל פון אילוזיעס אין פּסיכאָלאָגישן פאָרשן" (ז' 277).

ער רעדט דאָרטן וועגן איינעם פון די רעפּרעזענטאַטיווסטע פאָר־שטייער פון דער געשטאַלט־פּסיכאָלאָגיע, ווערטהיימער, אין שייכות מיט אַן עקספּערימענט, וואָס דאַרף באַשטעטיקן די געשטאַלט־טעאָריע

וועגן דעם כאַראַקטער פון זע־פעלד. אַ לייענער, וואָס איז צוגעגרייט, וועט פון אַזאַ אַרבעט אַ סך לערנען, ער וועט ווערן גייסטיק רייכער. אַ נישט־צוגעגרייטער לייענער וועט זיך נישט קענען קיין עצה געבן מיט דער „האַרבער עברי״ און מיט דעם שלל געדאַנקען, טערמינען און אינפאָרמאַציע, וואָס געפינען זיך דאָרטן.

אפילו די „לייכטערע״ עסייען, וואָס לייבוש לעהרער פאַרעפנטלעכט אין די לעצטע יאָרן אין „אידישער קעמפער״ זענען אויך נישט לייכט פאַר אַלעמען. ער האָט זיך אַ מאָל באַקלאָגט פאַר חיים גרינבערגן ע״ה: אפשר איז „דער אידישער קעמפער״ נישט דאָס אָרט וווּ ער דאַרף דרוקן זיינע עסייען, ווייל זיי זענען אָפּט מאָל נישט אַזוי צוגענגלעך פאַר דעם דורכשניטלעכן לייענער. האָט אים חיים גרינבערג געענטפערט: איך האָב הנאה פון זיי, און עס זענען פאַראַן נאָך אַזעלכע ווי איך צווישן די לייענער פון „קעמפער״.

לייבוש לעהרער האָט אין זיין שריפטשטעלערישער און געזעלשאַפט־לעכער טעטיקייט גאַנץ אָפּט נישט אָנגענומען די הערשנדיקע, קאָנווענ־ציאָנאַלע מיינונגען פון דער סביבה. אין זיינע ערשטע אַקאַדעמישע יאָרן, בעת אין דער פּסיכאָלאָגיש־פילאָזאָפישער וועלט איז געווען גאָר פּאָפּולער די שיטה פון בעהיוויאָריזם — וואָס האָט כמעט פאַרלייקנט די ירושה־אייגנשאַפטן און אַלצדינג צוגעשריבן צו דער סביבה — איז ער נישט געווען קיין אָנהענגער פון דער דאָזיקער ריכטונג. ער איז אויך נישט געווען קיין צו־גרויסער חסיד פון אַ נאָך־מער פּאָפּולערער שיטה — די פרויד־טעאָריעס און תורות, כאָטש ער האָט געשריבן מיט גרויס באַגייס־טערונג און אָנערקענונג וועגן פרוידן.

אין אונדזער אייגענער יידישער וועלט איז ממש געווען אַ חרפּה וועגן איינער פון דער אַזוי־גערופענער „פּראָגרעסיוו־ראַדיקאַלער וועלט״ האָט נישט געהאַט לכל־הפּחות געוויסע סימפּאַטיעס פאַר דער „אויפ־גייענדיקער זון״ אין מזרח־אייראָפּע.

לייבוש לעהרער איז נישט בלויז געווען אַ קאָנסעקווענטער קעגנער פון באָלשעוויזם זינט דער סאַמע־ערשטער מינוט, נאָר דער עצם היסטאָ־רישער מאַטעריאַליזם. צי מאַרקסיזם, איז ביי אים געשטאַנען אונטער אַ גרויסן פראַגע־צייכן. ער האָט אין סאָציאַליזם נישט געזען קיין שום לייזונג פון דער יידן־פראַגע. אדרבא, סאָציאַליזם איז מער עלול צו פירן

צו פונאַנדערפאַלן און דעגענעראַציע אידער צו ברענגען יידישע אויפֿ־לעבונג און נאַציאָנאַלע אַספּיראַציעס. לעהרער איז אויך געווען אַן אַפּיקורס בנוגע דעם, צי דער סאָציאַליזם וועט אָפּשאַפֿן די עקאָנאָמישע עוולות און באַשאַפֿן אַ שענערע וועלט. די אָדער אַן אַנדער עקאָנאָמישע סיסטעם, האָט ער געהאַלטן, וועט ווייניק־וואָס ענדערן דעם מענטש גופא, וואָרעם דער מענטש איז מער אַ פּסיכאָלאָגיש ווי אַ סאָציאָלאָגיש באַשע־פעניש. מענטשלעכע אומצופרידנקייט וואָרצלט נישט דווקא אין עקאָנאָ־מישע סיבות.

ער האָט נישט געזונגען קיין הימנעס צו דעם אַרבעטער־קלאַס און צו די אַרבעטער־מאַסן. אים האָט נישט געאַרט, וואָס דער אַרבעטער־קלאַס איז געקומען מיט יחוס־בריוו. ביי אים איז דער אַרבעטער נישט געווען מיט קיין האָר חשובער פאַרן קרעמער, דענטיסט צי אינזשעניר.

שוין אין די דרייסיקער יאָרן האָט לייבוש לעהרער, אויף אַ משפּט וועגן קאָמוניזם, אַנאַליזירט די באַוועגונג ווי אַ פּסיכאָ־פּאַטאָלאָגישע דערשיינונג. מענטשן ווערן אַרומגעכאַפּט, אין געוויסע צייטן און אונטער געוויסע אומשטענדן, פון אַ מאַסן־פּסיכאָז, און די וועלט שטייט ווי פאַר אַ רעטעניש.

דאָס רוב מענטשן, וואָס געהערן צו דער קאָמוניסטישער באַוועגונג, זענען אין דער אמתן פאַלן פאַר פּסיכיאַטאָרס, וואָס דאַרפֿן האָבן ערנסטע פּסיכישע באַהאַנדלונג. בכן דאַרף מען די קאָמוניסטן נישט פאַראורטיילן אָדער פאַרמשפּטן, נאָר היילן, פּונקט ווי מען היילט אַנדערע פּסיכיש־קראַנקע. אַ טייל וועט זיך אַליין אויסטשוכען פון דער צרעת, אַנדערע וועלן מסתמא פאַרבלייבן פּסיכיש־קראַנק זייער גאַנץ לעבן און עס איז אַ גרויס רחמנות אויף זיי.

עס האָט זיך געפאָדערט אַ היפּש ביסל מוט און זעלבשטענדיקייט אַרויסצוקומען, מיט העכער דרייסיק יאָר צוריק, מיט אַזאַ מיינונג.

ב

לייבוש לעהרער איז געווען צווישן די ערשטע און די געציילטע צו נוצן דעם טערמין — „יידישע־וועלטלעך". ער האָט קלאָר מסביר געווען, וואָס מען דאַרף פאַרשטיין אונטער דעם באַגריף — „יידיש־וועלטלעכע סביבה". אַזוי הייסט טאַקע אַ קאַפּיטל אין זיין בוך „די מאָדערנע יידישע

שול״, וואָס דער פֿאַרלאַג „מאַקס נ. מייזעל״ האָט אַרויסגעגעבן אין יאָר 1927.

דאָס דאָזיקע בוך איז נאָך איצט, אין יאָר 1964, דאָס סאַמע־גרינטלעכסטע און אינפֿאָרמאַטיווסטע בוך וועגן אויפֿקום, געשיכטע און אַנטוויקלונג פֿון דער יידישער שול. אין יענעם בוך האָט לייבוש לעהרער אויסגעטייטשט, אויף זיין אופֿן, דעם יסוד פֿון דער יידיש־וועלטלעכער שול. מען זעט דאָ דעם ערודיט, דעם געניטן טעאָרעטיקער, וואָס איז געקומען צו דער יידיש־וועלטלעכער שול באַלאָדן מיט אַלע פּעדאַגאָגישע טעאָריעס פֿון דער מאָדערנער דערציִונג־וועלט. ער איז אַזוי היימיש אין די דערציִונג־טעאָריעס און סיסטעמען — פֿון פּלאַטאָ, קווינטיליאַן, ראַבעלעי, קאָמעניוס, רוסאָ, פּעסטאַלאָצי — ווי אַ ייד אין אשרי.

לייבוש לעהרערס הויפּט־הנחה איז דעמאָלט געווען: אַ שול פֿאַרן יידישן קינד, ווו די לימודים זאָלן פֿאַרענטפֿערן די נויטן פֿון קינד און נישט די פֿאַרלאַנגען און אַמביציעס פֿון פּאַרטיי־אָנפֿירער און פּאָליטישע באַוועגונגען. אין צענטער פֿון שול דאַרף זיין דאָס קינד. ס׳וועט האָבן אַ פּעולה בלויז יענער לערער, וואָס וועט אָנווענדן אין שול די מאָדערנע, פּעדאַגאָגישע מעטאָדן; און, אין דער ערשטער ריי, זיין וויליק צו לערנען אַ סך פֿון קינד גופֿא.

ביי ס׳רוב לערער איז קלאָר געווען, אַז די שול דאַרף אָפּשפּיגלען די אידעאַלן און אַספּיראַציעס פֿון יענע, וואָס האָבן זי געבויט און זאָרגן פֿאַר איר. אפֿילו דער חדר־מתוקן (און אין בוך געפֿינט זיך אַ גרינטלעך קאַפּיטל וועגן חדר־מתוקן) האָט געהאַט ווי אַ הויפּט־אויפֿגאַבע און ציל צו באַפֿרידיקן די ווונטשן און פֿאַרלאַנגען פֿון די ציוניסטישע טוערס. די אויפֿלעבונג פֿון העברעאיש איז דאָרט געגאַנגען האַנט אין האַנט מיט די אַנדערע פּאַרטיי־פּונקטן. נישט צוליב דעם קינד איז געגרינדעט געוואָרן דער חדר־מתוקן, נאָר צוליב דער אויפֿלעבונג פֿון העברעאיש.

אין דער עסיי „סימבאָל און תוך״ („אַזוי זענען יידן״, זייט 224, פֿאַרלאַג „מתנות, 1959) שרייבט לייבוש לעהרער: „ביי די העברעאיסטן איז די שפּראַך תמיד געווען בלויז אַ באַגלייטנדיקער מאָמענט אין אַ ווייט־גרייכנדיקער סיסטעם — ציוניזם, ארץ־ישראל, קיבוץ־גלויות — וואָס איז אין זיך גופֿא געווען אָנגעטרונקען מיט אַ סימבאָלישער און ריטואַלער עשירות״.

עס איז אַ ווייטער מהלך פון לייבוש לעהרערס בליק אויף העברעאיש דעמאָלט און היינט. לייבוש לעהרער איז, פאַרשטייט זיך, שוין לאַנג אָוועקגעגאַנגען אויך פון די מערסטע אַנדערע הנחות אין זיין ערשט בוך.

„די יידיש־וועלטלעכע סביבה", ווי זי דערשיינט אינעם בוך, איז ר'עלאַטיוו, אַ גאַנץ גרויסע און סאָלידע וועלט. עס האָט זיך געדוכט, אַז זי וועט זאָרגן פאַר אַלע אירע גייסטיקע הצטרכותן. די קינדער און קינדס־קינדער וועלן באַלאַנגען צו אָט־דער סביבה. און עס קלינגט דאָרטן גאַנץ נאַטירלעך, ווען דער מחבר זאָגט: „אַ יידיש־וועלטלעכע שול פאַר דער יידיש־וועלטלעכער סביבה" (ז' 183, קאַפּיטל „די מאָדערנע יידישע שול").

אָבער אין אַפּריל, 1957, דרייסיק יאָר שפּעטער, שרייבט לייבוש לעהרער: „דער גאַנג פון דער וועלטלעכער באַוועגונג איז געווען אַזאַ, אַז זי האָט אירע אָנהענגער פּסיכאָלאָגיש אָפּגעריסן פון יידישער היסטאָר־רישער טראַדיציע". אַז דאָס איז נישט אין גאַנצן אַזוי, ווייזט אונדז אויך דער פאַקט, וואָס לייבוש לעהרער, דער טעאָרעטיקער פון דער יידיש־וועלטלעכער שול, איז געוואָרן אַזוי טיף־יידיש פאַרוואָרצלט, אַז שוין יאָרלאַנג ווי ער זוכט צו שאַפן אַ בריק פון טראַדיציאָנעלער יידישקייט פאַר דער אייגענער סביבה. און די אייגענע וועלטלעכע סביבה הערט זיך צו אים צו זייער אויפמערקזאַם.

מיט אַ סך ליבשאַפט, גלויבן, און באַגייסטערונג רעדט דאָרט לייבוש לעהרער וועגן דער היסטאָרישער ראָל פון יידיש לשון, פון יידישער ליטעראַטור און פון יידישע קולטור־אינסטיטוציעס.

פּנים־אל־פּנים מיט די קאַלטע פאַקטן פון רעאַלן לעבן — און אין אָנבליק פון דעם יידישן חורבן, וואָס איז פאַרגעקומען פאַר אונדזערע אויגן — איז לעהרער שוין לאַנג געקומען צו דער מסקנא, אַז יידיש איז מער נישט דער מעדיום פאַר די אויפוואַקסנדיקע יידישע דורות. ער האָט ד'עריבער אָנגעוויזן בעל־פּה און בכתב, אַז מען זאָל באַצייטנס צוגרייטן יענע קולטור־היסטאָרישע סימבאָלן, וואָס שפּיגלען־אָפּ יידיש־טראַדיציאָנעל לעבן. דאָס דאַרף דינען ווי אַ טייל פון די לימודים אין דער יידישער שול. די קינדער דאַרפן אויך זיין אַ סטימול, אַז די תלמידים זאָלן זיך פאַראינטערעסירן מיט גייסטיקע יידישע ווערטן.

ברייט און טיף האָט לייבוש לעהרער אויסגעדריקט זיינע געדאַנקען

וועגן דער יידישער אמונה און בכלל וועגן רעליגיע, אָדער ריכטיקער, רעליגעס, אין זיין בוך „יידישקייט און אַנדערע פּראָבלעמען", וואָס איז דערשינען אין פאַרלאַג „מתנות" אין יאָר 1940.

דאָס דאָזיקע בוך, צוזאַמען מיט זיין פונדאַמענטאַל גרויס ווערק „פּסיכאָלאָגיע און דערציאונג", וואָס איז דערשינען פונקט מיט צוואַנציק יאָר צוריק, האָבן אים געשאַפן אַ נאָמען אין דער יידישער וועלט. ער איז געוואָרן פון די געציילטע וויסנשאַפטלער אין אונדזער יידישער סביבה.

היינט וועט זיך זעלטן־ווען טרעפן, אַז יידישע לערער זאָלן אַוועק־שטעלן אויפן סדר־היום פון זייערס אַן אסיפה, לדוגמא, אַזאַ פונקט: „די ראָלע פון דער יידישער רעליגיע אין דער יידישער שול". די צוויי ווערטער — יידישע רעליגיע — וועלן עפּעס אַ גרילץ טאָן אין זייערע אויערן. זיי פאָרמולירן דעם פונקט — די ראָלע פון יידישער אמונה, צי פון יידישן דת, אָדער גאָר — די ראָלע פון יידישקייט אין דער יידישער שול; און דאָס איז אין גאָר אַ גרויסער מאָס צו פאַרדאַנקען לייבוש לעהרערן.

לייבוש לעהרער ברענגט אין יענער עסיי וועגן יידישקייט, וואָס איז געשריבן געוואָרן מיט עטלעכע און צוואַנציק יאָר צוריק, אַן אַ שיעור ראיות, סיי פון יידישן קוואַל, סיי פון אַלגעמיינע אויטאָריטעטן, כדי צו באַווייזן די אַנדערשקייט פון יידישער אמונה און די וועלט־רעליגיעס. אַוודאי האָבן אונדזערע טאַטעס און זיידעס גענוצט דאָס וואָרט רעליגיע. דאָס איז אָבער תמיד געווען אין שייכות מיט קריסטלעכע גלויבן. לייבוש לעהרער פירט אַריין דעם לייענער אין דער פּסיכאָלאָגיע פון גלויבן.

לייבוש לעהרער איז אויך איבערצייגנדיק ווען ער איז מחולק מיט פּראָפעסאָר מרדכי קאַפּלאַן, „וואָס שטרענגט זיך אָן מיט אַלע זיינע רייכע אינטעלעקטועלע כוחות צו פאַריידישן דעם גויאישן באַגריף „רעליגיע" (ז' 76).

בהדרגה ברענגט לייבוש לעהרער אַריין אין דעם טערמין יידיש־קייט, וואָס ווערט אין די לעצטע יאָרן באַנוצט פון קינד־און־קייט, פאַר אמונה, ווייל: „יידישקייט איז אַן אַלץ אַרומנעמענדיקער סיסטעם, ווו קיום־האומה איז דער פירנדיקער מאָטיוו" (זייט 99).

„יידישקייט כאַראַקטעריזירט מיט זיכערער פאָלקלאָריסטישער קראַפט

און טרעפלעכקייט דאָס אינעווייניקסטע פּינטל פון יידישן שטייגער״ (ז׳ 103).

יידישקייט איז כולל מער ווי בלויז אמונה, טראַדיציע, יידישן לעבנס־שטייגער. „יידישקייט איז געווען און געבליבן אַן אַלגעמיינע פאָלקס־קולטור און נישט קיין רעליגיע־סיסטעם״ (ז׳ 105).

לייבוש לעהרער האָט אין אַ סך פּסיכאָלאָגיש־פילאָזאָפישע עסייען באַהאַנדלט דעם ענין יידישקייט אַ חוץ אין דעם בוך „יידישקייט און אַנדערע פּראָבלעמען״; און תמיד האָט ער צוגעטראָגן עפּעס אַ נייעם רעיון צו זיין גרונט־הנחה.

אין אַן עסיי — „און אַז דיין זון וועט דיך פרעגן״ („אַזוי זענען יידן״, ז׳ 143, פאַרלאַג „מתנות״, 1959) באַהאַנדלט ער פּראָגעס וועגן יידישקייט; אַן ענין צו וועלכן, ווי אויבן־געזאָגט, ער קערט זיך אום אָבער און ווידער. ער חזרט זיך אָבער קיין מאָל נישט איבער. יעדעס מאָל גיט ער צו אַ באַזונדערן קנייטש. וואָס זאָל מען איינעם ענטפערן וואָס פרעגט צוליב וואָס יידישקייט? דער פרעגער וויל האָבן אַ ראַציאָנאַלן גרונט פאַר קיום־האומה, צו וואָס דאַרף מען האָבן יידישע אמונה אויף דער וועלט? און לייבוש לעהרער ווייזט־אָן אַז אַזאַ פראַגע קען מען נישט פאַרענטפערן מיטן כוח פון טראַדיציע. פּסיכאָלאָגיש איז דער ווילן ביי אַזאַ מין פרעגער מער נישט קיין פאַקטאָר אין זיין לעבן, צו וועלן זיך אידענטיפיצירן מיט יידן. און לייבוש לעהרער שרייבט דאָרטן אַזוי יידישלעך און טרעפלעך:

„און אַז דיין זון וועט דיך פרעגן, לאמור, אַזוי צו זאָגן: „צו וואָס דאַרף מען האָבן אַ יידיש פאָלק אויף דער וועלט?״ זאָלסטו אים ענטפערן ווי אין פּרק שטייט, אַז צען נסים זענען געשען אונדזערע עלטערן אין בית־המקדש. דער צענטער נס איז געווען, אַז עס האָט נישט געטראָפן איינער זאָל זאָגן דעם אַנדערן: „מיר איז ענג דער אָרט צו נעכטיקן אין ירושלים״.

אין אַ צווייטער עסיי „טראַדיציע און גלויבן״ („אַזוי זענען יידן״, ז׳ 177, פאַרלאַג „מתנות״, 1959) רעדט לייבוש לעהרער מיט אַ סך טעאָרעטיש וויסן וועגן טראַדיציע און טראַדיציאָנאַליזם. דאָס איז אַ פּאָלעמישע עסיי (ער פּאָלעמיזירט מיט ש. ניגערן ע״ה), דאָך האָט זי אָבער אַ בלייבנדיקן ווערט, שוין צוליב דעם אַליין, וואָס ער שטעלט

זיך שטאַרק איין, „אַז מען זאָל נישט פאַראיינפאַכן קאָמפּליצירטע פּראָצעסן" — אַ שטריך ביי לייבוש לעהרערן, וואָס איז זייער כאַראַקטע־ריסטיש פאַר זיין פסיכאָלאָגיש־פילאָזאָפישער חקירה. ער שרייבט: „ווען מען הייבט־אָן צעטיילן מענטשן, אָדער יידן, אויף גלויביק און אומגלויביק, באַגייט מען אַ פעלער, וואָס עס קען זיין שווער צו פאַרריכטן". ער פירט אַריין דעם לייענער אין זיין פסיכאָלאָגישער לאַבאָראַטאָריע און דער־ווייזט אים „אַז יעדער ייד פאַרמאָגט די גרויסע מעלה, וואָס זיין יידישקייט קען האָבן אַ צוטריט צו יענע, וואָס זענען פילאָזאָפיש אומרעליגיעז, אָבער פאַרמאָגן אַ שטאַרק געפיל פאַר יידישער אָנגעהעריקייט" („אידישער קעמפּפער", ניסן תשי"ד, ז' 53).

לייבוש לעהרערס יידישקייט איז אויך אַן אייביקער סינטעז פון די תפוצות (גלותן) און ארץ־ישראל.

לייבוש לעהרערס גאָט־באַגריף איז נישט קיין מעטאַפיזישער, נאָר אַ סאָציאָלאָגיש־פסיכאָלאָגישער, במילא — נישט קיין מסורהדיקער ווי ביי אונדזערע טאַטעס און זיידעס און אויך נישט קיין מיסטישער, ווי למשל, ביי אהרן צייטלין.

די דאָזיקע ברייטע קאָנצעפּציע זיינע פון „גלויבן" און „גאָט" רופן־אַרויס פון צייט צו צייט סטימולירנדיקע, אינטעלעקטועלע ויכוחים צווישן אונדזערע געציילטע יידיש־סאָציאָלאָגיש־פילאָזאָפישע שריפט־שטעלער.

פאַראַפראַזירנדיק דעם באַקאַנטן זאָג: „צי דו גלייבסט אין גאָט צי נישט, דאָס איז דיין זאַך, אָבער דאַוועגען דאַוונסטו? דאָס איז דער עיקר", וואָלט לייבוש לעהרערס זאָג געדאַרפט זיין: „צי דו גלייבסט אין גאָט צי נישט, דאָס גייט מיך נישט אָן, דער עיקר איז — צי פירסטו זיך אויף ווי אַ ייד?"

עס וואָלט געווען אַ טעות צו מיינען, אַז לייבוש לעהרער, דער מחבר פון דער פסיכאָלאָגיש־פילאָזאָפישער עסיי אין יידיש, האָט בלויז שווערע עסייען. ער האָט פאַרעפנטלעכט צענדליקער עסייען, וואָס לייענען זיך לייכט און אינטערעסאַנט. אַ גאַנץ בוך זיינס, „אַזוי זענען מענטשן", איז נישט בלויז אינטערעסאַנט, נאָר טאַקע אויך אַמוזירנדיק, הגם ער באַ־גרינדעט יעדן עסיי פון פסיכאָלאָגישן שטאַנדפּונקט. אַפילו אין זיינע חקירהדיקע אַרבעטן אַנטפּלעקט זיך מיט א מאָל זיין וווּנדערלעכער חוש

פאַר הומאָר און בכלל „די מענטשלעכע נשמה". ס'איז אים נישט שווער אַריינצופלעכטן באַמערקונגען, אַ מאָל מער ווי באַמערקונגען, וואָס זענען אָנגעלאָדן מיט פיינעם הומאָר.

אין זיין בוך „מענטש און אידעע" האָט ער פאַרעפנטלעכט, ווי זיין שטייגער איז, אַ פסיכאָלאָגישע עסיי, וואָס ער רופט — „עפּעס מער". מען זעט דאָרט די פאַרבינדונג צווישן זיינע טעאָרעטישע אַריינפירן און זיינע פּראַקטישע אויספירן. מיט אַ מאָל לייכט־אַרויס זיינס אַ כאַראַקטעריסטישע „באַמערקונג" — אַ מעטאָד אַזאַ ביי אים, וואָס געפינט זיך אין כמעט יעדער עסיי זיינער.

צו דעם „פאַר וואָס האָסטו זיך אָנגעזעצט אויף דיין פאָלק ישראל" — ר' לוי יצחק באַרדיטשעווערס באַקאַנטע טענה צום רבונו־של־עולם — באַמערקט ער: „דאָס וואָרט 'אָנגעזעצט' געהערט נישט צו דעם ליטעראַרישן אָדער ראַפינירטן וואָקאַבולאַר" („מענטש און אידעע", ז' 283, פאַרלאַג „מתנות", 1960). דערביי לערנט ער מיטן לייענער אַ פּרק „פסיכאָלאָגישע שייכות־סיסטעם", פאַר וואָס עס שאָקירט אונדז נישט, וואָס דער באַרדיטשעווער דערוועגט זיך צו בייזערן אויפן רבונו־של־עולם, אַז ער האָט זיך „אָנגעזעצט" אויף זיין פאָלק ישראל.

ד"ר חיים זשיטלאָווסקי האָט אין זיין פילאָזאָפישער אַרבעט „היסטאָרישע אידעען־פאַרבינדונג" „געבאָרגט" פון דער העגעלשער פילאָזאָפישער שול די טערמינען „לאָגישע" און „היסטאָרישע קאַטעגאָריעס". ד"ר חיים זשיטלאָווסקי האָט זיי אָנגעווענדט אויף דער פאַרבינדונג פון געדאַנקען און אידעען.

ביי לייבוש לעהרערן שפּיגלען־אָפּ „די שייכות־סיסטעמען", די אַרבעטס־אופנים פון דער מענטשלעכער פסיכיק און אויך כלערליי גייסטיקע און סאָציאַלע דערשיינונגען. זיין אַקאַדעמיש ווערק „פסיכאָלאָגיע און דערציונג" איז אַ וויסנשאַפטלעך ווערק פון פינף הונדערט זייטן און איז איינגעטיילט אין דרייצן גרויסע קאַפּיטלען. ער איז זיך דאָרט סומך אויף אַלע פאָרשער און פאָרשונגען אין דער פסיכאָלאָגיע ביז דעם יאָר 1937.

דאָס קאַפּיטל, למשל, „צוויי־שפּראַכיקייט", איז אַ ביז־גאָר אינטערעסאַנטע פאָרשונג, באַזונדערס פאַר דער יידישער שול, און פונקט אַזוי אינטערעסאַנט זענען די קאַפּיטלעך „די טראַנספערירונג פון לערנען",

און „דער לערער". דאָס ווערק איז דער עיקר אַ פונדאַמענטאַל, אַקאַ־דעמיש לערנבוך אין אַ היכשול פאַר מענטש, וואָס ווילן זיך קוואַליפיצירן פאַר מאָדערנע לערערס.

לייבוש לעהרער האָט געהערט צו יענעם מין הויך־באַגאַבטע און פּעאיק־יידישע, בריליאַנטענע קעפּ, וואָס דאָס ניינצעטע יאָרהונדערט איז געווען גאַנץ רייך מיט זיי, דער עיקר אין מערב־אייראָפּע.

ער, דער עלאָקווענטער עסייאיסט, האָט פאַרמאָגט טיפע ידיעות אין פּאָעזיע בכלל און אין יידישער פּאָעזיע בפרט. נישט איין מאָל האָט ער אַרויסגעוויזן טעאָרעטישע ערודיציע, שרייבנדיק וועגן פּאָעזיע צי פּאָעטן. ערשט מיט אַ קורצער צייט צוריק האָט ער געשריבן צוויי פּסיכאָלאָגישע־טעאָרעטישע אַנאַליזן וועגן אהרן צייטלינס לידער און וועגן אפרים אויערבאַכס „וואַך איז דער סטעפּ".

פּאָעזיע איז אים בכלל געווען נאָענט צום האַרצן (זע זיינע אָפּ־האַנדלונגען וועגן „פּאָעזיע און רעליגיע", „משה לייב האַלפּערן", „פּאָעטיש", „ה. לייוויק און זיין הויפּט־מאָטיוו", וואָס געפינען זיך אין זיין בוך „מענטש און אידעע", אַרויסגעגעבן אין פאַרלאַג „מתנות", 1960). עס דאַרף אויך דערמאָנט ווערן, אַז לייבוש לעהרער האָט אונטערן נאָמען ל. מאַגיסטער פאַרעפנטלעכט לידער אין אָנהויב פון זיין שריפט־שטעלערישער טעטיקייט.

לייבוש לעהרער איז, בלי־שום־ספק, געווען איינער פון די סאַמע בעסטע לעקטאָרן און אָראַטאָרן, וואָס אונדזער סביבה האָט אַרויסגעגעבן. אין קעמפּ בויבעריק, ווו ער איז געווען דירעקטאָר פון דעם ערשטן יאָר זינט דער קעמפּ איז געגרינדעט געוואָרן (אַ קימאַ־לך פון 40 יאָר), איז ער אין די פרייטיק־צו־נאַכטסן פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ בעל־דרשן, בשעת ער האָט גערעדט אויף די עונג־שבתים (אגב, איז ער געווען אין אונדזער סביבה דער ערשטער זיי איינצופירן) וועגן דער סדרה פון דער וואָך. יעדע רעדע איז געווען אַן אמתער דרוש און האָט פאַרשאַפט נישט ווייניקער נחת־רוח אונדזערע מיטגלידער פון דער אַזוי־גערופענער וועלטלעכער סביבה, ווי דער אמתער בעל־דרשן פלעגט אין דער אַלטער היים פאַרשאַפן די עלטערן פון דער אייגענער סביבה אין אַ שבת נאָכ־מיטאָג אין אַן איבערגעפּאַקטן בית־המדרש.

הגם לייבוש לעהרער איז געווען לויט זיין גאַנצן מהות אַ יושב

אוהל, איז ער אָבער אויך געווען זייער אַקטיוו סיי אין ייוו״אָ — ווי דער פּאַרזיצער פון דער וויסנשאַפטלעכער קאָלעגיע — און אין שלום־עליכם־פֿאָלק־אינסטיטוט, ווען נאָר מען האָט זיך גענויטיקט אין זיין מיושבדיקן בליק און הדרכה.

לייבוש לעהרער איז געווען פיר צענדליק יאָר אַ לערער פון לערערס. ער איז געווען פאַרבונדן מיטן יידישן לערער־סעמינאַר, זינט ער איז געגרינדעט געוואָרן. זיינע לעקציעס וועגן פּסיכאָלאָגיע און דערציונג האָבן אים געמאַכט באַליבט ביי אַ גרויסער צאָל תּלמידים. ער איז באַקאַנט געווען ווי אַ גרויסער בעל־מסביר.

און צום סוף בלויז נאָך עטלעכע שורות וועגן קעמפּ בויבעריק. לייבוש לעהרער האָט דערצויגן דורות „בויבעריקאַנער", וואָס האָבן אין זיך איינגעזאַפּט יידישע מנהגים. טראַדיציע און בכלל יידישקייט־אידעאַלן; זיי האָבן אין זיך איינגעזאַפּט יענע יידישע גייסטיקייט, וואָס איז פאַרוועבט און פאַרוואָרצלט טיף אין זייערע נשמות און קומט צום אויסדרוק אין פאַרשיידענע מאָמענטן אין זייער שפּעטערדיק־יידיש לעבן.

לייבוש לעהרערס יידיש־אינטעלעקטועלער אידעען־איינשטעל איז געווען די הויפּט־צוציונג און זיך געלאָזט פילן איבערן גאַנצן קעמפּ.

מיר ווילן פאַרענדיקן מיט לייבוש לעהרערס אַ בריוו, וואָס ער האָט געשריבן מיט דריי וואָכן איידער ער איז איינגעזאַמלט געוואָרן אין פאָלק.

דעם 21סטן אויגוסט 1964.

מיין ליבער י. זילבערבערג:

מיר קומט אָן מיט גרויס אומוויליקייט די מלאכה פון שרייבן. איך וויל אייך אָבער מודיע זיין פון דער הנאה, וואָס איך האָב געהאַט פון אייער בריוו. מיין אויפטו אין בויבעריק באַשטייט אין רעפאָרמירן און פאַריידישן די וועלטלעכקייט, פּונקט ווי די צוויי פריערדיקע האָבן רעפאָרמירט די אָרטאָדאָקסיע. פאַר וואָס מען זעט דאָס נישט איז פאַר מיר אַ רעטעניש.

איך וואַרט צו זען מאָרגן אין „טאָג" וואָס איר וועט שרייבן וועגן בויבעריק.

פאַראַכטאָגן האָב איך געלייענט די לעצטע קאָרעקטור אין „גאָלדענע קייט", מיינע „דריי אימפּולסן". עס וועט אַרייַן אין יום־טוב־נומער פון זשורנאַל.

זייט מיר האַרציק געגריסט.

ל. לעהרער

אַ גרוס פון דער אשה מרת סאַלקע.

ל. ל.

„אידישער קעמפער", 1964

## נחום סטוטשקאָוו

(אויף זיין פרישן קבר)

נחום סטושקאָוו האָט אין די לעצטע יאָרן געלעבט אָפּגעזונדערט פון דעם ניו־יאָרקער יאַריד, ער האָט געוווינט אין לייקוווד, ניו דזשוירזי, און געווען פאַרנומען מיט פאַרענדיקן דעם „היכל הלשון העברית". ווי זיין שטייגער איז געווען, האָט ער געאַרבעט פון פרימאָרגן־שעה ביז אין אָוונט.

אַזוי האָט ער זיך נוהג געווען אין די פופצן יאָר, וואָס ער האָט געאַרבעט אויפן „אוצר פון דער יידישער שפּראַך".

מיר האָבן געוווינט אין בענסענהוירסט, אַ הויז לעבן אַ הויז, און איך האָב באַוווּנדערט זיין דיסציפּלינירטע פלייסיקייט און סיסטעמאַטישקייט.

ביים אַרבעטן אויפן „אוצר" האָט ער זיך באַנוצט בלי שום ספק מיט אַ האַלב מיליאָן „אינדעקס־קאַרטלעך", אָבער דער שרייבטיש איז תמיד געווען ריין און ציכטיק, אויך אין הויז האָט מען נישט געזען קיין סימן פון דעם שלל קאַרטלעך; אַרויסגענומען אַ קעסטל מיט טויזנט קאַטאַלאָגירטע ווערטער, גענוצט, וואָס ער האָט באַדאַרפט און צוריק אַוועקגעשטעלט אויפן אָרט דאָס קעסטל.

ווי באַקאַנט, איז דער „אוצר פון דער יידישער שפּראַך" אַ סינאָנימען־לעקסיקאָן, און דאָך וואָלט ווייט נישט געווען ריכטיק ווען מען זאָל דעם „אוצר" באַצייכענען פאַר בלויז אַ סינאָנימען לעקסיקאָן. עס

איז אמת, אַז נחום סטוטשקאָוו האָט גענומען פּעטער מאַרק ראָזשעס „טהעזאורוס און דהי אינגליש לענגווידזש" אַלס אַ מוסטער, אָבער אין אַ סך פּרטים איז דער מחבר פון „אוצר" אַוועק ווייטער ווי ראָזשע און זיינע תלמידים.

שוין מער ווי דריי דורות, ווי ראָזשעס „טהעזאורוס" איז דאָס סטאַנדאַרט־בוך פאַר דער ענגליש־רעדנדיקער אינטעליגענץ.

נחום סטוטשקאָווס „אוצר" איז דאָס סטאַנדאַרט־ווערק פון דער יידיש־רעדנדיקער אינטעליגענץ.

דער „אוצר" אונטערשיידט זיך פון ראָזשעס ווערק, בעיקר מיט דעם, וואָס דער „אוצר" האָט אַ חוץ סינאָנימען און שייכותדיקע ווערטער, אויך אַן אוצר פון פראַזעס, אידיאָמען און שפּריכווערטער, אָבער דאָס איז נישט דער איינציקער אונטערשיד. אַ דאַנק דעם „אוצר" געפינען מיר אויס וועלכע יידישע ווערטער געהערן צו דער קולטור־שפּראַך, און וועלכע יידישע ווערטער זענען נישט רעקאָמענדירט, אָדער נאָך נישט רעקאָמענדירט אין דער ליטעראַטור־שפּראַך. אין דעם מעמד, אין וועלכן יידיש געפינט זיך, נישט האָבנדיק קיין געהעריקע אַקאַדעמישע אינסטיטוציעס, וואָס אַלע זאָלן אָנערקענען איר אויטאָריטעט, האָט דער „אוצר פון דער יידישער שפּראַך" אַריינגעבראַכט אַ סך ליכט, ער דינט אין אַ גרויסן פּרט, ווי אַ רעפערענץ־ווערק אין שייכות מיט יידיש־לשון.

מען דערציילט, אַז מענדעלע מוכר ספרים איז איין מאָל אַריינגעקומען צו אַ ווילנער יידענע, און תוך כדי דיבור, אָנגעהויבן צו זוכן אין אירע שטוב־זאַכן. די יידענע, וואָס האָט שוין גוט געקענט מענדעלען פון פריער, האָט געוווּסט, אַז יעדעס מאָל, וואָס ער וויל עפּעס אַ געפעפערט ווערטל, קומט ער אַריין צו איר און קריגט דאָס זייניקע, מאַכט זי צו אים דאָס מאָל; — זאָגט מיר, ר' מענדעלע, איך בעט אייך, וואָס נישטערט איר?

מענדעלע האָט אַ דערפרייטער אויסגערופן: — „איך האָב שוין, וואָס איך האָב געוואָלט", און ער איז אַרויס אַ צופרידענער.

דער זיידע האָט געהאַלטן אין מיטן שרייבן און האָט דווקא געוואָלט נוצן דאָס וואָרט „נישטערן", נישט זוכן, נישט ראַיען, נאָר נישטערן, און דאָס וואָרט איז אים גראָד אַרויס פון זכרון. וואָלט ער אָבער געהאַט

נחום סטושקאָווס „דער אוצר פון דער יידישער שפּראַך", וואָלט ער פאַרשפּאָרט לויפן צו דער ווילנער יידענע.

דער „אוצר" פאַרמאָגט בערך הונדערט פינף און זיבעציק טויזנט ווערטער; למשל, אַלעקסאַנדער האַרקאַוויס ווערטער־בוך פאַרמאָגט בסך הכל 35 טויזנט יידישע ווערטער, און דאָס איז אויך בשעתו (די ערשטע אויסגאַבע 1925, די צווייטע 1928) געווען אַ גרויסער אויפטו.

ווען מען באַקענט זיך גוט מיטן „אוצר" איז ממש נישט צו גלייבן, אַז דאָס איז די אַרבעט פון איין מענטשן. עס האָט זיך געפאָדערט נישט בלויז טיפע ידיעות אין יידישער לעקסיקאָגראַפיע, נאָר אויך אַן אומבאַ־גרענעצטע ליבע און פּיעטעט צו דעם פאָלקס־לשון און דער עיקר — געדולד און פלייס, כדי צונויפצוזאַמלען אונדזער גאַנצע שפּראַכלעכע עשירות. אפשר איז דער אויסדרוק „די גאַנצע שפּראַכלעכע עשירות" נישט פּינקטלעך. סיי דער מחבר, נחום סטוטשקאָוו, און סיי דער רעדאַקטאָר פון „אוצר פון דער יידישער שפּראַך", ד"ר מאַקס ווײַנרײַך וואָס האָט געגעבן דעם ווערק אַן אַקאַדעמיש פּנים, באַוואָרענען זיך אין די הקדמות, און מיט רעכט, אַז זיי האָבן נישט אויסגעשעפּט די גאַנצע יידישע שפּראַך; ווייל דאָס איך דאָך, כידוע, ממש אַן אוממעגלעכע זאַך, בפרט נאָך ווען „דער אוצר" איז דאָס ערשטע ווערק פון דעם מין.

ד"ר מאַקס ווײַנרײַך האָט אויסגענוצט די גאַנצע יידישע שפּראַך־פאָרשונג אויף צו מאַכן דעם „אוצר" פאַר דעם סטאַנדאַרד־ווערק אין יידיש, על כל פּנים ביז עס וועט פאַרעפנטלעכט ווערן די צווייטע פאַרגרעסערטע אויסגאַבע, אָדער אַן אַנדער ענלעך ווערק.

ב

נחום סטוטשקאָווס „אוצר פון דער יידישער שפּראַך" האָט 620 אָפּטיילונגען, אָדער שליסלווערטער (ראָזשעס „טהעזאַורוס" איז איינגע־טיילט אין 1.000 גרופּעס). סטוטשקאָוו דערקלערט באַריכות אין דער הקדמה פאַר וואָס ער האָט געוויסע שליסלווערטער פאַראייניקט אין איין גרופּע. פריער קומען די סובסטאַנטיוון, דערנאָך די פּרעפּאָזיציעס, דאַן די אינטעריעקציעס און גאָר צום סוף פראַזעאָלאָגיע און שפּריכווערטלעך. די ווערטער אין שייכותדיקע באַגריפן קומען לויט אַ באַשטימטן לאָגישן

סדר, אַזוי אַז אומדירעקט לערנט דער לייענער ביים אויפזוכן אַ וואָרט אַ סך מער ווי בלויז באַטייט.

דער „אוצר" פֿאַרמאָגט העכער אַכט טויזנט שפּריכווערטער. דאָס איז די סאַמע גרעסטע זאַמלונג סיי אין כמות סיי אין איכות, וואָס איז ווען עס איז דערשינען אויף יידיש. למשל, איגנאַץ בערנשטיינס זאַמלונג, וואָס איז די רייכסטע זאַמלונג ביזן „אוצר" פֿאַרמאָגט בלויז דריי טויזנט שפּריכווערטלעך.

עס האָט געפֿאָדערט אַ שטאַרק־אַנטוויקלטן חוש, כדי אַזוי טיף אַריינצודרינגען אין דעם פֿאָלקס־לשון און אויסצוגעפֿינען די פֿאַרשיידענע באַטייטן און בייבאַטייטן, וואָס יידן האָבן אין משך פֿון דורות אַריינגע־טייטשט אין כלערליי יידישע ווערטער. נחום סטוטשקאָוו איז אין דעם פּרט אַ יחיד במינו.

לאָמיר ברענגען איין ביישפּיל פֿון אַ וואָרט, וואָס דער „אוצר" רעקאָמענדירט נישט אין אונדזער קולטור־שפּראַך — „הינזיכט". אין דער גרופּע „שייכות" וועט דער לייענער געפֿינען: פּרט, שייכות, סמיכות־הפּרשה, שייך, קרובהשאַפֿט, באַריר, מגע־ומשא, צוזאַמענהאַנג, פֿאַר־העלטעניש, נגיעה, לערך, לערכדיק, נוגע און אַ סך אַנדערע ווערטער. אמת נישט אַלע קען מען נוצן אַנשטאָט „הינזיכט" אָבער דער לייענער וועט האָבן פֿון וואָס אויסצוקלייבן.

די קוואַליפֿיצירטע און „דיסקוואַליפֿיצירטע" ווערטער, וואָס ווערן אָנגעוויזן אין „אוצר" דורך פֿאַרשיידענע סימבאָלן, געפֿינען זיך דאָרטן נישט ווי אַן עיקר, נאָר בלויז ווי איינע פֿון פֿיל רעפֿערענצן, וואָס אַזאַ ווערק דאַרף פֿאַרמאָגן.

מיט אַ צייט צוריק האָט דער פֿאַרלאַג „מתנות" געבעטן דעם שריי־בער פֿון די שורות צוצוגרייטן אַ שול־אויסגאַבע פֿון שלום־עליכמס „מאָטל פּייסי דעם חזנס". אין משך פֿון דער אַרבעט איז אויסגעקומען צו פֿאַרבייטן שווערע ווערטער אויף לייכטערע. ביים נוצן אַן אַנדער וואָרט האָט אָבער דער שרייבער געדאַרפֿט אין זינען האָבן, אַז ער זאָל, חלילה, נישט „אויסבעסערן" שלום־עליכמען, זיין עבודה איז בלויז געווען קאָנדענסירן געוויסע קאַפּיטלעך, באַזונדערס אין צווייטן טייל, דורכלאָזן אַ טייל שטעלעס, געבן דעם טייטש פֿון שווערע אויסדרוקן און פֿאַרבייטן אַ וואָרט אויף אַ לייכטערן. דאָס לייכטע וואָרט האָט

געדאַרפט זיין אין גייסט פון שלום עליכמען, אַ וואָרט וואָס ער פלעגט נוצן.

נישט איין מאָל איז אויסגעקומען צו זוכן אַ סינאָנים און בשום אופן נישט געפונען, צוליב דעם פשוטן טעם, וואָס מיר האָבן ביז איצטער נישט געהאַט קיין סינאָנימען ווערטער־בוך.

איך האָב געזוכט אַ לייכטער וואָרט, אַ פּאַסיקן סינאָנים פאַר דעם וואָרט „כנופיה״ — „עס האָבן זיך אַרומגעשטעלט אַרום מאַטלען אַ כנופיה ווייבער״. עס איז מיר געקומען אויפן געדאַנק — „פאַרזאַמלונג״, „געזעמל״, „גרופּע״, „חברה״, נעם איך און שטעל אַוועק „גרופּע״, „אַ גרופּע ווייבער״, הגם איך האָב געפילט, אַז דאָס וואָרט איז נישט אין שלום־עליכמס גוסט, עס איז גיכער אַ צייטונגס־וואָרט; ערשט ווען איך האָב געלייענט די קאָרעקטור איז מיר אַרויף אויפן זכרון דאָס פּאַסיקע וואָרט — „אַ רעדל ווייבער״. דער פאַרלאַג האָט אָבער געמוזט באַצאָלן „אויטהאָרס קאָרעקשאָן״.

דעמאָלט האָט נאָך נחום סטוטשקאָוו נישט געהאַט פאַרטיק דעם „אוצר פון דער יידישער שפּראַך״. אַז מען מאַכט דאָרטן אויף אויפן וואָרט „כנופיה״ געפינט מען, כהרף עין, צווישן אַ סך שייכותדיקע ווערטער אויך „רעדל״. ווי ווי, וואָס איך וואָלט דעמאָלט נישט אַוועק־געגעבן פאַרן „אוצר״.

ווען נחום סטוטשקאָוו איז פאַרטיק געוואָרן מיטן „אוצר״ האָט ער און פרוי סטוטשקאָוו פאַרבעטן צו זיך אין דער היים אויף לאַטקעס (עס איז געווען אין דער וואָך פון חנוכה) עטלעכע פריינד, צווישן זיי ש. ניגער און זיין פרוי און ד״ר נתן זיסקינד און זיין פרוי. געדענק איך, ווי סטוטש־קאָוו מאַכט פלוצעם צו ש. ניגער: „איצטער דאַרף מען אָנהייבן אַרבעטן אויף אַן אַקאַדעמיש ווערטערבוך, אויב אונדזער דור וועט עס נישט טאָן, וועלן מיר קיין אַקאַדעמיש ווערטערבוך נישט האָבן״.

אויף דעם האָט אים ש. ניגער געענטפערט: „אדרבא, ברענגט אַ פּראָיעקט צו דער וויסנשאַפטלעכער קאָלעגיע פון „ייוואָ״ און צו דער פאַרוואַלטונג״.

אַ וואָך שפּעטער האָט דער „ייוואָ״ געקראָגן פון סטוטשקאָוון אַ דעטאַליזירטן פּראָיעקט וועגן אַ גרויסן יידישן ווערטערבוך.

נאָכדעם ווי סטוטשקאָוו האָט זיך צוריקגעצויגן פון ווערטערבוך און

אַוועקגעגעבן אין רשות פון דער רעדאַקציע דעם גאַנצן אינווענטאַר פון „אוצר״ וואָס ער האָט קאַטאַלאָגירט לויטן אַלף־בית, האָט ער זיך אַ שטיקל צייט אָפּגערוט.

אָבער סטוטשקאָווס נאַטור איז נישט געווען סתם רוען און פטרן צייט. ער האָט געמוזט עפּעס טאָן. ער פלעגט ליב האָבן זיך צו וויצלען; אַז קיין קאָרטן שפּילט ער נישט, און ליבעס פירט ער נישט און אויף באַנקעטן גייט ער נישט, מוז דאָך אַ מענטש עפּעס טאָן.

און ער האָט מיטן זעלבן פלייס אָנגעהויבן אַרבעטן אויפן „היכל הלשון העברית״. דאָ האָט ער נישט געדאַרפט זיין קיין פּיאָנער ווי ביים „אוצר״.

ווען ער האָט געהאַלטן אין מיטן פון דער אַרבעט אויפן „היכל הלשון העברית״ איז ער אַוועקגעפאָרן קיין מדינת־ישראל, אין 1960, נאָכצוזוכן אינפאָרמאַציע פון ווערק, וואָס ער האָט דאָ נישט געקראָגן, אויך כדי זיך צו האַלטן אַן עצה מיטן „וועד הלשון״, און דער עיקר — צו קריגן אַ פּאַסיקן אַרויסגעבער פאַרן „היכל״.

הגם „דער אוצר פון דער יידישער שפּראַך״ איז געוואָרן אַרויסגעגעבן דורך דעם ייוואָ, דאָך האָט נ. סטוטשקאָוו געדעקט די גאַנצע הוצאה פון אַרויסגעבן דאָס ווערק, וואָס האָט אים אָפּגעקאָסט העכער דרייסיק טויזנט דאָלאַר. אַ דאַנק דעם, וואָס דער „אוצר״ איז פאַרקויפט געוואָרן אין גאָר אַ היפּשער צאָל עקזעמפּלאַרן און אַ דאַנק עטלעכעביישטייערער, האָט ער צוריקבאַקומען די גאַנצע סומע, וואָס עס האָט אים געקאָסט.

בנוגע דער העברעאישער אויסגאַבע פון „היכל הלשון העברית״, האָט סטוטשקאָוו געזוכט אַן אַרויסגעבער אין ישראל, ער איז אָבער דאָרטן פּלוצלונג קראַנק געוואָרן און געמוזט צוריק אַהיימפאָרן קיין אַמעריקע. סיי ווי האָט ער ביז די לעצטע וואָכן פון זיין לעבן נישט אויפגעהערט צו אַרבעטן אויף דעם „היכל״ און באַווייזן אים צו פאַרענדיקן.

ער האָט ליב געהאַט צו וויצלען זיך: נאַט, זעט, אַ יידישיסט טראָגט אונטער די העברעער דעם „היכל פון דער העברעאישער שפּראַך״.

נחום סטוטשקאָוו איז זיך געווען גוט באַוווּסט פון זיין גרויסן אויפטו פאַר אונדזערעביידע שפּראַכן, אָבער פון איין קולטור.

„טאָג מאָרגן־זשורנאַל״, 1965

# חיים ליבערמאַן ע״ה

## א

מיט אַ צייט צוריק איז דערשינען חיים ליבערמאַנס איינציקע קינדער־ביכל, „צען קאַפּיקעס״, וואָס האָט זיך פריער געדרוקט אין „פאָרווערטס״; לעצטנס האָט אויך דער קרן קימת לישראל אַרויסגעגעבן חיים ליבער־מאַנס באַרימטע קינדער־דערציילונג אויף ענגליש. הגם חיים ליבערמאַן האָט פאַרעפנטלעכט אַ סך ווערק, אַנדערע אפילו העכער פון פינף הונדערט זייטן, איז אָבער די מעשה מיט די „צען קאַפּיקעס״, וואָס פאַרמאָגט בסך הכל זעכציק זייטלעך, געווען אים גאָר טייער. איך וועל נישט זיין ווייט פון אמת, ווען איך וועל זאָגן, אַז דאָס איז געווען זיין באַליבט ביכל; און אים האָט זיך זייער שטאַרק געוואָלט, אַז וואָס מער יידישע קינדער זאָלן זיך באַקענען מיט אָט דער מעשה. און עס איז גוט, וואָס די ביבליאָטעק פאַר קינדער און יוגנט איז איצט באַרייכערט געוואָרן מיט אָט דער פּרעכטיקער ארץ־ישראל־מעשה.

חיים ליבערמאַן האָט דעם נס פון מדינת ישראל באַזונגען אין זיינע עמודים. מיט זיינע עסייען וועגן מדינת ישראל האָט ער אַרויסגערופן ביי יידישע לייענערס, וואָס זענען לכתחילה געווען גלייכגילטיק צום גרעסטן יידישן נס, ליבע און בענקשאַפט צום יידישן לאַנד.

ער איז צום ערשטן מאָל געווען אין ארץ־ישראל אין 1929, בעת דעם אַראַבישן פּאָגראָם אויפן ישוב. מיט זיינע טעלעגראַמעס און קאָרעספּאָנדענצן אין דער יידישער און ענגלישער פּרעסע, האָט ער אויפ־גערודערט דאָס לאַנד. אָבער זיין קענטשאַפט און ליבשאַפט צום יידישן לאַנד האָט זיך נאָך אָנגעהויבן, ווען ער איז געווען אַ חדר־יינגל. דאָס זעט מען פון זיין פּרעכטיקער דערציילונג „צען קאַפּיקעס״. זיין ליבע צו ארץ־ישראל איז געווען אומבאַגרענעצט. זיין האַרץ איז אָבער אָפן געווען פאַר אַלע תפוצות, ווייל ער האָט געהאַט גרויס אמונה און בטחון אין נצח־ישראל.

אָבער און ווידער האָט ער זיך אין זיינע עמודים אומגעקערט צום יידישן קינד.

מפּי עוללים ויונקים יסדת עוז — האָט ער געשריבן אויף זיין באַליבט ביכל — „צען קאָפּיקעס", וואָס ער האָט מיר צוגעשיקט תיכף ווי עס איז נאָר דערשינען, הגם איך האָב עס פריער געלייענט מיט שפּאַנונג אויף די שפּאַלטן פון „פאָרווערטס".

די האַנדלונג פון „צען קאָפּיקעס" שפּיגלט זיך אָפּ מיט אַן ערך זיבן צענדליק יאָר צוריק, בעת דער ארץ־ישראל־אידעאַל האָט באַהערשט די יידישע שטעט און שטעטלעך און אַרויסגערופן האָפענונג אויף גאולה און ביאת המשיח.

אויך אין שטעטל, ווו דער יונגער חיימל האָט געוווינט (דער שפּעטערדיקער באַרימטער שריפטשטעלער חיים ליבערמאַן), האָט מען געשמועסט, אַז די יידן פון דער גאָרער וועלט ווילן זיך צונויפנעמען, מאַכן יד אחת, אָפּקויפן ארץ־ישראל ביים טערק, נעמען האַק און פּאַק, „איבערלאָזן דעם גלות מיט אַלע זיינע צרות" און זיך אַוועקלאָזן קיין ארץ־ישראל.

און דריי חומש־יינגלעך, שלמהלע, יאָסעלע און חיימל האָבן געגרינדעם אַ חברה „בני ציון וירושלים" און באַשלאָסן, אַז יעדער פון זיי זאָל אַריינלייגן אין דער קאַסע אַ קאָפּיקע אַ חודש; זיי האָבן זיך געגעבן אַ הייליקע שבועה און געטאָן אַ נדר, אַז ווען זיי וועלן אם ירצה השם גיין קיין ארץ־ישראל, זאָלן זיי נאָר גיין אַלע דריי אין איינעם. איינער אָן דעם אַנדערן זאָל נישט גיין, און ווען זיי וועלן פון ווייטנס דערזען די שפּיצן פון ירושלים, וועלן זיי זיך נעמען פאַר די הענטלעך און אַריינטאַנצן גלייך אין דער הייליקער שטאָט.

ווי אַזוי די דאָזיקע דריי אָרעמע חדר־יינגלעך, מיט די שיינע יידישע נשמות און רייכער פאַנטאַזיע, האָבן אָנגעזאַמלט צען קאָפּיקעס, כדי העלפן „אָפּצוקויפן" ארץ־ישראל ביי טערקיי, מוז מען אַליין לייענען, צו האָבן די פולע הנאה.

מיט די „צען קאָפּיקעס" האָט מען טאַקע ארץ־ישראל נישט געקענט „אָפּקויפן", און קיין שטעט און דערפער נישט בויען, אָבער עטלעכע זעמדלעך יידיש־לאַנד האָט מען מיט זיי זיכער אויסגעקויפט.

און אַז עס קומט דער ליבער זומער וואַקסן דאָרטן אין ארץ־ישראל, אויף יענע זעמדלעך, דריי גרעזעלעך: איינס פאַר יאָסעלע און איינס פאַר שלמהלע און איינס פאַר חיימל — דעם שרייבער פון „צען קאָפּיקעס".

## ב

מיט העכער אַ יאָר צוריק, אין כ״ב איר, ה׳תשכ״ג איז חיים ליבער־מאַן פּלוצלונג געשטאָרבן, שרייבנדיק וועגן אַ מיסיאָנער, וואָס האָט באַזוכט אייכמאַנען אין דער ישראל־תפיסה. דער מיסיאָנער האָט זיך באַמיט צו מאַכן אייכמאַנען, דעם מערדער פון אונדזער פאָלק, פאַר אַ גלייביקן קריסט, כדי ער זאָל אויף יענער וועלט האָבן אייביקן גן־עדן.

חיים ליבערמאַנס האַרץ האָט מער נישט געקענט אַריבערטראָגן די דאָזיקע קריסטלעכע צביעות, די פעדער איז אים אַרויסגעפאַלן פון האַנט, און ער איז איינגעזאַמלט געוואָרן אין פאָלק.

חיים ליבערמאַנס גרעסטע זאָרג איז געווען, וואָס אַ סך יידישע קינדער קריגן נישט קיין שום יידישע דערציונג. פון דעם נעמט זיך, וואָס ביי אונדזער יוגנט ווערט אַזוי גרינג אָפּגעווישט די גרענעץ צווישן ייד און קריסט.

אין זיין בוך, „וואַכט אויף, וואַכט אויף, דאָס יידישע הויז ברענט״, רעדט ער שאַרפע רייד וועגן די רבנים, מחנכים, לערער־דערציערס און מנהיגים, וואָס שלאָפן, בעת דאָס יידישע הויז ברענט.

ער האָט אַ סך געשריבן וועגן יידישן חינוך־וועזן, ער האָט געוואָלט איינפלאַנצן ביים יידישן קינד און בכלל ביי יידן, אהבת בורא און אהבת ישראל און במילא אהבת־ציון.

ערב דער היטלער־מגפה האָט חיים ליבערמאַן פאַרעפנטלעכט אַ קליין ספרל „אין טאָל פון טויט״. דאָס בוך האָט געמאַכט אַ געוואַלדיקן רושם, די יידישע וועלט איז ממש אויפגעציטערט געוואָרן, עס האָט זיך געוואָלט גלייבן, אַז דאָס בוך וועט אויפוועקן דאָס געוויסן פון דער וועלט; די וועלט איז אָבער געבליבן טויב און שטום צום יידישן וויי־געשריי.

איך האָב אין ערגעץ נישט געלייענט קיין שטאַרקערע אָנקלאַגע אויף די אַכזריות, וואָס קריסטנטום איז במשך פון יאָרהונדערטער באַגאַנגען קעגן דעם יידישן פאָלק, און קיינער האָט נישט אַזוי אַרויסגעבראַכט דעם פּרצוף פון דער היינטיקער „ציוויליזאַציע״ און „קולטור״ ווי חיים ליבערמאַן. דאָס ווייטיקט, אָבער גלייכצייטיק שטאַרקט דאָס און קרעפּטיקט דעם יידישן מענטשן.

עס שטראַלט אַרויס פון דעם דאָזיקן ספר „אין טאָל פון טויט״, אַ ים

מיט ליכט און מחילה, וואָס זענען אַזוי כאַראַקטעריסטיש פאַר דעם יידישן גייסט.

חיים ליבערמאַן האָט פאַרעפנטלעכט אין „טאָל פון טויט" אין יאָר 1938 און אין משך פון די פינצטערע היטלער־יאָרן האָט ער אין זיינע עמודים געוויטיקט אויף דעם יידישן גורל, אויף די אומגעקומענע קדושים, אויף די זעקס מיליאָן יידישע נשמות, וואָס האָבן געשוועבט אין די הימלען און געמאָנט שכר.

חיים ליבערמאַן האָט ליב געהאַט אַריינצובערענגען אין זיינע עסייען דעם געמיטלעכן שמועס און פאַרענדיקט בכי טוב מיט אַ מאמר, פון וועלכן מען לערנט אַ סך און מען האָט הנאה.

ער האָט אויך אַריינגעפלאָכטן בליציקע געדאַנקען פון דער אייראָ־פעאישער קולטור, וואָס ער האָט געקענט אַזוי גרינטלעך, אָבער ער איז נישט נתפעל געוואָרן פון דער דאָזיקער קולטור.

חיים ליבערמאַנס שפּראַך־חידושים אין יידיש, זיין וווּנדערלעכער סטיל, זענען פון אַ גרויסן קינסטלער און מייסטער.

ער איז געווען אַ גרויסער בעל־מסביר און נישט געשריבן פאַר יחידי־סגולה, נאָר פאַרן גאַנצן פאָלק. ער האָט געקענט אַ הארב שטיקל ר׳מב״ם, צי וועלכן עס איז אַנדער ענין, מאַכן צוגענגלעך פאַר יעדן איינ־ציקן, און אַלע מאָל זענען דאָס געווען דברים היוצאים מן הלב און נכנסים אל הלב, פון דעם האָט זיך גענומען זיין אומגעהייערער איינפלוס אויף אַלע שיכטן פון יידישן לייענער.

חיים ליבערמאַן איז נישט געווען קיין אָנהענגער פון פשרות, ער האָט פון טריף נישט געמאַכט פאַרעווע.

ווען עס איז אָבער היסטאָריש געווען נייטיק און אומפאַרמיידלעך, האָט ער אפילו געקענט פאָרשלאָגן אַ פשרה.

עס דערמאָנט זיך יענע געשעעניש, בעת עס האָט ממש געשטורעמט אין מדינת ישראל וועגן נעמען אין מיליטער־דינסט פרומע מיידלעך.

חיים ליבערמאַן האָט דעמאָלט אַזוי אמתדיק אַנאַליזירט דעם שרות לאומי און גיוס נשים, אַז ער האָט מיט זיין לאָגיק אַריינגעבראַכט ליכט אין דעם גאַנצן ענין; און עס האָט אויסגעזען ווי די ראשי הממשלה האָבן זיך צו אים צוגעהערט און אַראָפּגענומען דעם גאַנצן „ענין" פון סדר־היום, ווי ער האָט געעצהט.

חיים ליבערמאַנס שעפערישקייט האָט אַרומגענומען אַלע אַספּעקטן און פּאַזעס פון יידישן לעבן; און אין אַלצדינג איז ביי אים געווען דער יידיש־מאָראַלער צוגאַנג.

עס דערמאָנט זיך דער שטאָלצער ענטפער, וואָס ער האָט געגעבן דעם „גוטן" דייטשן ביבליאָטעקאַר, ווען יענער האָט ביים אים (ביי חיים ליבערמאַן), געבעטן זיינע ביכער פאַר אַ ביבליאָטעק אין דייטשלאַנד.

וויפל יידישער כבוד, וויפל חכמה און אויך טאָלעראַנץ איז געווען אין יענעם ענטפער!

חיים ליבערמאַן האָט ביי אַ סך געלעגנהייט געשריבן וועגן די חסידי אומות העולם, וועגן אַזעלכע יידן־פריינד אין דער קריסטלעכער וועלט, וואָס האָבן אָפּגעגעבן אַ סך יאָרן פון זייער לעבן אויף צו שטודירן תלמוד, מפרשים און פּוסקים און וואָס זענען אין יידישע קוואַלן געלייטערט געוואָרן.

חיים ליבערמאַן איז געווען אַ ליידנשאַפטלעכער פּאָלעמיקער, אָבער דורכויס נישט לשם פּאָלעמיק בלויז. ער האָט באַקעמפט דעם קאָמוניזם, און אויך שלום אַשס קריסטלעכע ביכער, מיט דעם גאַנצן כלי־זיין וואָס ער האָט פאַרמאָגט, און זיין כלי־זיין איז געווען שאַרף און בייסיק און די פיילן האָבן געטראָפן אין ציל.

ער האָט צעפּאָלמעסט די קאָמוניסטישע טעאָרעטיקערס און געוויזן די פאַלשקייט פון זייערע טעאָריעס און מעשים.

ער איז אָבער אויך אַרויסגעטראָטן קעגן אַ צאָל יידישע שרייבערס; מען וועט אָבער דאָס ווייניק נעמען אין באַטראַכט ביים אָפּשאַצן דאָס איינציקאַרטיקע אָרט, וואָס ער האָט פאַרנומען במשך פון צוויי דורות אין דער יידישער קריטיק, פּובליציסטיק און עסייאיסטיק. דאָס זענען געווען צינזן פאַר יענער צייט, וואָס אַזאַ טעמפּעראַמענטפולער פּאָלעמיקער ווי חיים ליבערמאַן האָט נישט געקענט אויסמיידן.

זייענדיק אַ פרומער ייד, האָט עס אים נישט געשטערט צו שרייבן מיט באַגייסטערונג וועגן יידישע שרייבערס, ביכער, טעאַטער־אויפפירונגען, וועגן יידיש לשון און כלערליי יידישע פּראָבלעמען. ער האָט אין יידיש געזען אַ גרויסן נאַציאָנאַלן כוח און מיט זיין גאַנצער שאַרפקייט באַקעמפט די שפּראַך־אַסימילאַציע, באַזונדער אין די שולן, ווו רבנים האַלטן דרשות אויף ענגליש פאַר יידישע יידן.

חיים ליבערמאַן האָט פאַרעפנטלעכט אַ ריי ביכער וואָס שפּיגלען אָפּ די פּילזייטיקייט און רייכקייט פון זיין געדאַנק. אין תוך איז נישט פאַראַן קיין גרויסער חילוק צווישן זיין שרייבן אין יענער עפּאָכע, בעת ער האָט זיך געפונען אין דער וועלטלעכער סביבה, און בשעת ער איז געוואָרן אַ בעל־תשובה. אָבער חיים ליבערמאַן דעם קינסטלער, דעם קעמפער פאַר אמת און דעם אוהב ישראל, וועט מען דאַרפן שטודירן אין די הונדערטער, אפשר טויזנטער, עמודים אין „פאָרווערטס".

„קולטור און דערציאונג", דעצעמבער 1964

## מיט וואָרצלען און צווייגן

(„צווייגן" פון שלמה סיימאָן, 375 זייטן. פאַרלאַג „יידבוך", בוענאָס־איירעס, 1960)

שלמה סיימאָן איז דער מחבר פון צוואַנציק ביכער; און די ערשטע יאָרן פון זיין שאַפן האָט ער ס׳רוב געשריבן פאָלקס־מעשיות, זיינע העלדן: „שמערל נאַר", „דאָס קלוגע שניידערל", „די כעלעמער חכמים", „דער נאַר מיט די גילדענע הענט", זענען גענומען פון פאָלקס־אוצר. אָבער שלמה סיימאָן האָט זיינע געשיכטעס פאַרוואַנדלט שיער נישט אין סימבאָלישע נאָוועלן. זיי צייכענען זיך אַלע אויס מיט פאָלקס־חכמה און איינפאַל. אָבער דער שטאַרקסטער חותם זייערער איז תמימות און ערלעכקייט.

אין די לעצטע יאָרן שרייבט שלמה סיימאָן זייער אָפט וועגן יידישקייט־פּראָבלעמען. באַזונדערס קומט צום אויסדרוק זיין יידישער וועלט־באַנעם אין זיינע ווערק „תוך־יידישקייט", „יידן צווישן פעלקער" און „אויף אייגענע דרכים".

שלמה סיימאָן האַלט נישט, אַז מדינת ישראל וועט קענען פאַרענטפערן דעם אידעאַל פון די נביאים און פרושים וועגן יידישן פאָלק; און אַן אַזאַ באַניטן אידעאַל, ווו יידן זאָלן שטיין אין צענטער פון דער וועלט מיט זייער אַנדערשקייט און אויסדערוויילטקייט צו ברענגען מלכות־שמים,

קען, לויט זיין מיינונג, נישט געדייען קיין יידיש פאָלק, נישט אין מדינת־ישראל און נישט אין חוץ־לארץ.

דער דאָזיקער געדאַנק פון באַנייטער הלכה־יידישקייט, וואָס איז זיך סומך אויף דער גייסטיקער געשיכטע פון יידן, זינט אברהם אבינו האָט פאַרשניטן אַ בונד מיט גאָט, פילט זיך שטאַרק אין זיינע ווערק „תוך־יידישקייט" און „אויף אייגענע דרכים". ער שרייבט דאָרטן אַ סך וועגן זיינע „גאָט־ראַנגלענישן"; ער האַלט, אַז יידישקייט איז נאָך געווען שעפעריש און האָט נאָך אַ סך צו געבן דער וועלט. בלויז די אידעע פון גאולה, וואָס איז די פרוכט פון יידישער נבואה און פרושים־יידישקייט, נעמט אַרום גאַנצע וועלטן.

אַפילו אין זיינע צוויי אויטאָביאָגראַפישע ביכער, „וואָרצלען" און „צווייגן", פילט זיך אויף שריט און טריט זיין צוגאַנג צו יידישקייט.

דער פערסאָנאַזש פון שטעטל, וואָס ש. סיימאָן מאָלט פאַר אונדז אין די צוויי דערמאָנטע אויטאָביאָגראַפישע ביכער, דאַרף דינען ווי מוסטערן פון יידישער שלימות, פון יידיש־עטישן איינשטעל, פון אחריותדיקן געפיל פאַר כלל־ישראל, אינערלעכער גאַנצקייט און שטרעבן נאָך גאולה און מלכות־שמים. די שטעטלשע יידן, ווי שלמה סיימאָן מאָלט זיי, האָבן טאַקע געלעבט אין עקאָנאָמישער נויט און געדריקטקייט, זיי האָבן אָבער דערפאַר פאַרמאָגט גייסטיקע עשירות.

אין דעם ערשטן בוך „וואָרצלען" דערפירט דער מחבר דעם הויפּט־העלד פון זיין אויטאָביאָגראַפיע, שמעון בן־ירוחם, ביז נאָך דער בר־מצווה. „שמעונס לעבן איז מיין לעבן. איך דערצייל עס אין דריטער פערזאָן, כדי עס זאָל מיר זיין גרינגער צו דערציילן מיינע ראַנגלענישן, פאַלן, שטייגן, זוכעניש, דאָרשט צו גאָט, בלאָנדזשעניש..." (זייט 7). דאָרטן באַקאַנט אונדז דער מחבר מיט זיין געבוירנשטעטל, קאַלינקאָוויטש, וואָס געפינט זיך אין ווייסרוסלאַנד, נישט ווייט פון די פּאָליעסער בלאָטעס, מיט זיינע טאַטע־מאַמע, אָרעמע מענטשן, דער טאַטע אַ שוסטער, די מאַמע אַ בעקערין, „אין פלוג — הילפלאָזע, דערשלאָגענע, אָבער בעצם, אין תוך, גרויסע גייסטיקע גבירים, יורשים פון אַ רייכער ירושה". צום זעלבן מין „גייסטיקע גבירים" געהערן געצל דער מלמד, וואָס צו אים קערט זיך שלמה סיימאָן אום אָבער און ווידער, נישט נאָר אין צווייטן באַנד „צווייגן", נאָר אין די מערסטע פון זיינע מאמרים, יודע דער צדיק, שמואל־

חיים דער קרומער — דער ציוניסט, העניע די אַגיטאַטאָרקע — די רעוואָלוציאָנערקע און בייניש דער יאַדאָשליוועה, וואָס דער לעתיד־לבוא איז ביי אים געווען די סאָציאַלע רעוואָלוציע.

דער ערשטער טייל, „וואָרצלען" ענדיקט זיך בעת זלמן דער בעל־עגלה פירט שמעונען צום פאַראַכאָד, וואָס דאַרף אים ברענגען קיין קרעמענטשוג צו ר' לייזערן אין דער ישיבה:

„איצט, שמעון, גיב מיר תקיעת־כף, אַז דו וועסט שרייבן דער מאַמען דעם ריכטיקן טאָג און גענויע שעה, ווען דו וועסט צוריקקומען, אם ירצה השם, פון דער ישיבה. איך וויל דיך באַגעגענען, צי דו וועסט קומען מיט דער באַן אָדער מיטן פאַראַכאָד".

זלמן האָט אָנגענומען דעם בחורס האַנט, זי אַ קוועטש געטאָן, אים צונויפגעלייגט די פינגער און אַרויסגעלאָפן פון פאַראַכאָד. שמעון האָט געעפנט די צונויפגעלייגטע האַנט און דערזען אַ דריי־רובלדיקע אַסיגנאַציע.

דער פאַראַכאָד האָט אַ פייף געטאָן, שמעונען האָבן זיך געשטעלט טרערן אין די אויגן.

„אַ באַרג האָבן זיי אַרויפגעלייגט אויף מיינע פּלייצעס. העלף מיר, גאָט, זיי זאָלן זיך נישט שעמען מיט מיר!" (זייט 316)

אין צווייטן באַנד פון זיין אויטאָביאָגראַפיע, „צווייגן" דערציילט אונדז שלמה סיימאָן וועגן זיינע ישיבה־יאָרן. שלמה סיימאָן איז אַ גמרא־ייד, דערצו האָט ער געהאַט גרויסע למדנים, תלמידי חכמים פאַר מלמדים און ראשי־ישיבות און במילא איז זיין לעבן־באַשרייבונג אָנגעפּיקעוועט מיט תורה.

לדוגמא: שמעון לערנט אין דער ישיבה אין קרעמענטשוג ביים גרויסן גאון און בעל־מידות, ר' לייזער, און ער שרייבט אַ בריוו צו ישראל־משהקען, זיינעם אַ יוגנט־חבר, „קומט שמעונען אויפן זינען רבנו סעדיה גאונס געדאַנק וועגן השארת־הנפש און תחית־המתים. די נשמה ווערט געשאַפן מיטן גוף, איר גורל איז פאַרבונדן מיטן גוף. ס'איז דאָ אַ גרויסע שייכות צווישן די גלוסטעניש פון גוף און פאַרלאַנגען פון דעם נפש, פון דער נשמה. דעם גוף האָט גאָט צוזאַמענגעשטעלט פון פיר יסודות; נאָכן טויט ווערן די יסודות פונאַנדערגעטיילט און גאָט האַלט די נשמה איז

אַ באַשטימטן אָרט. די פונאַנדערגעטיילטע עלעמענטן פון קערפּער קערן זיך אום צו זייער מקור. אָבער גאָט נוצט קיין מאָל נישט די זעלבע ברעקלעך מאַטעריע צו שאַפן אַן אַנדער מענטשן. דער קאָסמאָס איז גרויס און רייך און עס פעלט נישט דעם כביכול קיין מאַטעריע. באַחרית הימים וועט גאָט צוריק פאַראייניקן די ברעקלעך מאַטעריע פון וואָס יעדער מענטש איז געשאַפן געוואָרן און די נשמה וועט זיך צוריק באַהעפטן מיטן גוף און דער מענטש וועט אויפשטיין תחית־המתים" (זייט 49).

אַוודאי איז פאַראַן אַ שייכות וואָס אין מיטן שרייבן אַ בריוו צו אַ חבר, איז אים געקומען אויפן רעיון רבנו סעדיה גאונס געדאַנק, ווען נישט דעמאָלט, בעת ער איז אַלט געווען פערצן־פופצן יאָר און שוין געלערנט רבנו בחייס חובת הלבבות, איז לפּחות מיט 47 יאָר שפּעטער, „בעת ער האָט אין דער שטילקייט פון זיין שרייבצימער דערפילט ישראל־משהקעס בנמצאדיקייט".

אָט דער יוגנט־חבר איז פולע אַכט יאָר געווען ווי שמעונס שאָטן; ער האָט זיך מיט אים דורכגעשריבן אויף לשון־קודש אַ סך יאָר: „ער זעט נאָך איצטער אין דמיון ישראל־משהקעס קיילעכדיקע האַנטשריפט. יעדער אות קלאָר, אָפּגעזונדערט פון אַנדערן, יעדעס וואָרט באַזונדער אַוועקגעשטעלט. די שורות גלייכע אויף פּאַפּיר אָן ווירעס. וואָס פאַר אַ קאָנטראַסט צו שמעונס פאַרפּלאָנטערטע, פאַרדרייטע, נישט־פאַרענדיקטע אותיות און אָפּגעטיילטע ווערטער. ישראל־משהקעס אותיות זענען געווען ווי זיין פּנים — אָפן, גוטמוטיק, האַרציק, אָן קיין שום פּניות" (זייט 49).

שלמה סיימאָן ברענגט אַפילו אין בוך אַ גמרא, אַז דער קול פון אַן אמתן מענטשן דאַרף זיין קלאָר און פאַרשטענדלעך. אָט־דער ישראל־משהקע, וואָס שלמה סיימאָן באַשרייבט אים מיט אַ סך ליבשאַפט, האָט זייער געגלוסט צו גיין אויף די דרכים פון זיין חבר, ער איז אָבער אומגעקומען אין דער ערשטער וועלט־מלחמה אין די פּאָליעסער בלאָטעס, דער געדאַנק וועגן השארת־הנפש און תחית־המתים האָט דעריבער אויפגעטויכט ביים באַשרייבן זיין חבר; וואָרעם אויב תחית־המתים שטייט ביי שלמה סיימאָנען מסתמא אונטער אַ פרעג־צייכן, גלייבט ער זיכער, ווי אַ סך פון אונדז, אין השארת־הנפש.

„צווייגן" פאַרמאָגט אַכצן קאַפּיטלעך און אין יעדן קאַפּיטל איז פאַראַן עפּעס אַ חידוש, עס איז מיט עפּעס מתקן. עס גייט דעם מחבר נישט אַזוי

װײַט אין שײן־שרײַבערײַ, װי אין אַרױסברענגען דאָס עטיש־מענטשלעכע, װאָס ער באַגעגנט גאַנץ אָפּט.

שלמה סימאָן האָט געפּירט אַ טאָגבוך פֿון זײַנע פּריסטע יאָרן אָן. „זון מײַנער", האָט זײַן מוטער גערעדט צו אים, „מײַן האַרץ האָט מיר געזאָגט, אַז דו װעסט זײַן אַ לערנער נאָך דעמאָלט װען דו ביסט געװען אַ סידון. איך װײס, אַז דו װעסט זײַן אַ גרױסער מענטש בײַ ייִדן. װעסט נאָך אַ מאָל דערמאָנען װאָס איך רײד דאָ מיט דיר, דאָ אױפֿן גאַניק, חול־המועד פּסח, אײדער דו פֿאָרסט אַװעק אין דער ישיבה" (זײַט 38). און דער בר־מצװה־בחור האָט געגלױבט דער מוטער זײַנער, אַז ער װעט אַ מאָל זײַן אַ סופֿר בײַ ייִדן, װאָרעם ער האָט שױן געהאַט אָנגעשריבן אַ גאַנץ העפֿט מיט העברעאישע שירים, און געהאַט אַ טבע צו פֿאַרצײכע־נען געשעעענישן, װאָס האָבן אים באַװירקט.

באַלד אין ערשטן קאַפּיטל, „אױפֿן פֿאַראַכאַד", פֿאַרנדיק אין ישיבה, האָט מיט אים פּאַסירט אַן אױסטערלישע זאַך. ער איז געזעסן אין װינקל פֿון דער קאַיוטע און געהיט זײַן קעסטל; דערנאָך האָט ער אַרױסגענומען אַ יוסיפֿון און זיך אײַנגעגעסן מיט די אױגן אין דעם רש"י־כתב. קעגנאיבער אים זענען געזעסן אַ פּױער און אַ פּױערטע, — דער פּױער איז געװען אָנגעטאָן אין אַ לאַנגן פּױערישן שאָפּענעם פּעלץ.

מיר װעלן דורכלאָזן דעם דיאַלאָג צװישן דעם פּױער און שמעונען. שפּעט אין אָװנט, װען שמעון איז געלעגן אַ האַלב פֿאַרפֿרױרענער לעבן דער קאַלטער, אײַזערנער װאַנט און געדרעמלט — „האָט ער מיט אַ מאָל דערפֿילט, אַז די פּלײצעס װערן אים װאַרעמער, עפּעס װײכס, לאַשטשענ־דיקס איז אונטערגעלײגט געװאָרן צװישן זײַנע פּלײצעס און דער קאַלטער, אײַזענער װאַנט. באַלד האָט דער גאַנצער גוף געפֿילט װי עפּעס גוט און װאַרעמס האָט אים אַרומגענומען. בלױז די אױערן און די נאָז האָבן נאָך געשפּירט די שאַרפֿקײט פֿון דער לופֿט. דאָס האָט אױך אים אָנגעװאָרפֿן אַ טיפֿן שלאָף".

„אין דעם טומל פֿון פֿרימאָרגן האָט שמעון געעפֿנט די אױגן און דערזען, אַז ער איז אַרומגעװיקלט זאָרגפֿעליק מיט דעם פּױערס לאַנגן שאָפּענעם פּעלץ. שמעון האָט זיך אױפֿגעזעצט. דאָס פּאָרל האָט אים אָנגע־קוקט שמײכלענדיק: — זיך אױסגעשלאָפֿן, קלײנינקער? שמעון האָט פֿאַרשעמט געענטפֿערט: — אַ דאַנק, גוטע מענטשן".

דער מחבר דערציילט ווייטער, ווי אין יענעם פּרימאָרגן איז שמעון געזעסן אַנטקעגן דעם פֿאָרל „און זיין האַרץ איז אים געווען שווער. פֿאַר וואָס האָט ער פֿריער אָט דאָס פֿאָרל גערופֿן 'עם הדומה לחמור'? זיי זענען דאָך מענטשן מיט גאָלדענע הערצער".

שלמה סיימאָן דאַרף זיך נישט קיין סך באַמיען צו געפֿינען דאָס פֿינטעלע מענטש אַרום אים. די וועלט איז געווען גוט צו אים. די משפּחה האָט אים געהאַלטן פֿאַר איר שיינדל, זיך געגרויסט מיט אים, מחמת דעם, וואָס ער איז געווען דער איינציקער לערנער אין אַ משפּחה פֿון גאָלע בעלי־מלאכות.

אויך אין צווייטן קאַפּיטל, „וואָס וועט די וועלט זאָגן", זענען פֿאַראַן חידושים. דער „הויכפּונקט" פֿון יענעם קאַפּיטל זענען נישט די מעשׂים פֿון דעם באַהאַרצטן בעל־עגלה, וואָס איילט זיך צו ברענגען אין שול אַריין די ערשטע פֿיר בחורים, וואָס זענען אָנגעקומען מיט דער שיף פֿון ווייטע מרחקים, כּדי צו לערנען אין דער ישיבה, וואָס ר' לייזער וועט עפֿענען; ער יאָגט דאָס אויסגעמאַרעט פֿערדל אָנצוקומען איידער די בעל־בתּים צעגייען זיך נאָך מעריב.

דער בעל־עגלה איז געבליבן שטיין מיט די פֿיר בחורים ביי דער טיר. ווען די בעלי־בתּים האָבן געענטפֿערט דעם לעצטן אָמן, נאָך דעם ווי די אבֿלים האָבן אָפּגעזאָגט קדיש, האָט ער אויסגערופֿן פֿריידיק:

„יידן, איך האָב געבראַכט פֿיר ישיבהניקעס!"

„די עטלעכע מנינים יידן האָבן זיין פֿריידיקן אויסגעשריי אויפֿגענומען שווייגנדיק און זיך אָנגעהויבן צעגיין. זיי האָבן אַלע געדאַרפֿט פֿאַרבייגיין דעם בעל־עגלה און די בחורים, אָבער קיינער האָט זיך נישט אָפּגעשטעלט לעבן די ישיבהניקעס. זיי האָבן זיך אַרויסגערוקט פֿון בית־מדרש מיט די אויגן אָפּגעקערט פֿון די געסט, געמאַכט זיך ווי זיי זוכן די מזוזה, אָנגערירט די מזוזה מיט צוויי פֿינגער און אַרויס". אָבער דער לייענער דאַרף זיך נישט שרעקן, שלמה סיימאָן וועט נישט דערלאָזן, אַז יידן זאָלן זיין אַזעלכע „גזלנים", דערצו נאָך „אַמאָליקע יידן".*

ווען ר' לייזער, דער ראש־ישיבה, איז געוווּיר געוואָרן, וואָס דאָ איז פֿאָרגעקומען, האָט ער נאָך קריאת־התורה — ס'איז געווען אין אַ דאָנער־

---

* דער נאָמען פֿון שלמה סיימאָנס אַ בוך.

שטיק — אַרויפגעאײַלט אויף דער בימה, אַ פּאַטש געטאָן אין שולחן און אָנגעהויבן ריידן:

„רבותי, איך וועל זיך מודה זיין בפני כל עם ועדה אויף אַ מעשה רע, וואָס מיר זענען באַגאַנגען. פיר בחורים זענען נעכטן ביי נאַכט געקומען צו אונדז לערנען תורה און מיר האָבן זיי נישט מקבל־פּנים געווען, ווי עס פּאַסט פאַר זיי. איך, דער מרא־דאתרא, האָב זיך פאַרלערנט אין קליינעם בית־מדרש און גאָרנישט געטראַכט, אַז איך האָב געשיקט בריוו בכל תפוצות ישראל און פאַרבעטן בחורים אין אונדזער ישיבה. איך האָב געדאַרפט פאַרשטיין, אַז זיי קענען אָנקומען אַ ליאַדע טאָג און איך האָב געדאַרפט וואַרטן אויף זיי. אָבער איך האָב פאַרגעסן, וואָס איך האָב נישט געדאַרפט פאַרגעסן. און איר באַלעבאַטים, וואָס זענען געווען דאָ נעכטן צו מעריב, האָבן זיך איינציקווייז אַרויסגערוקט פון בית־מדרש און אַפילו זיי נישט געגעבן קיין שלום־עליכם...״

„רבותי, אוי לאותה בושה, אוי לאותה חרפּה. איך פרעג אייך, וואָס וועט די וועלט זאָגן? מען וועט זאָגן אויף אונדז, אַז מיר האָבן נישט קיין יידישע הערצער, אַז מיר האָבן מבזה געווען די תורה...״

אַוודאי האָט מען זיך נאָכן דאַווענען געריסן איבער די בחורים.

שמעונס פאָטער, אַ ייד אַ שוסטער, אָבער אַן איש תמים — מיט אים האָט דער זון אַ קנאַפּע שייכות; דער עיקר איז די מוטער, אַן אשת־חיל, וואָס האָט אָפט טענות צום רבונו־של־עולם אויף איר בידנער דאָליע און האָט נישט מורא אַריינצוזאָגן דעם רבונו־של־עולם, וואָס אים קומט; פאַר איר רעדט זיך דער זון אַראָפּ פון האַרצן.

דעם ערשטן טאָג אין ישיבה. ער האָט אַריינגעקוקט אין דער גמרא — מפרשים און מפרשים אויף די ראַנדן פון די בלעטער, אָבער דער עיקר זענען רש״י און תוספות אַרום דעם עמוד פון דער גמרא און מהרש״א צום סוף פון דער מסכתא, און שמעון צעשאָקלט זיך און פאַרציט דעם גמרא־ניגון און עס זינגט אין אים:

„אויף דעם טאָג האָב איך געהאָפט און געוואַרט: טראָגסט איצט די קרוין פון תורה. פון יחוס ביסטו נישט, שמעון בן־ירוחם, קיין עשירות פאַרמאָגט נישט דיין טאַטע, אַ תלמיד־חכם ביסטו אָבער געוואָרן, דו ביסט אַ בן־בית אין דעם היכל פון תורה״.

מען דאַרף אָבער בשום אופן נישט באַטראַכטן די רייד פון מחבר פאַר

גאווה, גיכער פון אַלץ איז עס אַ שטימונג אַזאַ, וואָרעם באַלד דערנאָך דערציילט דער מחבר וועגן שמעונען: „זיין רבי געצל האָט געזאָגט וועגן דעם מענטשן אויף דער וועלט, אַז ער איז די חלה פון דער יצירה און גאָט האָט דעם מענטשן געמאַכט בעל־הבית ביי זיך אין שטוב. איצט איז ער, שמעון, אַ בן־בית אין דעם היכל פון תורה, דאַרף ער וויסן, וואָס עס טוט זיך אין דער ממשלה פון תורה. אין שטאָט לויבט מען אים און מען דערציילט וווּנדער פון זיין התמדה און בקיאות, אָבער די לויבגעזאַנגען מאַכן אים גאָר הכנעהדיק, ווייל ער ווייס ווי אָרעם ער איז אין וויסן, ווי קליין זיין השגה איז".

אַ שלל געשטאַלטן פירט אַרויס דער מחבר און באַקענט אונדז מיט זיי. דער גייסטיקער תענוג, וואָס שמעון האָט געהאַט לערנענדיק מיט ר' לייזערן אין די פרימאָרגנס, מיט פינף אָפּגעקליבענע תלמידים, שטעקט אָן דעם לייענער.

אַוודאי האָט שמעונען נישט אויסגעמיטן די השכלה, וואָס האָט זיך אין יענער צייט אַריינגעריסן אין די ווענט פון די ישיבות.

„תולדות השלמת האדם" האָט פאַר אים אַנטפּלעקט נייע וועלטן. גרויסע וויכוחים קומען פאַר צווישן די ישיבה־בחורים. אַ סך פון זיי געפינען דעם אמתן מיזוג פון תורה און השכלה. שמעון האָט געדענקט דעם תקיעת־כף, וואָס ער האָט געגעבן זלמנען דעם בעל־עגלה.

נאָך די ערשטע פריידיקע טעג מיט זיין הויזגעזינט, האָט זיך די רואיקייט אָפּגעטאָן פון שמעונען. עס איז נישט דאָס זעלבע שטעטל וואָס מיט צוויי יאָר צוריק. בלויז ר' געצל, זיין גמרא־מלמד, איז דער אייגענער. שמעון איז פול מיט ספקות און אומרו.

ער איז שוין אַ בחור פון פופצן יאָר. וואָס האָט ליב זיך אויסצופּייניגן מיט זיין ווויל־געלערנטקייט, חכמה און צניעות. ער פּאָרט קיין לידע אין דער ישיבה. אַ נייע וועלט האָט זיך דאָרטן געעפנט פאַר דעם בחור מיטן שאַרפן קעפל; ער איז אָבער נישט געוווען קיין יוצא מן הכלל. דער ראש־ישיבה אין לידע איז געווען הרב יצחק־יעקב ריינעס. אין יענער צייט זענען דאָך געווען ישיבות אין טעלז, סלאָבאָדקע, מיר, ראַדין, וואָלאָזשין און ווו נישט?

אין דער שטילקייט פון חצות, האָט שמעון אָנגעהויבן צו לייענען די ווערק פון פרישמאַן, ביאַליק, שניאור, טשערניכאָווסקי, יעקב כהן, פרץ,

יעקב שטיינבערג, י. ל. גאָרדאָן. „אַלע האָבן געהאַט איין פּזמון: ,מען דאַרף צעוואַרפן די ווענט, באַפרייען זיך פון יאָך און אָנהויבן אַ ניי לעבן'. אָבער, רבונו של עולם, וואָס פאַר אַ ניי לעבן?" (זייט 207).

די אמונה ביי אים ווערט שוואַכער, אָבער דאָס לעבן פון די בחורים, וואָס האָבן אַראָפּגעוואָרפן דעם יאָך, געפעלט אים אויך נישט. ער פאַרלאָזט לידע און פאָרט קיין ראַדין, צום חפץ־חיים. ער פרוווט פאַרגעסן די ספרים חיצוניים. ער קלאַמערט זיך אין פרומקייט, ווערט אַ מתמיד — אָבער נישט אויף לאַנג.

סוף־כל־סוף איז ער אַנטלאָפן פון ראַדין, ווייל דער חפץ־חיים האָט אים געפרעגט, צי ער האָט השכלה־ביכער, און שמעון האָט נישט געוואָלט זאָגן קיין ליגן.

„שמעון איז געווען איינער פון זיין דור, זיין אָפּווייכן פון יידישן דרך האָט אָנגעהאַלטן פולע דרייסיק יאָר". „ער האָט פאַרביטן אַלע עשהס און לאָ־תעשהס אויף נאַציאָנאַליזם, יידישיזם, ליטעראַטור, קונסט און אַבסטראַקטע עטיק אָן געטלעכע סאַנקציע".

„איצט איז שמעון אַ טיפער מאמין, ער האָט זיך געדאַנקלעך דערטראַכט, אַז ס'איז דאָ השגחה פון דעם כביכול און ער האָט אויך דערפילט די עכט־קייט פון אמונה" („צווייגן", זייט 364).

שלמה סיימאָנס „שטעטל" איז אייגנאַרטיק און ערטערווייז אַפילו איינציק־אַרטיק אין אונדזער ליטעראַטור.

## מנשה אונגערס ביכער וועגן חסידות

(צום דערשיינען פון זיין ווערק „ר' ישראל בעל שם־טוב")

איינע פון די הויפּט־סיבות, וואָס האָט גורם געווען, אַז מנשה אונגער זאָל במשך פון באַלד פיר צענדליק יאָר זיך אָפּגעבן מיט חסידישער פאָרשונג, איז „מחמת חסידות איז לכתחילה געווען אַ פאָלקס־באַוועגונג, ווי אַ פּראָטעסט קעגן רבנים, תקיפים און פּרנסים, וואָס האָבן געקוקט אויפן אָרעמאַן פון אויבן־אַראָפּ. עס איז געווען דער ערשטער אויפברויז פון די,

וואָס זענען געשטאַנען 'הינטערן איווון', קעגן דער 'מזרח־וואַנט' " (מנשה אונגערס: „חסידישע וועלט", ז' 54).

די חסידישע לעגענדעס זענען פול מיט מעשיות וועגן ישובניקעס, דאָרפס־יידן, פּאַכטערס און „פּדיון שבויים".

הגם מנשה אונגער שרייבט תמיד זייער אינטים וועגן חסידות, שטערט דאָס אים בשום־אופן נישט צו זיין אָביעקטיוו אין זיינע אָפּשאַצונגען וועגן די חסידישע פּערזענלעכקייטן און דער חסידישער באַוועגונג. ער שרייבט וועגן חסידות ווי אַן אינעווייניקסטער מענטש. ער שטאַמט דאָך אַליין פון גזעס רביים: פון רבין ר' אלימלך פון ליזשענסק פון קאָזשעניצער מגיד, פון לובלינער חוזה און פון ראָפּשיצער רבין.

מנשה אונגער איז שטאַרק מחולק מיט שמעון דובנאָווס כאַראַקטעריזירונג וועגן דעם „חוזה" פון לובלין, צי דעם קאָזשעניצער מגיד — שמעון דובנאָוו רופט זיי דעם „רבונו־של־עולמס פּאָליטיקער" — צי וועגן דעם ראָפּשיצער רבין, וועגן וועמען ער שרייבט: „עס איז גאָרנישט געבליבן וועגן אים אין זכרון פון דורות, חוץ פּאָלקס־לעגענדעס און צדיקים־מעשיות, וואָס די פּאַנטאַזיע איז אין זיי מער פון דעם אמת" („געשיכטע פון חסידות", דובנאָוו, ז' 106).

פון דעסטוועגן שטערט דאָס אָבער נישט מנשה אונגערן צו שרייבן וועגן שמעון דובנאָווס „געשיכטע פון חסידות": „ער (ש. דובנאָוו) האָט פאַרשטאַנען ווי אַזוי אויסצושיילן דעם קערן פון דער לעגענדע, אַרויסצונעמען אַ סך היסטאָרישע דאַטעס און איינשטעלן אַ סדר אין די פאַרשידענע שיטות און לערערס פון חסידות" (מנשה אונגערס „חסידות און לעבן", זייט 120).

מנשה אונגערס „חסידישע וועלט" און זיינע אַנדערע חסידישע ביכער באַהאַנדלען די געלייטערטקייט פון חסידות, בעת חסידות האָט אַריינגעבראַכט פרייד און ליבע צווישן די יידישע פּאָלקס־מענטשן. דאָך האָט ער נישט פאַרפעלט, אין דער אייגענער צייט, צו פאַרטיפן זיך אין דער פילאָזאָפישער שיטה פון חסידות. אָבער אויך דאָ איז פאַראַן עפּעס וואָס מען קאָן אָנרופן אַ פּאָלקסטימלעכער צוגאַנג.

חסידות האָט קיין מאָל נישט אָפּגעטיילט גאָט פון דער וועלט, נאָר האָט געלערנט, אַז גאָט געפינט זיך אומעטום, אַז עס געפינט זיך נישט קיין אָרט, וואָס זאָל זיין ליידיק פון גאָט (לית אתר פנוי מיניה). אין יעדער זאַך זענען פאַראַן הייליקע פונקען, ניצוצין הקדושים, וואָס מען דאַרף זיי אַרויס־

ציען און זיי דערהויבן צום ערשטן שורש. „פדיון שבויים", דאָס אויסלייזן די הייליקע פונקען פון דער „קליפה", איז די עבודה פון מענטשן. דער מענטש איז דעריבער אַ שותף צו מעשה־בראשית, צו דעם גאַנצן וועלט־באַשאַף.

מנשה אונגערס „פשיסכע און קאָצק" איז אַ חסידיש־למדנישע מאָנאָ־גראַפיע וועגן די באַרימטע רביאישע שיטות מיט העכער הונדערט יאָר צוריק. הגם דאָס ספר איז אָנגעפיקעוועט מיט חסידישע תורות און מאַמרים, און פאַרמאָגט אַ שפע געדאַנקען וועגן תוך און מהות פון חסידות, דאַרף פאַלן די געדאַנקען דעם לייענער נישט ווי אַ משא, נאָר גיכער ווי אַ גייסטיקער אָפּרו אין דער אומרואיקער צייט אין וועלכער מיר לעבן. דער מחבר לעבט פאַר אונדז אויף דאָס קאַפּיטל יידישע געשיכטע, וואָס האָט אַריינגעבראַכט גרויסע טיילן פון אונדזער פאָלק פון אַ פאַרגליווערטן, סטאַטישן צושטאַנד אין אַ דינאַמיש־אויפּברויזנדיקן מצב און גייסטיקער אויפלעבונג.

אין זיין „חסידישע וועלט" האָט מנשה אונגער געבראַכט אויספירלעכע מאָנאָגראַפיעס וועגן זעקס וויכטיקסטע חסידישע רביים־ פערזענלעכקייטן און צווישן זיי די מאָנאָגראַפיעס פון דעם „חוזה" פון לובלין, דעם רבין ר' מענדעלע פון רימענאָוו און דעם קאָזשעניצער מגיד, ר' ישראל האָפּשטיין, וועלכע ווערן אָנגערופן „די דריי אבות", וואָס האָבן פאַרשפרייט חסידות אין פוילן און גאַליציע. די אַנדערע דריי זענען דער רבי ר' אלימלך ליזשענסקער, דער ראָפּשיצער רבי און דער רבי ר' הערשעלע פון זידיטשויעוו. דער מחבר האָט זיך באַנוצט אין זיין ספר „די חסידישע וועלט" מיט דער גאַנצער חסידישער ליטעראַטור, וואָס עס איז נאָר פאַראַן. חוץ דעם האָט ער אויסגע־נוצט, ווי ער שרייבט אין דער הקדמה, די תורה שבעל־פה, די כלערליי מעשיות און ווערטלעך, וואָס ער האָט געהערט אין הויף פון זיינע עלטערן, וואָס האָבן געשטאַמט, ווי מיר האָבן פריער דערמאָנט, פון באַרימטע רביים.

ער באַהאַנדלט די תקופה פון די אָנגעזעענע רביים, דער עיקר, פון אַ סאָציאַל־עטישן שטאַנדפּונקט. די מאָנאָגראַפיע פון יעדן פון די רביאישע מנהיגים איז פול מיט אָן אַ שיעור וווּנדערלעך־שיינע עטישע מעשיות, חסידישע תורות, לעגענדעס, תורה־ווערטלעך און פשטלעך. דאָך שיילט זיך אַרויס יעדער איינער ווי אַן אינדיווידועלע, באַזונדערע פערזענלעכקייט מיט אייגענעם דרך אין חסידות. דער לייענער באַקענט זיך מיט די מדרגות פון יעדן רבין, מיט זיין נתגלה ווערן און זכיה צו ווערן אַ רבי.

מנשה אונגערס לעבנס־ווערק איז זיין „ר׳ ישראל בעל־שם־טוב" — וועגן דעם באַשאַפער און גרינדער פון חסידות. דאָס איז, בלי שום ספק, לעת־עתה דאָס פונדאַמענטאַלסטע ווערק אויף יידיש וועגן דעם בעש״ט. דער מחבר גיט אָן הונדערט און אַכציק ספרים אויף וועלכע ער האָט זיך סומך געווען ביים אַרבעטן אויף זיין ספר בעש״ט.

דאָס ווערק, פון 414 זייטן, אין גרויסן פאָרמאַט, איז איינגעטיילט אין פיר הויפּט־אָפּטיילונגען. כידוע, זענען פאַראַן בלויז מאָגערע ידיעות וועגן דעם בעל־שם־טוב. דער עיקר פון בעש״טס לעבן און מעשים געפינט זיך אין דער לעגענדע און אין דער מסורה; און דאָך האָט מנשה אונגער באַוויזן תיכף אין די ערשטע קאַפּיטלעך צו רעסטאַווּרירן דאָס לעבן, שאַפן און די סביבה אין וועלכער בעש״ט האָט געלעבט, אַזוי, אַז דער לייענער זעט פאַר זיך די געשטאַלט פון בעש״ט, הגם זי איז איינגעהילט אין לויטער לעגענדע. אין דעם אייגענעם קאַפּיטל איז אויך פאַראַן דאָס נתגלה ווערן, זיין עליית־הנשמה און די פּטירה פון בעש״ט.

אַוודאי האָט מנשה אונגער כסדר געדאַרפט אָנקומען צו דער לעגענדע אָדער מעשה, און ער האָט נישט געקאַרגט און אַריינגענומען אפשר אויך אַזעלכע מעשיות וועגן בעש״ט, וואָס מען האָט זיי געקענט דורכלאָזן, הגם ער ווייסט אויסגעצייכנט־גוט דעם סוד פון עלימינירן.

אָט איז אַ מעשה, וואָס מנשה אונגער האָט אַריינגעפלאָכטן אין דעם נתגלה ווערן פון בעל־שם־טוב — אַ מעשה אין וועלכער עס איז פאַרבאָרגן אַ טיף־עטישער מאָטיוו. די מעשה איז פון דעם העברעאישן קלאַסיקער, ש. י. עגנון.

איין מאָל האָט דער בעל־שם־טוב געזאָגט צו זיינע תלמידים, אַז זיי זאָלן פאָרן אויף אַ באַשטימט אָרט און זיך באַמיען מקבל־פּנים צו זיין אַ מענטש, וואָס איז אַ גרויסער צדיק, איינער פון די ל״ו צדיקים פון דור. האָבן זיי געדונגען אַ וואָגן און געפאָרן אין שטאָט פון דעם דאָזיקן צדיק.

זיי האָבן געפרעגט די שטאָט־מענטשן ווו האַלט זיך אויף דער צדיק, האָט מען זיי געענטפערט, אַז זיי ווייסן נישט פון אַזאַ צדיק. האָבן דעם בעל־שם־טובס תלמידים געזאָגט: מסתמא איז ער יאָ דאָ הי, נאָר ער באַהאַלט זיך און פאַרהוילט זיינע גוטע מעשים פאַר די מענטשן, און מ׳דאַרף האָבן גרויס השתדלות, כדי אים אויסצוגעפינען.

און ווען זיי האָבן אים געפונען, האָבן זיי געזען, אַז ער איז אַן איש

קדוש, אַזוי ווי זייער רבי האָט זיי געזאָגט, נאָר ער איז אַ באַהאַלטענער, ווי ס'איז דער סדר פון די נסתרים.

זיי האָבן זיך צו אים דערנענטערט און האָבן זיך געפרייט, וואָס זיי האָבן זוכה געווען צו זיצן אין זיין מחיצה, ביז ס'האָט זיך אויסגעלאָזט דאָס גאַנצע געלט און זיי זענען געצוווּנגען געווען צוריקצופאָרן אַהיים. זיי האָבן זיך געזעגנט מיט אים און זענען צוריקגעפאָרן אין זייער שטאָט און אין זייער בית־המדרש אַריין.

איז דער בעל־שם־טוב אַריינגעקומען אין בית־המדרש און ער האָט זיי געפרעגט: „איר האָט אים געזען?" האָבן זיי געענטפערט: „רבי, מיר האָבן אים געזען". „און וואָס האָט איר אין אים געזען?" האָבן זיי געזאָגט: „אַלע מעלות טובות, וואָס מיר געפינען אין דיר, רבי, האָבן מיר געפונען אין אים, נאָר ער באַהאַלט זיינע מעשים און די מענטשן קענען אים נישט".

האָט דער בעל־שם־טוב צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ און געזאָגט: „עס איז אמת, אַלץ וואָס איז פאַראַן אין מיר איז פאַראַן אין אים, וואָרעם ער איז דאָך אין די זעלבע יאָרן וואָס איך, און מיר האָבן דעם זעלבן מזל, און איין מצווה האָבן מיר אויף זיך גענומען איידער מיר זענען געבוירן געוואָרן.

וואָס פאַראַ מצווה איז דאָס? ווען עס איז געקומען די צייט, מיר זאָלן אַראָפּנידערן אויף דער שפלדיקער וועלט, האָבן מיר איבערגעחזרט אַלע מצוות, און מיר האָבן אויסגעפונען, אַז עס איז פאַראַן איין מצווה, וואָס אַפילו אַ קינד אין דער מוטערס בויך קאָן זי מקיים זיין, דאָס איז די מצווה פון כיבוד־אם. האָבן מיר אויף זיך גענומען, אַז כל־זמן מיר וועלן זיין אין דער מאַמעס בויך, וועלן מיר זי נישט מצער זיין. מיר וועלן זיך נישט וואַרפן אין איר בויך, מיר וועלן זיך נישט טרייסלען, כדי מיר זאָלן איר נישט גורם זיין קיין צער פון טראָגן; און דער אייבערשטער איז געווען צו אונדזער הילף, וואָס די אַלע טעג וואָס מיר זענען געלעגן אין מאַמעס בויך, איז יעדער איינער פון אונדז געלעגן שטיל און רואיק; מיר האָבן זיך נישט געוואָרפן און נישט געטרייסלט, מיר האָבן נישט גורם געווען קיין צער צו דער מוטער, אַזוי איז געווען אַלע ניין חדשים פון טראָגן".

ש. עגנון פלעכט אַריין נאָך אַ מאָמענט, וואָס עס מיינט נישט מצער זיין זי מוטער, און ער פאַרענדיקט:

„און ווייל ער האָט נישט מצער געווען זיין מוטער, נישט אין אירע אויגן און נישט הינטער אירע אויגן, האָט ער זוכה געווען צו ווערן אַ צדיק נסתר. און דער וואָס האָט גורם געווען יסורים זיין מוטער הינטער אירע אויגן, איז אַרויס דער פסק־דין, אַז ער זאָל מפורסם ווערן אויף דער וועלט. דער בעל־שם־טוב האָט דאָס פאַרשאַפט זיין מאמע יסורים הינטער די אויגן: נאָר כל־זמן די מאַמע איז געווען אין שטוב, בין איך געלעגן אין וויגל און האָב נישט אויפגעהויבן מיין קול, אָבער ווי נאָר זי איז אַרויס פון הויז און איז געגאַנגען אין מאַרק אַריין, צי אין שול אַריין, באַלד האָב איך אָנגעהויבן צו שרייען און וויינען, און ווי נאָר זי איז צוריקגעקומען בין איך צוריק שטיל געוואָרן״.

די פראַגע איז נאָר, וואָס איז אַ העכערע מדרגה: אַ צדיק נסתר, וואָס בלויז דער אייבערשטער ווייסט פון זיין צדקות, אָדער איינער וואָס איז מפורסם אויף דער וועלט? משמעות, אַז דער בעל־שם־טוב האָט געהאַלטן, אַז אַ צדיק נסתר איז אַ העכערע מדרגה (די דאָזיקע מעשה איז אַרויסגענומען פון ש. י. עגנונס „האש והעצים״).

אין צווייטן טייל פון מנשה אונגערס ווערק „ר׳ ישראל בעל־שם־טוב״ ווערן געבראַכט די ערשטע ספרים מיני תורות, מעשיות און משלים פון בעש״ט, לדוגמא: „כתר שם טוב״, „צוואת הריב״ש״, „שבחי הבע״שט״ און אַ ריי אַנדערע ספרים פון די תלמידים און תלמידי־תלמידים פון בעש״ט. באַזונדערס שטעלט זיך דער מחבר אָפּ אויף דעם „שבחי הבעש״ט״, וואָס איז דער עיקר־ספר וועגן לעבן פון בעש״ט, אויך אויף די יידישע ווערטער, וואָס עס זענען פאַראַן אין דער ערשטער לשון־קודשדיקער אויסגאַבע פון דעם דאָזיקן ספר.

אָט זענען עטלעכע יידישע ווערטער, וואָס געפינען זיך אין דעם ספר: אינטערשטיבל — והמגיד היה דר בבית קטן... הנקרא אונטערשטיבל; אַלמער — ועמדתי אצל הבימה שקורין אַלמער; אַרענדאַר — ובא הבעש״ט אל הכפר, וכשאמרו בבית הארענדר שבא הבעש״ט; באַהעלפער — וישכור א״ע (=את עצמו) להיות בהעלפר; בעל־טאַקסע — והיה מעשה שקצב אחד נשאר ב״ח (=בעל חוב) לבעל הטאַקשע.

מנשה אונגער ברענגט אַ רשימה פון 107 זאַצן אָדער פראַזעס פון „שבחי הבעש״ט״ מיט יידישע ווערטער. די דאָזיקע ווערטער האָבן אַ פילאָלאָגישן ווערט פאַר דער פאָרשונג פון יידיש.

דער דריטער טייל נעמט אַריין די שיטה פון בעש״ט. ווי באַקאַנט האָט דער בעש״ט אַליין נישט איבערגעלאָזט קיין שום ספר. עס זענען בלויז פאַרשריבן געוואָרן פאַרשידענע תורות, מאמרים דורך זיינע תלמידים און תלמידי־תלמידים. מנשה אונגער האָט בלויז מסדר געווען די שיטה פון בעש״ט לויט פאַרשידענע ענינים. באַזונדערס אינטערעסאַנט איז זיין אויס־טייטשונג וועגן די באַגריפן צדיק און חסידות, אהבת־ישראל, עצבות און שמחה, עניוות און גאווה, וכדומה. אין דער אָפּטיילונג געפינען זיך אַ סך הערות, דער מקור פון וועלכע ספרים די ציטאַטן זענען גענומען. דאָס צו טאָן האָט זיך קודם־כל געפאָדערט פאַרשטענדעניש און ידיעות, און דער עיקר ליבע צו חסידות.

אין דער לעצטער אָפּטיילונג זענען אָנגעגעבן די הויפּט־שינויים, וואָס דעם בעש״טס שיטה האָט אַריינגעבראַכט אין יידישן לעבן, ווי דאָס ענדערן דעם נוסח־התפילה, דאָס טראָגן אַ גאַרטל, ווייסע קאַפּאָטעס, אַ שטריימל, וועגן געבן דעם רבין אַ קוויטל און אַ סך אַנדערע מנהגים. דער מחבר רעדט ברייט אַרום די השפעה פון בעש״ט אויף דער יידיש־העברעאישער ליטעראַטור, הן אין דער פּראָזע, דראַמע און הן אין דער פּאָעזיע. אין בוך געפינען זיך אויך פאַקסימיליעס, פאָטאָגראַפיעס פון כתב־ידן און בילדער. עס איז אויך פאַראַן אַ היפּשע צאָל נאָטן צום בעש״טס ניגונים.

צום סוף לאָמיר ברענגען לפּחות עטלעכע תורות פון בעל־שם־טוב:

דער עיקר פון יעדער זאַך, איז די מחשבה — האָט דער בעש״ט גע־זאָגט. — ווען מען זעט אַ כלי, איז דאָך די כלי אַ שטיק חומר, נאָר אַ דאַנק דער מחשבה פון מייסטער איז זי געוואָרן אַזאַ באַשטימטע כלי; קומט במילא אויס, אַז דאָס אויסזען פון דער כלי איז אָפּהענגיק פון דעם געדאַנק פון קינסטלער — סוף מעשה במחשבה תחילה — צום סוף איז געווען די מעשה, אָבער פריער איז געווען די מחשבה.

און עס ווערט דערציילט, אַז דער בעש״ט האָט געקענט דערקענען אין אַ כלי נישט בלויז ווער עס האָט זי געמאַכט, נאָר אויך וואָס פאַר אַ מחשבות דער קינסטלער האָט געהאַט, בעת ער האָט געמאַכט די כלי.

דער געדאַנק, אַז „כוח הפּועל בנפעל״, אַז דער כוח פון מייסטער גע־פינט זיך אין זיין ווערק, ווערט אויך געבראַכט אין נאָמען פון בעש״ט. און נישט בלויז אין אַ כלי האָט דער בעש״ט געקאָנט דערקענען די געדאַנקען

פון מייסטער, נאָר אויך ווען ער האָט געהערט עמעצן שפּילן, האָט ער דערקענט אין די טענער פון פידל, וואָס דער שפּילער טראַכט בעתן שפּילן.

מחשבות זענען, לויט חסידות, פאַרבונדן מיט כוונה. דער מענטש דאַרף האָבן ריינע מחשבות און ערלעכע כוונות. אויב דער מענטש האָט נישט קיין ריינע כוונות, פועלן גאָרנישט אַלע זיינע מעשים טובים.

דער בעל־שם־טוב טייטשט, אַז דע מה למעלה ממך, מיינט: דע — זיי וויסן, אַז מה למעלה — אַז אַלצדינג, וואָס איז איבער דיר, איז ממך — פון דיר אַליין. וואָרעם צווישן גאָט און מענטש איז גאָרנישט פאַראַן קיין מחיצה. צוליב דעם איז דער בעל־שם־טוב געקומען צו אַ צווייטער מסקנא: גאָט איז טייל מאָל גאָר אָפּהענגיק פון דעם מענטשן און ער האָט גע־טייטשט: ד׳ צלך — גאָט איז דיין שאָטן, פונקט ווי דער שאָטן טוט אַלצ־דינג וואָס דער מענטש טוט, אַזוי טוט גאָט אַלצדינג וואָס דער מענטש טוט. אָבער גאָט איז דער שאָטן נאָר פון די מענטשן, וואָס זענען באַהאָפטן צו אים און זיי ווערן אָנגערופן צדיקים. און דער חסיד, וואָס קען אַליין נישט קומען צו דער מדרגה פון צדיק, דאַרף גלייבן אין אים.

לאָמיר צום סוף דערמאָנען, אַז אין די לעצטע יאָרן האָט מנשה אונגער איף זיך גענומען אַ מין שליחות: זינט אונדזער דריטן חורבן, שטעלט ער צונויף די ביאָגראַפיעס און מעשים פון די רביים און רבנים, וואָס זענען אומגעקומען על קידוש־השם.

1964

## ד״ר עזריאל נאַקס וועגן ראַביי אייזיק מאיר ווייז

### א

ד״ר עזריאל נאַקס איז צווישן די געציילטע פילאָזאָפיש־געשולטע שריי־בערס און לעקטאָרן, וואָס זענען טעטיק אין אונדזער סביבה. און צווישן די געציילטע איז ער איינער פון די קאָמפּעטענטסטע, אויך אַ דאַנק זיין אַקאַדעמיש־פילאָזאָפישער בילדונג. שוין יאָרנלאַנג ווי ער איז פּראָפעסאָר פון פילאָזאָפיע אויפן ניו־יאָרקער אוניווערסיטעט.

זיין דאָקטאָר־דיסערטאַציע וועגן „קאַנט, העגעל און שאָפּענהויער", וואָס דער קאָלומביע־אוניווערסיטעט האָט אַרויסגעגעבן, האָט אים געשאַפן אַ שוב האָרט אָרט אין דער אַמעריקאַנער פילאָזאָפישער וועלט.

ד"ר עזריאל נאַקס באַטייליקט זיך אָפט אין דעם אַמעריקאַנער פילאָזאָפישן זשורנאַל — „דזשוירנאַל אָף פילאָסאָפי", ער פאַרעפנטלעכט דאָרטן דער עיקר קאַפּיטלעך פון זיין ווערק „די פילאָזאָפיע פון הומאָר" ער איז אָבער טעטיק און שעפעריש ווי אַ לעקטאָר און עסייאיסט אין דער יידישער און אַנגלאָ־יידישער סביבה.

שוין יאָרנלאַנג ווי ד"ר עזריאל נאַקס פירט אָן אַ קאָלום אין דער ענגלישער אויסגאַבע פון אַרבעטער־רינג „דהי קאָל", אונטערן קעפּל — „אין דער יידישער וועלט". ער רעאַגירט דאָרטן אויף אַ סך וויכטיקע פּראָבלעמען און דערשיינונגען אין יידישן לעבן.

די עסייען, וואָס ד"ר עזריאל נאַקס פאַרעפנטלעכט דער עיקר אין „צוקונפט" און „קאָמענטאַרי" זענען תמיד עפּעס מחדש, עפּעס מתקן. אין אַלצדינג, וואָס ד"ר ע. נאַקס שרייבט, פילט זיך אָן עטיש־הומאַניסטישער צוגאַנג. זיינע עסייען זענען געשריבן מיט קענטעניש, ערודיציע און גרויס באַהאַוונטקייט אין דער וועלט־קולטור; זיין שטרעבן איז אָבער שוין יאָרנלאַנג צוצוקומען צום יידישן שורש און ער שעפּט אינספּיראַציע נאָך וועלט־גאולה, נאָך מלכות שמים, אין דער וויזיע פון אונדזערע נביאים, הגם ד"ר ע. נאַקס קען אַזוי גרינטלעך די אידעען־וועלט און די סאָציאַלע דענקער פון 19טן יאָרהונדערט.

ב

אין פאַרלאַג „ליטל בראַון און קאָמפּ", וואָס גיט זיך אָפּ מיט אַרויסגעבן היסטאָרישע ביאָגראַפיעס פון גרויסע אַמעריקאַנער פּערזענלעכקייטן, איז נאָר וואָס דערשינען דאָס בוך פון ד"ר עזריאל נאַקס וועגן ראַביי אייזיק מאיר וויז.

דאָס דאָזיקע בוך איז די ערשטע אַלץ־אַרומנעמענדיקע ביאָגראַפיע פון דעם גרינדער פון דער רעפאָרם־באַוועגונג אין אַמעריקע.

אַ קורצע ביאָגראַפיע איז דערשינען וועגן ראַביי אייזיק מאיר וויז אין 1916 פון זיין אייניקל מאַקס ב. מעי. דאָס אייניקל שרייבט אין דער הקדמה, אַז ער גיט בלויז איבער דאָס לעבן פון זיידן, אָבער ער פילט זיך נישט

בכוח צו שרייבן וועגן דער טעאָלאָגיע, פילאָזאָפיע און אידעען־וועלט פון זיין גרויסן זיידן.

עס זענען אויך פאַראַן אַ צאָל פראַגמענטן וועגן ראַביי וויז, ווי למשל: פון דייוויד פיליפּסאָן און לואי גראָסמאַן, יעקב ב. מאַרקוס וועגן דער אַמעריקאַניזאַציע פון א. מ. וויז, לעאָ פראַנקלינס — דער ראַביי און זיין שליחות, און עטלעכע אַנדערע אַרבעטן.

ד״ר עזריאל נאַקס׳ ווערק וועגן אייזיק מאיר וויז וועט וועקן גרויס אינטערעס, מחמת דעם וואָס דאָס איז נישט בלויז אַ ביאָגראַפיע, נאָר אויך אַ היסטאָריש־פילאָזאָפישער אַנאַליז פון גאַנצן געדאַנקען־גאַנג, אידעאישן געראַנגל און היסטאָרישן איינשטעל פון אייזיק מאיר וויז און די ערשטע רעפאָרמער אין דייטשלאַנד, ווי: אברהם גייגער, שמואל אַדלער, דוד איינהאָרן און זכריה פרענקל „וואָס איז געוואָרן דער פירשפּרעכער פון פּאָזיטיווער היסטאָרישער יידישקייט מיט אַ שטאַרקער נטיה צו יידישער טראַדיציע“ (זייט 13).

בעת מען לייענט ד״ר ע. נאַקס׳ בוך וועגן אייזיק מאיר וויז, מוז מען מקנא זיין די רעפאָרמער, וואָס וועלן איצטער האָבן אַ קלאָרע פילאָזאָפיע וועגן זייער שיטה אין יידנטום.

ד״ר ע. נאַקס האָט זיך נישט בלויז פאַרטיפט אין וויזס פּערזענלעכקייט און לעבן, נאָר ער האָט אויך גוט מסביר געווען זיינע אַני־מאמינס וועגן יידנטום. אין אַ סך ערטער האָט ער נישט נאָר אַריינגעבראַכט קלאָרקייט אין ראַביי וויזס קאָנצעפּציעס, נאָר ער האָט זיי געגעבן אַ גייסטיק פּנים, תוכן און טייל מאָל אויך וויזיע.

נישט ווילנדיק טראַכט מען: ווען אַ יידישער געזעלשאַפטלעכער פאַרלאַג וואָלט באַשטעלט ביי ד״ר ע. נאַקס אַ ווערק וועגן ד״ר חיים זשיטלאָווסקי, אַ היסטאָריש־פילאָזאָפישע ביאָגראַפיע, ענלעך צו דער, וואָס דער פאַרלאַג „ליטל בראון עט קאָמפּאַני“ האָט באַשטעלט ביי אים וועגן אייזיק מאיר וויז, וואָס פאַר אַ וויכטיק ווערק די יידישע ליטעראַטור וואָלט דעמאָלט צוגעקראָגן!

סוף כל סוף געהערט דאָך עזריאל נאַקס צו דער אייגענער סביבה, פון וועלכער ד״ר חיים זשיטלאָווסקי איז געווען דער אינטעלעקטועלסטער פאָרשטייער. אגב, האָט ד״ר חיים זשיטלאָווסקי, אין זיין גלאַנץ־פּעריאָד, איידער ער האָט אויף אַזאַ אומפאַרשטענדלעכן אופן און אין סתירה צו זיין

גאַנצער אויפפאַסונג וועגן מענטשלעכער פרייהייט, פאַרבלאָנדזשעט אין די רייען פון די לינקע, באַטראַכט ד״ר עזריאל נאַקסן פאַר זיין פילאָזאָפישן יורש.

אויב ד״ר עזריאל נאַקס האָט זיך אין משך פון עטלעכע יאָר פאַרטיפט אין אייזיק מאיר ווייזס פערזענלעכקייט און ווערק, איז עס דערפאַר, וואָס ראַביי ווייז האָט זיך זיין גאַנץ לעבן באַשעפטיקט מיט דער יידישער מחשבה.

אויך די יידישע רעפאָרם־וועלט — ווי זי האָט זיך געשטאַלטיקט ביי ראַביי ווייז, און ווי אַזוי ד״ר ע. נאַקס ברענגט זי אַרויס — האָט אַ נאָענטע שייכות מיט יידן, וואָס באַטראַכטן יידנטום ווי אַ גייסטיק פאָלק, כאָטש די רעפאָרמער האָבן זיך מערסטנס באַטראַכט ווי קינדער פון דעם לאַנד, וווּ זיי וווינען און יידנטום ווי אַן אמונה מיט אַ משיחישער מיסיע.

ג

אייזיק מאיר ווייז איז געקומען קיין אַמעריקע דעם 23סטן יולי 1846, ער איז אַלט געווען 27 יאָר; און געקומען איז ער קיין אַמעריקע נישט בלויז מיט אַ דיפלאָם און סמיכה פון אַ ראַביי, נאָר אויך מיט עטלעכע יאָר דערפאַרונג ווי אַ יונגער מנהיג אין קהילות אין בעמען, וווּ ער איז געבוירן געוואָרן.

דער יונגער ראַביי איז זיך שוין דעמאָלט געווען גאַנץ באַוווסטזיניק וועגן זיין שליחות אין דער נייער וועלט.

ד״ר ע. נאַקס גיט אונדז אַ קלאָר בילד וועגן דער סביבה פון דעם יונגן ווייז, וועגן זיינע ערשטע פאָרמאַטיווע יאָרן, וועגן זיין געבורטסאָרט, בעמען, וואָס איז געווען אַ טייל פון דער עסטרייכיש־אונגאַרישער מלוכה, וועגן דער לעגענדאַרער שטאָט פראָג, וווּ ראַביי ווייז האָט געלערנט אין אַ ישיבה סיי תלמוד, סיי וועלטלעכע לימודים. דעם איינפלוס, וואָס זיין ערשטער רבי, אהרן קאָרנפעלד, האָט געהאַט אויף אים, און דערנאָך די דענקער גבריאל ריסער און שמואל הירש, דער מחבר פון „די רעליגיאָנס־פילאָזאָפיע פון יידנטום״. און צום סוף די רעפאָרם־קאָנפערענץ, וואָס איז פאָרגעקומען אין פראַנקפורט, אַ יאָר איידער ראַביי ווייז איז געקומען קיין אַמעריקע, ד. ה. אין יאָר 1845. דער הויכפּונקט פון סדר־היום פון יענער קאָנפערענץ איז געווען ווי אַזוי פונדאַמענטאַל איבערצושאַצן יידישקייט, כדי זי צוצופּאַסן

צום טאָג־טעגלעכן לעבן. די טאָנגעבער זענען געווען די פריער דערמאָנטע פּירנדיקע דענקער פון רעפאָרם־יידנטום אין מערב־אייראָפּע.

דער יונגער וויז איז געווען מער ווי בלויז אַ פּאַסיווער צוהערער אויף יענער היסטאָרישער קאָנפערענץ.

ראַביי וויז האָט געשטאַמט פון רבנים, לערער, דאָקטוירים. אגב, אייזיק מאיר וויזס עלטער־זיידע איז געווען אַ דאָקטער און מען האָט אים גערופן ר' לייב חכם, און די משפחה האָט דערנאָך גערמאַניזירט דעם נאָמען אויף וויז, וואָס מיינט חכם.

דער לייענער ווערט שטאַרק פאַראינטערעסירט אין דעם לעבן פון ראַביי וויז, אין די ליבעראַלע און ראַדיקאַלע רעליגיעזע שטרעמונגען פון יענער צייט סיי אין אייראָפּע און סיי אין אַמעריקע און אין דעם גייסטיקן וווּקס פון ראַביי וויז. דאָס איז מחמת דעם, וואָס די שילדערונגען פון ד"ר עזריאל נאַקס ווערן איבערגעגעבן אמת, טאַקע תוכיק, אָבער צום טייל אויך אויף אַ בעלעטריסטישן אופן, אַזוי, אַז אַפילו די פילאָזאָפישע געדאַנקען פאַלן נישט ווי אַ משא אויף דעם לייענער. ד"ר ע. נאַקס דערציילט ווי ראַביי וויזס טעטיקייט ווי אַ רעליגיעזער רעפאָרמאַטאָר האָט זיך ערשט אָנגעהויבן אין אַמעריקע. גאַנצע 54 יאָר איז ער געווען טעטיק אין אַמעריקאַנער גייסטיקן יידישן לעבן. אָבער ערשט ווען ער איז געוואָרן ראַביי אין סינסינעטי (ביז 1854 איז ער געווען ראַביי אין אָלבאַני), האָט זיך זיין ברויזנדיקער גייסט צעוואקסן. ער איז גיך געוואָרן דער מנהיג פון דער גאַנצער געמיינדע אין סינסינעטי, און זיין איינפלוס האָט זיך אָנגעהויבן פילן אין אַלע קהילות פון אַמעריקע ווו יידן האָבן געלעבט.

דאָ, אין סינסינעטי, האָט ער געגרינדעט קורסן פאַר יוגנטלעכע, אַרויסגעגעבן צייטשריפטן, אָנגעפירט לײדנשאַפטלעכע וויכוחים מיט די אָרטאָדאָקסישע מנהיגים פון יידנטום, גערופן קאָנגרעסן און קאָנפערענצן פון די רעפאָרם־פאָרשטייער, געגרינדעט רעפאָרם־געמיינדעס איבער אַמעריקע, אַרויסגעגעבן ווערק, ווו ער האָט געפּריידיקט דעם רעפאָרם־דרך אין יידנטום. ד"ר עזריאל נאַקס שילדערט ווייטער, ווי ראַביי אייזיק מאיר וויז איז געווען איבערצייגט, אַז נאָר דאָס רעפאָרם־יידנטום וועט קענען געדייען אין אַמעריקע און אויך צוציען די יידישע יוגנט צו דער יידישער געמיינדע.

ד"ר עזריאל נאַקס שטעלט זיך שטאַרק אָפּ אויף ראַביי אייזיק מאיר וויזס קרוינווערק — דעם „היברו יוניאָן קאַלעדזש", דאָס איז געווען דער

ערשטער יידישער סעמינאַר אין אַמעריקע; אָט די ערשטע יידישע אינ־סטיטוציע פאַר העכערע יידישע לימודים איז געגרינדעט געוואָרן אין 1874. מיט אַ יאָר שפּעטער האָט דאָס קאָנסערוואַטיווע יידנטום געגרינדעט דעם יידישן טעאָלאָגישן סעמינאַר, און אין 1886 האָבן די פרומע יידן געעפנט ישיבת יצחק אלחנן.

דיביידע יידישע לערן־אינסטיטוציעס האָבן זיך אין אַ גרויסער מאָס געעפנט אַ דאַנק דעם „היברו יוניאָן קאַלעדזש", משמעות, אַז דאָ האָט געגאָלטן: קנאת סופרים תרבה חכמה.

ראַביי אייזיק מאיר ווייז איז געווען דער פּרעזידענט פון „היברו יוניאָן קאַלעדזש" פון זיין גרינדונג ביז דעם יאָר 1900, ווען ער האָט אויסגע־הויכט זיין נשמה.

ווען ראַביי ווייז האָט געקעמפט פאַר רעפאָרמען אין יידנטום, איז עס קודם־כל געווען דערפאַר, וואָס ער איז געווען אַ רעליגיעזער ייד. ער האָט געגלייבט אין השארת הנפש; אויב ער האָט נישט געגלייבט אין אַן איבערנאַטירלעכן משיח, האָט ער אָבער שטאַרק געגלייבט אין באחרית הימים און אין אחדות הבורא. ראַביי ווייז האָט די רעפאָרמען געזוכט צוצו־פּאַסן נישט בלויז פאַר יענעם, נאָר פאַר זיך אַליין, פאַר זיינע קינדער און קינדס־קינדער.

אויב ד"ר ע. נאַקס האָט געשריבן מיט באַציאונג און וואַרעם וועגן ראַביי ווייז, איז עס לויט מיין מיינונג אויך דערפאַר, וואָס נאַקס אַליין פאַר־מאָגט אין גאַר אַ גרויסער מאָס רעליגיעזיטעט.

מען קען דאָס בולט זען אין זיין בוך וועגן ראַביי ווייז און אין אַלע עסייען, וווּ ער רעדט וועגן די אייביקע מענטשלעכע פּראָבלעמען, ווי לדוגמא: גאָט, אוניווערס, טויט, לעבן, אומשטערבלעכקייט פון דער נשמה. ער האָט התקרבות מיט ראַביי ווייזס קאָנצעפּציעס וועגן פילאָזאָפיע, טעאָ־לאָגיע, השארת הנפש, התגלות און אויך וועגן הלכה.

ד"ר עזריאל נאַקס' „רעפאָרם" איז נאָך כולל יידן ווי אַן אויסדער־וויילט פאָלק מיט אַ שליחות, יידישע טראַדיציע (אויך ווייז האָט נישט אָפּ־געוואָרפן טראַדיציע), יידיש און לשון־קודש און די יידישע קולטור אויף ביידע לשונות און אַנדערע פאָלקישע מעשים טובים.

ראַביי ווייז האָט אָבער געלעבט ביז זיין 27סטן לעבנסיאָר אין מערב־אייראָפּע און אַלע זיינע יאָרן אין אַמעריקע האָט ער פאַרבראַכט אין אַן

ענלעכער סביבה, בעת ד״ר ע. נאַקס, הגם ער איז געקומען קיין אַמעריקע אין עלטער פון 7—8 יאָר, ציט ער אָבער זיין גייסטיקע יניקה פון דעם טיף־פאַרוואָרצלטן מזרח־אייראָפּעאישן יידנטום.

אויך ד״ר עזריאל נאַקס זוכט אַ וועג אין יידנטום פאַר זיך, זיינע קינדער (זיינע קינדער פשוטו כמשמעו) און קינדס־קינדער, נישט ווי ראַביי וויז האָט בשעתו פאָרמולירט, זיי זאָלן זיין אמתע אַמעריקאַנער, נישט אַרויס־רייסנדיק זיי פון דער אוניווערסאַלער יידישער קאָנגרעגאַציע, נאָר זיי זאָלן זיין נאַציאָנאַל־באַוווסטזיניקע יידן, נישט אַרויסרייסנדיק זיי פון אַלגע־מיינעם אַמעריקאַנער לעבן.

אין איינעם פון די לעצטע קאַפּיטלעך פון דעם בוך וועגן ראַביי וויז שרייבט ד״ר ע. נאַקס, אַז דאָס אַמעריקאַנער יידנטום וועט ווייטער זיין פּלוראַליסטיש; און ווען אייזיק מאיר וויז וואָלט איצטער געלעבט, וואָלט ער געווען צופרידן, וואָס נישט אַלע יידן זענען רעפאָרמער, נאָר געהערן צו פאַרשידענע יידישע קאָנגרעגאַציעס. הגם דאָס רעפאָרם־יידנטום וואָלט אים מסתמא געווען צום נאָענטסטן.

אויך מיר זענען צופרידן, וואָס דווקא איינער פון אונדזערע שענסטע יידיש־ריידנדיקע לעקטאָרן און שרייבער, איז דער מחבר פון דעם היס־טאָריש־פילאָזאָפישן ווערק וועגן דעם גרינדער פון רעפאָרם־יידנטום און רעפאָרם־באַוועגונג. געשריבן איז דאָס בוך אין אַ רייכן, זאַפטיקן ענגליש, און די צענדליקער יידישע אויסדרוקן, וואָס געפינען זיך דאָרטן גיבן צו יידישן קאָלאָריט און חן.

1958

## „ווינטמילן״ פון משה דלוזשנאָווסקי

משה דלוזשנאָווסקיס נאָוועלע „ווינטמילן״ * געהערט צו די ראָמאַנען פון „פערד און וואָגן־עפּאָכע״. די נאָוועלע איז אויך געשריבן, אין דער ברייט און אין דער טיף, לויטן מוסטער פון די באַרימטע ראָמאַניסטן פון פריערדיקן יאָרהונדערט.

---

* „ווינטמילן״, נאָוועלע, אַרויסגעגעבן פון פאַרלאַג „יידבוך״, אַרגענטינע, 1963.

דער גאַנצער פאַרנעם, אַפילו די גרייס (די נאָוועלע פאַרמאָגט 565 זייטן), דערמאָנט אין יענער תקופה, ווען מען האָט זיך געגרייט צו אַ נסיעה אַ לאַנגע צייט, און אַז מען איז שוין געזעסן אויפן וואָגן, האָט מען געהאַט גענוג צייט צו באַטראַכטן דעם בוים, מה נאה אילן זה, און צו באַוווּנדערן דאָס פעלד, דעם הימל און דעם גאַנצן אַרום.

מ. דלוזשנאָווסקי ווענדט אָן אין דער נאָוועלע „ווינטמילן" דעם מעטאָד, דער עיקר, פון די פראַנצויזישע שריפטשטעלערס

בעת ער באַקענט אונדז מיט די געשטאַלטן פון דער נאָוועלע, זענען זיי ס׳רוב אין די רייפע יאָרן, ערשט דערנאָך פירט אונדז דער מחבר צוריק צו זייער קינדהייט, יוגנט און סביבה.

אַנאַטאָל פראַנס האָט אַ מאָל געשריבן, אַז אין יעדן אמתן ווערק מוז זיך עפּעס געפינען פון דעם לעבן פון מחבר. ער איז געגאַנגען אַזוי ווייט און געזאָגט, אַז אַפילו אין יעדער דראַמע, קאָמעדיע און פּאָעטישער שפּיל פון שעקספּירן, געפינען זיך שטיקער פון זיינע אייגענע איבערלעבענישן, אַנדערש וואָלטן די ווערק נישט געווען גרויס־קינסטלעריש.

אויך מ. דלוזשנאָווסקי האָט אין אַ געוויסן פּרט, אין דעם ראָמאַן, שטיקער פון זיין אייגן נשמה־לעבן, אויב נישט קיין אייגנטלעכע איבער־לעבענישן. דאָס זענען יענע טיף־יידישע רייד וועגן אייביקן יידישן גורל, וואָס דער מחבר לייגט אַריין אין מויל פון אַ סך פון זיינע העלדן, באַ־זונדער אין מויל פון דעם וואַנדערער, רחמים מדברי, אַ מין ליכטיק אליהו הנביא־געשטאַלט און אין די מיילער פון די שליחים פון די מאַראָקאַנער יידן, וואָס לאָזן זיך אַרויס משתדל זיין, כדי אָפּצושטעלן דעם פּאָגראָם אויף די מעללאָס (געטאָס) פון סאַפי, קאַסאַבלאַנקאַ ביז פעז.

די האַנדלונג פון דער נאָוועלע קומט פאָר אין מאַראָקאָ אין די שטעט סאַפי, מאַגאַראַז, קאַסאַבלאַנקאַ, פּאַריז און צוריק אין סאַפי.

דער מחבר האָט פאַרבראַכט אין` יענע מקומות אַ סך יאָרן, זיך גוט צוגעקוקט צום לעבן, זיך באַקענט מיט דער געשיכטע פון די מאַראָקאַנער יידן, און אויך מיט זייערע אַראַבישע שכנים, מיט זייערע לעגענדעס, פאָל־קלאָר און לעבנשטייגער.

אַז מ. דלוזשנאָווסקי האָט אַ שאַרף אויג און די פעאיקייט קינסטלעריש צו באַלעבן דאָס, וואָס ער זעט, האָט ער אונדז שוין געוויזן אין אַ סך זיינע ווערק. אָבער זיין נאָוועלע „ווינטמילן", איז לויט מיין מיינונג, דאָס קינ־

כטלערישסטע און אינטערעסאַנטסטע ווערק, וואָס ער האָט ביז איצט גע־שאַפֿן.

משה דלוזשנאָווסקי רופֿט זיין נאָוועלע „ווינטמילן". די נאָוועלע האָט אָבער געדאַרפֿט הייסן, לויט מיין מיינונג, „איבן־עטר", און אויב דאָס איז צו שווער און פֿרעמד, איז לויט דער הויפּט־געשטאַלט פֿון ראָמאַן — ד״ר שמואל איבענאַטאַר.

דער יידיש־דענישער שרייבער פּנחס וועלנער האָט אָנגעשריבן אַ ראָמאַן „באַלוט", האָט דער דענישער פֿאַרלעגער אים אַ נאָמען געגעבן „די קאַלירפֿולע גאַס", ווייל ער האָט זיך געשראָקן, אַז דאָס פֿרעמדע וואָרט „באַלוט" קען אַ מאָל זיין אַן אָפּהאַלט ביים דענישן לייענער איינצו־שאַפֿן זיך דאָס בוך; איבן־עטר, אָדער ד״ר שמואל איבענאַטאַר, איז אַפֿילו פֿון שטאַנדפּונקט פֿון לייענער, מער רייצנדיק ווי „ווינטמילן". אָבער גענוג וועגן דעם.

משה דלוזשנאָווסקיס נאָוועלע איז צום טייל געבויט אויף אַ היסטאָרישן הינטערגרונט. די וויכטיקסטע און אינטערעסאַנטסטע געשטאַלט איז אַן אוראייניקל פֿון ר׳ חיים איבן־עטר, באַקאַנט ווי דער „אור החיים", וואָס האָט געלעבט אין זיבעצנטן יאָרהונדערט אין מאַראָקאָ, דערנאָך אין איטאַ־ליע און צום סוף אין דער שטאָט פֿון דער בעלי־מקובלים, אין צפֿת.

דאָקטער שמואל איבענאַטאַר, דאָס אוראייניקל פֿון „אור החיים", איז דער זון פֿון דעם רופֿא, אברהם איבענאַטאַר.

דער יידישער רופֿא האָט געהיילט קראַנקע און אויך געקעמפֿט קעגן דעם אַבערגלויבן פֿון די מאַראָקאַנער פֿון היילן קראַנקע דורך ניצן בלוט פֿון קעץ, פֿלעדערמייז, נעגל פֿון טויטע, אַש פֿון פֿאַרברענטע מייז, אָפּשפּרע־כונגען, אַלערליי קמיעות וכדומה.

אברהם דער רופֿא האָט זיך פֿרי געעלטערט, מחמת אַ קראַנקייט איז געווען אייגענעסטיקט אין זיינע אויגן און אויסגעלאָשן ביי אים אַ טראָפּן נאָך אַ טראָפּן ליכט. ער האָט געשטרעבט, אַז זיין געניאַלער זון, שמואל, זאָל אין פּאַריז לערנען חכמה און מעדיצין, און זיך אומקערן קיין סאַפֿי ווי אַ גרויסער דאָקטאָר און היילן די אָרעמע יידן אין דער מעללאַ און זייערע אַראַבישע שכנים.

„עס איז פֿינצטער געוואָרן ביי אונדז אין סאַפֿי מיט איבראַהימס

אַוועקגיין פון דער וועלט", האָבן די יידן און אַראַבער געזיפצט. זיי האָבן אָבער געוווסט, אַז דער רופא האָט איבערגעלאָזט נאָך זיך אַ יורש.

שמואל איבענאַטאַר איז אַלט געווען אַכצן יאָר ווען ער איז געקומען קיין פּאַריז שטודירן מעדיצין; ער איז אָבער נישט געקומען מיט „ליידיקע הענט", ער האָט פאַרמאָגט גוטע מידות, וואָס זיין פאָטער, דער רופא, האָט אין אים אייגעפלאַנצט, אַ שטאַרקן ווילן, אַ טיפן גלויבן אין גאָט, אין מענ־טשן און אין זיך אַליין.

דער מחבר האָט פאַר אונדז אַנטפּלעקט אַ נייע, אומבאַקאַנטע וועלט. דער ראָמאַן האָט אויך אַ באַזונדערן קולטור־היסטאָרישן ווערט.

מ. דלוזשנאָווסקי שילדערט נישט בלויז איינצלנע יידישע מאָמענטן פון אַ לאַנד, וואָס איז אונדז פרעמד, נאָר גרויסע שטיקער מאַראָקאַנער יידיש לעבן, אמת, טראַגיש לעבן אין די פינצטערע מעללאַס. אויך די סביבה, ווו זיין לעבן־ לייכט פאַר אונדז אויף.

דאָס איז, אויף וויפל מיר ווייסן, דאָס ערשטע מאָל, וואָס אין אַ יידי־שער נאָוועלע זאָל זיך אָפּשפּיגלען דאָס לעבן פון יידן און אַראַבער אין די טאָלן, בערג, פעלדזן, דערפער און שטעט פון מאַראָקאָ.

„ווינטמילן" האָט אין זיך אַלע אַטריבוטן, וואָס אַ גוטע נאָוועלע דאַרף פאַרמאָגן: זי איז שפּאַנענדיק און דער לייענער קען זיך פּשוט נישט אָפּרייסן פון איר. די כאַראַקטערן זענען ביז גאָר אייגנאַרטיק, זיי זענען אויסטערליש און עקזאָטיש. די „זינד" וואָס זיי באַגייען (עס איז דאָך אַ ראָמאַן, וואָס האָט אין זיך אַפילו אַ סך מעלאָדראַמאַטישקייט) איז זיי דער לייענער תיכף מוחל.

נישטאָ קיין לאַנגווייליקע אָדער שאַבלאָנע רייד אין דעם גאַנצן ראָמאַן. עס איז פאַראַן אַ כסדרדיק שטייגן און כסדרדיקע שפּאַנונג. און דאָך רייצט נישט דער שרייבער מיט אויפגעבלאָזענער עראָטיק, וואָס איז, ליידער, געוואָרן אַ מכת מדינה.

אָט ווי אַזוי דער מחבר שילדערט די העלדין פון זיין נאָוועלע מוסקאָ, די טאָכטער פון גאַמאַל סאַאיד, דעם אייגנטימער פון דער גרויסער ציגל־ברענעריי:

..."מוסקאַ האָט גערעדט אויסגעצייכנט אַראַביש און פראַנצויזיש. זי האָט געקענט יעדן פּסוק פון קאָראַן אויף אויסנווייניק. זי האָט געלייענט אַלטע אַראַבישע ספרים און אויך די לידער פון באַדלער און ווערלען; געגריבלט זיך אין דער אַלטער אַראַבישער פילאָזאָפיע, געוואָלט באַנע־

מען, וואָס עס איז דער מענטש, וואָס בלייבט נאָך אים, ווען דאָס לעבן ענ־דיקט זיך, וואָס ווערט מיט דער נשמה אין די אייביקייטן, זי האָט זיך אויך געקוויקט מיט מאָפּאַסאַנס דערציילונגען...״ (זייט 79).

און וועגן איר פֿאָטער דערציילט אונדז מ. דלוזשנאָווסקי:

„גאַמאַל סאַאיד האָט פֿאַרמאָגט אַ גרויסע ציגל־ברענעריי. די ציגל זענען געגאַנגען אויף בויען הייזער און די קאַליעס — באַמאָלענע, באַ־צירטע — זענען געגאַנגען אין די רייכע הייזער פֿון פּאַשאַס, אַראַבישע גוטבאַזיצערס, אין די פּאַלאַצן פֿון די רייכע יידישע און אַראַבישע סוחרים פֿון מאַראָקאָ, אויסצופּלאַסטערן די ווענט, די דילן מיט פּלאַמיקע שיינע קאָלירן פֿון אַ מאָזאַאיק, וואָס דערציילט פֿון אָריענטאַלישן חן און גע־שמאַק...״ (זייט 135).

...„גאַמאַל סאַאיד איז געווען אַ הויכער, אַ פֿעסטגעבויטער מאַן, מיט אַ קנאָכיק פּנים, מיט שטריכן, שניטן, וואָס דערציילן פֿון ענערגיע, ווילן, שטאָלץ. אין זיינע גרינלעכע, שמאָלע אויגן איז געלעגן גוטמוטיקייט פֿון אַ מענטשן, וואָס האָט באַקומען אַלץ, וואָס ער האָט געגאַרט און קען זיך דערלויבן צו שמייכלען און אָפּדינען יעדן מיט אַ טובה, אַ גוט וואָרט און טרייסט״ (זייט 80).

אין בוך געפֿינען זיך צוויי געשטאַלטן, וואָס ווערן באַזונדער בולט געשילדערט, איך וואָלט געזאָגט, אַז דער מחבר איז נישט גלייכגילטיק צו זיי, ער ווייזט אַרויס צו זיי אַ סך ליבשאַפֿט. בכלל האָט מ. דלוזשנאָווסקי אַ וואָרעמע באַציאונג אַפֿילו צו די נעגאַטיווע העלדן פֿון זיין בוך. אויך דער לייענער פֿאָלגט נאָך זייער גורל אויף גאָטס ערד. דאָס זענען ברכה און ד״ר שמואל איבענאַטאַר פֿון סאַפֿי.

ברכה, די טאָכטער פֿון דעם פֿאַרחלומטן יעקב אַמאַנאַ, איז אויפֿגעצויגן געוואָרן אין דער מעללאַ פֿון מאַראַגאַז. זי איז אַרומגערינגלט פֿון אַלע זייטן מיט עלנט, נויט, אָרעמקייט, קראַנקייט, אָבער פֿון דער פּריסטער קינדהייט און יוגנט אָן איז זי אַנדערש ווי די אַנדערע קינדער פֿון דער געטאָ. זי שיינט אַרויס אַפֿילו אין איר אָפּגעריסן קליידל.

ברכה, וואָס זינגט, טאַנצט און לאַכט און מאַכט אַלעמען פֿריילעך, לייגט זיך אָפּט שלאָפֿן אַ הונגעריקע, וויינט שטיל אויף דער ביטערער מערכה פֿון איר אָרעמער משפּחה. זי איז גובר אַ סך נסיונות, קעמפֿט

קעגן דער מעכטיקער און רייצנדיקער מוסקאַ און דערלאָזט נישט, אַז יענע זאָל צונעמען איר באַשערטן.

אָט ווי מוסקאַ רעדט וועגן איר, בעת שמואל האָט זיך געפּרוּווט באַפרייען פון דער דופּטיקייט פון איר שיין, געפורעמט לייב און נישט געקענט. עס האָט געהויערט פון איר מיט צאַרטקייט, רייץ און איידלקייט:

...„קוש מיך, שמואל, פאַרגעס אין דיינע קראַנקע, פאַרגעס אין מיין פּאָטער, פאַרגעס אין אַלע, פאַרגעס אין ברכה אַמאַנאַ. זי וועט דיך נישט מאַכן גליקלעך, זי האָט חלומות און שטעקט אין דער אָרעמקייט. זי האָט פליגל, זי איז קלוג, שיין, אירע פליגל זענען צעבראָכענע...“ (זייט 207).

ברכה האָט חתונה מיט ד״ר שמואל איבענאַטאַר, צווינגט אים צו פאַרלאָזן סאַפי, כדי זיך אָרויסצופּלאָנטערן פון דער שטורמישער מוסקאַ. זיי באַזעצן זיך אין קאַסאַבלאַנקאַ.

ברכה פאָרט נאָך דעם אַוועק קיין פּאַריז, לערנט און אַרבעט שווער, ווי אַ קעלנערקע, אין אַ פּאַריזער נאַכטקלוב. זי ווייזט צוריק די ליבעס־דערקלערונגען, זי איז פאַרטאָן בלויז אין שטודירן. ברכה צייכנט זיך אויס אין אירע לימודים אין אוניווערסיטעט. די פּראָפעסאָרן פאַרזיכערן זי, אַז עס דערוואַרט זי אַ גרויסע אַקאַדעמישע קאַריערע. זי שטודירט יוריספּרו־דענץ. זי ווערט אַן אַדוואָקאַטין, ס׳קלינגט מיט אירע פאַרטיידיקונג־רעדעס גאַנץ פּאַריז. זי פאַרטיידיקט די באַעוולטע, האָט איין זיג נאָך דעם אַנדערן.

און ווען די יידן אין מאַראָקאָ שיקן צו איר שתדלנים, אַז זי זאָל זיך אומקערן אין איר היימלאַנד און מיט איר גרויסן איינפלוס לינדערן די סכנות פון פּאָגראָמען, וואָס לויערן אויף זיי, צעגערט זי נישט קיין רגע און קערט זיך אום אַהיים.

אויך ד״ר שמואל איבענאַטאַר גייט דער מחבר נאָך טריט נאָך טריט, פון זיין קינדהייט אָן ביז ער ווערט דער באַרימטער דאָקטער. אויף אים אַליין, דעם דאָקטער, איז אויסגעגאָסן דער גורל פון זיין פאָטער, ער ווערט ביסלעכווייז אין גאַנצן בלינד.

בעת די גאַנצע שטאָט סאַפי באַגלייט זייער באַליבטן דאָקטער, שמואל איבענאַטאַר, אויפן עולם האמת, קומט אָן די אַדוואָקאַטין, בערניס מאַריאַן, די אַמאָליקע ברכה אַמאַנאַ.

ווי מען קען זען, באַגעגענען זיך דאָ קונסט מיט מעלאָדראַמע; אָבער

אַפילו לויטן שטרענגסטן ליטעראַרישן שולחן־ערוך מעגן זיי הויזן בשלום צוזאַמען.

אויך אין די גאַר גרויסע ווערק פון דער וועלט־ליטעראַטור געפינען זיך מעלאָדראַמאַטישע מאָמענטן.

דער עיקר איז צי דער שרייבער איז בכוח אַרויסצוברענגען לעבעדיקע געשטאַלטן.

דאָס האָט זיך איינגעגעבן מ. דלוזשנאָווסקין אין גאַר אַ גרויסער מאָס. ער האָט דיכטעריש אַריינגעדרונגען אין דעם שטייגער־לעבן פון די יידן און אַראַבער פון מאַראָקאָ. ער שילדערט אויך די געסלעך, די געמאַרקן, די קונים, די סוחרים, די קרעמלעך, דעם האַנדל און וואַנדל, די אַלערליי טענער, געשרייען און האַוואַיעס פון די איינוווינערס.

משה דלוזשנאָווסקי פאַרמאָגט דעם „סוד" פון אמתן שרייבער, וואָס איז בכוח, אַ דאַנק די שילדערונגען פון די פּרטים און פון פּסיכאָלאָגישער פאַרטיפונג, בהדרגה אַזוי פאַראינטערעסירן דעם לייענער, אַז דער גורל פון די העלדן זאָל אים שטאַרק אָנגיין.

„ווינטמילן" פאַרשאַפט דעם לייענער עסטעטישן גענוס. די מיליע פון דער נאָוועלע איז אַ יידישע, אָבער אויך די נישט־יידישע געשטאַלטן ווערן געשילדערט מענטשלעך און צו מאָל אויך מיט דערהייבונג.

משה דלוזשנאָווסקיס ווערק „ווינטמילן" וועט פאַרנעמען אַ חשוב אָרט אין אונדזער נייער יידישער ליטעראַטור.

1963

## מ. אַליצקיס „פריילעכע טעג"

אין 1961 האָט דער פאַרלאַג „מתנות" אַרויסגעגעבן „אונטערן טייטל־בוים" פון לעווין קיפּניס, איינער פון די באַרימטסטע העברעאישע קינדער־שרייבער אין מדינת ישראל. דאָס איז אַ בוך אָן אַ פּגם און דאָס סאַמע יידישסטע מעשה־בוך פאַר קינדער, וואָס איז דערשינען אין די לעצטע יאָרן. מיט עטלעכע חדשים צוריק האָט דער בילדונגס־קאָמיטעט פון אַרבעט־

טער־רינג אַרויסגעגעבן. „פריילעכע טעג“ פון מ. אַליצקי — אַ קינדער־לידער־בוך, וואָס וועט אויפגענומען ווערן מיט אַ סך פרייד פון יידישן שול־קינד און לערער.

די ישראל־קינסטלערין איזה האָט אילוסטרירט „אונטערן טייטל־בוים“ און „פריילעכע טעג“ מיט אילוסטראַציעס, וואָס האַרמאָנירן מיטן אינהאַלט, מיט דער מיליע פון יעדער זאַך און מאַכן ביידע ביכער זייער אַנציענדיק.

מאַטעס אַליצקי איז אַ לערער און פּאָעט. דאָס איז אַ זעלטענע קאָמבינאַציע. ער איז דער ייִנגסטער פון די דריי אַליצקי־ברידער — פּאָעטן און לערער. ברוך אַליצקי, אַ פיל־צוזאָגנדיקער פּאָעט, האָבן די נאַציס אומגעבראַכט. לייב אַליצקי, אַ שעפערישער שריפטשטעלער, וווינט זינט עטלעכע יאָר אין מדינת ישראל.

מ. אַליצקי פאַרמאָגט דיכטערישע רייפקייט אפילו אין זיינע קינדער־לידער. „פריילעכע טעג“ איז פון אונדזערע שענסטע אויסגאַבעס פאַר קינדער. די לידער זענען פון די פּאָעטישסטע אין אונדזער קינדער־ליטעראַטור.

דער פּאָעט שרעקט זיך פאַר דער „אַטאָמישער עפּאָכע“ און וויל בעסער, אַז דאָס קינד זאָל אַרויסקוקן דורכן פענצטער, איידער זיך „קוויקן“ מיט די טעלעוויזע־פּראָגראַמען:

די בעסטע טעלעוויזיע
(וועט דאָס עמעץ גלייבן ?)
איז ביי מיר דאָס פענצטער
מיט די גרויסע שויבן.

דאָרט זע איך גיין די מענטשן
פּאַמעלעך און אויך גיך.
דער אין ווייסע קליידער,
דער אין שוואַרצע שיך.

(זייט 53)

און דאָס ליד ענדיקט זיך אַזוי, פּשוט און ערלעך:

אַן אַנדער בילד גאָר איצטער,
אַלצדינג אַנדערש איז;
איך זע נישט מער קיין מענטשן,
נאָר שירעמס אויף צוויי פיס.

דאָס דאָזיקע לידל האָט מ. אָליצקי געשריבן מיט אַ סך יאָרן פריער איידער מען האָט אָנגעוויזן אויף דער שעדלעכער ווירקונג, וואָס די טעלע־וויזיע האָט, מיט ווייניק אויסנאַמען, אויף אונדזער יונגוואַרג.

מ. אָליצקיס לשון איז לייכט, אָבער גענוג קערנדיק; די גראַמען זענען נישט קיין געקינצלטע, אַפילו אַזאַ גראַם ווי: „גלייבן" און „שויבן" געפינט מען ביי אים זעלטן. אגב וואָלט ער נישט צופיל געזינדיקט קעגן מאָדערנעם אויסלייג, ווען ער שרייבט טאַקע „גלויבן", וואָס גראַמט זיך בעסער מיט „שויבן".

נאָך אַ טאָג פון פרייד און שפּיל
ליגט מיין קינד אין בעטל שטיל.
זיינע ליפּן רויט און פייכט,
שאָקלען זיך פּאַמעלעך, לייכט.
דאָס זאָגט אַ גוטע נאַכט מיין קינד
צו דעם גראָז און צו דעםווינט,
צו דעם לאַמאַ אינעם זו,
צו דעם באָס וואָס מאַכט טו־טו.

און דאָס ליד ענדיקט זיך זינגעוודיק, מעלאָדיש:

עס שלאָפט דער ווינט, עס שלאָפט דאָס גראָז,
עס שלאָפט דער הונט פון פאָרצעליי,
און די זעלנערלעך פון בליי.
נאָר די מאַמע, וואָס זיצט און וואַכט,
ענטפערט שטיל: אַ גוטע נאַכט.

(זייט 58)

ניט יעדער דיכטער קען אַזוי נאָענט צוקומען צום קינדס געמיט. אַזעלכע לידער זענען אויך מסוגל צו אַנטוויקלען ביי קינדער אַ געפיל פאַר פּאָעזיע. זיי וועלן אויך אַרויסהעלפן דעם לערער ביים לערנען חומש; מאַכן ליבעדיקער און אָנרעגעוודיקער דעם לימוד. לאָמיר ברענגען צוויי אַזעלכע מוסטערן פון דער אָפּטיילונג „חומש־לידער":

אַ מלך זאָלסטו מאַכן דעם,
וואָס איז אַ ברודער דיר.
נישט מערן זאָל ער גאָלד אַ סך,
נישט זילבער אָן אַ שיעור,
ער זאָל נישט זיין צו גרויס ביי זיך,
און היטן זאָל ער גוט
די שטרענגע ווערטער פון געזעץ
און אַלצדינג וואָס ער טוט.

אַ לערער אין קלאַס וועט אים לייכט מוחל זיין דעם נישט־פּאָעטישן פערז — „די שטרענגע ווערטער פון געזעץ", ווייל דאָס ליד — וואָס הייסט „וועגן אַ מלך" — קענען שול־קינדער נישט בלויז אַליין לייענען און פאַר־שטיין, נאָר אויך דערקלערן „היסטאָריש", וואָס דער דיכטער וויל אַרויס־ברענגען.

אָדער אַזאַ ליד פון דריי סטראָפן, וואָס גיט אַ בילד פון יוספס חלום:

יוסף דערציילט זיין צווייטן חלום.
ליכטיק איז אין פעלד און פינצטער.
עס איז טאָג און עס איז נאַכט.
זון און שטערן און לבנה
הענגען הויך אין זייער פּראַכט
עלף רונדע ווייסע שטערן,
די לבנה פול און גרויס.
פון איר פוטערפאַס מיט וואָלקנס
קוקט די הייסע זון אַרויס.
און די שטערן, די לבנה,

און די זון מיט זיי באַנאַנד
בוקן זיך צו מיר פון הימל
נידעריק און עלעגאַנט.

דער לערער־לייענער — און אויך די תלמידים — וועלן נישט באַ־מערקן דעם נישט געלונגענעם פּערז „נידעריק און עלעגאַנט" (וואָס דאַרף זיך גראַמען מיט באַנאַנד), ווייל זיי זענען שוין פאַרטאָן אין גאַנצן בילד, וואָס מ. אָליצקי האָט איבערגעגעבן בצמצום, לערעריש, און צום טייל אויך דיכטעריש.

פאַראַן לידער ביי מ. אָליצקי, וואָס זענען אונטער דער השפּעה פון מאַני לייבן — און דאָס ווערט חלילה נישט געזאָגט לגנאי. אַ שטייגער:

איבער ביימער, איבער גראָזן,
גייט אַ פרישער רעגן.
פאַר די פייגל, פאַר די האָזן,
פאַר די קינדערס וועגן.

אברהם רייזען האָט אַ האַרבסט־ליד, וואָס הייבט זיך אָן אַזוי:

עס איז דער האַרבסט געקומען,
עס וועלקן בוים און בלום,
געלע בלעטער זע איך —
וואַלגערן זיך אום.

מ. אָליצקי האָט אַ ליד, וואָס הייסט אויך „האַרבסט", קען זיך אויס־דוכטן, אַז עס איז לויטער פּראָזע, אָבער מיר דוכט זיך, אַז עס איז נענטער צום קינדס געמיט. אָט איז די ערשטע סטראָף:

די נעכט ווערן גרעסער און קלענער די טעג.
די זון איז אַ קאַלטער, אַ געלבלעכער פלעק.
די גאָס איז נישט שיין און דער פּאַרק איז נישט שיין.
זיך באָדן צום ים קאָנסטו מער שוין נישט גיין.

יעדער פערז דאָ איז אַ האַרבסטיק בילד. די „פּראָזע" איז דאָ אַ בכיוונדיקע, ווי זי איז אין אַזאַ איין־סטראָפיק ליד:

### נאָך אַ שניי־שטורעם

בייזע ווינטן זענען נעכטן
אָנגעלאָפן מיט געשריי.
איצטער ליגט אויף אַלע גאַסן
ווייך און שטיל אַ גוטער שניי.

„פריילעכע טעג" איז איינגעטיילט אין פינף אָפּטיילונגען: „טעג פון יום־טוב", „אַ גאַנצע וואָך", „לידער פון דער גרויסער שטאָט", „לידער פון חומש" און גאָר צום סוף צוויי לידער וועגן דעם חורבן פון אונדזערע טעג.

מ. אַליצקי זינגט וועגן אַלע יידישע יום־טובים — און זינגט לייכט, שפּילעוודיק, דיכטעריש, באַגלייט פונעם וואַרעמען טאָן פון אַ יידישן לערער.

### לשנה טובה

קינדער האָט אַ גוטן יאָר,
אַלע, אומעטום:
ווער עס זיצט מיט אונדז אין שול,
און ווער עס לויפט אַרום.

אין בוך געפינען זיך אַ צאָל חומש־לידער, וואָס זענען דורכגעלויכטן מיט פּאָעטישער שיינקייט, דווקא ווייל זיי זענען אַזוי שטיל און לייכט:

### נאָכן מבול

נישט געאַקערט שטייען פעלדער,
בלומען וואַקסן ווילד און שיין.
אין דער האַנט אַ צווייגל טרויבן —
גייט אַן אַלטער מאַן אַליין.

קיינער זאָגט נישט קיין גוט־מאָרגן,
קיינער וואַרפט אים נישט קיין שטיין.
נישט קיין פויגל זעט ער פליען,
נישט קיין מענטשן זעט ער גיין.

זייער שטיל איז אויף די וועגן,
זייער שטיל און זייער שיין.
און דערפילט האָט פּלוצעם נח,
אַז ער איז אין פעלד אַליין.

„פריילעכע טעג" האָט באַרייכערט אונדזער קינדער־ליטעראַטור. דאָס איז מ. אַליצקיס ערשטע בוך אויפן אַמעריקאַנער באָרן.

1963

## „אָן אַ פּאַרהאַנג" פון חנן אַיאַלטי

חנן אַיאַלטי רופט זיין בוך „נאָטיצן פון אַ רייזע־טאָגבוך", דאָס איז זייער אַ באַשיידענער נאָמען; אין דער אמתן זענען דאָס מיניאַטור־עסייען, אַנדערע — פולע קינסטלערישע עסייען פון אַ פּקחותדיקן און שאַרפזיניקן בעלעטריסט.

חנן אַיאַלטי האָט באַזוכט אַ ריי לענדער, אויך מדינת ישראל. זיינע „נאָטיצן" זענען בלויז וועגן סאָוויעטן־פאַרבאַנד, און די לעצטע צוויי קאַפּיטלעך אויך וועגן וואַרשע, ווו ער האָט געהאַט דורכצופירן אַ „ספּעציעלע שליחות", וואָס איז אפשר דער קלימאַקס פון זיין נסיעה און פון זיינע „נאָטיצן".

„אָן אַ פּאַרהאַנג", ווי עס הייסט חנן אַיאַלטיס בוך, קען אויסגעטייטשט ווערן ווי אַ שטיקל אָנוווּנק, אַז „דער אייזערנער פּאַרהאַנג" ווערט דאָרטן, אַזוי ווילט זיך האָפן, אַ ביסל לויזער. גיכער פון אַלץ איז עס דעם מחבר'ס כוונה צו ווייזן אונדז דעם סאָוויעטישן מענטש אָן אַ פּאַרהאַנג.

אין חנן אַיאַלטיס „נאַטיצן“ וועט דער לייענער נישט געפינען יענע שאַבלאָנע, אויבנאויפיקע „רייזע־באַשרייבונגען“, וואָס מען איז אַזוי אָפט געוווינט צו לייענען, באַזונדערס ווען עס קומט צו סאָוויעטן־פאַרבאַנד. אַ סך מאָל דוכט זיך, אַז מען קען פונקט אַזוי גוט זיצן אין דער אייגענער דירה אין ברוקלין, צי אין בראָנקס און שרייבן די „רייזע־איינדרוקן“.

חנן אַיאַלטיס יידיש איז „גרויסשטאָטיש“, עס פילט זיך אין זיין לשון, און בכלל אין זיין סטיל, דער חותם פון אייראָפּעאישער קולטור; נישטאָ אין זיין יידיש די לאָקאַליזמען פון זיין שטעטל, וואָס געפינט זיך אין גראָדנער גובערניע. ער יאָגט זיך אויך נישט נאָך „אינאָוואַציעס“ און „נעאָלאָגיזמען“ אַזוי אין זיינע בעלעטריסטישע ווערק, עסייען און אַזוי אין זיינע „רייזע־נאָטיצן“, און דאָך איז זיין לשון קרעפטיק — קערנדיק און יידיש־פאַרוואָרצלט.

„אָן אַ פאַרהאַנג“ פאַרמאָגט 206 זייטן און עטלעכע און צוואַנציק קאַפּיטלעך. מיר וועלן זיך אָבער אָפּשטעלן אויף בלויז עטלעכע, כאָטש עס איז שווער צו באַשליסן אויף וועלכע. יעדעס קאַפּיטל האָט זיין אייגענעם ווערט און רעגט אָן דעם לייענער, אפשר צוליב דעם מחברס נישט־קאָנ־פאָרמיסטישן צוגאַנג, אַזוי צו קליינע, ווי צו גרעסערע געשעענישן, וואָס ער האָט באַמערקט אויף זיין נסיעה.

אין איינעם פון די ערשטע קאַפּיטלעך באַקענט אונדז חנן אַיאַלטי מיט „אַ בלאַטן חברה־מאַן“, וואָלאָדיאַ, אַן עכטן רוס, וואָס ער האָט באַגעגנט אין דער לאָבי פון האָטעל, שוין נאָך עלף אין אָוונט און „פאַרבראַכט“ מיט אים ביז אין שפּעטע נאַכט־שעהען. זיי זענען אַריבער די בריק איבער דער „מאָסקוואַ“, און ווען וואָלאָדיא האָט זיך אַ ביסל צעוואַרעמט און אויסגע־רייכערט אַן אַמעריקאַנער ציגאַרעטל, וואָס דער „מיטשמועסער“ האָט אים גערן געגעבן, מאַכט ער אַזוי: „ווען אַן אַמעריקאַנער טוריסט פאָרט אין די סאָציאַליסטישע לענדער, דאַרף ער נישט מיטנעמען קיין דאָלאַרן, נאָר סחורה — ראַדיאָס, קאַמערעס, זייגערס, ציגאַרעטן“.

לכתחילה האָט אַיאַלטי געטראַכט: „איז ער אַ שפּעקולאַנט? אַן אונ־טערוועלט־מענטש? אָדער אפשר אַן אונטערגעשטעלטער אַגענט“?

נאָך דעם ווי זיי האָבן שוין געהאַט אַרומגעשפּאַצירט עטלעכע שעה, איז דער מיטשמועסער געוווען זיכער, אַז ער איז נישט קיין אַגענט און האָט נישט וואָס מורא צו האָבן.

איאַלטי: — האָט מען שוין באַפרייט אַלע פּאָליטישע אין סיביר?

וואָלאָדיאַ: — יאָ, איצט זיצן דאָרט בלויז קרימינעלע. אָבער וואָס הייסט קרימינעלע? אַ היימלאָז יינגל האָט עפּעס געגנבעט, האָט מען אים פאַרשיקט אויף אַכט יאָר אין לאַגער. נאָכן אָפּזיצן דעם טערמין האָט מען אים באַפרייט. ס'איז אים שווער צו קריגן אַרבעט. ער מאַכט אַ כוסע און צעקריגט זיך מיטן פּאָליציאַנט. מען אַרעסטירט אים פאַר כוליגאַניזם, און ער קריגט ווידער צוויי יאָר אין צפון"...

און וואָלאָדיאַ האָט אָנגעהויבן אויסצורעדן כל דבר אסור אויפן רעזשים: „ס'איז נישטאָ קיין פרייהייט, מענטשן האָבן מורא אַרויסצוזאָגן זייער מיינונג, די לוינען פון די אַרבעטער קלעקן בלויז אויף וואַסער אויף קאַשע, פינף פאַמיליעס וווינען אין איין דירה"...

אַן אַנדער שרייבער וואָלט אַרויסגעשטעלט וואָלאָדיאַן פאַר דעם „מוסטער פון דעם סאָוויעטישן בירגער" און וואָלט געשלאָגן פון דעם אַ סך קאַפּיטאַל. אָבער דער נישט־קאָנפאָרמיסט חנן איאַלטי, וואָס זוכט נישט קיין סענסאַציעס, זאָגט וועגן אים: „דאָס איז אַ בלאַטער חברהמאַן, וואָס האָט רעבעלישע טענדענצן און פעסטע פּאָליטישע איבערצייגונגען". און ער שרייבט אויך: „וואָלאָדיאַ איז זיכער נישט כאַראַקטעריסטיש פאַר דער יוגנט אין סאָוויעטן־פאַרבאַנד — ווייט דערפון"!

אין אַ קליינעם קאַפּיטל, וואָס הייסט „אליהו הנביאס צייכנס", דערציילט חנן איאַלטי, ווי ער איז געשטאַנען אין אַ לענינגראַדער גאַס און אויסגעטיילט ישראל־מטבעות צו אַ חברה סאָוויעטישע קינדער.

די קינדער אין סאָוויעטן־לאַנד האָבן אַ טבע צו בעטן אויסלענדער „זנאַטשקיס", עמבלעמען, אָפּצייכנס, זיי זענען אַפילו גרייט אויסצובייטן אויף אַנדערע אָפּצייכנס. היות ווי אונדזער מחבר האָלט נישט פון די אַלע קאָקאַרדעס, שליפעס און אַפילו נישט פון סוווענירס, האָט ער גאָר נישט געהאַט וואָס צו געבן די קינדער. מיט אַ מאָל דערמאָנט ער זיך, אַז ער האָט אין קעשענע ליגן ישראל־מטבעות, וואָס זענען אים געבליבן פון דער רייזע און ער הייבט אָן אויסטיילן יעדן קינד אַזעלכע אויסטערלישע עקזאָטישע „זנאַטשקי".

דער מחבר מאָלט זיך אויס ווי איינער פון די קינדער ווייזט דעם זיידן די „זנאַטשקי" מיט די מאָדנע אותיות. דער זיידע טוט אָן די שפּאַקולן,

קוקט און קוקט, און זיינע אויגן ווערן פייכט און ער נעמט שעפטשען אַ „שהחיינו וקיימנו״:

— ווו האָסטו עס גענומען?

— אין גאַס, ביים טייך, אַ פרעמדער מאַן האָט געטיילט די „זנאַטשקיס״, ער האָט געהאַט אַ פולע קעשענע, אַ זאַק אַ גאַנצן, אַ מיליאָן אפשר, און אפשר נאָך מער, ער האָט אַלעמען געטיילט.

— אפשר אליהו הנביא? — מורמלט דער זיידע.

— דו קענסט אים, דיעדושקאַ?

גיי דערצייל אַ סאָוויעטיש קינד אַ מעשה ווער ס׳איז אליהו הנביא!

וויפל יידישע טראַגיק און בענקשאַפט ליגן אין די דאָזיקע עטלעכע ווערטער! עס גיט אַ בליק־אויף דער יידישער גורל און האָפענונגסלאָזיקייט אין דעם היינטיקן לאַנד פון די סאָוויעטן.

מיר לאָזן דורך דעם אַנדערן מאָמענט פון „אליהו נביאס צייכנס״: ווי וואָלט געווען ווען מען באַשולדיקט, און עס האָט שיער געקאָנט טרעפן, אַז ער פאַרנעמט זיך מיט פאַרשפרייטן ציוניזם צווישן דער סאָוויעטישער יוגנט? מיט טויזנט וואַסערן וואָלט ער זיך נישט געקאָנט ריינוואַשן!

אַ ים מיט סאַרקאַזם און איראָניע ליגט אין איאַלטיס אגב־אורחאדיקער באַמערקונג וועגן דער מעגלעכער באַשולדיקונג אין פאַרשפרייטן ציוניזם.

חנן איאַלטי איז נישט געפאָרן קיין סאָוויעטן־פאַרבאַנד אַרומצוגיין מיט דיאַגנעסעס לאַמטערנע און זוכן חטאים. אדרבא, ער האָט זיך באַמיט צו זען זאַכן ניכטער, און אָן פניות; ער איז נישט קיין מאָראַליסט, נאָר אַן ערלעכער, איך וואָלט צוגעגעבן, אינטעלעקטועל־ערלעכער באַאָבאַכטער, און זיינע איינדרוקן באַווירקן שטאַרק דעם לייענער.

פאַראַן קאַפיטלען אין בוך, וואָס דער יידישער לייענער קען זיך אַראָפּ־נעמען אַ מוסר־השכל, דער מחבר האָט אָבער נישט ליב צו פיל מאריך זיין און לאָזט עס איבער פאַרן לייענערס אינטעליגענץ. אַזאַ קאַפיטל איז „אַן אַרמענער פון די בראָנקס״, וואָס ער האָט באַגעגנט אין אַן עראָפּלאַן.

דער אַרמענער איז געבוירן געוואָרן אין די בראָנקס, צווישן יידן. מיט אַ יאָר דרייצן צוריק האָט זיך אָנגעהויבן אַ רעפּאַטריאַציע פון אַרמענער איבער דער וועלט קיין סאָוויעטן־פאַרבאַנד, אין דער אַרמענישער סאָוויע־טישער רעפּובליק. זיינע עלטערן זענען אַהינגעפאָרן און האָבן אים מיטגע־נומען, ער איז דעמאָלט געווען אַ יינגל פון אַ יאָר צען.

— די אַרמענער זענען ענלעך צו יידן, האָט ער ווייטער גערעדט, — שאַרפע קעפּ, גוטע ביזנעסלייט, צעזייט און צעשפּרייט איבער גאַר דער וועלט, מיט אַ געשיכטע פון פאַרפאָלגונגען הינטער זיך. איר האָט געהערט וועגן די אַרמענער אין טערקיי?

— יאָ, כ׳האָב געלייענט „די 40 טעג פון מוסאַ דאַג״... יאָ, איר ווינט מיט די עלטערן?

— ניין, כ׳האָב חתונה געהאַט מיט אַ מיידל פון חיפה.

— פון חיפה?

— יאָ, זי איז אַן אַרמענישע, זי האָט געלעבט אין חיפה און זי האָט זיך אויך רעפּאַטריאירט אין דער ארמענישער סאָוויעטישער רעפּובליק.

ער האָט נאָך צוגעגעבן, אַז אַ סך פון די רעפּאַטריאַנטן זענען טעכניקער און געשולטע פאַכלייט; זיי האָבן געהאָלפן אויפהייבן דעם ניוואָ אין דער אַרמענישער רעפּובליק, וואָס איז געווען זייער צוריקגעשטאַנען.

די מערסטע קאַפּיטלען פון בוך זענען וועגן באַגעגענישן מיט יידן. לאָמיר לפּחות דערמאָנען עטלעכע: „מיט יידישע שרייבערס אין מאָסקווע אין 1961״, „אַ יונגערמאַן פון ערגעץ־ווו״, „מענטשן״, „דער פּאַרטיי־נער און דער גילגול״, „אויף אַ היימישער שמחה אין אַ מאָסקווער פאָרשטאָט״, — וווּ מיר באַגעגענען, צווישן אַנדערע, אַ יידן, באַריס, וואָס האָט נאָך ליב אַ יידישן וויץ און אַ יידיש ליד, ער האָט אָפּגעהיט זיין טאַטנס יאָרצייט — געזאָגט אין דער שטיל קדיש, ערגעץ אין אַ ווינקל פון שטוב.

„יאַנינאַ״, אַזוי הייסט דאָס לעצטע קאַפּיטל פון חנן איאַלטיס בוך. דער מחבר זאָגט צום סוף, אַז שוין צוליב דעם אַליין, וואָס ער האָט געפּועלט, אַז יאַנינאַ זאָל כאָטש קריגן די קליינע פּענסיע, איז זיין נסיעה געווען כדאי.

דאָס איז אַ טיף־רירנדיקער עפּיזאָד וועגן דער פּוילישער פרוי יאַנינאַ, וואָס האָט אין יענע פינצטערע יאָרן געראַטעוועט יידן. איך נעם זיך נישט אונטער איבערצודערציילן די דאָזיקע פּאַסירונג, וואָס שפּיגלט אָפּ גוטסקייט און מסירת נפש אויף איין זייט און אַכזריותדיקע אומדאַנקבאַרקייט אויף דער צווייטער זייט. פּאַראַפראַזירנדיק דעם מחבר וואָלט איך געזאָגט: שוין צוליב דעם איינעם קאַפּיטל „יאַנינאַ״, איז כדאי זיך איינצושאַפן דאָס בוך.

„אָן אַ פּאָרהאַנג״ איז אין אַ געוויסן פּרט אַ המשך פון חנן איאַלטיס ראָמאַן אין צוויי בענד — „דער האָטעל, וואָס עקזיסטירט נישט״, וואָס האָט בשעתו אַרויסגערופן גרויס אָנזען. דער ראָמאַן שפּיגלט אָפּ די שפּאַנישע

רעוואָלוציע, בעיקר אויף דעם יידישן מאָמענט און אָנטייל אין דער ר׳עוואָלוציע.

דער מחבר איז דעמאָלט געווען דער קאָרעספּאָנדענט פון אַ ריי צייט־שריפטן.

מיר דוכט, אַז אָן יענער דערפאַרונג, וואָלט אפשר דעם מחבר נישט מעגלעך געווען אַזוי גיך זי צו אָריענטירן און אַריינדרינגען אין יענע ווינקלען פון דעם רוסישן און יידישן לעבן, וואָס נישט יעדער איז ביכולת דאָס צו באַמערקן.

## ש. ד. זינגער

שוין העכער צוויי צענדליק יאָר ווי ש. ד. זינגער פאַרעפנטלעכט ליטע־ראַרישע עסייען אין די בעסערע יידישע זשורנאַלן און צייטשריפטן. אויך אין „פריינד״ שרייבט ש. ד. זינגער פון צייט צו צייט אינטערעסאַנטע אַר־טיקלען.

אין זיין בוך „דיכטער און פּראָזאַאיקער״ געפינען זיך גאַנצע 42 אָפּ־שאַצונגען אָדער אָפּהאַנדלונגען וועגן צוויי און פערציק יידישע שרייבער.

ש. ד. זינגער איז אַ קענער און אַ מבין אויף ליטעראַטור. ער קען אויך מסביר זיין, קלאָר דערקלערן און פאַרטייטשן די ווערק וועגן וועלכע ער שרייבט.

זיין בוך איז איינגעטיילט אין זעקס אָפּטיילונגען, און עס איז פאַראַן אַ לאָגישע פאַרבינדונג צווישן די שרייבערס פון יעדער גרופּע.

ער הייבט אָן מיט דעם אַמאָליקן רעדאַקטאָר פון דער „צוקונפט״ דעם באַרימטן פּאָעט און פּובליציסט א. ליעסין.

א. ליעסינס טיף־רירנדיקע לייטאַרטיקלען זענען תמיד באַהויכט גע־וואָרן מיט פּאָעטישע אויסגעשרייען קעגן דעם אומרעכט, וואָס די וועלט איז דורך די יאָרהונדערטער באַגאַנגען קעגן דעם יידישן פאָלק. די טעמעס פאַר זיין דיכטונג זענען מערסטנס געווען יידישע מאַרטיראָלאָגיע, קידוש השם און העראָאישקייט.

ש. ד. זינגער שטעלט זיך אָפּ אין זיין עסיי אויף א. ליעסינס היסטאָר׳ישע לידער און אַנאַליזירט א. ליעסינס פּאָעזיע בכלל. ער באַמערקט זייער ריכטיק: „א. ליעסין ווירקט אויף אונדז מיט דעם טיף־יידישן טאָן און מיט דעם פּאָעטישן פּירוש, וואָס ער גיט בעתן שילדערן תקופות און גע־שטאַלטן פון דעם לאַנגן יידישן גלות״.

צווישן די שרייבערס, וואָס ש. ד. זינגער שטעלט זיך אָפּ אויף זייערע ווערק, געפינען זיך סיי פּאָעטן, סיי דערציילער, עסייאיסטן און ליטעראַ־טור־קריטיקער.

מיר דוכט, אַז ש. ד. זינגערס בעסטע אָפּשאַצונגען זענען וועגן קרי־טיקער. למשל, זיין עסיי וועגן שמואל ניגער איז צווישן די סאַמע בעסטע עסייען אין בוך. זי איז געשריבן מיט יראת־הכבוד וועגן דעם קלאַסיקער פון דער יידישער ליטעראַטור־קריטיק. ער שאַצט גוט אָפּ ש. ניגערס אָרט אין דער קריטיק, איר פּילט אין דער עסיי דעם דרך־ארץ און די פּיעטעט פון דעם ייגנערן קריטיקער צו דעם רבין פון כמעט דריי דורות יידישע שרייבער.

ש. ד. זינגערס אַנדערע עסייען וועגן ד״ר א. קאָראַלניקן, ד״ר א. מוקדוני, ב. ריווקין, יעקב פּאַט, גיבן אונדז אַ פּיינעם אַריינבליק אין די ווערק פון די דערמאָנטע שרייבער.

ד״ר א. קאָראַלניק האָט אַריינגעבראַכט אין דעם יידישן עסיי אַחוץ טיפע בקיאות, אויך דעם עלאָקווענטן סטיל. ער האָט געקענט שרייבן אַזוי לייכט און טיף וועגן רמב״מס „מורה נבוכים״, צי פּלאַטאָס „רעפּובליק״, שפּינאָזאָס „עטיק״, צי גאָר וועגן מדבר „סאַהאַראַ״. איז גוט, וואָס ש. ד. זינגער לעבט פאַר אונדז אויף ד״ר קאָראַלניקס עסייען און גיט אונדז זיין אויסטייטש, זיין בליק אויף דעם איינציקאַרטיקן עסייאיסט.

ש. ד. זינגער שרייבט אין זיין בוך עסייען וועגן די דיכטער: ה. לייוויק, יעקב גלאַטשטיין, אפרים אויערבאַך, י. י. סיגאַל, ה. רויזנבלאַט, מ. ל. האַלפּערן, זישע לאַנדוי, מאַני לייב, ב. י. ביאַלאָסטאָצקי, אליעזר גרינבערג, אַ. סוצקעווער און בעריש וויינשטיין. דער מחבר באַמיט זיך אַריינצודרינגען אין די ווערק פון דיכטער און זוכט אַרויסצוברענגען פאַרן לייענער דאָס אָפּענע און אויך דאָס פאַרהוילענע, דאָס פּאָעטיש־עטישע און אויך די נאַציאָנאַל־יידישע פאַרוואָרצלטקייט.

אין דעם עסיי וועגן א. טאַבאַטשניקס בוך לידער „דיכטער און דיכ־

טונג״ שרייבט ש. ד. זינגער, אגב־אורחאדיק, עטלעכע טרעפלעכע באַמער־קונגען וועגן דעם פּאָעט אהרן צייטלין. „אהרן צייטלין דער אולטראַ־מאָדער־ניסט, האָט אין די יאָרן פון גרויסן חורבן געפונען זיין טיפסטן אויסדרוק פאַר זיין השתפכות הנפש, פאַרן טיפן איבערלעבן דאָס גרעסטע אומגליק, דווקא אין דעם פשוטן, שטילן און צערפולן ליד, כמעט אין נוסח פון אַ פאָלקסליד״:

אויס, און נישטאָ מער די העשעלעך,
העשעלעך, פּעשעלעך, הינדעלעך.
קלאַנגען, בלויז קלאַנגען, בלויז ליד־קלאַנגען,
נעמען פון יידישע קינדערלעך.

— — — — — —

נעמען פון יידישע קינדערלעך.
רחלעך, ראָכעלעך, נעכעלעך.
געצעלעך, וועלוועלעך, נעכעלעך, וויגדערלעך,
יאַנקעלעך, יונהלעך, מעכעלעך.

1965

ש. ד. זינגער האָט אַ באַגייסטערטע עסיי וועגן י. באַשעוויסעס „די פאַמיליע מושקאַט״. ער שטעלט זיך שטאַרק אָפּ אויף עוזר העשלען, דעם פּראָטאָטיפּ פון מחבר גופא, וואָס איז פול מיט אומרו און ספקות, ווי עס איז דער מאָדערנער, היינטיקער ייד. ער שרייבט אָבער גאָרנישט וועגן י. באַשע־וויסעס שאָקירנדיקע „עראָטיק־פּראָבלעמען״ אין זיינע ווערק.

ש. ד. זינגער איז ראשו ורובו אַ שרייבער־עסטעט. ער איז דער באַזינגער פון די „יונגע״ און ער רעדט וועגן זיי אין כמעט יעדער עסיי זיינער. ער זוכט ביים שרייבער קודם־כל דאָס עכט־קינסטלערישע, דאָס סובטיל־עסטעטישע, בעת דאָס ייִדיש־נאַציאָנאַלע און דאָס מענטשלעכע פאַרנעמט ביי אים דעם צווייטן פּלאַץ.

אין ש. ד. זינגערס בוך געפינען זיך אויך אָפּשאַצונגען וועגן י. מעצקער, ח. אַיאַלטי, נ. סיגאַלאָווסקי, ב. אַלקוויט און משה דלוזשנאָווסקי. באַזונ־דערס אינטערעסאַנט איז זיין אַרבעט וועגן דעם קערנדיקן און טאַלאַנטפולן נאָוועליסט משה דלוזשנאָווסקי.

צו די גאָר גוטע אָפּהאַנדלונגען אין זיין בוך דאַרף מען פאַררעכענען די עסייען וועגן ברוך גלאַזמאַן, דניאל טשאַרני און י. י. טרונק.

דאָס בוך „דיכטער און פּראָזאַאיקער" סטימולירט דעם לייענער זיך צו פאַרטיפן אין די ווערק פון אונדזערע שרייבער און איז אַ וויכטיקער צושטייער צו דער יידישער ליטעראַטור־קריטיק.

## „אונדזער דור דאַרף אַנטשיידן"

חיים בעז האָט זיך קונה שם געווען ווי אַ לעקטאָר, אַ מחבר פון פּעדאַגאָגישע אויסגאַבעס און לערנביכער און ועל כולם — ווי אַ געזעלשאַפטלעכער עסקן.

„אונדזער דור דאַרף אַנטשיידן" איז זיין ערשט עסייען־בוך.

דאָס בוך האָט אויך אַ וויכטיקן געזעלשאַפטלעכן באַטייט, מחמת עס ווערן דאָרטן באַרירט ענינים, וואָס שטייען אויפן סדר־היום פון אונדזער יידיש־נאַציאָנאַלן און געזעלשאַפטלעכן לעבן.

אין איין עסיי ווערט געזאָגט, אַז „מיר קאָנען נאָך משפּיע זיין דאָס יידישע לעבן, מיר קאָנען נאָך אין אַ גרויסער מאָס באַווירקן, וועלכע אידעען זאָלן פאַרפלאַנצט ווערן אינעם לעבן פון אונדזער פאָלק, וועלכע אינסטיטוציעס עס זאָלן אויפגעבויט ווערן און געדייען, שפּעטער וועט שוין זיין צו שפּעט" (ז' 339).

אויף אַזעלכע און ענלעכע יידישע פּראָבלעמען שטעלט ער זיך אָפּ אין אַ גאַנצער ריי עסייען.

חיים בעז הייבט אָן זיין בוך מיט אַן אַנאַליז וועגן „שמעון דובנאָוו, וואָס האָט נישט נאָר געשריבן געשיכטע, נאָר וואָס ער האָט אויך געהאָלפן פורעמען דעם נאַציאָנאַלן באַוווסטזיין במשך פון אַ האַלבן יאָרהונדערט" (ז' 8).

אין 1923 האָט אָסוואַלד שפּענגלער, אין זיין בוך „דער אונטערגאַנג דעס אַבענדלאַנדעס", געשריבן צווישן אַנדערע, אַז די מערב־אייראָפּעאישע קולטור איז אויפגעקומען אַרום דעם יאָרטויזנט, זי האָט געבליט

און געטראָגן פּירות און דערנאָך אָנגעהויבן צו וועלקן. איצט האָבן מיר דערגרייכט, מיינט שפּענגלער, די לעצטע סטאַדיע. אין העכסטנס צוויי הונדערט יאָר אַרום וועט די מערב־אייראָפּעאישע קולטור זיין טויט.

אויך חיים בעז דערמאָנט שפּענגלערן דרך אגב. ער שרייבט: „שפּענגלער, טאָינבי, ניבור, יעדער אויף זיין אופן, פּילט בעיקר די צעשטערבאַרקייט, די קאַטאַסטראָפאַלקייט, די איראָניע פון דעם טראַגיזם, וואָס מוז באַגלייטן דעם גאַנג פון ציוויליזאַציעס, אימפּעריעס, קולטורן און פעלקער" (ז' 9), און ער פרעגט: „ווי קומט דובנאָוו אין אַזאַ צייט צו גלייבן אין וויסנשאַפט, פּאָזיטיוויזם און פאָרשריט?..."

משמעות, אַז דער יידישער בטחון האָט אויך באַגלייט אונדזער גרויסן היסטאָריקער אויף אַלע וועגן און שטעגן פון יידישן פאָלק.

חיים בעז שטעלט זיך אָפּ אויף דובנאָוון ווי „דער פּיאָנער פון פאָרשן די געשיכטע פון רוסיש־פּוילישן יידנטום, דובנאָוו, ווי דער באַגרינדער פון דער אידעע פון נאַציאָנאַל־קולטורעלע אויטאָנאָמיע, און דובנאָוו ווי דער היסטאָריקער פון דער וועלט־געשיכטע פון יידישן פאָלק" (ז' 11).

עס בעט זיך אָבער אויך בולט אַרויסצוהייבן דובנאָוון ווי דעם באַגרינדער פון „יידישע צענטערן" אין גאַנג פון אונדזער געשיכטע. דאָס גיט ממש אַ ריכטשנור, אַ קאָמפּאַס, באַזונדער דעם יידישן לערער פון אַלע ריכטונגען און אויך דעם אינטעליגענטן יידישן לייענער.

חיים בעזס דובנאָוו־עסיי איז אַ גוט דורכגעטראַכטע אַרבעט, וואָס באַקענט דעם לייענער מיט דער אַלזייטיקער געשטאַלט פון אונדזער גרויסן היסטאָריקער.

„די פּרץ־טראַדיציע און די יידישע שול", די צווייטע עסיי אין בוך, איז געשריבן מיט אַ סך וואַרעמקייט און נאָסטאַלגיע. דער מחבר ווייזט אָן, ווי ס'האָט פאַראייניקט דעם יידישן שרייבער, לערער און טוער „אַ באַגער צו ברענגען פרייד אין לעבן פון יידישן קינד, אָפּווישן די טרער פון זיין פּנים", און מיט רעכט שטרייכט ער אונטער, אַז: „די גאַנצע יידישע דערציאונג ווערט עד היום גענערט פון דער ציטערדיקער גרויסער ליבע און זאָרג פאַרן קינד" (ז' 19).

ער שטעלט זיך אָפּ אין דער עסיי אויף י. ל. פּרץ דעם שרייבער און אויף זיין ראָלע אין דעם אויפקום פון דער נייער יידישער שול. ער האַלט,

אַז: „י. ל. פרץ איז געוואָרן דער פּאַטער נישט נאָר פון דער יידישער ליטעראַטור, נאָר אויך פון דער יידישער שול" (ז' 20).

אין בוך זענען פאַראַן אָפּשאַצונגען וועגן בעל־מחשבותן, ד"ר חיים זשיטלאָווסקי און שמואל ניגער.

ח. בעז שרייבט: „בעל מחשבות איז אַן אייגנאַרטיקער ציוניסט־פּאָל־קיסט. ער זעט איין ליטעראַטור, הגם אין צוויי שפּראַכן. ער זעט איין נאַציאָנאַל לעבן, איין פּאָלק, הגם עס פאַרמאָגט אַלערליי אויסדרוק־פאָר־מען. ער איז אַ מאמין אין דעם פּאָלקס־אויפלעב (תחיה) אין זיין אייגן לאַנד און זעט גלייכצייטיק דעם גרויסן כוח פון סאָציאַלן אויפברויז אין יידישן לעבן" (ז' 43).

אין דעם עסיי וועגן זשיטלאָווסקין באַמיט זיך דער מחבר איבער־צוגעבן ד"ר חיים זשיטלאָווסקיס קוק אויף דער משכילישער פאָרמולע: „היה יהודי בביתך ואדם בצאתך". ער איז מחולק מיט זשיטלאָווסקין, וואָס שרייבט: ...„אויב אַ ייד־זיין איז אַ הייליקע זאַך, איז דעמאָלט אונדזער חוב צו זיין אַ ייד נישט נאָר אין דער היים, נאָר אומעטום אין דער גאַנצער וועלט. און ווען אַפילו ייד־זיין זאָל אונדז ברענגען די ערגסטע צרות און רדיפות, טאָרן מיר אים דעמאָלט פון קיינעם נישט באַהאַלטן, מוזן מיר אויסשטיין אַלץ, וואָס עס זאָל נישט אויספאַלן צוליב אים אויף אונדזער גורל".

חיים בעז פרעגט: „וואָס הייסט ברענגען אויף זיך די גרעסטע צרות און רדיפות", און ער איז זיך סומך אויף ספרים פון מיטלאַלטער, אין דער צייט פון די קרייצפאָרערס, וואָס האָבן נישט געפאָדערט פון יידן אומצוקו־מען פאַרן רעכט עפנטלעך אָפּצוהיטן זייער גלויבן. ער פאַררופט זיך אויך אויף גדולי הדור, וואָס האָבן געלערנט די יידן, ווען צו שטאַרבן אויף קידוש השם און ווען אָפּצוהיטן דאָס געבאָט פון פיקוח נפש.

חיים בעז שטעלט זיך אָפּ אויף די מערסטע פאָרמולעס אין חיים זשיט־לאָווסקיס צוגאַנג צו יידישע ענינים, אויף דעם שיינגייסט, וואָס האָט גע־דינט מיט זיין שאַפונג, אָבער נישט מיט זיין לעבן, אויך אויף זיינע טראַ־גישע בלאָנדזשענישן אין די לעצטע יאָרן, וואָס זענען געווען אין סתירה צו זיין גאַנצן פרייהייטלעכן איינשטעל.

מיט גרויס פּיעטעט שרייבט ח. בעז וועגן „שמואל ניגער — דער פּיאָנער־קריטיקער"; ער פרוווט מאַכן אַ פאַרגלייך צווישן בעל־מחשבותן

און ניגערן. חיים בעז שרייבט: ...„אין בעל־מחשבותן האָט ערגעץ־ווו געלעבט פאַרבאַהאַלטן, אויסער אַ ליטעראַטור־קריטיקער, אויך אַ זעלטע־נער קולטור־אַנטראָפּאָלאָג, אַן אַנאַליטישער פאָרשער, וואָס האָט זיך אינ־טערעסירט מיט דעם קולטור־שטייגער פון אַ קאָלעקטיוו, פון אַ יידישן קאָלעקטיוון איינגאַרט" (ז' 77). אָבער ניגער האָט געזוכט אין דער ליטעראַטור בעיקר: „דאָס אינדיווידועל־קינסטלערישע, דאָס באַזונדערע און דעם איינגאַרטיקן איך־באַוווסטזיין פון מענטשן" (ז' 77).

„דאָס זוכן די אינדיווידועל־קינסטלערישע טייל" ווייזט נישט גענוג דעם דרך פון ש. ניגער. עס זענען אויך פאַראַן ריכטונגען אין דער קריטיק, מיט וועלכע ש. ניגער האָט זיך אין אַ גרויסער מאָס באַנוצט. לדוגמא — די שיטה, וואָס זוכט צו דערקלערן דעם קינסטלער דורך אַנאַליזירן און אויספאָרשן די קולטור, געדאַנקען און אידעען פון לאַנד, ווו דער קינסט־לער האָט געלעבט, און פון זיין צייט, ווי עס האָט געטאָן טעין. אָדער די שיטה, וואָס האָט געלערנט, אַז די קולטור פון אַ געוויסער תקופה, צי פון אַ פאָלק, איז דער פועל־יוצא פון די פערזענלעכקייטן, וואָס האָבן געלעבט און געווירקט. דאָס איז די שיטה פון געאָרג בראַנדעס.

חיים בעז האָט אין בוך אַ ריי עסייען וועגן יידישע דערציאונגס־פּראָבלעמען, „נאַציאָנאַלע דערציאונג", „סאָציאַלע דערציאונג", „דער נייער טראַדיציאָנאַליזם" וכדומה. אין די דערמאָנטע עסייען זעט מען חיים בעזן דעם יידישן דערציער, דעם מעטאָדיקער, דעם קענער פון יידישן חינוך און פון די יידישע גייסטיקע באַוועגונגען, און איבער אַלץ לייכט אַרויס זיין זאָרג פאַר דעם יידישן קינד און פאַר די אויפוואַקסנדיקע יידישע דורות.

אַ שטאַרקן איינדרוק מאַכט חיים בעזס אויטאָביאָגראַפיש קאַפּיטל — „אַ קאַסטן ביכער". ער באַלעבט פאַר אונדז דעם יידישן לערער־סעמינאַר אין ווילנע, וואָס האָט זיך אין פרילינג און זומער פון 1922 אַריבערגעקליבן אין דאָרף „פּושקאַרניע", לעבן ווילנע. די סעמינאַריסטן, און דער יונגער חיים בעז בתוכם, האָבן שוין געוווסט, אין וועלכע שטעט זיי וועלן לערנען נאָכן פאַרענדיקן דעם סעמינאַר. „דאָס לערנען וועט מען פאַרבינדן מיט פּראָדוקטיווער אַרבעט. יעדע שול וועט האָבן נישט בלויז קלאַסצימערן און לאַבאָראַטאָריעס, נאָר אויך אַ גרינסגאָרטן און אַ וואַרשטאַט"... וואָס עס איז געוואָרן פון דעם אַלעם, איז אונדז גוט באַקאַנט.

לאָמיר דאָ דערמאָנען די לערער פון סעמינאַר אין דעם סדר, ווי חיים

בעז גיט אָן: ראָזע סימכאָנאָוויטש, אַרקאַדי קרעמער, סאָפיאַ מאַרקאָוונאַ גורעוויטש, קאַליאַ טעפּער, אברהם גאַלאַמב, זלמן רייזען, פּאַלק האַלפּערין, גרשון פּלודערמאַכער און ד״ר מאַקס ווײַנרײַך.

1965

## „אונטערן טייטלבוים״ פון לעווין קיפּניס

„אונטער טייטלבוים״ פון לעווין קיפּניס * איז דאָס נייסטע בוך, וואָס דער פאַרלאַג „מתנות״ האָט נאָר וואָס אַרויסגעגעבן; דאָס דאָזיקע בוך איז אַרויסגעגעבן מיט געשמאַק, אַז עס איז אַ חיות צו נעמען עס אין האַנט אַריין. אַחוץ דעם באַשיינען די אילוסטראַציעס פון דער ישראל־קינסטלערין, איזאַ, יעדע מעשה און גיבן אַ סך צו, נישט בלויז צו דעם עסטעטישן אויסזען פון בוך, נאָר אויך צום אינהאַלט גופא.

„אונטערן טייטלבוים״ איז דאָס סאַמע יידישסטע מעשה־בוך פאַר יינגערע קינדער, וואָס איז דערשינען אין די לעצטע יאָרן.

דאָס איז אויך דאָס ערשטע יידישע בוך, ווו יעדע מעשה איז באַהויכט מיט ארץ־ישראל־אַטמאָספער אַזוי, אַז דאָס יידישע לאַנד ווערט דעם קינד היימיש און רופט אַרויס ליכטיקע בענקשאַפט ביי יינגערע און אַפילו ביי עלטערע לייענערס:

„און ווי ביי־יאָר גייט, אַזוי קומט אים אַנטקעגן אַ ווײַנגאָרטן מיט טרויבן: צעוואַקסענע, געפלאָכטענע ווײַנשטאָקן קלעטערן אין רייען אויפן באַרג און שטרעקן אויס זייערע גרינע צווייגן אים צו באַגעגענען״ (ראש השנה, זייט 12).

דער מחבר פון „אונטערן טייטלבוים״, לעווין קיפּניס, פאַרמאָגט נישט אין זיין שרייבן קיין שמץ פון געקינצלטקייט, במילא ווירקן די מעשיות אויף די יונגע לייענערס און פאַרשאַפן זיי אַ זעלטענעם געָנוס.

„זינגענדיק און פריילעך גייט ביי־יאָר ווייטער. איין מלאך פון רעכטס

---

* אילוסטראַציעס פון איזאַ, אַרויסגעגעבן פון פאַרלאַג „מתנות״, ניו־יאָרק, 1961.

טראָגט אַ קרוג מיט האָניק; איין מלאך פון לינקס טראָגט אַ קאָרב מיט מילגרוימען; צוויי מלאכים פאָרויס טראָגן אַ הענגל טרויבן אויף אַ שטאַנג. און ווען דריי שטערן האָבן זיך באַוויזן אויפן הימל — האָט שוין ניי־יאָר פאַרשפּרייט זיינע בלויע מילדע פליגל אויף דער וועלט".

אַזוי שרייבן פאַר קינדער קען בלויז אַ גרויסער און עכטער קינסטלער.

לעווין קיפּניס איז אַ באַרימטער העברעאישער קינדער־שרייבער אין מדינת ישראל; שוין העכער פיר צענדליק יאָר ווי ער וווינט אין יידישן לאַנד, און שרייבט מעשיות, לידער און כלערליי שפּילן פאַר יידישע קינדער, און אַרויסגעגעבן אויף העברעאיש האָט ער מער ווי פיר צענדליק קינדער־ביכער.

„אונטערן טייטלבוים" איז זיין ערשט בוך אין יידיש, אָדער ווי עס לייענט זיך לעווין קיפּניסעס ווידמונג: „צום אָנדענק פון מיין מאַמע באַבל ר'חל מיין ערשט בוך אין מאַמע־לשון".

דאָס מאַמע־לשון פון לעווין קיפּניס איז אויך אַ זעלטנקייט צווישן אונדזערע קינדער־שרייבערס, זיין יידיש איז זאַפטיק, פאָלקסטימלעך און שפּילעוודיק.

ביי מיר איז קיין שום ספק נישט, אַז אין יידישן לאַנד, וווּ עס האָט אויפגעלעבט העברעאיש, וועט נאָך אויפלעבן יידיש־ לשון און זיך צעבליען ווי אין אונדזערע פאַרשניטענע יידישע שטעט און שטעטלעך, ווו מאַמעס און באָבעס האָבן מיט אַזוי פיל ליבע און בענקשאַפט דערציילט און געזונגען פאַר זייערע קינדער מעשהלעך און פאָלקסלידער, וואָס איז דער קוואַל פון לעווין קיפּניסעס שפּעדיק, קינסטלעריש שאַפן.

בלויז איינער, וואָס לעבט טאָג־טעגלעך מיט יידיש אין מויל, קען שרייבן אַזאַ קאָלירפול־רייך לשון, וואָס האָט אַלע זיבן חנען.

שוין היפּשע עטלעכע יאָר ווי לעווין קיפּניס שרייבט קינדער־מעשיות אויף יידיש, דער עיקר אין „קינדער־זשורנאַל", וואָס ווערט אַרויסגעגעבן פון שלום־עליכם־פאָלקס־אינסטיטוט, און אויך אין „קינדער־צייטונג", וואָס ווערט אַרויסגעגעבן פון בילדונגס־קאָמיטעט פון אַרבעטער־רינג. די קינ־דער־מעשיות האָבן באַלד לכתחילה, ווי זיי זענען נאָר פאַרעפנטלעכט גע־וואָרן, געוועקט אויפמערקזאַמקייט סיי אין דער טעמאַטיק, סיי אין סטיל און סיי אין לשון.

לעווין קיפּניס פאַרמאָגט די גרויסע מעלה, וואָס ער איז, אין זיין

שרייבן, פעדאַגאָג, דערציער און קינסטלער, דערפֿאַר געלינגט אים, אָן דער מינדסטער טענדענץ, גרינג און שפּילעוודיק, צו באַקענען יידישע קינדער מיט יידישער טראַדיציע, מיטן יידישן יום־טוב און מיט אהבת ישראל.

אין דער מעשה „ווו דוד האָט געגומען סכך אויף סוכות", בעט זיך דאָס ייִנגל ביים ציפּרעסבוים: „שענק מיר פון דיינע נאָדלען — שטעקיקע צווייגן, איך דאַרף סכך פאַר מיין סוכה". דער ציפּרעסבוים וויל אים נישט געבן קיין צווייגן, ווייל אין די צווייגן האָבן פייגל געפלאָכטן נעסטן, און צעשטערסטו די נעסטן, וועלן די פייגל־מאַמעס פלאַטערן פון צער און די פּיצינקע קינדערלעך וועלן ביטער וויינען. און דוד גייט צום פייגנבוים, דערנאָך צום איילבוים, און צום רויט־גאָלדענעם מילגרוים און צום טייטל־בוים; און אַז ער האָט זיך געווענדט צו דער פּאַלמע, האָט זי אים געזאָגט: „מיינע צווייגן בייגן זיך און פאַלן ווי זון־שטראַלן. נעם אַ זעג און זעג אָפּ אַלע מיינע פעכערס. אויפן שפּיץ וואַקסט אויך אַ צאַרטער לולב, קענסט אים אויך נעמען".

אין האַנס קריסטיאַן אַנדערסענס מעשה, „די געשיכטע פון אַ מוטער", שטעלן נישט די קינדער קיין פראַגעס, ווען די מוטער בעט זיך ביים דאָרנ־בוים, אַז ער זאָל איר זאָגן ווו דער טויט איז אַוועק מיט איר קינד; און דער דאָרנבוים ענטפערט איר: איך וועל דיר נישט זאָגן, סיידן דו וועסט מיך פריער גוט אָנוואַרעמען, ווייל איך ווער געפרוירן; און די מאַמע דריקט צו דעם דאָרנבוים אַזוי שטאַרק צום האַרצן, אַז די נאָדלען גייען אַריין אין איר לייב, און דאָס אייז צעגייט, און אין מיטן ווינטער הייבט אָן דער בוים צו בליען, אַזוי וואַרעם איז געווען דער מאַמעס באַטריבט האַרץ.

אויך אין לעווין קיפּניסעס מעשיות גליבן די קינדער דעם שרייבער. זיי בלייבן זיצן נאָכן איבערלייענען פאַרחידושט, פריידיק און אַ מאָל אויך טרויעריק.

לעווין קיפּניס האָט אַ סך געמיינשאַפטלעכס מיטן קלאַסישן מייסטער פון די קינדער־מעשיות — האַנס קריסטיאַן אַנדערסען, דער עיקר אין לענען צוקומען צום קינדס האַרץ און נשמה.

עס ליגט אויסגעגאָסן אויף די מערסטע מעשיות פון לעווין קיפּניס יום־טובדיקע תמימותדיקייט, און כאָטש יעדע מעשה האָט אַ מוסר־השכל, איז אָבער דער מוסר־השכל איידל און קינסטלעריש פאַרוועבט און מינערט נישט אויף אַ האָר די הנאה פון דער מעשה.

פון די איין און דרייסיק מעשיות, וואָס געפינען זיך אין בוך, זענען זיבעצן יום־טוב־מעשיות.

אין אונדזער גאַנצער קינדער־ליטעראַטור געפינט זיך נישט נאָך אַ שרייבער וואָס זאָל האָבן געשריבן אויף אַזאַ אינטים־וואַרעמען אופן וועגן יידישן יום־טוב:

„דעמאָלט איז יהודה מכבי צוגעגאַנגען אָנצינדן די מנורה — איז נישטאָ קיין בוימל... אַלע קריגעלעך זענען צעשטויסן, אַלע בוימלען צערונען. איז יהודה טרויעריק געוואָרן און געזאָגט: „ווו וועלן מיר נעמען ריינעם איילבירט־בוימל אָנצוצינדן די מנורה?" („דאָס קריגעלע בוימל", זייט 29).

אַזעלכע אויסדרוקן ווי: „אַלע קריגעלעך זענען צעשטויסן", „אַלע בוימלען צערונען" — זענען טאַקע נישט קיין נעאָלאָגיזמען, אָבער האָבן דערפאַר אַ סך חנען.

אין דער ט"ו־בשבט־מעשה דערציילט אונדז לעווין קיפּניס וועגן „גע־בוירנטאָג פון שקדיה" (מאַנדלביימל), אַז דער האַרבסט איז געקומען איז שקדיה געשטאַנען הויל־נאַקעט:

„דער ווינט ווינט, דער רעגן גייט —
קאַלט איז דער שקדיה אָן אַ קלייד". —

און דאָס מאַנדלביימל האָט זיך געזאָרגט און נישט געקענט שלאָפן:

„האַלבע נאַכט האָט זיך דער הימל־טויער אויפגעמאַכט, און אַ מלאך איז געקומען צו פליען גלייך צו דער שקדיה און אויסגעשריען:

— „גוטן אָוונט,ביימעלע! פאַרוואָס שלאָפסטו נישט? וואָס זאָרגסטו זיך?"

ענטפערט דאָס ביימעלע:

— „ווי קען איך רואיק שלאָפן, ווי זאָל איך זיך נישט זאָרגן? מאָרגן איז מייך געבוירנטאָג, פיל געסט וועלן קומען צו מיר, און איך בין הויל און נאַקעט".

אָבער די מעשה ענדיקט זיך פריילעך; גאַנץ פרי האָט זיך דאָס מאַנדל־ביימל אויפגעכאַפּט און זיך נישט דערקענט: „זי איז געווען באַדעקט מיט הונדערטער טויזנטער בלי־בלומען, ווי ווייס־ראָזע שמעטערלינגען".

לעווין קיפּניס פלעכט אויך אַריין אין זיינע מעשיות עברית: „און איינער

האָט דעם צווייטן געווונטשן: — שנה טובה ומתוקה, אַ גוט, זיס יאָר״ (זייט 14).

„איך הייס ניצה, איך בין אַ ,קצינה׳ ״ (אָפיצערן. פון דער מעשה „נטע כּליט קיין אילת״).

היינט די שטיפערישע קאָמבינאַציע פון ווערטער: „הייסן הייסט ער ,רוני׳, נאָר רופן רופט מען אים ,שיפרוני״ און ווייסט איר פאַר וואָס? ווייל מען האָט רונין געפונען שלאָפן אין אַ שיפל — ,שיפרוני׳, „מאַנדל־מאַנדעל־בערג״, „טייטל־טייטלמאַן״, „באָקסער־באָקסערזאָן״, „פייג־פייגנבוים״, „מאָ־ראַנץ־פּאָמעראַנץ״.

ליפּע לעהרער, דער פאַרוואַלטער פון פאַרלאַג „מתנות״, האָט אַן אַריינפיר צום בוך, ווו ער דערציילט בפרטיות וועגן דעם לעבן און שאַפן פון לעווין קיפּניס.

„אונטערן טייטלבוים״ וועט זיכער ווערן איינס פון די באַליבטסטע ביכער פון דער יידישער שול.

דער פאַרלאַג „מתנות״ פאַרדינט אַ גרויסן יישר־כוח פאַר דער שיינער מתנה, וואָס ער האָט צוגעטראָגן דעם יידישן קינד.

1962

## ד״ר ד. גלאָבוס

ד״ר ד. גלאָבוס האָט געהערט צום אַלטן דור יידישע אינטעלעקטואַלן, וואָס זענען אַריבערגעקומען קיין אַמעריקע מיט איבער צוויי דורות צוריק. ער איז אַהער געקומען מיט אַ באַשטימטער אויסגעקריסטאַליזירטער אידעאָ־לאָגיע. דער קלאַסישער אַנאַרכיזם איז געווען זיין אָפּגאָט אין ערשטן פּעריאָד פון זיין לעבן אין רוסלאַנד און דערנאָך אין אַמעריקע.

אין אַ סך מאמרים, אַרטיקלען און עסייען האָט ער געשילדערט דעם אַנאַרכיזם ווי דער נביאישער אידעאַל פון מלכות שמים אויף אונדזער ערד, ווו די פּערזענלעכקייט פון יחיד וועט זיך קענען אַנטוויקלען צום דעם העכסטן שטאַפּל פון פרייהייט.

אין תוך געגומען האָט אים תמיד מער באַשעפטיקט נישט אַזוי דער היסטאָרישער מאַטעריאַליזם, ווי די גייסטיקע פרייהייט פון יחיד, דאָס האָט פאַרנומען זיין גאַנצן מהות פון טראַכטן און דענקען.

ד״ר ד. גלאָבוס איז געווען ביי אונדז פון די געציילטע יידישע שרייבערס, וואָס האָבן אַ סך געשריבן וועגן פילאָזאָפיע און וויסנשאַפטלעכן מאַרקסיזם. ער האָט געשריבן וועגן פּלאַטאָ, אַריסטאָטעל, העגעל, שאָפּענהאַוער, משה העס, קאַרל מאַרקס, ענגעלס, אָבער מער פון אַלץ האָט ער געשריבן וועגן ברוך שפּינאָזאַ.

הגם ער איז צייטנווייז געווען אַ מאַרקסיסט און אַ היסטאָרישער מאַטעריאַליסט, האָט ער אָבער בשום אופן נישט געקענט שלום מאַכן מיטן געדאַנק, אַז דער שטאַט זאָל ווערן דער איינציקער פאַקטאָר, וואָס זאָל קאָנטראָלירן דאָס עקאָנאָמישע, סאָציאַלע, פּאָליטישע און אפילו גייסטיקע לעבן פון דעם מענטשן. זיין מאַרקסיזם איז דעריבער נישט געווען קיין קאָנסעקווענטער.

ד״ר ד. גלאָבוס איז אָבער יאָ געווען אַ גאַנצער שפּינאָזיסט. ער איז געווען אַ קענער פון שפּינאָזאַ. ברוך שפּינאָזאַ איז אויך געווען זיין מורה דרך ביזן לעצטן טאָג פון זיין לעבן. אָבער און ווידער האָט ער אים געלערנט און געשריבן וועגן אים. שפּינאָזאָס „אַמאָר דעאי אינטעלעקטואַליס״ איז אויך געווען ד״ר גלאָבוסעס „אינטעלעקטואַלע ליבע צו גאָט״. ברוך שפּינאָזאָס פּאַנטעאיזם, אַז גאָט געפינט זיך אומעטום: אין טאָל און אין באַרג אין פעלד און אין וואַלד, און אַז דער מענטש גופא איז אַ טייל פון גאָטהייט — דער דאָזיקער געדאַנק האָט, לויט ד״ר ד. גלאָבוס באַפרוכפּערט די גאַנצע מענטשהייט. וויבאַלד דער מענטש איז אַ טייל פון גאָט, מוז דער מענטש דעריבער זיין גוט, נישט וועלן פאַרניכטן איינער דעם אַנדערן, נאָר העלפן איינער דעם אַנדערן. מען טאָר נישט אונטערדריקן דעם מענטשן. דער גאַנצער סאָציאַליסטישער געדאַנק איז לויט ד״ר ד. גלאָבוס, געווען נישט מער ווי איין אָפּצווייג פון שפּינאָזאָס לערע. וואָרעם ווי באַלד דער מענטש איז אַ טייל פון גאָט, ווי קען גאָר געמאָלט זיין אַן אַנדערע סאָציאַלע אָרדענונג, ווי בלויז די, וואָס איז געבויט אויף יושר, צדק און אמת?

מיט זיין גאַנצן וועזן און נשמה איז ער געווען אַ קעגנער פון יעדער פאָרעם פון דיקטאַטור און אונטערדריקונג. און אויב דער צוקונפטיקער

היסטאָריקער וועט זען אַ סתירה אין דעם, וואָס ד״ר ד. גלאָבוס פלעגט זיך פון צייט צו צייט דרוקן אויך אין אַזאַ זשורנאַל, וואָס טראָגט דעם חותם פון לינקיזם, זאָל ער למען השם דאָס נישט צושרייבן, אַז ד״ר ד. גלאָבוס האָט זיך אידענטיפיצירט מיט יענער באַוועגונג.

זיין דרוקן זיך דאָרטן דאַרף דורכויס צוגעשריבן ווערן צו דער אַנאָמאַליע פון יידישן שרייבער, וואָס האָט נישט תמיד קיין פּלאַטפאָרמע, ווו אויסצודריקן זיינע געדאַנקען, און קען לײדער אָפט נישט ביישטיין דעם יצר־הרע פון וועלן זען זיינע געדרוקטע מאמרים אויך אין אַזעלכע אויסגאַבעס, וואָס זענען דער היפוך פון זיין וועלט־באַנעם.

ד״ר ד. גלאָבוס איז אויך געווען צווישן די סאַמע ערשטע פּראַקטישע טוער און טעאָרעטישע דענקער פון דער מאָדערנער יידישער שול־באַוועגונג. ער איז געווען אַ גרויסער ליבהאָבער און קעמפער פאַר יידיש. אַ וואַרעם ווינקל אין זיין האַרץ און נשמה האָט די יידישע שול פאַרנומען ביי אים ביזן לעצטן טאָג פון זיין לעבן. ער האָט געהאַט גרויס פיעטעט פאַר דער יידישער ליטעראַטור און בכלל פאַר גייסטיקע ווערטן.

לויט דער פּראָפעסיע איז ער געווען אַן אַפּטייקער („דראָגיסט״) און דערנאָך אַ דענטיסט, אָבער לויט זיין אינערלעכן באַרוף — אַ פילאָזאָף. און וואָלט אונדזער געזעלשאַפט געווען געבויט אויף אידעאַלע יסודות, און וואָלטן מיר אויך געהאַט אַ פולבלוטיק יידיש לעבן, וואָלט ד״ר ד. גלאָבוס מסתמא געווען אַ פּראָפעסאָר פון פילאָזאָפיע און עסטעטיק אין אַ יידישער אוניווערסיטעט.

ער איז געווען אַן אינטעלעקטועלער, ערלעכער מענטש אויך אין זיינע מעשים. ער איז געווען אין זיין גאַנץ וועזן, הגם ער איז געשטאָרבן אין הויכן עלטער פון 77 יאָר, קינדיש־ריין, ערלעך, אומבאַהאָלפן און תמימותדיק.

זיינע אַרטיקלען, וואָס האָבן זיך פון צייט צו צייט געדרוקט אין דער יידישער פּרעסע און יידישע זשורנאַלן, זענען געווען געשריבן נישט נאָר אינפאָרמאַטיוו, נאָר אויך מיט אַ וואַרעם האַרץ.

ד״ר ל. גלאָבוס איז געווען אַ פּלוראַליסט לויט זיין פילאָזאָפישן קוק אויפן לעבן. ער איז אידעאיש געווען זייער נאָענט צו ד״ר זשיטלאָווסקי; אויך דער דובנאָוויזם מיט יידישע צענטערן אין משך פון אונדזער היסטאָריש לעבן, ווי אַ וויכטיקער פאַקטאָר אין קיום פון אונדזער פאָלק, איז

אים געווען נאָענט צום האַרצן. ער איז אָבער געווען איבערוועלטיקט פון פרייד, בעת ער איז פּראָקלאַמירט געוואָרן מדינת ישראל ווי אַ יידיש לאַנד.

ד״ר ד. גלאָבוס איז אויך געווען אַ גלענצנדיקער לעקטאָר. ער האָט געקענט רעדן אַזוי, אַז דער פּשוטסטער פאָלקס־מענטש זאָל עס קענען פאַרשטיין. ער האָט פאַרמאָגט אַ וווּנדערלעכן חוש פאַר הומאָר. ער פלעגט תמיד אַריינפלעכטן אַ מעשהלע אָדער אַ משל, כדי בולטער אַרויסצו־ברענגען דעם געדאַנק.

מיט דעם טויט פון ד״ר ד. גלאָבוס האָבן מיר פאַרלוירן אַ לויטערע און ליכטיקע פּערזענלעכקייט, איינער פון די מאָהיקאַנער פון אַ פאַרגאַנ־גענעם דור.

ער האָט איבערגעלאָזט צאָלרייכע עסייען, וואָס נעמען אַרום אַ סך געביטן פון דער מענטשלעכער קולטור. אין זיין גרויסער באַשיידנקייט האָט ער זיי אַליין נישט אַרויסגעגעבן אין בוך־פאָרם.

די פאַרבליבענע פריינד זיינע, צוזאַמען מיט דער משפּחה דאַרפן דאָס איצטער צונויפזאַמלען, מסדר זיין און אַרויסגעבן. דאָס וועט זיין אַ וויכטי־קער צושטייער צו אונדזער וויסנשאַפטלעכער ליטעראַטור.

1950

## „חלוצים אין פּוילן״ *

די גרינדונג פון מדינת ישראל איז די גרעסטע און ליכטיקסטע דער־שיינונג פון אונדזער גאַנץ היסטאָריש לעבן אין די לעצטע צוויי טויזנט יאָר. אין ליכט פון גרעסטן חורבן, וואָס אונדזער פאָלק האָט איבערגעלעבט, וואָלט חס־וחלילה אָן אַ יידיש לאַנד אויסגעבראָכן צווישן יידן אַ שפּלות־קאָמפּלעקס, וואָס וואָלט אָנגענומען אַזעלכע דימענסיעס, וואָס עס איז אוממעגלעך זיך פאָרצושטעלן. דאָס אַנטלויפן פון יידן און די שמד־מגיפה

* חלוצים אין פּוילן: אַנטאָלאָגיע פון דער חלוצישער באַוועגונג, צוזאַמענגעשטעלט און רעדאַגירט פון לייב שפּיזמאַן; פאַרש־אינסטיטוט פון דער ציוניסטישער אַרבע־טער־באַוועגונג, ניו־יאָרק, 1959.

וואָלט אָנגענומען אַ קאַטאַסטראָפאַלן כאַראַקטער, וואָס האָט נישט קיין גלייכן אין אונדזער געשיכטע. די דעגענעראַציע וואָלט באַזונדערס גרויס געווען צווישן דער אינטעליגענץ אין די קלענערע יידישע ישובים און צווישן די רייכע, אַפּגעפרעמדטע יידן.

קיין שום שרייבער האָט זיך נאָך נישט איינגעגעבן איבערצוגעבן די ווירקונג פון יידישן לאַנד אויף דער פּסיכיק פון יידישן פאָלק.

מדינת ישראל האָט אין דער שווערסטער צייט פון יידישן פאָלק רעהאַ־ביליטירט דעם יידיש־נאַציאָנאַלן געפיל און געגעבן מאָראַלישן יסוד פאַר אַן אַ שיעור יידן פון דער גאָרער וועלט. ל. שפּיזמאַנס „חלוצים אין פּוילן" האָט דעריבער אַזאַ אומגעהייער קולטור־היסטאָרישן ווערט מחמת דעם, וואָס דאָס ווערק גיט אונדז דעם יסוד פון דעם ווידערגעבורט פון מדינת ישראל.

„דאָס יידישע לעבן איז אַ קרייז־באַוועגונג פון ציון און צוריק צו ציון", אַזוי האָט זיך אַ מאָל אויסגעדריקט וולאַדימיר זשאַבאָטינסקי. ל. שפּיזמאַנס פונדאַמענטאַל ווערק שפּיגלט אָפּ די יידישע בענקשאַפט נאָך ציון אין משך פון אַלע דורות פון יידישער צעשפּרייטקייט. דער ערשטער באַנד „חלוצים אין פּוילן" איז אין אַ געוויסן פּרט אַ נאַציאָנאַל־יידישע אַנטאָלאָגיע פון די פיר עליות, וואָס האָבן גורם געווען די פאַרווירקלעכונג פון דער יידישער מדינה. דער מחבר דערפירט אין ערשטן באַנד ביז דעם אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, ד. ה. ביזן יאָר 1939.

אין די לעצטע הונדערט זייטן באַקענט אונדז ל. שפּיזמאַן מיט דער אומלעגאַלער עליה. ער זאָגט צו דעם לייענער, אַז אין צווייטן באַנד וועט ער פאַראייביקן דאָס העראָאישע קאַפּיטל פון „העפלה". „דעם געראַנגל פון די מעפּילים־שיפן מיט דער בריטישער מאַכט און דעם העלדישן ווי־דערשטאַנד פון דעם יידישן ישוב; די געטאָ־קעמפער, פאַרטיזאַנען, פּאַראַ־שוטיסטן, בריחה, בריגאַדע. די דאָזיקע מגילה פון לײַדן און העראָאיזם וועט ווערן פונאַנדערגעוויקלט אין צווייטן באַנד, וואָס וועט אַרומנעמען די יאָרן 1948—1940" (פון ל. שפּיזמאַנס הקדמה). אָט די ביידע בענד וועלן דינען די קומענדיקע יידישע היסטאָריקער ביים שרייבן די געשיכטע פון אונדזער פאָלק אין דער טראַגישסטער און אויך ליכטיקסטער תקופה, וואָס אונדזער דור האָט איבערגעלעבט.

אין ערשטן באַנד „חלוצים אין פּוילן", באַקענען מיר זיך דורך און דורך,

אַ דאַנק אַ ריי דאָקומענטאַרע מאמרים, מיט דער ערשטער עליה פון די בילוצעס, און מיט דער צווייטער עליה; פון דער עליה ב׳ זענען, ווי באַקאַנט, די אָנפירנדיקע פּערזענלעכקייטן, צום גליק, נאָך אַלץ טעטיק אויף אַלע געביטן פון דער יונגער יידישער מלוכה.

דער מחבר שטעלט זיך געגוי אָפּ, אין אַ שלל מאמרים, אויף דער דריטער און פערטער עליה, וואָס האָבן געבראַכט גרויסע מאַסן יידן קיין ארץ־ישראל.

די ערשטע צוויי עליות זענען באַשטאַנען פון אידעאַליסטישע גרופּעס, ס׳רוב פון דער יידישער אינטעליגענץ, וואָס זייער ציל איז געווען זיך באַזעצן אין היסטאָרישן יידישן לאַנד און אויסטרעטן אַ וועג, אַז דאָס פאָלק אָן אַ לאַנד זאָל זיך באַזעצן אין לאַנד אָן אַ פאָלק. הגם די ערשטע צוויי עליות זענען פאַרהעלטנישמעסיק געווען קליין, האָבן זיי אָבער אויסגעטראָטן דעם וועג פאַר די שפּעטערדיקע דריטע, פערטע און אויך פינפטע עליות — מיט זייער מאַסן־באַוועגונג.

אין ל. שפּיזמאַנס ווערק זענען פאַראַן אַרבעטן וועגן דער חלוצים־באַוועגונג אין אַלע גרעסערע און אויך קלענערע צענטערן. דער מחבר ברענגט אין זיין ווערק דאָקומענטאַרע מאמרים וועגן די הכשרהס און הלוציות און גאַר אינטערעסאַנטע טאַבעלן וועגן דער צאָל חלוצים, וואָס האָבן זיך געפונען אין אַלע לענדער ווו יידן האָבן געלעבט: אין פּוילן, גאַליציע, רומעניע, ליטע, לעטלאַנד, דייטשלאַנד, טשעכיע, עסטרייך, בולגאַריע, האָלאַנד, בעלגיע, פראַנקרייך, אונגאַרן, יוגאָסלאַוויע, עסטלאַנד, סיריע, פאַראייניקטע שטאַטן, קובאַ, אַרגענטינע און דרום־אַפריקע.

די חלוצישע מחנה פון יעדן לאַנד ווערט געגוי אָנגעגעבן. אין 1927 זענען אין פּוילן געווען 4,200 חלוצים, אין 1930 — 11,616, און אין דעם קאַטאַסטראָפאַלן יאָר פון 1933 האָט די חלוצים־מחנה זיך פאַרגרעסערט אויף 41,000. אַן ערך אַ העלפט פון דער חלוצישער באַוועגונג האָט זיך געפונען אין פּוילן. די צווייטע אין דער ריי איז געווען גאַליציע, דערנאָך קומען רומעניע און ליטע.

אַט וואָס עס שרייבט „דאָס וואָרט" פון אויגוסט 1933: „אין זיין גרויסער אַרבעט איז דער „החלוץ" אין גאַנצן אַליין. די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע האָט נישט אַרויסגעוויזן קיין פאַרשטענדעניש. פאַרקערט: באַרויבט זיינע לעבעדיקסטע רעכט און אינטערעסן קודם־כל אויפן געביט

פון עליה. די אינערלעכע סערטיפיקאַטן־פּאַרטיילונג האָט אַרויסגעוויזן די געפערלעכסטע טענדענץ — פאַרקלענערן די חלוצישע עליה. ווייניקער ווי אַ העלפט סערטיפיקאַטן ווערן איבערגעגעבן דער חלוצישער עליה. דער ציוניסטישער קאָנגרעס מוז אָננעמען אַ שטעלונג אין דער פראַגע. ער מוז די לאַגע ראַדיקאַל ענדערן" (זייט 654).

ווען מען זאָל על רגל אחת וועלן ענטפערן, וואָס ס'האָט גורם געווען די פאַרווירקלעכונג פון מדינת ישראל, וואָלט דער ענטפער געווען: דער צוויי־טויזנט־יאָריקער חלום פון אַ גאַנץ פאָלק, די אומאויפהערלעכע בענקשאַפט פון יידישן פאָלק נאָך ארץ־ישראל. די נביאישע וויזיעס פון אַלע דורות יידישע חדר־יינגלעך, וואָס האָבן לערנענדיק חומש געטראָגן אויף ציונס ערד. יהודה הלויס ענטפער צו די אַראַבישע קעמל־אָנטרייבער, וואָס ווען זיי האָבן אויף זיין פראַגע אין אַלכסנדריה: ווו איז דער וועג קיין ירושלים, אים געזאָגט: נישטאָ אַזאַ שטאָט; האָט יהודה הלוי זיי געענטפערט: איך וועל שוין געפינען דעם וועג, איך בין דאָרטן געווען מיט דריי טויזנט יאָר צוריק, איך קען יעדעס וועגעלע און שטעגעלע.

דאָס אַלץ איז אמת און דאָך דוכט מיר, אַז דער אידעאַליזם פון די הלוצים, זייער גאַרן נאָך גאולה, די קיבוצים, וואָס זיי האָבן אויפגעשטעלט, און וואָס זענען געוואָרן דער ליכטיקסטער מוסטער פון אַ פּלאַנירט קאָאָפּעראַטיוו לעבן אויפן יסוד פון יושר און צדק, איז געווען דער הויפּט־גורם פון דעם ווידערגעבורט פון יידישן לאַנד. דערפאַר איז ל. שפּיזמאַנס „חלוצים אין פּוילן" פון אַזאַ גרויסן היסטאָרישן ווערט, ווייל ער האָט מיט הלוצישן באַוווסטזיין, פלייס און געזעלשאַפטלעכער אחריות, צונויפגעזאַמלט אַלצדינג פון דער יידישער פּובליציסטיק, בעלעטריסטיק און פּאָעזיע, וואָס קען באַלייכטן, פון אַלע אַספּעקטן, דאָס דאָזיקע גרויסע קאַפּיטל יידישע געשיכטע.

דער ערשטער באַנד פאַרמאָגט 668 זייטן מיט אַ רייכער ביבליאָגראַפיע; דאָס ווערק האָט אַ צאָל בילדער, וואָס העלפן בולטער זען דעם היסטאָרישן וועג פון דער הלוצישער באַוועגונג.

איך וויל פאַרענדיקן מיין קורצן איבערבליק מיט אַן אויסצוג פון דוד בן־גוריונס אַן אַרטיקל „קאַמף פאַר עליה", וואָס ער האָט געשריבן אין יאָר 1938:

„...איין פאַקט איז אָבער פאַראַן, וואָס ביי אים קען איצט אַבסאָלוט

נישט חל זײַן קיין שום קאָמפּראָמיס, און דאָס איז: די יידישע עליה קיין א״י. מיר קענען דיסקוטירן וועגן יעטוועדער פּשרה אויף וואָס פאַר אַ שטח עס זאָל נישט זײַן — אָבער נישט וועגן אַ פּשרה אין דער פראַגע פון עליה. אין אָנבליק פון דער לאַגע אין דער וועלט, אין אָנבליק פון די אויסראָ־טינגס־גזירות, וואָס היטלער און זײַנע שותפים האָבן אויף אונדז אַרויס־געטראָגן — האָבן מיר אין ארץ־ישראל אַן איין־און־איינציקן באַדאַרף, אַ בר׳ענענדיקן, דרינגענדיקן, אומבאַדינגטן און קאַטעגאָרישן באַדאַרף: אַ באַלדיקע עליה פון הונדערטער טויזנטער יידישע יונגעלייט, נישט במשך פון דורות, נאָר שוין איצט, באַלד, בעגלא ובזמן קריב״ (זייט 608).

אין 1938 האָט דוד בן גוריון נישט געקאָנט מסכים זײַן אויף אַ קאָמ־פּראָמיס ווען עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן עליה; היינט־צו־טאָג קען ער אײַנגיין אויף פּשרות, ווען עס האַנדלט זיך וועגן אַ ריי ענינים, אָבער בשום אופן קען ער נישט מסכים זײַן אויף קיין שום פּשרה, ווען עס האַנדלט זיך וועגן דער זיכערקייט פון לאַנד. אויך וועגן דעם איז דאָ אַן אָנצוהערעניש אין ספר „חלוצים אין פוילן“.

אַ שאָד, וואָס ל. שפּיזמאַן האָט פאַרזען צו געבן אַ רשימה פון די פיל הונדערטער נעמען, וואָס געפינען זיך אין זײַן ווערק.

1961

## ס. דינגאָל אַ בן שבעים

דער פאַרדינסטפולער יידישער זשורנאַליסט און שרײַבער ס. דינגאָל, האָט לעצטנס געפײַערט זײַן זיבעציק־יאָריקן געבוירנטאָג.

ס. דינגאָל געהערט צו די אחריותדיקע יידישע זשורנאַליסטן. במשך די קנאַפּע פערציק יאָר פון זײַן פּרעסע־טעטיקייט, איז ס. דינגאָל פאַרבליבן איינער פון די אָפּגעהיטנסטע זשורנאַליסטן. און ס׳איז גאָרנישט קיין קליי־ניקייט פאַר אַ מענטשן, וואָס געפינט זיך שוין אַזוי פיל יאָרן אין סאַמע שפּיץ פון צײַטונגען, אַז ער זאָל כסדר באַווײַזן זיך אויסצוהיטן פון גוזמאות, פון סענסאַציעס, און אָנהאַלטן שרײַבערישע חשיבות. צו דעם פאָדערט זיך

אין גאָר אַ גרויסער מאָס גייסטיקער באַלאַנס און אינטעלעקטועלע ערלעכ־קייט. און דער עיקר — מע דאַרף זיין אַ בעל־שכל.

ס. דינגאָל רעאַגירט אויף יידישע פּראָבלעמען נישט בלויז פון יידישן, נאָר אויך פון אַן אַלגעמיין־אַמעריקאַנישן קוקווינקל. ער קען גוט דעם עקאָנאָמישן און סאָציאַל־פּאָליטישן מצב פון אַמעריקע. אין פּרט פונעם אַלגעמיינעם אַמעריקאַנער לעבן, איז ס. דינגאָל איינער פון אונדזערע באַהאַוונטסטע שרייבער.

עס דערמאָנט זיך, ווי אין מיינע „גרינע" טעג, אין מיטן די צוואַנ־ציקער יאָרן, איז מיר אויסגעקומען צו הערן אַ לעקציע פון ס. דינגאָל וועגן אַמעריקאַנער פאַרהעלטענישן. האָט ער בדרך אגב אויסגערעכנט די גרויסע חובות, וואָס די אייראָפּעאישע מלוכות זענען שולדיק אַמעריקע. און בעת ער האָט געזאָגט: „פון פראַנקרייך קומט אונדז עטלעכע הונדערט מיליאָן דאָלאַר ((ער האָט געגעני דערמאָנט די סומע) און די פראַגע שטעלט זיך, צי מיר זאָלן איר ווייטער לייען", און אַזוי ווי ער האָט די לעקציע געהאַלטן פאַר אַ יידיש־ליטעראַרישער אינסטיטוציע, זענען מיר די ווער־טער — „פון פראַנקרייך קומט א ו נ ד ז", און „צי זאָלן מ י ר ווייטער לייען", פאַרגעקומען זייער פרעמד. אָבער ס. דינגאָל האָט זיך שוין באַטראַכט פאַר אַ פולן אַמעריקאַנער, כאָטש ער איז שוין דעמאָלט געשטאַנען אויף דער וואַך פון יידישע אינטערעסן.

ס. דינגאָל אָפּערירט תמיד מיט פאַקטן און אַנאַליזירט טרעפלעך אפילו די קאָמפּליצירטסטע סיטואַציעס, און די מסקנות, וואָס צו זיי קומט ער, זענען דערפאַר, בדרך כלל, ריכטיק.

ער וועט אין זיין שרייבן קיין מאָל נישט אָננעמען קיין היסטערישן טאָן, ווי מען טוט עס ביי אונדז נישט זעלטן, באַזונדערס ווען מען האָט צו טאָן מיט אַ קאָנקורענט אָדער מיט אַ פּאָליטישן קעגנער, צי אין טעג פון יאוש. ער מיידט אויס שרייענדיקע און הויכע טענער, ווייל זיי האָבן נישט קיין באַזונדערע פּעולה. ער שרייבט אין שטילע טענער און רעדן רעדט ער אויך אַזוי: געלאַסן, רואיק, באַדאַכט און דורכגעטראַכט. דערפאַר איז די ווירקונג פון זיין שרייבן אָפט אַזוי שטאַרק.

וואָלט ס. דינגאָל נישט געווען קיין שרייבער, וואָלט ער געקאָנט זיין אַ גוטער לערער, באַזונדערס אין פּאָליטישער עקאָנאָמיע, אָבער אויך אַנדערע צווייגן פון וויסן זענען אים נאָענט.

עס דערמאָנט זיך אַ סעריע אַרטיקלען זיינע וועגן לואי בראַנדייס און אַנדערע אַמעריקאַנער יוריסטן. אָט די אַרטיקלען האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט שאַרפער אַנאַליטיק און לאָגיק, און דער לייענער האָט פון זיי אַ סך געוווּנען.

ס. דינגאָל האָט אַ פיינעם חוש פאַר ליטעראַטור און ווען נאָר ער באַרירט אַ בוך, דערפילט מען אין אים אַ קריטישן לייענער און אויס־טייטשער.

ס. דינגאָל איז במשך זיינע זשורנאַליסטישע און שרייבערישע יאָרן אויך געווען טעטיק אין אַ ריי וויכטיקע יידישע אינסטיטוציעס.

צום ליבסטן און נאָענט צום האַרצן איז אים די מפא״י אין מדינת ישראל, ווייל זי האָט אין איר אַרבעט: פּלאַן־ווירטשאַפטלעכן סדר, אידעאַ־ליזם און וויזיע.

ס. דינגאָלן זענען דערווידער עקסטרעמע האַנדלונגען פון וואָס פאַר אַ ריכטונג זיי זאָלן נישט קומען. אַפילו ווען מדינת ישראל באַגייט עפּעס אַן עקסטרעמען אַקט, שאַקירט דאָס אים אויך, ווייל לא זו הדרך.

די יידישע שולן האָבן אין אים אַ נאָענטן פריינד, און נעמט ער אַ מאָל אַ וואָרט אין אַ שול־פּראָגע און ווייזט אָן אויף טעותן, הערט מען זיך גאָר שטאַרק צו אים צו.

ס. דינגאָל איז מיט יאָרן צוריק אַפילו געווען דער פּרעזידענט פון שלום־עליכם פאָלק־אינסטיטוט, און בעת זיינע קינדער האָבן זיך געלערנט אין איינער פון די סאַמע בעסטע יידישן שולן, אין דער שלום־עליכם פאָלק־שול 13, מיט דעם אַמאָליקן באַוווּסטן לערער ד״ר ב. שטשעגלאָוו, ווי דער גייסטיקער אָנפירער, איז דינגאָל אויך געווען טעטיק אין דער לאָקאַלער שול, און יעדן זונטיק געגאַנגען אין יידישע היימען ווערבירן קינדער פאַר דער שול.

שוין דעמאָלט האָט ס. דינגאָל אָנגעוויזן, אַז תנ״ך מוז ווערן אַן עיקר־לימוד אין דער יידישער שול. פּונקט ווי אַ בוים מוז האָבן וואָרצלען, כדי ער זאָל בליען און טראָגן פּירות, אַזוי מוז אַ יידיש קינד, קודם־כל, קענען דעם תנ״ך, כדי צו זיין גייסטיק פאַרבונדן מיטן יידישן לעבן. מיט זיין אַקטיוון אָנטיילנעמען האָט ער גורם געווען, אַז די שול זאָל שטיין אויף אַ הויכן יידיש־פּעדאַגאָגישן מצב.

ס. דינגאָלס וועכנטלעכע אַרטיקלען „די וואָך אין יידישן לעבן״, איז

צווישן די געלייענטסטע „פיטשורס" אין דער צייטונג. דאָס זענען נישט בלויז קאָמענטאַרן אויף די געשעענישן במשך דער וואָך, וואָס האָבן אַ שייכות מיט יידן, נאָר דאָ מאַניפעסטירט זיך אויך זיין אידעאישער איינ־שטעל.

זיין שטאַנדפּונקט איז קיין מאָל נישט סעקטאַנטיש, ער האָט תמיד אין אויג דאָס יידישע פאָלק, די יידישע אינטערעסן אין ברייטסטן זין פון וואָרט. און הגם ער רעדט אין „שטילע טענער", האָט זיין וואָרט אַלע מאָל אַ דע־קונג, און ער זאָגט עס אַרויס, ווו מען דאַרף און ווו ס'איז נייטיק, שאַרף און קלאָר, אַזוי אַז עס מוז האָבן אַן אָפּקלאַנג.

ס. דינגאָל איז אַ בצימצומדיקער שרייבער: ער, וואָס האָט ברייט יידיש און אַלגעמיין וויסן, ציט אָבער קיינמאָל נישט אויס קיין אַרטיקל, כדי אונטערצושטרייכן אָדער אַרויסצווייזן זיין געלערנטקייט. ער מיידט אויס כתם ווערטער אָדער „שיינע פראַזן".

ס. דינגאָל איז געווען איינער פון יענער קאַטעגאָריע יידישע עמיג־ראַנטן, וואָס האָבן אויף זייער וואַנדערוועג אויף אַ צייט זיך פאַרהאַלטן אין לאָנדאָן; דאָרט טאַקע האָט ער אין 1908 פאַרעפנטלעכט אין אַ יידישער צייטונג זיין ערשט אַרטיקל, אַזוי, אַז דינגאָלס זיבעציקסטער געבוירנטאָג האָלט כמעט צונויף מיטן פופציק־יאָריקן יובל זינט ער האָט אָנגעהויבן זיין שרייבערישע קאַריערע.

ס. דינגאָלס יידיש איז אַלע מאָל קאָרעקט, ציכטיק, אָפּגעהיטן, מיט קולטור און יידישער איינגעוואָרצלטקייט. זיין באַציאונג צום יידישן וואָרט און זיין רייפקייט ווי אַ שרייבער, ווייזט אונדז דער פאַקט, וואָס ער איז שוין דעמאָלט געוואָרן דער לאָנדאָנער קאָרעספּאָנדענט פון דער ערנסטער צייטונג „דער פריינד". ווען די צייטונג איז נאָך אַרויסגעגאַנגען אין פּע־טערבורג און אויך שפּעטער, ווען „דער פריינד" האָט זיך אַריבערגעקליבן קיין וואַרשע.

*

ס. דינגאָל איז געבוירן געוואָרן דעם 15טן מערץ 1886 אין ראָגאַטשאָוו, מאָהילעווער גובערניע, אין דעם אַמאָליקן צאַרישן רוסלאַנד. ער שטאַמט פון אַ חסידיש־לומדישער משפחה. ער האָט געקריגן אַ יידיש־טראַדיציאָנעלע דערציאונג און אַ צייט געלערנט אויך אין ווילנע.

ס. דינגאָל האָט שפּעטער אין בערן, שווייץ, שטודירט פּאָליטישע עקאָ־נאָמיע און ווען ער איז, אין 1916, געקומען קיין אַמעריקע, האָט ער פאָרגע־זעצט שטודירן אין קאָלומביע־אוניווערסיטעט.

אין לאָנדאָן, וואָס איז דעמאָלט געווען אַ גרויסער יידישער צענטער, האָט ער נאָך אין 1913 רעדאַקטירט די טעגלעכע צייטונג „דער יידישער זשורנאַל" און זיך אויך באַטייליקט אין אַנדערע יידישע צייטונגען און צייטשריפטן אין לאָנדאָן און מחוץ ענגלאַנד.

קורץ נאָך זיין קומען קיין אַמעריקע, איז ער געוואָרן געהילפס־רע־דאַקטאָר אין „אידישן טאַגעבלאַט". זינט 1920 איז ס. דינגאָל פאַרבונדן ווי אַ רעדאַקציע־מיטגליד מיט דעם „טאָג" און שפּעטער מיטן „טאָג־מאָרגען־זשורנאַל".

ס.דינגאָל איז אויך דער מחבר פון אַ דראַמע „פרעמד בלוט", אַ טעאַ־טער־שטיק — „דער נדר"; אויך צייטונגס־ראָמאַנען האָט ער געשריבן ווי: „די יתומה", „ליבע און מיליאָנען". באַרימט איז ער אָבער געוואָרן ווי אַ פּובליציסטישער שרייבער. דאָ האָט ער זיך אויפגעבויט גאָר אַ חשובע שרייבערישע רעפּוטאַציע.

אין די פאַרשידענע אַמטן, וואָס ער האָט פאַרנומען אין זיין צייטונג, איז ער פאַרבליבן דער אייגענער יידיש־אחריותדיקער שרייבער, וואָס רופט צו זיך אַרויס באַציאונג און דרך־ארץ.

צו זיין זיבעציקיאָריקן געבוירנטאָג איז זיין שרייבן נאָך אַלץ פריש און צומאָל אויך יוגנטלעך.

מיר ווינטשן אים, אַז ער זאָל נאָך שאַפן לאַנגע יאָרן און אָנהאַלטן די אייגענע רואיקייט און גייסטיקן באַלאַנס, וואָס אונדזער סביבה און דאָס יידישע לעבן נייטיקן זיך אין זיי אַזוי שטאַרק.

1957

## נ. ב. מינקאָװוס „אליהו בחור און דאָס ,בבא־בוך'"

דער פּאָעט און קריטיקער נ. ב. מינקאָוו האָט אויך גרויסע פאַרדינסטן ווי אַ פאָרשער פון יידישער סאָציאַלער דיכטונג, פון אַלט־יידיש און פון דער אַלט־יידישער ליטעראַטור.

פון שטיקלעך און ברעקלעך האָט ער געשאַפן צענדליקער מאָנאָגראַ־פיעס פון יידישע דיכטערס, וואָס ביי זיי איז דער סאָציאַלער מאָטיוו די הויפט־טרייבקראַפט פון זייער דיכטעריש שאַפן.

אין די פיל עסייען וועגן די סאָציאַלע דיכטער איז נ. ב. מינקאָוון נישט אַזוי שטאַרק געגאַנגען אין אַ נ אַ ל י ז י ר ן, הגם ער פאַרמאָגט אַנאַליטישע פעאיקייטן, ווי ער ווייזט עס אין דעם נאָר וואָס דערשינענעם בוך, ווי אין ווידער באַלעבן די פאַרגעסענע דיכטער, זיי געבן אַ תיקון און אויף אַזאַ אופן צוגרייטן מאַטעריאַל פאַר דעם היסטאָריקער פון דער יידישער ליטע־ראַטור (הגם מינקאָוו קאָן אַליין ווערן דער היסטאָריקער פון דער יידישער ליטעראַטור).

נ. ב. מינקאָוו איז זייער גוט באַהאַוונט אין דער וועלט־ליטעראַטור, גאָר באַזונדערס אין דער פּאָעזיע און עסיי, מיט אַ וואָרט, מיט אַ פּראָזע, אָן אַגב אורחאדיקן אָנדייט, עפנט ער פאַר אונדז, אויב נישט דאָס גאַנצע פענצטער, איז לפחות אַ שפּאַלט צו די קולטור־אוצרות פון דער וועלט.

דווקא זיין ערנסטע און פּיעטעטישע באַציאונג צו גייסטיקע יידישע ווערטן, האָט אים געפירט אויף די ברייטע שליאַכן פון דער וועלט־ליטע־ראַטור.

נ. ב. מינקאָוו שרייבט בדרך כלל נאָר וועגן אַזעלכע שרייבערס, וואָס ער קאָן שרייבן וועגן זיי אין זייערע ווערק מיט וואַרעמקייט, און איז ער פאַרליבט אין אַ דיכטער, ווי, למשל, אין מיכל ליכט צי אליהו בחור, דעמאָלט איז ער באַזונדערס אינטערעסאַנט און שעפעריש.

נ. ב. מינקאָווס אַרבעט — די „אַלט־יידישע ליטעראַטור פון אָנהייב ביזן מיטן 18טן י״ה״, וואָס ער האָט פאַרעפנטלעכט אין דער אַלגעמיינער יידי־שער ענציקלאָפּעדיע, אין באַנד יידן „ג״, און וואָס פאַרנעמט 30 גרויסע זייטן, איז גאָר אַ וויכטיקער בייטראַג צו דער פאָרשונג פון אונדזער אַלטער יידישער ליטעראַטור. ער ווייזט דאָרטן אַרויס אַ סך ערודיציע און ידיעות אין דער אַלטער יידישער ליטעראַטור.

נ. ב. מינקאָוו איז צווישן דער קליינער צאָל יידישע געלערנטע, וואָס קען גוט אַלט־יידיש און די אַלט־יידישע ליטעראַטור.

דאָס פילט זיך אין זיין אַלזייטיקער אַרבעט וועגן דעם אויפקום פון דער יידישער ליטעראַטור, און באַזונדערס אין זיין בוך — „אליהו בחור און דאָס בבא־בוך״ ((באָווע־בוך).

צו אליהו בחורס פירהונדערט־יאָריקן יאָרצייט זענען דערשינען וועגן אים און זיין הויפּטווערק „בבא־בוך" עטלעכע וויכטיקע אַרבעטן. אין דער ערשטער ריי פאַרנעמט יודאַ א. יאָפּעס אליהו בחורס „בבא דאנטונא" (בבא־בוך).

יודאַ א. יאָפּעס היסטאָרישע אַרבעט באַשטייט אין דעם, וואָס ער האָט אַרויסגעגעבן די ערשטע אויסגאַבע (פון יאָר 1541) פון בבא־בוך. ער האָט געמאַכט פאָטאָסטאַטן פון דעם זעלטענעם עקזעמפּליאַר, וואָס ד"ר מאַקס וויינרייך האָט אַנטדעקט אין דער ציריכער צענטראַלער ביבליאָטעק אין יאָר 1931.

ווי אַ גרויסער אויטאָריטעט פון אַלט־יידיש, האָט יודאַ א. יאָפּע פריער אויסגעבעסערט דאָס רוב דרוקגרייזן און אויך אָנגעשריבן אַ זייער באַלעַ־רנדיקע הקדמה. דערמיט האָט יודאַ א. יאָפּע אָפּגעראַטעוועט דאָס דאָזיקע באַרימטע ווערק, הגם די פאָטאָגראַפיעס פון „בבא דאנטונא" (בבא־בוך), האָט ער שוין אַ סך יאָרן ביי זיך. אַצינד וועט יעדער איינציקער האָבן אַ צוטריט צו דעם קולטור־היסטאָרישן ווערק. ער וועט האָבן אַ צוטריט, אָבער לייענען און זיך אָריענטירן אין דעם ווערק, ווער שמועסט פון האָבן אַן עסטעטישן געניס, דאָס איז שוין אַ שווערערע הלכה. מען דאַרף געדענ־קען, אַז דאָס בוך איז געשריבן מיט אַזוי פיל הונדערטער יאָרן צוריק (אין 1507) און פונקט ווי יעדע שפּראַך האָט זיך אַ סך געענדערט אין משך פון כמעט 450 יאָר, אַזוי האָט זיך אויך אונדזער יידיש זייער פיל געביטן.

דאָס בבא־בוך איז געשריבן אין „ווייבערישן שריפט", אַ כמעט רש"י־כתב. „העברעאיזמען" זענען נישט פאַראַן צו פיל, הגם עס זענען פאַראַן אין ווערק קערנדיקע העברעאישע אויסדרוקן, אָבער דער עיקר שוועריקייט אין לייענען און פאַרשטיין דאָס בבא־בוך, צי „פּאַריז און וויענע", „דאָס שמואל־בוך", „קיניג אַרטור" איז, וואָס ווי בכלל אין דער גאַנצער עפּילמאַנישער דיכטונג, באַגעגנט דער לייענער אַלט־גערמאַנישע ווערטער פון מיטלהויך־דייטש. דער לייענער מעג אַפילו באַהערשן אויסגעצייכנט דייטש, וועט ער אַלץ נישט קענען לייענען און הנאה האָבן פון די דערמאָנטע ווערק, ער מוז קודם־כל קענען אַלט־יידיש.

וואָס איז דער גרויסער אויפטו פון נ. ב. מינקאָוון? דער היינטיקער יידישער לייענער וועט צום ערשטן מאָל קענען געניסן די פולע עסטעטישע שיינקייט פון דעם ווערק. נישט בלויז וועגן און אַרום דעם בבא־בוך וועט

ער לייענען, נאָר גרויסע טיילן פון בבא־בוך גופא, ווי אליהו בחור האָט עס געשריבן ; בלויז אַ וואָרט דאָ, אַן אַנדער וואָרט דאָרטן, וואָס נ. ב. מינקאָוו האָט צוגעשטעלט אין קלאַמערן, מאַכט מעגלעך, אַז יעדער איינציקער זאָל קענען לייענען דאָס בוך, וואָס איז אין משך פון די יאָרהונדערטער דער־שינען אין אומצייליקע אויסגאַבעס. אין גאַר אַ סך אויסגאַבעס אין דאָס בבא־בוך דערשינען נישט אין דער פּאָעטישער פאָרעם ווי אליהו בחור האָט עס געשריבן, נאָר ווי אַ מעשה אין פּראָזע.

נאָך אַ גרויסער אויפטו פון נ. ב. מינקאָוון איז, וואָס ער האָט אַנאַלי־זירט דאָס בבא־בוך נישט בלויז ווי אַ שפּראַך־פאָרשער, נאָר אויך ווי אַ פּאָעט ; עס איז נישט אַזוי גרינג, אַז אַ היינטיקער לייענער זאָל קינסטלע־ריש באַווירקט ווערן פון בבא־בוך. דער סוזשעט איז אַזוי אומרעאַל, אַזוי פרעמד, אַז נ. ב. מינקאָוו איז לכתחילה צוגעגאַנגען צום ווערק, נישט כדי צו זוכן קינסטלערישע שיינקייט, נאָר גיכער פון אַלץ ווי אַ פּאַראינטערע־סירטער אין יידיש.

ד״ר ישראל צינבערג שרייבט וועגן בבא־בוך צווישן אַנדערן :

„אליהו בחור האָט דער ערשטער איינגעפירט אין דער יידישער ליטעראַטור די Ottava Rima און עס איז ממש צו באַוווּנדערן מיט וואָס פאַר אַ מייסטערשאַפט דער פאַרפאַסער פון „בבא־בוך" האָט באַהערשט די דאָזיקע קאָמפּליצירטע סטראָפעס־פאָרעם.

די ריימען זענען רייכע, פאָלקלאָנגיקע און אָפט איבעראַשן זיי ממש מיט זייערע אומדערוואַרטע אַסאָנאַנסן".

„די דאָזיקע פאָרעם־מייסטערשאַפט באַווייזט ערשט אליהו בחור אין איר אמתן גלאַנץ נישט בלויז אין בבא־בוך, נאָר אין צווייטן ראָמאַן ,פּאַריז און וויענע' " (זעקסטער טייל, די געשיכטע פון דער ליטעראַטור ביי יידן).

אויך ד״ר מ. ווײַנרייך אין זיין אויספירלעכן קאַפּיטל ((בילדער פון דער יידישער ליטעראַטור־געשיכטע) האָט אַ סך לויב פאַר אליהו בחור און זיינע ווערק ; און דאָך האָט דער היינטיקער לייענער בשום אופן זיך נישט געקאָנט באַגייסטערן פון די גרויסע גבורות, וואָס דער איידעלער ריטער בבא באַווייזט, ווי אַזוי ער דרייט זיך אַרויס פון אַלע געפאַרן, וואָס לויערן אויף אים, באַוווּנדערן אַלע אַוואַנטורעס, וואָס ער מאַכט דורך ביז דער מחבר דערפירט זיין באַליבטן העלד צו אַ גליקלעכן סוף.

דער סיפור־המעשה פון דעם שפּאַנענדיקן ראָמאַן, דעם ריטער־העלד, בבא, איז אומגעפער אַזאַ:

דער קיניג אָדער הערצאָג גווידאָן האָט חתונה אויף דער עלטער מיט דער יונגער און שיינער פּרינצעסין באַנדאַניע און ס׳ווערט ביי זיי געבוירן אַ יינגעלע, בבא.

די יונגע פרוי וויל פּטור ווערן פון איר אַלטן מאַן. זי אַרבעט אויס דעם פּלאַן פון אַן אָנפאַל אויף איר מאַן, וואָס ווערט אויסגעפירט דורך דעם יונגן הערצאָג דאָדאָן, אַ דם־שונא פון קיניג גווידאָן.

נאָך דעם ווי דאָדאָן דערהרגעט דעם קיניג גווידאָן, האָט ער חתונה מיט דער פאַררעטערישער און פאַרברעכערישער מוטער פון בבאן; איין פאַרברעכן איז איר נישט גענוג, און די פאַרדאַרבענע קיניגין און מוטער וויל איצט אויך פאַרסמען איר יינגל בבא. בלויז דורך אַ גליקלעכן צופאַל געלינגט בבאן צו אַנטלויפן. ער ווערט אויפן ים אויפגענומען פון שיפס־לייט, וואָס פאַרקויפן אים פאַר אַ שקלאַף צו דעם קעניג אַרמיניאָן. דרוזיאַנאַ, די טאָכטער פון דעם קעניג אַרמיניאָן, פאַרליבט זיך אין אים, און נאָך זייער פיל גרויסע גבורות און קאַמפן, וואָס עס באַווייזט דער ריטער בבא, גיט דער מלך צום סוף זיין הסכמה צום שידוך. בבאס שונאים רוען נישט, זיי פירן דורך אַ געמיינע אינטריגע און בבא פאַלט אַריין אין געפאַנ־גענשאַפט פון דעם סולטאַן. דעם סולטאַנס טאָכטער, מאַרגאַריטאַ, פאַר־ליבט זיך אין אים, און זי ראַטעוועט אים פון טויט. ער אַנטלויפט און קומט פונקט אָן ווען מען פראַוועט די חתונה פון דרוזיאַנאַ, וואָס האָט גע־מיינט, אַז איר געליבטער בבא איז שוין טויט.

בבא רייסט זי אַרויס פון אונטער דער חופה און אַנטלויפט מיט איר. זיי וואַלגערן זיך אַרום אַ צייט. דרוזיאַנאַ געבוירט אים אַ צווילינג, צוויי יינגלעך, אָבער בבא און זיין פרוי ווערן ווידער צעשיידט. צום סוף באַ־קומט בבא צוריק זיין קיניגרייך, דערהרגעט זיין פאָטערס מערדער, דאָ־דאָנען, פאַרשיקט זיין פאַלשע מוטער אין אַ קלויסטער און לעבט גליקלעך מיט זיין ווייב דרוזיאַנאַ.

נ. ב. מינקאָוו שטעקט ממש אָן דעם לייענער מיט זיין פאַרליבטקייט אין דער פּאָעטישער און עסטעטישער עכטקייט און שיינקייט פון בבא־בוך, און דאָס איז גאָרנישט קיין גרינגע עובדא.

דער לייענער, וואָס האָט אַפילו אַ נטיה זיך צו באַקענען מיט די שאַ־

פונגען אויף אַלט־יידיש, זוכט דאָרטן נישט און קען במילא נישט געפינען קיין קינסטלערישע ווערק, וואָס זאָלן אים עמאָציאָנעל צי אַפילו אינטעלעקטועל באַווירקן. עס איז ביים לייענער גיכער פאַראַן דער פאַרלאַנג זיך צו באַקענען מיט די ערשטע שפּראַצונגען אויף יידיש לשון, דאָס עצם יידישע לשון, וואָס איז במשך פון די דורות געוואָרן געלייטערט און געהייליקט, דאָס לשון אויף וועלכן אונדזערע עלטער־עלטער־באָבעס און זיידעס האָבן פאַרוויגט די קינדער און געלערנט תורה, דאָס לשון, אויף וועלכן יידישע קינסטלער האָבן געשאַפן גייסטיקע ווערטן, וואָס וועלן ערשט אָפּגעשאַצט ווערן אין די קומענדיקע דורות, פּונקט ווי אונדזער דור שרייבט נאָך אַלץ וועגן די ליכטיקע פּערזענלעכקייטן פון דער גאָלדענער תקופה אין שפּאַניע.

נ. ב. מינקאָוו „רעהאַביליטירט", גאָר איבערצייגנדיק, דעם פאַר אונדז פרעמדן ריטער־ראָמאַן.

ער באַווייזט אונדז, אַז אַפילו דעם עצם סיפור המעשה פון בבא־בוך קען מען נישט אַזוי גרינג אַוועקמאַכן מיט דער האַנט, באַשר אונדזער דור איז נישט געוווינט צו אַזעלכע טעמעס און העלדן. ער טוט דאָס דורך באַקענען דעם לייענער מיט די ליטעראַרישע ריכטונגען, וואָס האָבן אין דער רענעסאַנס־עפּאָכע געהערשט אין די לענדער, ווו יידן האָבן ס'רוב געלעבט און מיט די גייסטיקע הצטרכותן פון יידישן פאָלק. יידן האָבן דעמאָלט, ווייזט אויס, געלעכצט נישט בלויז נאָך ספרים מיט רעליגיעזן תוכן, נאָר אויך נאָך אַזעלכע ביכער, וואָס זאָלן זיין מיט לייטן גלייך, נאָך ווערק, וואָס זאָלן זיי אַ מ ו ז י ר ן, פ אַ ר ו ו י י ל ן. און מען טאָר בשום אופן נישט אַוועקמאַכן מיט דער האַנט די פאַרווײלונג־„לעקטירע" (לייענשטאָף) און אויך דאָס, וואָס די שפּילמאַנישע דעכטערס און בפרט אליהו בחור, וואָס איז געווען דער לעצטער און אויך דער גרעסטער פון דער תקופה, האָט פאַרמאָגט אַ גייסטיק געזונטן און אויך באַלאַנסירטן חוש.

אליהו בחור, אָדער ווי זיין פּולער נאָמען איז געווען, אלי הלוי בן אָשר אַשכנזי, איז געבוירן געוואָרן אין ניישטאַט, אין יאָר 1469, אין דייטשלאַנד, נישט ווייט פון רעגענסבורג. ער איז געווען דער יינגסטער פון ניין זין. זייער פרי האָט ער אויסגעוואַנדערט קיין איטאַליע. צו עטלעכע און צוואַנציק יאָר איז ער געוואָרן אַ לערער אין העברעאיש און איז פאַרבליבן אַ לערער זיין גאַנץ לעבן. די גרעסטע העברעאישע קענערס, צווישן זיי די קריסטלעכע פּראָפעסאָרן אין דייטשלאַנד און איטאַליע, זענען געווען זיינע

תלמידים. ער האָט אָנגעשריבן אַ סך ווערק וועגן דער העברעאישער גראַ־מאַטיק, ווערטערביכער פון העברעאיש און אַראַמעאיש. 15 יאָר האָט ער געלעבט אין דעם פּאַלאַץ פון דעם באַרימטן קאַרדינאַל, עדזשידיאָ דע ווי־טערבאָ, וואָס איז געווען שטאַרק פאַראינטערעסירט אין קבלה. אליהו בחור האָט פאַר אים צוגעגרייט אָפּשריפטן פון פאַרשידענע קבלה־ספרים. די מערסטע ווערק פון אליהו בחור זענען איבערגעזעצט געוואָרן אויף לאַטיין, באַזונדערס יענע ווערק, וואָס האָבן אַ שייכות מיט דעם תנ״ך און מיט העברעאישער גראַמאַטיק. יידן האָבן זיכער געקוקט אויף אים קרום, וואָס ער חברט זיך אַזוי מיט קריסטן. דאָך ברענגט נ. ב. מינקאָוו דעם פאַקט, אַז אליהו בחור איז נישט בלויז געווען אַ גוטער ייד, נאָר ער האָט זיך אַפילו אָפּגעזאָגט פון אַ פּראָפעסאָר־שטעל אין העברעאיש אין פּאַריזער אוניווער־סיטעט, וואָס דער קיניג פראַנסואַ דער ערשטער האָט אים פאַרגעלייגט. „אליהו בחור האָט נישט געוואָלט לעבן אין אַ לאַנד, וווּ מען האָט יידן נישט דערלויבט צו וווינען זינט מען האָט זיי פאַרטריבן אין יאָר 1394״. „ער האָט בעסער אויסגעקליבן צו זיין אַ בעל־מגיה און אַ רעדאַקטאָר אין דניאל באָמבערגס דרוקעריי״. נ. ב. מינקאָוו האָט געבראַכט דעם דאָזיקן פאַקט, כדי נישט צו לאָזן פאַלן קיין שטויבעלע אויף דעם גרויסן יידישן געלערנטן און פּאָעט.

דאָס „בבא־בוך״ האָט אליהו בחור געשאַפן אין יאָר 1507. איידער ער האָט זיך באַקענט מיטן באַרימטן קאַרדינאַל עדזשידיאָ דע וויטערבאָ. צו דעם אייגענעם פעריאָד געהערן זיינע אַנדערע שאַפונגען ווי „פּאַריז און וויענע״, און עס איז דאָ אַ סברא, אַז דעם „אַרטור־ראָמאַן״ אין אָטאַוואַ רימאַ, האָט אויך אליהו בחור געשאַפן. באַזונדערס דערפאַר, וואָס אַלע דריי ראָמאַנען זענען געשריבן אין דער פּאָעטישער פאָרעם אין די אַכט־פערזיקע סטראָפעס, וואָס הייסן א ט א וו א ר י מ אַ.

אַרויסגעגעבן דאָס ווערק „דאָס בבא־בוך״ האָט אליהו בחור מיט 34 יאָר שפּעטער, ווען ער איז שוין געווען 73 יאָר אַלט. געשטאָרבן איז אליהו בחור אין ווענעדיג, איטאַליע, אין יאָר 1549.

נ. ב. מינקאָוו האָט איינגעטיילט זיין בוך אין צוויי טיילן. אין דעם ערשטן טייל פאַרנעמט ער זיך מיט אַנאַליזירן דאָס בבא־בוך, אין דעם צווייטן טייל — מיט איבערדרוקן אַ היפּשן טייל פון בבא־בוך, ווי עס איז געשריבן געוואָרן פון אליהו בחור.

נאָך דעם ווי מינקאָוו שרייבט מיט איבערצייגונג, אַז עס איז נישטאָ קיין שום סתירה אין דעם, וואָס אליהו בחור, הגם ער איז געווען אַ גרויסער יידישער געלערנטער, האָט זיך דאָך פאַרנומען מיט שרייבן ריטער־ראָמאַנען אין פערזן אויף סוזשעטן וואָס זענען גענומען געוואָרן פון דער פרעמד, טרעט ער צו צום עיקר הענין: צו דער פּאָעטישער פאָרעם פון בבא־בוך.

נ. ב. מינקאָוו איז אַ דיכטער, וואָס קען גוט די פאַרשידענע דיכטערישע ריכטונגען און פּאָעטישע פאָרמעס פון פּאָעזיע בכלל. עס קומט אים דעריבער נישט אָן שווער צו באַקענען דעם לייענער מיט דער פּאָעטישער פאָרעם, אויף וועלכער עס איז געשריבן דאָס בבא־בוך. דער לייענער ווערט צוזאַמען מיטן מחבר אַ באַוווּנדערער פון דער „מייסטערשאַפט" און „ווירטואָזיטעט" פון אליהו בחורס דיכטונג. דאָס בבא־בוך פאַרמאָגט 650 סטראָפעס און נישט ווייניקער פון 5262 שורות („פּאַריז און וויענע" — 800 סטראָפעס).ביידע ווערק זענען געשריבן אין דער קאָמפּליצירטער פאָרעם פון יענער צייט, אין אָטאַוואַ רימאַ. „דער ווירטואָז (אליהו בחור) האָט געשפּילט און אָרקעסטרירט זיינע ווערק מיט זיין גאַנצער שפּרודלדיקייט און דאָך שטאַרק דיסציפּלינירט" (דאָרטן, זייט 29).

די אָטאַוואַ רימאַ, וואָס אליהו בחור האָט באַהערשט צו דער גרעסטער פּערפעקטקייט, איז אַ קאָמפּליצירטע פערזן־פאָרעם, וואָס ער האָט איבערגענומען פון דער איטאַליענישער דיכטונג פון 14טן יאָרהונדערט און אַריינגעבראַכט אין איר געוויסע שינוים. די פערזן־פאָרעם באַשטייט פון אַכט שורות. אין יעדן סטראָף איז דער גראַם לויט דעם באַשטימטן סדר: די ערשטע שורה, די דריטע און פינפטע שורה האָבן איין גראַם; די צווייטע, פערטע און זעקסטע שורה האָבן אַן אַנדערן גראַם. די זיבעטע און אַכטע שורה האָבן ווידער אַן אַנדער גראַם. און נאָך אַ וויכטיקע דיסציפּלין פאַרמאָגט יעדער סטראָף: אויב די ערשטע שורה, די דריטע און פינפטע האָבן אַ מענלעכן גראַם, מוזן די שורות זיבן און אַכט אויך האָבן אַ מענלעכן גראַם. און אויב די פריער דערמאָנטע שורות האָבן אַ ווייבלעכן גראַם, מוזן אויך די לעצטע צוויי שורות האָבן אַ ווייבלעכן גראַם. די איטאַליענישע אָטאַוואַ רימאַ האָבן אין אליהו בחורס צייט על פּי רוב געהאַט בלויז גראַמען פון ווייבערישן מין.

נ. ב. מינקאָוו שטעלט זיך געניי אָפּ אויף אליהו בחורס פּאָעטישן געמיט, אויף זיין „הויכן גראַד קינסטלערישקייט", אויף זיין „מייסטערשאַפט

און פּאָעטישער פילעוודיקייט". וועגן דעם גראַם פון „בבא־בוך" שרייבט נ. ב. מינקאָוו:

„ווען מ'לייענט דאָס „בבא־בוך" וווּנדערט מען זיך ווי אַזוי די גראַמען פליסן ביי אליהו בחור אומגעשטערט, אָן שום אָנשטרענגונג, אָן שום גע־קינצלטקייט. דאָס נעמט זיך, ערשטנס, דערפון, וואָס דער לייענער ווערט ממש פאַרכאַפּט פון דעם סיפּור־המעשה. ער גיט זיך נישט אָפּ קיין דין וחשבון וועגן די עלעמענטן, וואָס שאַפן קינסטלערישע אָרדענונג און צום טייל די אָרקעסטרירונג. עס איז אויך זיכער, אַז דער לייענער באַמערקט נישט דעם גראַם, ווייל דער גראַם איז איינס מיטן פּאָעטס געמיט. דער גראַם איז אין דער פולסטער האַרמאָניע מיט דער עמאָציאָנעלער ענערגיע, וואָס דאָ ווערט זי קאָנצענטרירט און שאַרף און דאָ ווערט זי ווייך, דער־ציילעריש, ליריש, פאַרלאַנגזאַמט. אליהו בחור האָט זיך אין גאַנצן געלאָזט דיקטירן פון זיין פּאָעטישן חוש, הגם ער איז נישט אַרויס פון דער מעטריק־דיסציפּלין (זייט 34).

די אַרויסגעזאָגטע מיינונגען פון נ. ב. מינקאָוון ווערן באַקרעפטיקט דורך ציטירן און אַנאַליזירן אַ היפּשע צאָל פּערזן, אַזוי אַז דער לייענער, וואָס האָט לכתחילה געהאַט בלויז אַ ריין שפּראַכלעכן צי קולטור־היס־טאָרישן אינטערעס, ווערט אויך קינסטלעריש באַווירקט פון „בבא־בוך".

אַט זעגען עטלעכע צופעליק צעוואָרפענע סטראָפעס פון „בבא־בוך", אָן מינקאָווס „רש"י", אָבער מיט זיינע קליינע שינויים, אַ מער מאָדערן וואָרט אין קלאַמערן, און דער לייענער, וואָס איז אַפילו נישט געוווינט צו לייענען אַלט־יידיש, וועט זיי גרינג פאַרשטיין און אַפילו הנאה האָבן, ווען נישט אַזוי פון דער פּאָעטישקייט, איז לפּחות פון די שיינע גראַמען, דער לייענער דאַרף אָבער כסדר געדענקען, אַז דאָס איז געשריבן געוואָרן מיט קרוב 450 יאָר צוריק:

אויף מאָרגן לאָזט בבא אויסרופן אַ האָף (מען זאָל זיך פאַר־זאַמלען אין הויף)
אי פרעמדע, אי היימישע לאָזט ער וויסן,
קיניג און פירשט, הערצאָג און גראַף
צו דער דאָזיקער צייט זאָלן זיי זיין געפליסן (גרייט)
און די ברוילאַפס (חתונה) זאָל ווערן במזל טוב

אַצינדער, גלייך צו ראש חודש ניסן.
די שליחים אין אַלע לענדער רייטן,
און אין באַבילאָניע וואָר אַ גרויס צובערייטן (צוגרייטונג).

אַן אַנדער סטראָף:

נון, האָט זי דערווייל געלערנט וואָל (וווּיל)
אַז זי קען אויף דער לירע שלאָגן (שפּילן)
און בבא, ער האָט זי געלערנט אַמאָל,
אַז זי פון דעם פולווער געוווּסט האָט צו זאָגן,
וואָס מיט אים מאַכט מען זיך שוואַרץ ווי קאָל (קויל)
און שמירט זיך און די קינדער אונטער די אגן (אויגן)
און רעכט ווי אַ בעטלערין טוט זי זיך קליידן,
און לאָזן זיך אַהין מיט די קינדער דיביידן.

דאָ, און אין די ווייטערדיקע סטראָפּעס, רעדט זיך וועגן דער פּרינצע־סין דרוזיאַנאַ, וואָס האָט זיך פאַרשטעלט פאַר אַ בעטלערין און זיך געלאָזט זוכן איר העלדישן מאַן, דעם ריטער בבא, זינגענדיק אַ ליד וועגן זיך און בבאן:

צו מאָרגנס שטעלט זי זיך פאַרן פּאַלאַץ דאָר (דאָרטן)
און הייבט אָן אויף איר לירע צו קלינגען,
און אַ ליד האָט זי געמאַכט גאַנץ און גאָר
פון בבאן און דרוזיאַנען טוט זי דאָרט זינגען,
און ווי זי אין אַ וואַלד געלעגן וואָר, (איז געלעגן געוואָרן)
און פון מאַקאַבראַן און פּעלוקאַן מיט אַלע דינגען,
און ווי אַזוי זיי מיטאַנאַנדערן האָבן געהאַנדלט,
ווען זיי האָבן אין לאַנד אַרומגעוואַנדלט.

און מיר וועלן פאַרענדיקן נאָך מיט איין סטראָף, דעם פּראָלאָג, ווי עס גיט אונדז איבער נ. ב. מינקאָוו:

אין דעם פּראָלאָג צום „בבא־בוך" שרייבער ער (אליהו בחור), אַז ער

האָט ביז איצט „,געשטיפּט׳, ,אין דעם הייליגן געשריפט׳, אַכט אָדער ניין ביכער, אָבער איצט:״

די ווייל איך האַלט אַן ענד מיינר טאַגן,
אונ׳ הויט אודר מורגן קיר איך אויף די גאַנן,
דאָ ווערן אַל מייני בוכר און מייני לידר,
ור געשן אונ׳ גיליגט דר נידר

(בעת איך האַלט ביים סוף פון מיינע טעג, און היינט אָדער מאָרגן וועל איך ליגן אויף מיין רוקן (איך וועל שטאַרבן), וועלן אַלע מיינע ביכער און מיינע לידער פאַרגעסן און געלייגט ווערן דער נידער).

דרום זול מיר קיינש דר בון רוקן,
איך וויל זיא אל נוך אַננדער דרוקן

(דערפאַר זאָל קיינס (פון זיי) זיך ניט פאַרויסרוקן, איך וועל זיי אַלע דרוקן אין אַ סדר).

אונ׳ וויל אַן היבן בשעה טובה
אַן דעם דוזיגן בוך דש דאָ היישט בובא״

(און וועל אָנהייבן אין אַ גוטער שעה מיטן דאָזיקן בוך, וואָס הייסט דאָ בבא) (זייט 14).

דעם אויבנדערמאָנטן פערז איז אַ ביסל שווער צו לייענען, ווייל נ. ב. מינקאָוו האָט אים נישט איבערגעשריבן, ווי ער האָט געטאָן אין די לעצטע צוועלף זייטלעך פון בוך, פון וואַנען די ערשטע דריי סטראָפן זענען גענומען געוואָרן.

עס איז אַ שאָד, וואָס נ. ב. מינקאָוו האָט אונדז נישט געגעבן דאָס גאַנצע בבא־בוך.

אין דער איצטיקער אויסגאַבע איז ער זיך אַזוי נוהג, ער גיט עטלעכע סטראָפעס, דערקלערט אָדער פאַרטייטשט זיי און דערציילט דערנאָך די ווייטערדיקע געשעענישן. צום סוף גיט ער אונדז אַ צוועלף זייטלעך פון „בבא־בוך״.

דער דאָזיקער מעטאָד איז גאָר גוט פאַר תלמידים, באַזונדערס ווען דער

סיפּור־המעשׂה איז נישט אַזוי אַקטועל, הגם גאַנץ שפּאַנענדיק אין נ. ב. מינקאָווס אויסגאַבע.

אַדאַנק נ. ב. מינקאָווס מעטאָד פון לערנען אַ פּסוק פון בבא־בוך און דערנאָך זיין דיכטערישע אינטערפּרעטאַציע, לייכט פאַר אונדז אויף דאָס אַלטע, האַלב־פאַרגעסענע בוך און עס ווערט אונדז אייגן און ליב.

נ. ב. מינקאָווס בוך דאַרף אומבאַדינגט איינגעפירט ווערן אין דעם לימוד פון דער געשיכטע פון דער יידישער ליטעראַטור אין יידישע לערער־סעמינאַרן און אַפילו אין לעצטן קלאַס פון די יידישע מיטלשולן, ווו עס זענען פאַראַן פאַסיקע תלמידים, וואָס לערנען דעם קורס און זענען גוט צוגעגרייט.

נ. ב. מינקאָוו איז דער באַרופנסטער שרייבער צו רעסטאַווירן און צוגענגלעך צו מאַכן אויך די אַנדערע דיכטערישע ווערק, וואָס זענען אונדז געבליבן פון דער שפּילמאַנישער און אַפילו פון דער שפּעטערדיקער תקופה.

1950

# מ. אָשעראָוויטש

מ. אָשעראָוויטש איז איינער פון אונדזערע שעפערישסטע שריפט־שטעלער. ער איז אַ זשורנאַליסט מיט אַ וואַרעם האַרץ, וואָס באַהאַנדלט יידישע פּראָבלעמען מיט פאַרשטענדעניש פאַר דער געשיכטע און פאַרן גורל פון יידישן פאָלק. ער איז אַ גוטער איבערזעצער און אָפּשאַצער פון ווערק און שרייבער, דער עיקר פון דער רוסישער ליטעראַטור. ער איז אַ קענער פון טעאַטער, אַ פיינער דערציילער און אַ מחבר פון אַ ריי היס־טאָרישע ראָמאַנען.

זיין היסטאָריש־קינסטלערישער ראָמאַן „קעניגין מרים"* האָט זיך, ווי אַלע זיינע ביכער, פריער געדרוקט אין „פאָרווערטס".

---

* היסטאָרישער ראָמאַן פון הורדוסעס ציַיטן. אַרויסגעגעבן פון מ. אָשעראָוויטש־יובל־קאָמיטעט, ניו־יאָרק, 1959, 365 זייטן.

אין דעם דאָזיקן ראָמאַן לעבט אויף מ. אַשעראָוויטש אַ טראַגיש און קאָמפּליצירט קאַפּיטל יידישע געשיכטע. ער שילדערט אין דעם ראָמאַן די נאָך־חשמונאים־עפּאָכע, וואָס איז פול געווען מיט אינערלעכע רייסערייען, אינטריגעס, קאַמפן און מלחמות.

מ. אַשעראָוויטשעס „קעניגין מרים" איז געשריבן אין דער טראַדיציע פון די בעסטע היסטאָרישע ראָמאַנען אין דער וועלט־ליטעראַטור. זעלטן ווען פאַרמאָגט אַ שרייבער, וואָס פאַרנעמט זיך מיט שרייבן היסטאָרישע ראָמאַנען, די צוויי הויפּט־קוואַליפיקאַציעס: קענען גרינטלעך געשיכטע און די קונסט פון שרייבן. מ. אַשעראָוויטש פאַרמאָגט ביידע מעלות. דערייבער איז זיין היסטאָרישער ראָמאַן „קעניגין מרים", — וואָס האָט פּונקט אַזוי גוט געקענט הייסן „קעניג הורדוס" — אַ גרויס ווערק אין אונדזער ליטעראַטור.

מ. אַשעראָוויטשעס ראָמאַן „קעניגין מרים", באַהאַנדלט די תקופה, ווען רוים האָט איינגעשלונגען גריכנלאַנד, צפון־אַפריקע, פאָדער־אַזיע, אשור, בבל, פּערסיע, סיריע און יהודה, וואָס איז געוואָרן אַ רוימישע פּראָווינץ.

אויפן טראָן פון יהודה איז דעמאָלט געזעסן דער אַלטער הורקונוס, אַן אָפּשטאַמיקער פון דער חשמונאים־דינאַסטיע, ער האָט אויך באַקליידט דעם אַמט פון כוהן־גדול. דער קעניג הורקונוס איז אָבער געווען אַ שוואַכער כאַראַקטער, וואָס האָט נישט געהאַט קיין אייגענע מיינונג און די מלוכה האָט פאַקטיש געפירט הורדוסעס פאָטער, אַנטיפּאַטרוס.

הורדוס האָט געשטאַמט פון די אדומים, וואָס יוחנן הורקונוס האָט זיי אַ מאָל באַזיגט און מגייר געווען פאַר יידן. די יידן האָבן צו אים נישט געהאַט קיין צוטרוי און אים באַטראַכט פאַר אַ פרעמדן. הורדוס האָט נישט געהאַט קיין שום געפיל פאַר יידישע הייליקייטן און אַפילו נישט פאַר דעם סנהדרין, דעם העכסטן געריכט פון יהודה.

מ. אַשעראָוויטש ברענגט אַרויס אין זיין היסטאָרישן ראָמאַן „קעניגין מרים" אַלע די דערמאָנטע היסטאָרישע פּערזענלעכקייטן און צענדליקער אַנדערע העלדן, וואָס האָבן דעמאָלט געלעבט און געשאַפן געשיכטע.

דער מחבר שילדערט די אינערלעכע טראַגישע קאַמפן, וואָס זענען פאָרגעקומען אין יהודה, די רייסערייען פון די צדוקים מיט די פּרושים; דעם ביטערן קאַמף פון די קנאים, וואָס איז אָנגעפירט געווען פון דעם אַלטן

חזקיהו פון גליל קעגן הורדוס דעם אדומי. די אכזריות פון הורדוסן קעגן חזקיהו און זיינע גיבורים, וואָס ער האָט אומגעבראַכט אָן אַ משפּט.

די יידן האָבן פאַראַכט און פיינט געהאַט הורדוסן צוליב זיין אכזריות און צוליב זיין שקלאַפּערישער אונטערטעניקייט צו רוים און אירע פירונגען.

אין משך פון די דריי און דרייסיק יאָר, וואָס הורדוס איז געווען, מיט רוימס גענאָד, קעניג איבער יהודה, האָט נישט אויפגעהערט זיך צו גיסן יידיש בלוט.

מ. אַשעראָוויטש זוכט אין זיין היסטאָרישן ראָמאַן צו דערקלערן די סיבות, וואָס האָבן געפירט הורדוסן צו האַנדלען אַזוי גרויזאַם. עס זענען פאַראַן אַ סך שטעלעס אין זיין ראָמאַן, פון וועלכע עס קאָן זיך אַרויסווייזן, אַז הורדוס איז געווען אַ ייד מיט אַ וואַרעמער נשמה, וואָס דער גורל פון יידישן פאָלק איז אים שטאַרק אָנגעגאַנגען.

אָט זענען עטלעכע אַזעלכע שטעלעס:

„...איבער וואָס רייסן זיך די צדוקים און די פרושים? איבער ווערטער! די צדוקים גלייבן, אַז זיי זענען די, וואָס היטן אָפּ גאָטס תורה לויט אַלע פּרטים. און די פרושים זענען זיכער, אַז זיי, נישט די צדוקים, זענען די, וואָס טייטשן אויס גאָטס תורה אַזוי ווי מ׳דאַרף זיך אויסטייטשן. די גאַנצע רייסעריי איז איבער דעם, ווי אַזוי מען זאָל דינען גאָט, ווי אַזוי מ׳זאָל זיין פרום. דאָס איז דער עיקר ביי ביידן — אי ביי די צדוקים, אי ביי די פרושים. ביי מיר איז דאָס אָבער נישט דער עיקר. פרום קען זיך יעדער איינער זיין ווי ער וויל, און ווי זיין האַרץ גלוסט, אָבער זאָל ער נישט איינ־לייגן קיין וועלטן, אַז אַנדערע זאָלן זיין פונקט אַזוי פרום ווי ער, און זאָל ער די פרומקייט נישט אַרויפצווינגען אויף דער מלוכה. איך בין נישט פון די פרושים און נישט פון די צדוקים. איך היט אָפּ גאָטס תורה, ווייל איך בין אַ ייד, אָבער מיט מיינע אייגענע ברידער וועל איך זיך נישט שלאָגן דערפאַר. איך האָב בכלל פיינט אַ מלחמה איבער ווערטער! אָבער איך האַלט מיינע אויגן אָפן אויף אַלץ, וואָס איך זע אַרום זיך, און ס׳איז דער טיפער גלויבן פון מיין האַרצן, אַז נישט אויף פרומקייט קען אויסגעבויט ווערן אַ מלוכה, נישט בלויז אויף דינען גאָט קען גרויס ווערן אַ פאָלק. קוק אויף רוים און לערן זיך! — דאָס זאָג איך אָפּט צו זיך אַליין... אַ פרעמדער, זאָגן זיי, בין איך, קנעכט פון אדום רופן זיי מיך... האַלבער ייד, האָבן זיי מיר אַ נאָמען געגעבן, אָבער ס׳איז נישט אמת! איך בין נישט

קיין פרעמדער! איך בין געבוירן געוואָרן אַ ייד און איך בין אַ ייד און וויל זען ווי אונדזער לאַנד ווערט גרעסער און גרעסער און ווי מיין פאָלק ווערט שטאַרקער פון אַלע פעלקער אַרום. איך האָב דעם כוח דאָס צו טאָן!... איך קען דאָס טאָן" (זייט 210).

די געדאַנקען דאָ זענען אפשר צו מאָדערן און פּאַסן זיך גריילעך פאַר אַ היינטיקן מפא"י־פּירער, אָבער מ. אַשעראָוויטש שילדערט הורדוסן ווי אַ היסטאָרישע פיגור, וואָס איז געשטאַנען אונטער רוימס פּאָליטישן און גייסטיקן איינפלוס און געחלומט צו פאַרוואַנדלען יהודה אין אַ וועלטלעכע, אָדער גאָר אין אַ וועלט־מלוכה.

עס איז נישט שווער צו זען, אַז דער מחבר האָט סימפּאַטיעס פאַר הורדוסן און האַלט אים הימל־העכער אין פאַרגלייך מיט די אַנדערע היס־טאָרישע פערזענלעכקייטן פון יענער טראַגישער תקופה אין דער יידישער געשיכטע.

אין מיטן פון זיינע גרויזאַמע מעשים האָט הורדוס איבערגעבויט און פאַרשענערט דעם בית־המקדש, אַזוי, אַז ער איז געוואָרן נאָך שענער ווי אין שלמה המלכס צייטן. די גמרא לויבט הורדוסן דערפאַר זייער שטאַרק און זי זאָגט, אַז ווער ס'האָט נישט געזען הורדוסעס איבערגעבויטן און פאַרשענערטן בית־המקדש, האָט בכלל נישט געזען קיין שיינס אין דער וועלט.

עס איז דעריבער צום טייל פאַרשטענדלעך פאַרוואָס מ. אַשעראָוויטש לייגט אַריין אין מויל פון הורדוסן אַזעלכע שיינע רייד וועגן בית־המקדש.

מ. אַשעראָוויטש האָט נישט דורכגעלאָזט קיין איין גרוילטאַט און רציחה, וואָס הורדוס איז באַגאַנגען, כדי צו ווערן דער קעניג און הערשער איבער יהודה. הורדוס האָט שטאַרק געוואָלט, אַז דאָס פאָלק זאָל אים ליב האָבן, אָבער די יידן האָבן נישט געהאַט צו אים קיין צוטרוי, נישט די פּרושים און נישט די צדוקים; דאָס האָט אים אַריינגעבראַכט אין פאַר־צווייפלונג און ער איז געוואָרן נאָך גרויזאַמער.

דער מחבר שילדערט מיט אינערלעכער ליבשאַפט די געשטאַלט פון מרים; איר צניעותדיקע האַלטונג און האַנדלונג. איר געראַנגל און די פיל טראַגישע מאָמענטן פון ברידער־קריג; די ליידן צוליב דעם, וואָס הורדוס האָט געלאָזט אומברענגען אַריסתובולען, איר איינציקן ברודער,

און ווי אַזוי איר אומבאַגרענעצטע ליבשאַפט צו הורדוסן איז ביסלעכווייז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין האַס און פאַראַכטונג.

הורדוסעס בענקשאַפט און ליבשאַפט צו מרימען איז געשילדערט איידל און מילד. די ליבע־סצענעס זענען מאָמענטנווייז צו אידיליש און ראָמאַנטיש.

דער מחבר שילדערט אויך איינגעהאַלטן הורדוסעס ווילדן אָנפאַל פון איפערזוכט און משוגעת, בעת ער האָט אומגעבראַכט זיין ברודער יוסף און ד׳ערנאָך זיין געליבטע ווייב, די קעניגין מרים.

זיין ליבע צו מרימען איז געווען אַזוי גרויס, אַז ער האָט דערנאָך אין גרויס פאַרצווייפלונג געלאָזט הרגענען די ריכטער, וואָס האָבן אויף זיין באַפעל פאַרמשפּט צום טויט די קעניגין און ער האָט אויך געהייסן אומברענגען די וועכטער, וואָס האָבן זי געהיט.

די מקורים דערציילן, אַז נאָך דעם ווי הורדוס האָט געלאָזט דערשטיקן זיין ווייב, איז אים באַפאַלן אַ שטאַרק חרטה־געפיל און ער האָט זי באַשמירט מיט האָניק און זי געהאַלדזט און געקושט...

אין דעם גאַנצן ראָמאַן איז פאַראַן אַ כסדרדיקער שטייגן פון געשעענישן, וואָס נעמען אַרום נישט נאָר די קליינע יהודה, נאָר די גאַנצע דעמאָלטיקע ציוויליזירטע וועלט.

מיט מ. אַשעראָוויטשעס „קעניגין מרים״ איז די יידישע ליטעראַטור באַרייכערט געוואָרן מיט אַ וויכטיק היסטאָריש־קינסטלעריש ווערק.

1959

## „מיין טאַטנס בית־דין־שטוב״ פון י. באַשעוויס

י. באַשעוויס׳ „מיין טאַטנס בית־דין־שטוב״ איז אַ יידיש בוך אין פולן זין פון וואָרט.

אַ סך לייענער פון „פריינד״ האָבן זיכער אויך געלייענט י. באַשעוויסעס זכרונות פון זיין קינדהייט און יוגנט, וואָס האָבן זיך מיט אַ שטיקל צייט צוריק געדרוקט אין „פאָרווערטס״. לכתחילה האָט י. באַשעוויס פאַרעפנטלעכט זיינע דערינערונגען ווי געווײנלעכע אַרטיקלען. אָבער מיט אַמאָל

האָט ער דערפילט, אַז די דאָזיקע זכרונות קענען האָבן אַ קולטור־היסטאָרישן ווערט, ווייל זיי שילדערן דאָך יידיש לעבן, וואָס איז מער נישטאָ, וואָס איז אַזוי אכזריותדיק פאַרשניטן געוואָרן, האָט ער די אייגענע זכרונות אָנגעהויבן צו רופן „מיין טאַטנס בית־דין־שטוב", און אונטער דעם קעפּל האָבן זיינע זכרונות געקראָגן אַ תיקון. זיי זענען געלייענט געוואָרן מיט אַ גאַר באַזונ־דערן אינטערעס. לעצטנס האָט דער פאַרלאַג „דער קוואַל" אַרויסגעגעבן י. באַשעוויסעס זכרונות „מיין טאַטנס בית־דין־שטוב"; אין בוך געפינען זיך זעכציק עפּיזאָדן אָדער זעכציק קאַפּיטלעך.

דער רעזשיסער דוד ליכט האָט אויסגעקליבן בלויז אַכט עפּיזאָדן און זיי דראַמאַטיזירט פאַר דער פאָלקס־בינע, וואָס איז אַ שיינע קולטור־אינ־סטיטוציע ביי דעם בילדונגס־קאָמיטעט פון דעם אַרבעטער־רינג.

און וועגן דער דאָזיקער פּרעכטיקער אויפפירונג ווילן מיר זיך טיילן מיט די לייענער.

יעדע אויפפירונג פון דער פאָלקסבינע, אונטער דוד ליכטס רעזשי, האָט פאַרשאַפן די צוהערער גענוס. אין יעדער אויפפירונג לייגט דוד ליכט געוויכט אויף דעם צוזאַמענשפּיל, אויף דער האַרמאָניע פון דער גאַנצער טרופּע. אָבער די אויפפירונג פון „מיין טאַטנס בית־דין־שטוב" איז ממש אַן איבערלעבונג, דאָס איז אַ נייע קינסטלערישע דערגרייכונג פאַר דעם באַגאַבטן רעזשיסער, דוד ליכט, פאַר די, וואָס שפּילן אין דער פּיעסע און פאַר דער גאַנצער טרופּע בכלל.

אַרויספירן אויף דער בינע י. באַשעוויסעס פאָטער, דעם מורה־הוראה, ר' פנחס מנחם פון דער וואַרשעווער קראָכמאַלנע גאַס, דעם איש תמים, איז זיכער נישט געווען פאַר דעם רעזשיסער קיין לייכטע זאַך. און דאָך האָט זיך דאָס אים איינגעגעבן אין גאָר אַ גרויסער מאָס. ער האָט פאַר־וואַנדלט דעם אַקטיאָר, לעאָ פשעפּיורקאָ, אין אַ טיפּ, וואָס מען האָט זעלטן ווען געזען אויף דער בינע, אין אַ צדיק אַ יידן פון לויטער ערלעכקייט און תמימותדיקייט און ער רופט אַרויס צו זיך דרך־ארץ אַפילו ביי די פאַר־גרעבטע פאַרשוינען, וואָס קומען אויף אַ דין־תורה צום מורה־הוראה אין בית־דין־שטוב.

אַוודאי איז נישט שווער פאַר אַ מפונק צו געפינען אויסזעצונגען, און איך וואָלט אויך געקענט אָנווייזן אויף עטלעכע, אָבער דאָס זענען אַלץ

קליניקייטן לגבי דעם שיינעם טיפּ, וואָס עס האָט זיך דוד ליכטן איינגעגעבן צו שאַפֿן.

נישט געקוקט אויף דער אָרעמקייט פֿון דער בינע, האָט דער צושויער אַ געפֿיל, אַז ער געפֿינט זיך אין אַן אמתער בית־דין־שטוב. די לאַדענישן, וואָס קומען דאָרטן פֿאַר וּוירקן שטאַרק אויף זיין געמיט, און די אויגן ווערן גאַנץ אָפֿט פֿייכט און אָנגעפֿילט מיט טרערן, הגם דער רעזשיסער האָט גוט אַכטונג געגעבן, אַז די אַקטיאָרן זאָלן נישט באַנוצן קיין געקינצלטע טעאַט־ראַלישקייט.

די עפּיזאָדן, וואָס ווערן אויפֿגעפֿירט אויף דער בינע, דאָס הייסט, די דין־תּורות פֿאַר דעם מורה־הוראה אין בית־דין־שטוב, ווי אַ שטייגער דאָס וועלן אָפּלאָזן דעם שידוך, „דער סיכסוך" פֿון די ווילע־יונגען אַאַז"וו, זענען נישט פֿאַרבונדן איינער מיטן אַנדערן. און דאָך פֿילט זיך אַ געקייטלטע גאַנצקייט, און דער גורל פֿון די „העלדן" ווערן אייך נאָענט און אייגן. עס איז אייער פֿלייש און בלוט. עס זענען אייגענע זכרונות פֿון דער קינדהייט און יוגנט, וואָס דער צוהערער האָט געזען אָדער געהערט, אויב נישט אין דער אייגענער בית־דין־שטוב פֿון טאַטע־מאַמע, ווי עס איז דער פֿאַל מיט דעם מחבר י. באַשעוויס. דער צוהערער האָט זיי געזען אין קליינעם שטעטל אין בית־דין־שטיבל פֿון מורה־הוראה, וואָס איז געווען אַ קבצן אין זיבן פֿאַלעס, אָבער אַרויסגערופֿן צו זיך אָפּשיי מיט זיין שלימות און ווייל ער איז בדרך כלל געווען אַ גרעסערער למדן פֿאַר דעם רב אין שטעטל.

אין די אַכט סצענעס, וואָס מיר זעען אויף דער בינע, שפּילט אַ היפּשע ראָלע י. באַשעוויסעס ברודער, י. י. זינגער, וואָס איז אין מיטן פֿון זיין שאַפֿן אומגעריכט געשטאָרבן, אויך דער יונגינקער בחורל י. באַשעוויס, הערט מיט נייגער זיך צו צו אַלצדינג, וואָס קומט פֿאַר אין בית־דין־שטוב און די סצענעס קריצן זיך איין אין זיין יונגן מוח און האַלטן אים אָפּט וואַך אין די נעכט.

דעם מורה־הוראהס אמונה איז פֿעסט ווי אַ פֿעלדז, אָבער דעם זונס אַרגומענטן זענען פֿראַזן, וואָס האָבן אַ קנאַפּע דעקונג. דאָס איז דאָך דער עיקר־צוגאַנג פֿון י. באַשעוויס אין אַלע זיינע ווערק. דער פֿרומער ייד האָט אַ יסוד הינטער זיינע פֿיס, דאָס גיט אים מאָראַלישע אחריות, בעת דער וועלטלעכער ייד לעבט אָן אמונה, דעריבער געפֿינט מען אין די רייען צווישן די וועלטלעכע אַזוי פֿיל הפקרות. י. באַשעוויס אַליין האַלט זיך פֿאַר

אַ האַלב־וועלטלעכן, דערפאַר שילדערט ער אָפּט זיינע אייגענע מעשים אויף אַן אופן, ווי ער האָט טענות צו זיך, אָבער זיינע אייגענע מעשים קומען אַרויס געצוימט...

אַ שיינער מיוחסדיקער און ייִדיש־אַריסטאָקראַטישער טיפּ איז די מוטער, די טאָכטער פון דעם מתנגדישן בילגאָרייער רב. זי לעבט אין דחקות, אָבער זי טראָגט איר גורל באהבה, כאָטש צומאָל רייסט זיך אַרויס ביי איר שיער נישט אַ לעסטערונג און דאָס גיט איר צו אַ סך נאַטירלעכקייט.

די ראָלע פון דער מוטער שפּילט מיט טאַקט בראָניא ניומאַן, זי שפּילט צניעותדיק און איינגעהאַלטן.

מען דאַרף אַרויסהייבן יהושע זעלדיס ווי חיים קאַרשקאָווער, ער ברענגט אַריין אַ ביסל הומאָר, וואָס איז אַזוי נייטיק אין אַזאַ ערנסטער שפּיל. דאָס איז אַ היפּשע אָפּפרישונג.

אוודאי האָט דוד ליכט, ווי דער געניטער רעזשיסער, נישט פאַרגעסן אַריינצוברענגען אַ צאָל געשמאַקפולע הומאָריסטישע מאָמענטן, אפילו ביי ערנסטע סיטואַציעס, וואָס רופן אַרויס אַן אָנגענעמען שמייכל.

עס דאַרף דערמאָנט ווערן מאַטעס דער חבדניק, געשפּילט גאָר פיין פון מיכאל נעדיטש, אין גרעסטער נויט ווייסט ער נישט פון קיין יאוש און איז כסדר באַהאַפטן מיט זיין רבין.

עס נעמען נאָך אָנטייל דער נאַראַטאָר־דערציילער משה בלעכער, וואָס פאַרלאָזט די קראָכמאַלנע גאַס און פאָרט קיין ארץ־ישראל. די ראָלע ווערט געשפּילט גאָר געלונגען און רירנדיק פון מאָריס אַדלער, משה באַבאַבא פון בען פּיוועלאָוויץ, מירעלע די מויד ווערט געשפּילט מיט טאַלאַנט פון צפורה שפּייזמאַן און אַזוי רבקה פון שרה סטייבין, זישעלע פון לעאָ פישבערג, דער עלטערער ברודער, ד. ה. דער יונגער י. י. זינגער פון מיכאל קאַרלין, דער יונגער בחורל י. באַשעוויס ווערט געשפּילט פון בורטאָן פּינטשוק, מענדעלע פון אליהו אַרנאָו, רייטשעלע פון אַנאַ פאַוסט, זרח פון יעקב ביעלאָגאָרסקי, דבורה חוהלע פון מינאַ קערן, ערשטער מאַנער פון ה. פריפעלד, צווייטער מאַנער פון ל. פישבערג, אַבעלע פון יוסף זילבערבערג.

די דעקאָראַציעס זענען געמאָלן פון הערי באָום, אויסגעפירט פון בען ראָזענצווייג. בינע און טעכנישער לייטער — מרדכי יחסן. די פאַרוואַלטער פון דער פאָלקס־בינע זענען י. האָלץ און ל. מאַן.

ווען מען האָט נאָך אין זיך, אַז די אַקטיאָרן פון דער פאָלקסבינע זענען

נישט קיין פּראָפעסיאָנאַלן, זיי באַשעפטיקן זיך מיט אַנדערע מלאכות, און שפּילן בלויז דערפאַר, ווייל זיי האָבן ליב יידיש טעאַטער, דעמאָלט איז ממש נישטאָ געזונג ווערטער פאַר לויב.

1957

## „דער עלפּטער יורש״ פון מ. דלוזשנאָווסקי

מ. דלוזשנאָווסקי געהערט צו די געציילטע נאָוועליסטן, וואָס די יידישע ליטעראַטור פאַרמאָגט היינט צו טאָג.

ער שרייבט אויך מעשיות פאַר קינדער, דערציילונגען, רעפּאָרטאַזש־בילדער, קונסט־קריטיק און דראַמאַטישע פּיעסן. לייענער געדענקען זיכער די „איינזאַמע שיף״ פון מ. דלוזשנאָווסקי, וואָס דוד ליכט האָט אויפגעפירט מיט גרויס דערפאָלג מיט די פאָלקסבינע־שוישפּילער. „די איינזאַמע שיף״, וואָס האָט געוואָגלט איבער די ימים מיט פּליטים אין כסדרדיקער סכנה, אָבער מיט כלערליי מענטשלעכע קאָנפליקטן, האָט בשעתו אַרויסגערופן גרויס אַנזען. מען האָט געפילט, אַז דאָס איז אַ פּיעסע פון אַ געניטן דראַמאַטורג.

פון גאָר אַן אַנדער זשאַנר איז מ. דלוזשנאָווסקיס דראַמאַטישע קאָמעדיע „דער עלפטער יורש״, וואָס דוד ליכט פירט איצטער אויף אין דער פאָלקס־בינע.

דעם סיפּור־המעשה פון דער קאָמעדיע־דראַמע, „דער עלפּטער יורש״, האָט דער מחבר גענומען פון דעם לעבן פון די איינוווינער פון אַ „רומינג־הויז״ אין דער וועסטסייד אין ניו־יאָרק.

אין די מעבלירטע צימערן פון יענעם הויז וווינען איינזאַמע מענטשן, יעדער מיט זיינע חלומות, האָפענונגען, אַנטוישונגען. ס׳רוב פון זיי זענען שטילע בעלי־חלומות, פאַרגעסענע שרייבער, עקסצענטריקער, אָפּערן־זינגער, אַקטיאָרן, מאָלער, קאָמפּאָזיטאָרן, אַקטריסעס, לערער, קראַנקן־שוועסטער און סתם מענטשן, וואָס פילן אַ בענקשאַפט אין זייערע איינזאַמע צימערן און נשמות.

אגב האָט מ. דלוזשנאָווסקי אין אַ צאָל פּרעכטיקע דערציילונגען געשילדערט די דאָזיקע, און אויך אַנדערע, ניו־יאָרקער הייזער און זייערע איינוווינער.

און כאָטש יעדער מענטש איז אין יענעם „רומינג־הויז", ווי אין אַ סך מעבלירטע הייזער, „אַ וועלט פאַר זיך", פאַראייניקט און פאַרבינדט זיי אָבער איין גורל — פון חלומען און האָפן, אַז די זון וועט פאַר זיי אויפשיינען.

יעדער איינציקער ווייס, וואָס עס טוט זיך אין שכנס הויז, וואָרעם דאָס איז דאָך אַ וויכטיקער טייל, וואָס פּילט אויס זיין, אָדער איר, פאַראיינזאַמט לעבן.

דער אינהאַלט פון דער קאָמעדיע־דראַמע איז ווי פאָלגט: איינער פון די איינוווינער פון מעבלירטן הויז, דער אַלטער נאָרמאַן פעלד, שטאַרבט. איידער ער איז געשטאָרבן האָט ער איבערגעלאָזט אַ צוואה ביי אַ צווייטן איינוווינער, הערי זאַנג, ווו ער האָט אָנגעזאָגט, אַז זיין פאַרמעגן זאָל צעטיילט ווערן צווישן די צען איינוווינער פון מעבלירטן הויז און זיין שטיף־ברודער זאָל זיין דער עלפטער יורש. און הגם אַלע האָבן געוווסט, אַז זייער שכן, דער אַלטער נאָרמאַן פעלד, האָט געלעבט אין אָרעמקייט און עס לייגט זיך נישט אויפן שכל, אַז ער זאָל האָבן געווען אַ גביר, פון דעסטוועגן האָט זיך זייער פאַנטאַזיע צעשפּילט; יעדער איינער וואָלט שוין וועלן זיין אַ בעלן און וויסן ווי גרויס זיין חלק פון דער ירושה באַטרעפט. און היות ווי ס'האָלט אין איין אָנקומען צום פאַרשטאָרבענעם פאַרשידענע בריוו פון בענק, ריעל־עסטייט פירמעס און בראָקערס, שטייגט ביי זיי די האָפענונג, אָבער אויך די מיסטעריע ווערט גרעסער.

הערי זאַנג, וועמען דער פאַרשטאָרבענער האָט איבערגעגעבן די צוואה און אויך דעם שליסל פון צימער, וויל בשום אופן נישט אויפשליסן די טיר ביז מען וועט נישט געפינען דעם עלפטן יורש, דעם שטיף־ברודער. בינו לבינו קומען פאָר כלערליי קאָנפליקטן צווישן די איינוווינער, און דער צושויער האָט אַ געלעגנהייט זיך צו באַקענען מיט זייער שטרעבן, זייערע „ליבעס", פאַנטאַזיעס און אַריינצוקוקן אין זייער אינעווייניקסטן לעבן.

אַן ענלעכע שטודיע פון מענטשלעכע כאַראַקטערן האָט מיט יאָרן צוריק געשריבן יודזשין אָניעל אין זיין פּיעסע „סטריט סצינס" (גאַסן־סצענעס).

אויף יידיש, אויף וויפל אונדז איז באַקאַנט, איז עס דאָס ערשטע מאָל, וואָס אַזאַ טעמע ווערט באַהאַנדלט אין דער יידישער ליטעראַטור, נישט רעכענענדיק ב. דעמבלינס „וועסט סייד“, וואָס איז פון אַן אַנדער ווינקל פון אַמעריקאַנער לעבן.

סוף כל סוף זוכט זיך אויף דער „עלפטער יורש“. אַלע דערפרייען זיך מיט אים, ער אָבער נעמט אויף די ידיעה וועגן זיין ברודערס ירושה זייער קאַלט. ער דערקלערט, אַז זיין ברודער איז געווען אַן אָרעמאַן. איי, די בריוו פון בענק און ריעל־עסטייט פירמעס, וואָס האַלטן צו אים אין איין קומען? איז די מעשה דערפון, וואָס זיין ברודער האָט געהאַט אַ „שוואַכקייט“ צו שרייבן אין בענק און זיי האָבן אים, פאַרשטייט זיך, פאַרוואָרפן מיט ענטפערס.

ווען מען האָט, אין העכסטער שפּאַנונג, געעפנט די טיר, איז נישט אָנגעקומען שווער צו געפינען דעם „אוצר“.

דער אַלטער פעלד האָט איבערגעלאָזט בלעכענע „קענס“ (פּושקעס) מיט אַכצן טויזנט פעניס, דאָס איז געווען זיין גאַנץ פאַרמעגן.

דאָ ענדיקט זיך נישט די דראַמע־קאָמעדיע. דאָס לעבן אין רומינג־הויז ווערט פאַרגעזעצט. אַ נייער לאָקאַטאָר, מאָל קאַרלין, וואָס האָט זיך אין מיטן פון דער ירושה־סומאַטאָכע באַוויזן אין רומינג־הויז, פאַרפירט אַ ליבע, אָדער ליבעס מיט די פרויען און באַרגט זיך צוביסלעך געלט ביי יעדן איינציקן. ביז חנה פישביין, אַן אָנגעשטעלטע אין אַ ביוראָ פאַר „פאַר־לוירענע מענער“ געפינט אויס זיין „פאַרגאַנגענהייט“, און ווידער האָבן די איינוווינער אַ נייע סענסאַציע.

דער סיפּור־המעשה זעט אויס אַ ביסל קאָמפּליצירט, אָבער נישט אויף דער בינע. דאָרטן קייטלט זיך איין בילד נאָכן אַנדערן, און דער צושויער ווערט מיטגעריסן מיט דער גאַנצער האַנדלונג.

דוד ליכט האָט אַריינגעפלאָכטן געענוג הומאָר, אַז עס זאָל האַלטן וואַך ד׳עם גאַנצן עולם.

אין אַלע דריי אַקטן איז פאַראַן כסדרדיק שטייגן, נישט געקוקט אויף דעם, וואָס די סצענעס בייטן זיך נישט, ווייל אַלצדינג שפּילט זיך דאָך אָפּ אין איין מעבלירט הויז.

1962

# „דער מהר״ם פון רוטענבערג״ פון ה. לייוויק

די פאַרוואַלטונג פון דער פאָלקסבינע האָט, צום ערשטן יאָרצייט פון ה. לייוויק, באַשלאָסן אָפּצומערקן דעם אָנדענק פון אונדזער גרויסן יידישן פּאָעט און דראַמאַטורג, דורך אויפפירן זיי דראַמאַטישע פּאָעמע „מהר״ם פון רוטענבערג״.

די אָנפירערשאַפט פון דער פאָלקסבינע האָט מיט דער דאָזיקער האַנד־לונג ווידער אַ מאָל אונדז געוויזן איר באַציאונג און אַחריות פאַר יידישע קולטור־ווערטן.

אײדער מיר שטעלן זיך אָפּ אויף ה. לייוויקס פּאָעטישער דראַמע און אויף דעם וווּנדערלעכן אַנסאַמבל פון די פאָלקסבינע־אַקטיאָרן און זייער רעזשיסער, לאָמיר איבערגעבן בקיצור וועגן דער היסטאָרישער געשטאַלט פון מהר״ם.

ר׳ מאיר בן ר׳ ברוך מרוטענבערג — מהר״ם, — איז געווען איינער פון די אשכנזישע בעלי־התוספות און אַ באַרימטער פייטן.

זיין באַרימטסטן פיוט, ריכטיקער קינה, „שאלי, שרופה באש, לשלום אבליך״, האָט ער געשריבן נאָך דעם ווי מען האָט פאַרברענט אין דרייצנטן יאָרהונדערט די ספרי־תורות אויף די פּאַריזער גאַסן.

דער מהר״ם איז געבוירן געוואָרן אין וואָרמס אין 1215 און געשטאָרבן אין געפאַנגענשאַפט אין דער פעסטונג פון ענזיסהיים, אין עלזאַס, אין 1293, אין עלטער פון 78 יאָר.

דער מהר״ם איז געווען דער אב־בית־דין פון די געמיינדעס קאָנסטאַנץ, אויגנסבורג,ווירצבורג, רוטענבערג, וואָרמס, נירענבערג און מאַינץ. ער ווערט פאַררעכנט פאַר איינעם פון די גרעסטע צדיקים און גאונים, ער איז אויך באַוווּסט מיט זיינע מידות טובות.

דער מהר״ם איז אַרעסטירט געוואָרן דעם 28סטן יוני 1286 און אָפּגע־חושכט אין תפיסה ביז זיין טויט אין 1293, זיבן יאָר. ערשט מיט דרייצן יאָר שפּעטער, האָט דער פרנס אלכסנדר זיסקינד אָפּגעקויפט וואָס עס איז געבליבן פון זיין קערפּער און אים געבראַכט צו קבר ישראל אויף דעם בית־עולם פון מהר״מס געבוירנשטאָט, וואָרמס.

די קהילות האָבן אים נאָך ביים לעבן געוואָלט אויסלייזן און באַצאָלן

די קאַלאָסאַלע סומע פון פופציק טויזנט מאַרק. דער מהר״ם איז אָבער געווען קעגן דעם. ער האָט געפּסקנט, אַז מען זאָל פאַר אים נישט באַצאָלן מער ווי פאַר אַ געוויינלעכן יידן, ד. ה. פינף הונדערט מאַרק. ער האָט בשום אופן נישט דערלאָזן נאָכצוגעבן דער מלכות הרשעה.

ה. לייוויק האָט אין „מהר״ם פון רוטענבערג״, ווי אין די מערסטע פון זיינע היסטאָרישע און סימבאָליש־פּאָעטישע דראַמעס, אַריבערגעפירט די געשעענישן אין אונדזער צייט. די האַנדלונג קומט פאָר גלייכצייטיק אין דאַכאַו, אין אונדזערע היטלער־צייטן, און אין מאַינץ, אין דרייצנטן יאָר־הונדערט.

איין גורל פאַראייניקט די יידן און האָט זיי צוזאַמענגעפירט אין די גאַז־אויוונס פון היטלערן מיט די פיין פון מאַינצער גאון אין מיטלאַלטער.

די ערשטע סצענע פון ה. לייוויקס דראַמאַטישער פּאָעמע הייבט זיך אָן אין דאַכאַו, אין אַ היטלער־לאַגער. דער קאַצעטלער דניאל ווערט פון „אייביקן ייד״ אַרויסגעפירט פון דאַכאַו און אַריבערגעפירט אין מאַינץ. מיט דער דאָזיקער רייזע האָט דניאל דורכגעמאַכט נישט נאָר אַ גרויסן מהלך אין צייט; ער איז אַריבערגעשפּרונגען די שטעכלדראָטן פון זיין קאָנצענטראַציע־לאַגער און אויך אַריבערגעשפּרונגען גאַנצע יאָרהונדערטער אויף צוריק.

עס האָט זיך געענדערט דאָס אָרט, די צייט, אָבער נישט דער יידישער גורל.

די דאַכאַוער באַזוכער קומען גראַד אָן גלייך נאָך אַ פּאָגראָם, „ווייל אומעטום ווו מיינע פיס טרעטן נאָר אַריין, איז פּאָגראָם״, זאָגט דער „אייבי־קער ייד״.

נאָכן ערשטן בילד קומען שוין אַלע איבעריקע זעקס בילדער פאָר אין מאַינץ, אין דרייצנטן יאָרהונדערט, אונטערן וואַכזאַמען אויג און אויער פון די צוויי היינטצייטיקע געסט, וואָס באַגלייטן אַלע געשעענישן, ווי שאָטנס, און נעמען אָפט מאָל אַן אַקטיוון אָנטייל אין די פּאַסירונגען.

דניאל פאָלגט נאָך דעם מוטיקן און שטאָלצן קאַמף, וואָס דער גאון פון מאַינץ, מורנו הרב רבי מאיר, פירט עקשנותדיק דורך סבלנות און אויסדויער קעגן דעם רשעות פון הערצאָג פון מאַינץ.

דער הערצאָג פאַרשפּאַרט ר׳ מאירן אין תפיסה, כדי אויסצופּרעסן פון געטאָ אַ גרויסע סומע אויסלייז־געלט. דער צדיק פון מאַינץ לאָזט זיך נישט

איסלייזן און באַשווערט זיינע תלמידים, זיינע טעכטער און די ראשי הקהל נישט אויסצולייזן זיין טויטן גוף, ווען ער וועט שטאַרבן, כדי דער רשע זאָל נישט מנצח זיין.

נאָך דעם ווי דער גאון האָט אָפּגעשמאַכט אין תפיסה־קאַמער זיבן יאָר, קומט דער הערצאָג, אַ דורכגעפרעסענער פון צאָרן און שאַנד, צו אים אין קאַמער. ער וויל דערגיין דעם סוד פון מאַכט, וואָס ער פילט אַרויס פון דעם מהר"ם.

„מיין מאַכט", זאָגט אים דער גאון אין תפיסה, „באַשטייט אין נישט האָבן קיין מאַכט".

פאַראַן געוויסע ערטער אין דער דראַמאַטישער פּאָעמע, וואָס גיבן איבער אין פּשוטע, אָבער טיף־אַריינדרינגענדיקע ווערטער, די תמימותדיי־קייט און גייסטיקע כוחות פון דער גלויבנדיקער און פרומער יידישער וועלט, זיי ווירקן באַזונדערס טיף, למשל: די וויכוחים אויפן וועג צום הערצאָג צווישן מהר"ם און זיין גאונישן תלמיד רבי אשר, און צווישן די תלמידים פון מהר"ם מיט די ראשי הקהל וועגן אַ היתר אויף אַן אַקטיוון ווידערשטאַנד קעגן שונא.

גרויסקייט און הייליקייט איז אויסגעגאָסן אויף די שאלות־ותשובות, וואָס קומען פאָר אין תפיסה־קאַמער צווישן מהר"ם און זיין תלמיד רבי שמעון, וואָס גיט אים איבער די שאלות פון די יידישע קהילות. מיט אַ געפיל פון זאָרג און אחריות פאַרן יידישן לעבן, וואָס מוז דאָך ווייטער אָנגיין, גיט דער מהר"ם זיינע תשובות.

אַלע פּאַסירונגען אין מאַינצער געטאָ און אין תפיסה קומען פאָר אונטער דער באַגלייטונג פון דניאלס שאָטן, דעם „אייביקן ייד".

אַלע ערטער און אַלע צייטן זענען גלייך פאַר יידן, און ווען דער מהר"ם שטאַרבט אין תפיסה, נעמען אים „דער אייביקער ייד" און דניאל מיט זיך אויף דער צוריקרייזע אין אונדזער צייט אַריין — „אַ ייד אַנטלויפט נישט פון זיין גורל", זאָגט דער דיכטער מיטן מויל פון דעם „אייביקן ייד".

עס האָט זיך געפאָדערט קינסטלערישע פאַנטאַזיע און גלויבן אין די אייגענע כוחות, כדי אונטערצונעמען אַזאַ אויפפירונג ווי ס'איז ה. לייוויקס דראַמאַטישע פּאָעמע „דער מהר"ם פון רוטענבערג". די מי איז אָבער כדאי געווען.

נישט נאָר אַ מקיל, ווי ס'איז דער שרייבער פון די שורות, וואָס זוכט

קודם־כל דאָס ערלעכע און שיינע אין יעדער זאַך, נאָר אַפילו אַ מחמיר, דער שטרענגסטער קריטיקער, אַזוי דוכט מיר, וועט האָבן בלויז לויב און באַוווּנדערונג פאַר דעם רעזשיסער דוד ליכט, און מען מעג זאָגן מיט אַ פול מויל — און פאַר זיין קינסטלערישער טרופּע, וואָס שטעלן מיט זיך פאַר די פאָלקסבינע־אַקטיאָרן.

„דער מהר״ם פון רוטענבערג״ אין דוד ליכטס אויפפירונג וועט פאַר־בלייבן אין רעפּערטואַר פון יידישן טעאַטער, פּונקט ווי ה. לייוויקס אַנדערע גרויסע, סימבאָליש־קינסטלערישע דראַמעס.

דוד ליכט האָט חוץ קליינע ענדערונגען, וואָס ער האָט געמוזט מאַכן, צוליב סצענישע עפעקטן און שפּאַנונג פון דער דראַמע, זיך געהאַלטן ביים טעקסט פון ה. לייוויק.

פּונקט ווי אין אַלע פריערדיקע אויפפירונגען, האָט דער רעזשיסער געזאָרגט, אַז דאָס ליכט זאָל פאַלן אויפן גאַנצן אַנסאַמבל, און דאָס איז אפשר די מזל־ברכה און דער קינסטלערישער דערפאָלג פון דער פאָלקס־בינע.

עס וואָלט זיך געוואָלט אָפּשטעלן באריכות וועגן יעדן איינעם פון דער טרופּע, מיר קאָנען אָבער דאָס נישט טאָן צוליב דוחק אין פּלאַץ.

1963

## אַ באַזוך ביי אונדזער דיכטער ה. לייוויק

זונטיק, 2.15 נאָכמיטאָג. איך געזעגן זיך מיט די חברים לערער און מיט די תלמידים פון דער מיטלשול; זיי וויסן, אַז דאָס אייל איך זיך צו אונדזער גרויסן דיכטער ה. לייוויק, וועלכער איז קראַנק. איך וויל דאָרטן זיין פּונקט צו דער אָפּגערעדטער צייט.

אַ תלמיד האָט גראָד פּערפעקט פאַרלייענען ה. לייוויקס „אויף דיין ערד, ירושלים״. און בעת ער האָט אין אַ געהויבענעם טאָן געלייענט: „דאָ האָט געטראָטן ישעיה״, האָט אַ תלמידה שמייכלענדיק באַמערקט: „נישט דיך, ישעיה, האָט ה. לייוויק געמיינט, נאָר ישעיה הנביא״.

— אַוודאי — ענטפערט ישעיה — ווען איך וועל זיין אין ירושלים, וועל איך אויסזוכן דאָס אָרט, ווו ישעיה הנביא האָט געטראָטן און אויך אונדזער דיכטער־נביא ה. לייוויק.

אַ תלמידה זאָגט: — איך וואָלט וועלן מיטגיין און דעקלאַמירן פאַר ה. לייוויק זיין „אונדזער חלום", וואָס איך האָב זיך אויסגעלערנט אויף אויסנווייניק און וואָס איך האָב שטאַרק ליב. אין דעם ליד טוט ה. לייוויק תפילה, אַז משיח זאָל קומען און באַפרייען אַלע מענטשן פון ליידן. איך וואָלט אים געזאָגט, אַז איך טו תפילה, אַז ער זאָל געזונט ווערן.

און אַ צווייטער תלמיד באַמערקט: „איך וואָלט אויך וועלן באַזוכן אונדזער דיכטער און זינגען פאַר אים — „ערגעץ ווייט" און אים ווינטשן אַ „רפואה שלימה". איך זאָג צו די תלמידים, אַז איך וועל איבערגעבן אונדזער גרויסן און באַליבטן דיכטער זייערע האַרציקע ווערטער.

אויפן וועג צום סאָבווי זאָגט צו מיר אַ לערער, וועלכער איז אויך אַ ליטעראַטור־קריטיקער: „איך בעט אייך, געפינט אויס, צי ה. לייוויק האָט געלייענט מיין עסיי וועגן אים, וואָס איז מיט אַ חודש צוריק געווען פאַר־עפנטלעכט אין זשורנאַל, ווו איך רעדאַקטיר די ליטעראַרישע אָפּטיילונג".

דער קאָמפּאָזיטאָר און געזאַנג־לערער זאָגט מיר: „גיט איבער ה. לייוויקן, אַז איך האָב נאָר־וואָס אָנגעשריבן מוזיק צו זיינע צוויי לידער, ,פון וויטן וועג' און ,אונטער דער געלער לאָטע'."

דער דירעקטאָר פון דער מיטלשול דערציילט מיר, אַז מיט קנאַפּע צוויי וואָכן צוריק האָט ער און נאָך צוויי מיטגלידער פון בילדונגס־קאָמיטעט באַזוכט אונדזער קראַנקן דיכטער. זיי האָבן אים געבראַכט די „קינדער־צייטונג" וואָס איז געווידמעט אים לכבוד זיין זיבעציקיאָריקן געבוירנטאָג. און ווען איינער פון קאָמיטעט, וואָס איז אַליין אויך אַ דיכטער, האָט פאַר אים פאָרגעלייענט ב. כאַנינס „אַ בריוועלע צו די קינדער", וואָס איז געשריבן מיט געפיל און טיפער פאַרערונג פאַרן דיכטער, האָבן זיך לייוויקן גע־שטעלט טרערן אין די אויגן.

אונדזער דיכטער וווינט אין זייער אַ באַשיידענער היים, און בעת זיינע צוויי זין, דניאל און שמואל, זענען געווען קינדער, האָט געמוזט זיין גאָר שטאַרק ענג.

די שענק מיט ספרים פאַרנעמען דעם גרעסטן טייל פון די צימערן;

די ווענט זענען באַהאַנגען מיט יידישע מאָלערייען, און צווישן זיי אַ צוויי־געשטאַלטיקער פּאָרטרעט פון דיכטער, געמאָלן פון גליצענשטיין.

אַזוי ווי איך בין געקומען אַ ביסל פריער ווי די אָפּגערעדטע צייט האָב איך געטראָפן ה. לייוויקן זיצן אויף אַ בענקל, נישט אויף דעם שטופּ־וועגעלע אויף וועלכן ער נעמט געוויינלעך אויף געסט און באַזוכער. צוליב זונטיק איז די נוירס געווען פריי עטלעכע שעה. אָבער ה. לייוויק האָט באַוויזן מיט דער הילף פון פרוי שרה לייוויק און זיין שטעקן צוצוגיין צום וועגעלע און זיך אַוועקגעזעצט אַזוי באַקוועם ווי מעגלעך.

ה. לייוויק האָט זיך צעקושט מיט מיר און מיר אָנגעוויזן, אַז איך זאָל זיך זעצן לעבן אים.

איך בין אַ היפּשע ווילע מיט אים אַליין. איך נוץ־אויס די געלעגנהייט און גיב אים איבער דעם גרוס און די ברכות און רייד פון די תלמידים און לערערס. דעם דיכטערס מאָגער און אויסגעצערט פּנים לייכט־אויף און אַ פריידיקייט גיסט זיך אויס אויף זיין גאַנץ וועזן, וואָס האַלט אָן אַ היפּשע וויייל.

דורך זשעסטיקולאַציעס מיט דער געזונטער האַנט, האָט ער מיר אָנגעוויזן אויפן מויל, אַז ער קאָן נישט רעדן און מיר ווי געזאָגט, אַז איך זאָל רעדן.

באַלד זענען אַריינגעקומען נאָך צוויי באַזוכער, שרייבער.

פרוי שרה לייוויק אַראַנזשירט די באַזוכן, אַז עס זאָלן נישט זיין מער ווי דריי מענטשן מיט אַ מאָל.

די צוויי שרייבער זענען א. גלאַנץ־לעיעלעס און שלמה סיימאָן, מיט זייערע פרויען.

א. גלאַנץ האָט אים געזאָגט אַז ער זעט אויס בעסער און אַז ער האָט צוגענומען וואָג. ה. לייוויק האָט דאָס אויפגענומען מיט אַ מינע פון צו־פרידנקייט.

א. גלאַנץ האָט אים אויך געזאָגט, אַז דער לעצטער נומער „גאָלדענע קייט" איז אַ לייוויק־נומער, צו זיין זיבעציקיאָריקן יובל, און אַז ער, א. גלאַנץ, האָט דאָרטן אויך אַן אַרטיקל — זכרונות וועגן אים. ה. לייוויק האָט געמאַכט אַ מינע, ווי ער וואָלט וועלן זען „די גאָלדענע קייט", און גלאַנץ האָט געזאָגט, אַז בלויז איין נומער איז דערווייל אָנגעקומען מיט דער לופט־פּאָסט צו דעם פאַרלעגער פון „קוואַל", י. לאַנדאַו.

איך פרעג ה. לייוויקן, צי ער וויל הערן אַ פּאַראַגראַף פון מיינס אַן אַרטיקל, וואָס איך האָב געשריבן אין „קולטור און דערציאונג" צו זיין זיבעציקיאָריקן געבוירנטאָג. ה. לייוויק שאָקלט מיטן קאָפּ אויף יאָ און איך לייען:

„ה. לייוויקס לעבן קאָן געבן יעדן דענקענדיקן מענטשן גענוג מאַטע־ריאַל, נישט בלויז זיך צו פאַראינטערעסירן אין דיכטער, נאָר אויך אים צו באַוואונדערן און פאַרהערלעכן; ווייל ער האָט געקאָנט גובר־זיין אַזוי פיל שטרויכלונגען און אַרויסקומען פון אַלע נסיונות אַ געלייטערטער"...

איך זאָג מיט אַ פאַרשטיקטער שטים: „אויך דאָס מאָל וועט איר גובר־זיין די שטרויכלונגען און געזונט ווערן". אַלע שאָקלען צו מיט די קעפּ, ווי זיי וואָלטן געזאָגט אָמן, און דער דיכטער לאָזט אַרונטער די אויגן.

איך פאַרענדיק דעם זאַץ: „ווייל ה. לייוויק האָט געקאָנט און קאָן געבן די אַלע איבערלעבונגען פּאָעטישן און אידעאישן אויסדרוק, אַז אַפילו דער לייענער, וואָס באַנעמט נישט אַלצדינג, ווערט גענוג באַווירקט אַדאַנק דעם, וואָס דער דיכטער איז אַזוי סימבאָליש און סוגעסטיוו, אַז ער מאַכט דעם לייענער טראַכטן און נאָכטראַכטן".

שלמה סיימאָן זאָגט הויך, מיט אַ פול מויל ווי ער וואָלט געווען זיכער:

„אין זכות פון די פיל ברכות פון יידן איבער גאָר דער וועלט, וועט איר געזונט ווערן, טייערער לייוויק!"

פרוי לייוויק קומט אַריין און בעט רעדן שטילער, און ווען שלמה סיימאָן הייבט אָן רעדן גאָר שטיל, מאַכט לייוויק סימנים מיט דער האַנט און מיטן גאַנצן קערפּער, אַז ער זאָל רעדן הויך.

א. גלאַנץ דערציילט, אַז נאָך אין 1918, האָט ער אָנגעשריבן אַן אַרבעט וועגן ה. לייוויקן. לייוויק שאָקלט מיטן קאָפּ אויף יאָ, אַז ער געדענקט דאָס.

און שלמה סיימאָן זאָגט צו ה. לייוויקן: „און איך בין אַזוי באַווירקט געוואָרן פון אייער סימבאָליש־פּאָעטישער דראַמע „דער גולם", אַז גלייך נאָך דעם ווי זי איז דערשינען, האָב איך אָנגעשריבן אַ גאַנצע בראָשור וואָס איז דאַטירט אָקטאָבער־נאָוועמבער 1922, כאָטש איך בין דעמאָלט געווען אַ סטודענט אין אוניווערסיטעט".

אויפן דיכטערס פאַרצערט פּנים ווייזט זיך אַ שמייכל.

איך גיי אַריין צו פרוי שרה לייוויק, זי זאָגט מיר, אַז עס קומען אָן טאָג־טעגלעך בערג מיט טעלעגראַמעס און בריוו פון דער גאַנצער וועלט.

אַן אַ שיעור מענטשן האַלטן אין איין טעלעפאָנירן, אַז זיי ווילן קומען אים זען. זי קאָן אָבער ביים בעסטן ווילן נישט דערלויבן אַלעמען צו קומען. עס טעלעפאָנירן אויך מענטשן, וואָס זענען ספּעציעל געקומען פון אַנדערע, ווייטע שטעט און אַפילו לענדער.

— אָבער לייוויקן, — באַמערקט זי אין אַן אומעטיקן טאָן, — ווערט דערוויל גאָרנישט בעסער.

איך פּרווו זי טרייסטן, אַז עס וועט אים גאָר בקרוב ווערן בעסער, אַז ער וועט צוריקקריגן זיין לשון און ער וועט נאָך ווערן אין גאַנצן געזונט.

דאָס גאַנצע יידישע פאָלק בענטשט אים און שיקט אים ברכות און דאָס איז נישט קיין קלייניקייט!

מיר גייען אַריין צו ה. לייוויקן. ער זיצט פאַרזונקען אין דעם שטופּ־וועגעלע.

ד״ר שלמה סיימאָן באַרירט אַ קאָנטראָווערסיעלע טעמע. א. גלאַנץ בעט אים, אַז מיר זאָלן בעסער רעדן וועגן אַ רואיקן ענין. אַלע זענען מסכים.

ה. לייוויק זיצט מיט זיין בליק געווענדט אויף אונדז אַלעמען. זיין שווייגן דערמאָנט אָן זיין טאַטן מיט דער רויטער באָרד, וועלכער האָט אַזוי אָפט געשוויגן.

מיר שטעלן זיך אויף, געזעגענען זיך מיט פרוי שרה לייוויק און צעקושן זיך מיט ה. לייוויקן, און מיר פאַרלאָזן שווייגנדיקע זייער היים.

אַ נאָגנדיקער אומעט האָט אונדז אַלעמען אַרומגענומען.

1959

## אַ צווייטער באַזוך ביי ה. לייוויק

מיט צוויי יאָר צוריק האָב איך באַזוכט אונדזער גרויסן און באַליבטן דיכטער ה. לייוויק, און דעם 17טן אָקטאָבער 1961, בין איך ווידער געווען ביי אים.

די לייוויקס וווינען זינט פאַראַיאָרן אין אַ שיינער, ליכטיקער פיר־צימערדיקער דירה אויפן 15טן שטאָק אין דעם פּראָיעקט פון דער „אינ־טערנעשאָנאַל לײדיס גארמענט וואָירקערס יוניאָן“.

פרוי שרה לייוויק האָט מיר געזאָגט, אַז די לעצטע צייט ליגט לייוויק כסדר אין בעט, און בלויז צום עסן נעמט אים די נוירס אַרונטער פון בעט אויפן שטופּ־וועגעלע צום טיש צו; ער האָט פאַרלוירן אויף דער וואָג, און מיט אַ זיפץ זאָגט זי: ס'ווערט לייוויקן גאָרנישט בעסער; זי זיצט שעהן לאַנג לעבן אים און ער האָט ליב צו הערן ווי זי לייענט פון זיינע שאַפונגען; ווען עד ווערט מיד מאַכט ער אַ באַוועגונג מיט דער געזונטער האַנט, אַז ער וויל זיין אַליין. דאָס זעלבע טוט ער ווען געסט באַזוכן אים.

פרוי שרה לייוויק האָט מיך געבעטן זיין מיט אים אַזוי לאַנג ביז ער וועט מיר געבן אַ סימן מיט דער האַנט, ווי ער איז זיך נוהג מיט אַלעמען.

איך האָב געטראָפן דעם דיכטער ליגן אין בעט, הגם דאָס פּנים זיינס איז אָפּגעצערטער ווי מיט צוויי יאָר צוריק, איז אָבער די גייסטיק־אַריסטאָ־קראַטישקייט פון דער ה. לייוויק־געשטאַלט נישט געמינערט געוואָרן.

ער האָט אויסגעשטרעקט די געזונטע האַנט און מיר געגעבן שלום־עליכם און געבעטן מיך זיצן. פרוי לייוויק האָט מיר פריער געהאַט געזאָגט, אַז זי פאַרשטייט כמעט אַלצדינג, וואָס לייוויק זאָגט אָדער וויל זאָגן. אַ פרעמדער איז זיך בלויז משער, וואָס ער זאָגט, ווייל קלאַנגען הערט מען נישט, בלויז זשעסטיקולאַציעס.

פרוי שרה לייוויק איז געווען אין צימער.

איך האָב פאַרגעלייענט פאַר לייוויקן זיין פאָעמע „אַמעריקע", וואָס איז געווען פאַרעפנטלעכט אין גרשון פאָמעראַנצס טאָראָנטער „דער אידישער זשורנאַל" פון 9טן אָקטאָבער. לייוויק האָט זיך אויפמערקזאַם צוגע־הערט. ווען איך האָב אים געפרעגט צי דאָס ליד געפינט זיך אין זיינע גע־זאַמלטע ווערק, האָט ער, דוכט זיך מיר, געשאָקלט מיטן קאָפּ אויף ניין. ער האָט זיך גוט איינגעקוקט אויף די צוויי בילדער, וואָס געפינען זיך אויף דער אייגענער זייט, באַזונדערס אויף דעם בילד, ווו ער שטייט מיט זיינע עלטערן. שרה לייוויק, וואָס איז דאָרט געווען, האָט אָנגעוויזן, אַז דאָס אייגענע בילד הענגט ביי זיי אין צימער.

ה. לייוויק האָט מיט הנאה געקוקט אויף דעם ערב־ראש־השנה־נומער „דער אידישער זשורנאַל", ווו עס איז געווען געדרוקט זיין באַרימט ליד — „אייביק". דאָס ליד איז אויסגעשטעלט און געדרוקט וווּנדערלעך שיין. עס פילט זיך אין יעדער שורה די פאַרערונג פון רעדאַקטאָר־אַרויסגעבער, גרשון פאָמעראַנץ, פאַרן דיכטער. אגב, שפּיגלט זיך זייער אָפּט אָפּ אין דער

צייטונג זיין וואַרעמע באַציאונג צום יידישן שרייבער און קינסטלערישן וואָרט.

מיר האָט זיך איינגעגעבן אַרויסצורופן אַ שמייכל ביי אונדזער באַ־רימטן, אָבער שוין יאָרנלאַנג פאַרצערטן דיכטער.

איך האָב פאָרגעלייענט פאַר ה. לייוויקן זיין ליד — „אַמאָל ווי אַ בלינ־דער". דאָס ליד לייענט זיך:

## אַמאָל ווי אַ בלינדער

אַמאָל ווי אַ בלינדער,
אַמאָל ווי אַ העלזעער —
גיי איך מיין וועג
צו דיר.

און אַלעמאָל קום איך
צום ראַנד פון אָפגרונט, —
און אַלעמאָל קום איך
צו דיר.

און אַלעמאָל הערסטו
דאָס קול פון מיין רופן,
ווי אַ זון וואָלט גערופן
צו דיר.

ווי ביסטו? קום, העלף מיר, —
די פשוטסטע ווערטער —
אַזוי טו איך רופן
צו דיר.

איך אָבער האָב געלייענט דאָס ליד:

אַמאָל ווי אַ בלינדער,
אַמאָל ווי אַ העלזעער —
גיי איך מיין וועג
צו דיר, שרה.

און אַזוי האָב איך געטאָן מיט יעדן סטראָף, נאָך „צו דיר״, וואָס דער דיכטער האָט מסתמא אין זינען געהאַט — גאָט, האָב איך צוגעגעבן — שרה.

און יעדעס מאָל האָט אַ שמייכל זיך באַוויזן אויף זיין צאַרט פּנים, אַזוי פיר מאָל. אויך שרה לייוויק, וואָס היט אים אָפּ, ביי טאָג און ביי נאַכט, האָט אַ שמייכל באַלויכטן איר פּנים.

פרוי לייוויק האָט מיר דערנאָך געזאָגט, אַז דאָס טרעפט אַזוי זעלטן, זי געדענקט נישט, ווען ער האָט געשמייכלט.

איך האָב נאָך פאַרבראַכט אַ היפּשע ווייל מיטן דיכטער. ווען איך האָב אבער דערפילט, אַז ער ווערט מיד, האָב איך זיך אויפגעהויבן און זיך געזעגנט מיט אים.

פרוי שרה לייוויק האָט מיר דערנאָך געזאָגט, אַז איך האָב געדאַרפט פאַרבלייבן ביז ער אַליין וועט מיר אָנווייזן, אַז ער איז מיד. זי וויל, אַז לייוויק זאָל וואָס מער פאַרברענגען מיט פריינד, וואָרעם, ווען ער בלייבט אַליין ווערט ער פאַרזונקען אין זיך.

ווען פרוי שרה לייוויק האָט מיך געפרעגט ווי זעט ער אויס אין מיינע אייגן — זי ווייסט, אַז מיר קומט אָפּט אויס צו זיין אין יידישן שפּיטאָל פאַר כראָנישע קראַנקע, ווו עס געפינען זיך גאָר אַ סך ענלעכע פאַלן — האָב איך איר געזאָגט, און אַזוי האָט זיך מיר טאַקע אויסגעוויזן, אַז ער קאָן נאָך געזונט ווערן. הלוואי! האָט זי אַ שטילן זיפץ געטאָן.

אָקטאָבער 1961

## נחום כאַנין

(צו זיין 75־יאָריקן געבוירנטאָג)

נ. כאַנין איז אַ דערשיינונג אין יידישן לעבן אין אַמעריקע. איינע פון זיינע גרונט־מעלות איז, וואָס ער איז קיין מאָל נישט געווען סעקטאַנטיש. און נאָך אַ כאַראַקטעריסטישער שטריך איז זיין גוואַלדיקע טאָלעראַנץ. לאָמיר ברענגען עטלעכע פאַלן, וואָס וואַרפן אַ ליכט אויף זיינע טאָלעראַנטע האַנדלונגען.

איך ווייס נישט, צי אויף דער יידישער גאַס איז פאַראַן נאָך איינער, וואָס האָט אַזוי באַקעמפט דעם קאָמוניזם און באָלשעוויזם ווי דאָס האָט געטאָן נ. כאַנין. זיין מוטיקער קאַמף קעגן קאָמוניזם אויף דער יידישער גאַס אין אַמעריקע איז אַ ליכטיק קאַפּיטל אין זיין סאָציאַליסטישער טעטיקייט. און דאָך, — ווען אַ היפּשע צאָל געוועזענע קאָמוניסטן האָבן זיך אָפּגעטרייסלט פון קאָמוניסטיש־באָלשעוויסטישן טשאַד און זענען געקומען בעטן ביי אים אַרבעט אין די אַרבעטער־רינג־אינסטיטוציעס, האָט ער קיינעם נישט גענומען אויף קיין „דאָפּראָס" אָדער פאַרלאַנגט וועלכע עס איז דערקלערונג. ער האָט אַפילו אויסגעמיטן צו רעדן מיט זיי וועגן זייער פריערדיקער אָנגעהעריקייט. איך ווייס דאָס פון געוועזענע לינקע לערער, וואָס האָבן מיר דערציילט וועגן זייערע שמועסן מיט כאַנינען.

און בלויז איין פאַל: איך געדענק, ווי איך האָב באַוווּנדערט נ. כאַנינס טאַקט און טאָלעראַנץ, בעת איך האָב איינעם פון זיינע פּאָפּולער־געוואָרענע „אַ בריוועלע צו אַ פריינד" אין „וועקער" געלייענט אַן אָפּשאַצונג, און צום טייל אויך אַ באַגריסונג צו י. ב. ביילינס 75־יאָריקן יובילײ.

נ. כאַנין האָט דאָרטן געמאָלן אַן אַלזייטיק בילד וועגן י. ב. ביילינען, וועגן זיין יידישער און אַלגעמיינער דערציאונג, וועגן זיין רעוואָלוציאָנערער פאַרגאַנגענהייט, זיינע גייסטיקע פעאיקייטן; ער האָט זיך אָפּגעשטעלט אויף זיין אַרבעט ווי דער בילדונגס־דירעקטאָר פון אַרבעטער־רינג, אויף דער ערנסטער באַציאונג, וואָס ער האָט אַרויסגערופן צו זיך און די האָפענונגען, וואָס מען האָט געלייגט אויף אים. און בלויז צום סוף געשטעלט די פראַגע, וואָס איז אוממעגלעך צו ענטפערן און צו פאַרשטיין: ווי קען מען דערקלערן, וואָס אַזאַ יידישער מענטש זאָל קענען הויזן צוזאַמען מיט די פאַרשווערערס און פאַררעטערס פון יידישן פאָלק און פון סאָציאַליזם? מיט גרויס באַדויער האָט נ. כאַנין אָנגעוויזן, אַז י. ב. ביילין איז דעריבער געוואָרן אין גאַנצן אומשעפעריש און אַוועק לתרבות רעה.

נ. כאַנין, דער בונדיסט, איז געוואָרן איינער פון די וואַרעמסטע פאַרטיידיקער און אונטערשטיצער פון מדינת ישראל; אים האָט ווייניק געאַרט, וואָס דער אָדער יענער האָט געקוקט קרום אויף זיין „ציוניסטישער אַרבעט". נישט קיין ציוניסט איז נחום כאַנין געוואָרן, נאָר אַ ייד מיט אַ וואַרעם, נאַציאָנאַל אחריות־געפיל. ישראל האָט דאָך אַריינגענומען העכער אַ מיליאָן יידן. אין ישראל געפינען זיך קרוב צוויי מיליאָן יידן. די מפא"י,

די הסתדרות זענען דער רוקנביין פון יידישן לאַנד. דער אופן ווי עס ווערט געבויט דאָס עקאָנאָמיש־ווירטשאַפטלעכע לעבן פון לאַנד, און אַוודאי די קיבוצים און חלוצים, וואָס רופן אַרויס גרויס באַוווּנדערונג אין דער וועלט, זענען אים נאָענט צום האַרצן. דעריבער איז זיין אַרבעט אַזוי אומדער־מידלעך וואָס שייך אַלע טעטיקייטן, וואָס זענען פאַרבונדן מיט שטאַרקן און פאַרזיכערן די עקזיסטענץ פון מדינת ישראל.

אַוודאי ווייס נחום כאַנין גוט, אַז דאָס, וואָס יידיש־לשון ווערט נאָך אַלץ באַעוולט אין ישראל, איז אַ נאַציאָנאַלער חטא, און ער וועט נישט אויפהערן צו פאָדערן און קעמפן, אַז יידיש זאָל איינגעפירט ווערן ווי אַ לימוד אין די מיטלשולן און אין די העכערע לערן־אַנשטאַלטן, און אַז יידיש זאָל ווערן גלייכבאַרעכטיקט מיט עברית אין אַלע אָפיציעלע רעגי־רונגס־אינסטיטוציעס.

די הויפּט־פירער פון יידישן לאַנד וועלן מוזן איינזען, אַז דער קריי־זיס פון דער ישראל־יוגנט איז אין אַ גרויסער מאָס דערפאַר, וואָס זי איז אָפּגעריסן פון דער מזרח־אייראָפּעאישער טיף־פאַרוואָרצלטער יידיש־גייס־טיקער ירושה.

דאָס האָלט אָבער נ. כאַנינען נישט אָפּ צו זען דעם אויפבלי פון מדינת ישראל, וואָס איז שוין געוואָרן אַ ליכטיקער ביישפּיל פאַר די ניי־אויפגעקומענע אַפריקאַנישע און אַזיאַטישע לענדער.

נ. כאַנינס איבערגעגעבנקייט פאַר דער יידישער שול און יידישער ליטעראַטור איז אַ שם דבר. ער איז געווען פון די סאַמע ערשטע קעמפער, בויער און פּראַקטישע טוער פון דער יידישער שול. אויב מיר האָבן איצטער צענדליקער יידישע שולן אין ניו־יאָרק און איבערן לאַנד, איז עס אין אַ גרויסער מאָס אַ דאַנק זיין פאַרעקשנטן קאַמף, וואָס ער האָט אָנגעפירט אין די אייגענע רייען מיט קרוב פיר צענדליק יאָר צוריק.

די השפּעה פון דער יידישער שול אויף דער יידישער גאַס דאַרף ערשט אָפּגעשאַצט ווערן. אַ דאַנק דער יידישער שול האָבן מיר איצטער אַ מער אָפּגעהיט יידיש לשון, באַזונדערס פילט זיך דאָס אין דער יידישער פּרעסע, אין די זשורנאַלן און צייטשריפטן.

די יידישע שול האָט אויך גורם געווען, דירעקט און אומדירעקט, וואָס אין אַ ריי יידישע העכערע לערן־אינסטיטוציעס האָט מען אָנגעהויבן לער־

נען יידיש און אין אַ צאָל אַמעריקאַנער אוניווערסיטעטן און קאָלעדזשעס זענען איינגעפירט געוואָרן קאַטעדרעס פאַר יידיש און יידישער ליטעראַטור.

נחום כאַנינס פיאָנערישע אַרבעט פאַר דער יידישער שול און ליטעראַטור און זיין כסדרדיק שטיין אויף דער וואַך, האָבן געשפּילט אַ גרויסע ראָלע אין די דערמאָנטע דערגרייכונגען.

אויף נ. כאַנין ווערט אָפט אָנגעווענדט די פראַזע, אַז אין זיין געזעלשאַפטלעכן לעבן באַמיט ער זיך צו זען נישט בלויז דעם וואַלד, נאָר אויך דיביימער.

אַז נ. כאַנין האָט שוין געהאַט אַ נטיה צו באַמערקן דעם מענטשן, אַפילו אין זיינע יונגע, רעוואָלוציאָנערע יאָרן, קען מען זען פון זיין אויטאָביאָגראַפיש בוך „בערעלע", ער שרייבט דאָרטן:

„איין מאָל איז בערעלע געגאַנגען מיט אַנדערע אַרעסטאַנטן זעגן האָלץ (בשעת בערעלע האָט זיך געפונען אין דער תפיסה אין אָריאָל). דאָס איז געווען אין אַ קאַלטן פראָסטיקן ווינטער־טאָג. צווישן די וועכטערס איז געווען איינער, טימאָפיי ניקאָלייעוויטש, אַן עלטערער קריסט מיט אַ גוטמוטיקן פּנים. יענעם טאָג האָט ער אויפגעפּאַסט אויף דער אַרבעט און דער אַלטער וועכטער זאָגט שטילערהייט צו בערעלען מיט אַ צאַרטער שטים — יאָג זיך נישט אַזוי, קינד מיינס... פאַר מיר דאַרפסטו זיך נישט שרעקן, דיר וועל איך קיין בייז נישט טאָן... די אַנדערע וועכטערס האָבן זייער גאָט פאַרלוירן, זיי האָבן צום טייוול פאַרקויפט דאָס גוטע רוסישע האַרץ און נשמה. זיי טוען דאָס אויפן באַפעל פון די הויכע טורמע־באַאַמטע, גאָט וועט זיך נאָך מיט זיי אָפּרעכענען. שטאַרק זיך, מיין קינד".

און אָט איז אַן אַנדער שטעל פון דעם ביז גאָר אינטערעסאַנטן אויטאָביאָגראַפישן בוך, בעת מען פירט די אַרעסטאַנטן אויפן וועג קיין סיביר, און צווישן זיי אויך בערעלען: „די אַרעסטאַנטן גייען איבער די גאַסן פון אָריאָל, די קייטן אויף די פיס קלינגען, דער קלאַנג גיסט זיך צונויף אין אַ מין שרעקלעכן אָרקעסטער. עס איז דער אָרקעסטער פון מענטשלעכע פּיין און ליידן. און אָט איז מען שוין לעבן דער סטאַנציע. נישט ווייט פון די אַרעסטאַנטן שטעלט זיך אָפּ אַן אַלטיטשקע גויע, איינגעבויגן, אין אַלטע, אָפּגעריבענע פּויערשע קליידער, און מיט אַ טרויעריק קול זאָגט זי: „קינדערלעך מיינע, מאַרטירערס טייערע, זאָל אייך גאָט שטאַרקן, געבן כוח דאָס אַלץ איבערצוטראָגן. פון אירע אויגן האָבן זיך געקייקלט טרערן".

און נחום כאַנין באַמערקט: „דאָס האָט בערעלען שטאַרק גערירט, און ער האָט צו זיך געזאָגט: ניין, נישט דער שפּיי פון יענעם גוי שפּיגלט אָפּ די אמתע רוסישע נשמה, נאָר די הייסע טרערן פון דער אַלטינקער".

פון אַלע געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס, מיט וועלכע נ. כאַנין איז זיך מתעסק, איז אים, לויט מיין מיינונג, צום נאָענטסטן די ידישע שול. ער איז איר געבליבן געטריי פון איר גרינדונג אָן ביזן היינטיקן טאָג.

איך וועל דעריבער פאַרענדיקן מיין קורצע אָפּשאַצונג מיט צוויי ייִדיש־באַוווסטזיניקע ענטפערס, וואָס נ. כאַנין האָט געגעבן מאיר לאָנדאָנען, וואָס האָט באַקעמפט די ייִדישע שול, ווייל זי איז אַ שטער צו אַמעריקאַני־זאַציע, און אב. קאַהאַנען, וואָס האָט זיך אויך געשראָקן צוליב דעם אייגע־נעם טעם.

איך נעם דאָס אַרויס פון ש. ניגערס בוך „אין קאַמף פאַר אַ נייער דערציאונג", אַרויסגעגעבן פון אַרבעטער־רינג בילדונגס־קאָמיטעט, ניו־יאָרק 1940. שרייבט ש. ניגער: „דער פאַרשטאָרבענער סאָציאַליסטישער קאָנגרעסמאַן מאיר לאָנדאָן האָט אַזוי שפּעט ווי אין 1925 נאָך געטענהט אויף אַ קאָנווענשאָן פון אַרבעטער־רינג, אַז מיר מוזן זיך אַליין אַמעריקאַ־ניזירן — און נישט מאַכן אונדזערע קינדער פאַר גרינהאָרנס". האָט אים נ. כאַנין גלייך אויפן אָרט געענטפערט: „צווישן די ראַדיקאַלע עלטערן און זייערע קינדער איז דאָ אַ גרויסער אָפּגרונט, פיל גרעסער ווי ביי די אָרטאָדאָקסישע קלאַסן, און כדי דעם אָפּגרונט אָפּצושאַפן זענען נייטיק די שולן. מיר זענען נישט קעגן ענגליש, אָבער מיר ווילן, אַז אונדזערע קינדער זאָלן אויך האָבן דרך־ארץ פאַר אונדזער ייִדישער קולטור".

און אויף אב. קאַהאַנס טענה, אַז די קינדער פון די ייִדישע אימיגראַנטן רעדן נישט קיין ייִדיש, האָט נ. כאַנין געענטפערט: „מיר ווילן נישט צווינגען די קינדער, אַז זיי זאָלן אין זייער טעגלעכן געברויך זיך אָפּזאָגן פון דער ענגלישער שפּראַך און רעדן ייִדיש"... „איך ווייס נישט, צי די קינדער, וואָס גייען אין די וועלטלעכע שולן, אין די אַרבעטער־רינג־ אָדער אין די שלום־עליכם־שולן וועלן זיך אויסלערנען רעדן פליסיק די שפּראַך פון זייערע עלטערן — ייִדיש, אָבער איין זאַך ווייס איך, אַז זיי באַציִען זיך מיט רעספּעקט צו דער ייִדישער ביכערשאַנק, אין וועלכער עס ליגט דער גייסטיקער אוצר, די קולטור פון זייערע עלטערן. זיי באַציִען זיך מיט דרך־ארץ צו דער שפּראַך וואָס זייערע עלטערן געברויכן, און צו דער

ציטונג, וואָס זיי לייענען. אין דעם זין טוען אויף אונדזערע שולן אַן אומ־געהייער גרויסע זאַך".

און וועגן דעם, וואָס אב. קאַהאַן און זיינע אָנהענגער זענען אַרויסגע־טראָטן קעגן די שולן פונעם שטאַנדפונקט פון אַמעריקאַניזאַציע, האָט ג. באַנין געמאַכט די וויטערדיקע באַמערקונג: „אין אייערע אַרטיקלען און געשפּרעכן וועגן יידיש, געגאַסע קאַהאַן, האַלט איר אין איין טענהן, אַז „מיר דאַרפן זיך אַמעריקאַניזירן". וואָס מיינט דאָס וואָרט „אַמעריקאַניזירן זיך"? ווען אונדזערע קינדער גייען אין דער אַרבעטער־רינג־שול, זענען זיי נישט אַמעריקאַניזירט, נאָר ווען זיי שטייען לעבן אַ קענדי־סטאָר, טאַנצן מיט די פּיסלעך אָדער זינגען און פייפן „רעד האָט מאַמאַ", זענען זיי שוין יאָ אַמעריקאַניזירט?... „אין אונדזערע שולן מאַכן מיר אויך אונדזערע קינדער אַמעריקאַניש, אָבער מיר לערנען זיי צו ליבן די אַמעריקע פון דעבסן און לינקאָלן, די אַמעריקע פון אידעאַליזם".

1962

## „שבתדיקע שמועסן" פון מ. צאַנין

מ. צאַנינס קאָרעספּאָנדענציעס פון מדינת ישראל האָבן זיך מיט עטלעכע יאָר צוריק געדרוקט רעגלמעסיק אין „פאָרווערטס". יענע אַרטיק־לען פון מ. צאַנין האָבן געוועקט אַ סך אויפמערקזאַמקייט צוליב דעם אופן, ווי אַזוי ער האָט רעאַגירט אויף די פאַרשידענע דערשיינונגען אין מדינת ישראל.

עס איז אַ שאָד, וואָס די אַמעריקאַנער יידישע לייענער זענען באַרויבט געוואָרן פון זיינע סטימולירנדיקע און אָפט שאַרפע און שאַרפזיניקע ישראל־אַרטיקלען. נישקשה, דער יידישער לייענער איז שוין דערוואַקסן צו קענען פאַרטראָגן „קריטיק" וועגן מדינת ישראל, אויב דאָס קומט פון אַן אויפריכטיק און ערלעך האַרץ.

מ. צאַנין האָט, ווי לאַנג ער איז נאָך געווען דער קאָרעספּאָנדענט פון „פאָרווערטס", געגרינדעט אין ישראל אַ יידישע ציטונג, „לעצטע נייעס",

וואָס איז די פאַרשפּרייטסטע יידישע שריפט אין יידישן לאַנד; און יש אומרים, אַז די ראשי הממשלה פון מדינת ישראל זענען פלייסיקע לייענער פון „לעצטע נייעס". על כל פנים ווייסט מען, אַז מ. צאַנינס „שבתדיקע שמועסן", וואָס דערשיינען אין זיין צייטונג וואָך־איין, וואָך־אויס, האָבן צווישן די לייענער די סאַמע פּני פון דער יידישער מלוכה.

עס בעט זיך ממש מאַכן אַ פאַרגלייך צווישן מ. צאַנינס „שבתדיקע שמועסן",* וואָס איז לעצטנס דערשינען אין תל־אביב, און הערי גאָלדענס „אָנלי אין אַמעריקאַ" (בלויז אין אַמעריקע), וואָס איז אַזוי גיך געוואָרן נישט בלויז אַ „בעסטסעלער", נאָר שיר נישט אַ סענסאַציע אין גאַנצן לאַנד.

פונקט ווי הערי גאָלדען גיט אַרויס אין אַ דרומדיקן שטאַט זיין אייגענע שריפט „קאַראָליינאַ איזראַעליט", אַזוי גיט אויך אַרויס מ. צאַנין זיין אייגענע שריפט „לעצטע נייעס" אין תל־אביב.

הערי גאָלדענס „בלויז אין אַמעריקע" איז אַ זאַמלונג פון זיינע אייגענע אַרטיקלען, וואָס האָבן זיך פריער געדרוקט אין זיין צייטשריפט. אויך מ. צאַנינס „שבתדיקע שמועסן", ווי עס הייסט זיין ניי בוך, זענען אַ זאַמלונג פון זיינע אַרטיקלען וואָס האָבן זיך פריער געדרוקט אין זיין צייטונג.

מ. צאַנין האָט פונקט אַזוי געקענט אָנרופן זיין בוך „בלויז אין ישראל". פונקט ווי הערי גאָלדען קריטיקירט ער „פּאַראַנדקעס" פון זיין לאַנד, וואָס געפעלן אים נישט.

משמעות, אַז די הויפּט־סיבה, וואָס הערי גאָלדענס שריפט און בוך נעמען אַזוי שטאַרק אויס, איז מחמת דעם, וואָס זייער מחבר איז אינטעלעקטועל זייער ערלעך און קען גוטמוטיק אַריינזאָגן אַלעמען.

אַוודאי האָט מען געקענט מאַכן נאָך און נאָך אַנאַלאָגיעס צווישן „שבתדיקע שמועסן" און „בלויז אין אַמעריקע". אָט, למשל, לעבט ביי הערי גאָלדען זיין „אַמעריקאַנישקייט" און „יידישקייט" אין פולער האַרמאָניע. אויך מ. צאַנינס „גלות" און „ישראל" זענען ביי אים נישט קיין סתירה. הערי גאָלדען ליידט נישט פון קיין שום „ייד־קאָמפּלעקס", אויך מ. צאַנין ליידט נישט פון קיין שום „בונדיסט"־קאָמפּלעקס.

אמת, מ. צאַנין איז אַזוי צו זאָגן, אַ בונדיסט מיט אַ באַציאונג צום יידישן לאַנד. ער איז נישט קיין נאַציאָנאַלער בונדיסט, ווי עס איז געווען

* פאַרלאַג „לעצטע נייעס", תל־אביב, 1957.

אַ. ליעסין, אָדער ווי עס איז, אים צו לאַנגע יאָר, אַ. מענעס; מ. צאַנין איז אָבער יאָ אַ וואַרעמער, יידישער בונדיסט, און זיין בונדיזם איז ביי אים בשום אופן נישט קיין שטער צו זאָגן דעות מדינת ישראל דאָרטן, ווו ער געפינט פאַר נייטיק. און ער זאָגט אַרויס די טענות און מענות בפה מלא וואָך־איין, וואָך־אויס, יאָר־איין, יאָר־אויס, פון די סאַמע ערשטע יאָרן, ווי ארץ־ישראל איז געוואָרן זעלבשטענדיק.

ער שאַנעוועט נישט קיינעם, און דאָ און דאָרטן זאָגט ער אַריין נישט דווקא יידן בלויז, נאָר דער וועלט בכלל. אין זיינע ערשטע „שבתדיקע שמועסן", אונטערן קעפל „וואָס פאַר אַ פירער — אַזאַ וועלט", דאַטירט פעברואַר 1950, זאָגט ער דאָרטן צווישן אַנדערן: „אין כינע איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן אַ נצחון אויפן שלאַכטפעלד, גאַנץ כינע איז שוין באַפרייט פון טשאַנג־קיי־שעקס כוחות, אָבער צו אַ פולן טעלער רייז קומט עס נאָך נישט", און תוך כדי דיבור שיקט ער זיינע פיילן דעם הויפּט־אָביעקט — ישראל: „און ביי אונדז עסט מען צו דער זעט? מיט אַלע טראַקטאָרן, מיט אינטענסיווער ווירטשאַפט מיט ,תנובה', ,המשביר', מיט פאָנדן פון קרן קיימת, מיט אַזוי פיל כוח און אַרבעט, באַקומט מען פון דעסטוועגן נישט אַרויס פאַר זיך אַליין גענוג קאַרטאָפל, גענוג טאָמאַטן און ווער שמועסט שוין וועגן פרוכטן" (זייט 16).

מסתמא איז די עובדא פון דעם סאַטיריקער שטאַרק אַרויסצוהייבן די חסרונות, אַפילו זיי מגזם זיין, און ווייניק וואָס צו לויבן די גוטע אויפטוען. און מ. צאַנין קוקט אויף זיך ווי אויף אַ סאַטיריקער. ער זאָגט טאַקע אין דער הקדמה, אַז די סאַטירע לאַכט אָפּ און חוזקט פון דעם מענטשנס שוואַכקייטן און פאַראַנדקעס. „זי צילט אירע פיילן קעגן יחידים און קעגן מלוכה־רעזשימען מיט זייערע אויבערהערשערישע אָרגאַנען און רעגירער". און דער מחבר ווייזט אָן אויף אַ גאַנצער ריי סאַטיריקער, אָנהייבנדיק פון דער אַנטיקער גריכישער וועלט ביז אונדזערע אייגענע יידישע שרייבער י. י. לינעצקי, מענדעלע מוכר ספרים און אַפילו משה לייב האַלפּערן, משה נאַדיר און אליעזר שטיינבאַרג.

מען קען זיך אַפילו שפּאָרן מיטן מחבר פון די „שבתדיקע שמועסן" צי עס לאָזט זיך פאַרגלייכן, דהיינו, אליעזר שטיינבאַרגס משלים, ווו דער נמשל איז איידל פאַרוועבט און די סאַטירע האָט בלויז אַ „קאַפּוליער אָנצו־

הערעניש״, מיט די שאַרפע און אָפּט פאַרשפּיצטע תביעות, ווי מען געפינט ביי מ. צאַנינען אין זיינע אַרטיקלען.

אָט איז אַ ביישפּיל פון זיין באַזאָרגטקייט וועגן לאַנד... „איז אַז מיר האָבן שוין יאָ זוכה געווען צו דער גאולה און טאַקע צו אַן אייגענער מדינה — קלאַפּן די שכנים אין די ווענט; מיר זענען זיי גרויס אין די אויגן; דאָ גיט זיי דעם נגב; דאָרט נעמט אַריין אַראַבישע פּליטים; און שיקן זיי אַריין משחיתים אויף אָנטאָן צרות, אויף רצחענען, גזלענען און טעראָריזירן און אויף מאַכן אַ גיהנום״ (זייט 395).

אָבער מ. צאַנין ווייסט, אַז אַ סאַטיריקער טאָר זיך צו פיל נישט לאָזן פאַרפירן פון זיינע סענטימענטן, שרייבט ער דעריבער ווייטער: „איז אָפּט מאָל דאַכט זיך איין, אַז ס׳האָט אפשר נישט געלוינט חתונה האָבן אויף צו באַקומען בלויז טעלערס און פאַנטאָפל אין קאָפּ אַריין; וווינען אין אַן אייגענער דירה און די שכנים זאָלן פאַרביטערן די יאָרן — איז אַ מקח־טעות. איז אָבער די מעשה, וואָס דער מקח טעות ליגט נישט אין דעם יונגן יויבל, וואָס וואַרפט טעלערס און פאַנטאָפל; און נישט אין די שכנים, וואָס דערגייען די יאָרן די געוועזענע סובלאָקאַטאָרן. דער מקח־טעות ליגט בלויז אין דעם אַלטן בחור, אין דעם סובלאָקאַטאָר, וואָס ווייסט נישט ווי אַזוי צו דערציען זיין יונג ווייבל און קען נישט דערציען זיינע שכנים...״

דאָס אויבן ציטירטע איז געשריבן געוואָרן ערב דעם 9טן יום העצמאות, געניער דעם 13 אַפּריל 1956. און דאָס אַריינזאָגן איז פאַרהעלטנישמעסיק גאַנץ מילד, הגם עס קאָן דערצאָרענען דאָ און דאָרט אַן אַמעריקאַנער לייענער.

סוף־כל־סוף האָט דאָך מ. צאַנין אויפגעשטעלט זיין געצעלט אין מדינת ישראל און האָט שוין באַלד מיט דעם אַליין מער דעה ווי דער הייסטער ציוניסט, וואָס האָט זיין באַקוועמע און רואיקע היים אין אַמעריקע.

מ. צאַנין שאַנעוועט אויך נישט די סאָוויעטישע דיקטאַטאָרס. ער „ווידמעט״ זיי אַ צאָל „שמועסן״ און זיי קומען אַרויס פון זיין שאַרפער פען גאַנץ אָפּגעשמיסן, ווי זיי פאַרדינען.

אויך אַמעריקאַנער יידן זענען פאַרטראָטן אין מ. צאַנינס „שבתדיקע שמועסן״, און ווי זיין שטייגער איז חוזקט ער היפשלעך אָפּ פון די דאָזיקע ביזנעסלייט, וואָס קומען „אינוועסטירן״ קאַפּיטאַל אין ישראל און פאַר איין וועגס זאָגט ער גוט אַריין דעם „סולל בונה״ פאַר אירע 51 פּראָצענט און

ער גיט אַ חלק דעם פינאַנס־מיניסטער. אָבער אַזוי ווי דער בעלעטריסט אין צאַנינען צעשפּילט זיך און ער וויל אונדז אָפּמאָלן אַן „אמתן אַמעריקאַנער טיפּ״, מיט זיין פאַרהוויקערטן יידיש, לייגט ער אים אַריין אין מויל „אַנגלי־ציזמען״ אָדער, ריכטיקער, „וואָלאָפּיק״־לשון, וואָס יידן אין אַמעריקע באַנוצן נישט.

דהיינו: „יו סי, דער יידישער סטייט האָט געקענט פּראָספּערירן״, אָדער: „איך האָב אַ מיסטייק״. צי אַזאַ אויסגוס פון ליבע: „איך האָב טעריבל ליב ישראל״ און „איך האָב טעריבל ליב דעם אמת״ (זייט 23). דאָס לערנט אונדז, אַז זיצנדיק אין רעדאַקציע אין ישראל, קען מען נישט אַזוי גרינג כאַראַקטעריזירן אַמעריקאַנער יידן, אַפילו נישט מ. צאַנין, וואָס פאַרמאָגט אַ שאַרף אויג און אויער.

אין בוך געפינען זיך „שמועסן״, ווו עס קומען צום אויסדרוק די קאָנפליקטן צווישן די נייע עולים און וותיקים.

בדרך כלל פּילט זיך אין די שמועסן צאַנינס וואַרעם יידיש האַרץ, אַפילו דאָרטן ווו ער וויל, מעשה אַריינזאָגער, זיין אייזקאַלט.

און עס איז אמת, וואָס מ. צאַנין זאָגט אין דעם ערשטן האַלבן פּאַראַגראַף (אין דער הקדמה) וועגן זיין ישראל־קרעדאָ: „און צוזאַמען מיט אַלע וויל דער מחבר פון די שמועסן, אַז אונדזער מדינה זאָל געבויט ווערן וואָס שענער און מיט וואָס מער גערעכטיקייט״...

אין בוך געפינען זיך אַן ערך הונדערט און צוואַנציק קאַפּיטלעך וועגן די פאַרשידנסטע ענינים.

מ. צאַנין פלעכט אַריין אין זיינע „שבתדיקע שמועסן״ שיינע פאָלקס־מעשהלעך, פיינע גלייכווערטלעך, אַנעקדאָטן, אַ סך פאָלקס־חכמה און אויך אייגענע ווערטלעך און קלוגע רייד.

עס איז כמעט נישט בנמצא ביי אים אַ טרוקענער „שמועס״.

זיין יידיש איז זאַפטיק און פאָלקסטימלעך און אַ מוסטער פון אָפּגע־היטקייט.

כאָטש ער איז אָפט צו פיל מאַריך ביז ער קומט צום ענין, דאָך איז תמיד אָנגענעם אים צו לייענען צוליב דער פאָלקלאָריסטישקייט, רייכקייט און שיינקייט פון זיין לשון.

אין די „שמועסן״ געפינט זיך אַ היפּשע צאָל לאָקאַליזמען, וואָס ביז דאָס גרויסע ווערטערבוך וועט נישט דערשיינען און פאַרטייטשן די דאָזיקע

ווערטער (און אַנדערע ווערטער, וואָס יידישע שרייבער נוצן) וועלן יידן פון די פאַרשידענע לענדער און געגנטן נישט וויסן געננוי דעם טייטש זייערן.

„די שבתדיקע שמועסן“ זענען נישט בלויז אויסן צו אַמוזירן דעם לייענער, אָדער סתם קריטיקירן און זוכן חסרונות, נאָר אויך, ווי עס פאַרזיכערט אונדז מ. צאַנין:

„דער מחבר קאָן דערציילן מיט הנאה, אַז זיינע סאַטירעס האָבן אין אַ סך פאַלן געבראַכט די רעזולטאַטן, וואָס זיי האָבן געוואָלט דערגרייכן“.

אויב דאָס איז טאַקע אַזוי, איז מ. צאַנין דער שליח ציבור פון די אַלע אומצופרידענע ישראל־בירגער, וואָס ווילן, אַז: „אַ סך שלעכטקייטן זאָלן אויסגעבעסערט ווערן און אַ סך קרומקייטן זאָל אויסגעגלייכט ווערן“ (זייט 7).

„קולטור און דערציאונג“, 1958

## „יאָרן פון אויספּרוּוו“ פון דוד בן־גוריון

דוד בן־גוריונס „שנות מיבחן“ („יאָרן פון אויספּרוּוו“), איז ביז איצט שוין דערשינען אין פופצן שפּראַכן: אויף ענגליש, פראַנצויזיש, איטאַ־ליעניש, שפּאַניש, פּאָרטוגעזיש, האָלענדיש, דעניש, פיניש, שוועדיש און אין אַן אַפריקאַנער שפּראַך (די אָפּשטאַמיקע פון די בורן אין דרום־אַפריקע). עס ווערן אַפילו שוין געמאַכט צוגרייטונגען איבערצוזעצן דאָס בוך אויף טערקיש, גריכיש, פערסיש און יאַפּאַניש.

אויף יידיש איז דאָס בוך נאָך נישט דערשינען. אָבער דעם גרעסטן טייל פון בוך האָט בן־גוריון פאַרעפנטלעכט אין דער יידישער פּרעסע און אין צייטשריפטן.

דאָס בוך איז איינגעטיילט אין דרייצן קאַפּיטלען: דאָס ערשטע קאַפּיטל שליסט זיך מיט דער אָפּשטימונג פון די פאַראייניקטע פעלקער, וואָס איז פאָרגעקומען דעם 29סטן נאָוועמבער 1949, ווו ס'איז גוטגעהייסן געוואָרן די גרינדונג פון דער יידישער מלוכה.

אין בוך ווערט גאָרנישט דערציילט וועגן די ערשטע פערצן יאָר, וואָס

ארץ־ישראל איז געווען אונטער דער ענגלישער מאַנדאַט־רעגירונג און אויך גאַרנישט וועגן דעם ערשטן הויך־קאָמיסאַר סער הערבערט סעמיועל.

די געשעענישן זענען איבערגעגעבן כראָנאָלאָגיש: — דאָס שפּאַ־נענדיקע האַלבע יאָר, ערב דער פּראָקלאַמירונג פון דער אומאָפּהענגיקייט פון דער מלוכה, די אינוואַזיע פון די אַראַבישע אַרמייען ביי די גרענעצן פון לאַנד, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן אין מיט פון די פריידיקע דעמאָנ־סטראַציעס אין תל־אביב, דער פרייהייטס־קאַמף, דער וואָפנשטילשטאַנד, וואָס איז, נאָך פופצן יאָר פון דער עקזיסטענץ פון לאַנד, נאָך אַלץ נישט פאַרווירקלעכט געוואָרן, דער סועץ־קריזיס און די מיטלען, וואָס האָבן געמוזט אָנגענומען ווערן קעגן די אומאויפהערלעכע אַראַבישע אָנפאַלן און וואָס האָט קולמינירט אין דער סיני־אָקציע אין 1956.

די לעצטע צוויי קאַפּיטלעך באַהאַנדלען אויספירלעך די רייכע מעג־לעכקייטן פון נגב. אויב מען זאָל ראַציאָנעל־שכלדיק אויסנוצן די מאָ־דערנע טעכנישע מיטלען, קען די געגנט ווערן אַ קוואַל פון נייע היימען און אונטערנעמונגען פאַר דער וואַקסנדיקער באַפעלקערונג.

דער ערשטער פרעמיער, וואָס איז גוט באַהאַוונט אין דער וועלט־פּאָלי־טיק, גיט אַ גענוי בילד וועגן דער לאַגע פון דער וועלט און די ראָלע, וואָס מדינת ישראל שפּילט שוין אין דער אַנטוויקלונג פון אַפריקע.

מדינת ישראל האָט דיפּלאָמאַטישע און פריינדשאַפט־באַציאונגען און קאָנטאַקטן מיט אַלע לענדער פון מערב־ און מזרח־אַפריקע. בלויז מיט צוויי אַפריקאַנישע לענדער האָט ישראל נאָך נישט קיין דיפּלאָמאַטישע באַ־ציאונגען, אויף דרום פון דער סאַהאַראַ־מדבר (סאָמאַלי און מאַוריטאַניע). ישראל האַלטן אָן פריינדלעכע באַציאונגען אַפילו מיט לענדער, וואָס האָבן נאָך נישט קיין זעלבשטענדיקייט — אָבער האָבן שוין זעלבסטפאַרוואַלטונג.

גאָר וויכטיק איז, וואָס די אַפריקאַנישע לענדער האָבן צוטרוי צו ישראל; זיי וויסן ווייל, אַז עס איז נישטאָ קיין שום זאַך, וואָס זאָל אין זיי אויפוועקן שרעק אָדער חשד. די אַפריקאַנער האָבן אַ גוט אַנטוויקלטן חוש ווי אַ פּועל־יוצא פון אַ ליידנדיקער פאַרגאַנגענהייט און זיי דערקענען ווער ס׳איז אַ פריינד און ווער נישט.

בן־גוריון האַלט, אַז די צוקונפט פון ישראל איז דער עיקר אָפּהענגיק אין דעם דערפאָלג פון דער אַנטוויקלונג פון די אייגענע רעסורסן.

דער געוועזענער פרעמיער־מיניסטער ווייזט אָן, אַז במשך פון די

הונדערטער און הונדערטער יאָרן האָט זיך קיינעם נישט איינגעגעבן עפּעס אויפצוטאָן פאַרן לאַנד — נישט די קרייצטרעגער, נישט די אַראַבער, נישט די טערקן, נישט די ענגלענדער, און דאָס לאַנד, ווו ס׳האָט געפלאָסן אין דער תנ״ך־תקופה „מילך און האָניק״ איז געוואָרן אַ מדבר.

בלויז יידן האָט זיך איינגעגעבן צו קולטיווירן גרויסע שטחים פון לאַנד, נאָך איידער ס׳איז אויפגעקומען די מדינה.

אין אַ פּראָפעטישן טאָן דערמאָנט בן־גוריון דאָס אייביקע שטרעבן פון יידישן פאָלק נאָך אַ וועלט־שלום.

„דאָס יידישע פאָלק האָט במשך פון זיין פירטויזנט־יאָריקער עקזיס־טענץ געגלייבט אין כוח פון גייסט און אין ליבע צום פרעמדן, צום מיט־מענטשן. דאָס דאָזיקע פאָלק האָט אויך געוויזן אַ ליכטיקןביישפּיל פון שעפערישקייט, וואָס איז געפירט געוואָרן פון פּיאָנערן־גייסט. איך האָב בטחון, אַז אין אייגענעם לאַנד וועט די משיחישע וויזיע פון ישעיה הנביא זיין דער לייכטנדיקער שטערן, וואָס וועט פירן צו שלום, זיכערקייט און ברודערשאַפט אַלע פעלקער פון דער וועלט״. (זייט 240).

אַזוי פאַרענדיקט דוד בן־גוריון זיין בוך „יאָרן פון אויספרוואו״.

אַוודאי פילט דער לייענער, אַז בן־גוריון קוקט אויף זיך, ווי ער וואָלט געהאַלטן דעם גורל פון יידישן לאַנד אין זיינע הענט, און אפשר נישט בלויז דעם גורל פון יידישן לאַנד, נאָר אויך פון יידישן פאָלק. איז גוט, וואָס אין די דאָזיקע שווערע און מאַוימדיקע „אויספרוואו־יאָרן״ איז גע־שטאַנען אין דער שפּיץ אַ מענטש, וואָס האָט נישט אַרויסגעלאָזט דעם רודער פון דער האַנט.

„קולטור און דערציאונג״, 1964

## גאָלדע מאיר — די פרוי מיט אַ שליחות

מערי סירקין איז אַ באַגאַבטע שרייבערין, זי איז דער רעדאַקטאָר פון „דזשואיש פראָנטיער״, די ענגלישע אויסגאַבע פון דער ציוניסטישער אַר־בעטער־באַוועגונג, זי איז אַ פּראָפעסאָר פון ענגלישער ליטעראַטור אין בראַנדייס־אוניווערסיטעט. זי האָט אויך פאַרעפנטלעכט אַ צאָל ווערק,

צווישן אַנדערע — אַ שטודיע פון דער אַמעריקאַנער פּאַבליק־סקול סיס־טעם — „אייער שול און אייערע קינדער".

מערי סירקינס איצטיק בוך — אַן אויטאָריזירטע ביאָגראַפיע פון גאָלדע מאיר, וואָס דער באַרימטער פּאַטנאַם־פאַרלאַג האָט אַרויסגעגעבן,* איז מער ווי אַ ביאָגראַפיע, דאָס איז אַן אינטערעסאַנטע נאָוועלע.

אין דער דאָזיקער נאָוועלע שפּיגלט זיך אָפּ נישט בלויז דאָס לעבן פון גאָלדע מאיר, נאָר אויך יידיש לעבן מיט צוויי דורות צוריק אין צאַ־ריִשן רוסלאַנד, דערנאָך אין אַמעריקע און צום סוף אין פּאַלעסטינע און אין מדינת ישראל.

מערי סירקין האָט אַ גוטן חוש פאַר היסטאָרישע אַנטוויקלונגען, זי ווייס וואָס אַרויסצוהייבן, וואָס אונטערצושטרייכן און וואָס עס האָט אַ קולטור־היסטאָרישן ווערט.

אַחוץ דעם איז זי אַ שיין־שרייבערין נישט בלויז ווען זי אָפּערירט מיט עסייאיסטיק, זי פאַרמאָגט אויך אַ גרויסן בעלעטריסטישן טאַלאַנט.

מערי סירקין באַקענט אונדז פריער מיט גאָלדע מאירס ראָלע ווי די אויסערן־מיניסטערשע פון מדינת ישראל. אמת, גאָלדע מאיר פאַרמאָגט נישט די עלאָקווענץ אין לשון ווי אבא אבן, וואָס האָט תמיד גערעדט אין דער „דזשענעראַל אַסעמבלי" אין אַ טשערטשילישן מאַניר. זי רעדט אויף דעם היימיש־אַמעריקאַנער פּשוטן לשון, און דאָך זענען אירע אויפטריטן פול מיט שפּאַנונג און דערוואַרטונג.

די אַראַבישע פאָרשטייער אין דער „יו־ען" שרעקן זיך פאַר דער געפערלעכער אָפּאָנענטין, וואָס קען מיט אירע רייד ווירקן, אַז פאָרשטייער פון דרום־אַמעריקע אָדער פון די אַפריקאַנער לענדער, זאָלן אַרויסקומען מיט אַ פאָרשלאַג פאַר דירעקטע שלום־פאַרהאַנדלונגען אין מיטעלן מזרח.

אויך ענגלאַנד קען גוט גאָלדע מאיר, נאָך פון דער צייט פון דער מאַנדאַטן־מאַכט, בעת זי האָט נישט אָנערקענט די אָפיציעלע שטעלונג פון דעם „היי־קאָמישיאָנער" אין שייכות מיט דעם רעכט פון די יידישע פליטים אויף צו באַזעצן זיך אין ארץ־ישראל.

וואָס שייך אַמעריקע, קוקט זי אויף גאָלדע מאיר מיט אַ היפּשער מאָס

* Golda Meir—Woman With a Cause, An Authorized Biography by Marie Syrkin, G.P. Putnam's Sons, New York, 1963.

פון דעם, וואָס ווערט אָנגערופן „סוקסעס סטאָרי". דערצויגן אין מילוואָקי, וווּ זי איז אַמאָל דאָרטן געווען אַן אַמעריקאַנער ביבליאָטעקאַרין און אַ פּאבליק־סקול־לערערין, איז זי אויסגעוואַקסן צו אַן אויסערן־מיניסטער, אגב, די ערשטע און איינציקע פרוי צו פאַרנעמען אַזאַ אַמט.

אויך רוסלאַנד האָט מיט איר חשבונות.

ווי די ערשטע ישראל־אַמבאַסאַדאָרין אין סאָוויעטן־פאַרבאַנד, האָט די דאָזיקע פרוי, וואָס האָט צו מאָל נישט געטראָגן קיין שום צירונג, אפילו נישט געהאַט קיין „אָנגעשמירטע ליפּן", מיט איר בלויז באַווייזן זיך, אַזוי אויפגעשטורעמט די סאָוויעטישע יידן מיט ציון־האָפענונג און בענקשאַפט, אַז „נאַטשאַלסטווע" האָט עס בשום אופן נישט געקענט סובל זיין.

מערי סערקין האָט אַ גרויס קאַפּיטל וועגן גאָלדע מאירס קינדהייט; זי ווייזט דאָרטן אַרויס, ווי אין די אַנדערע קאַפּיטלעך, אַ סך פאַרשטענדע־ניש פאַר דעם טיף־פאַרוואָרצלטן יידישן לעבן אין מזרח־אייראָפּע.

צוויי „זכרונות" האָבן זיך איינגעקריצט אין דער יונגער גאָלדע, וואָס זי קען זיי נישט פאַרגעסן עד היום.

איר פאָטער, משה אַבאָוויטש, האָט ווי אַ פאַכמאַן, אַ סטאָליער, גע־קריגן די דערלויבעניש צו וווינען אין קיעוו.

ווען גאָלדע איז אַלט געווען פיר יאָר (זי איז געבוירן אין קיעוו, דעם 3טן מאַי 1898) האָט זי געזען ווי איר פאָטער און די שכנים האָבן אַרומגע־שלאָגן ברעטער אַרום די טירן און פענצטער פון זייער הויז, בעת זי און די אַנדערע יידישע קינדער אין גאַס האָבן זיך שווייגנדיק צוגעקוקט. מען האָט זיי געזאָגט, אַז מען דערוואַרט אַ פּאָגראָם. די קינדער האָבן געוווּסט, אַז די פויערים לאָזן זיך אַרויס איבער די גאַסן מיט געשרייען „יעזוס־מערדער" און זיי שטעכן און הרגענען יעדן יידן, וואָס באַווייזט נישט צו באַהאַלטן זיך.

גליקלעכערווייז איז עס געווען אַ פאַלשער אַליאַרם. הגם עס איז קיין פּאָגראָם נישט פאָרגעקומען, טראָגט נאָך גאָלדע מאיר אין זיך, דורך איר גאַנץ לעבן, דעם קלאַנג פון האַמער און דאָס אויסזען פון די פאַרהאַקטע טירן און פענצטער.

מיט אַ פופציק יאָר שפּעטער, בעת מען האָט איר עפנטלעך צוגעטיילט כבוד און באַערט מיט אויסצייכענונגען, האָט זי דערציילט זכרונות פון

אַ קליין מיידל אין קיעוו, וואָס האָט זיך באַהאַלטן אונטער פּאַרקלאַפּטע טירן און פענצטער און געוואַרט אויף אַ צעיושעטן המון, וואָס וועט באַלד צעברעכן די טירן און פענצטער.

דאָס האָט אַרויפגעלייגט אַ חותם אויף אַלע אירע טואונגען אין משך פון איר לעבן.

דער פאָטער פאָרט אַוועק קיין אַמעריקע, און די מוטער מיט אירע קינדער קלייבן זיך אַריבער קיין פּינסק, כדי אָפּצוּוואַרטן ביז וואַנען דער פאָטער וועט קענען שיקן שיפסקאַרטן.

מערי סירקין דערציילט, אַז פּינסק, די היימשטאָט פון גאָלדע מאירס מוטער, איז אויך געווען די היימשטאָט פון ד״ר חיים ווייצמאַן־משפחה, פון משה שרת און פון אַנדערע באַרימטע יידן. זי לאָזט אויך נישט דורך ״די פּינסקער בלאָטעס״, וואָס זי קען, פאַרשטייט זיך, פון לייענען און הערן.

אויך גאָלדע מאיר געדענקט גוט די פּינסקער בלאָטעס. און בעת זי איז אַלט געווען פינף יאָר האָט זיך עפּעס געטראָפן מיט איר, וואָס האָט זיך אויך איינגעעשגיטן אין איר געדעכעניש.

איין מאָל, ווען זי האָט זיך געשפּילט אין גאָס מיט אַנדערע קינדער, זענען פּלוצלינג קאָזאַקן געקומען צו רייטן אויף פערד, און איידער די קינדער האָבן נאָך באַוויזן צו אַנטלויפן, זענען די קאָזאַקן אָנגעריטן אויף זיי, נישט קימערנדיק זיך צי די פערדישע פּאָדקאָוועס וועלן זיי צעקוועטשן. מעגלעך, אַז די קאָזאַקן זענען געווען געניט נישט אַרויפצורייטן אויף קינדער, און אפשר גאָר זענען זיי געווען גלייכגילטיק, צי זיי וועלן די קינדער יאָ אָדער נישט צעטרעטן. גאָלדע מאיר האָט געהאַט דאָס געפיל, אַז באַלד וועט זי צעריבן ווערן ווי אַ נוס.

צום קלאַנג פון האַמער זענען איצטער אויך צוגעקומען די פּאָדקאָוועס פון די גאַלאָפּירנדיקע פערד.

אין אַפּריל 1903 איז פאָרגעקומען דער קישעניעווער פּאָגראָם, ווו עס זענען אומגעקומען פינף און פערציק יידן. ווען די ידיעה וועגן פּאָגראָם האָט דערגרייכט פּינסק, האָט די קהילה אַוועקגעשיקט אַ פּראָטעסט און דערקלערט אַ תענית. די קינדער האָבן, פאַרשטייט זיך נישט געדאַרפט פאַסטן, דאָס איז בלויז חל געווען אויף די דערוואַקסענע, אָבער די פינף־יאָריקע גאָלדע האָט בשום אופן נישט געוואָלט עסן (הגם זי האָט געהאַט אַ

נישקשהדיקן אַפּעטיט), ביז וואַנען די יידן וועלן זיך פאַר נאַכט אומקערן פון שול.

שוין דעמאָלט, און נאָך פריער, האָט זיך אַרויסגעוויזן איר עקשנות.

מערי סערקין באַשרייבט רירנדיק דעם בלוטיקן זונטיק פון 1905, וואָס האָט זיך אויך שטאַרק געפילט אין פינסק.

אין איינעם אַזאַ טאָג, איז אַ פויער פון דער געגנט צוגעגאַנגען צו דער זיבניאָריקער גאָלדע און צו אַן אַנדער יידיש מיידל אין הויף און איף אַ שפּילנדיקן אופן צוזאַמענגעקלאַפּט זייערע קעפּ און דערביי געזאָגט צו זיי: „אָט אַזוי וועלן מיר טאָן מיט די יידן, מיר וועלן אַראָפּהאַקן זייערע קעפּ און זיך וואַרפן מיט זיי".

גאָלדע האָט אויך דעם וויץ קיין מאָל נישט פאַרגעסן.

אין 1906 איז אָנגעקומען פון פאָטער די געגאַרטע שיפסקאַרטן און די מוטער מיט די צוויי טעכטער האָבן זיך תיכף געלאָזט אין וועג אַריין, אַוועקגעפאָרן אין די פאַראייניקטע שטאַטן, איבערלאָזנדיק הינטער זיך דאָס לאַנד פון פּאָגראָמען און הונגער.

אין די אַנדערע קאַפּיטלעך שטעלט זיך די מחברין אָפּ אויף גאָלדע מאירס לעבן אין מילוואָקי. זי מאָלט פאַר אונדז אַ טרויעריק בילד וועגן דעם שווערן עקאָנאָמישן מצב פון דער משפּחה אַבאָוויטש; זי לאָזט אָבער נישט אַרויס פון אויג דעם גייסטיקן וווקס פון דער „הויפּט־העלדין", גאָלדע. זי ציטירט אַפילו גאָלדעס בריוו צו דער שוועסטער. דערנאָך צו אַ חברטע, פון די סאַמע ערשטע פאָרמאַטיווע יאָרן, בעת גאָלדע האָט זיך געלערנט אין די גאָר נידעריקע קלאַסן פון דער אַמעריקאַנער פּאַבליק־סקול; די פּאָליטישע דיסקוסיעס אין דער היים פון איר שוועסטער אין דענווער, וווהין די פאַרעקשנטע פערצניאָריקע גאָלדע איז „אַנטלאָפן", כדי צו קאָנען זיך לערנען אין אַ היי־סקול (טאַטע־מאַמע האָבן געוואָלט, אַז זי זאָל זיך באַגנוגענען מיט דעם פּאַבליק־סקול־דיפּלאָם); די באַשעפטיקונגען פון דער יונגער גאָלדע מיט כלערליי מלאכות, אָבער מיט ווייניק ברכות, איר פאַראינטערעסירטקייט אין אַרבעטער־ציוניזם און איר באַקאַנטשאַפט מיט מאָריס מייערסאָן, מיט וועמען זי האָט חתונה געהאַט דעם 24סטן דעצעמבער 1917.

גאָלדע מייערסאָן האָט דערנאָך אין מילוואָקי פאַרגעזעצט איר שטודיע,

אָבער גלייכצייטיק איז זי געוואָרן זייער טעטיק אין דער פּועלי־ציוניסטי־שער באַוועגונג מיטן געדאַנק, וואָס גיכער עולה צו זיין קיין ארץ־ישראל.

די פּועלי־ציוניסטן האָבן זי באַטראַכט ווי אַן אבן־טוב. זי איז געווען אַ גוטע רעדנערין אויף יידיש און אַז מען האָט אַ מאָל געדאַרפט, האָט זי אויך גערעדט אויף ענגליש. און איבער אַלץ פילט זיך גאָלדעס ערלעכע און זויבערע פּערזענלעכקייט סיי אין אירע רייד וועגן ציון און סיי אין אירע אַלע מעשים.

עס איז גוט באַקאַנט, אַז גאָלדע מייערסאָן איז אין מילוואָקי געווען אַ ביבליאָטעקאַרין און אַ פּאַבליק־סקול־לערערין. און עס איז געווען גאָר אָנגענעם זיך צו דערוויסן פון מערי סירקין, אַז גאָלדע מייערסאָן, די איצטיקע אויסערן־מיניסטער פון מדינת ישראל, גאָלדע מאיר, איז אַ שטיקל צייט אויך געווען אַ לערערין אין אַ יידישער שול.

די מחברין פון גאָלדע מאירס אויטאָריזירטער ביאָגראַפיע, מערי סירקין, דערציילט: „גאָלדע האָט געלערנט אין די יידישע פאָלקסשולן פון אַרבעטער־ציוניזם. זי איז געווען אַן אויסגעצייכנטע לערערין פון יידיש. דער קוריקולום פון דער פאָלקסשול איז געווען פון אַן עלעמענטאַרער טאָג־שול. אַ קאָלעגע לערער שרייבט, אַז גאָלדע מאיר איז געווען גאָר אַ באַ־גאַבטע און פעיקע לערערין, נישט געקוקט אויף איר יוגנט איז זי געווען אַן אויסגעצייכנטע דיסציפּלינאַרין" (זייט 45).

און די פאַרפאַסערין שרייבט ווייטער: „מען האָט אין דער שול אויך געלערנט העברעאיש. אָבער דער הויפּטגעוויכט איז געלייגט געוואָרן אויף יידיש. און בעת גאָלדע איז מיט עטלעכע יאָר שפּעטער געפאָרן מיט איר גרופּע קיין ארץ־ישראל, האָט זי נישט געקענט קיין העברעאיש. דאָס איז באַין אופן נישט געווען מחמת אירע אומפעאיקייטן, נאָר ווייל אין יענע יאָרן (אין 1915) איז צווישן די נאַציאָנאַל־באַוווסטזיניקע יידן אָנגעגאַנגען אַ ליידנשאַפטלעכע דיסקוסיע וועגן דער שפּראַך פון דעם יידישן רענע־סאַנס — העברעאיש אָדער יידיש. אין ארץ־ישראל האָט העברעאיש גע־קריגן די בכורה, אָבער אין די פאַראייניקטע שטאַטן האָבן די אַרבעטער־ציוניסטן פאַרטיידיקט יידיש, ווייל יידיש איז דאָך געווען די לעבעדיקע שפּראַך פון אַרבעטער־קלאַס".

און מערי סירקין פאַרענדיקט דאָס קאַפּיטל מיט די ווערטער:

„אַ דאַנק דעם איז גאָלדעס יידיש געוואָרן רייכער ווי איר העברעאיש,

וואָס זי האָט ערשט אָנגעהויבן לערנען, בעת זי האָט זיך באַזעצט אין ארץ־ישראל" (זייט 46).

דער איצטיקער נשיא פון מדינת ישראל, שניאור זלמן שזר, האָט צוזאַמען מיט העברעאיש כסדר אויך געשריבן אויף יידיש. אין 1929 האָט ער פאַרעפנטלעכט אין די היסטאָרישע שריפטן פון יידישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט, „ייוואָ", אַ גרינטלעכע שטודיע פון יידיש אין אַלטע ספרים. ער האָט אויך פאַרעפנטלעכט יידישע לידער אין „צוקונפט" און אין „קעמפער".

דער פריערדיקער נשיא, יצחק בן־צבי ע"ה, איז אַפילו אַ שטיקל צייט געווען אַ לערער אין דער ניו־יאָרקער שלום־עליכם־פאָלקסשול, אַזוי דער־ציילט יודל מאַרק, אַז דער נשיא האָט עס אים אַליין געזאָגט. אויך דער ערשטער נשיא, חיים ווייצמאַן, האָט געהאַט אַ וואַרעמע באַציאונג צו יידיש.

מיר דוכט, אַז דער נייער לימוד „תודעה יהודית", יידיש באַוווסטזיין, דאַרף וואָס פריער איינפירן אויך יידיש און דאָס גרויסע קאַפּיטל יידישע ליטעראַטור, אויב מען וויל האָבן אַ השפּעה אויף דער יוגנט.

גאָלדע מאיר האָט פאַרבראַכט פופצן יאָר אין אַמעריקע. זי איז אַהער־געקומען ווי אַ צעשראָקן אַכטיאָריק קינד און פאַרלאָזט אַמעריקע — אַ פרוי פון דריי און צוואַנציק יאָר מיט צוטרוי צו זיך.

זי האָט פאַרבראַכט איר יוגנט צווישן אָרעמע, דורכאויס יידיש־רעדנדיקע אימיגראַנטן פון ערשטן דור, ווי זי אַליין איז געווען.

נישט געקוקט אויף די שווערע יאָרן, וואָס עס איז איר אויסגעקומען דורכצומאַכן אין דעם דעמאָלטיקן ארץ־ישראל פון 1921, האָט זי אָבער קיין מאָל נישט צוריקגעקוקט אויף מילוואָקי מיט בענקשאַפט אָדער חרטה.

„זי האָט נישט געהאַט די נאָסטאַלגיע פון אַ העגריעטע סאָלד נאָך די בלומען פון באַלטימאָר" (ז' 57).

מערי סירקין פירט דעם לייענער דורך די שטורעם־ און דראַנג־יאָרן פון גאָלדע מאיר אין איר אויסגעחלומטן לאַנד, וואָס איז אין דער ווירק־לעכקייט געווען אַזוי אַנדערש ווי אין חלום. זי איז אָבער בייגעקומען אַלע נסיונות אַדאַנק אירע איינגעבוירענע מאָראַליש־עטישע מעשים. קיין שום אַרבעט אין קיבוץ איז נישט געווען צו שווער פאַר איר אָדער נישט אָנגע־שטאַנען. די זאָרג פאַר דעם מיטמענטשן, דאָס גרייט זיין אַלע מאָל דעם צווייטן צו העלפן, האָט זי באַליבט געמאַכט אומעטום, ווו ס'איז איר אויסגעקומען צו אַרבעטן.

הגם מערי סירקין שטעלט זיך אָפּ אויף אַ סך דעטאַלן אין גאָלדע מאירס רייך לעבן, אויך שפּעטער ווען זי ווערט אַ וויכטיקע פּאָליטישע פיגור, פאַלט עס אָבער דעם לייענער נישט שווער. אדרבא, צו שטאַרק האָט די פאַרפאַסערין פאַראינטערעסירט דעם לייענער אין דער ליכטיקער פּערזענלעכקייט פון גאָלדע מאיר, און ער וויל טאַקע וויסן אַלצדינג וועגן איר.

גאָלדע מאירס רייזעס אין אַפריקע און איר מיטפילן און מיטלעבן מיט די אַפריקאַנער, זענען וויכטיקע עטאַפּן אין גאָלדע מאירס לעבן און אין איר השפּעה אויף מענטשן.

מערי סירקינס אויטאָריזירטע ביאָגראַפיע איז מער ווי אַ נאָוועלע, ווייל זי שילדערט דאָך אמתדיק לעבן, נישט אויסגעטראַכט, און אַזוי קינסטלעריש באַהויכט סיי פון דעם וואַרעמען שרייבן פון דער מחברין און סיי פון איר העלדין — גאָלדע מאיר.

„קולטור און דערציאונג“, 1964

## פּערזענלעכער סורעאַליזם

שאול ראַסקין האָט צו זיין 85־יאָריקן געבוירן־טאָג אַרויסגעגעבן אַ ווערק וועגן זיינע חלומות און וויזיעס, וואָס איז, בלי ספק, איינע פון זיינע רייפסטע דערגרייכונגען אין זיין רייך־קינסטלעריש, שעפעריש לעבן.

ער רופט זיין ווערק „פּערזענלעכער סורעאַליזם“. סורעאַליזם איז לפי־ערך אַ נייע שול סיי אין דער ליטעראַטור און סיי אין דער קונסט. עס גיט דעם קינסטלער אַ מעגלעכקייט אַרויסצוברענגען איבערעאַליסטישע שאַפונגען, ווי אַ שטייגער — אַ שמועס מיטן אייגענעם שאָטן, אָדער אַ וויכוח מיטן צווייטן איך, צי חלומות, וואָס דער קינסטלער חלומט, צי גאָר וויזיעס וועגן זיינע קרעאַציעס, כלערליי האַלוצינאַציעס, אָדער סימבאָלישע באַטראַכטונגען וועגן לעבן און טויט וכדומה. דאָס, און אַנדערע מאָמענטן, וועט דער לייענער געפינען אין שאול ראַסקינס נייסטע ווערק, אָבער סיי ווי וועט שאול ראַסקין פאַרבלייבן דער קינסטלער פון דער קלאַסיש־רעאַליסטישער שול פון דער „פערד און וואָגן“־עפּאָכע. ער קען צו גוט די ריכטונגען פון אימפּרעסיאָניזם, קוביזם, עקספּרעסיאָניזם, פוטוריזם — זיי

זאָלן האָבן אַ שליטה איבער אים. איז די לעצטע יאָרן האָט אָבער דער סורעאַליזם פאַרנומען אַ סך פון זיין געמיט.

דער גרינדער פון סורעאַליזם איז דער פראַנצויז אַנדרע ברעטאָן, און אַרויסגעוואַקסן איז ער, ווי ש. ראַסקין גיט איבער, פון די „דאַ־דאַ“־מאָלערצן.

געשען איז דאָס אַרום דעם יאָר 1916, נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה. אַ קליינע גרופּע פון פראַנצויזישע מאָלערס, — פּליטים אין דער שווייץ, האָבן זיך דערפילט דערנידעריקט, פאַרצווייפלט, באַליידיקט פון דער משוגעת און אַכזריות פון דער מלחמה. זיי האָבן זיך דערקלערט פאַר „דאַ־דאַ“, זיי האָבן פאַרוואָרפן אַלע אידעען און אידעאַלן. „אַלצדינג איז ליגן און פאַלשקייט, נישטאָ מער קיין הייליקייט פאַר אונדז. מיר שפּייען אויף דעם אַלעם, מיר זענען גאָרנישט, נישט קיין רעאַליסטן, נישט קיין מיסטיקער, נישט קיין קאָמוניסטן, נישט קיין אַנאַרכיסטן, מיר האָבן מיט דעם גאָרנישט קיין שייכות. מיר זענען פולשטענדיקע ניהיליסטן. אונדזער סימבאָל איז נול, פוסטקייט, אַ גרויסע לאָך. אונדזער אויסדרוק וועט זיין ווי דאָס גע־פּלאַפּלערײַ פון אַן עופעלע, וואָס קען זאָגן בלויז „דאַ־דאַ“ און ווייטער גאָרנישט“.

און זיי האָבן זיך גענומען צו מאָלעריי — פוסטקייט און אַבסורד, אַ פולשטענדיקע ליקווידאַציע פון אַלע ווערטן.

צווישן די „דאַ־דאַאיסטן“ איז געווען אַנדרע ברעטאָן. ער האָט זיך גאָר גיך אויסגעניכטערט פון דער אומזין־מאָלעריי, וואָס האָט נישט געהאַט קיין שום עסטעטישע פּרינציפּן. ש. ראַסקין האָט דערפילט אַ נשמה־דראַנג צו אַ נייער ריכטונג אין זיין שאַפן, האָט ער אויסגעקליבן, נאָך אַ יישוב־הדעת, דעם סורעאַליזם. „זיין סורעאַליזם שפּיגלט אָפּ זיינע פּערזענלעכע הלומות“, אַזוי דערציילט אונדז אין דער הקדמה שאול ראַסקין. עס איז אָבער מער ווי דאָס. עס איז גיכער אַ השתפכות־הנפש פון קינסטלער — אין בילד און צייכענונגען, באַגלייט מיט טרעפלעכע באַלייכטונגען און אויסטייטשונגען וועגן יעדער שאַפונג. איר זעט אויף די דאָזיקע געמעלן שאול ראַסקינס ליכטיקן אָפּטימיזם, זיין שטאַרקע ליבע און זיין בטחון אין מענטש.

מיט אַ סך קינסטלערישן חן האָט ער געמאָלן דעם זיידן זיינעם, וואָס קומט צו אים אין חלום, בעת ער איז קראַנק, און זאָגט אים — קום, קינד

מיינס, שוין צייט זיך צו געזעגענען מיט דער וועלט, גענוג געשאַפֿן, און ער וויזט אים אָן אויף דער שפע פון זיינע ווערק.

נישט אין פאַרב און נישט אין טעמע איז דאָ פאַראַן עפּעס אַ שרעק פאַרן טויט. ש. ראַסקין האָט אַ סך געמעלן פון זיין זיידן ר' אברהם־נחמיה, וואָס קומט אים אָפּט צו חלום. אויפן זיידנס פּנים רוט ווי אַן אָפּגלאַנץ פון רעמבראַנדטס באַרימטע „מוטער", בעת די שטראַלן פון דער פאַרגייענדי־קער זון באַלייכטן איר פּנים און געמיט.

דאָס אייניקל שאול ראַסקין בעט זיך ביים זיידן, אַז ער זאָל אים נאָך לאָזן לעבן אַ שטיקל צייט; ער וויל נאָך עפּעס שאַפֿן פאַר זיין פאָלק, וואָס ער האָט אַזוי געטריי אים געדינט זיין גאַנץ לעבן.

אין דעם חשבון־הנפש־ווערק פון שאול ראַסקין, דעם יידישן קינסט־לער, פּילט זיך דער בין־השמשות פון מחבר.

דער קינסטלער שרעקט זיך אַ האָר נישט פאַרן טויט; וואָרעם אויב טויט איז אייביקער שלאָף, אַ שלאָף, וואָס וועט טאָקע אים באַרויבן פון די חלומות, אויף וועלכע ער וואַרט מיט פרייד יעדע נאַכט, וועט ער אים דערפאַר אויך באַפרייען פון די קאָשמאַרן און האַלוצינאַציעס, וואָס באַפאַלן יעדן בשר ודם.

אלא וואָס? — עס איז פאַראַן שכר ועונש — איז דאָך אַוודאי נישטאָ וואָס זיך צו שרעקן. איך גלייב קוים צי עס איז פאַראַן אַ פּגם אין זיין באַ־נעמען זיך בין אָדם לחבירו; — און פאַר בין אָדם למקום האָט ער אויך נישט וואָס מורא צו האָבן. ווער נאָך האָט אַזוי געדינט דעם בורא און זיין אויסדערוויילט פאָלק און לאַנד ווי שאול ראַסקין!

אין אַ משך פון העכער זעקס צענדליקער יאָר איז ער טאָג־אויס און טאָג־איין און, אפשר, אויך נאַכט־אויס און נאַכט־איין, פאַרטאָן און פאַר־טיפט אין אַרויסברענגען די גייסטיקע שאַפונגען פון יידישן פאָלק.

שאול ראַסקין האָט אַריינגעבראַכט אין יידישן היימען פּרקי אבות, תהילים, חומש, קבלה, מדינת ישראל און אַ שלל יידישע הייליקייטן.

אויף שאול ראַסקינס ביבלישע געשטאַלטן ליגט אויסגעגאָסן חכמה, תורה, גוטסקייט, שלווהדיקייט. זיי באַווירקן, אַז מען זאָל אויך לייענען דעם טעקסט. היינט די קוויקונג פאַרן אויג! דער הויך־עסטעטישער געניס, וואָס יעדער ספר־ווערק פאַרשאַפט דעם לייענער. דאָס זענען שאַפונגען, וואָס האָבן שאול ראַסקינען באַליבט געמאַכט בכל תפוצות ישראל.

עס רוט אויף שאול ראַסקינס געמיט אַן אומבאַשרייבלעכע גוטסקייט, ווי די שכינה וואָלט אים קיין מאָל נישט פאַרלאָזן.

אויך די סוררעאַליסטישע געמעלן שפּיגלען אָפּ ש. ראַסקינס רייכע נשמה און זיין יידישע גייסטיקייט.

„ווען צייט איז טייער" שטעלט מיט זיך פאָר אַ חלום אין דריי צייט־דימענסיעס. אויף דער לינקער זייט געפינען זיך ליניע־צייכענונגען פון זיין נעכטן, פון קונסט, פאָלקלאָר, קלעזמאָרים, אַ חתונה, די שול וכדומה. אויף דער רעכטער זייט דער טאָג וואָס דערנענטערט זיך, בעת דער זיידע וואַרט אויף זיין אָנקום. אין צענטער איז ער, שאול ראַסקין, לעבעדיק. און נאָך ווי לעבעדיק! ער גייט גלייך, אַרומגערינגלט פון ליכט, שיין און קאָליר. אָבער ער פאַרשטייט גוט די באַדייטונג פון צייט. ער האַלט אויפן האַרצן אַ טייערע מתנה, אַ וואַנטזייגער; ער האַלט אים פאַרזיכטיק, גיט אַכטונג נישט צו פאַרטאַכליעווען קיין רגע. צייט איז פאַר אים איצטער זייער טייער.

דאָס איז אַ בילד וואָס מען קען זיך נישט אָפּרייסן פון אים. ש. ראַסקין דערשיינט דאָ אין זיין פולער, באַשיידענער שיינקייט. ער איז זיך באַוווסט וועגן עם סגולה, אָבער אויך וועגן זיין אייגענעם צושטייער צו דער יידישער אייביקייט.

שאול ראַסקין מאָלט „אָפּנהאַרציק" די חלומות זיינע. אים חלומט זיך יעדע נאַכט, אַ מאָל אין לאַנגער חלום, אַן אַנדערש מאָל אַפילו דריי, פיר חלומות. ער לייגט זיך תמיד שלאָפן מיט אַן אָנגענעם געפיל, וואָרעם ער זעט די חלומות קלאָר פרעזענטירט, און ער האָט זיי ליב צו זען, אַפילו ווען זיי זענען אויסטערליש, און ער באַמיט זיך צו געדענקען זיי און פאַר־וואַנדלען מכוח אל הפועל. ער האָט זיך אויסגעלערנט צו קולטיווירן אין זיך די זכרונות פון זיינע חלומות. דער פועל־יוצא — זיין ווערק „פּערזענ־לעכער סוררעאַליזם" פאַרמאָגט אַן עשירות פון געמעלן.

„יעקבס חלום" איז געמאָלן אין ליכטיקע, העל־זעעווודיקע קאָלירן, דאָס אויג קען זיך ממש נישט זעטיקן פון די אומצאָליקע געשטאַלטן, אַ מין פאַנטאַסטישער קיבוץ־גלויות, וואָס ליכטיקן אויף אין יעקבן, בעת זיין חלום. משמעות, אַז אַזוי האָט שאול ראַסקין געזען יעקבן אין זיין חלום — איז טאַקע אַ לייטזעליקייט צו האָבן אַזעלכע חלומות.

אַזעלכע בילדער, וואָס פאַרכאַפּן דאָס אויג און האַרץ, זענען פאַראַן אין בוך אַ גרויסע צאָל.

„בידך אַפקיד רוחי״, — אין דיין האַנט גיב איך איבער מיין נשמה, — איז אַ טיף איינדרוקספול בילד, ווו מען זעט דעם קינסטלער שלאָפן אין גאָטס האַנט. נאָר דער וואָס גלייבט אין השארת־הנפש קען שלאָפן מיט אַזאַ קינדערשער רואיקייט און מיט אַ תפילה אויף די שלאָפנדיקע ליפּן.

פאַראַן אין בוך אַ שטיפעריש בילד פון זיינע קינדעריאָרן, „דער שפּאַן פון לעבן״. דער 85־יאָריקער ש. ראַסקין מאַכט אַ שפּאַן פון זיינע קינדעריאָרן אַן ביז זיין איצטיקער שעפערישקייט. און אַ סך מאָמענטן, דווקא פון זיינע ערשטע טעג, טויכן אויף אין זיין זכרון, אַפילו ווי דער רבי ציט אים ביים אויער, מסתמא ער זאָל גיין אין חדר, אָדער ווי אַ ווילדע גאַנדז, וואָס האָט זיך אויפגעהאַלטן ביי זיי אין הויף, „אַטאַקירט״ אים אויף דעם סאַמע סענסיטיווסטן פּלאַץ, פאַרשטייט זיך, אַז דאָס אַלץ זעט ער אין חלום.

מיר דוכט, אַז אַ נייע וועלט האָט זיך איצטער געעפנט פאַר דעם קינסטלער שאול ראַסקין. איר זעט מיט וואָס פאַר אַ התמדה ער מאָלט, צייכנט און פאַרטייטשט, עפּעס ווי אַ פּנימיותדיקער, באַהאַלטענער כוח איז אים באַפאַלן.

שאול ראַסקין רעדט וועגן זיינע שאַפונגען נישט בלויז אין אַ ריין מעכאַנישן זינען, נאָר אויף אַ מיסטישן אופן, ווי דאָס וואָלט שוין פריער געווען אין זיין אינעווייניקסטן מהות און געוואַרט אויף אויסלייזונג.

מיקעל אַנדזשעלאָ האָט אַ מאָל געזאָגט, אַז דער מענטש איז דאָס קונסטווערק און גאָט איז דער קינסטלער, וואָס באַזייטיקט דאָס וואָס איז איבעריק און גלייכגילטיק, כדי אַרויסצוקריגן דאָס פולקאָמע, זיין בילד.

„פערזענלעכער סורעאַליזם״ האָט גורם געווען, אַז שאול ראַסקין זאָל, אין זיין הויכן עלטער, שאַפן ווערק פון גרויסן ווערט.

און צום סוף אַ טענה צו אונדזער קינסטלער. „פערזענלעכער סור־רעאַליזם״ האָט בלויז סימבאָלישע אויסדרוקן אויף לשון־קודש און דאָ און דאָרט אויף יידיש, ווי אַ שטייגער: „יידל מיטן פידל, בערל מיטן באַס״, אָגב אַ פּרעכטיק בילד.

אַלע אַריינפירן, דערקלערונגען, טייטשן, אויפקלערונגען וועגן קונסט און אַזוי ווייטער, זענען געשריבן בלויז אויף ענגליש. דאָס איז אַן עוולה.

אַלע דערקלערונגען האָבן געדאַרפט זיין אויף יידיש און העברעאיש (און ענגליש פאַר די וואָס פאַרשטייען נישט די יידישע שפּראַך). טעכנישע שוועריקייטן איז נישט קיין תירוץ. פאַרוואָס דאַרף צוליב טעכנישע שוועריי־קייטן ליידן דווקא יידיש? (אויף לשון־קודש זענען פאַראַן אַ היפּשע צאָל סימבאָלישע פאַרצייכענונגען, ווי אַ שטייגער: נשמת כל חי... בין יומם ולילה, בידך אפקיד רוחי, עטלעכע ברכות, תפילות וכדומה).

עס האָט געדאַרפט זיין אַזוי ווי ער איז זיך נוהג געווען אין אַלע זיינע קונסטשאַפונגען.

עס איז איבעריק צו זאָגן, אַז נישט געקוקט אויף דעם מינוס, אָטעמט דאָס גאַנצע ווערק מיט היסטאָרישער יידישקייט.

„די גאָלדענע קייט", נ. 46, 1963

## „ווידערקלאַנגען" פון יוסף גאַר

י. גאַרס צוויי פריערדיקע ביכער „אומקום פון דער יידישער קאָווגע" און „אין געלויף פון חרובע היימען", האָבן אַ גרויסן דאָקומענטאַרן ווערט, דער עיקר צוליב די גענויע, כראָנאָלאָגישע פאַרצייכענונגען פון די גרויי־ליקע געשעענישן אין די חורבן־יאָרן.

„אין געלויף פון חרובע היימען", איז לעת־עתה דאָס איינציקע בוך, ווו עס ווערן באַשריבן מיט אַ סך פּרטים די „בריחה"; דאָס זענען די נע־ונד־חדשים פון דער שארית־הפליטה, וואָס האָט געוואָגלט, שוין נאָך דער מלחמה און באַפרייאונג, איבער די שטעגן און וועגן פון אייראָפּעאישע שטעט און לענדער; דער ציל איז געווען עולה זיין קיין ארץ־ישראל.

נאָכן איבערלייענען י. גאַרס „ווידערקלאַנגען",* מוז מען קומען צו דער מסקנה, אַז יידן וואָלטן באין אופן נישט געקענט איבערלעבן די אַלע גלותן און געטאָס — און נישט דווקא די יאָרן פון לעצטן חורבן — ווען עס וואָלטן נישט געווען קיין אמתע חסידי אומות העולם.

אין די ערשטע קאַפּיטלעך פון בוך שרייבט י. גאַר וועגן דעם רואיקן,

---

* אויטאָביאָגראַפישע פאַרצייכענונגען, אַרויסגעגעבן פון פאַרלאַג י. ל. פּרץ, תל־אביב, 1961, 347 זייטן.

שטילן לעבן — נישט געקוקט אויף אַלע דאגות — פון די יידן און זייערע קריסטלעכע שכנים, אין דעם קליינעם ליטווישן שטעטל, וואָס האָט זיך נישט אונטערשיידט פון די אַנדערע שטעטלעך אין ליטע. זיין אויטאָביאָ־גראַפיש בוך האָט אַ גרויסן היסטאָרישן ווערט. אַוודאי איז „ווידערקלאַנ־גען" נישט דאָס איינציקע בוך, וואָס שילדערט דאָס פאַרוואָרצלטע יידישע לעבן אין דער תקופה צווישן דער ערשטער און צווייטער וועלט־מלחמה און די חורבן־יאָרן. אָבער צוליב זיין שטאַרקער נטיה צו פּינקטלעכקייט, כראָנאָלאָגיע און פּנקס־מעסיקע פאַרצייכענונגען פון זיין אייגן יחידיש משפחה־לעבן און דעם יידישן ציבור בכלל, איז ער אַ יחיד במינו.

יוסף גאַר איז אָבער אויך אַ היינטצייטיקער, מאָדערנער און געשולטער שרייבער, מיט אַ חוש פאַר געשיכטע. ער ווייסט וואָס אָפּצוקלויבן און וואָס אַרויסצוהייבן. דער פּועל־יוצא איז, אַז מיר האָבן פאַר זיך אַ בוך, וואָס וועט שטאַרק צונוץ קומען דעם צוקונפטיקן היסטאָריקער.

י. גאַר איז געבוירן געוואָרן אין 1905 אין אַ קליין ליטוויש שטעטל, קראָן, וואָס איז אַ טרעפפּונקט פון דריי גובערניעס: ווילנער, קאָוונער און סוואַלקער. „ווילט מען זיך אין קראָן, אַז ווען אַ האָן קרייט דאָרטן, הערט מען עס אין דריי גובערניעס".

דער מחבר הייבט פאַקטיש אָן זיין אויטאָביאָגראַפיע פון טאָג פון זיין געבורט, אָבער פריער באַקענט ער אונדז מיט דעם קליינעם שטעטל, „ווו עס לעבן אַ דריי הונדערט נפשות — יידן, ליטווינער, רוסן, פּאָליאַקן און עטלעכע פאַמיליעס טאַטאַרן". יידן מאַכן אויס אַ דריטל פון דער באַפעל־קערונג. קראָן האָט זיך אַ מאָל געפונען אונטער דער יוריסדיקציע פון „וועד מדינת ליטא", וואָס ציט איר יחוס פון פאַר דעם יאָר 1569. „גאָר אַ מאָל איז דאָרטן אויך געווען אַ קאַראַאימישער ישוב, וואָס האָט אָנגע־האַלטן זיין קיום ביזן 18טן יאָרהונדערט".

דער מחבר באַקענט אונדז מיט זיין יחוס־אָבות און מיט די משפּחה־מיטגלידער, מיט זיין פאָטער, וואָס איז עטלעכע יאָר געווען באַשעפטיקט ווי אָן אָנגעשטעלטער אין אַ וואַלד, ווו פּויערים האָבן געהאַקט ביימער, וואָס מען האָט טראַנספּאָרטירט מיטן טייך אָדער מיט דער באַן קיין אויס־לאַנד. „דער וואַלד־מסחר, איינע פון די רייכסטע און בכבודיקסטע פּרנסות, איז דעמאָלט געלעגן אין יידישע הענט. געאַרבעט האָט ער אין די וועלדער, ווייט פון שטעטל, און פלעגט קומען אַהיים בלויז אויף שבת אָדער יום־טוב".

בהדרגה ווערט דער לייענער אַריינגעצויגן אין מחברס וועלט, ווו ער זעט אויך אַ שטיק פון זיין אייגן לעבן. אָפט מאָל ווייזט אונדז דער מחבר די נאָענטקייט, און צומאָל אויך די פריינדלעכקייט צווישן די יידן און זייערע קריסטלעכע שכנים. רשעות און שלעכטסקייט אין נישט קיין נייס, דאָס האָט מען דאָך באַגעגנט אויף שריט און טריט. דער מחבר האָט זיך אָבער נישט געדאַרפט קיין סך באַמיען, כדי אויך צו זען דאָס גוטע און מענטש־לעכע צווישן יידן און קריסטן.

עס וואָלט געווען ווייט פון אמת צוצושרייבן דעם מחבר, אַז ער שילדערט דאָס לעבן צווישן יידן און ליטווינער ווי אַ האַרמאָניע — ווייט פון דעם. ס'האָט אָבער דורכאויס נישט געהערשט צווישן זיי קיין כסדריקע שנאה:

„זונטיק אַ זייגער איינס גייען אַרויס די גויים פון תיפלה און צערקווע. עס עפענען זיך די יידישע קראָמען, וואָס זענען געווען פאַרמאַכט צוליב גאָטעסדינסט. מחנות גויים שטראָמען אין יידישע הייזער און קראָמען. זיי ווילן עסן, טרינקען, זיך עפּעס איינקויפן. זייער אָנגענומען איז צו עסן הייסע שניט־חלה (אויפן וואָג) און צו פאַרזופּן עס מיט קאַלטן קוואַס אָדער לימאָנאַדע".

דער חדר, ווו י. גאַר האָט געלערנט, איז געווען גאָר אַנדערש, ווי דער חדר אין די יידישע שטעטלעך אין פוילן: „אין חדר לערנט מען: עברי, חומש, תנ"ך, העברעאיש, רוסיש, חשבון". יוסף גאַר דערמאָנט אין זיין בוך צענדליקער יידישע כלל־טוערס, לערערס, אָנפירערס פון פאַרטייען, סיים־מיטגלידער, שרייבער וכדומה. שוין אין די ערשטע חדר־יאָרן האָט ער זיך צוגעקוקט צו די מענטשן אַרום אים:

„דער טאַטע האָט אין שול אַ „שטאָט" ביי דער מזרח־וואַנט. פון איין זייט לעבן אים זיצט דער גבאי יצחק אַכיטאָוויטש און פון דער צווייטער זייט מאיר קורגאַן, דער קראַנקער ,ראָטשילד'. ביי דער מזרח־זייט, פון דער אַנדער זייט אָרון־קודש, זיצן אויך חשובע שטעטלשע באַלעבאַטים: מאָטע אַבראַמאָוויטש, מאָטל סטראַזש, דוד טקאַטש און אַנדערע. די קלענערע קינדער זיצן לעבן טאַטן און די גרעסערע אויף די שכנישע בענק".

און בעת ער לערנט זיך אין קאָוונער אוניווערסיטעט באַקענט ער אונדז מיט די לערער־פּראָפעסאָרן פון יעדן לימוד און בינו־לבינו פירט ער דעם לייענער אַריין אין דער קולטור פון לאַנד, אָדער טוט אַ געוועזענעם לערער

זיינעם אַ חסד של אמת, בלויז צוויי מוסטערן: „פּראָפ. פּוטינאַס־מיקאָליי־טיס — זיין פאַך איז געשיכטע פון דער ליטווישער ליטעראַטור. ער איז אַן עקס־גלח און דער מחבר פון אַ ראָמאַן פונעם גלחישן לעבן. דאָס ווערק מאַכט אַ פוראָר אין דער ליטווישער ליטעראַרישער וועלט". און אָט איז זיינע אַ כאַראַקטעריסטיק פון אַ צווייטן פּראָפעסאָר, אַ יידישן, פון דעם אייגענעם אוניווערסיטעט: „פּראָפעסאָר לאַזערסאָן — ער איז אַ נעוראָלאָג, אַ פּראַקטיצירנדיקער דאָקטאָר און לייענט פּסיכאָלאָגיע. בעת דער נאַצישער אָקופּאַציע געפינט ער זיך אין קאָוונער געטאָ און קומט אום אין דאַכאַו". אַזוי איז ער זיך נוהג געווען מיט געבן בצימצומדיקע באַשרייבונגען פון יידישע לערערס אין די שולן, וווּ ער האָט זיך געלערנט, איינגעשלאָסן די פּאַכשול „אָרט".

אויך די יידישע פּרעסע אין ליטע שפּיגלט זיך אָפּ אין י. גאַרס „ווי־דערקלאַנגען": „... יאָרן לאַנג איז ,די אידישע שטימע' די איינציקע יידישע טאָג־צייטונג אין דער אומאָפּהענגיקער ליטווישער רעפּובליק. כמעט די גאַנצע צייט איז ראובן רובינשטיין איר שעף־רעדאַקטאָר".

„אין אויגוסט 1921 באַווייזט זיך אין קאָוונע אַן אומפּאַרטייאישע, דע־מאָקראַטישע טאָג־צייטונג ,נייס' אונטער דער רעדאַקציע פון ד"ר א. מוקדוני, וואָס געפינט זיך דעמאָלט אין ליטע צוזאַמען מיט נחום שטיף, בן־אדיר און אַנדערע יידישע שרייבער, וואָס זענען אַוועק פון סאָוועט־רוסלאַנד ...דעם פערצנטן פעברואַר 1930 הייבט אָן אַרויסצוגיין די טאָג־צייטונג ,פאָלקסבלאַט'. די איניציאַטאָרן פון דער צייטונג זענען די פאָלקיסטן בראש מיט אַדוואָקאַט עוזר פינקלשטיין, ד"ר מענדל סודאַרסקי, יודל מאַרק און אַנדערע..."

פון באַזונדערער באַדייטונג זענען די קאַפּיטלעך וועגן דעם אויפקום פון דער אומאָפּהענגיקער ליטווישער מדינה און וועגן דער יידישער נאַ־ציאָנאַלער אויטאָנאָמיע אין ליטע און יידישן וועלטלעכן שול־וועזן. פון בוך דערוויסן מיר זיך, אַז די יאָרן 1919—1922 זענען געווען די „גאָלדענע תקופה" פון דער יידישער נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע אין ליטע. אין דער צייט ווערן אָנערקענט און פאַרפעסטיקט די בירגערלעכע רעכט פון די ליטווישע יידן. אָבער שוין אין אָנהייב פון 1923 הייבט זיך אָן די ירידה פון דער יידישער נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע. די קלעריקאַל־רעאַקציאָנערע פירער, וואָס זענען דעמאָלט געשטאַנען ביים ליטווישן מלוכה־רודער, האָבן

חרטה געהאַט אויף זייערע אינטערנאַציאָנאַלע הבטחות: זיי פירן צו ערשט אַ פאַרשטעלטן און דערנאָך אַן אָפענעם קאַמף קעגן דער יידישער אויטאָ־נאָמיע.

יוסף גאַר שרייבט אויספירלעך וועגן דעם קאַמף, וואָס די יידישע קהילה האָט אָנגעפירט קעגן דעם פּראָיעקט פון סיים, וואָס האָט געזוכט צו באַזייטיקן פון אויטאָנאָמיע־געזעץ די פּאַראַגראַפן, ווו עס רעדט זיך וועגן ספּעציעלע מיניסטאָרן פאַר די ענינים פון נאַציאָנאַלע מינדערהייטן און וועגן רעכט פון די מיעוטים צו באַנוצן עפנטלעך זייער מוטער־שפּראַך.

אַפילו נאָכן ליקווידירן דאָס מיניסטעריום פאַר יידישע ענינים, האָט נאָך אַ צייט לאַנג עקזיסטירט דער יידישער נאַציאָנאַל־ראַט. אָבער אין סעפּטעמבער 1924 האָט אים די פּאָליציי פונאַנדערגעטריבן. „ווי אַ זכר פון דער חרוב־געוואָרענער אויטאָנאָמיע בלייבן די יידישע פאָלקס־בענק און דאָס העברעאיש־יידישע שול־וועזן".

יוסף גאַרס אייגן לעבן איז געבונדן מיטן אַלגעמיינעם, געזעלשאַפט־לעכן יידישן לעבן, מיט דעם יידיש־וועלטלעכן שול־וועזן און מיט די אַנדערע אָרגאַניזאַציעס און אינסטיטוציעס פון דער יידישער סביבה, ווי די „אָרט"־שול, וואָס דער מחבר האָט פאַרענדיקט, הכשרה און החלוץ, ווו ער האָט פאַרבראַכט אַ צייט לאַנג ווי אַן אַקטיווער אָנפירנדיקער מיטגליד.

אַ גאַר וויכטיק קאַפּיטל אין זיין בוך איז די קאָמוניסטישע ממשלה אין ליטע און איר ווירקונג אויפן יידישן לעבן. דער מחבר דערציילט אויך וועגן די סאָוויעטישע דעפּאָרטאַציעס פון ליטע קיין סיביר.

אין די לעצטע פינף קאַפּיטלעך שרייבט יוסף גאַר וועגן דער נאַצישער היה־רעה, וואָס האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויף ליטע, וועגן דער געטאָ אין קאָוונע און איר ליקווידאַציע. ער דערפירט זיין געשיכטע ביז צו דער באַפרייאונג.

אַפילו בעת ער באַשרייבט די טראַגישע מאָמענטן, פּנים אל פּנים מיטן טויט, פאַרצייכנט ער פּינקטלעך יעדן וויכטיקן פּרט; ער דערמאָנט די נעמען פון די פאַרפּייניקטע, פון די פּייניקערס און די ערטער ווו דאָס אַלץ איז פאָרגעקומען.

ס'איז כדאי צו דערמאָנען, און אַפילו אַרויסצוהייבן, אַז אין יענער פינצטערער צייט, האָבן זיך אויך געפונען גוטע גויים, פּויערים און פּויער־טעס, וואָס האָבן איינגעשטעלט זייער לעבן, כדי צו באַשיצן די וואָגלערס,

וואָס האָבן זיך אַרויסגעריסן פון די געטאָס און נישט געוווסט, ווו זיך אויסצובאַהאַלטן פון די טויזנטער אויגן, וואָס האָבן אויף זיי געלויערט.
לאָמיר איבערגעבן בלויז עטלעכע פאַלן מיט י. גאַרס אייגענע רייד:
„...ווי נאָר עס ווערט ליכטיק גיי איך אַרויס פון שייער און גיי צו צום פּויער אין שטוב, ער שלאָפט שוין נישט. ער שערט און ראַזירט מיך אָפּ. די פּויערטע וואַרעמט אָן וואַסער און איך וואַש זיך אָרום. זיי גיבן אונדז מיט עסן אויפן וועג (י. גאַרן און זיין רחלען — י. ז.) מיט טרערן אין די אויגן געזעגענען מיר זיך און לאָזן זיך אין וועג אַריין" (זייט 339).
אַ צווייטער פאַל: „...פון ליגן אויף דער פייכטער ערד פאַרקיל איך זיך און באַקום העכערע טעמפּעראַטור. אַ פּויערטע איז מסכים מיך אַרויפ־צולאָזן אויפן בוידעם ביז די היץ וועט פאַרבייגיין. ליגנדיק אויפן בוידעם דערהער איך אַ הויך גערעדעריי אויפן הויף. אין אַ ווײַלע אַרום קומט אַרויף צו מיר די פּויערטע און דערציילט מיר, אַז דייטשן זענען געקומען צו איר נאָך אייער. זי האָט זיי אָנועקגעגעבן וויפל זי האָט געהאַט, אָבער זיי האָבן געוואָלט אַרויפגיין אויפן בוידעם זוכן נאָך אייער. מיט פאַרשידענע תירוצים האָט זי זיי אָפּגעהאַלטן" (זייט 337). און נאָך איין פאַל: „ביי טאָג זעען מיר, אַז אַ פּויער דערנענטערט זיך צו דער נאָרע און ער טראָגט עפּעס אין האַנט. מיט איינגעהאַלטענעם אָטעם וואַרטן מיר (גאַר און זיין פרוי — י. ז.) צו זען, וואָס דאָ וועט זיין. ער קומט צו צו דער נאָרע און רוקט אָפּ די צווייגן. זיין פריינדלעכער בליק און באַגריסונג צעשטרייען אונדזער אומרואיקייט און שרעק. מיר הייבן אָן צו רעדן און ער דערלאַנגט אונדז דאָס עסן, וואָס ער האָט געבראַכט פאַר אונדז. זיין שכן האָט אים געלאָזט וויסן, אַז מיר באַהאַלטן זיך דאָ אויס" (זייט 335).
יוסף גאַר איז שטאַרק מקפּיד אויף זיין לשון; נישטאָ ביים אים קיין איבעריק וואָרט אָדער אומקלאָרע פאָרמולירונג. זיין יידיש איז רייך, אָבער פאָלקסטימלעך און קלאָר. אַפילו די ספּעציפישע ליטווישע ווערטער, און זייער צאָל איז נישט אַזוי ווייניק, וואָס ער ברענגט אין פרעמד־צייכנס, ווערן היימיש. איר פילט, אַז דער מחבר וואָרצלט אין ליטווישן יידנטום פון תורה און חכמה.
לאָמיר פאַרענדיקן מיט דעם פאַראַגראַף, ווו י. גאַר דערציילט ווי ער האָט אויפגענומען די באַפרייאונג:
„...איך ליג באַהאַלטן אין שפּייכלער. אין עטלעכע מינוט אַרום לויפט

ר׳חל (י. גאַרס פרוי — י. ז.) אַריין צו מיר מיט אַ שמחהדיקן אויסגעשריי, אַז די רוסן זענען דאָ...

„איך שפּרינג אויף פון אָרט און אַ ציטערדיקער קריך איך אַרויס פון דער באַהעלטעניש. מיר פאַלן זיך קושן און וויינען פון גרויס פרייד. מיינע ליפּן שעפּטשען די ברכה פון שהחיינו. דער קאָפּ שווינדלט פון איבעררא־שונג. עס גלייבט זיך קוים, אַז דער טאָג פון דער לאַנג־געגאַרטער גאולה איז שוין טאַקע געקומען. דאָס איז געווען דינסטיק, דעם ערשטן אויגוסט 1944, י״ב אָב תש״ד, 1 אַ זייגער בייטאָג״ — — — —

1962

# א. א. ראָבאַק

דעם פינפטן יוני פון היינטיקן יאָר (1965) איז אין קעמברידזש, מאַ־סאַטשוסעטס, פּלוצלינג געשטאָרבן אין עלטער פון 75 יאָר פּראָפעסאָר אברהם אהרן ראָבאַק.

ער האָט געשטאַמט פון אַ קליין שטעטעלע, גאָניאָנדז, אין ביאַליסטאָקער קרייז. אין עלטער פון צוויי יאָר האָט מען אים געבראַכט קיין מאָנטרעאָל, קאַנאַדע. דאָרט האָט ער באַקומען אַ גוטע יידישע דערציאונג. אין 1912 האָט ער געענדיקט דעם פילאָזאָפישן פאַקולטעט אין מעקגיל־אוניווערסיטעט מיט אַ גאָלדענעם מעדאַל, שפּעטער האָט ראָבאַק שטודירט אין אַמעריקאַ־נער אוניווערסיטעטן — אין האַרוואַרד און פּרינסטאָן. אין 1916 האָט ער אין האַרוואַרד־אוניווערסיטעט באַקומען דעם טיטל דאָקטאָר פון פילאָזאָ־פיע. אין גיכן איז ער געוואָרן לעקטאָר און אינסטרוקטאָר פון פּסיכאָלאָגי־שער וויסנשאַפט אין פאַרשידענע אַמעריקאַנער אוניווערסיטעטן.

ד״ר א. א. ראָבאַק האָט אָנגעהויבן זיין ליטעראַרישע טעטיקייט צו זיבעצן יאָר גלייכצייטיק אין יידיש און ענגליש, און אַזוי האָט ער זיך נוהג געווען אין זיין לאַנג, רייך און שעפעריש לעבן. צו דעם יובל־יאָר פון דער טשערנאָוויצער שפּראַך־קאָנפערענץ, אין 1958, האָט ד״ר א. א. ראָבאַק פאַר־עפנטלעכט אַ גרויס ווערק „די אימפּעריע יידיש״.

יידיש לשון האָט נישט קיין סך אַזעלכע חסידים־מאמינים ווי עס איז

געוועז א. א. ראָבאַק. זיינע אַרבעטן וועגן יידיש האָבן אויף ס'ניי געעפֿנט אונדזערע אויגן בעסער צו זען אונדזער עשירות. ס'האָבן אויפגעטויכט נייע האָריזאָנטן. נישט איין מאָל האָט דער לייענער געהאַט אַ געפֿיל, נאָכן אי־בערלייענען א. א. ראָבאַקס אַן עסיי וועגן יידיש, ממש אים צו שיקן אַ פּער־זענלעכן דאַנק־בריוו פֿול מיט ליוב דערפֿאַר, ווייל ער האָלט אויף דעם בטחון אין יידיש, און איז נישט מוותר אויף אַ האָר, ווען עס האַנדלט זיך וועגן דער חשיבות פון יידיש. אַזעלכע דאַנקבאַרע לייענערס האָט ד״ר א. א. ראָבאַק געהאַט בכל תפוצות ישראל.

איך שרייב דאָס אַנטקעגן דעם, וואָס אין די הייסע וויכוחים מיט יידישע שרייבער פלעגט זיך אַרויסכאַפּן ביי ד״ר א. א. ראָבאַקן בערך אַזאַ באַמער־קונג: ווען ער פֿאַרעפֿנטלעכט אַ ווערק אין ענגליש, על פּי רוב וועגן פּסי־כאָלאָגיע, האָט ער געהערט בלויז לויב, דערצו פון אויטאָריטעטן; שרייבט ער אָבער עפּעס אַן וועגן אַ יידיש גייסטיקן ענין, פֿאַלט מען אויף אים אָן (ציטירט פון זכרון). מיר דוכט, אַז אַפילו די „אָנפאַלן״ אויף אים מצד די יידישע שרייבער, האָבן געהאַט אין לשער מער ווערט, ווי די שבחים פון די נישט־יידישע וויסנשאַפטלער און פאַכמענער. דאָרטן איז ער געווען איינער פון אַ סך, ביי אונדז איז ער טאַקע געווען אַ יחיד במינו. ביי אונדז, אין „יידישלאַנד״, האָט מען זיך געקענט מאָרגן־איבערמאָרגן איבערבעטן, און אַפילו ברוגזערהייט פאַרבלייבן גייסטיק נאָענט, בעת דאָרטן איז נישט שייך צו ריידן וועגן גייסטיקער נאָענטקייט.

פון דער הקדמה צו „די אימפעריע יידיש״ זענען מיר געוווּיר געוואָרן, אַז דאָס איז געווען א. א. ראָבאַקס ערשטע בוך אויף יידיש. עטלעכע חדשים פאַר זיין פלוצעמדיקן טויט האָט ער פאַרעפנטלעכט אַ מין צווייטן טייל פון זיין „די אימפעריע יידיש״ — אונטערן נאָמען „דער פאָלקס־גייסט אין דער יידישער שפּראַך״. דאָס וואָס א. א. ראָבאַק האָט אין גאַנצן פאַרעפנטלעכט צוויי ביכער אויף יידיש איז אַ היפּשער וווּנדער, אָבער סיי ווי מינערט דאָס נישט אַ האָר פון זיין איינפלוס אויף אַ ריי געביטן פון יידישן געדאַנק. ד״ר א. א. ראָבאַקס בוך „די אימפעריע יידיש״ צוזאַמען מיט זיין לעצט בוך זענען לעת־עתה די איינציקע אַלץ־אַרומנעמענדיקע ווערק וועגן דער מערכה פון יידיש פון די עלטסטע צייטן אָן.

א. א. ראָבאַק באַהאַנדלט אין זיינע צוויי ביכער דעם גורל פון יידיש אין אַלע זיינע מדרגות, ווי עס קוקן אויף יידיש פריינד, פיינט, גלייכגיל־

טיקע, עמי־הארצים, שונאי־ישראל וכדומה, און אויך וועגן דעם אָרט, וואָס די ליטעראַטור אין יידיש פאַרנעמט אין היכל פון דער וועלט־ליטעראַטור. און היות ד״ר א. א. ראָבאַק איז געווען אַ פאָרשער אויף אַ ריי געביטן און האָט פאַרמאָגט אַ חוש פאַר יידיש לשון, לייענען זיך זיינע ווערק ווי גאָר אינטערעסאַנטער לייענשטאָף.

*

ד״ר א. א. ראָבאַקס „די אימפּעריע יידיש" באַשטייט פון 554 זייטן און איז איינגעטיילט אין 75 קאַפּיטלעך.

יעדער קאַפּיטל איז אַ באַזונדערע עסיי, דאָך איז פאַראַן אַ פאַרבינדונג צווישן די קאַפּיטלעך. אַפילו דאָרטן, ווו דער מחבר פירט וויכוחים מיט שרייבער, איז אויך פאַראַן אַ שייכות מיט דער הויפּט־טעמע.

שטאַרק און שאַרף זענען געווען ד״ר א. א. ראָבאַקס טענות און תרעומות צו ש. ניגער. ראָבאַק האָט געשריבן וועגן ש. ניגערן אין קאַפּיטל „וועגן אונדזער קריטיק": „מוקדונין פעלט וויסן (כאָטש ער האָט אַ דאָקטאָר־ראַט), אָבער ער האָט שווונג און אַ געוויסע מאָס אינטואיציע, וואָס ניגער האָט עס נישט געהאַט. ער זעט אַ גאַנצע סיטואַציע, אָבער ער פאַרמאָגט אַ צו האַסטיקן טעמפּעראַמענט, כאַפּט ער אָפּט איבער". און אויף אַ צווייט אָרט שרייבט ער: „וואָס איז דער חילוק צווישן אַ קריטיקער און אַ רעצענזענט? ביי אַלע אומות ווערט דער הבדל באַטאָנט. ביי אונדז איז דאָס וואָרט רעצענזענט אַ זעלטנקייט. אַלע וואָס שרייבן רעצענזיעס זענען קריטיקער. אין דער אמתן מוז אַ קריטיקער האָבן אַ פילאָזאָפישע השגה און זיין באַהאַוונט אין די ליטעראַטורן פון אַנדערע פעלקער. אַ רעצענזענט דאַרף בלויז באַהאַנדלען דאָס בוך, וואָס ער רעצענזירט און דאַרף זיך קענען אָריענטירן אין דער ליטעראַטור, ווו דאָס בוך פּאַסט זיך אַריין. פון דעם שטאַנדפּונקט האָבן מיר זייער ווינציק קריטיקער, און מען קאָן אַפילו זיין אין ספק, צי ניגער האָט געהאַט דעם נייטיקן אַפּאַראַט, הגם אַ באַגאַזש האָט ער געהאַט אַ גרויסן" (זייט 352).

דאָס האָט זיך משמעות א. א. ראָבאַק אָפּגערעכנט מיט ש. ניגערן, וואָס האָט שטאַרק אָראָפּגעריסן זיין „דהי סטאָרי אָוו יידיש ליטעראַטשור". ש. ניגער האָט געשריבן:

„ד״ר א. א. ראָבאַק גלייבט אַ פּנים, אַז ווען איינער שרייבט אָדער

שטוקעווען צונויף ביכער אויף ענגליש מיטן ציל גרויס צו מאַכן דעם נאָמען פון יידיש און יידישער ליטעראַטור צווישן די פעלקער, דאַרף דאָס יידישע פאָלק אים דאַנקבאַר זיין. איז א. א. ראָבאַק אפשר גערעכט. אפשר דאַרפן מיר אים זיין דאַנקבאַר. אָבער מיר מעגן פאַרלאַנגען פון אים, אַז ער זאָל אונדז נישט באַטראַכטן ווי שולדיקע, וועלכע נייטיקן זיך, נעבעך, אין אַן אַדוואָקאַט. די יידישע ליטעראַטור דאַרף נישט קיין אַדוואָקאַטן. זי קאָן זיך פאַרגינען צו באַגיין זיך אָן פאַרטיידיקער און אָן אַפּאָלאָגעטן" (טאָג", נ. י., 19 דעצ. 1937).

מיט פיר יאָר פריער, נאָך דעם ווי א. א. ראָבאַק האָט אַרויסגעגעבן זיין „קוריאָסיטיס אָוו יידיש ליטעראַטשור", האָט ש. ניגער געשריבן אין „טאָג" גאָר אַנדערש. ער האָט אים דעמאָלט שטאַרק געלויבט. אָט וואָס ש. ניגער האָט געשריבן: „ד"ר א. א. ראָבאַק האָט זיין ניי ענגליש בוך — ‚קוריאָזיטעטן (אָדער אפשר ריכטיקער: טשיקאַווע זאַכן) אין דער יידישער ליטעראַטור' — געלאָזט דרוקן נאָר אין זעקס הונדערט עקזעמפּלאַרן, — אַזוי, אַז דאָס בוך גופא וועט אין גיכן ווערן אַ ביבליאָגראַפישע ‚קוריאָזי־טעט'. נאָך ‚טשיקאַווער' אָבער איז דער פּאַרפאַסער פונעם ווערק. און אויב עמעצער וועט וועלן עס איז שפּעטער אָנשרייבן ‚קוריאָסיטיס אָוו יידיש ליטעראַטשור', וועט אַן אָרט אויבנאָן צווישן זיי פאַרנעמען שוין פּראָפעסאָר א. א. ראָבאַק אַליין. צווישע אַלע יידישיסטישע שריפטשטעלער איז ער אפשר דער סאַמע ‚טשיקאַווער'"... „יידיש האָט א. א. ראָבאַקן אַזוי פאַראינ־טערעסירט, פאַרכאַפּט, אַז ער איז ביז היינטיקן טאָג איינער פון די איבער־געגעבנסטע, איינגעשפּאַרטסטע און ענערגישסטע פאָן־טרעגערס פון יידי־שיזם און יידישיסטיק אין אַמעריקע"... „אַפילו נאָך דעם ווי ער האָט שוין פאַרנומען אין דער ענגלישער וויסנשאַפטלעכער ליטעראַטור אַ גאַנץ חשובן אָרט, נאָך דעם, ווי זיינע פאָרשונגען אויפן געביט פון דער מאָדער־נער פּסיכאָלאָגיע האָבן אים באַרימט געמאַכט אין די הויכע אַקאַדעמישע קרייזן, — איז ער נאָך אַלץ געבליבן אַן אַקטיווער קעמפער פאַר יידיש און דער יידישער ליטעראַטור. איז עס נישט קיין וווּנדער?"

„ער האָט זיך איינגעשטעלט פאַר יידיש, פאַר דער פאָרשונג פון יידיש (און ער האָט אָנטיילגענומען אין דער פאָרשונגס־אַרבעט) דורך אַ לאַנגער סעריע ליטעראַטור־היסטאָרישע, פילאָלאָגישע, פאָלקלאָריסטישע, זשורנאַ־ליסטישע אַרטיקלען. ער האָט זיך נישט באַרואיקט, ביז עס איז (מיט זיין

הילף און לויט זיין איניציאַטיוו) געבראַכט געוואָרן אין אָרדענונג און קאַטאַלאָגיזירט געוואָרן די אינטערעסאַנטסטע יידישע ביכער־זאַמלונג אין דער אוניווערסיטעט־ביבליאָטעק פון האַרוואַרד״... „ער האָט אַרויסגעוויזן זיין טיפן אינטערעס צו אונדזער פאָלקס־שפּראַך אין פאַרשידענע טיילן פון „דזשואיש אינפלוענס אין מאָדערן טהאָט׳ — דאָס בוך, וואָס ער האָט פאַר־עפנטלעכט מיט אַ פּאָר יאָר צוריק״... („טאָג״, 6 אויגוסט 1933).

ש. ניגערס מיינונג האָט זיך אָבער אין גאַנצן געביטן נאָך דעם ווי א. א. ראָבאַק האָט פאַרעפנטלעכט „קאָנטעמפּאָראַרי יידיש ליטעראַטשור״, „דהי סטאָרי אָוו יידיש ליטעראַטשור״. וועגן דעם האָט ניגער געשריבן דריי אַרטיקלען („טאָג״, 20, 27 אָקט. און 3 נאָוועמבער 1940). ער האָט געשריבן וועגן דער דאָזיקער אַרבעט: „כמעט אויף יעדן זייטל זענען דאָ זאַכן, וואָס זענען אָדער נישט פּינקטלעך איבערגעגעבן אָדער פאַלש דער־קלערט״.

די, וואָס האָבן געקענט א. א. ראָבאַקן, וועלן פאַרשטיין, אַז ער איז נישט שולדיק געבליבן ש. ניגערן קיין ענטפער. ער האָט אַרויסגעגעבן אַ פּאַמפלעט פון פופציק זייטן, וואָס ער האָט אָנגערופן „קריטיק און קריצע־ניש״.

בלויז עטלעכע שורות פון יענעם ענטפער זענען פאַראַן אין זיין „די אימפּעריע יידיש״.

*

„די אימפּעריע יידיש״ הייבט זיך אָן מיט אַ הקדמה פון מחבר, ווו ער זוכט נישט צו באַהאַלטן די פרייד, וואָס עס דערשיינט זיין ערשטער באַנד אין יידיש. „הגם, שרייבט ער, איך האָב שוין אַרויסגעגעבן אַ פאָליצע מיט ביכער אין ענגליש, דערפון עטלעכע אין פאַרשידענע שפּראַכן״. ער דער־ציילט אונדז אויך: „איך האָב אָוועקגעגעבן מער צייט און מי אויף מיין ערשטלינג אין יידיש, ווי אויף די מערסטע ענגלישע ביכער, און איך האָף, אַז די אַרבעט וועט ברענגען פּרוכט״.

א. א. ראָבאַק האָט געהאַלטן, אַז „כל־זמן עס וועט זיין אַ יידיש פאָלק, וועט לעבן יידיש, און וועט חלילה אונטערגייך יידיש, וועט דעמאָלט נישט זיין קיין יידיש פאָלק. וועגן אַ פאָלק ישראלים איז דאָ נישט די רייד״. דאָס איז זייער געוואָגט געזאָגט.

ראַבאַק מיינט, „אַז מיר קענען גובר זיין די כלומרשטע אומשטענדן, אויב מיר וועלן אין טאָג־טעגלעכן לעבן פּראַקטיצירן דאָס, וואָס מיר דרשענען".

עס וואָלט אָבער געווען אַ טעות צו מיינען, אַז א. א. ראַבאַקס ווערק האָבן דער עיקר צו טאָן מיט פּראָפּאַגאַנדע אָדער מוסר, הגם עס געפינט זיך פון דעם מין אַ היפּש ביסל. עס איז אָבער אַזאַ מין פּראָפּאַגאַנדע, וואָס פאַלט נישט צו לאַסט. למשל, אַזאַ מין זאַג: „העבּרעאיש האָבן אויך גערעדט, מיט גרויסע דיאַלעקטישע שינויים, די כנענים, אדום, מואב און אַנדערע פעלקער, אָבער יידיש האָבן בלויז גערעדט די יידן". אָדער: „פּונקט ווי דאָס יידישע פאָלק האָט געקענט איבערלעבן אַלע ענויים און פורעניות, מיט וועלכע עס איז געשטראָפט געוואָרן, אַזוי קאָן זיך שיקן, אַז אויך יידיש וועט קאָנען דורכלעבן די אַלע גזירות און גלייכגילטיקע באַציאונגען" (זייט 68). עס וואָלט געווען אַ טעות צו מיינען, אַז ד"ר א. א. ראַבאַק שטיצט זיך אויף הוילן בטחון: „אַז גאָט האָט געהאָלפן ביז אַהער, וועט ער ווייטער העלפן". דורכאויס נישט. ער באַזירט זיינע ביכער אויף אַזאַ שפע פון פאַקטן וועגן דעם כוח פון יידיש, וואָס לאָזט זיך נישט אַזוי גרינג אָפּפרעגן.

זיינע צוויי ווערק פאַרנעמען זיך נישט מיט דער געשיכטע פון יידיש, דאָך וועט דער לייענער געפינען גענוג היסטאָרישן און לינגוויסטישן מאַטעריאַל.

אין דעם קאַפּיטל ווי יידיש ווערט אָפּגעשפּיגלט אין די אַלגעמיינע ענציקלאָפּעדיעס פון דער וועלט, אינפאָרמירט אונדז ד"ר א. א. ראַבאַק וועגן דער באַהאַנדלונג פון יידיש און פון דער יידישער ליטעראַטור אַפילו, וואָס עס האָבן געשריבן וועגן דעם די ענציקלאָפּעדיעס פון די קלענערע לענדער. שרייבט א. א. ראַבאַק: „גראָד אין דער דענישער ענציקלאָפּעדיע, ‚סאַלאָ־מאַנסענס קאָנווערסאַציאָנס לעקסיקאָן', אין עלפטן באַנד, וואָס איז דערשי־נען אין קאָפּענהאַגען אין 1922, געפינט זיך אַן אַרבעט, וואָס איז וואַרעם אָנגעשריבן און איז פול מיט פּרטים און דערמאָנט אַפילו אַ צאָל פון די ‚יונגע'. די שרייבער פון יענער אַרבעט זענען ישראל כאַלעוואַ און פּראָ־פעסאָר ה. מייער. דאָס איז אפשר געווען די ערשטע נישט־יידישע ענצי־קלאָפּעדיע, ווו יידיש האָט פאַרנומען אַ געהעריק אָרט" (זייט 74). (ישראל כאַלעוואַ איז דער שרייבער פון די שורות).

ד"ר א. א. ראַבאַק ווייזט אָן, אַז עס זענען געווען צייטן, ווען די מערכה

פון העברעאיש איז געווען אַ טרויעריקע און מען האָט באַקלאָגט דעם אונ־טערגאַנג פון העברעאיש. דער באַרימטער העברעאישער פּאָעט י. ל. גאָר־דאָן, וואָס זיין מאָטאָ איז געווען: „עבד לעברית אנוכי עד נצח", האָט גע־קלאָגט אויף דער ביטערער דאָליע פון העברעאיש: „למי אני עמל מחבר כל שני" — פאַר וועמען האָרעוועט איך מיינע בעסטע יאָרן.

דער מחבר א. א. ראָבאַק האָט זיך נישט באַטראַכט, ווי עס קען זיך אויבנאויפיק אויסדוכטן, ווי אַ גוואַלדיקער אָפּטימיסט פון יידיש. ער באַטראַכט זיך אָבער יאָ ווי אַ בעל־בטחון אין יידיש. אגב, זאָגט אונדז דער פּסיכאָלאָג ד"ר א. א. ראָבאַק, אַז „אָפּט מאָל איז מען אַ פּעסימיסט מיט אַ מיין, כדי פּטור צו ווערן פון אַ יאָך".

ד"ר א. א. ראָבאַק פאַרגלייכט די יידישע ליטעראַטור מיט אַ ריי אַנ־דערע ליטעראַטורן, וואָס האָבן אייגענע טעריטאָריעס און מלוכות, און דאָך האָט יידיש נישט קיין שום סיבה אַראָפּצופאַלן ביי זיך, נאָר אדרבא. דער מחבר איז געווען טיף איבערצייגט, אַז יידיש האָט סיי פאַרבאָרגענע כוחות און סיי רעאַלע מעגלעכקייטן צוריק צו ווערן די שפּראַך פון אונדזער פאָלק. די אויפלעבונג פון יידיש קען אַ מאָל קומען פון אַזעלכע קוואַלן, פון וועלכע מיר האָבן גאָר קיין אַנונג נישט. אָבער, זאָגט דער מחבר, „מיר, די ליבהאָבער פון יידיש, טאָרן זיך נישט פאַרלאָזן אויף די דאָזיקע כוחות, נאָר מיר מוזן טאָג־טעגלעך לעבן בהסכם מיט דעם, וואָס מיר פּרעדיקן" (זייט 281).

עס קענען אויפקומען יידישע דערפער, שטעט און שטעטלעך, וווּ יידיש זאָל געלערנט ווערן צוזאַמען מיט דער לאַנד־שפּראַך. עס קען צוליב אַ סך סיבות דערוואַכן אַ נאַציאָנאַלע בענקשאַפט ביי דער יידישער יוגנט און זי וועט זוכן טרייסט און קאָמפּענסאַציע אין די ווערק אויף יידיש.

דער מחבר רעדט גאָרנישט וועגן אַ מעגלעכקייט פון אַן אויפלעבונג פון יידיש אין מדינת ישראל. מיר ווילט זיך צוגעבן, אַז מדינת ישראל וועט איינזען די גרויסע נאַציאָנאַלע עוולה, וואָס זי באַגייט לגבי יידיש און לגבי די אויפוואַקסנדיקע דורות, וואָס זי באַרויבט זיי פון פאָלקס־לשון און פון דער פאָלקס־ליטעראַטור און וועט סוף־כל־סוף איינפירן יידיש אין אַלע לערן־אינסטיטוציעס, באַגלייך מיט העברעאיש, כדי מיט דעם דערנענטערן די ישראל־יוגנט צום יידישן שורש.

דאָס איינפירן יידיש אין די לערן־אינסטיטוציעס אין ישראל וואָלט

געהאַט אַ שטאַרקע ווירקונג און געהויבן די חשיבות און באַציאונגען צו ייִדיש אין אַלע תפוצות.

„די אימפּעריע ייִדיש" און „דער פאָלקס־גייסט אין דער ייִדישער שפּראַך" דאַרפן אויפגענומען ווערן פון אונדזער גאַנץ ייִדישלאַנד מיט דעם אייגענעם טיפן ערנסט, וואָס האָט גורם געווען, אַז זייער מחבר זאָל זיך יאָרנלאַנג אָפּגעבן מיט דעם ענין.

אונדזער מאָדערנע ייִדישע ליטעראַטור האָט מיט א. א. ראָבאַקס טויט געליטן אַ גרויסע אבידה.

1965

## ייִדישע דענקער פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט *

אין דעם אַריינפיר צו די צוויי וויכטיקע ווערק דערקלערט די „בני־ברית"־אָרגאַניזאַציע, אַז די ייִדישע יוגנט און דערוואַקסענע זענען אומבאַקאַנט מיט די גייסטיקע ווערטן פון ייִדישן פאָלק, און דאָס איז אונדזער גרעסטע זאָרג. „מיר האָבן נאָך נישט געפונען דעם וועג, ווי אַזוי צו געווינען דאָס האַרץ און מוח פון ייִדישע מענטשן, כדי צו מאַכן זיי באַוווּסטזיניק וועגן דער ייִדישער ירושה". „מיר האָבן צו מאָל נישט אַרויסגערופן ביי זיי קיין נייגיר זיך צו פאַרטיפן אין יענע כוחות, וואָס האָבן גורם געווען, אַז ייִדן זאָלן במשך פון די יאָרהונדערטער פאַרבלייבן לעבן ווי אַ פאָלק".

קענענדיק דעם דאָזיקן מצב האָט דעריבער די „בני־ברית", מיט פערציק יאָר צוריק, געגרינדעט די הילל־פונדאַציע, און שוין יאָרן לאַנג ווי זי פירט אָן אַ פאַרצווייגטן פּראָגראַם פון ייִדישער דערציאונגס־טעטיקייט אין אַלע טיילן פון לאַנד.

אין איר פּראָגראַם האָט זי לעת־עתה איינגעשלאָסן אַ סעריע פון פינף גרויסע ווערק.

מיט אַ צייט צוריק זענען דערשינען די ערשטע צוויי בענד, וואָס האָבן זיך בעיקר אָפּגעגעבן מיט ייִדישע פּערזענלעכקייטן פון אַלטערטום, מיטל־

---

* Great Jewish Thinkers of the Twentieth Century and Contemporary Jewish Thought: A Reader Vols. III and IV. Edited by Simon Noveck. B'nai B'rith Department of Adult Jewish Education, 1963.

אַלטער און מאָדערנער צייט. היי יאָר זענען דערשינען דער דריטער און פערטער באַנד.

דער דריטער באַנד באַהאַנדלט צען גרויסע יידישע דענקער פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט און דער פערטער באַנד ברענגט לענגערע לייען־מאַטעריאַלן פון ניין ביז צען דענקער.*

דער דריטער באַנד הייבט זיך אָן מיט אַ גרויסער הקדמה־עסיי פון רעדאַקטאָר ד״ר שמעון נאַוועק, און דערנאָך קומען דריי אָפּהאַנדלונגען וועגן דענקער פון מזרח־אייראָפּעאישן יידנטום — אחד העם, דעם באַגרינ־דער פון גייסטיקן ציוניזם, פון מרכז רוחני; אהרן דוד גאָרדאָן — דעם פילאָזאָף פון דער מאָדערנער אַרבעטער־באַוועגונג אין ארץ־ישראל און וועגן הרב אברהם יצחק קוק — דעם הויפּט־רב פון ארץ־ישראל און פון דעם רעליגיעזן יידנטום.

אחד העם איז דער פּאָזיטיוויסט, אהרן דוד גאָרדאָן — דער אינסטיטו־ציאָניסט און דער פאַרהייליקטער הרב קוק — דער מיסטיקער.

אין דער צווייטער אָפּטיילונג זענען פּאָרטראָטן פיר הויפּט־דענקער פון דייטשישן יידנטום; דער ראַציאָנאַליסט הערמאַן כהן — דער גייסטי־קער פאָרשטייער פון דער דייטש־יידישער אינטעליגענץ במשך פון צוויי דורות; לעאָ בעק — דער סימבאָל פון גייסטיקער גבורה, בשעת דער פינצ־טערער נאַצי־הערשאַפט. ראַביי לעאָ בעק איז אַלט געווען זיבעציק יאָר, ווען די דייטשן האָבן אים פאַרשיקט אין טערעזיענשטאַטער קאָנצענטראַ־ציע־לאַגער; ער איז געבליבן לעבן בלויז אַ דאַנק זיין גייסטיקן כוח. איידער מען האָט אים פאַרשיקט קיין טערעזיענשטאַט האָט ער באַגלייט פון בער־לין אַ גרעסערע גרופּע יידישע קינדער קיין לאָנדאָן; ער האָט, פאַרשטייט זיך, געקענט דאָרטן פאַרבלייבן, ער איז אָבער צוריקגעפאָרן קיין נאַצי־דייטשלאַנד, כדי צו טיילן דעם גורל פון דער יידישער געמיינדע.

דער דריטער פאָרשטייער פון דייטשישן יידנטום איז פראַנץ ראָזענ־צוויג — דער פילאָזאָף פון יידישן עקזיסטענציאַליזם, און דער פערטער — מאַרטין בובער — דער אינטעלעקטועלער פאָרשטייער פון דעם מערב־אייראָ־פּעאישן יידנטום, וואָס האָט אַריינגעבראַכט אין דער מערב־וועלט דעם חסידיזם.

---

* אין דער אויסגאַבע זענען נישט אַריין די מאמרים פון הרב סאָלאָווייטשיק.

צווישן די אַמעריקאַנער דענקער, וואָס זענען פאַרטראָטן אינעם ווערק, געפינען זיך: קאָופמאַן קאָהלער, מרדכי קאַפּלאַן און הרב יוסף סאָלאָ־וויטשיק.

קאָופמאַן קאָהלער איז געווען דער תלמיד פון דעם באַרימטן נעאָ־אָרטאָדאָקסישן רב שמעון רפאל הירש, ער איז אָבער שטאַרק מחולק געווען מיט זיין רבין; ער האָט דעריבער פאַרלאָזט דייטשלאַנד און זיך באַזעצט אין אַמעריקע, וווּ ער איז געוואָרן דער גייסטיקער פירער פון רעפאָרם־יידנטום.

מרדכי קאַפּלאַן — דער גרינדער פון דער רעקאָנסטרוקציאָניסטישער באַוועגונג — יידישקייט ווי אַ רעליגיעזע ציוויליזאַציע, און הרב יוסף סאָלאָווייטשיק — דער אויטאָריטעט און אויסטייטשער פון הלכה ווי אַ דרך אין לעבן פון יידן.

פראַנץ ראָזענצווייג איז געווען שטאַרק אונטער דער השפעה פון קריס־טנטום, אָבער דורך אַ צופאַל האָט ער, יום־כיפור צו כל־נדרי, פאַרבראַכט אין אַ שול און דאָס האָט גורם געווען אויף זיין שפּעטערדיקער, געוואַלדיקער צוגעבונדנקייט צום יידנטום.

די „בני־ברית"־אָרגאַניזאַציע איז ביי דער מיינונג, אַז ווען די שטו־דירנדיקע יוגנט, און יידן בכלל, זאָלן זיך באַקענען מיט די פילאָזאָפישע אידעען און גייסטיקע אוצרות פון די דערמאָנטע און פון אַנדערע יידישע דענקער, וואָלט דאָס אָנגעפילט זיי מיט אינהאַלט אין לעבן און דערנענ־טערט צום יידישן פאָלק.

די אָפּהאַנדלונגען זענען געשריבן תוכיק, אָבער גענוג פּאָפּולער; מען דאַרף נישט דווקא זיין קיין סטודענט פון פילאָזאָפיע, כדי צו פאַרשטיין פון די לענגערע אויסצוגן פון די דערמאָנטע דענקער זייער אידעען־איינשטעל און קוק אויפן יידנטום.

די אָפּהאַנדלונג וועגן אהרן דוד גאָרדאָן פאַרנעמט דרייסיק געדיכט־געשריבענע זייטן. די מחברים פון דער אינפאָרמאַטיווער עסיי זענען: ד"ר יעקב י. קאָהען און דער רעדאַקטאָר ד"ר שמעון נאַוועק.

דער לייענער באַקענט זיך מיט דעם אידעאַליסטישן פּיאָנער פון דער צווייטער עליה.

אהרן דוד גאָרדאָן האָט געהאַט אַן אייגענעם און אייגנאַרטיקן צוגאַנג צו אַרבעט, סאָציאַליזם, צום יידישן נאַציאָנאַליזם און צו יידישע ווערטן.

ער איז געווען אַ הויך־עטישער מענטש, וואָס האָט געזען דעם יידישן תיקון אין אַרבעט בכלל און אין ערד־אַרבעט בפרט.

אהרן דוד גאָרדאָן האָט שטאַרק קריטיקירט דעם אייראָפּעאישן סאָ־ציאַליזם און זיין באַגרינדער, קאַרל מאַרקס. ער האָט געטענהט, אַז „דער סאָציאַליזם וויל באַנייען דאָס מענטשלעכע לעבן דורך נייע איינאָרדענונגען און דורך קאָלעקטיוון לעבן, נישט באַנייענדיק אין יסוד דעם גייסט פון מענטש".

אהרן דוד גאָרדאָן האָט געזען אין צוריקקער פון ייד צו דער נאַטור — דעם פאַרבאַדינג פאַר זיין יידיש־מענטשלעכער באַפרייאונג.

זיין געפליגלט וואָרט איז עם־אָדם — פאָלקס־מענטש.

אין 1920 האָט א. ד. גאָרדאָן געווירקט אין ווין און אין פּראָג ביים אויסקריסטאַליזירן אידעאיש די באַוועגונג פון צעירי־ציון הפועל־הצעיר. צווישן די, וואָס ער האָט דעמאָלט געווונען פאַר דער באַוועגונג זענען געווען מאַרטין בובער און זיגפריד בערנפעלד.

א. ד. גאָרדאָן איז געשטאָרבן דעם 22סטן פעברואַר 1922. עטלעכע טעג פאַר זיין טויט איז פאַרענדיקט געוואָרן די בריק אויפן ירדן. ער האָט געוואָלט זען די אויפגעבויטע בריק מיט די אייגענע אויגן. — „דאָס איז דאָך די ערשטע בריק נאָכן חורבן — און אויפן ירדן דערצו, וואָס יידן אין ארץ־ישראל האָבן אויפגעבויט מיט די אייגענע הענט".

די מחברים שטעלן זיך אויספירלעך אָפּ אויף א. ד. גאָרדאָנס ביאָ־גראַפיע, אויף די חברים זיינע פון דער צווייטער עליה — בן־גוריון, בן־צבי, משה שרת און בערל קאַצענעלסאָן.

די עסיי שליסט זיך מיט גאָרדאָנס רוף צו דער יוגנט, און מיט די באַגייסטערטע ווערטער פון די מחברים:

„ער און זיינס גלייכן האָבן געגעבן אַ נשמה דער באַוועגונג און לעבע־דיק געהאַלטן דעם חזיון פון יידיש־עטישן משיחיזם. ער האָט פאַרקער־פּערט אין זיך דאָס בעסטע פון ציוניזם" (זייט 70).

וועגן אשר גינצבערג (1856—1927) אָדער ווי ער איז בעסער באַקאַנט אין דער יידישער וועלט מיט זיין פּסעוודאָנים — אחד העם, שרייבט אויך דער רעדאַקטאָר אַליין, ד"ר שמעון נאַוועק, די אָפּהאַנדלונג פאַרנעמט 35 זייטן.

דער מחבר באַקענט פריער דעם לייענער מיט דעם קליינעם שטעטל

סקווער, אין אוקראַינע, ווו אשר גינצבערג איז געבוירן געוואָרן, מיט זיינע עלטערן, מיט דער דערציאונג, וואָס ער האָט געקריגן, סיי יידישע און סיי אַלגעמיינע.

עס איז אינטערעסאַנט, וואָס עס האָט געפירט דערצו, אַז אשר גינצ־בערג, דער שפּעטערדיקער אחד העם, זאָל ווערן אַ שרייבער.

אין יאָר 1899, ווען אשר גינצבערג איז אַלט געווען דריי און דרייסיק יאָר, האָט ער נישט געהאַט קיין אַנונג, אַז ער וועט אַמאָל ווערן אַ שרייבער.

די חובבי ציון־גרופּע, ווו ער איז געווען אַ מיטגליד, האָט געדאַרפט שרייבן אַ באַגריסונג צום זיבעציקסטן געבוירנטאָג פון אַ העברעאישן שרייבער. מען האָט געבעטן עטלעכע מיטגלידער אָנצושרייבן אַזאַ באַ־גריסונג. נאָך אַ באַראַטונג איז אויסגעקליבן געוואָרן אשר גינצבערגס באַ־גריסונג, וואָס איז אויך פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין „המליץ“.

דאָס האָט געפירט דערצו, אַז דער רעדאַקטאָר אלכסנדר צעדערבוים האָט פאַרבעטן אשר גינצבערגן, אַז ער זאָל אָנשרייבן זיין קוק אויף דער חובבי־ציון־באַוועגונג פאַר זיין צייטונג.

לכתחילה האָט אשר גינצבערג שטאַרק געצעגערט, אָבער ווען דער רעדאַקטאָר איז צוגעשטאַנען צו אים, האָט ער אָנגעשריבן דעם באַרימטן מאמר: „לא זו הדרך“, וואָס איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין פרילינג פון יאָר 1889.

דאָס איז געווען אַן עפּאָכע־מאַכנדיקע עסיי.

וועגן הרב קוק (1865—1935) שרייבט יעקב עגוס.

יעקב עגוס איז דער ראַביי אין בית־אל אין באַלטימאָר. ער איז אויך אַ מחבר פון פילאָזאָפישע ווערק וועגן יידנטום.

די אָפּהאַנדלונג איז געשריבן מיט גרויס פאַרערונג. יעקב עגוס שרייבט צווישן אַנדערן:

„הרב קוק איז געווען אַ פילאָזאָפישער און ליטעראַרישער מיסטיקער פון גרויסן באַטייט. ער האָט געהערט צו יענע זעלטענע נשמות פאַר וועמען רעליגיע איז נישט בלויז אמונה, נאָר תמצית פון לעבן גופא, הגם ער האָט גוט געקענט די קלאַסישע און מאָדערנע דענקער“.

לאָמיר דערציילן אַ שיינעם זאָג פון הרב קוק, וואָס איך האָב געהערט פון חיים ליבערמאַנען.

מען האָט אַ מאָל געפרעגט הרב קוק הלמאי ער האָט ליב חלוצים, זיי

זענען דאָך אַפּיקורסים. אויף דעם האָט הרב קוק געענטפערט: „בעסער אהבת חינם איידער שנאת חינם".

יעקב עגוס באַקענט אונדז מיט דעם רייכן לעבנסגאַנג פון דעם באַרימטן גאון, וואָס האָט מיט זיין פירונג משפיע געווען אַ גאַנצן דור. ער איז פאַרבליבן אין פאָלק ווי די גרויסע לעגענדאַרישע פיגור פון לויטער שלימות.

וועגן הערמאַן כהן (1842—1918), דעם נעאָ־קאַנטיאַנער, שרייבט אפרים פישאָף.

די משפחה פון הערמאַן כהן האָט געהאָפט, אַז ער וועט ווערן אַ רב. אין יאָר 1859, ווען הערמאַן כהן איז אַלט געווען 17 יאָר, האָט מען אים אָפּגעגעבן ווי אַ תלמיד אין ברעסלאַוער יידישן טעאָלאָגישן סעמינאַר, וווּ די לערער זענען געווען זכריה פרענקל, דער גרינדער פון קאָנסערוואַטיוון יידנטום, און דער באַרימטער היסטאָריקער היינריך גרעץ. צוויי יאָר האָט ער דאָרטן געלערנט. איינע פון די הויפּט־סיבות פאַר וואָס דער 19־יאָריקער הערמאַן כהן האָט זיך צוריקגעצויגן פון סעמינאַר איז געווען מחמת דעם, וואָס זיין קוק אויף רעליגיע האָט זיך אַזוי געענדערט, אַז ער האָט געפילט, אַז ער וועט קיין מאָל נישט קענען ווערן קיין רב.

אַ שטיקל צייט איז הערמאַן כהן געווען אונטערן איינפלוס פון אברהם גייגער, דעם ליבעראַלן אויסטייטשער פון רעפאָרם־יידנטום. הערמאַן כהן איז אָבער געגאַנגען נאָך ווייטער ווי דער אַפּאָסטאָל פון רעפאָרם־יידנטום. ער האָט זיך כמעט ווי אָפּגעזאָגט פון טראַדיציאָנעלן יידנטום.

ער האָט זיך אין גאַנצן אָפּגעגעבן מיט שטודירן פילאָזאָפיע און איז געוואָרן פּראָפעסאָר פון פילאָזאָפיע אין מאַרבורג־אוניווערסיטעט. ער האָט אָבער פון צייט צו צייט אויך פאַרעפנטלעכט עסייען אויף יידישע טעמעס, אַ שטייגער: „היינריך היינע און יהדות", „שבת אין דער געשיכטע פון דער מענטשלעכער ציוויליזאַציע" און וועגן ענלעכע ענינים.

ער איז אין יענער צייט פאַרכאַפּט געוואָרן פון די אָפּטימיסטישע אידעען, וואָס איז געווען כאַראַקטעריסטיש פאַר די אינטעלעקטואַלן פון ניינצנטן יאָרהונדערט. ער האָט באַטראַכט עמאַנועל קאַנטן ווי דעם רוקנביין פון דער דייטשישער קולטור.

דער אַקאַדעמיש־אַנטיסעמיטישער אָנפאַל פון דעם היסטאָריקער טריי־טשקע אויף הערמאַן כהנען האָט אים צוריקגעבראַכט צום לעבעדיקן יידנ־

טום, פון וועלכן ער איז קיין מאָל נישט אַוועק צו ווייט. אין משך פון די יאָרן, וואָס ער איז געווען פּראָפעסאָר, האָט ער היפּשלעך געליטן פון די דייטשישע אַנטיסעמיטן.

נישט געקוקט אויף זיין אַקאַדעמישער באַרימטקייט האָט מען אים קיין מאָל נישט אויסגעקליבן ווי דעם רעקטאָר פון אוניווערסיטעט.

הערמאַן כהנס אַקטיווער צוריקקער צום יידנטום האָט זיך אָנגעהויבן מיט זיין צוריקציען זיך פון דעם אוניווערסיטעט. ער האָט זיך פאַרטיפט אין תנ"ך, תלמוד, רמב"ם און געשריבן מאמרים וועגן דער קולטור און פילאָזאָפיע פון יידנטום.

זיין ווערק „די רעליגיע פון שכל הישר לויט די קוואַלן פון יידנטום" איז פאַרבליבן אומפאַרענדיקט. דאָס נישט־פאַרענדיקטע פילאָזאָפישע ווערק איז ערשט דערשינען נאָך זיין טויט, אין יאָר 1919. אַרויסגעגעבן דאָס ווערק האָט זיין אלמנה, מאַרטאַ כהן, מיט דער הילף פון זיין תלמיד ברונאָ שטראַוס.

אין די לעצטע יאָרן פון זיין לעבן האָט ער זיך בעיקר אָפּגעגעבן מיט דער אַקאַדעמיע פאַר וויסנשאַפט פון יידנטום.

אין זעלביקן גייסט ווי אין די דערמאָנטע אַרבעטן, זענען אויך גע־שריבן די אַנדערע אָפּהאַנדלונגען.

ווען לעאָ בעק (1873—1956) איז אַרויס פון קאָנצענטראַציע־לאַגער אין טערעזיענשטאַט, האָט אַ יידישער געלערנטער געשריבן, אַז פּונקט ווי דער רמב"ם האָט בשעתו מיט זיין ווערק „מורה נבוכים" צוריקגעבראַכט צום יידנטום די פאַרבלאָנדזשעטע יידישע יוגנט, אַזוי וועט לעאָ בעק מיט זיין אויטאָריטעט און געלערנטקייט, ווירקן צום גוטן אויף דער יידישער אָפּגע־פרעמדטער יוגנט.

דער מחבר, העברי וואָלטער בראַון, שטעלט זיך אָפּ אויף דעם לעבן פון לעאָ בעק, וואָס איז אויפגעוואַקסן אין אַ משפחה פון לויטער רבנים. זיין פאָטער, זיידע און עלטער־זיידעס זענען אַלע געווען באַרימטע רבנים. אַפילו זיין מוטער איז אויך געווען די טאָכטער פון אַ באַרימטן רב אין מאָראַוויע.

זיין דאָקטאָר־טעזע איז געווען וועגן ברוך שפינאָזאָס השפעה אויף דעם געדאַנקען־גאַנג פון דייטשלאַנד.

לעאָ בעק איז באַרימט געוואָרן אַ דאַנק זיין ווערק, וואָס ער האָט

פאַרעפנטלעכט מיט זעכציק יאָר צוריק — „דאָס וועזען דעס יודענטומס" — דער מהות פון יהדות. דאָס איז אין אַ גרויסער מאָס געווען אַן ענטפער אויף דעם ווערק פון דעם ליבעראַלן פּראָטעסטאַנטישן דענקער אַדאָלף פאָן האַרנעק „וואָס איז קריסטנטום". בעקס ווערק האָט אויך באַצוועקט אָפּצו־שלאָגן דעם חשק פון דער דייטש־יידישער יוגנט צוצוכאַפּן זיך צו דעם ווערק פון אַדאָלף פאָן האַרנעק.

די עסייען וועגן פראַנץ ראָזענצווייג (1886—1929), מאַרטין בובער — געבוירן אין 1878, און וועגן די אַמעריקאַנער דענקער קאַופמאַן קאָהלער (1843—1926) און מרדכי קאַפּלאַן — געבוירן אין 1881 — זענען געשריבן אין זעלבן וואַרעמען אופן.

וועגן מרדכי קאַפּלאַן שרייבט איירא אייזענשטיין, וואָס איז דער פּרע־זידענט פון דער רעקאָנסטרוקציאָניסטישער באַוועגונג און רעדאַקטאָר פון „רעקאָנסטרוקציאָניסט".

די לעצטע עסיי איז וועגן הרב יוסף סאָלאָווייטשיק און איז געשריבן פון אהרן ליכטענשטיין, פּראָפעסאָר אין ענגליש אין סטוירן־קאָלעדזש.

ביידע ווערק אָטעמען מיט ליבשאַפט צו די גייסטיקע יידישע דענקער און צו יידישע ווערטן.

מיר רעקאָמענדירן מיטן גאַנצן האַרצן ביידע ווערק פאַר דער יידישער היים.

1963

# מדינת ישראל און די יידישע שול אין אַמעריקע

## א

די גרינדונג פון דער יידישער מלוכה האָט פּסיכאָלאָגיש געווירקט אויף יידישע עלטערן, אַז זיי זאָלן זיך פֿאַרטראַכטן וועגן דער יידישער דערציאונג פון זייערע קינדער. דאָס וואָס טאַטע־מאַמע אַליין האָבן, צוליב אַ סך טעמים קיין יידישע דערציאונג נישט געקראָגן, רייצט נאָך ביי זיי שטאַרקער דעם פֿאַרלאַנג נישט צו פֿאַרנאַכלעסיקן דעם יידישן חינוך פון זייערע אייגענע קינדער.

מדינת ישראל האָט אַרויסגערופן נאַציאָנאַלן שטאָלץ אַפילו ביי אָפּ־געפרעמדטע און אינדיפערענטע יידן, בעת די היטלער־טראַגעדיע האָט ביי די אייגענע יידן אַרויסגערופן אַ יידן־קאָמפּלעקס: „עפּעס מוז דאָך זיין דער מער מיט די יידן, וואָס מען פֿאַרפאָלגט זיי כסדר", האָבן געטראַכט אַ סך ווייטע און פרעמדע יידן. באַזונדערס האָט מען דאָס געזען צווישן די יידישע יוגנטלעכע. זיי פלעגן בייטן זייערע נעמען, כדי זיי זאָלן נישט קלינגען יידיש. אַ סך יידישע יוגנטלעכע פלעגן זיך פילן שלעכט, ווען די לערער אין די היי־סקולס אָדער קאָלעדזשעס פלעגן רעדן וועגן דער יידישער טראַגעדיע.

יעדער איינער, וואָס האָט נאָר געהאַט אַ שייכות מיט לערן־אינסטיטו־ציעס, קען דערציילן פון אַ סך פאַלן, ווען יידישע סטודענטן האָבן, אין יענע פינצטערע היטלער־יאָרן געזוכט צו באַהאַלטן אָדער אָפּצולייקענען זייער יידישן אָפּשטאַם.

אַוודאי זענען אויך געווען אַ סך אָפּגעפרעמדטע יידן וואָס די גרויסע יידישע טראַגעדיע האָט זיי ערשט דערנענטערט צו אונדזער פאָלק, און זיי האָבן געזוכט טרייסט אין אונדזער אַלטער מאַרטירער־געשיכטע. פון אַפּיקורסים זענען זיי פלוצלונג באַהערשט געוואָרן פון אַ שטאַרקן רעלי־

גיעזן געפיל. זיי האָבן זיך אַפילו איינגעשאַפט כל המינים יידישע חפצים: מזוזהלעך, ספרי־תורהס, מנורהס כלערליי וכדומה. זיי האָבן געזוכט זיך איינצושליסן אין די דלד אַמות פון יידישן לעבן, פון יידישן עבר, גייסטיק זיך איזאָלירן פון דער רשעותדיקער וועלט. די דאָזיקע געוואָרענע יידן האָבן אויך געליטן פון אַ קאָמפּלעקס, זיי האָבן פאַרלוירן דעם גייסטיקן גלייכגעוויכט.

ערשט די פּראָקלאַמירונג פון מדינת ישראל ווי אַ יידישע מלוכה, האָט אַריינגעבראַכט נאַטירלעכן נאַציאָנאַלן שטאָלץ צווישן אַלע יידן. דאָס איז די גרעסטע היסטאָרישע געשעעניש אין דעם יידישן לעבן זינט דעם חורבן בית שני.

מדינת ישראל האָט גורם געווען, אַז דער יידישער מענטש זאָל קענען אויסגלייכן דעם פאַרהויקערטן רוקן, זאָל קענען שטאָלץ אויפהייבן דעם קאָפּ און קוקן אַלעמען גלייך אין די אויגן אַריין.

דער יידישער לערער האָט אַ גוטע געלעגנהייט דאָס צו באַמערקן. ער זעט דאָס אין די שיינענדיקע און לייכטנדיקע אויגן פון די יידישע קינדער פון יינגסטן עלטער אָן ביז דעם סטודענט פון דער מיטלשול, וואָס איז ערב זיין אַריינטרעטן אין קאָלעדזש. ער זעט דאָס ביי די אַקטיוויטעטן פון דערוואַקסענע.

קיין שום געשעעניש האָט פריער קיין מאָל נישט געקענט אַריינברענגען אַזאַ גייסטיקע דערהויבנקייט אין אַ יידישער מסיבה, אַפילו אין דער סאַמע ווייטסטער, ווי דער בטחון, אַז ארץ־ישראל וועט ווערן אַ יידישע מלוכה, פונקט ווי קיין שום טראַגיק האָט נישט שווערער געמאַכט דעם יידישן געמיט, ווי די מורא, טאָמער, חלילה, וועלן די שוואַרצע כוחות נישט דערלאָזן, אַז ארץ־ישראל זאָל ווערן אַ יידישע מלוכה, באַזונדערס אין אַנבליק פון דער נאָענטער גאולה.

## ב

די יידישע שול טרעט אַריין אין אַ נייער תקופה. דער רוב מנין און דער רוב בנין פון דער יידישער עלטערנשאַפט, האָט אַן אינטואיטיוון געפיל, אַז זיי מוזן געבן זייערע קינדער אַ יידישע דערציאונג.

די צייט אַליין, און דער עיקר, מדינת ישראל, האָט געשאַפן יענע

מאראַלישע אַחריות ביי יידישע טאַטע־מאַמע, וואָס קיין שום דרויסנדיקע פּראָפּאַגאַנדע איז נישט געווען מסוגל דאָס צו טאָן.

די יידישע שול, אין איר איצטיקן פּעדאַגאָגיש־דערציערישן און עקאָ־נאָמיש־געזעלשאַפטלעכן מצב, איז לחלוטין נישט צוגעגרייט אויסצונוצן די געשאַפענע גינסטיקע לאַגע.

אַלע יידישע קינדער וועלן דאַרפן קריגן אַ תוכיקע יידישע נאַציאָנאַלע דערציאונג. די יידישע שול וועט מוזן דערציען אַזאַ יוגנטלעכן דור, וואָס זאָל קענען באַפרידיקן אונדזערע נאַציאָנאַלע און גייסטיקע הצטרכותן. דאָס מזרח־אייראָפּעאישע יידנטום, וואָס איז געווען אַן אומאויסשעפּלעכער רע־זערוואָר פאַר אַלע צווייגן פון אונדזער יידיש לעבן, בכל תפוצות ישראל, איז חרוב ומוחרב.

דאָס אַמעריקאַנער יידנטום, אונדזער גרעסטער קיבוץ, האַלט ביי נאַציאָנאַלער דערוואַכונג.

עס איז דעריבער דאָס געבאָט פון דער צייט צו פאַראייניקן די יידישע שולן.

ווען עס זאָל געשאַפן ווערן יענע גרויסע יידישע אינסטאַנץ, וואָס זאָל פאַרמאָגן אויטאָריטעט און אַרויסרופן צו זיך צוטרוי, וועט זי אויך קענען געווינען פאַר זיך גרויסע טיילן פון אונדזער יוגנט.

אַלע יידישע אינסטיטוציעס נוצן אויס פאַר זיך אַט די געשאַפענע גינ־סטיקע לאַגע, און די יידישע יוגנט איז שוין דאָרטן אַ וויכטיקער כוח.

אויך אונדזער יוגנט, פון דער יידיש־וועלטלעכער סביבה, איז גרייט צו דינען די נאַציאָנאַלע יידישע אַספּיראַציעס. עס איז שוין מער נישט שווער צוצוקומען צו איר. זי אַליין הייבט זיך אָן רייסן אין אונדזער סביבה. עס איז אָבער לעת עתה נישט געשאַפן געוואָרן פאַר איר קיין שום באָדן.

דער יידישער קולטור־קאָנגרעס קאָן ווערן יענער כוח, וואָס אויף אים איז אויסגעפאַלן צו טאָן די גרויסע היסטאָרישע אַרבעט. ער מוז מיט אויטאָריטעט און אחריות אויסנוצן דעם שעת הכושר.

דער צענטראַלסטער פּונקט אויפן סדר היום פון דעם יידישן קולטור־קאָנגרעס דאַרף זיין די יידישע שול. די יידישע שול איז דער יסוד פון אונדזער גייסטיק לעבן.

דער יידישער קולטור־קאָנגרעס דאַרף אין דער ערשטער ריי זיך

זאָרגן פאַר דער יידישער שול, און פאַר דעם נייעם אויפוואַקסנדיקן יידישן דור אין אַמעריקע. זיי דאַרף ער שענקען די גרעסטע אויפמערקזאַמקייט.

עס וועט זיין אַ היסטאָרישער חטא אויב דער יידישער קולטור־קאָנגרעס וועט רעדוצירן זיין אַרבעט מיט בלויז אַרויסגעבן נאָך אַ בוך אָדער ביכער פון דעם אָדער יענעם שרייבער, וואָס איז אַן און פאַר זיך גאַנץ וויכטיק.

דער יידישער קולטור־קאָנגרעס וועט דאַרפן שטיין מיטן פנים צו דער יידישער שול און צו דער יידישער יוגנט.

ג

די יידישע לערער ווילן אַ פּאַראַייניקט יידיש שול־וועזן, די טוערשאַפט הערט נישט אויף צו מאָנען, אַז די שולן זאָלן זיך פאַראייניקן.

דאָס, וואָס דער קאָנגרעס שלאָגט פאָר, „קאָאָרדינירן די שול־אַרבעט", מיינט זייער ווייניק. נאָך דער „קאָאָרדינאַציע" וועט אַלצדינג פאַרבלייבן ביים אַלטן. אַפילו ווען עס וועט שוין זיין איין לערער־סעמינאַר און איין פּעדאַגאָגישע שריפט, וועט זיך די לאַגע קנאַפּ־וואָס בייטן.

וואָס מען דאַרף יאָ טאָן, איז — שאַפן איין גרויס, שטאַרק און געזונט יידיש שול־וועזן.

די יידישע שול, וואָס דאַרף געבן אונדזערע קינדער אַ נאַציאָנאַלע יידישע דערציאונג און העלפן אויספורעמען די גייסטיקע געשטאַלט פון נייעם יידישן דור, טאָר נישט איבערגעלאָזט ווערן אין דעם צושטאַנד, אין וועלכן זי געפינט זיך אַצינד.

עס פאָדערט זיך וויזיע און אמונה אין אונדזער אַרבעט.

מדינת ישראל, וואָס איז געקומען צום לעבן, אַ דאַנק דעם עקשנות־דיקן ווילן פון דעם יידישן ישוב און פאָלקס־האָפענונג נאָך גאולה, דאַרף דינען ווי דער עמוד האש אויך אין דער שול־אַרבעט.

אויב מיר ווילן האָבן אַ געזונט יידיש שול־וועזן אין אַמעריקע, וועלן מיר אויך האָבן אַ געזונטע יידישע יוגנט.

„דער טאָג", 1948

# די יידישע שול און די נייע עלטערנשאַפט

דעם 4טן נאָוועמבער 1951, האָט די שלום־עליכם־שול 13 געמאַכט אַ באַנקעט פאַר איר לאַנגיאָריקן לערער, חבר י. זילבערבערג. דער גרויסער עולם, וואָס איז זיך צונויפגעקומען, האָט זיך געפרייט מיט דעם, וואָס דער חבר זילבערבערג איז געזונט געוואָרן נאָך אַ לאַנגער און געפערלעכער קראַנקייט, און האָט באַערט אים אין שייכות מיט זיין 25יאָריקן יובילײ ווי אַ לערער. מיר ברענגען דאָ דעם חבר זילבערבערגס רעדע פון יענעם אָוונט.

רעדאַקציע „פעדאַגאָגישער ביולעטין", יאַנואַר, 1952.

איך בין דאַנקבאַר און איבערגעוועלטיקט פון פרייד, וואָס אַזעלכע חשובע געסט זענען געקומען אויף אונדזער שול־שמחה.* איך באַטראַכט דאָס ווי אַ מאַניפעסטאַציע פאַר דער יידישער שול, פאַר דעם יידישן שול־טוער און פאַר דעם יידישן לערער.

די יידישע שול האָט געהאַט, און האָט נאָך אַלץ, אַן אומגעהייערע השפעה, אַ דירעקטע און אַן אומדירעקטע, אויף אַלע צווייגן פון אונדזער אַמעריקאַנער יידיש לעבן. די יידישע שול איז, אין גאַר אַ גרויסער מאָס, די אַפּהיטערין פון די גייסטיקע ווערטן פון אונדזער פאָלק. דער יידישער לערער באַטראַכט זיין עובדא ווי אַ יידישע פאָלקס־אַרבעט. עס קאָן דאָך נישט געמאָלט זיין קיין שום המשך פון אַ וואָסער נישט איז פאָלקס־לעבן, כּיידן דער יסוד ווערט געלייגט אין דער קינדער־שול.

האָט דער יידישער לערער געלערנט און געהאַט אַ השפעה אויף די תלמידים לויט זיינע גייסטיקע כּוחות. די יידישע יוגנט, וואָס האָט זיך געלערנט אין אונדזערע שולן אַ לענגערע צייט, איז דאָרטן נישט בלויז עמאָציאָנעל, נאָר אויך יידיש־אינטעלעקטועל באַווירקט געוואָרן. זי האָט דאָרטן געלערנט, אַזוי צו זאָגן, נישט בלויז אגדה, נאָר אויך הלכה־יידישקייט; און עס ליגט אויף איר, אויף דער יידישער יוגנט, אַ נאַציאָנאַל־באַוווסטזיניקער יידישער חותם.

יידישע לערערס קענען ברענגען אַ סך ליכטיקעביישפּילן פון געווע־

---

* צווישן די געסט זענען געווען: אברהם רייזען, שמואל ניגער, יודל מאַרק, לייבוש לעהרער, ד"ר שלמה סיימאָן, ד"ר עזריאל נאקס, נחום סטוטשקאָוו, ז. יעפרויקין, ד"ר עזריאל אייזענבערג, ליפּע לעהרער, דוד לעהרער, יעקב דוד בערג, לערער און טוער.

זענע תלמידים, וואָס ווייזן אונדז די השפּעה אויף זייער גייסטיקער אַנט־וויקלונג. די קערנער, וואָס זענען פאַרזייט געוואָרן אין דער יידישער שול, זענען נישט געגאַנגען לאיבוד.

ביי פּאָסיקע געלעגנהייטן זענען די דאָזיקע געוועזענע תלמידים (אמת, זייער צאָל איז נישט גרויס געווען) געוואָרן די טרעגער און פאַרשפּרייטער פון דעם יידישן געדאַנק אין אַלע זיינע אַספּעקטן — ווי לערער, טוער, אָנ־פירער פון יידישע נאַציאָנאַלע אינסטיטוציעס, אַפילו שרייבער. ווען אַ גע־וועזענע שילערין באַשליסט צו שרייבן אין קאָלעדזש איר מאַסטער־טעזיס וועגן חסידות; אָדער ווען אַ שילער, וואָס האָט פאַרענדיקט אַ יידישע מיטלשול און איז געוואָרן אַ לערער פון ענגלישער ליטעראַטור אין אַ הײַ־סקול, מאַכט אין קלאַס אַן אַנאַלאָגיע, אַ פאַרגלייך צווישן אַן ענגליש און אַ יידיש ווערק, און בעת אַ תלמיד אין קלאַס באַמערקט, אַז יידיש איז דאָך אַ זשאַרגאָן, הײַנט ווי קען מען שרייבן גרויסע ווערק אויף יידיש, — האַלט דער אייגענער לערער אין ענגליש־קלאַס אַן אינפאָרמאַטיווע לעקציע וועגן דער ראָלע פון יידיש און פון דער יידישער ליטעראַטור, — איז דאָס בלויז אַ דאַנק דער השפּעה פון דער יידישער שול.

מיר האָבן יוגנטלעכע, וואָס זענען פאַרשפּרייט בכל תפוצות אַמעריקע, וואָס באַטייליקן זיך אַקטיוו אין יידישן לעבן. די דאָזיקע יוגנט וועט נישט פאַרלוירן גיין פאַר דעם יידישן פאָלק, ווי עס איז ליידער דער פאַל מיט אַזאַ אומגעהויערן פּראָצענט יידן, וואָס זענען אין גאַנצן אָפּגעריסן גייסטיק פון יידישן שורש, בלויז דערפאַר, וואָס זיי האָבן קיין יידישע דערציאונג נישט געקריגן.

אונדזער יידישע שול, וואָס האָט זיך באַמיט אַריבערצופלאַנצן אויף דעם היגן באָדן דאָס גייסטיק־רייכע און טיף־פאַרוואָרצלטע יידישע לעבן פון מזרח־אייראָפּע, איז אין די לעצטע יאָרן אַריינגעטראָטן אין אַ תקופה, צו וועלכער מיר זענען נישט געווען גענוג צוגעגרייט. די שול האָט אָנגע־הויבן צו בייטן איר פּנים אַזוי בהדרגהדיק, אַז נישט יעדער איינציקער האָט עס געקענט באַמערקן, פּונקט ווי מען באַמערקט נישט בדרך כלל דעם שינוי, וואָס עס קומט פאָר ביי מענטשן, וואָס מיר באַגעגענען זייער אָפט. צווישן אונדזערע שול־טעאָרעטיקער האָט לייבוש לעהרער, נאָך מיט יאָרן צוריק אָנגעוויזן, אַז עס קומט אָן אַ נייער דור אַמעריקאַנער יידן, אַ דור

אשר לא ידע את יוסף, און מען דאַרף באַצייטנס אויסאַרבעטן אַ פּראָגראַם, וואָס זאָל זיין צוגעפּאַסט צו דעם נייעם קאָנטינגענט יידישע קינדער.

אויך אין רעליגיעזן חינוך זענען פאַראַן געגוג פּראָבלעמען, וואָס די נייע עלטערנשאַפט און קינדער רופן אַרויס, אָבער דאָרטן זענען זיי נישט אַזוי שאַרף ווי אין די יידישע שולן. אין די תלמוד־תורהס און אין די כלערליי קאָנגרעגאַציע־שולן, זענען יידישע געשיכטע און העברעאישע ליטעראַטור, ווער שמועסט שוין יידיש, נישט קיין עיקרים, דת, אמונה — פאַרנעמען דעם אויבנאָן, און דאָס קאָן לייכט געטאָן ווערן אויך אויף ענגליש.

אין אונדזער יידישער שול־סביבה הערשט לעצטנס, אויך צוליב דער ניי־געשאַפענער לאַגע, אַן אומזיכערקייט, ווי מען וואָלט ערשט געהאַלטן ביי בראשית. דאָרטן, ווו אַ שול־קינד האָט נאָך אַ באָבע, אַ זיידע, איז נאָך פאַראַן אַ דינער שיכט, וואָס ציט אַ ביסל יידיש־גייסטיקע חיונה פון ערגעץ־ווו. די יידישע שול דאַרף דעריבער זיין טאָפּלט וואַך, כדי באַצייטנס אויס־צואַרבעטן די פּאַסיקע מעטאָדן פאַר דעם נייעם אַמעריקאַנער יידישן קינד. היינט צו טאָג האָבן מיר אין די שולן אַן ערך 75—80 פּראָצענט קינדער פון אַמעריקאַנער יידישע עלטערן פון ערשטן דור, מאָרגן וועט זיין הונדערט פּראָצענט, דאָס איז אומפאַרמיידלעך.

אָבער יידיש קען נאָך אַלץ זיין דער מעדיום און דער צויבער, וואָס ברענגט אַריין פרישקייט און יום־טובדיקייט צווישן די אַמעריקאַנער יידי־שע עלטערן. וואָרעם טיף אין האַרצן גליט ביי יידישע טאַטע־מאַמע, אַפילו פון צווייטן און דריטן דור אַמעריקאַנער יידן, אַ פאַרלאַנג, אַז זייערע קינדער זאָלן אויסוואַקסן מיט יידיש וויסן און נישט אָפּגעריסן ווערן פון יידישן שורש; דאָס, וואָס טאַטע־מאַמע האָבן אַליין נישט געקריגן קיין יידישע דער־ציאונג רעגט נאָך מער זייער פאַנטאַזיע וועגן יידישקייט, וואָס איז פאַר זיי פאַרהוילן. כל־זמן יידיש לשון איז אַ שעפערישער כוח אין אונדזער לעבן, אַ דאַנק דער יידישער ליטעראַטור, די יידישע צייטונגען, די יידישע שולן, יידיש טעאַטער, יידישע כאָרן, יידישע נאַציאָנאַלע אָרגאַניזאַציעס און אָרדנס, יידישע אסיפות און יידישע אויסגאַבעס, — כל־זמן מען איז שעפעריש אויף יידיש, קען אויך געדייען אַ פאַרצווייגט יידיש קולטור־לעבן אויף ענגליש, צי אויף העברעאיש.

און אויב מיר רעדן וועגן אַ גייסטיקער פאַרבינדונג צווישן מדינת

ישראל און די תפוצות, און אין דער ערשטער ריי, אַ גייסטיקע בריק צווישן מדינת ישראל און אַמעריקאַנער יידנטום, — אַ פאַרבינדונג, וואָס זאָל אונדז צו עפּעס מחייב זיין, — מוז זי געפירט ווערן אויףביידע יידישע נאַציאָנאַלע שפּראַכן, אויף יידיש און אויף העברעאיש.

די יידישע שול, וואָס איז געוואָרן אַן אינטעגראַלער טייל פון גאַנצן אַמעריקאַנער יידישן חינוך, האָט נאָך אַלע מעגלעכקייטן זיך צו צעוואַקסן. לעת־עתה האָט זי נאָך נישט אָנגערירט די פּעריפעריע פון דער יידישער עלטערנשאַפט. לויט דער אידעאָלאָגיע, ריכטיקער, לויט דער פילאָזאָפיע פון אונדזער יידישער שול, מיט איר קולטור־היסטאָרישן בליק אויפן יידישן לעבן, און לויט איר פּראָגראַם, וואָס איז כולל אין זיך וואָס מער עלעמענטן פון אונדזער טראַדיציאָנעלער יידישקייט, דאַרפן אונדזערע יידישע שולן אַפּעלירן צו גרויסע שיכטן פון אונדזער פאָלק.

העלפן געפינען דעם וועג צום פאָלק, שאַפן אַ יידישע סביבה, העלפן אָנפילן די שול מיט יידישן תוכן און העלפן שאַפן אַ פּראָגראַם — דאָס איז איצט די עובדא פון אונדזערע גייסטיקע וואָרטפירער.

1951

## דער געשיכטע־לימוד אין אונדזער שול

### א

יידישע געשיכטע דאַרף פאַרנעמען דעם וויכטיקסטן אָרט אין דער יידישער שול. יידישע געשיכטע איז דער „אינקובאַטאָר" פון דעם יידישן קינד. דורך איר דערפילט דאָס קינד, אַז עס געהערט צו אַן אַלט פאָלק, וואָס וואָרצלט אין דעם וויטן אַמאָל, און פון אברהם אבינו ביז אים ציט זיך אַ לאַנגע קייט מיט אָן אַ שיעור רינגעלעך. ווי יונג דאָס קינד זאָל נישט זיין, קען מען אים שוין דערציילן יידישע געשיכטע, אָנהייבנדיק פון די אָבות. מען טאָר אָבער בשום אופן נישט דערציילן אַזוי, אַז עס זאָל זיך באַקומען סתם „אינטערעסאַנטע מעשהלעך". דאָס קינד דאַרף תיכף דערפילן, אַז די „מעשהלעך" זענען דירעקט אים נוגע.

אברהם, יצחק און יעקב זענען דאָך געווען די אָבות פון יידישן פאָלק, און דאָס וואָס האָט מיט זיי געטראָפן און שפּעטער מיט יוספן און מיט די יידן אין מצרים דאַרף איבערגעגעבן ווערן ווי אַ משפּחה־כראָניק; און אַז משה רבנו פירט אַרויס די יידן פון מצרים, איז עס שוין במילא די פרייד פון יעדן קינד, ווייל זייערע עלטער־עלטער־זיידעס האָבן זיך באַפרייט פון שקלאַפעריי און משה רבנו פירט זיי אין יידישן לאַנד אַריין.

דאָס קינד מוז זייער שטאַרק ליב האָבן די העלדן פון אונדזער געשיכטע. דאָס הייסט אָבער נישט, אַז מען מוז כסדר אידעאַליזירן, אָדער אַוועקשטעלן אונדזערע העלדן, ווי זיי וואָלטן געווען מלאכים. די אייגנאַרטיקייט און גרויסקייט פון תנ"ך באַשטייט אויך אין דעם, וואָס זיינע העלדן זענען מענטשן און נישט קיין מלאכים. וואָלטן די אָבות, למשל, אַריינגעפאַלן צו אַן אַנדער פאָלק, וואָלטן זיי זיכער אַרויסגעקומען ווי לויטערע, הייליקע מלאכים, און פון משה רבנו איז דאָך אָפּגערעדט. אויף אים וואָלט קיין שפּרענקעלע נישט געפאַלן.

היות ווי יידישע געשיכטע דאַרף זיין דער צענטראַלער לימוד פון אונדזער שול, דאַרף מען דעריבער אָנהייבן לערנען יידישע געשיכטע אַזוי גיך ווי דער בייער קלאַס, דער סאַמע אָנהייבער־קלאַס, האָט זיך מער־ווייניק איינגעשטעלט. מען טאָר נישט וואַרטן מיט דעם געשיכטע־לימוד ערשט אויפן צווייטן אָדער אַפילו אויפן דריטן יאָר.

די קינדער פון דעם ערשטן קלאַס אין אונדזערע שולן זענען בדרך כלל נישט יינגער פון אַכט יאָר, און מיט זיי קען מען שוין לערנען די מעשיות פון חומש מיט גרויס דערפאָלג.

מען דאַרף, פאַרשטייט זיך, אַריינפלעכטן די מעשיות פון מדרש און דערציילן וואַרעם, האַרציק און מיט שפּאַנונג. מען קען אָנהייבן דערציילן, ווען די קינדער פאַרשטייען נאָך נישט קיין יידיש, אויף ענגליש, אָבער מען מוז איבערגיין מיט דער צייט אויף יידיש. אויך באַלד, אין אָנהייב, מוז מען נוצן די יידישע נעמען: אברהם, יצחק און יעקב, שרה, רבקה, רחל, לאה, יוסף, בנימין, כנען וכדומה. דאָס שאַפט יידישע שטימונג און סביבה און דער איבערגאַנג אויף יידיש איז לייכטער. די קינדערישע אויגן שיינען און לייכטן, אַפילו אין ערשטן קלאַס, בשעת דער לערער דערציילט יידישע געשיכטע.

דער לערער טאָר נישט אָפּקומען מיט שע־פּע, בעת ער דערציילט די

ביבלישע מעשיות. ער טאָר נישט דערציילן ווי דאָס וואָלט עפּעס געווען אַ באָבע־מעשה.

גאַנץ אָפט קומען אַריין קינדער אין שול, אַפילו אין די ערשטע קלאַסן, וואָס האָבן שוין פריער געהערט אָדער אַליין געלייענט די „בייבל־סטאָריס", אָבער יענע „בייבל־סטאָריס", וואָס זיי האָבן געהערט אָדער אַליין געלייענט, זענען נישט געווען אינטים און אייגן, ווי די חומש־מעשיות, וואָס דער לערער דערציילט אין דער יידישער שול; דערצו דערציילט דער יידישער לערער אַזוי פיל אַנדערע שיינע זאַכן (פון מדרש), וואָס זיי האָבן פריער קיין מאָל נישט געהערט.

מען דאַרף נישט צעלייגן אויף טעלערלעך די מעשה פון הגרן און ישמעאלן; ווען דער לערער קען שאַפן אַ באַלאַנסירטן טאָן און דער־ציילן דאָס כלאחר־יד, איז גוט, אלא נישט — זאָל ער וואַרטן אויף שפּעטער, אָבער ער דאַרף יאָ דערציילן בפרטיות וועגן אַברהם אָבינו ווי אַ מכניס אורח.

גאָר רירנדיק און דערציערישׁ קען דערציילט ווערן ווי אַזוי אברהם אבינו שטעלט זיך איין פאַר סדום, אויב דאָרטן וועלן זיך געפינען אויך גוטע מענטשן.

די מעשה מיט דער עקדה קען דערציילט ווערן אַזוי, אַז זי זאָל אַ האָר נישט שאָקירן, נאָר אדרבה, די מעשה פון דער עקדה לערנט אונדז אויך, אַז די יידן האָבן זיך אויסגעהיט פון די עלטסטע צייטן אָן, נישט נאָכצוטאָן דעם ווילדן מנהג פון ברענגען מענטשלעכע קרבנות, ווי עס פלעגן טאָן די אַנדערע שבטים. אברהם האָט שיעור נישט געבראַכט אַזאַ קרבן, אָבער דער חומש דערציילט אונדז, אַז אין לעצטן מאָמענט האָט גאָט געזאָגט צו אברהמען, אַז ער זאָל נישט ברענגען זיין זון פאַר אַ קרבן.

ביים דערציילן יידישע געשיכטע, באַזונדערס אין דער פאָלקס־שול, דאַרף דער לערער וויסן וואָס אָפּצוקלייבן. ער דאַרף אַרויסהייבן יענע יידישע געשיכטע־העלדן און מאָמענטן, וואָס האָבן שפּאַנונג. ער דאַרף פאַרמאָגן אַ חוש פאַר די דערציערישע עלעמענטן און זיי דערציילן שיין און אינטערעסאַנט, אָבער בשום אופן נישט זוכן כסדר צו „מאָראַליזירן". די בעסטע זאַך איז נישט צו פיל אונטערצושטרייכן דעם מאָראַלישן עלע־מענט, בלויז דערציילן ווי אין קאָנטעקסט. דאָס קינד וועט שוין אַליין דער־פילן דעם מוסר־השכל.

דעם לערער וועט אַפילו נישט אָנקומען שווער אַריינצוציען דעם

קלאַס אין אַזאַ שמועס. למשל, דער לערער דערציילט וועגן האַדריאַן, די רוימער, רבי עקיבא, בר־כוכבא. ער דאַרף פאַרענדיקן די לעקציע מיט דעם גרויסן, גערעכטן נצחון פון בר־כוכבא איבער די רוימישע חיילות און לאָזן די קינדער אַהיימגיין אויפגעהייטערטע און צופרידענע.

ווען דער לערער דערציילט דערנאָך ווייטער וועגן די עשרה הרוגי מלכות, דאַרף ער אויסנוצן דעם מדרש און דערציילן פאַר וואָס די צען תנאים האָבן אויך געליטן און זענען אומגעקומען פאַר די זינד וואָס יוספס צען ברידער זענען באַגאַנגען. יוספס ברידער זענען פאַר זייער גרויסער זינד נישט באַשטראָפט געוואָרן, אָבער אַ סך דורות שפּעטער, דערציילט אונדז דער מדרש, האָבן אַנדערע צען באַרימטע יידישע געלערנטע געליטן און אומגעקומען פאַר זייערע זינד.

ווען עמעצער פון אונדז טוט אַ שלעכטע זאַך, קאָנען מיר אַ מאָל נישט ליידן דערפאַר, אָבער אונדזערע קינדער, אָדער קינדס־קינדער אין ווייטער־דיקע דורות וועלן ליידן פאַר אונדזערע זינד.

אין אַלצדינג, וואָס מיר דערציילן די קינדער פון דער יידישער געשיכטע, דאַרפן מיר תמיד זוכן דאָס נאַטירלעכסטע, דאָס שכל־הישרדיקע. מיר דאַרפן אויסמיידן דערציילן וועגן די „איבעריקע" מלחמות, אָדער סתם רשעות. אָבער ווען עס קומט אויס דערציילן וועגן שלעכטע האַנדלונגען פון גרויסע אָדער „הייליקע" יידישע העלדן (אין דער אמתן איז יעדער יידישער, אַפילו הייליקער, העלד, עלול געווען צו טאָן אַ שלעכטע זאַך, ווייל ער איז געווען אַ מענטש) דאַרפן מיר דאָס טאָן מיט טאַקט, מיט מאָס, און במילא אין הסכם מיט די היסטאָרישע געשעענישן.

ווען איינער דערציילט יידישע געשיכטע פאַר קינדער, און אים גייט אין לעבן צו „באַווייזן" דווקא, אַז דוד המלך, למשל, איז נישט דער מחבר פון תהילים, און אַז ער איז אין די יונגע יאָרן גאָר געווען אַן אָנפירער פון אַ רויבער־באַנדע און איז להוט געווען נאָך כבוד, און אַז שלמה־המלך איז געווען אַ שקלאַפן־אָנטרייבער, און ער איז נישט דער מחבר פון שיר השירים, משלי און קהלת, און ער האָט בכלל זיך געפירט, ווי אַ מזרח־לענדישער דעספּאָט, אַזאַ לערער זאָל למען השם נישט דערציילן קיין יידי־שע געשיכטע. ער באַגייט אַ גרויסן חטא. די קינדער וועלן נישט נאָר זיין גלייכגילטיק צו דער יידישער געשיכטע (און אַפילו צום יידישן פאָלק), נאָר אַנטאַגאָניסטיש. זיי ווילן נישט הערן קיין יידישע געשיכטע, זיי האָבן

נישט קיין געדולד פאַר איר און מיט רעכט, און דער לערער האָט גרויסע שוועריקייטן, ווען ער וויל פאַראינטערעסירן דעם קלאַס אין אַן אַנדער קאַפּיטל, ווי, למשל, וועגן די נביאים. דער קלאַס האָט שוין נישט קיין צוטרוי צו אַזעלכע העלדן. די קינדער וועלן שוין קוקן מיט חשד, ווען דער לערער זאָל אַפילו זיי וועלן אַנקליידן און צושרייבן די שענסטע און גרעסטע אַטריבוטן. דער לערער אַליין האָט איבערגעפירט דעם לימוד.

דער לערער מוז האָבן אַ ריכט־שנור, בשעת ער דערציילט יידישע געשיכטע. אין דעם פּרט איז גילטיק, ווי אין אַלע פּרטים, אַרויסצוקומען מיטן אמת, זיך האַלטן צום נוסח פון תנ״ך, און אין די שפּעטערדיקע געשעענישן צום יידישן נוסח, צום בעסטן.

מען דאַרף נאָר איבערגעבן דעם „אמת״ „דעם געשיכטלעכן פאַקט״ — לערעריש, און דאָס מיינט מיט מאָס, מיט שכל און מיט טאַקט. דאָס מיינט בשום אופן נישט, חלילה, פעלשן, אָדער איבערגעבן בלויז די ליכטיקע און העראָאישע זייטן.

אַוודאי דאַרף דער לערער נישט אויסמיידן דערציילן (ווען דער קלאַס איז צוגעגרייט, איז ערנסט און ווען ער האָט שוין געהערט וועגן די פיל אויפטוען און גרויסע מעשים פון דוד המלך) וועגן בת שבע, למשל. דאָס איז אָבער אַן איינמאָליקע שלעכטע טאַט פון דוד המלך. נתן הנביא איז דערנאָך געקומען צום קעניג און אים געשטראָפט, און דער קעניג האָט דערפילט די גרויסע זינד, וואָס ער איז באַגאַנגען. די קינדער וועלן אויך אַ האָר נישט ווערן „אַבערגלויבעריש״, ווען דער לערער וועט זיי דערציילן וועגן דוד המלכס גרויסע שטראָף, וואָס דער מדרש דערציילט: ער איז געשטראָפט געוואָרן צוליב דער זינד, וואָס זיין אייגענער זון, אבשלום, האָט געמאַכט קעגן אים אַן אויפשטאַנד.

אַוודאי דאַרפן די קינדער וויסן, אַז יידן האָבן אויך געטאָן שלעכטע זאַכן, באַגאַנגען אומרעכטן. באַזונדערס האָבן דאָס געטאָן די רייכע, די מאַכטהאָבערס און אויך די מלכים; אָבער עס דאַרף שטאַרק אונטערגעשטראָכן ווערן, אַז ווי באַלד יידן האָבן געטאָן שלעכטס, איז תיכף געקומען דער נביא און געשטראָפט און געוואָרנט דאָס פאָלק, צי דעם קעניג, אַז זיי זאָלן גיין אויף גערעכטע וועגן. דער נביא איז געשטאַנען אויף דער וואַך, ער איז געווען דאָס געוויסן פון פאָלק, ער האָט נישט אויפגעהערט צו מאָנען, אַז זיי זאָלן אָפּטאָן פון זיך דאָס שלעכטס, אלא נישט, וועט גאָטס

שטראָף זיך אויסגיסן אויף אַלעמען. יידן דאַרפֿן גיין אויף גוטע און גע־רעכטע וועגן. מיט דעם האָבן מיר זיך אָפּגעשיידט, זענען מיר געוואָרן אַנדערש פֿון אַלע פֿעלקער.

די שלעכטע טאַטן ווערן דעמאָלט מענטשלעך און פֿאַרשטענדלעך. די פּיעטעט, למשל, צו דוד המלך ווערט דורך דעם נישט געמינערט. דעם תלמיד וועט נאָר פֿאַרדריסן, הלמאי דוד המלך האָט געטאָן אַזאַ זאַך, ער וועט אים אָבער מוחל זיין. דוד המלך האָט דאָך מסתמא אַליין חרטה גע־האַט. דער תלמיד ווייסט, אַז דוד המלך האָט באַפֿרייט דאָס יידישע פֿאָלק פֿון זיינע שונאים, ער האָט גרויס געמאַכט דאָס יידישע לאַנד, אויפֿגעבויט די הויפּטשטאָט. עס וועט זיי נאָר פֿאַרדריסן הלמאי נתן הנביא האָט נישט דערלויבט דוד המלכן אויסצובויען דעם בית המקדש, אָבער זיי וועלן פֿאַר־שטיין די גוטע כוונה פֿון דעם נביא; מען דאַרף דאָך עפּעס בויען גאָטס הויז! און עס איז גוט, וואָס שלמה המלך, דער מלך פֿון שלום, האָט אויפֿ־געבויט דאָס בית המקדש. זיי פֿרייען זיך, וואָס דער נביא האָט יאָ דער־לויבט, אַז דוד המלך זאָל אָנגרייטן מאַטעריאַל פֿאַרן בית־המקדש; און זיי שטעלן זיך פֿאָר ווי דוד המלך איז געזעסן אויף דער עלטער און געשריבן תהילים. און תהילים דאַרפֿן מיר, די יידישע לערערס, אויך נישט אָפּכאַפּן. די לעקציע תהילים קען געלערנט ווערן אַזוי, אַז זי זאָל זיך גוט איינקריצן אין תלמידס זכרון.

עס איז נישטאָ קיין לאַנגווייליקער מאָמענט אין אונדזער געשיכטע, עס זענען נישטאָ קיין לאַנגווייליקע צייטן אין דער יידישער געשיכטע. פֿאַראַן דינאַמישע און סטאַטישע תקופות, ווי, למשל, פֿאַר דעם אויפֿשטאַנד פֿון די חשמונאים, בעת דאָס יידישע לעבן האָט זיך געפֿונען אין אַ שטיל־שטאַנד; צייטן פֿון גרויסן אויפֿשטייג און שעפֿערישקייט, ווי „די גאָלדענע עפּאָכע אין שפּאַניע”, אָדער טיילווייז בשעת ועד ארבע הארצות, און צייטן פֿון נאַציאָנאַלן חורבן און קאַטאַסטראָפֿעס, ווי, למשל, די קרייצצוגן און גזירות ת״ח ות״ט.

דער לערער דאַרף אָבער פֿאַרמאָגן די פֿעאיקייט קלאָר מסביר צו זיין די דאָזיקע עפּאָכעס.

דער לערער דאַרף זיך אויסהיטן פֿון אַריינברענגען אין קלאַס, אַפֿילו פֿאַר עלטערע קינדער, די אַזוי גערופֿענע מאַטעריאַליסטישע אינטערפּרע־טאַציע פֿון דער יידישער געשיכטע. דאָס גיט דעם תלמיד בדרך כלל אַ

פאַלשע פאַרשטעלונג פון דער יידישער געשיכטע. דאָס פאַרפלאַכט אָפּט געשיכטע און דערקלערט זייער ווייניק. ווען דער לערער זאָל וועלן רעדו־צירן, למשל, „די גאָלדענע תקופה אין שפּאַניע", בלויז צו דעם „עקאָנאָמישן הויפּט־פאַקטאָר" פון דער סביבה, ווו יידן האָבן דעמאָלט געלעבט, און פון דעם שטאַנדפּונקט אַלצדינג וועלן דערקלערן, וועט ער אַריינפאַלן אין אַזאַ נעץ, וואָס עס וועט אים אָנקומען שווער זיך אַרויסצופּלאָנטערן פון איר.

פונקט אַזוי פאַלש וועט עס זיין, ווען מען זאָל נעמען אַ טראַגישע גע־שעעניש אין יידישן לעבן, זאָגן מיר, למשל, גזירות ת"ח ות"ט, און זי וועלן דערקלערן בלויז פון „מאַטעריאַליסטישן" קוקווינקל. אַנשטאָט דער נאָמען באָגדאַן כמיעלניצקי און זיינע קאָזאַקן, זאָל אויף אַלע אייביקייטן ביי די תלמידים זיך אַסאָציאירן מיט גרויל און אכזריות, וואָס דער יידי־שער כראָניקער האָט נישט געוואָלט באַשרייבן זייערע מעשים תעתועים, כדי נישט צו פאַרשעמען דעם מין מענטש, און אַזוי ווייטער, וועלן גאָר די פּויערים און די קאָזאַקן אַרויסקומען די באַעוולטע, און די הויפּטשולדיקע גאָר זייך די יידישע אַרענדאַרן, וואָס האָבן כלומרשט עקספּלואַטירט דעם פּויער עקאָנאָמיש און אויך רעליגיעז אים דערנידעריקט. אַוודאי איז דעם לערערס הויפּט־כוונה געווען צו באַווייזן ווי שטאַרק „די יידישע פאָלקס־מאַסן" האָבן געליטן, אָבער זיינע „זייטיקע כוונות" האָבן אים אַראָפּגעפירט פון געשיכטלעכן דרך־הישר.

דער לערער וועט שוין נישט בעסער מאַכן די מערכה, אויב אַפילו ער זאָל מיט די שטאַרקסטע ווערטער שילדערן, ווי דער אַרענדאַר אַליין איז געווען אונטערגעוואָרפן אונטער דעם ווילדן ווילקיר פון פּריץ, וואָס האָט כסדר געפּאַדערט און געמאָנט פון אים געלט, און דערפאַר האָט דער אַרענדאַר נישט געהאַט קיין אַנדער ברירה, ווי צו פאַרשקלאַפן דעם פּויער און אַזוי ווייטער און אַזוי ווייטער.

די הויפּטשולד ליגט דאָ אין דעם לערערס פאַלשן צוגאַנג, וואָס האָט אים פאַרשטופּט אין אַ טעמפּן ווינקל.

אויף די תלמידים וועט אַזאַ לעקציע וועגן גזירות ת"ח ות"ט נישט מאַכן קיין שום איינדרוק, עס וועט נישט אויפוועקן ביי זיי קיין שום באַזונ־דערע געפילן און ביי זיי נישט שטאַרקן דעם יידישן נאַציאָנאַלן באַוווסט־זיין. די געשעעניש (און אויך די דאַטע), וואָס דאַרף פאַרבלייבן אין זייער געדעכעניש, ווייל עס איז דאָך פאַרבונדן מיט איינע פון אונדזערע טראַ־

גישסטע קאַפּיטלעך יידישע געשיכטע, האָט זיך לגמרי נישט איינגעקריצט ביי זיי.

דער נוצן פון לערנען אַזוי געשיכטע איז דורכויס אַ נעגאַטיווער.

אַפילו קאָמפּליצירטע קאַפּיטלעך פון אונדזער געשיכטע דאַרפן מיר קענען מסביר זיין און אַזוי דערציילן, אַז אונדזערע תלמידים זאָלן פאַר־אינטערעסירט ווערן און ליב קריגן די געשיכטע.

## ב

לאָמיר נעמען ווי אַ ביישפיל ד״ר טעאָדאָר הערצל און דעם ציוניזם און פּרוּוון באַקענען אונדזערע תלמידים (אין די עלטערע קלאַסן פון דער פאָלקסשול) מיט אָט דער וויכטיקער תקופה אין יידישן לעבן.

נאָך דעם, ווי דער לערער האָט דערציילט וועגן הערצלס לעבן, דער־ציילט ער ווייטער: ווען ד״ר טעאָדאָר הערצל איז געקומען צום באַשלוס, אַז יידן מוזן קריגן ארץ־ישראל, האָט ער זיך געווענדט צו די זייער רייכע יידן פון דייטשלאַנד, עסטרייך, ענגלאַנד און פראַנקרייך, אַז זיי זאָלן געבן געלט, וועט מען קענען אָפּקויפן ארץ־ישראל פון טערקיי און אויפבויען אַ יידיש לאַנד. די רייכע יידן האָבן אים נישט געוואָלט געבן קיין געלט. זיי האָבן געזאָגט, אַז זיי זענען הונדערטפּראָצענטיקע דייטשן, עסטרייכער, פראַנצויזן און אַז זיי ווילן גאָר נישט, אַז יידן זאָלן האָבן אַן אייגן לאַנד. מען קען נאָך, חלילה, זאָגן אויף זיי, אַז זיי זענען נישט קיין אמתע דייטשן, עסטרייכער און אַזוי ווייטער.

ווען ד״ר טעאָדאָר הערצל האָט געזען, אַז די רייכע יידן ווילן אים נישט העלפן, האָט ער זיך געווענדט צו די פרומע, רעליגיעזע יידן פון דער וועלט, אַז זיי זאָלן אים העלפן אָפּקויפן ארץ־ישראל. זיי האָבן דאָך אַזוי שטאַרק ליב ארץ־ישראל און זיי זאָגן אין די תפילות: לשנה הבאה בירושלים.

אָבער די פרומע יידן האָבן אים געענטפערט: ווער ביסטו? אַ משיח, וואָס דו ווילסט, אַז יידן זאָלן זיך אומקערן קיין ארץ־ישראל? אַז יידן זאָלן זיין גוט און פרום, וועלן אָפּהיטן שבת, נישט באַגיין קיין עבירות, וועלן זיי זוכה זיין די גאולה, און משיח וועט שוין אַליין קומען. ער וועט קומען צו רייטן אויף אַ וויס פערד און ער וועט שאַלן אין אַ שופר, און זיין שאַלן

וועט מען הערן איבער דער גאַרער וועלט און ער וועט אַריינפירן די יידן אין יידישן לאַנד.

און אַז ד״ר טעאָדאָר הערצל האָט געזען, אַז די פרומע יידן ווילן אים אויך נישט העלפן, האָט ער זיך געווענדט צו די יידישע אַרבעטער, צו די יידישע סאָציאַליסטן, און ער האָט זיי געבעטן, אַז זיי זאָלן אים העלפן אָפּקויפן ארץ־ישראל; אמת, זיי זענען נישט רייך, דערפאַר האָבן זיי אַ יידיש, גוט האַרץ, און זיי זענען דאָך אין אַזעלכע גרויסע מאַסן, אין די הונדערטער טויזנטער, און אַלע הונדערטער טויזנטער יידישע אַרבעטער און פאָלקס־מענטשן וועלן דאָך קאָנען באַוויזן וווּנדער.

האָבן אים אַ סך אַרבעטער־פירער, די יידישע סאָציאַליסטן געענטפערט: מיר דאַרפן נישט האָבן קיין יידיש לאַנד, מיר ווילן בעסער אַוועקגעבן אונדזערע כוחות אויף צו באַפרייען אַלע מענטשן; און אַז עס וועט הערשן אויף דער וועלט סאָציאַליזם און עס וועט מער נישט זיין קיין אָרעם און רייך, וועלן יידן אומעטום קענען לעבן אין רו און אין שלום.

און ווען ד״ר טעאָדאָר הערצל האָט איינגעזען, אַז נישט די רייכע יידן ווילן אים העלפן קריגן ארץ־ישראל פאַרן יידישן פאָלק, און נישט די פרומע יידן און אויך נישט די יידישע אַרבעטער־פירער (וואָס האָבן געזאָגט, אַז זיי רעדן אין נאָמען פון די יידישע אַרבעטער), איז ער געפאַלן אויף אַ וווּנדערבאַרן פּלאַן. ער וועט אָנשרייבן אַ בוך און דאָרטן וועט ער שילדערן ווי אַזוי ארץ־ישראל זעט איצט אויס (אין יאָר 1900) און ווי אַזוי ארץ־ישראל קען אויסזען נאָך דעם ווי די יידן וועלן זיך דאָרטן באַזעצן און דאָס לאַנד וועט ווערן אַ יידישע מלוכה. ער וועט שרייבן אַן אמתן ראָמאַן. און דאָרטן וועט ער שוין אַריינפלעכטן אַלצדינג וועגן ארץ־ישראל. געזאָגט און געטאָן. ער האָט קודם כל צוגעטראַכט אַ פּאַסיקן נאָמען: „אַלטניילאַנד״, דאָס הייסט, דאָס אַלטע לאַנד (ארץ־ישראל) ווערט צוריק ניי.

דאָ איז נישט דאָס אָרט איבערצוגעבן דעם אינהאַלט פון דעם דאָזיקן ראָמאַן. עס איז אָבער גענוג אָנצוּווייזן דערויף, אַז דאָס איז אַ סיפּור־המעשה — און דערפאַר אַן אינסטרומענט, וואָס לאָזט זיך וווּנדערלעך אויסנוצן, כדי מער סענסיטיוו צו מאַכן די פאַנטאַזיע פון אונדזערע קינדער צו דער דראַמע פון שיבת־ציון. דווקא אין דער דאָזיקער פאָרעם לאָזט זיך אין דעם קינד אויפוועקן אַן אינטימערע פאַרשטענדעניש פאַר אַזעלכע פאַקטאָרן אין דער מאָדערנער יידישער געשיכטע, ווי אַנטיסעמיטיזם און

אַסימילאַציע, און אויך פאַרן ווילן אויפצובויען אין אַלט־ניילאַנד — אַ מוסטערלאַנד, אַ מאָמענט, וואָס האָט געשפּילט אַזאַ גרויסע ראָלע אין דער ארץ־ישׂראל־קאָלאָניזאַציע און אין דעם אויפקום פון דער יידישער מדינה.

ג

דאָ זענען געגעבן געוואָרן בלויז עטלעכע סוגעסטיעס וועגן דעם לימוד פון יידישער געשיכטע. עס איז וועגן דעם נאָך פאַראַן פיל צו רעדן און דיסקוטירן. דער עיקר דאַרפן מיר זיך באַפרייען פון רוטין און שאַבלאָן. מיר דאַרפן זיך באַמיען צוצופּאַסן דעם לימוד פון יידישער געשיכטע צו דעם נייעם ריטעם פון דער יידישער געשיכטע גופא, אירע גרויסע ראַנג־לעבישן און פּערספּעקטיוון.

„דער אידישער קעמפער", 1949

## דער לימוד פון יידישער ליטעראַטור אין אונדזער שול

די יידישע ליטעראַטור האָט יאָרנלאַנג פאַרנומען דאָס צענטראַלע אָרט אין דער יידיש־וועלטלעכער שול. די לערער און טוער, וואָס זענען געקומען צו דער יידישער שול זענען געווען פאַרליבט אין דער יידישער ליטעראַטור. דער יידישער לערער האָט באַטראַכט דאָס קאַפּיטל יידישע ליטעראַטור ווי אַ רעזעסאַנס אין דעם גייסטיקן לעבן פון אונדזער פאָלק. אָן דער יידי־שער ליטעראַטור (און במילא אָן דער העברעאישער און אָן די יידישע נאַציאָנאַלע און סאָציאַלע באַוועגונגען), וואָלט אונדזער פאָלק גייסטיק געלעבט אין אַ פאַרגליווערטן מיטלאַלטערלעכן צושטאַנד, אָבער אָן דער תמימותדיקייט צו אמונה יהדות, וואָס עס האָבן פאַרמאָגט אונדזערע עלטער־זיידעס, דור־איין, דור־אויס.

די יידישע ליטעראַטור איז באַטראַכט געוואָרן ווי אַ פּראָגרעסיווע דער־שיינונג אין יידישן לעבן; מען האָט זיך בשום אופן ועולם נישט געקאָנט פאָרשטעלן, אַז, למשל, אַ „רעאַקציאָנער" זאָל זיך אָפּגעבן מיט דער יידי־שער ליטעראַטור. דאָס איז חל געווען הן אויף דעם שאַפער און הן אויף דעם געניסער.

עס איז דעריבער קיין ווונדער נישט, וואָס די יידישע ליטעראַטור איז געוואָרן דער יסוד פון דער יידישער שול. די יידישע שולן האָבן זיך גערופן און רופן זיך אויך היינט, אויף די נעמען פון יידישע שרייבער. אויך די ווענט פון די שולן זענען באַצירט מיט די בילדער פון יידישע שרייבער.

אין די שולן גופא האָבן די לערער יעדער אויף זיין אופן, לויט די אינטעלעקטועלע פעאיקייטן, געלערנט מיט די תלמידים פאַרשידענע ווערק פון דער יידישער ליטעראַטור. און געלערנט מיט התלהבות, געוואָלט, אַז מען זאָל געניסן די פולע עסטעטישע שיינקייט און עטישן ווערט. דאָס לער־נען יידישע ליטעראַטור האָט מען באַטראַכט ווי אַ הייליקע עובדא.

אַוודאי האָט מען געלערנט אין דער יידישער שול אויך אַנדערע לימודים: יידיש לשון, יידישע געשיכטע, סאָציאַלע און נאַציאָנאַלע באַ־וועגונגען, מוסטערן פון אַלטן קוואַל וכדומה. אָבער דער עיקר־לימוד זענען געווען די ווערק פון די קאָריפעען פון דער יידישער ליטעראַטור.

עס איז שווער פעסטצושטעלן ווען עס האָט זיך גענוי אָנגעהויבן די רעוויזיע בנוגע דעם לימוד פון דער יידישער ליטעראַטור, מסתמא נישט קיין סך שפּעטער ווי די אַלגעמיינע רעוויזיע פון דער יידישער שול; אָבער אַזוי צי אַזוי, שוין יאָרן לאַנג ווי דער לימוד פון דער יידישער ליטעראַטור האָט אָנגעהויבן צו פאַרלירן אין דער יידישער שול זיין אַמאָליקע חשיבות. דאָס אָרט פון דער יידישער ליטעראַטור אין דער יידישער שול פאַרנעמט איצטער די יידישע געשיכטע. אין אַנדערע שול־ריכטונגען, דוכט זיך, הייבט ליטעראַטור אָן צו פאַרנעמען אַ מינדערוויכטיק אָרט.

אָט איז בלויז איין ביישפּיל פון אַ סך, וואָס שפּיגלט גאַנץ בולט אָפּ די דאָזיקע באַציאונג.

מיט אַ שטיק צייט צוריק האָב איך באַגעגנט אַ יידישן שרייבער, וואָס איז אַ מאָל אַליין געווען אַ לערער, ער איז געווען אויפן וועג צו אַ העכע־רער לערן־אינסטיטוציע. דאָרט האָט ער געגעבן אַ קורס פון דער יידישער ליטעראַטור. אונטערן אָרעם האָט ער געהאַלטן די פינף מגילות אין דער יידישער איבערזעצונג.

אויף מיין שאלה, וועלכע יידישע ווערק ער לערנט מיט די סטודענטן, האָט ער מיט שטאָלץ אָנגעוויזן אויף די פינף מגילות און דערביי באַמערקט: „אָט דאָס זענען איבּיקע יידישע ווערטן". דאָס איז גאַנץ סימפּטאָמאַטיש.

גראָד איז יענער שרייבער דערצו נאָך אַ ליבהאָבער פון יידיש, און

ער שרייבט אַפילו צומאָל אַרטיקלען וועגן דער יידישער ליטעראַטור, און תמיד מיט וואַרעמקייט.

אַוודאי וואָלט יענער שרייבער און לערער אין תוך געוועזן גערעכט, ווען גערעדט? ווען דער קורס זיינער וואָלט געהייסן — די גייסטיקע שאַפונג־גען פון אונדזער פאָלק אין דער תנ״כישער אָדער נאָך־תנ״כישער תקופה.

דער געשריי: צוריק צום אַלטן קוואַל, ניט אָפּרייסן זיך פון יידישן שורש, נאָר אים ממשיך זיין דורך אַריינגעמען אין דעם לימודים־פּראָגראַם וואָס מער פון די אייביקע יידישע ווערטן, האָט אַ סך פאַרפירט. פון דעם האָט צום שטאַרקסטן געליטן דער לימוד פון דער יידישער ליטעראַטור.

אמת טאַקע, די דערציילונגען, לידער און מעשיות פון אונדזערע קלאַ־סיקער און נעאָקלאַסיקער און בכלל פון יידישע שרייבער זענען, חלילה וחס, נישט באַזייטיקט געוואָרן, זיי האָבן אָבער אָנגעווירן דאָס מזרח־אָרט אין דער יידישער שול. דער לערער הייבט זיך אָן אַליין מאַכן אַ היתר, אַז ליטעראַטור איז, נאָך אַלעמען, נישט מער ווי מעשיות און לידער, און אַ מעשה אָדער אַ ליד איז דאָך נישט שייך צו לערנען, ביי אַ געלעגנהייט קען מען דאָס פאַרלייענען אָדער גאָר בקיצור איבערגעבן דעם תמצית. באַזונ־דער ווען עס קומט פאַר, אָדער ווען מען פראַוועט אַ יום־טוב, קאָן מען פאַרלייענען אָדער איבערדערציילן די יום־טוב־מעשיות און לידער — און פאַרטיק.

אַמאָל, טאַקע גאָרנישט לאַנג צוריק, האָט דער לערער פון דעם יום־טוב־מאַטעריאַל פון דער יידישער ליטעראַטור, געשאַפן אין קלאַס יום־טוב־אַטמאָספער.

דער איבערגאַנג פון איין עקסטרעם צום צווייטן האָט געבראַכט אַ קריזיס אין לימוד פון דער יידישער ליטעראַטור און וועט נישט תיכף געמאַכט ווערן עפּעס אַ שינוי, וועט דער מצב ווערן אַ סך ערגער.

דאָס לערנען די שיינע מוסטערן פון אונדזער יידישער ליטעראַטור געהערט צו די אינטערעסאַנטסטע שעהען אין אונדזער שול־פּראַקטיק. דער לייענער וועט מוחל זיין אַזעלכע „מליצות״: גאָר אַ סך זאַכן פון דער יידי־שער ליטעראַטור קריצן זיך איין אין די מוחות פון אונדזערע יידישע קינ־דער, דערהייבן דאָס לערנען אין קלאַס, ברענגען ממש אַ נשמה יתירה ביי די תלמידים.

אויף וויפל אונדזערע תלמידים קענען באַאיינפלוסט ווערן פון גוט

אויפנעמען, אַנאַליזירן אַן עכט ווערק, איז די יידישע ליטעראַטור אַ גאַר וויכטיקער פאַקטאָר אין העלפן אויספאָרמירן אונדזער יונגן דור. מחמת שרייבערס פון יידישע ווערק האָבן געוואָרצלט און וואָרצלען, אין אונדזער אַלטער און דורותדיקער יידישער קולטור־ירושה. ווייל דאָס, וואָס ווערט דערציילט אין אַ סך ווערק זייערע, שפּיגלט אָפּ אונדזער לעבן, דעם קאַמף פאַרן קיום, די חלומות און האָפענונגען פון דורות יידן. אויף דער יידי־שער ליטעראַטור ליגט דער חותם פון דעם בשותפותדיקן גורל פון אונדזער פאָלק. דאָס זענען נישט בלויז עסטעטישע שאַפונגען, לירישע געזאַנגען און איידל־ראַפינירטע איבערלעבונגען פון סובטעלע און געפילפולע נשמות. דער גרויסער ווערט פון דער יידישער ליטעראַטור איז אויך דער חשבון־הנפש, וואָס אונדזער פאָלק האָט געפירט פאַר זיך, פאַר דער וועלט און פאַר די קומענדיקע דורות.

ווי הייליק און אייביק עס זאָלן נישט זיין די יידישע ווערטן פון תנ״ך, תלמוד און דער נאָכתלמודישער תקופה, וואָלטן מיר אָן דער נייער יידי־שער ליטעראַטור (און אַלצדינג וואָס דאָס איז כולל) געווען אַ פאָלק אָן אַ קעגנוואַרט, אַ פאָלק, וואָס האָט זיינס שוין אָפּגעטאָן, אַ פאָלק, וואָס לעבט בלויז אויף זכות־אָבות.

די יידישע ליטעראַטור איז דאָך אויך, כידוע, אַ סינאָנים פון אַלע אונדזערע נאַציאָנאַלע און סאָציאַל־פּרייהייטלעכע באַוועגונגען, וואָס האָבן אַרויפגעבראַכט אונדזער פאָלק אויף דער אַרענע פון דער וועלט און ווייל די יידישע שול (דער לערער און טוער) איז זיך גוט באַוווּסטזיניק וועגן דער ראָלע, וואָס די יידישע ליטעראַטור דאַרף שפּילן אין אונדזער נאַציאָ־נאַל־יידיש לעבן, דעריבער שטעלט זי זיך אַזוי שטאַרק איין פאַר איר.

מיר איז אויסגעקומען צו לערנען מיט תלמידים פון אַ לעצטן קלאַס מיטלשול „דאָס גייסטיקע לעבן פון די יידן אין פּוילן", אַן עסיי פון א. מענעס. דער מחבר מאַכט אַ סך־הכל וועגן דעם גייסטיקן צושטייער פון דעם פּוילישן יידנטום אין די לעצטע עטלעכע הונדערט יאָר; ווען די תלמידים האָבן דערנאָך גענומען דיסקוטירן, וואָס עס מיינט פאַר אונדזער וויטערדיקן קיום דער חורבן פּוילן, האָט איר באַשיימפּערלעך געזען, אַז די תלמידים פילן אויף זיך אַ נאַציאָנאַלע אחריות, על כל פּנים אין יענע מאָמענטן.

אפשר האָט די לעקציע פון ליטעראַטור — דער גייסטיקער צושטייער

פון פוילישן יידנטום — פון א. מענעס, גורם געווען, וואָס אַ גרויסער טייל פון קלאַס האָט באַשלאָסן ממשיך צו זיין זייערע יידישע ידיעות אין אַ העכערער יידישער לערן־אינסטיטוציע, אין יידישן לערער־סעמינאַר.

מיט אַ צייט צוריק האָט ד״ר מ. ווייַנרייַך אַרויסגעזאָגט אויף אַ לעקציע אַן אינטערעסאַנטן געדאַנק, און אפשר האָט ער דאָס נישט אַרויסגעזאָגט בלויז בעל־פּה. ער מיינט, אַז אונדזער שטודירנדיקער יוגנט פעלט גייסטיקער גלייכגעוויכט. און ד״ר מ. ווייַנרייַך האַלט, אַז די הויפּט־סיבה איז, וואָס אונדזער יידישע אַקאַדעמישע יוגנט קאָן נישט דאָס לשון פון דעם יידישן פאָלק און אויך נישט זיין ליטעראַטור.

אַזוי פיל וויס דאָך אונדזער יוגנט, אַז די שאַפונגען פון בייראָן, שעלי, עמערסאָן, עדגאַר עלע פאָו און ראָבערט בראַונינג, האָבן נישט געהאַט קיין שום שייכות מיט זייערע באָבעס און זיידעס, און אַז די אַנגלאָ־זאַקסישע קולטור בכלל האָט וויניק־וואָס געהאַט צו טאָן מיט די גייסטיקע אַספּיראַציעס פון זייערע עלטערן און אורעלטערן. דעריבער איז אַזוי נייטיק, אַז אונדזער יוגנט זאָל וויסן וועגן אונדזער גייסטיקן פאַרמעגן, נישט נאָר פון אַמאָל, נאָר אויך פונעם הייַנט.

יידישע ליטעראַטור איז אין אַ גרויסער מאָס אויך יידישע געשיכטע, ווייל זי שפּיגלט אָפּ אונדזער היסטאָריש לעבן אין די לעצטע דורות, זי גיט אונדז אַ טיפן אַרייַנבליק אין יידישע ידיעות, מנהגים, יידישן שטייגער־לעבן און מידות.

יידישע ליטעראַטור איז אין תוך אַ המשך פון אַלע גייסטיקע ווערטן, וואָס יידן האָבן געשאַפן, אָנהייבנדיק פון תנ״ך, תלמוד, מפרשים ביז צו די סאַמע באַדייטנדיקע יידישע שרייבער הייַנט צו טאָג.

1964

## ז. יעפּרויקינס פּרץ־אַנטאָלאָגיע פאַר דער מיטלשול

(אַרויסגעגעבן פון בילדונגס־קאָמיטעט פון אַרבעטער־רינג 1952)

### א

צום נייעם שול־יאָר האָט דער בילדונגס־קאָמיטעט פון אַרבעטער־רינג אונטערגעטראָגן די יידישע שולן גאָר אַ נוצלעך בוך — „פון פּרצעס אוצר״.

די יידישע שול האָט שוין אַ היפּש ביסל אויפגעטאָן, כדי צו מאַכן צוגענגלעך פאַר אונדזערע תלמידים די ווערק פון אונדזער יידישער ליטע־ראַטור. דער בילדונגס־קאָמיטעט פון אַרבעטער־רינג פאַרדינט פאַר אָט דער אַרבעט דעם גרעסטן קרעדיט.

עס איז אַ דבר ידוע, אַז קלאַסישע ווערק ביי אַלע אומות העולם מוז מען אַרויסגעבן אין ספּעציעלע צוגעפּאַסטע אויסגאַבעס. אויב נישט, קענען די תלמידים פון די הייך־סקולס און אַפילו פון קאַלעדזשעס זיי נישט לייענען פריי. וואָס שייך דער יידישער שול איז דאָס חל נישט דווקא אויף ווערק פון אונדזערע קלאַסיקער און נעאָקלאַסיקער, נאָר בכלל אויף קינסטלערישע ווערק פון דער יידישער ליטעראַטור.

צווישן די ספּעציעלע אויסגאַבעס, וואָס ווערן געניצט אינעם לימוד פון דער יידישער ליטעראַטור אין די יידישע מיטלשולן פון די פאַראייניקטע שטאַטן, קאַנאַדע, אַרגענטינע, מעקסיקע, קובאַ און אין אַנדערע ערטער, זענען: „פונעם יאַריד" פון שלום־עליכם, „דערציילונגען און לידער" פון אברהם רייזען, „קיין אַמעריקע" און „אַנקל מאָזעס" פון שלום אַש. די דאָ־זיקע ביכער זענען אַרויסגעגעבן געוואָרן פון אַרבעטער־רינג. דער ביל־דונגס־קאָמיטעט פון אַרבעטער־רינג האָט אויך אַרויסגעגעבן אַחוץ לערנ־ביכער פאַר אַלע קלאַסן פון דער מיטלשול, אויך אַ סעריע פּאַסיקע און נוצלעכע ביכלעך צום לייענען אין דער פאָלקסשול.

דער פאַרלאַג „מתנות" ביים שלום־עליכם פאָלקס־אינסטיטוט האָט אויך אַרויסגעגעבן עטלעכע וויכטיקע ביכער פאַר דער יידישער מיטלשול, למשל, „קידוש השם" פון שלום אַש, „מאָטל פּייסי דעם חזנס" פון שלום־עליכם, אגב איז לעצטנס דערשינען אויף פראַנצויזיש „מאָטל פּייסי דעם חזנס", אַן איבערזעצונג לויט דער אויסגאַבע פון פאַרלאַג „מתנות". אין דעם זעלביקן פאַרלאַג איז אויך דערשינען „אין די טעג פון די נביאים", „חומש" און „יהושע און שופטים" צונויפגעשטעלט פון שלמה סיימאָן.

דער נאַציאָנאַלער אַרבעטער־פאַרבאַנד האָט אויך אַרויסגעגעבן אַחוץ לערנביכער פאַר דער פאָלקשול, אויך דאָס אומפאַסנדיקע ווערק „שבת" צונויפגעשטעלט פון י. י. שוואַרץ און די צוויי פּראַכטפולע אויסגאַבעס, „נביאים" צונויפגעשטעלט פון חיים שויס.

פאַרשטייט זיך, אַז דאָ זענען נישט אויסגערעכנט געוואָרן אַלע אויס־

גאַבעס, וואָס די יידישע שול נוצט אין די לימודים פון ליטעראַטור און יידיש.

עס דערמאָנט זיך, ווי מיט יאָרן צוריק פלעגן די צוויי חשובע געלערנטע פּעדאַגאָגן, לייבוש לעהרער און ד״ר עזריאל נאַקס, לערנען מיט גרויס דערפּאָלג אין די לעצטע קלאַסן פון דער שלום־עליכם מיטלשול, ה. לייוויקס „די גאולה־קאָמעדיע״ און שלום־עליכמס „טביה דער מילכיקער״, נישט געקירצט און נישט פאַרטייטשט און אויך נישט דערקלערט, נאָר ווי די מחברים האָבן די ווערק געשריבן.

אין יענע יאָרן פלעגן נאָך אַ סך תלמידים קומען אין דער יידישער שול מיט יידיש אין מויל ווי אַ נאַטירלעך לשון. און אפשר נעמט זיך עס פון דעם, וואָס די צוויי דערמאָנטע חשובע לערערס האָבן אַפּנים געהאַט אַ באַזונדערע ליבע פאַר יענע ווערק און זייערע שרייבער.

בכלל קען קיין שום לערער נישט לערנען מיט דערפּאָלג אַ ווערק, סיידן ער האָט אַן אינערלעכע באַציאונג צום ווערק און צו זיין מחבר. מיר זענען באַקאַנט גוטע לערער, וואָס האָבן זיך לעצטנס אָפּגעזאָגט צו לערנען שלום אַש אין דער מיטלשול, ווייל זיי קענען זיך מער נישט באַגייסטערן אַפילו פון זיינע יידישע ביכער.

ב

עס איז איבעריק צו זאָגן, אַז עס פילט זיך נאָך אַלץ אַ שטאַרקער דוחק אין פּאַסיקע ווערק פאַר דער יידישער שול און מיטלשול.

די דערציילונגען פון י. ל. פּרץ, וואָס עס האָט צונויפגעשטעלט און פאַרטייטשט דער באַקאַנטער פּעדאַגאָג זלמן יעפּרויקין, וואָס האָט פאַר־דינסטן פאַר דער יידישער שול, וועט שטאַרק אַרויסהעלפן דעם לערער אין אַלע קלאַסן פון די יידישע מיטלשולן ביים לערנען יידיש, יידישע ליטעראַטור, און ביים באַקענען די תלמידים מיט יידישן לעבנס־שטייגער און יידישן וועלט־באַנעם.

צו לייענען די פאָלקסטימלעכע דערציילונגען אין דעם אופן, ווי פּרץ האָט זיי געשריבן, איז זייער שווער פאַר דעם היינטיקן מיטלשול־תלמיד, ווער שמועסט נאָך פאַר די תלמידים פון דער פאָלקשול, מעג זיין אַפילו פון די לעצטע קלאַסן.

י. ל. פרץ ברענגט טאַקע אַריין דערהויבנקייט אין דער יידישער שול און די תלמידים האָבן אַ גרויסע הנאה פון י. ל. פרצעס „זיבן גוטע יאָר", „די דריי מתנות", „אויב נישט נאָך העכער", „דער קונצנמאַכער", „דער אַרענדאַר" וכדומה. דער לערער מוז זיי אָבער דערציילן אָדער דורכלאָזן די „שווערע ווערטער" און אַליין „איבערמאַכן" אויסדרוקן ביים לייענען. און דאָך איז י. ל. פרץ דער שרייבער, וואָס קריצט זיך איין אין זכרון פון אונדזערע תלמידים און איז זיי אינטעלעקטועל שטאַרק משפיע.

איך ווייס נישט פון נאָך אַ דערציילונג צי ווערק, וואָס זאָל עלול זיין אַריינצוברענגען אין קלאַס אַ נשמה־יתירהדיקייט און יום־טובדיקייט, ווי ערב יום־כיפור, ביים פאַרלייענען, פאַר אַ צוגעגרייטן קלאַס, פרצעס „ניסים אויפן ים". די תלמידים בלייבן זיצן אַ היפשע ווייל אונטער דער שטאַרקער ווירקונג פון דער דאָזיקער סימבאָלישער דערציילונג. דער יידישער וועלט־באַנעם פון בטחון, אונדזער ניסימדיק לעבן אין משך פון דורות, לייכט אויף פאַר זיי אויף אַ קינסטלערישן אופן.

ז. יעפרויקין, ווי אַ גוטער קאָמפּילאַטאָר פון יידישע לערן־ביכער, קען אויסגעצייכנט דעם יידישן תלמיד. ער קען זיין גייסטיקן באַגאַזש און אויך זיין יידישן ווערטער־אוצר. ער פאַרשטייט כמעט יעדן שווערן אויסדרוק מיט אַ לייכטערן עקוויוואַלענט אָדער מיט אַן ענגליש וואָרט, אָדער ער פאַרטייטשט גאָר סיי אויף יידיש און סיי אויף ענגליש.

די תלמידים און סתם לייענער וועלן זיך באַקענען מיט אַלע זשאַנערן פון פרצעס שאַפונג, אָבער דער עיקר מיט זיינע פאָלקסטימלעכע מעשיות. ז. יעפרויקין האָט אַריינגענומען אין דער אַנטאָלאָגיע די סאַמע רעפּרע־זענטאַטיווסטע מעשיות, די, וואָס לאָזן זיך לערנען און שאַפן שטימונג אין קלאַס. גאַנצע פּופּצן חסידישע און פאָלקסטימלעכע מעשיות פון פרצעס אוצר געפינען זיך אין בוך. מען קען באַין אופן נישט אויסזעצן פאַרוואָס דער מחבר האָט אַריינגענומען אין דער זאַמלונג די אָדער יענע דערציילונג. מען קען אָבער יאָ האָבן אַ טענה, פאַר וואָס ער האָט אויך נישט אַריינגע־נומען אַ צאָל פון פרצעס אַנדערע מעשיות מיט וועלכע אונדזערע יוגנט־לעכע דאַרפן זיך באַקענען, דהיינו, „דער אַרענדאַר", וואָס פאַרמאָגט אַלע אַטריבוטן, וואָס אַ יידישע דערציילונג פאַר יוגנטלעכע דאַרף פאַרמאָגן, און פאַסט זיך אַזוי גוט אַריין אין אַזאַ זאַמלונג.

אויך פון פרצעס פּאָעטישע שאַפונגען איז דער אויסוואַל נישט קיין

צופעליקער, נאָר אַ גוט דורכגעטראַכטער. צווישן די אַכט לידער געפינט זיך אויך „מאָניש".

ז. יעפּרויקין האָט זייער גוט געטאָן, וואָס ער האָט אַריינגענומען אַ צאָל מוסטערן פון פּרצעס גערדאַנקען־וועלט. גאַנצע צען אַזעלכע עסייען געפינען זיך אין דער פּרץ־אַנטאָלאָגיע.

פּרץ רעגט אָן אונדזערע יוגנטלעכע צו טראַכטן נישט בלויז וועגן אַלגעמיינע פּראָבלעמען, נאָר אויך וועגן יידישע.

נישט צו אָפּט קענען אונדזערע יוגנטלעכע באַגעגענען אַזעלכע סוגעס־טיווע געדאַנקען, ווי ביי פּרצן. אָט זענען בלויז עטלעכע, וואָס די יוגנטלעכע לייענער וועלן זיי פאַרשרייבן און פאַרגעדענקען און זיי וועלן אפשר העלפן אויסצופורעמען זייער יידיש באַוווסטזיין.

„נישט נאָר אַ מענטש, נאָר אויך אַ פאָלק דאַרף האָבן אַ זכרון! אָן אַ פאָלקס־זכרון איז די געשיכטע — ווי אַ מענטש אָן אַ זכרון, קען קיין פאָלק נישט קליגער און בעסער ווערן".

אָדער: „מיר ווילן אויך אַריינפירן אַ ביסל קאָרן און ווייץ אין שפּייכלער אַריין, מיר ווילן אויך בעלי־בתים זיין, אָרעמע בעלי־בתים, נאָר נישט קיין בעטלער"...

און צו דער יוגנט זאָגט פּרץ:

„נעמט אַ תנכל, נעמט אַ סידורל. קוקט אַריין, בלעטערט דעם תנכל און זעט: צי איז דאָ ערגעץ אַ געבאָט, איר זאָלט הונגערן? צי האָט גאָט ערגעץ אָנגעזאָגט, אַ מענטש זאָל פרירן פאַר קעלט? און קומט צום נביא צו און הערט זיינע רייד! צי שטימען זיי נישט מיט אייערע גוואַלדיקסטע האָפענונגען, ברייטסטע און ווייטסטע חלומות?"

אַ סך לעקציעס וועגן יידישער עטיק פון בעסטן לערער וועלן אַזוי נישט ווירקן, ווי דער דאָזיקער קורצער פּאַראַגראַף פון י. ל. פּרץ.

און נאָך צוויי קורצע ציטאַטעס פון י. ל. פּרצעס ים פון געדאַנקען:

„צוריק צו דעם תנ"ך הייסט נישט בלייבן שטיין ביי דעם תנ"ך. יידישקייט איז נישט קיין שטייענדיק וואַסער, קיין זומפּ, „מים חיים" רופט מען זי, די תורה".

און צום סוף: „איך רעד נישט פון פאַרשליסן זיך אין גייסטיקער געטאָ. מען זאָל אַרויס פון געטאָ, נאָר מיט אַן אייגענעם גייסט, מיט אַן אייגן גייסטיק פאַרמעגן פון טוישן, געבן און נעמען, נישט בעטלען".

אַזעלכע רייד רופֿן אַרויס אַ ליכטיקן בטחון, באַזונדערס אין יוגנט־לעכע, וואָס זענען באַווירקט פֿון פֿרעמדע איינפֿלוסן. זיין יידיש־באַוווסטזיין, וואָס איז מטושטש און פֿאַרנעפּלט, ווערט קלאָר און לויטער.

דאָס בוך פֿאַרמאָגט אַן אויספֿירלעכע ביאָגראַפֿיע פֿון י. ל. פּרץ. ז. יעפֿרויקין האָט גוט באַאַרבעט דעם רייכן פּרץ־מאַטעריאַל און שילדערט פֿאַר דעם לייענער פּרצעס לעבן און שאַפֿן מיט אַ סך וואַרעמקייט און פֿאַרשטענדעניש.

אוודאי קען מען אויסזעצן קעגן געוויסן טייטשן פֿון ווערטער, למשל: „מיין דאגה" — איבערזעצט ז. יעפֿרויקין „נאָן אוו מיין ביזנעס", אָדער „בפּירושע גמרא" — דערקלערט ער — „אַ קלאָרער ציטאַט פֿון דער גמרא". אָבער עס איז אמת, אַז אַזעלכע און ענלעכע באַגריפֿן לאָזן זיך נישט לייכט איבערזעצן אָדער דערקלערן.

עס וואָלט אויך פֿיל בעסער געווען, ווען דאָס בוך וואָלט געווען געזעצט מיטן ניקוד אנשטאָט פֿאָנעטיזירן די שווערע העברעאישע ווערטער. הגם ז. יעפֿרויקין איז זייער אָפּגעהיט מיט לשון, דאָך האָט ער דורכגעלאָזט אַזעלכע דייטשמעריזמען ווי „זאָגאַר" אַנשטאָט „אַפֿילו" (זייט 250), דאָס זענען אָבער קלייניקייטן. דאָס בוך וועט אויפֿגענומען ווערן, באַזונדערס פֿון יידישע לערער, מיט פֿרייד. עס וועט אַ סך פֿאַרלייכטערן דעם לערער ביים אַריינברענגען י. ל. פּרצן אין דער יידישער שול.

1952

## ביים צוגרייטן דאָס ווערק „טביה דער מילכיקער" פֿאַר דער יידישער שול־יוגנט

### א

די הויפּט־שוועריקייט ליגט אין טביהס פּסוקים. טביהס טייטשן די פּסוקים רופֿן אַרויס באַשטימטע אַסאָציאַציעס, וואָס טוט מען, אַז די תּלמי־דים (און בכלל לייענער) זאָלן דערפֿילן דעם לויטערן הומאָר, וואָס איז אין זיי פֿאַרבאָרגן? ווי גיט מען איבער די דורותדיקע אידיאָמאַטישע אויס־דרוקן און ווערטלעך, וואָס טביה נוצט אויף שריט און טריט?

טביה איז לויטער ווי קרישטאָל און וועגן אים לאָזט זיך אַזוי פיל גוטס רעדן מיט די תלמידים. טביה איז אַזוי סטימולירנדיק, אַז יעדער לערער קען האָבן וואָס צו טאָן אין קלאַס. כדי קיינער זאָל, חלילה, נישט נכשל ווערן, האָב איך דורכגעלאָזט אַ צאָל אויסדרוקן. למשל, טביה דערציילט ווי ער קומט צו זיין טאָכטער ביילקע: „זע איך עפּעס אַ מיידל דרייט זיך אַרום, אַפּנים אַ פּאָקאָיאָווע זייערע, טראַכט איך מיר, מחמת די אויגן אירע זענען ווי ביי אַ גנבטע. אַלע פּאָקאָיאָוועס האָבן גנבישע אויגן".

אמת טאָקע, טביה פּאַרלירט גאָרנישט דורך דעם, וואָס ער זאָגט, אַז אַלע פּאָקאָיאָוועס (דינסטן) האָבן גנבישע אויגן, ווייל דאָס איז נישט אין טביהס גייסט. ביי תלמידים קען טביה פון אַזאַ מין זאָג אַ סך פּאַרלירן, און דער לערער וועט אים דאַרפן פּאַרענטפערן.

אָדער אויף אַן אַנדער אָרט זאָגט טביה „איך וויל אים נישט שעלטן, אַ קאַזאַרמע זאָל אויף אים איינפאַלן". עס רעדט זיך דאָרט וועגן פדהצור, זיין טאָכטערס מאַן.

אַלצדינג וואָס שלום־עליכם האָט פאַרמאָגט, זיין שיינע און רייכע נשמה שפּיגלט זיך אין טביהן און אין זיינע מעשים; אַזוי, אַן ערך, וועט אַ לערער דערקלערן זיינע תלמידים. היינט ווי קומען אַזעלכע רייד „וואָס איז אייער באַגער? אויב איר מיינט עפּעס קויפן, וועט איר ביי מיר נישט גע־פינען גאָרנישט, סיידן בויכווייטאָג אויף מיינע שונאימס קעפּ, אָדער האַרצ־קלעמעניש אַ פולע וואָך, אָדער אַ ביסל קאָפּדרייעניש, טרוקענע שמערצן, נאַסע יסורים, סיפּקע צרות"? אַזוי מאַכט טביה צו די צוויי פּרויען, וואָס האָבן פאַרבלאָנדזשעט אין וואַלד און פרעגן אים, ווו איז ערגעץ דער וועג קיין בויבעריק? „אַ וויסטער מזל־טוב דיר, אַ פינצטערער, מאַכט זי" (גאָלדע). אמת, גאָלדע איז אַ ידענע, אָבער אַ האַרציקע, און פון אַזעלכע רייד מוז זי פאַלן אין די אויגן פון די תלמידים, וויפל מען זאָל נישט דערקלערן זיי וועגן דער סביבה, אָדער אַז דאָס באַשרייבט שלום־עליכם מענטשן און נישט קיין מלאכים. אָדער: „און הייבט אָן לאַכן, איך האָב געמיינט דער ייד באַקומט אַ פּאָפּלעקציע".

דער יראת־הכבוד צום ווערק איז, חלילה, נישט געמינערט געוואָרן, ווען איך האָב זיך דערלויבט אַרויסצונעמען געוויסע סלאָוויזמען, למשל: „לאָפּניעט" (ווערט צעבראָכן), „פּאָקרישקע" (צודעק)), „ליטשנע" (פּער־זענלעך), „דושענקע" (נשמהלע), „סאָוועסט" (געוויסן), „ויסעו ויחנו" —

טייטשט טביה: „טודאַ אי נאַזאַד" (אַהין און צוריק). עס רעדט זיך וועגן פאָרן קיין ארץ־ישראל און קומען צוריק, וכדומה, עטלעכע אויסדרוקן. עס איז איבעריק צו זאָגן, אַז אַלע ווערטער פון סלאַווישן אָפּשטאַם, וואָס זענען געוואָרן אַן אָרגאַנישער טייל פון אונדזער לשון, אָדער סלאַוויזמען, וואָס ווערן גענוצט צוליב מיליצע, זענען פאַרבליבן ווי אין אָריגינאַל. דהיינו: סומנע, טשערעדע, פּאָשאָל, וואָרטשעט, ספּאַטאַקעט, טאַטשקע, האָרעוואַ־ניע, דאַטשע, באַטיושקאַ, טעוועל און ענלעכע ווערטער.

בנוגע קירצן געוויסע שטעלן, באַזונדערס דאָרטן, ווו עס איז דאָ אַן איבערחזרונג, האָט שלום־עליכם אַליין געגעבן אַ היתר דאָס צו טאָן. אין דער צווייטער אויפלאַגע פון „מנחם מענדל" דערציילט אונדז שלום־עליכם, אַז ער האָט שטאַרק געקירצט די אויפלאַגע און ער באַדויערט זייער, וואָס ער האָט נישט נאָך מער געקירצט. „וואָרעם", שרייבט ער, „אַנגעוואָרן דערביי האָבן נאָר די זעצערס, וויטער קיינער נישט".

אין דעם קאַפּיטל „דאָס גרויסע געווינס", זאָגט טביה: „און ווער שמועסט שבת — בין איך דאָך גאָר אַ מלך, קוק אַריין אין אַ יידישן ספר, אַ פּרשה חומש, אַ ביסל תרגום, תהילים, פּרק, דאָס, יענץ, לאָקש, בוידעם".

מיר דאַכט, אַז איבער די פיר ווערטער וואָלט טביה אַמאָל געקענט פאַלן אין די אויגן פון די תלמידים. אַוודאי האָבן יידן אַזוי גערעדט; עס איז נישט געמיינט געוואָרן לגנאי, חס ושלום. עס פאָדערט זיך אָבער פאַר־שטענדעניש פאַרן יידישן שטייגער לעבן און פאַר יידיש לשון, כדי צו באַ־נעמען, אַז די פיר דורכגעלאָזטע ווערטער פּאַסן זיך גוט אַריין אין קאָנ־טעקסט. און היות ווי מען פאַרלירט גאָרנישט, ווען מען לאָזט זיי דורך, האָב איך נישט געוואָלט שטעלן די יונגע לייענערס פאַר אַ נסיון.

עטלעכע חברים־לערערס האָבן מיך געעצהט דורכצולאָזן דאָס קאַפּיטל „חוה", וואָרעם דאָרטן רעדט זיך, כידוע, וועגן אַ געמישטער חתונה. טביה רעדט דאָך אַזוי „אומטאָלעראַנט", ער זיצט שבעה נאָך זיין טאָכטער חוה, וואָס האָט חתונה געהאַט מיט כוועדקע; ער טרייבט זי אַוועק, ווען זי לויפט אים נאָך און וויל זיך אפשר אויסוויינען פאַר אים. אונדזערע יוגנט־לעכע, האָבן זיי געטענהט, זענען אָפּט להכעיסדיק, און דאָס קאַפּיטל קאָן אַמאָל ווירקן, אַז זיי זאָלן זיך אָפּקערן פון טביהן.

די דאָזיקע חברים זענען אומגערעכט פון אלף ביז תיו. ווען מען זאָל איבערגעבן דאָס קאַפּיטל על־פּי די אויבן ציטירטע שורות, וועט עס

שאַקירן אונדזערע יוגנטלעכע, וואָס זענען מאָדערן. דאָס קאַפּיטל „חוה", ווי שלום־עליכם גיט עס איבער, האָט אַ געוואַלדיק דערציערישע ווירקונג אויף אונדזער יוגנט, ווי בכלל אויפן לייענער.

מען קאָן זיך גאָרנישט פאָרשטעלן אַ מענטשן, וואָס איז מער טאַלע־ראַנט ווי טביה; נאָך אַזאַ געטרייען, האַרציקן, בשמחהדיקן פאָטער — איז שווער צו געפינען. נאָר טביה קען אַזוי פאַרשטיין זיינע קינדער (און בכלל מענטשן), הגם די דאָזיקע נייע וועלט איז פאַר אים אַזוי ווייט. טביהס ליב־שאַפט צו זיין טאָכטער איז אָן אַ גרענעץ, דערפאַר איז זיין צער נאָך גרע־סער, ווען זי רייסט זיך אָפּ פון יידישן שטאַם. זיין האַרץ ווערט אים צעריסן פון ליבשאַפט און בענקשאַפט צו חוהן. וויפל מאָל וויל ער שוין אַ כאַפּ טאָן די נייע קאַפּאָטע, זיך אַוועקלאָזן און כאַטש פון דער ווייטן אַ קוק טאָן אויף איר. אָבער באַלד דערמאָנט ער זיך ווי זי איז אַוועק צום גלח, ימח שמו (טביה קען גאָר אַזאַ וואָרט ווי „אָפּגעשמדט" אויף די ליפּן נישט ברענגען), דרייט ער צוריק אויס דעם דישעל.

ווען חוה רופט אים „טאַטע", און בעט אים, אַז ער זאָל זיך אָפּשטעלן — ווי האַנדלט דעמאָלט טביה? ער וויל אַראָפּשפּרינגען פון וואָגן און אַרומ־כאַפּן זי קושן. ער איז שוין „אָפּגעקומען חיבוט הקבר" און ער האָט „דער־פילט דעם טעם פון גיהנום מיט כף־הקלע", ווען עס דאַכט זיך אים אויס, אַז ער הערט ווי זי שרייט: „טאַטע! טאַטע!". ער רופט זיך אַליין אַכזר. כדי ער זאָל זי פאַרגעסן, הייבט ער אָן דאַווענען מנחה. ער דאַוונט אויף אַ קול און מיט אַ ניגון. אָבער אין האַרצן זינגט זיך אָן אַנדער ניגון: חוה! און וואָס העכער ער זינגט „אַשרי", זינגט זיך אים חוה נאָך העכער.

טביה איז טאַקע נישט קיין יידענע, אָבער ווען חוה פאַלט אויף אים אַרויף (בעת מען טרייבט זי אַרויס פון דאָרף) און נאָך איידער ער דערפילט, אַז זי האָט חרטה און וויל צוריק זיך אומקערן, צעוויינט ער זיך, נעמט זי אַרום, קושט זי און האַלדזט זי און זאָגט: „סלחתי כדבריך", ווי מען זאָגט יום־כיפּור ביים דאַווענען, איך בין דיר מוחל, ווי דו האָסט געבעטן, אָבער טביה טייטשט עס אויף זיין פאָטערשן אופן: „קום צוריק צו מיר, דו ביסט מיין קינד".

אין קאַפּיטל „חוה" דערפילן אונדזערע יוגנטלעכע די גרויסע טראַ־געדיע, וואָס עס האָט זיך אָפּגעשפּילט ביי יידישע טאַטע־מאַמע, ווען אַ קינד איז, חס־וחלילה אַוועק פון דרך־הישר און חתונה געהאַט מיט אַ גוי.

הונדערטער דיסקוסיעס וועגן דער שעדלעכקייט פון געמישטע חתונות וועלן אַזוי נישט ווירקן, ווי דאָס קאַפּיטל „חוה״; עס קריצט זיך איין אין געדעכעניש פון לייענער לעולם ועד.

## ב

מיר איז אויסגעקומען צו זען אַ קיצור פון „טביה דער מילכיקער״, וואָס איז אַרויס מיט יאָרן צוריק אין סאָוויעט־רוסלאַנד. דאָרטן זענען באַזייטקט געוואָרן כמעט אַלע פּסוקים, וואָס טביה נוצט כסדר און וואָס אָן זיי קען ער זיך ממש נישט קערן און ווענדן, עס זענען נאָר איבערגעלאָזט געוואָרן יענע פּראַזן, וואָס האָבן אַ סאָציאַלן הינטערגרונט און די פּסוקים, וואָס דעם פאַרלעגער האָט זיך אויסגעדוכט, אַז טביה זאָגט אַרייַן דעם רבונו־של־עולם.

אויך „טביה דער מילכיגער״ פון שאָלעם אַלייכעם פאַר יוגנט״, וואָס עס האָט אַרויסגעגעבן „קינדער־פריינד״, וואַרשע 1936, קען נישט דינען ווי אַ מוסטער. דאָס איז אַ בראָשורקע פון 64 זייטלעך. עס זענען אַרויסגעשניטן געוואָרן, מיט זייער ווייניק אויסנאַמען, די פּסוקים, וואָס זענען די נשמה, דער רוח־החיים פון טביהן. און עס זיכער נישט אין גייסט פון שלום־עליכמען אויסצולייגן די העברעאיזמען פאַנעטיש.

אין דעם ענגלישן בוך „דהי אָלד קאַנטרי״, אַ געקליבענע זאַמלונג פון שלום־עליכמס ווערק, געפינען זיך אויך דריי קאַפּיטלעך פון „טביה דער מילכיקער״: „דאָס גרויסע געווינס״, „היינטיקע קינדער״ און „האָדל״. עס איז כדאי צו זען, ווי אַזוי די איבערזעצער האָבן זיך געספּראַוועט מיט די פּסוקים. שטייט דאָרטן אין קאַפּיטל „דאָס גרויסע געווינס״, אויף זייט 21: ‚אַז קינג דעיוויד סעז, איט נעווער רעינס באַט אים פּאָורס״. שלום־עליכם שרייבט: „ווי זאָגט איר: ‚למנצח על הגתית׳ — אַז עס גייט לויפט עס״. למנצח על הגתית האָבן צוויי איבערזעצער, דזשוליוס און פרענסעס באַטווין, דורכגעלאָזט, דאָס מאַכט נישט אויס, אָבער עס איז נישט אין הסכם מיטן טעקסט, ווען עס שטייט דאָרטן: „דוד המלך זאָגט: ‚עס רעגנט נישט, נאָר עס גיסט׳״. דאָ האָבן די איבערזעצער גענומען טביהס טייטש און עס צוגעשריבן צו דוד המלך, און דאָס איז נישט ריכטיק דורך און דורך. אין דער אמתן האָט דאָ שלום־עליכם געשריבן למנצח על הגיתית, תהילים ח״א (אַ געזאַנג אויף דער גיתית — אַ מוזיקאַלישער אינסטרומענט), אַזוי דער־

קלערן מיר אונדזערע תלמידים. שלום־עליכם האָט געוואָלט, אַז עס זאָל זיך באַקומען אַ וואָרט־שפּיל: הגיתית — אַז עס גייט לויפט עס. שלום־עליכם האָט טאַקע ליב אָפּט אַ שטיף טאָן מיט ידיש.

אויף אַן אַנדער אָרט: „האָדל", זייט 382, זעצן זיי אַזוי איבער: „טעוויע פּאַרגעטס דהאַט אַוער וויז מען העוו טאָלד אַס א טהאַוזענד טאַימס, בע־וועיר אָוו דאָגס"... ביי שלום־עליכמען: טביה פאַרגעסט וואָס אונדזערע חכמים האָבן אונדז אָנגעזאָגט טויזנט מאָל: כבדהו וחשדהו (טייל אים צו כבוד און איינצייטיק פאַרדעכטיק אים), טייטשט טביה בלשון אַשכנז — „ביע ווער סאָבאָקע", דאָ האָבן די חברים פון „דהי אָלד קאָונטרי" ווידער גענומען שלום עליכמס טייטש (גלייב נישט קיין הונט) און עס צוגעשריבן די חכמים.

אין „היינטיקע קינדער" (ז. 69) זאָגט טביה: „ווי אין פּסוק שטייט: לא מעוקצך ולא מדובשך (איך וויל נישט דיין שטאָך און איך וויל נישט דיין האָניק)", טייטשט טביה — „נישט קיין געלט, נישט קיין געזונט, נישט קיין לייב און לעבן". די איבערזעצער פון שלום־עליכמען גיבן צו מאָל קיין אָנצוהערעניש נישט פון דעם פּסוק, אָפּט מאָל אַפילו נישט אין זיין גייסט, און זיי שרייבן עס צו דעם ת ל מ ו ד אָדער דער תורה. אָט ווי אַזוי זיי האָבן דאָס פאַרטייטשט: „האַו שוד איט נאָ? אַי סעי טו הים: ‚אַי גאָ ענד אַי גאָ, ענד אַי געט נאָוועהער'. נידהער גאָלד נאָר העלטה נאָר לאַיף איטסעלף, אַז די טאָראָה סעז".

דער דרך פון דעם צוזאַמענשטעלער פון די שורות איז געווען גאָר אַן אַנדערער. ער וויל מאַכן צוגענגלעך „טביה דער מילכיקער" פאַר אונ־דזערע תלמידים, אָבער נישט „איבערפירן" טביהן. דער רוב פּסוקים און ווערטלעך זענען פאַרבליבן ווי שלום־עליכם האָט זיי געזאָגט דורך טביהס מויל. ביי יעדן פּסוק איז אָנגעגעבן דער פירוש המילות און פון וואַנען ער איז גענומען געוואָרן, ווי טביהס אייגענע טייטשן שטימען מיט זיין געמיט, און ווי זיי סוגעסטירן אַזוי פיל ליטערן און געלייטערטן הומאָר.

אין טביהס הומאָר ליגט דאָך פאַרבאָרגן די חכמה פון אונדזער פאָלק, וואָס עס האָט זיך דערהויבן צו דעם אין משך פון אונדזער היסטאָריש לעבן אויף גאָטס ערד. אַז אונדזערע יוגנטלעכע וועלן לערנען טביהן, וועלן זיי זיך אָננעמען מיט בטחון און אמונה, וואָס איז אַן עיקר ביי שלום־עליכמען און ביי טביהן.

1965

# פראַגן וואָס קינדער שטעלןביים לערנען חומש

איך האָב אויפמערקזאַם געלייענט מיין פריינד י. לאַזאַרסאָנס רעפע־ראַט וועגן „די פּראָבלעמען ביים לערנען חומש", וואָס איז געדרוקט אין אַפּריל־נומער „בולעטען", נומ. 135. איך האָב אויך געהערט רעדן פריינד י. לאַזאַרסאָן אויף דער אייגענער טעמע — אויף אַן אסיפה פון די לערערס פון די אַרבעטער־רינג־ און שלום־עליכם־פאָלקשולן, וואָס איז פאָרגעקו־מען דעם 10טן פעברואַר.

מיר דוכט, אַז בדרך כלל איז דער אידעאישער איינשטעל פון דעם לערער דער הויפּט־פאַקטאָר ביים סוגעסטירן, אַז קינדער זאָלן שטעלן פראַגן אויף אַזאַ אָדער אַנדער אופן. לדוגמא: ווען דער לערער דערציילט די קינדער, אַז יעקב האָט אַזוי שטאַרק ליב געהאַט רחלען, אַז ער האָט אָוועקגעגעבן פערצן יאָר פון זיין לעבן, כדי זי זאָל ווערן זיין פרוי. צוויי מאָל צו זיבן יאָר האָט ער געדינט פאַר איר — און וויפל מאָל פערצן איז דאָס אין גאַנצן אַ מענטשנס לעבן? מעג ער דערנאָך צוגעבן: ווען יעקב האָט געקוקט אויף יוספן, האָט רחלס געשטאַלט געשוועבט פאַר אים, האָט ער געזען רחלען, רחלען, וואָס ער האָט אַזוי ליב געהאַט. וועט דען דעמאָלט אויפקומען די פראַגע: פאַר וואָס האָט יעקב ליבער געהאַט יוספן?

אין חומש זענען פאַראַן בלויז צוויי חלומות, וואָס עס האָט זיך גע־חלומט יוספן, אָבער יוסף האָט געהאַט אַ סך מער חלומות, ער האָט זיי געהאַלטן אין זיך, ער האָט זיי מער נישט דערציילט די ברידער. די קינדער וועלן דעמאָלט ליב האָבן דעם טרוימער יוספן און זיי וועלן במילא נישט פרעגן די שאלה, וואָס י. לאַזאַרסאָן ווייזט אָן — פאַר וואָס האָט יעקב ליבער געהאַט יוספן? און צי איז רעכט אַזוי? און פאַר וואָס דאַרף דאָס אַ טאַטע ליבער האָבן איין קינד מער ווי די אַנדערע?

און דאָס זעלביקע קען געזאָגט ווערן וועגן דער פראַגע, וואָס קינדער שטעלן, ווי עס גיט איבער י. לאַזאַרסאָן, פאַר וואָס האָט יעקב אָפּגענאַרט עשׂון? און זיין מוטער רבקה האָט אים נאָך אין דעם אַרויסגעהאָלפן, איז רעכט אַזוי?

מיר האָבן די קינדער נאָך קיין מאָל אַזאַ פראַגע נישט געשטעלט. דער לערער דאַרף דערציילן די קינדער, אַז יעקב איז געווען אַ יושב־אוהל, אַ

רואיקער, אַ געלאַסענער, נאָכגעטראַכט וועגן זאַכן און געשעענישן. יעקב און עשו זענען געווען צוויי וועלטן; יעקב האָט בכלל נישט געקענט פאַר־ברענגען מיט עשון, ווייל עשו איז געווען ווילד, צעלאָזן, תמיד אַרויס־געלאָפן אין פעלד און איז אַפילו גרייט געווען צו פאַרקויפן די בכורה פאַר אַ טאָפּ לינדזן (אָפּשטעלן זיך, וואָס עס מיינט פאַרקויפן די בכורה פאַר אַ טאָפּ לינדזן). אויך זיין מוטער רבקה האָט נישט מיט אים קיין שום גע־מיינזאַמס.

אגב, מיין ליבער פריינד י. לאַזאַרסאָן, צו וואָס טויג עשון די בכורה? וואָס פאַר אַ תכלית וועט ער פון איר מאַכן?

יעקב איז דאָך דער פאָטער פון יידישן פאָלק און גאָטס גייסט רוט אויף אים. איז אַזאַ אופן פון דערציילן שאָוויניזם? עס הייבט זיך נישט אָן. דער צוועק איז בלויז אַרויסרופן ביי די קינדער באַציאונג און נאַטירלעכע ליבשאַפט צו יידישע העלדן.

און ווען עס קומט שוין יאָ עפּעס אויף אין חומש, ווי בכלל אין תנ״ך, וואָס איז נישט רעכט, דאַרף דער לערער, חלילה, זיך נישט פילן אין קיין „פאַרלעגנהייט״ (ניצנדיק חבר י. לאַזאַרסאָנס אויסדרוק). אדרבא, דער לערער קען דעמאָלט דערציילן די קינדער (און אויך די דערוואַקסענע) וועגן דער גרויסקייט און שיינקייט פון תנ״ך; דער תנ״ך דערציילט אונדז נישט בלויז די גוטע זאַכן וועגן אונדזערע גרויסע העלדן, נאָר אויך וועגן די נישט־גוטע זאַכן. אַפילו וועגן משה רבינו, דעם גרעסטן העלד פון דער גאַנצער וועלט־געשיכטע, ווערט דערציילט פאַר וואָס ער האָט נישט געקענט אַריינפירן די יידן אין דעם צוגעזאָגטן לאַנד. ווערט אַזוינס אָדער ענלעכס דערציילט אין נייעם טעסטאַמענט וועגן דעם הויפּט־העלד דאָרטן? אָדער אין קאָראַן? דאָרט זענען זיי געטלעך און קיין שמץ פון אַ שאָטן פאַלט נישט אויף זיי.

איך וויל אָבער בשום אופן נישט מאַכן דעם איינדרוק, אַז קינדער שטעלן נישט קיין פראַגן. אָט האָט אַ תלמיד טאַקע די טעג געשטעלט אַן אויסערגעוויינלעכע פראַגע. צוליב דער אוניווערסאַלקייט פון דער פראַגע, ריכטיקער, פון דער לאַקאָנישער באַמערקונג, וועל איך זי דאָ איבערגעבן.

דער קלאַס האָט געלייענט פון בראַמבערגס „חומש־מעשות״:

„און גאָט האָט געזאָגט צו אברהמען: גיי דיר אַוועק פון דיין לאַנד

און פון דיין פאָטערס הויז צו דעם לאַנד, וואָס איך וועל דיר ווייזן. און איך וועל דיך מאַכן פאַר אַ גרויס פאָלק, און איך וועל דיך בענטשן".

אַ תלמיד פון זיבעטן זמן איז געזעסן בעת דער זמן 5 האָט דאָס געליינט. און ווען אַ קינד האָט פאַרענדיקט לייענען: „און איך וועל דיך מאַכן פאַר אַ גרויס פאָלק, און איך וועל דיך בענטשן", רופט זיך פלוצלונג אָן דער עלטערער תלמיד:

— „און זעקס מיליאָן יידן זענען אויסגעהרגעט געוואָרן!".

איך בין נשתומם געוואָרן פון דער באַמערקונג. איך האָב אים תיכף איבערגעפרעגט, וואָס ער מיינט מיט דעם, כאָטש עס איז מיר קלאָר געווען זיין כוונה. איך האָב אָבער געוואָלט, אַז דער קלאַס זאָל עפּעס פאַרשטיין פון זיין באַמערקונג. און דער תלמיד האָט געזאָגט:

„גאָט וועט בענטשן אברהמען, דאָס מיינט, ער וועט בענטשן די יידן. — ווי קומט וואָס די דייטשן האָבן אומגעברענגט זעקס מיליאָן יידן?" דעם תלמידס עלטערן און זיין ברודער און שוועסטער האָבן זיך געראַטעוועט פון דעם היטלער־גיהנום, אָבער דער תלמיד גופא איז שוין געבוירן גע־וואָרן אין אַמעריקע.

איך האָב געזאָגט, אַז דאָס איז אַ טיפע פראַגע און איך ווייס נישט וואָס צו ענטפערן אויף איר. זייער פרומע יידן האָבן אַ קלאָרן ענטפער: מסתמא האָבן די יידן געזינדיקט, האָט זיי גאָט געשטראָפט, אָבער אַנדערע יידן, וואָס זענען נישט אַזוי פרום, האָבן אַ סך מאָל געשטעלט די אייגענע פראַגע, וואָס דער תלמיד האָט היינט געשטעלט. פון איין זייט האָט גאָט געבענטשט די יידן, זיי געגעבן די עשרת הדברות, יידן זענען גאָטס אויסדערוויילט פאָלק (אויסדערוויילט צו טאָן מעשים טובים), און פון דער צווייטער זייט — אַזוי פיל ליידן אין פאַרלויף פון דער גאַנצער געשיכטע. דעם תלמידס באַמערקונג איז געווען סטימולירנדיק סיי פאַרן לערער און סיי פאַר די קינדער.

וועגן דער מעשה פון „סדום" פירט י. לאַזאַרסאָן אויס: „די קינדער הייבן אָן שטעלן פראַגן: ווי קומט עס, אַז אברהם זאָל גאָר דאַרפן בעטן גאָט? און אברהם ווערט ביי זיי גערעכטער, ווי גאָט אַליין..."

עס מאַכט גאָרנישט אויס, וואָס אברהם קומט אַרויס ביי די קינדער אַזוי גערעכט. אדרבא! אברהם איז געווען דער ערשטער ייד, דער ערשטער מענטש אויף דער וועלט, וואָס האָט געגלייבט אין איין גאָט, בעת אַלע

אַנדערע מענטשן זענען געווען געצנדינער. איין־און־איינציקער מענטש אַרומגערינגלט פון בלויז געצנדינער! און דאָס האַלט אים נישט אָפּ צו זיין אַנדערש פון אַלע אַנדערע מענטשן. ער איז אַ מכניס־אורח, ער פאָדערט גערעכטיקייט ביי גאָט, און עס איז גוט אַזוי. מיר רעדן דאָך נישט מיט די קינדער, צי גאָט איז גערעכט אָדער אומגערעכט. מיר רעדן וועגן אברהם אָבינו, דעם ערשטן ייד, און זאָל ער אַרויסקומען אַזוי גערעכט, וואָס גע־רעכטער קען שוין נישט זיין, ווי דער חומש דערציילט אונדז.

וועגן דער מעשה פון דער עקדה, פירט י. לאַזאַרסאָן אויס:

„אַז אברהם איז געווען גרייט מקריב צו זיין דאָס טייערסטע פאַר זיין אידעאַל".

אַזאַ אינטערפּרעטאַציע איז נישט אמתדיק און במילא נישט דער־ציעריש און נישט לויט דעם יידישן גייסט. אָדער איבערלאָזן ווי עס שטייט און גייט אין חומש, גאָט האָט אים געהייסן מקריב זיין זיין זון יצחק און אברהם איז גרייט געווען דאָס צו טאָן, אָדער דערציילן די קינדער, אַז די מעשה פון דער עקדה ווייזט אונדז, אַז יידן האָבן נישט מקריב געווען צו גאָט קיין מענטשלעך לעבן, ווי אַנדערע פעלקער האָבן עס געטאָן; אברהם האָט שיר נישט מקריב געווען זיין זון, אָבער אין דער לעצטער רגע האָט אברהם געהערט גאָטס שטים, אַז ער זאָל דאָס נישט טאָן.

איך וואָלט נישט וועלן, אַז מען זאָל דערציילן מיין אייניקל (און במילא אַלע קינדער), אַז אַ טאַטע איז געווען גרייט מקריב צו זיין זיין זון פאַר זיין אידעאַל. דאָס איז אכזריות. אַנדערש איז — גאָט האָט אים געהייסן און ער האָט געטאָן גאָטס באַפעל.

1956

## אויף וועלכער הברה דאַרף מען לערנען העברעאיש אין אונדזערע שולן

### א

דער העברעאישער לימוד אין די ענגלישע היי־סקולס איז מערסטנס באַזירט אויף דעם גערעדטן העברעאיש. אין די לערנביכער „עברית

למתלמדים", „שער לסיפרות", „מספרות לדורות", וואָס ווערן געלערנט אין די היי־סקולס, איז עלימינירט געוואָרן אַלצדינג וואָס האָט אַ שייכות מיט תנ"ך, מדרש, אגדה וכדומה. ס'זענען ביכער און במילא אַ לימוד פון לויטער וואָך. די טעמעס זענען: אַרבעט, פאַבריק, ביוראָ, הויז, קראַנקייט, און דאָ און דאָרט עפּעס פון שפּיל אָדער שפּאַס.

די מחברים האָבן שטאַרק מדקדק געווען גאָרנישט אַריינצונעמען פון תנ"ך, ווייל עס קאָן אויסגעטייטש ווערן ווי אמונה.

אַ גאָר אַנדער ציל האָבן זיך געשטעלט די העברעאישע חינוך־אינסטי־טוציעס ביים לערנען דעם העברעאישן לימוד. דער ציל ליגט אויבנאויף: צופירן די תלמידים צום אַלטן קוואַל, צו דעם יידישן שורש. אין אַנדערע לערנביכלעך ווערט דער תנ"ך איבערגעגעבן אויף אַ לייכטערן אָדער אויף אַ שווערערן אופן, לויט די פעאיקייטן, און אַ מאָל לויטן ציל, וואָס דער צוזאַמענשטעלער האָט זיך געשטעלט. די מחברים באַמיען זיך בצימצום איבערצוגעבן די תלמידים דעם יידישן תוכן אין דער פאָרעם פון אַ מעשהלע פון מדרש, אגדתא, יידישן יום־טוב, צי אַפילו מאָמענטן פון דער יידישער געשיכטע וכדומה. איר וועט דאָרטן נישט געפינען רק אַזעלכע אויסדרוקן, ווי: „דוד הקטן אוכל ושותק", „איפה תחנת התחתית?" ד. ה. „ווו איז די סאָבוויי־סטאַנציע?", אַפילו דאָס ביסל ארץ־ישראל־לעבן, וואָס געפינט זיך אין יענע ביכלעך, איז זייער בלאַס.

אין מדינת ישראל ווערט אַצינד אַרויסגעגעבן אַ סך לייען־מאַטעריאַל שוין מיט אַ צו לייכטן און אויבנאויפיקן אינהאַלט. מען וויל, ווי אומעטום, באַפרידיקן דעם דאָרשט נאָך לייענען ביי די קינדער און יוגנטלעכע. מסתמא איז אין מדינת ישראל אַ גרויסער „נאָכפרעג" אויף אַזאַ לייען־שטאָף.

אויף יידיש קענען מיר זיך נישט פאַרשטעלן אַרויסצוגעבן פאַר קינ־דער אַזעלכע ביכלעך, וואָס האָבן בלויז אַן אַמוזירנדיקן ווערט. אַפילו ביי אונדז האָט מען אָפּגעשטעלט דאָס אַרויסגעבן פון דער אַלגעמיינער ענצי־קלאָפּעדיע און אָנגעהויבן אַרויסצוגעבן בלויז די בענדער וועגן יידן און יידישקייט. אויך די לערנביכער פאַר אונדזערע שולן האָבן איבער נייניציק פּראָצענט מאַטעריאַל וועגן יידישן לעבנסשטייגער, יידישע מעשיות און יידישע פּערזענלעכקייטן.

אויך אין די העברעאישע חינוך־אינסטיטוציעס האָט מען זיך קודם כל געזאָרגט וועגן דער יידישער דערציאונג פון די תלמידים, דורך

לערנען אין די העכערע קלאַסן רש״י, גמרא, פוסקים וכדומה. און אויך אין העברעאישן לימוד דורך לערנען אויסצוגן פון ווערק מיט יידישן אינהאַלט פון אונדזערע יידישע און העברעאישע קלאַסיקער און נעאָ־קלאַסיקער.

און ווען די העברעאישע שולן האָבן לעצטנס באַטראַכט די פראַגע צי זאָל מען איצטער, נאָך דער גרינדונג פון מדינת ישראל, בייטן די הברה פון דער אשכנזישער אויף דער ספרדישער, איז, נישט געקוקט וואָס די העבראישע לערן־אַנשטאַלטן שטייען מיטן פנים צו מדינת ישראל און באַטייליקן זיך אויף דעם אַקטיווסטן אופן אין דעם אויפבוי פון יידישן לאַנד, איז דאָך באַשלאָסן געוואָרן, אַז אין די ישיבות און אויך אין די תלמוד־תורות זאָל מען ווייטער לערנען אויף דער אשכנזישער הברה. עס איז אויך פאַרשטענדלעך פאַר וואָס מען האָט אָנגענומען אַזאַ באַשלוס. ראשית כל, ווייל יידן האָבן דאָך געדאַוונט, געלערנט און אויך גערעדט אויף דער אשכנזישער הברה, והשנית, כדי נישט אָפּצופרעמדן די יונגע און עלטערע תלמידים פון כלל ישראל. יידן דאַווענען נאָך אַלץ אויף דעם אַלטן שטייגער, און מען דאַרף נישט שאַפן קיין מחיצה צווישן דעם עלטערן און ייִנגערן דור דורך דער הברה.*

* די זיילן פון דער מאָדערנער העברעאישער פּאָעזיע ווי ח. נ. ביאַליק, ש. טשער־ניכאָווסקי און אַ סך אַנדערע האָבן אין כמעט אַלע זייערע ווערק געגעבן דעם פּאַרצוג דער אשכנזישער נגינה. זיי גראַמען זיך דורכאויס נישט לויט דער ספרדיי־שער אויסשפּראַך, ווו די אַקצענטירונג קומט ס׳רוב אויף דעם לעצטן טראַף.

די העברעאישע שרייבערס ווי אחד העם, שמעון בערנפעלד און יהודה לייב גאָרדאָן האָבן געהאַט אַן ענלעכן שטאַנדפּונקט בנוגע דער הברה. יהודה לייב גאָרדאָן ווייזט אָן אין איינעם פון זיינע עסייען אויפן פאַקט, וואָס אונדזערע העברעאישע פילאָלאָגן האָבן צו שטאַרק נאָכגעמאַכט דעם אַראַבישן אַקצענט, וואָס גייט אָפּט לדיפוך אונדזערע געשמאַקן און נויטן.

אברהם אבן עזרא, דער פּאָעט און תנ״ך־קאָמענטאַטאָר, וואָס איז געבוירן אין שפּאַניע אין עלפטן יאָרהונדערט, האָט אָנגעוויזן אויף אַ ריי כּללים ווו דער ספרדיי־שער נוסח איז „אומבאַקוועם״ און „באַגרענעצט״ דעם פרייען פּאָעטישן אויסדרוק.

שמואל דוד לוצאַטאָ, דער פילאָלאָג, פּאָעט און תנ״ך־קענער, וואָס איז גע־בוירן אין איטאַליע, און האָט כמעט זיין גאַנץ לעבן געווידמעט די העברעאישע וואָקאַלן און אַקצענט, האַלט, אַז דער וואָקאַל קמץ איז על פי טעות עלימינירט געוואָרן פון דער ספרדיש־העברעאישער אויסשפּראַך. ער ווייזט אָן, אַז אויב דער קמץ האָט געמיינט צו פאַרבייטן דעם פתח, דעמאָלט וואָלט איינער פון די וואָקאַלן געווען איבעריק.

די תלמידים, וואָס וועלן פאָרן קיין מדינת ישראל, און אַזעלכע וועלן זיכער זיין, וועלן דאָרטן קענען זייער לייכט איבערגיין אויף דער ספרדישער הברה. דער רוב וועט אָבער לעת עתה פאַרבלייבן דאָ, און דערפאַר דאַרפן זיי לערנען אויפן אַלטן יידישן נוסח. דאָס איז אַ נאַטירלעכער און נאַציאָנאַלער־ריכטיקער שטאַנדפונקט.

ב

פונקט ווי די רעליגיעזע דערציאונג־אינסטיטוציעס, וואָס ווילן נישט אָפּרייסן די יידישע יוגנט פון דער יידישער סביבה און יידיש־רעליגיעזן לעבן, האָבן איינגעזען, אַז עס איז נייטיק, אַז מען זאָל לערנען העברעאיש אויף דער אשכנזישער הברה, אַזוי דאַרפן אויך טאָן די יידיש־וועלטלעכע שולן. צו דעם קומט צו נאָך אַ שטאַרקער פאַקטאָר, איינע פון די וויכטיקע סיבות פון העברעאישן לימוד אין אונדזער שול, איז אויך דורך דעם לימוד בעסער אויסצולערנען די תלמידים דעם העברעאישן עלעמענט אין יידיש.

מיר מיינען נישט דווקא די לייכטערע ווערטער, ווי אַ שטייגער שבת, וואָס אין ספרדישן נוסח ווערט עס שאַבאַט, און אמת—עמעט, חתן—כאַטאַן, און פון יתום ווערט יאַטאָם, אָדער אריכת ימים, חכם, נדבה, הלוואה, נאָר גאַנצע אויסדרוקן און ווערטלעך פון אונדזער אַלטן קוואַל, וואָס די יידישע שול שטרעבט, אַז די תלמידים זאָלן, אַ דאַנק דעם העברעאישן לימוד, זיך גוט אויסלערנען, זיי קענען פאַרשטיין און איבערלייענען. למשל: באו מים עד נפש, כל התורה כולו על רגל אחת, הקול קול יעקב והידים ידי עשו, כי מציון תצא תורה, מעשה שהיה כך היה, על ראשון ראשון ועל אחרון אחרון, קול קורא במדבר, עד כאן אומרים בשבת הגדול, עבדים היינו לפרעה במצרים, און צענדליקער אַנדערע אויסדריקן, וואָס אונדזערע תלמידים אין דער מיטלשול באַגעגענען סיי אין דעם תנ״ך־לימוד, סיי אין דער יידישער ליטעראַטור, וואָס די יידישע שול וויל, אַז די תלמידים זאָלן זיי געדענקען, קענען דעם פירוש המילות און קענען איבערלייענען, און אויב זיי זאָלן לייענען די דאָזיקע אויסדרוקן מיטן ספרדישן נוסח, וועט אויסקומען פונקט ווי פון יתום ווערט אַ וואָרט „יאַטאָם״, וואָס איז אין גאַנצן פרעמד דעם יידישן אויער און האַרץ און אַ רחמנות אויף דעם יתום וועט ווערן: אַ ראַכמאָנוט אויף דעם יאַטאָם.

לאָמיר נעמען בלויז איין קאַפּיטל פון שלום־עליכמס „מאָטל פּייסי דעם

הזנס", שוין אין דער ספּעציעלער שול־אויסגאַבע, אַרויסגעגעבן פון פאַר־לאַג „מתנות" (ניו־יאָרק, 1946, פאַרקירצט און פאַרטייטשט פון י. זיל־בערבערג) און איבערגעבן בלויז אַ טייל פון דעם העברעאישן עלעמענט פון דעם קאַפּיטל: מקבל פּנים זיין, רפואות, התפעלות, משומד, דורס זיין, רוצחים, עטרה, גדולה, מטריח זיין, משניות, לכתחילה, קצב, משוררים, מוסף, קריאת שמע, עין־הרע, להבדיל, מנגן, נגינה, אָבות, בר דעת, למען השם, הקדש, ברוך השם, אם ירצה השם, מת, מכבד, חולה, רעש, ענין, בירושה, אורח, תנאי, תכריכים. און נאָר איין מוסטער פון פּרצעס „ניסים איפן ים", אויך פון אַ ספּעציעלער שול־אויסגאַבע: אָבות אבותיו, סכנות נפשות, שמע ישראל, פּרנסה, קהילה, שוטה, משפחה, שוחט, תענית, יום־כיפור, אָרון קודש, שכן, רחבות, בעל דבר, מצווה וכדומה.

דער העברעאישער לימוד דאַרף העלפן פאַרפיקסירן ביי אונדזערע תלמידים אַזעלכע און ענלעכע העברעאישע עלעמענטן, וואָס זענען אַן אינטעגראַלער טייל פון אונדזער שפּראַך־פאַרמעג.

די העברעאישע ווערטער און ווערטלעך גיבן צו אונדזער לשון אַ באַ־זונדערן יידישן טעם און היימישקייט. זיי באַרייכערן יידיש מיט אַן אַ שיעור ניואַנסן, געדאַנקען, באַגריפן, לומדות און יידישן חן. לערנען מיר אָבער העברעאיש אויף דעם ספרדישן נוסח, דעמאָלט ווערט באַאַנגען, מילד גערעדט, אַ בפירושע עוולה און עבירה לגבי יידיש און לגבי די תלמידים.

די יידישע שול דאַרף בשום אופן ואופן נישט דערווייטערן יידיש פון העברעאיש, נאָר אדרבא, דערנענטערן. די ספרדישע הברה אין דער יידישער שול איז בלויז עלול צו שאַפן אַ מחיצה, וואָס דעם העברעאישן לימוד וועט דורך דעם נישט ווערן בעסער, און יידיש וועט דורך דעם בלי שום ספק אַ סך ליידן.

אונדזער באַציאונג און ליבע צו מדינת ישראל וועט דורך דעם אַ האָר נישט פאַרמינערט ווערן. מדינת ישראל האָט גורם געווען, אַז די יידישע יוגנט זאָלן זיך פילן שטאָלצער און זיך מער נישט שעמען מיט זייער פאָלק. אַ גרויסע טייל יוגנטלעכע ווייזט אַרויס אַ באַזונדערן אינטערעס צו יידיש־קייט און צו ענינים, וואָס האָבן אַ שייכות מיט מדינת ישראל.

יידיש איז נאָך אַלץ דער שטאַרקער כוח אין אויפהאַלטן דעם קיום האומה. אויף יידיש לשון זענען געשאַפן געוואָרן און ווערט נאָך אַלץ גע־

שאַפן יידישע ווערק און ווערטן, וואָס ציען זייער יניקה פון אונדזער וויט־טען עבר. הגם העברעאיש פאַרמאָגט באַזונדערס פאַרשידנאַרטיקע סטילן אין שייכות מיט פּאָעזיע, וועט מסתמא נאָך דויערן אַ סך דורות ביז וואַנען העברעאיש וועט פאַרמאָגן די בייגעוודיקייט, זאַפטיקייט, עשירות פון ניו־אַנסן, סובטעלע אויסדריקן פון צער און טרויער, פרייד און סאַטירע, וואָס יידיש פאַרמאָגט.

מיר דאַרפן גוט געדענקען, אַז די זעקס מיליאָן יידן, וואָס זענען פאַרשניטן געוואָרן פון שונא, האָבן געדאַוונט, געלערנט אין די בתי־מדרשים, ישיבות, תרבות־שולן, חדרים, וועלטלעכע שולן, געזונגען זמירות געזאָגט פּרק, מעביר געווען די סדרה — אַלץ אויף דעם אַלטן יידישן שטייגער, אויף דעם אשכנזישן נוסח.

דער אַרגומענט, אַז מיט די זעקס מיליאָן יידישע קדושים איז אויך אונטערגעגאַנגען יידיש און אויך די אשכנזישע הברה פון זייער לשון־קודש און העברעאיש, דעריבער דאַרף מען זיך פון ביידע אָפּזאָגן, איז אַ חילול השם.

יידיש און העברעאיש דאַרפן אויף ווייטער זיין פאַרקניפּט און פאַר־בונדן.

עס איז מיין טיפע איבערצייגונג, אַז די אשכנזישע הברה, על כל פנים אין חוץ־לארץ, איז מער עלול צו פאַרבינדן ביידע לשונות.

## צוויי הונדערט נומערן „פּעדאַגאָגישער בולעטען"

אין מאַי 1964 איז דערשינען דער צווייהונדערטסטער נומער פון פּעדאַגאָגישן בולעטען.

אין דעם אַריינפיר צום 200סטן נומער שרייבט דער רעדאַקטאָר יודל מאַרק, אַז „אין נאָוועמבער 1941 איז אַרויס דער ערשטער נומער פון אונדזער פּעדאַגאָגישן בולעטען, אַרויסגעגעבן פון דער קאָמיסיע פאַר די יידישע שולן ביים דערציאונגס־קאָמיטעט. און אַט, אין דעם 23סטן יאָר פון אונדזער אויסגאַבע, האָבן מיר דערלעבט און זוכה געווען צו דער־ברענגען ביז צו דעם איצטיקן נומער".

אין דער אמתן איז שוין העכער 25 יאָר ווי עס דערשיינט דער פּעדאַ־גאָגישער בולעטען.

דער ערשטער נומער פון פּעד. בול. איז דערשינען דעם 15טן יאַנואַר 1939, אַזוי, אַז אין יאַנואַר 1965 וועט ווערן 26 יאָר ווי דער פּעד. בול. דערשיינט אונטער יודל מאַרקס רעדאַקציע.

אין דעם דערמאָנטן אַריינפיר שרייבט דער רעדאַקטאָר: „מיט צופרי־דנקייט, און אפילו מיט אַ שמץ שטאָלץ, קוקן מיר צוריק אויף דער אַר־בעט פון צוויפשטעלן די אַלע נומערן פון אונדזער בולעטען".

אין דער אמתן דאַרף געזאָגט ווערן בפה מלא, אַז דער פּעד. בול. איז אין אַ גרויסער מאָס געוואָרן דער מורה־דרך פאַרן יידישן לערער, באַזונדער פאַר די יונגע לערער, וואָס זענען שוין דער רוב מנין ובנין פון דער יידישער לערערשאַפט.

שרייבן וועגן די צוויי הונדערט נומערן בולעטין איז כמעט ווי שרייבן וועגן אַ זאַמלונג פון צוויי הונדערט סאָלידע אויסגאַבעס, וועגן אַ גאַנצער ביבליאָטעק.

שוין אין דעם ערשטן נומער פּעד. בול. אין יאָר 1939, וואָס דער בילדונגס־קאָמיטעט פון אַרבעטער־רינג האָט אַרויסגעגעבן אונטער יודל מאַרקס רעדאַקציע, איז אַוועקגעלייגט געוואָרן דער יסוד פאַר די שפּעטער־דיקע אויסגאַבעס.

יודל מאַרק האָט זיך פריער גרינטלעך באַקענט מיט דער מעטאָדיק פון דער אַמעריקאַנער שול, דאָס ווייזט זיך אַרויס בולט אין זיינע אַר־בעטס־ביכער פאַר דעם יידיש־לימוד פון דער מיטלשול.

ביז דעמאָלט האָט דער יידיש־לערער אין מיטלשול געדאַרפט זיין אַ קאָמפּילאַטאָר, אַליין צונויפשטעלן כללים, אויסזוכן געניטונגען (אָדער אי־בונגען, ווי מיר פלעגן עס רופן), צוזאַמענשטעלן שיער נישט אַ גראַמאַטיק, און נישט יעדער לערער איז מחויב דאָס צו קענען טאָן. די אַרבעטס־ביכער האָבן סיסטעמאַטיזירט דעם לימוד.

היינט צו טאָג, מיט דעם נייעם קאָנטינגענט קינדער, וואָלט נישט מעגלעך געווען צו לערנען יידיש אָן די דאָזיקע אַרבעטס־ביכער. אַחוץ דעם האָבן די דאָזיקע ביכער אַרויסגערופן ביי די תלמידים באַציאונג צו יידיש, מחמת יודל מאַרק פירט דעם תּלמיד אויפן וועג, וואָס איז אים

באַקאַנט פון דער ענגלישער שול, נאָר דאָ, אין די ביכער, ווערט עס געטאָן אויף יידיש.

מיר שרייבן דאָס מחמת די אַרבעטס־ביכער זענען ענג פאַרבונדן מיט דעם פּעד. בול. עס איז נאָר אַ שאָד, וואָס מען ניצט זיי נישט אַזוי אינטענ־סיוו ווי אין די ערשטע יאָרן בעת זיי זענען דערשינען.

לאָמיר ברענגען פון בולעטען עטלעכע מוסטערן פון פּראַקטישע אַר־בעטן, וואָס יודל מאַרק ווייזט אָן דעם לערער תיכף פון די ערשטע קלאַסן אָן.

מיר וועלן אָנהייבן אין פאַרבינדונג מיט סינאָנימען.

„מען שטעלט אויס אין איין זיילעכל אַ 6—7 ווערטער און אין צווייטן פּאַראַלעלן זיילעכל סינאָנימען צו זיי, אָבער אין אַן אַנדער סדר און די אויפגאַבע באַשטייט אין פאַרבינדן די פּאַסיקע פּאָרן דורך אַ שטריך".

למשל: לוסטיק, שלעכט, גראָב, טייער, וואַרעם, פּאַמעלעך, לייכט. און אויפן צווייטן זיילעכל: בייז, הייס, ליב, גרינג, לאַנגזאַם, פריילעך, דיק.

אַוודאי קען מען געפינען אַנדערע סינאָנימען. לדוגמא: אַחוץ פּאַמע־לעך־לאַנגזאַם, אויך פּאַוואָליע, טריט ביי טריט; ביי שלעכט — בייז, אפשר אויך — געמיין, הגם מען קען זיין שלעכט, אָבער נישט געמיין.

ווי מיר זעען, באַגנוגנט זיך נישט יודל מאַרק בלויז מיט טעאָרעטישע אָנווייזונגען, נאָר ער ברענגט ביישפּילן, מיט וועלכע דער לערער קאָן זיך גלייך באַנוצן אין זיין קלאַס־אַרבעט.

און זאָל דער לערער, דער ידען, נישט האָבן קיין פּאַראיבל און טענהן, אַז יעדער לערער קען אַליין צוטראַכטן אַזעלכע און ענלעכע ווערטער.

אויך אין דער אַמעריקאַנער שול, וווּ דער לערער איז מעטאָדיש אַ סך בעסער צוגעגרייט, גיט מען אים פאַרטיקן מאַטעריאַל.

פאַרן אייגענעם קלאַס, אָבער צום סוף לערניאָר, ווייזט יודל מאַרק אָן אַנדערע סינאָנימען, וואָס דער לערער קען אויסניצן (און אַוודאי קען ער אויך צוטראַכטן זיינע אייגענע ביישפּילן).

למשל: וווינונג, פאַרגעניגן, שטים, אומגליק, פיינדשאַפט. ענד. און אין צווייטן זיילעכל: קול, צרה, דירה, שנאה, סוף, הנאה.

ער ווייזט אָן, אַז אויף דעם זעלביקן שטייגער קען מען אויך אַרבעטן מיט אַנטאָנימען.

יודל מאַרק ברענגט אַ ריי ביישפּילן אויף איבערזעצונגען, ווו דער לערער דאַרף אָנווייזן אויף דער שווערקייט „און אונטערשטרייכן די געגעבענע אייגנטימלעכקייט פון יידיש".

נישט איין מאָל רעדט אַפילו דער לערער אין דער שטיל צו זיך: (און אויך דער שרייבער) ווי דאַרף מען זאָגן: — דערציילן דער מאַמע אַ מעשה אָדער דערציילן די מאַמע... וואָס דאַרף מען דאָ ניצן — דעם דאַטיוו אָדער דעם אַקוזאַטיוו? ד"ה דעם אינדירעקטן אָדער דעם דירעקטן אָביעקט. אַזוי אויך ביי „זאָגן", ביי „העלפן". — „זאָגן דער לערערין", אָדער „זאָגן די לערערין", „העלפן דער מאַמען", אָדער „העלפן די מאַמע".

נאָך יודל מאַרקס קורצער באַגרינדונג, ווי ער איז זיך נוהג איידער ער גיט ביישפּילן, ווערט דער כלל קלאָר פאַר דעם אויפמערקזאַמען תלמיד, און דאָס איז דאָך דעם מחברס כוונה און נישט מער.

לאָמיר פריער ברענגען יודל מאַרקס קורצע און קלאָרע פאָרמולירונג און דערנאָך די ביישפּילן:

„לערנען באַנוצן די דאַטיוו־פאָרמען איז גרינגער און פּשוטער איידער לערנען ניצן די אַקוזאַטיוו־פאָרמען. דעריבער דאַרף מען לערנען ניצן די דאַטיוו־פאָרמען און אָנווייזן, אַז אין אַלע איבעריקע פאַלן קומט דער אַקוזאַטיוו.

א) דעם דאַטיוו נאָך אַלע פּרעפּאָזיציעס.

ב) דעם דאַטיוו אין די אַזוי גערופענע „אומפּערזענלעכע" זאַצן פון דעם שניט ווי „מיר איז גוט".

ג) דעם דאַטיוו אָן אַ פּרעפּאָזיציע נאָך די ווערבן: געבן, צאָלן, דאַנקען, דערציילן, זאָגן, ענטפערן, העלפן.

למשל: איך גיב איר אַ מתנה. זאָג מיר אויס דעם סוד.

און דערנאָך ברענגט יודל מאַרק אַ ריי אַרבעטן.

וואָס קומט דאָ: מיר אָדער מיך?

רוף — בער אָבער יאָג — נישט אין וואַלד אַריין. רוף — נאַר, נאַר גיב — לעקעך. אוי, העלפט — קינדער, אונטער, קיין כוחות איז נישטאָ.

יודל מאַרק ברענגט אין פעד. בול. כסדר מאַטעריאַל פאַרן לימוד יידיש. דאָס איז בהסכם מיטן אידעאישן איינשטעל פון דער יידיש־וועלטלעכער שול. אָן יידיש האָט נישט אונדזער שול קיין שום באַרעכטיקונג.

עס וואָלט אָבער געווען אַ טעות צו מיינען, אַז דער בולעטען גיט זיך אָפּ בלויז מיט יידיש.

אַלצדינג וואָס האָט אַ שייכות מיט אונדזער שול, דער עיקר מיט אונדזערע לימודים, וועט דער לערער געפינען. אינפאָרמאַציע, מאַטעריאַל, אויף די הונדערטער (מען מעג זאָגן אויף די טויזנטער) זייטן פון די צוויי הונדערט נומער פּעד. בול.

און ווען מיר זאָגן לימודים, שליסט דאָס במילא איין: די מעטאָדאָלאָגיע פון לערנען לשון, פּסיכאָלאָגישער צוגאַנג צו לערנען אַ צווייטע שפּראַך. וועגן שפּעריש ן לערנען בכלל. גרונט־זאַכן וועגן סדר פון פירן אַ לעקציע, פּראָיעקטירטער געשיכטע־קוריקולום. פּראַקטישע אויספירן בשייכות מיטן לימוד געשיכטע. דער לימוד פון יידישער ליטעראַטור. וועגן יידן אין אַמעריקע, וועגן יידן אין גאַר דער וועלט, מדינת ישראל. יהודה הלוי פאָרט קיין ציון. וועגן העברעאישן לימוד. אַ פּרוזדור צו העברעאיש. וועלכע הברה צו ניצן. פּראָבלעמען ביים לערנען תנ״ך. וועגן געזאַנג אין די שולן. די ראָלע פון יום־טוב אין די יידישע שולן וכדומה.

דאָס זענען בלויז ראשי פּרקים פון אַ קליינעם טייל מאַטעריאַל פון די פּעדאַגאָגישע בולעטענען.

עס איז נישטאָ קיין נומער בולעטען, ווו דער לערער זאָל נישט געפינען עפּעס, וואָס האָט אַ שייכות צו זיין לערערישער פּראַקטיק, צי אינפאָרמאַציע אָדער סוגעסטיעס, וואָס פאַרגרינגערן די קלאַס־אַרבעט.

לאָמיר עפענען עטלעכע צופעליקע נומערן בולעטענען; אָט איז דער בולעטען 198 פון מערץ 1964. מיר געפינען דאָרטן לידעלעך פאַרן ערשטן קלאַס:

ראש־השנה־, יום־כיפור־לידער, סוכות־, שמחת־תורה־לידער, חנוכה־לידער, ט״ו בשבט־, פּורים־לידער, פּסח־לידער, יום־העצמאות־לידער, שבועות־ און שבת־לידער. דאָס זענען לייכטע, שפּילעוודיקע לידעלעך פאַר דעם ערשטן און צווייטן לערניאָר. וויפל אַרבעט איז אין דעם אַריינגעלייגט געוואָרן! דערנאָך קומען שול־לידער, היים־לידער, שפּילערייען־לידער, וועגן באַשעפענישן, נאַטור, אַרבעט, און צום סוף — פאַרשידענע לידער.

דאָס איז ממש אַ גאַנצע אַנטאָלאָגיע קינדער־לידעלעך פאַרן ערשטן און צווייטן לערניאָר. אַ שאָד, וואָס דאָס ווערט נישט אַרויסגעגעבן אין אַ באַזונדער ביכל און שיין אילוסטרירט.

אַוודאי געפינט זיך נאָך אין דעם נומער אַ שלל מיט אַנדערע מאַ־
טעריאַלן.

די אָפּטיילונג „צו פאַרשפאָרן דאָס זוכן", איז פאַראַן כמעט אין
יעדן נומער. דאָס זענען קורצע, אָפּט טרעפלעכע איבערזיכטן וועגן וויכ־
טיקע ביכער, אָדער אויפטועון, וואָס האָבן אַ שייכות צו דער שול און צום
לערער.

איך עפן אויף אַ צווייטן בולעטען, פון מאַי 1957, דעם נומער 144,
און געפין דאָרטן צוועלף אויספירלעכע לעקציעס פאַר דעם לימוד פון
העברעאיש (אַ פּרוזדור צו העברעאיש), עס איז אַ נייער אופן ווי אַזוי צו
לערנען העברעאיש מיט אָנהייבער. דער מעטאָד איז צום טייל געבויט
אויף דעם העברעאישן עלעמענט און אויף לייכטע זאַצן פון יידישער גע־
שיכטע.

און אָט עפן איך דעם בולעטען פון אַפּריל 1964 און געפין פּרטימ־
דיקע אָנווייזונגען וועגן אַ סילאַבוס פאַרן ערשטן יאָר און נאָך אַנדערן
מאַטעריאַל, און מיין אויג פאַלט אויף אַ באַלייכטונג פון רעדאַקטאָר וועגן
„מאָל און דערצייל", וואָס עס האָט אַרויסגעגעבן דער בילדונגס־קאָמיטעט
פון אַרבעטער־רינג. דאָס ביכל האָט אילוסטרירט ציריל גראַבלאַ־וואָלעצקי, אַ
תלמידה פון אונדזערע שולן. זי האָט זיך אויך באַטייליקט אין פּלאַנירן
די אויסגאַבע, אין פאָרמולירן די אָנווייזונגען ווי צו ניצן דאָס
בילדער־העפט.

אין דעם 200סטן נומער בולעטען איז איבערגעגעבן דער אינהאַלט פון
129 ביז 199. פון די פריערדיקע נומערן, ווו עס איז איבערגעגעבן געוואָרן
אַ פּרטימדיקער אינדעקס, זענען די בולעטינען 78 און 128.

דער רעדאַקטאָר האָט געטאָן אַ חסד של אמת, וואָס ער האָט אין 200סטן
נומער אויסגערעכנט די אַוועקגעגאַנגענע לערער אין דער אייביקייט, וואָס
וועגן זיי זענען געווען הספדים־אַרטיקלען אין פּעדאַגאָגישן בולעטען.

דער בולעטען האָט אַ סך געהויבן דעם פּעדאַגאָגישן מצב פון דער
יידישער שול. דאָס אַליין איז אַ גרויסער אויפטו.

1964

# יודל מאַרק, רעדאַקטאָר פון כוללדיקן יידישן ווערטערבוך

יודל מאַרק איז ביי אונדז אַ חד במינו. ער איז שעפעריש און טעטיק אויף אַן אַ שיעור געביטן אין אונדזער יידיש גייסטיק לעבן.

יודל מאַרק איז אין 1936 געקומען קיין אַמעריקע שוין ווי אַ באַקאַנ־טער יידישער פּעדאַגאָג און געזעלשאַפטלעכער טוער. ער איז געווען דער גרינדער פון דער „ווילקאָמירער יידישער רעאַל־גימנאַזיע" (די ערשטע אין ליטע) און דער לערער פון יידיש און רוסיש. דערנאָך איז ער געווען דער לערער פון יידיש און יידישע ליטעראַטור אין דער ריקער שטאָטי־שער יידישער גימנאַזיע.

יודל מאַרק איז געווען אַ מיטגרינדער פון יידישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט.

נאָך אין יאָר 1921, ווען ער איז בסך־הכל אַלט געווען 24 יאָר (ער איז געבוירן אין 1897), האָט ער אַרויסגעגעבן אַ יידישע שול־גראַמאַטיק, וואָס איז דערשינען אין 1923, און מיט צוויי יאָר שפּעטער, אין 1925, איז דער־שינען אַ צווייטע פאַרבעסערטע אויפלאַגע פון דער אייגענער גראַמאַטיק.

יודל מאַרק ווערט היינט צו טאָג פאַררעכנט פאַר אונדזער גרעסטן ידען אין יידישער גראַמאַטיק. ער קען אַוועקגעשטעלט ווערן אין איין ריי מיט דעם גרויסן שפּראַך־פאָרשער א. זאַרעצקי (געבוירן אין 1891 — גע־שטאָרבן אין 1956), וואָס זיין „יידישע גראַמאַטיק" (פאַרלאַג ב. קלעצקין, ווילנע, 1929, 311 זייטן), איז די סאַמע אַרומנעמענדיקסטע וויסנשאַפטלע־כע גראַמאַטיק, וואָס מיר פאַרמאָגן.

יודל מאַרקס לעבנס־אַמביציע איז בלי שום ספק — „דער גרויסער ווערטערבוך פון דער יידישער שפּראַך". און הגם דער ווערטערבוך איז באַרעכנט אויף צען בענד, און לעת עתה איז בלויז דערשינען דער ערשטער באַנד (דער צווייטער באַנד דאַרף דערשיינען סוף היינטיקס יאָר), האָלט נישט יודל מאַרק, אַזוי דוכט מיר, פון תלמודישן זאָג: „לא עליך המלאכה לגמור". און ער האָפט צו דערלעבן די פולע אויסגאַבע פון אַלע צען בענד, און מיר ווינטשן אים, אַז ער זאָל אויך דערלעבן דעם סיום פון לעצטן באַנד.

מיר האָט געזאָגט אַ מיטאַרבעטער פון ווערטערבוך, וואָס זיין עובדה איז נאָכצוזוכן און דעפינירן לומדישע ווערטער, אַז יודל מאַרק קאָנטראָלירט

פון ערשטן קוואַל יעדעס איינציקע וואָרט, און דאָס טוט ער אַפילו ביי דעם פאַרלאָזלעכסטן מיטאַרבעטער.

ביי אַזאַ אחריות און אינטענסיווקייט, ווילט זיך האָפן, וועלן די ווייטער־דיקע בענד, אויב נאָר עס וועלן נישט זיין קיין ספּעציעלע פינאַנסיעלע דאגות, נישט לאָזן וואַרטן אויף זיך אַזוי לאַנג ווי די ערשטע צוויי.

1966

## וואָס זענען די פליכטן פון וועלטלעכער יידישקייט?

ש. ראָזענפעלד פלעגט בשעתו אַרויסקומען מיט טענות צו די וועלט־לעכע יידן, הלמאי זיי זענען צופיל אָפּגעגרענעצט אין די דלד אמות פון דער יידישער ליטעראַטור, און אויך צו די יידישע, אָדער ריכטיקער, יידי־שיסטישע שולן, פאַר וואָס דאָס לימודים־פּראָגראַם פון די עלעמענטאַרע און מיטלשולן איז נישט כולל, נעמט נישט אַריין, אויך תנ״ך, תלמוד, די נאָך־תלמודישע תקופה, די העברעאישע ליטעראַטור וכדומה. זיינע טענות האָבן געהאַט וואָג און זין. ש. ראָזענפעלדן האָט קיינער נישט פאַרבונדן ווי אַ יידישיסטישער שול־טעאָרעטיקער אָדער ווי אַ פאָרשטייער פון דער יידיש־וועלטלעכער סביבה.

גאַנץ אַנדערש איז אָבער ווען אַ יידישיסטישער רבי, ווי א. גאָלאָמב, איינער פון די שטאַרקסטע קנאים פון יידיש, וואָס איז כל ימיו באַטראַכט געוואָרן פאַר דעם קאָנסעקווענטסטן און אויסגעהאַלטנסטן יידישיסט, קומט אַרויס מיט טענות קעגן יידיש.

א. גאָלאָמב שרייבט: „עס קומט אויס נישט זעלטן צו הערן פון יונגע אַמעריקאַנער יידן, ווי זיי ווייזן אַרויס זייער באַהאַוונטקייט אין יידישע גראָבע רייד און זידלערייען״, און א. גאָלאָמב פרעגט, און מסתמא פרעגט ער קודם כל „די יידיש־וועלטלעכע סביבה״ — „האָט עס עפּעס אַ יידישן ווערט?״ אַוודאי נישט, אָבער פון ווען אָן נעמט מען דאָס גראָבע רייד און זידלערייען פאַר אַ קריטעריע פון דער קולטור פון אַ שפּראַך?

פיל ערנסטער איז אָבער א. גאָלאָמבס „מאָנונג”, אַז: „שפּראַך אַליין איז קיין מאָל נישט געגוג”. און ער איז ממשיך: „אויסגעלערנט אַ שפּראַך איז נאָך גאָרנישט אויסגעלערנט, נישט מיט שפּראַך אַליין ווערט מען אַ גליד אין אַ פֿאָלק”.

א. גאָלאָמב איז, מילד גערעדט, זייער נישט גערעכט צו זיך און צו זיין פּערציק יאָר שאַפֿן אויף יידיש, ווען ער זאָגט: „אויסגעלערנט אַ שפּראַך איז נאָך גאָרנישט אויסגעלערנט”, וואָרעם בלויז די, וואָס האָבן זיך אויסגעלערנט אַ שפּראַך (יידיש) וועלן האָבן אַ צוטריט צו א. גאָלאָמבס אומצאָליקע עסייען אויף כלערליי געביטן, אַלע געשריבן אויף יידיש, פּונקט ווי זיי וועלן האָבן אַ צוטריט צו די אַנדערע קולטור־קוואַלן פֿון זייער פֿאָלק אויף יידיש־לשון.

וואָרעם די, וואָס האָבן זיך נישט „אויסגעלערנט די שפּראַך” (יידיש), פֿאַר זיי איז זיכער פֿאַרשלאָסן אויף זיבן שלעסער אַלצדינג וואָס האָט אַ שייכות מיט א. גאָלאָמבס שאַפֿן און בכלל מיט אונדזערע קולטור־אוצרות אויף יידיש.

„שפּראַך” אַליין מיינט אויך עפּעס. אָט איז אַפֿילו אַ ראַיה, וואָס איז פֿון גרויס יידישן יחוס און איז אַלט באַלד פֿיר טויזנט יאָר.

ווען יוסף הצדיק האָט זיך דערקענט צו זיינע ברידער, האָבן זיי אים נישט געוואָלט גלייבן, אַז ער איז דאָס יוסף, זייער פֿאַרלוירענער ברודער; מאַכט יוסף צו זיי — וואָס הייסט איר גלייבט מיר נישט, אַז איך בין אייער ברודער — כי פּי המדבר אליכם — מיין מויל רעדט דאָך צו אייך. מאַכט רש״י — כי פּי מדבר אליכם בעברית — איך רעד דאָך צו אייך אויף אונדזער יידישן לשון. יוסף הצדיק האָט דאָ גאָרנישט דערמאָנט וועגן „אינהאַלט”. לשון „פּער סע” האָט, משמעות, אויך עפּעס אַ שטיקל ווערט...

עס איז אויך נישטאָ וואָס צו שעמען זיך מיט וואָרט י י ד י ש י ס ט, הגם דאָס וואָרט איז שוין אַ ביסל אַרכאַאיש. אַ יידישיסט קאָן אויך זיין נישט בלויז אַ קענער, נאָר אויך אַ גרויסער ליבהאָבער פֿון העברעאיש. ער קאָן בלויז נישט זיין קיין העברעאיסט, וואָרעם קאָנסעקווענטע העבּ־רעאיסטן, די חובבי שפת עבר, זענען מבטל יידיש. „יידישיסטן” דאַרפֿן, הייסט עס, „אָפּפֿרעגן” די טענות קעגן יידיש נישט בלויז פֿון עם־הארצים און אַזעלכע, וואָס זענען אינדיפֿערענט צו יידיש און שונאים פֿון יידיש, נאָר אויך, און אפשר דער עיקר, קעגן די העברעאיסטן, די חובבי שפת

עבר. און די לעצטע יאָרן האָט יידיש אויסגעריסענע יאָרן אַפילו פון אייגענע, פון פריינד, פון שאַפער פון יידישן וואָרט.

וואָרעם א. גאָלאָמב איז וויט נישט דער איינציקער, וואָס לאָזט הערן זיין וואָרט קעגן דער יידיש־וועלטלעכער סביבה און אויך קעגן יידיש, סיידן, זאָגט ער, „יידיש מיינט מיט יידישן אינהאַלט", אַזוי ווי מען וואָלט געקענט אָפּטיילן יידישן תוכן פון יידיש־לשון.

ווען מען זאָל ווערן משפטן לויט אָט די טענות, וואָלט דער צוקונפטיקער היסטאָריקער געקוקט אויף דעם „פאָלק", וואָס רעדט נאָר יידיש און אויף די לערער און שול־טוער פון דער יידישער שול און צומאָל אויך, ווי פּאַראַדאָקסאַל דאָס זאָל נישט קלינגען, אויף דעם יידישן שרייבער, ווי אויף „מאָדנע ברואים". וואָס מען דאַרף זיי אַריינלייגן אין חרם און אויסשליסן פון גדר פון יידישן פאָלק. אָט וואָס עס שרייבט דער שול־טעאָרעטיקער א. גאָלאָמב אין דעם דערמאָנטן אַרטיקל „וועלטלעכע יידישקייט, ווהין"? („טאָג", 25סטן אויגוסט 1952), אַז „די וועלטלעכע יידן זענען שטאַרק מיט זייער נעגאַציע, זיי ווייסן זייער גוט, וואָס זיי ווילן נישט... בית־מדרש, נישט, דאַווענען נישט, כשרות נישט, יום־טובים נישט, שבת נישט, כשרע קיך אויך נישט, גמרא נישט, תנ"ך — נאָר על פי הדחק". עד כאן. וואָלט א. גאָלאָמב, פונקט ווי אַנדערע מאָנער, כאָטש זיך אויך אַריינגעטאָן אין קאָן און געזאָגט אויף זיך די אַלע חטאים, וואָלט נאָך געווען אַ האַלבע צרה, אָבער א. גאָ־לאָמב (פונקט ווי די אַנדערע בעלי הטענות), שליסן זיך אויס פון כלל, דאָס איז נוגע „זיי, די וועלטלעכע יידן", „די יידישיסטן", אָבער איך, פלוני בן פלוני בין אַ צדיק תמים, מהדר במצוות און בין כולו סולת.

דאָס מיינט פשוט באַשולדיקן אַ גרויסן טייל פון יידישן פאָלק, די יידישע שול, פונקט ווי די יידיש־וועלטלעכע סביבה. דער יידישער פאָלקסשול־לערער, ווי די יידישע שול־טוער, האָבן נאָך קיין מאָל נישט געשריבן אָדער געזאָגט, אַז זיי זענען קעגן בית־מדרש, קעגן דאַווענען, כשרות, קעגן די יידישע יום־טובים, שבת אאַז"וו, סיידן אפשר יענע שריי־בער, וואָס טרעטן כסדר אַרויס קעגן דער יידיש־שול און קעגן יידיש, האָבן עס אַ מאָל געזאָגט און ווילן מיט דעם אויסקויפן זייערע זינד. אָבער אַפילו דאָס גלייבט זיך אויך נישט. קיינער טראָגט נישט די אַחריות פאַר

אַ יחיד, וואָס האָט פאַרטיידיקט יום־כיפור־בעלער און געהייסן עסן חלב אויף צו להכעיס דעם רבונו של עולם.

אין דער אמתן, רופט די יידיש־וועלטלעכע שול (דאָ רעדט זיך דער עיקר וועגן די דריי יידישע שול־ריכטונגען) אַרויס ביי אונדזערע תלמידים דרך־ארץ און יראת־הכבוד פאַר אַלע ווערטן פון יידישן גייסט. אַלע יידי־שע יום־טובים ווערן אַריינגעבראַכט אין דער שול און געפּראַוועט מיט די תלמידים און אויך מיט די עלטערן, עס ווערן געפּראַוועט אין די מערסטע יידישע שולן עונג־שבתים און געלערנט אויסצוגן פון די תפילות. די יידישע שול זוכט מיט אַלע מיטלען אַריינצוברענגען יידישן אינהאַלט אין אַלצדינג וואָס עס ווערט דאָרטן געלערנט. דאָס ווייסט דאָך גוט א. גאַלאָמב, וואָס איז אַליין נישט בלויז אַ יידישער חשובער פּעדאַגאָג, נאָר אויך דער בויער פון דער יידישער שול.

„דער וועלטלעכער ייד" איז ווייט נישט אַזאַ „הפקר־ייד", ווי עס קען זיך חלילה באַקומען דער איינדרוק פון די פיל מאמרים, וואָס ווערן אים געווידמעט, גאַנץ אָפט צוליב דעם פשוטן טעם, וואָס דעם שרייבער פעלט אויס אַ טעמע.

„די וועלטלעכע יידן", און א. גאַלאָמב און די אַנדערע „קריטיקער" בתוכם, זענען אין דער אמתן טייערע יידן, און אברהם רייזען, זאָל געזונט זיין, וואָלט נאָך צוגעגעבן אַנדערע גוטע אַטריבוטן.

זיי גייט אָן ביזן ביין דער גורל פון יידישן פאָלק, זיי האָבן מיטגעליטן ביז דער טיפעניש פון זייערע נשמות, זיי האָבן געפיבערט און געהאַט שלאָפלאָזע נעכט פון יידישע ליידן און יסורים.

„דער וועלטלעכער ייד" איז פאַרבונדן מיט אַלע טויזנטער פעדעם מיט דעם יידישן עבר און מיט אונדזער הווה. ער איז אַקטיוו און שעפעריש אין אַלע צווייגן פון יידישן לעבן, ער טראַכט נישט בלויז וועגן קיום האומה, נאָר ער איז זיך מתעסק און וויל מתקן זיין דאָס יידישע לעבן מיט וואָס ער קען.

„דער וועלטלעכער ייד" (און ווער באַלאַנגט עס נישט אין דער דאָזי־קער חברותא ?) איז דער אומצופרידנסטער מיט דעם גייסטיקן מעמד, אין וועלכן אונדזער פאָלק געפינט זיך איצטער. „דער וועלטלעכער ייד" איז דער בויער פון די קיבוצים און דער וואָס האָט צום אַקטיווסטן געבויט די יידישע מדינה. „דער וועלטלעכער ייד" איז דער שאַפער און געניסער פון

דער יידישער און אויך פון דער העברעאישער ליטעראַטור. ער האָט געבויט אַלע נאַציאָנאַלע יידישע באַוועגונגען און אינסטיטוציעס. „דער וועלטלעכער ייד", מיטן אויסנאַם פון גאָר אַ קליינער צאָל, אָטעמט מיט יידישער גייסטיקייט.

נישט „דער וועלטלעכער ייד" איז שולדיק אין דער גייסטיקער ירידה פון אונדזער פאָלק. די ירידה האָט ליידער אַרומגעכאַפּט אַלע שיכטן, די פרומע יידישע וועלט נישט ווייניקער, ווי די אַזוי גערופענע וועלטלעכע יידן. און די ירידה אין יידישן לעבן האָט זיך אָנגעהויבן אין דעם טאָג, ווען יידישע קינדער האָבן אָנגעהויבן צו גיין אין די „שקאָלעס". נישט אומזיסט האָבן אַלע אונדזערע זיידעס איינגעלייגט וועלטן קעגן די „גוישע שקאָלעס". בעת דאָס יידישע לעבן איז געווען אָפּגעגרענעצט אין די דלד אמות פון דער יידישער היים, גאַס, חדר, שול אָדער פון בית־מדרש, איז געווען לייכטער צו זיין אַ ייד אַפילו ווי אין יידישן לאַנד. אַנדערש איז אָבער מיט אונדז, אַמעריקאַנער יידן, וואָס געפינען זיך אַרומגערינגלט פון אַלע זייטן, סיי פון דער דעמאָקראַטיע און סיי פון דער אַנגלאָזאַקסישער קולטור. אַפילו דער וויליאַמסבורגער ישיבה־בחורל, וואָס טראָגט פאות, לייענט אויך די „קאָמיקס", און די „דזשאָוקס", און די טאַבלאָיד־צייטונגען, און רעדט און שפּילט זיך אויף ענגליש. ענגליש איז די „נשמה־שפּראַך" פון די בעסטע תלמידים פון די ישיבות קטנות, הגם זיי קענען אויך העברעאיש.

מיט מוסר־רייד וועט מען זיכער נישט קענען באַקעמפן די שפּראַך־ און קולטור־אַסימילאַציע אין וועלכער אונדזער פאָלק געפינט זיך שוין צוויי פולע דורות.

יידישע טעאָרעטיקער, מחנכים, שרייבער, יידישע וואָרטזאָגער דאַרפן אויפהערן צו האָבן טענות צו עפּעס אַן אַבסטראַקטן „וועלטלעכן ייד", נאָר בעסער מדריך זיין דעם לעבעדיקן יידן. און אויב איינער פילט, אַז ער האָט אין זיך דעם „רוח אלקים" און קען ווערן אַ מורה־דרך, וועט ער זיכער האָבן דאַנקבאַרע און אָפענע אויערן און הערצער צווישן אַלע שיכטן פון אונדזער פאָלק, און זיכער ביים אַזוי גערופענעם „וועלטלעכן ייד", ווייל ער איז דער אומרואיקסטער און אומצופרידנסטער און זוכט שלימות אין דעם מאור היהדות אין אונדזער לעבן.

1952

# ד״ר עזריאל אייזענבערג — „דאָס גאָלדענע לאַנד״

ד״ר עזריאל אייזענבערג, איז דער דירעקטאָר פון יידישן דערציִאונגס־קאָמיטעט אין ניו־יאָרק און דער מחבר פון אַ גרויסער צאָל ביכער פאַר קינדער, יוגנטלעכע, פאַר טוער און לערער.

ד״ר עזריאל אייזענבערג איז איינער פון די פירנדיקע פּערזענלעכ־קייטן אין דער דערציִאונגס־וועלט פון אונדזער שטאַט ניו־יאָרק. ער גע־הערט צו דער קליינער צאָל מחנכים, וואָס איז אַ פּראָדוקט פון דער יידישער אַמעריקע, ער האָט אָבער אַ סך פאַרשטענדעניש פאַר דעם מזרח־אייראָ־פּעאישן יידנטום און באַנעמט זיין נוסח אין אַלע צווייגן פון יידישן לעבן.

שוין אין דער ערשטער אַנטאָלאָגיע, וואָס ד״ר עזריאל אייזענבערג האָט צוזאַמענגעשטעלט — „דאָס מאָדערנע יידישע לעבן אין דער ליטע־ראַטור״, וואָס איז דערשינען מיט יאָרן צוריק, אויף ענגליש, האָט ער אַריינגענומען, צוו. אַנד. אויך מזרח־אייראָפּעאישע שרייבער, ווי: י. ל. פּרץ, דוד פרישמאַן, ח. נ. ביאַליק, מענדעלע מוכר ספרים, שלום־עליכם, ז. שניאור, מאָריס ראָזענפעלד, ל. קאָברין, י. י. זינגער און אַנדערע.

אַ צווייט בוך ד״ר עזריאל אייזענבערגס — „בר־מצווה־אוצר״, וואָס האָט בשעתו אַרויסגערופן גרויס אינטערעס, איז נאָך עד היום אַ וויכטיקע אַנטאָלאָגיע וועגן בר־מצווה. דער הויפּט־מאַטעריאַל פון ד״ר עזריאל איי־זענבערגס „בר־מצווה־אוצר״ איז גענומען פון אַלטן יידישן קוואַל. דער מחבר וויל דאָך בעיקר צובינדן דעם בחור צו די אייביקע גייסטיקע ווערטן פון יידישן פאָלק; עס איז אין גייסט פון גאַנצן ווערק, און אַ האָר נישט קיין פאַרשוועכונג, וואָס זייט ביי זייט מיט ישעיה הנביאס באחרית הימים, גע־פינט זיך טאָלסטאָיס הומאַנע עסיי — וואָס איז אַ ייד?

דער בר־מצווה־בחור איז דעמאָלט אין אַ געהויבענער, יום־טובדיקער שטימונג, ער איז גייסטיק וואָך און אויפנעם־פּעאיק. עס איז דעמאָלט גאָר דאַנקבאַר צו לערנען מיט אים ענינים, וואָס האָבן צו טאָן מיט יידישקייט. ער גרייט זיך דאָך דורכצופירן אַן אַקט, וואָס פאַרבינדט אים מיטן עצם מהות פון יהדות. דעם לערערס רייד, ווען ער דערמאָנט יידישע באַגריפן, האָבן אַ ווירקונג אויפן תלמיד, אָבער די תורה שבעל פה קריצט זיך נישט איין אַזוי אין זכרון ווי די תורה שבכתב.

נאָכן איבערלייענען אָדער לערנען מיטן לערער דאָס בוך, דערפֿילט דער בחור, אַז ער געהערט צו אַן אַלט פֿאָלק מיט אַ לאַנגן יחוס־בריוו, וואָס ציט זיך אַזש פֿון אברהם אבינו.

פֿאַר דער פּסיכישער גאַנצקייט פֿון דעם יונגן ייִדישן דור, פֿאַר זיין גייסטיקן ישוב־הדעת, איז אַזוי נייטיק, אַז ער זאָל קענען די אורקוואַלן פֿון זיין פֿאָלק.

דאָס בוך ווירקט אינטים און אייגן אויך צוליב דעם, וואָס דער מחבר האָט עס געווידמעט זיין אייגענעם זון, צו זיין בר־מצווה. אָבער יעדער בר־מצווה־בחור האָט עפּעס אַ געפֿיל ווי אים געהערט אַ חלק פֿון דער ווידמונג. אויך אים האָט דער מחבר געמיינט.

ד״ר עזריאל אייזענבערג האָט זיין ניי בוך — „דאָס גאָלדענע לאַנד״ * — געווידמעט לעסטער מאַרטין (1907—1959) „וואָס האָט דורך מאַרטין און גרענד סטריט בויס׳ פֿונדאַציעס, אָוועקגעגעבן אַ גרויסן טייל פֿון זיין איך, פֿאַר דעם פֿונדאַמענטאַלן אַמעריקאַנער פּרינציפּ פֿון גלייכער געלעגנהייט — אַן אונטערשיד פֿון ראַסע, גלויבן און קאָליר״.

דער „בר־מצווה־אוצר״ הייבט זיך אָן מיט אַ פּאַטעטישער מעשה, וואָס הייסט: „איך קען מיין נאָמען״ (אַי נאָו מיי נעים). אויף ייִדיש וואָלט מען געדאַרפֿט זאָגן: „איך ווייס ווער איך בין״, אָדער „איך קען מיין אָפּשטאַם״.

„דאָס גאָלדענע לאַנד״ הייבט זיך אָן מיט אַ קאַפּיטל פֿון לואי זאַראַס בוך — „געבענטשט זאָל זיין דאָס לאַנד״, וואָס איז דערשינען אין 1954, בעת מען האָט געפֿייערט דעם דרייהונדערט־יאָריקן יובֿילײ זינט ייִדן זענען געקומען קיין אַמעריקע.

דאָס קאַפּיטל, וואָס ד״ר עזריאל אייזענבערג האָט אַריינגענומען אין בוך איז וועגן דער ערשטער גרופּע פֿון דריי און צוואַנציק ייִדן, וואָס זענען געקומען קיין ניי־אַמסטערדאַם פֿון בראַזיל אין יאָר 1654 — מיט אשר לעווי בראש, אָדער ווי דער מחבר גיט אָן זיין פֿולן נאָמען: אשר (אַמסער) לעווי וואַן סוועלעס.

לואי זאַראַ האָט זיין בוך „דאָס געבענטשטע לאַנד״ געשריבן אין דער

---

* The Golden Land, Edited by Azriel Eisenberg, New York, Thomas Yoseloff, London 1964, 518 pp.

פאַרעם פון אַן אויטאָביאָגראַפּיע; אין דעם ערשטן קאַפּיטל פיגורירט נאָך נישט דער פאַרעקשנטער און בייזער גובערנאַטאָר פון ניי־אַמסטערדאַם, פּעטער סטייוועסאַנט. עס גייט אָבער אָן אַ „לעבעדיקער דיאַלאָג" רעדנדיק אויף אונדזער הייליקן לשון, צווישן די ניי־געקומענע יידן און דעם המון, וואָס האָט זיי אַרומגערינגלט ביים ברעג ים אין ניי־אַמסטערדאַם מיט זיינע טויזנט איינוווינער.

די דריי און צוואַנציק יידישע פּיאָנערן זענען געווען איבערראַשט און דערפרייט, ווען זיי האָבן אויסגעפונען, אַז צווישן די נייגעריקע ביים ברעג ים, האָט זיך אויך געפונען אַ ייד, יעקב באַרסימסאָן, וואָס איז שוין געווען אַ תושב אין דער קאָלאָניע אַ גאַנצן חודש. זיי האָבן זיך דערקענט דורך דער באַגריסונג, שלום־עליכם — עליכם־שלום.

„דער אַלטגעזעסענער ייד" איז אָהערגעקומען דעם 22סטן אויגוסט מיט דער שיף „דע פּערעבום" אין אַ ספּעציעלער שליחות צו לאָזן וויסן די עלטסטע פון אַמסטערדאַם אויב עס זענען פאַראַן מעגלעכקייטן, אַז יידן זאָלן קענען אַהער עמיגרירן.

באַלד אין ערשטן קאַפּיטל געפינען מיר אַחוץ אַזעלכע יידישע אויס־דרוקן, ווי: „שלום עליכם" און „עליכם שלום", אויך „לחיים", „שמחת־תורה", „גם זו לטובה" און אַפילו „מנין", וואָס איינער פון די ניי־געקו־מענע יידישע פּיאָנערן זאָגט, אַז ער וואָלט אַ האָר נישט איבערראַשט גע־ווען, ווען ער וואָלט אויסגעפונען, אַז בעת קאָלומבוס האָט זיך צום ערשטן מאָל באַגעגנט מיט די אינדיאַנער, האָט אים אַ ייד באַגריסט מיט „שלום עליכם" און אים פאַרבעטן צו אַ מנין.

צום שבח פון ד"ר אייזענבערגן דאַרף געזאָגט ווערן, אַז ער באַמיט זיך אין די אויסגאַבעס פאַר קינדער און יוגנטלעכע אַריינצונעמען יידישע באַגריפן. אָט האָב איך אין בר־מצווה־בוך געפונען אַזעלכע ווערטער, ווי: סידור, על־חטא, כהן, דוכענען, שמע־ישראל, כל־נדרי, קדיש, שבת, טלית, תפילין, מצווה, מה־נשתנה, עם ישראל חי וכדומה, וואָס זענען טראַנס־ליטערירט.

די דאָזיקע טערמינען זענען דאָך נישט סתם ווערטער, נאָר סימבאָלן, ממש גאַנצע אינסטיטוציעס, וואָס דערציילן וועגן יידישן לעבנס־שטייגער.

אין דער אַנטאָלאָגיע — „דאָס גאָלדענע לאַנד", האָט זיך ד"ר עזריאל אייזענבערג געשטעלט פאַר אַ ציל איבערצוגעבן ווי אַזוי אַמעריקע שפּיגלט

זיך אָפּ אין דער יידישער גייסטיקער שאַפונג, און די געשיכטע און פּראָב־לעמען פון אונדזער גרעסטן יידישן ישוב.

דאָס בוך גיט דעם לייענער אַ ליטעראַרישן פּאָרטרעט פון אַמעריקאַנער יידנטום פון זיין סאַמע בראשית ביזן היינטיקן טאָג.

אין דער אַנטאָלאָגיע זענען פּאָרטרעטן עטלעכע און אַכציק שרייבער דורך דערציילונגען, עסייען, אָפּהאַנדלונגען — קלענערע און גרעסערע, פּאָע־מעס און פראַגמענטן.

לאָמיר דערמאָנען עטלעכע שריפטשטעלער, וואָס ד״ר אייזענבערג האָט אַריינגענומען אין זיין אַנטאָלאָגיע: מרדכי מ. קאַפּלאַן, מאָריס סעמיועל, טשאַרלס אַנגאָף, סעסיל ראָט, לודוויג לואיסאָן, ראָבערט גאָרדיס, מ. קאַלען, היינריך היינע, אַלפרעד קייזין, ישראל זאַנגוויל, הערמאַן וווק, פעליקס פראַנקפורטער — שרייבער און פערזענלעכקייטן פון פאַרשידענעם קאַלי־בער און ליטעראַרישע זשאַנערן.

אַוודאי זענען אין דער זאַמלונג אויך פּאָרטראַטן וויכטיקע יידישע שרייבער, דהיינו: י. י. שוואַרץ, אב. קאַהאַן, שלום אַש, שלום־עליכם, מאָריס ראָזענפעלד, משה נאַדיר, ז. ליביך, יוסף אָפּאַטאָשו, בצלאל שערמאַן און אַנדערע.

די אַנטאָלאָגיע איז איינגעטיילט אין צען אָפּטיילונגען. לאָמיר זיי אויסרעכענען ווי דער מחבר גיט זיין אָן:

אָנהייבן, פּיאָנערן־טעג, געטאָ, קאָנפליקט, דער צווייטער דור, אַנטאַ־גאָניזם, מלחמה, אַמעריקע און מדינת ישראל, אָפּשאַצונג, רעטראָספּעקט און פּראָספּעקט.

אין דער ערשטער אָפּטיילונג איז פאַראַן אַ בילד, אָדער דערציילונג פון ישראל זאַנגווילס „די טרוימער פון דער געטאָ״, וועגן מרדכי עמנואל נח.

פריער גיט אונדז דער מחבר, ד״ר עזריאל אייזענבערג, אַ בצימצום־דיקע ביאָגראַפיע וועגן ישראל זאַנגוויל, ווו ער רעכנט אויס זיינע ווערק און אויפטואונגען, און איידער ער ברענגט די דערציילונג, באַקענט ער אונדז מיט עמנואל נח: „גובערנאַטאָר און ריכטער פון ישראל״, מרדכי עמנואל נח (געבוירן אין פילאַדעלפיע 1775, געשטאָרבן 1851) איז מסתמא געווען דער קאָלירפולסטער ייד פון זיין דור. ער איז געווען אַן אַוואַנטו־ריסט, אַ פּיעסן־שרייבער, רעדאַקטאָר, ריכטער, פּאָליטיקער, דועליסט,

אַ קאָנסול פון די פאַראייניקטע שטאַטן אין טוניסיע, אַן אַמעריקאַנער פּאַט־ריאָט און איבער אַלץ אַ לאָיאַלער ייד. ער איז געווען אַן אָנהענגער פון עדגאַר אַלען פּאָ, אַ גרינדער פון ניו־יאָרק־אוניווערסיטעט און אַ פאַר־טיידיקער פון אַ יידישן שפּיטאָל אין ניו־יאָרק, וואָס איז מיט דער צייט פאַרווירקלעכט געוואָרן דורך דער גרינדונג פון מאָונט־סייני־שפּיטאָל. אָבער דאָס וואָס ס'האָט אים צום מערסטן באַרימט געמאַכט איז דער עיקר זיין וויזיע וועגן אַ יידיש היימלאַנד — אַ סך פריער פון טעאָדאָר הערצלען.

אַזוי איז ד״ר אייזענבערג זיך נוהג מיט יעדן איינציקן שרייבער, וואָס ער ברענגט אין דער אַנטאָלאָגיע און מיט יעדער זאַך פון שרייבער.

אין דער אָפּטיילונג „קאָנפליקט״ איז פאַראַן אַן אויסצוג פון אַלפרעד קייזינס „אַ שפּאַציר אין דער שטאָט״. דערביי דערציילט אונדז עזריאל אייזענבערג:

„אַלפרעד קייזין (געבוירן אין ברוקלין 1915), איז אַן אָנגעזעענער קריטיקער, לערער און רעדאַקטאָר. ער האָט געלערנט ענגלישע ליטעראַ־טור אין באַרימטע אוניווערסיטעטן, ער איז געווען אַ רעדאַקטאָר פון „פאָר־טון״ און „ניו רעפּאָבליק״. זיין אויטאָביאָגראַפיש בוך — „אַ שפּאַציר אין דער שטאָט״ האָט אַרויסגערופן גרויס אָנזען אין דער אַמעריקאַנער ליטעראַרישער וועלט. ער האָט אויך רעדאַגירט אַ זאַמלונג פון שלום־עליכמס מעשיות פאַר די „סעריעס פון מאָדערנע קלאַסיקער״. דער לייענער באַקענט זיך אויף אַזאַ אופן מיט אַ קיצור לעקסיקאָן און ווערק פון עטלעכע און אַכציק שרייבער, וואָס אַלע האָבן אַ שייכות צום יידישן לעבן אין אַמעריקע.

אין דער אָפּטיילונג „אין די פּיאָנערן־טעג״ איז אויך פאַראַן אַן אויסצוג פון י. י. שוואַרצס „קענטאָקי״. אויך דאָ דערציילט ד״ר אייזענבערג די ביאָגראַפיע פון י. י. שוואַרץ און וועגן זיין עפּישער פּאָעמע אין יידיש — „קענטאָקי״. עס איז אָנגעגעבן בלויז די איניציאַלן פון איבערזעצער A. E. דער אויסצוג איז אַן אָנזעעוודיקער פון קנאַפּע פיר געדיכטע זייטן.

לאָמיר פאַרגלייכן אַכט שורות:

When daylight faded by degrees
And sunset tinged the mottled sky,
The neighbors, country folk, met;

They were the owners of the land.
Men corpulent, with clumsy hands,
With necks and faces florid-red,
All wore white trousers loosely cut
And shirts wide open at the throats.

אין אָריגינאַל:

אַז ס'האָט דער טאָג דערנענטערט זיך צום סוף
און שטראַלן זענען ראָז און קרום געפאַלן,
דאַן זענען זיך צונויפגעקומען שכנים.
עס זענען אָנגעקומען שווערע באַלעבאַטים
מיט די פאַרגרעבט־מגושמדיקע הענט,
מיט רויט־פאַרפלאַמטע פנימער און קאַרקן,
און אַלע אין די ברייטע „ווייסע פלודערן"
מיט העמדער ברייט צעקנעפלטע ביים האַרצן.

מיר דוכט, אַז די איבערזעצונג איז גאָר אַ געלונגענע.

די שרייבער אויף יידיש זענען פאַרטראַטן מיט פאַסיקע דערציילונגען, עסייען און פראַגמענטן.

עס איז אַ שאַד, וואָס דער מחבר האָט פון שלום־עליכמען געבראַכט — דווקא „בערל אייזיק", וואָס איז גאָרנישט אין גייסט פון שלום־עליכמען און נישט כאַראַקטעריסטיש פאַר זיין לויטערן הומאָר. אויך משה נאַדיר האָט אַ סך בעסערע הומאָריסטישע דערציילונגען וועגן אַמעריקע ווי — „מיין ערשטער דעפּאָזיט", למשל: „ריווינגטאָן סטריט" און אַנדערע הומאָרעס־קעס.

גאָר אַ געלונגענע שטודיע איז בצלאל שערמאַנס „דריי דורות".

ד"ר האָראַס מ. קאַלענס עסיי וועגן דריי הונדערט יאָר יידיש לעבן אין אַמעריקע, האָט אַ גרויסן קולטור־היסטאָרישן ווערט. ער רופט די עסיי: „דרייהונדערט־יאָריקער יום־טוב אָדער יאָרצייט?".

עס איז כדאי צו וויסן פאַר וואָס דער גרויסער הומאַניסט, קעמפער פאַר פּלוראַליזם אין אַמעריקאַנער לעבן, דער פילאָזאָף האָראַס מ. קאַלען, רופט די עסיי — „יום־טוב אָדער יאָרצייט".

ער דערציילט עס גלייך אין אָנהייב פון דער עסיי:

„אין דער אייגענער צייט, וואָס מיר פּייערן דריי הונדערט יאָר יידיש לעבן אין אַמעריקע, פּייערט אויך קאָלאָמביע־אוניווערסיטעט זיין דרייהונ־דערט־יאָריקן יובילײ, אָבער וואָס פּאַר אַ קאָנטראַסטן אין די סימבאָלן אָדער טעמעס״.

„אויף דעם עמבלעם פון קאָלאָמביע־אוניווערסיטעט וועגן דעם מענ־טשנס רעכט אויף בילדונג, זענען פאַראַן עטלעכע העברעאישע ווערטער, אָבער אויף דעם עמבלעם פון אונדזער יידישן יום־טוב — דעם ,מענטשנס געלעגנהייט און אחריות אונטער פרייהייט׳ — איז נישט פאַראַן קיין איין און איינציק יידיש וואָרט״. דערפאַר רופט עס ד״ר האָראַס מ. קאָלען — „יום־טוב אָדער יאָרצייט״.

עזריאל אייזענבערג פאַרדינט אַ גרויסן יישר כוח פאַר אַריינגעמען אויך די עסיי אין זיין אַנטאָלאָגיע — „דאָס גאָלדענע לאַנד״.

עס איז איבעריק צו זאָגן, אַז „דאָס גאָלדענע לאַנד״ דאַרף זיך גע־פינען אויפן שרייבטיש פון יעדן יידישן לערער און בכלל פון יעדן אינטע־ליגענטן ייד.

עס איז אַ ווערק פון גרויסן פאַרנעם וועגן יידיש לעבן אין אַמעריקע.

# אברהם רייזען און די יידישע שול

(צו זיין 75־יאָריקן געבוירנטאָג)

אברהם רייזען איז אַ פענאָמענאַלע דערשיינונג אין אונדזער יידישער ליטעראַטור. ער איז נישט בלויז פון די ראשונים, איינער פון אונדזערע קלאַסיקער, וואָס זיינע פּאָעטישע שאַפונגען וועלן לעבן אַזוי לאַנג, ווי אונדזער פאָלק, נאָר אויך אברהם רייזען דער מענטש איז אַ יחיד במינו. לעגענדעס גאַנצע האָט שוין דאָס פאָלק אויסגעפאַנטאַזירט וועגן זיין דיכטער. אברהם רייזען איז אַזוי טיף אַריינגעוועבט אין דעם פאָלק, אַז אַ צוקונפטיקער היסטאָריקער, וואָס וועט וועלן שרייבן וועגן דער תקופה פון אברהם רייזען, וועט מוזן פריער גוט דורכשטודירן זיינע דערציילונגען און לידער, און זייער צאָל גרייכט מסתמא אין די טויזנטער, איידער ער וועט זיך אַוועקזעצן שרייבן דאָס דאָזיקע קאַפּיטל יידיש געשיכטע.

און וואָלטן מיר געהאַט יידישע אוניווערסיטעטן, וואָלטן סטודענטן־אַקאַדעמיקער, וואָס האָבן אַ חוש פאַר עסטעטיק און עטיק (מידות טובות), געשריבן דאָקטאָר־דיסערטאַציעס אויף די טעזן: אברהם רייזען דער סאָציאַלער דיכטער, אברהם רייזען דער נאַציאָנאַלער משורר, אברהם רייזען דער ליריקער, וויזיעס פון גאולה אין אברהם רייזענס שאַפן, אברהם רייזענס השפעה אויף אונדזער דיכטונג, אברהם רייזען, דער שרייבער און מענטש פון מידת הרחמים. וואָרעם אברהם רייזען דער מענטש, דער לויטערער און ליכטיקער, וואָס איז מקרב יעדן איינציקן, וואָס האָט תמיד אַ גוט וואָרט און געדולד פון אַ הלל הצדיק, אַפילו פאַר דעם פשוטסטן פאָלקסמענטש, איז גאָר אַ באַזונדער און גרויס קאַפּיטל. למשל, ווען אברהם רייזען קומט אויף אַ מסיבה, אין אַ יידישער שול, קען ער אומגעפּער אַ זאָג טאָן צום עולם, וואָס באַגעגנט אים מיט אומבאַגרענעצטער ליבשאַפט, דרך־ארץ און התפּעלות: יידישע טאַטע־מאַמעס, איר זענט אַלע פּאָעטן און בענקט נאָך עפּעס שיינס, מענטשלעכס, איר וואָלט אַפילו געקענט אָנשרייבן לידער, נאָר איר האָט פּשוט קיין צייט נישט, איר דאַרפט אַרבעטן און פאַרדינען אויף חיונה. דערצו האָט איר אַזוי פיל זאָרג, דאגות און אַמאָל עגמת־נפש אויך. נו, שרייבן פאַר אייך לידער די דיכטער און פּאָעטן. קיין דאַנק קומט זיי נישט דערפאַר. אַזעלכע רייד קענען קלינגען זייער פּשוט, אָבער דאָס איז יענע תמימותדיקע פּשטות נישט פון יחידי סגולה, נאָר פון איין אברהם רייזענען. יעדער איינער פילט זיך מיט אַ מאָל, אַז ער איז עפּעס אַ יש אויף גאָטס וועלטל. דאָס האָט עפּעס אין זיך פון חסידות, אין זיין ערשטער געלייטערטער עפּאָכע.

אברהם רייזען איז אַ וויכטיקער אָפּשניט אין לעבן פון דער שול. אַנומלט האָט מיר געוויזן אַ געוועזענע תלמידה, וואָס איז איצטער אַליין אַ לערערין אין אַ הייַ־סקול, איר דיפּלאָם פון יידישער שול, און מיט שטאָלץ מאַכט זי: זעט, אָט איז אברהם רייזענס אונטערשריפט, און תוך כדי דיבור הייבט זי אָן זינגען אברהם רייזענס אַ ליד. די דאָזיקע יונגע אַמביציעזע לערערין האָט שוין אַ סך דיפּלאָמען, זי נעמט זיך אָבער איבער מיט דעם דיפּלאָם אויף וועלכן אברהם רייזען האָט זיך געחתמעט. אברהם רייזענס כאַראַקטעריסטישע אונטערשריפט געפינט זיך אויף הונדערטער דיפּלאָמען פון יידישע תלמידים.

סוף לערניאָר, בעת עס קומען פאַר די גראַדואירונגען אין די יידישע

שולן, איז אברהם רייזען דער אליהו הנביא פון אונדזער צייט. איר קענט אים זען אין איין אָוונט אויף עטלעכע שול־שמחות; אָפט מאָל אין פאַר־שידענע געגנטן, ווו עס איז אַ ווייטער מהלך פון איין שול צו דער צווייטער. ווי אַזוי ער באַוויזט דאָס צו טאָן, דאָס איז זיין סוד. און אברהם רייזען בלאָנדזשעט קיין מאָל נישט, ווען ער דאַרף קומען אין אַ יידישער שול, ער טרעפט אַליין דעם וועג.

אין דעם לימודים־פּראָגראַם פון די יידישע עלעמענטאַרע און מיטל־שולן פאַרנעמט אברהם רייזען דעם סאַמע אויבנאָן. עס דאַרף נישט דויערן לאַנג און אָנקומען שווער, אַז דער לערער זאָל, כהרף־עין, שאַפן אַ שטימונג. ער דאַרף בלויז אָנשרייבן אויפן טאָוול:

און זאָל ווי ווייט, נאָך זיין די צייט,
פון ליבע און פון שלום,
דאָך קומען וועט, צי פרי, צי שפּעט —
די צייט. עס איז קיין חלום.

אָדער די קינדער זאָלן אַ לייען טאָן אין די לערנביכלעך:

פאַרלאָשן זענען מיינע שטערן,
און פינצטער איז די לאַנגע נאַכט,
דאָך הייבט מיר ליכטיק אָן צו ווערן,
ווען כ׳צינד די ליכטלעך אָן די אַכט.

אָדער:

זאָג, מאַראַן, דו ברודער מיינער,
וווּ איז גרייט דער סדר דיינער?

שלום־עליכם און אברהם רייזען, אים צו לאַנגע יאָר, האָבן אַזוי שטאַרק געוווּנען דאָס האַרץ פון יידישן קינד צוליב די יידיש־מענטשלעכע מאָטיוון פון זייערע ווערק.

אַוודאי שאַפט י. ל. פּרצעס אַ פאָלקס־מעשה, אין אַ מיטלשול־קלאַס, קדושה, דערהויבנקייט, נשמה־יתירהדיקייט, איר מוזט אָבער פריער גוט „צוגרייטן דעם באָדן“.

שלום־עליכמס „פּאָן“, אברהם רייזענס „רייזעלע“ קען מען זיך תּיכף אָוועקזעצן לייענען און דער רחמנות־געפיל און די געלייטערטע גוטסקייט גיסט זיך איבער אויף די קינדער און מאַכט זיי בפּועל ממש פאַר בעסערע מענטשן, לערנט זיי מידות טובות.

אַוודאי איז נישט די עובדא פון ליטעראַטור צו „מאָראַליזירן“; אַ שרייבער, וואָס שטעלט זיך פאַר אַ ציל צו שרייבן אַזעלכע זאַכן, וואָס זאָלן „פאַרבעסערן“ דעם מענטשן, דערגרייכט פּונקט דאָס היפּוכדיקע, ער „פאַרכאַסט“ בדרך כלל אַזאַ לייענשטאָף, וואָס לאַנגווייליקט.

אמת קינסטלערישע ווערק פאַרשאַפן דעם לייענער עסטעטישן געניס, פיינערן אויס זיין געשמאַק, לערנען אים עפּעס.

אַ סך פון אברהם רייזנס דערציילונגען זענען אַזעלכע קינסטלערישע כּובטעלע, וואָס נאָך דעם ווי מען לייענט זיי איבער, פאַרבלייבן זיי אויף שטענדיק אין זכרון און ווערן אַ טייל פון אונדזער וועלט־באַנעם.

אברהם רייזען האָט אַ דערציילונג וועגן אַ קאָנדוקטאָר, וואָס פירט אַ „קאַר“ אויף אַ קליינעם מהלך. די גאַנצע נסיעה דויערט בסך־הכל עטלעכע מינוט, און ער פאָרט הין און צוריק אָן שיעור מאָל אין משך פון טאָג. און דער קאָנדוקטאָר הייבט אָן חלומען צו פירן אַ טראַמוויי אויף אַ גרויסן מהלך, און די רייזע זאָל דויערן לאַנג, זייער לאַנג, און די פּאַנאָראַמע זאָל זיין אַ רייכע, מיט אַ האָריזאָנט, ער זאָל זען אַ וועלט און די וועלט זאָל אים זען.

אַזעלכע פילאָזאָפיש־סוגעסטיווע סקיצעס, בילדער, דערציילונגען האָט אברהם רייזען געשריבן גאָר אַ סך. מיר בלייבן זיצן נאָכן איבערלייענען מיט אַ מאָנענדיקער בענקשאַפט, מיט אַ באַגער נאָך עפּעס העכערס, נאָך עפּעס שיינס.

אברהם רייזען האָט אַ סך פּסיכאָלאָגישע דערציילונגען פון אונדזער פאַרשניטענער יידישער וועלט, דערציילונגען, וואָס זענען אויסגעהאַמערט, אויסגעקריסטאַליזירט און געשריבן מיט אַ פּאָעטישן ריטעם. ווי אַ שטייגער „דער בוים“ און „איוב“.

הגם אַ סך פון אברהם רייזענס דערציילונגען זענען טיף־יידיש לויט זייער גאַנצן תּוכן און מיליע, פון דעסטוועגן זענען דאָס ממש אוניווערסאַלע ווערק, וואָס זייער ווערט איז נאָך נישט גענוג אַנטפּלעקט געוואָרן.

אברהם רייזען האָט אַ סך געשריבן וועגן יידישן יום־טוב. און ער באַגריסט טאַקע אַריין דעם יידישן יום־טוב אין אונדזערע שולן.

בכל תפוצות ישראל, אויף וויפל מען קען נאָך ניצן דעם דאָזיקן טערמין, וווּ עס ווערט נאָך געלערנט דאָס לעבעדיקע יידישע וואָרט, וווּ עס געפינען זיך נאָך יידישע שולן, זינגען יידישע קינדער און דעקלאַמירן מיט התמדה, מיט ליבשאַפט, אברהם רייזענס לידער און „שפּילן אויס" זיינע „צוויי ברידערלעך", „ווען עסט די מאַמע", „מיינע ערשטע לידער", „פאַר־שפּעטיקט", אָדער „סכך אויף סוכות" און צענדליקער אַנדערע לידער און מעשיות פון אונדזערע דיכטער.

אפילו ביי היינטיקע תלמידים, וואָס קומען פון עלטערן פון צווייטן און דריטן דור, רופט נאָך אַרויס אַן אינערלעכער ציטער און אַ טרער, ווען דער לערער לייענט פאַר אָדער „זינגט", נאָך אַ דערקלערונג, אברהם ריי־זענס „גמרא־ניגון", וואָרעם אברהם רייזען פאַרמאָגט יענע עלעמענטן, וואָס זענען סיי יידיש, סיי אַלמענטשלעך.

אברהם רייזען איז נישט בלויז געשטאַנען ביים אָנהייב פון אונדזער מאָדערנער יידישער ליטעראַטור, נאָר ער האָט טאַקע, פשוטו כמשמעו, געהאָלפן שאַפן די נייע יידישע ליטעראַטור. ער איז דער קערנדיקסטער טייל פון איר.

אברהם רייזענס „אויטאָביאָגראַפיע" (מיר האָפן, אַז עס וועלן אויך בקרוב דערשיינען די אַנדערע טיילן), איז די ביאָגראַפיע פון יידישן שריי־בער, יידישן בוך, פון ליטעראַרישע געשעענישן; דאָס זענען געדאַנקען און אידעען פון דער סביבה, אין וועלכער ער געפינט זיך, זינט ער האָט אָנגעה־הויבן שרייבן מיט כמעט זעקס צענדליק יאָר צוריק, ביז הונדערט און צוואַנציק יאָר.

קיין אַנדער וועלט אַחוץ די ליטעראַריש־קינסטלערישע, עקזיסטירט נישט פאַר אונדזער דיכטער.

עס איז נישטאָ קיין שענער בילד, ווי בעת אַ תלמיד דעקלאַמירט אויף אַ שול־יום־טוב אַ ליד פון אברהם רייזענען, אָדער פון י. ל. פרצן, יהואשן, מאַני לייבן, מאָריס ראָזענפעלדן, ה. לייוויקן, א. ליעסינען, צי וועלכן עס איז אַנדער שרייבער. און ווען דער תלמיד פאַרגעסט אַ וואָרט און בלייבט שטיין פאַרלאָרן, זאָגט אים אברהם רייזען אונטער „דאָס פאַרגעסענע וואָרט".

אברהם רייזענס ליכטיקייט לייכט־אויף אויפן גאַנצן פאַרזאַמלטן עולם

— אויף די קינדער, עלטערן, לערער, און ברענגט אונדז, לפּחות אויף אַ ווייל, אין אַ וועלט פון גליקזעליקייט.

1951

# י. קאַמינסקי — באַקאַנטער שול־טוער

י. קאַמינסקי, וועלכער ווערט איצט זיבעציק יאָר אַלט, האָט זיך אין גאַנצן געווידמעט דער יידיש־וועלטלעכער שול־באַוועגונג, אָדער ווי עס איז די טענדענץ אין די לעצטע יאָרן זי צו רופן — די יידישע שול־באַוועגונג, אָן דעם וואָרט „וועלטלעך״.

קיין אַנדער לעבן אַחוץ דער שול עקזיסטירט נישט פאַר אים.

שוין בערך פיר צענדליק יאָר ווי י. קאַמינסקי איז פאַרבונדן מיט דער יידישער שול־באַוועגונג. ער איז געשטאַנען ביים וויגעלע פון דעם שלום־עליכם־פאָלקס־אינסטיטוט און האָט נישט נאָר געהאָלפן גרינדן, נאָר איז געווען דער פאַקטישער גרינדער פון די צוויי וויכטיקסטע צווייגן פון שלום־עליכם־פאָלקס־אינסטיטוט: פאַרלאַג „מתּנות״ און קעמפּ בויבעריק, און אויך דער מיטגרינדער פון „קינדער־זשורנאַל״, חודש־זשורנאַל פאַר יידישע קינדער.

אין די לעצטע יאָרן איז י. קאַמינסקי דער רעדאַקטאָר פון „קינדער־ציַיטונג״, וואָס דער בילדונגס־קאָמיטעט פון אַרבעטער־רינג גיט אַרויס.

י. קאַמינסקיס ערשטע לערנבוך „איך לערן זיך יידיש״, וואָס דער בילדונגס־קאָמיטעט פון אַרבעטער־רינג האָט מיט יאָרן צוריק אַרויסגעגעבן, איז דערשינען אין אַ סך אויפלאַגעס און איז פאַרקויפט געוואָרן אין העכער דרייסיק טויזנט קאָפּיעס. אויך זיין פּרעכטיק „אלף־בית״־ביכל, וואָס ווערט דעקלאַמירט פון יינגערע קינדער אומעטום, ווו עס געפינען זיך נאָר יידישע שולן — אין ניו־יאָרק, בוענאָס־איירעס, מעקסיקע, מאָנטרעאָל, וויניפּעג, ביז דער וויַיטער קאַלגאַרי — איז פאַרקויפט געוואָרן אין אַ סך צענדליקער טויזנטער עקזעמפּלאַרן.

די, וואָס זענען מבינים אויף ליטאָגראַפיע, טיפּאָגראַפיע, סטערעאָטיפּאָגראַפיע און קאָלירן־דרוק, האַלטן י. קאַמינסקין פאַר גאָר אַ גרויסן בקי

אין דער דאָזיקער קונסט. ווען ער וואָלט זיך מיט דעם אָפּגעגעבן אויף ענגליש, וואָלט ער געוואָרן אַ נגיד; ביי אונדז איז ער בלויז געוואָרן אַן עושר אין אַ שלל פון שול־אויסגאַבעס און לערנביכער, וואָס ער האָט אַליין אַרויסגעגעבן אָדער געהאָלפן אַרויסגעבן.

באַזונדערס קומט צום אויסדרוק זיין חוש פאַר שיינקייט און ראַפּינירטער געשמאַק אין דער „קינדער־צייטונג". יעדעס ברעקעלע פּאַפּיר מוז זיין באַפּוצט מיט יידישער אָרנאַמענטיק, צי אין דער פאָרעם פון אייגנאַרטיקע און געכתיבעטע יידישע אותיות, אילוסטראַציעס, צייכענונגען, רעבוסן, רעטענישן, צונויפשטעל פון שפּיל און אַנדערע איינפאַלן, — אויף אַלצדינג געפינט זיך זיין ספּעציעלער חותם, און ער אַליין פּילט אויס היפּשע זייטלעך פון דער „קינדער־צייטונג".

ער האָט געשריבן הונדערטער לידלעך און מעשהלעך פאַר קליינע קינדער, פון קינדערגאָרטן־עלטער און בעת די קינדער מאַכן אין שול די ערשטע צייטיקע טריט; ער האָט אָבער אויך געשריבן אַ גרויסע צאָל מעשיות פאַר עלטערע תלמידים.

ער האָט צוגעטראָגן גאָר אַ וויכטיקן חלק צו דער יידישער קינדער־ליטעראַטור.

י. קאַמינסקי האָט אַריינגעבראַכט זיין אייגענעם זשאַנער אין זיינע לידלעך, מעשהלעך, מעשיות, שפּילן און שפּילערייען. הגם ער נוצט אַ גאַנץ אידיאָמאַטישן און צומאָל אויך אַ רייכן יידיש, איז דאָך זיין לשון הנעוודיק, שפּילעוודיק און לייכט. ער קען אויך די קונסט פון דערציילן אַ מעשה פאַר קינדער מיט שפּאַנונג און פאַנטאַזיע.

דאָס שרייבן פאַר יידישע קינדער איז בלויז איין אַספּעקט פון י. קאַמינסקיס רייכער שול־טעטיקייט. י. קאַמינסקי איז קודם־כל אַ שולטוער. דאָס איינשאַפן גוטע בענקלעך פאַר שול־קינדער איז ביי אים כמעט אַזוי וויכטיק ווי שרייבן פאַר זיי גוטע לידעלעך. ער פּרוווט פריער גוט אויס דאָס בענקל צי עס וועט זיין באַקוועם פאַרן תלמיד צו זיצן, שרייבן און באַוועגן זיך.

עס איז ממש נישט צו וועגן און מעסטן י. קאַמינסקיס פאַרדינסטן פאַר דער יידישער שול־באַוועגונג. ער האָט געעפנט די ערשטע שלום־עליכם־פאָלקשולן.

דעם קעמפּ בויבעריק, וואָס האָט זיך קונה שם געווען אונטער לייבוש

לעהרערס דירעקציע פֿאַר דעם מוסטער־קעמפּ פֿון אונדזער סביבה, האָט וגעגרינדעט י. קאַמינסקי.

מיינע חברים אין שלום־עליכם־פֿאָלקס־אינסטיטוט וועלן זיכער מיר נישט פֿאַררעכענען פֿאַר אַ טעות, ווען איך וועל צושרייבן י. קאַמינסקין דעם קרעדיט פֿון זיין דער גרינדער פֿון פֿאַרלאַג „מתנות".

וואָרעם פֿון דעם קליינעם פֿאַרלאַגל, וואָס קאַמינסקי האָט געגרינדעט אונטער דעם נאָמען „פֿאַר די קליינע קינדערסווערגן" און אַרויסגעגעבן די ערשטע זעקס קינדער־ביכלעך, צווישן זיי יעקב קרעפּליאַקס קלאַסישע מעשה „פֿאַרבלאָנדזשעט", איז דערנאָך אויסגעוואַקסן דער פֿאַרלאַג „מתנות", וואָס האָט שוין אונטער ליפֿע לעהרערס אָנפֿירונג געקריגן אַ וועלט־רעפּו־טאַציע.

עס דאַרף אויך דערמאָנט ווערן, אַז י. קאַמינסקי האָט געהאַט אַ היפּשן חלק, אויב נישט אין דער גרינדונג, איז אין דער אָנפֿירונג פֿון „קינדער־זשורנאַל", וואָרעם דער אמתער גרינדער פֿון „קינדער־זשורנאַל" איז גע־ווען דער לערער האַלמשטאָק.

י. קאַמינסקיס פּיאָנערישע שול־אַרבעט האָט זיך קיין מאָל נישט אויס־געצייכנט מיט „פּראַקטישער, פּלאַנירטער" אויסרעכענונג. ער איז גיכער געווען דער פֿאַנטאַזיאָר אין דער שול־סביבה. ער איז תמיד געווען און איז נאָך היינט אַ מענטש מיט וויזיע און אמונה. ער קען נאָך איצטער באַ־גייסטערן די הויפּט־טוער פֿון בילדונגס־קאָמיטעט פֿון אַרבעטער־רינג אַרויסצוגעבן געוויסע שול־ביכער און שול־מכשירים, וואָס פֿון פּראַקטישן שטאַנדפּונקט לוינט זיך עס זיכער נישט צו טאָן.

י. קאַמינסקיס קרוינווערק איז זיכער די „קינדער־צייטונג", וואָס ער רעדאַקטירט שוין אַכצן יאָר מיט אַ סך ליבע, זאָרגעוודיקייט און קינסט־לערישן געשמאַק. וואָלט ביי אונדז איינגעפֿירט געווען פּרעמירט צו ווערן פֿאַר אַזאַ אַרבעט, וואָלט י. קאַמינסקי געווען דער פּאַסיקסטער קאַנדידאַט.

צו זיין זיבעציק־יאָריקן יובילייט טראָגט זיך י. קאַמינסקי אַרום מיט נייע פּלענער. פֿאַרשטייט זיך, אַז זיי האָבן צו טאָן בלויז מיט דער יידי־שער שול. ער האָט געגרינדעט אַן אייגענעם פֿאַרלאַג און שוין אָנגעהויבן אַרויסצוגעבן ביכלעך פֿאַר דער יידישער שול. קיין מאַטעריעלע רייכטי־מער וועט ער שוין נישט אָנזאַמלען. אדרבא: ער דאַרף יעדעס מאָל לייען אַ „פּינפּערל", כדי אַרויסצוגעבן אַ ניי בוך (און דווקא יענעמס), און נאָך

דעם ווי ער צאָלט אָפּ דאָס „פּינפּערל‟, גיט ער דאָך אַרויס אַ ניי בוך און — בלייבט אַלץ אַ בעל־חוב...

דער הויפּט־פֿאַקטאָר, וואָס האָט גורם געווען, אַז י. קאַמינסקי, דער שול־טוער זאָל פֿאַרבינדן זיין לעבן מיט דער יידישער שול, איז געווען זיין באַציאונג צו יידיש. וואָרעם יידיש און אַלצדינג, וואָס איז פֿאַרבונדן מיט יידיש לשון, האָט געפֿונען אַ תּיקון אין דער יידישער שול.

דער יידישער שול־טוער, פֿון וועלכן י. קאַמינסקי איז דער אידעאַל־סטער פֿאָרשטייער, האָט אמונה, אַז עס וועט נאָך קומען אַ גרויסע אויפֿלע־בונג פֿאַר יידיש לשון. די אויפֿלעבונג קען קומען און דאַרף קומען אומע־טום ווו יידן לעבן, דער עיקר אין אַמעריקע און אין מדינת ישראל.

1954

## דער וועלט־צוזאַמענפֿאָר פֿאַר יידישער דערציאונג

אין דער וואָך פֿון 6טן ביזן 10טן מאַי 1965, וועט אין ניו־יאָרק פֿאָר־קומען אַ צוזאַמענפֿאָר פֿון די יידיש־וועלטלעכע שולן, וואָס ווערט צונויפֿ־גערופֿן אויף דער איניציאַטיוו פֿון דעם שול־צענטער ביים אַלוועלטלעכן יידישן קולטור־קאָנגרעס.

אין דעם צוזאַמענפֿאָר וועלן זיך באַטייליקן די יידישע שולן פֿון די פֿאַראייניקטע שטאַטן, די שולן פֿון קאַנאַדע, מעקסיקע, אַרגענטינע, בראַזיל, אורוגוויי, דרום־אַפֿריקע און אויסטראַליע. עס וועלן אָבער פֿעלן די יידישע שולן פֿון פּוילן, וואָס די דייטשן האָבן חרוב געמאַכט, צוזאַמען מיט אַלע אַנדערע אינסטיטוציעס. די שולן, וואָס געפֿינען זיך אין איצטיקן פּוילן וועלן אויך נישט זיין פֿאַרטראָטן צוליב פּאָליטישע טעמים.

ווי מיר זעען, וועט דאָס זיין דער ערשטער וועלט־צוזאַמענפֿאָר פֿון די שולן, ווו עס ווערט געלערנט יידיש. דאָס איז אַ היסטאָרישע געשעעניש וואָס קומט פֿאָר אין אַ וויכטיקן מאָמענט אין דעם לעבן פֿון דער יידישער שול.

עס איז בלי שום ספֿק פֿון גרויס וויכטיקייט, וואָס די רעפּרעזענטאַ־טיווסטע פֿאָרשטייער פֿון יידישן חינוך־וועזן וועלן קענען בפּרטיות דער־

ציילן וועגן מצב פון דער יידישער שול בכל תפוצות ישראל, אַזוי, אַז דער גאַנצער וועלט־צוזאַמענפאָר זאָל האָבן אַ קלאָר און אָביעקטיוו בילד וועגן דער יידישער שול מיט אַלע אירע שוועריקייטן, נויטן און פּראָבלעמען.

דער צוזאַמענפאָר וועט דאַרפן אַרויספירן דאָס יידישע שול־וועזן אויף נייע וועגן און פאַרמעסטן. ער וועט זיך זיכער נישט באַגנוגענען מיט בלויז באַריכטן און באַקענען מיט דער לאַגע פון דער יידישער שול אין די פאַר־שידענע לענדער, הגם פון די באַריכטן גופא קען מען לערנען אַ סך.

אויפן סדר היום וועלן מוזן אַוועקגעשטעלט ווערן אַזעלכע פונקטן, וואָס זענען נוגע די עיקר־פּראָבלעמען פון דער יידישער שול, ווו נאָר זי געפינט זיך.

לאָמיר פריער אָנווייזן אויף פונקטן פון „קלענערער וויכטיקייט", וואָס וואַרפן אָבער אַ העלן שיין אויף דעם פּעדאַגאָגישן מצב פון אונדזער יידישער שול.

אָט, למשל, פאַרמאָגן מיר נאָך נישט קיין יידיש עסייען־בוך, וואָס מיר זאָלן קענען געבן אין האַנט אַריין דעם תלמיד פון דער יידישער שול.

די יידישע עסיי שפּיגלט דאָך אָפּ די אַספּיראַציעס פון אונדזער פאָלק אין אונדזער לאַנגן גלות־לעבן, דעם עם־הספר, וואָס האָט געזוכט אין משך פון אַלע דורות דעם תיקון אין לערנען און אין מעשים־טובים, די באַציאונג בין אדם לחברו, דעם קאַמף פאַר קיום האומה, דער קידוש־השם און די מאַרטיראָלאָגיע פון אונדזער פאָלק, די ליכטיקע פּערזענלעכקייטן, וואָס האָבן באַשטראַלט אונדזער לעבן; דאָס אַלץ קען דינען דעם צוזאַמענשטעלער פון אַן עסייען־בוך ווי אַ ריכט־שנור.

די יידישע שול האָט אַ ריי מאָנאָגראַפיעס פון יידישע פּערזענלעכקייטן, וואָס זענען פּאַסיק פאַר די לעצטע קלאַסן פון דער פאָלקשול און ערשטן קלאַס מיטלשול, דהיינו: וועגן רש"י, רבינו גרשום, רמב"ם, דון יצחק אברבנאל, אַפילו וועגן יידישן פויפּסט, דאָס איז פיין און וויל.

מיר לעבן אָבער אין אַ תקופה אַן טיפערע אידעאַלן, וואָס זאָלן קענען משפּיע זיין יוגנטלעכע, וואָס זענען קריטיש און צו מאָל אויך אַ ביסל ציניש. מיר דוכט, אַז אַ גוט־געשריבענע מאָנאָגראַפיע וועגן דער פּערזענ־לעכקייט פון משה העס וואָלט געהאַט אַ ווירקונג אויף אונדזערע יידישע יוגנטלעכע אין די מיטלשולן און לערער־סעמינאַרן.

איך ווייס נישט פון נאָך אַ מענטש, וואָס זאָל האָבן אַזוי ווי משה

העס אַרויסגעבראַכט דעם סינטעז פון די עטישע און גייסטיקע יידישע ווערטן פון אַלע דורות מיט די היינטצייטיקע עקאָנאָמישע און סאָציאַלע פּראָבלעמען, און מיט אַ בענקשאַפט נאָך וועלט־גאולה, ווו אויך דאָס יידישע פאָלק זאָל לעבן און גערייען אין אַ וועלט, געבויט אויף די יסודות פון דער יידישער עטיק. משה העס, וואָס האָט אַדורכגעמאַכט גייסטיקע גילגולים, איז מיט זיין לעבן געוועזן אַ מוסטער פון די העכסטע עטישע פּרינציפּן. אַוודאי דאַרפן אין אַזאַ מאָנאָגראַפיע אַריינגעפלאָכטן ווערן גוט־באַאַרבעטע קאַפּיטלעך פון זיין לעבנסווערק „רוים און ירושלים“.

ווייניק באַוועגונגען אין יידישן לעבן אין די לעצטע הונדערט יאָר, קענען אַזוי אָנצינדן די פאַנטאַזיע, באַזונדער פון דעם יוגנטלעכן, ווי דער ציוניזם און דער שאַפער פון ציוניזם, ד"ר טעאָדאָר הערצל. דאָס גיט דעם יוגנטלעכן לייענער גייסטיקן כוח און אויך בטחון און וויזיע, אָבער ליידער האָבן מיר נאָך נישט אַזאַ מאָנאָגראַפיע וועגן טעאָדאָר הערצל.

אַוודאי זענען דאָס, און ענלעכע פּונקטן, „טריוויאַלע“ זאַכן לגבי די גרויסע פּראָבלעמען, וואָס דער וועלט־צוזאַמענפאָר וועט דאַרפן באַהאַנדלען. דאָך איז דאָס סימפּטאָמאַטיש פאַר דעם מצב פון „דער אָרעמער יידישער שול“, וואָס אברהם רייזען האָט אַזוי באַהאַרצט און פול מיט ליבשאַפט באַזונגען.

נישט איין מאָל איז אויסגעקומען צו הערן פון געסט־דערציער, וואָס זענען אַהערגעקומען, למשל, פון אַרגענטינע, צי פון אַן אַנדער לאַנד, אויף קורצע באַזוכן און געמאַנט פון רייכן ניו־יאָרקער יידישן ישוב: גיט אונדז פאַסיקע לערנביכער פאַר דער יידישער שול!

דאָס קאַרדינאַלסטע פּראָבלעם פון דער יידישער שול איז היינט צו טאָג: דער דוחק אין יידישע לערער. דאָס איז נוגע אַלע שול־ריכטונגען. אָבער די העברעאישע שולן און ישיבות האָבן אַ ריי סעמינאַרן, ווו עס ווערן צוגעגרייט לערער, און בעיקר שיקט זיי די יידישע מדינה לערער, וואָס פאַרבלייבן אין די לענדער אויף עטלעכע יאָר, אַנדערע לערער קומען אַליין להשתקע, און דאָך איז אויך אין די רעליגיעז־העברעאישע אינסטי־טוציעס אַ דוחק אין לערער.

ווי אַ לערער אין די יידישע שולן העכער פיר צענדליק יאָר, קען איך אָנווייזן אויף אַ היפּשע צאָל תלמידים מיינע, וואָס פאַרנעמען וויכטיקע פּאָזיציעס אין אַמעריקאַנער שול־וועזן, אָבער ליידער קען איך זיך נישט

איבערנעמען מיט דער צאָל פון אַזעלכע תלמידים, וואָס זענען געוואָרן יידישע לערער אָדער לערערינס.

שולדיק איז בעיקר „דאָס עקאָנאָמישע פּראָבלעם". אַפילו די מער אידעאַליסטישע תלמידים, וואָס האָבן לכתחילה ביי זיך באַשטימט מוותר צו זיין אויף די „עקאָנאָמישע אינטערעסן" און גרייטן זיך צו ווערן יידישע לערער, האָבן מיט ווייניק אויסנאָמען, לאַנג נישט אויסגעהאַלטן יידישקייט. אַ שטיקל צייט האָבן זיי אַפילו געלערנט אין די שולן ווי געהילף-לערער, אָבער נישט זיי און נישט טאַטע-מאַמע האָבן אין דעם געזען אַ תכלית.

כל-זמן יידישע לערעריי וועט נישט ווערן אַן ענין פון פּרנסה, פון אַ בכבודיקער פּרנסה, ווי ס'איז לפּחות די אַלגעמיינע שול ביי אונדז אין אַמעריקע, קען נישט זיין קיין רייד וועגן צוציען און פאַראינטערעסירן די יידישע אַקאַדעמישע יוגנט אין דער יידישער שול.

דער עלטערער יידישער אידעאַליסטישער לערער, דער בויער פון דער יידישער שול, ווערט פון טאָג צו טאָג ווייניקער און ווייניקער; דער נייער, יוגנטלעכער יידישער לערער, און אַזעלכע זענען פאַראַן ביי אַלע אונדזערע שול-ריכטונגען, זוכט קודם-כל אַ תכלית אין זיין פאַרבינדונג מיט דער יידישער שול.

ווען די יידישע קהילות קענען פאַרזיכערן דעם „תכלית" פון די נייע יונגע לערער, און נישט זוכן ביי זיי קיין אידעאַליזם, ווען זיך דעמאָלט געפינען בעלנים צווישן די יידישן סטודענטן, וואָס ווען זיך גרייטן צו זיין יידישע לערער. זיי ווען, פאַרשטייט זיך, זיין אַנדערע לערער ווי דער פּיאָנערן-דור. יענע לערער זענען דאָך געווען פאַרוואָרצלט אין דער יידיש-גייסטיקער ירושה פון אַלע דורות. דער נייער דור יידישער יוגנטלעכער לערער וועט זיך האָבן זיינע מעלות, וואָס ווען זיי צוגעפּאַסט פאַר די נייע קאָנטינגענטן קינדער.

דאָס פּראָבלעם ווי אַזוי צו געווינען די יידישע יוגנטלעכע פאַר דער יידישער שול, וועט זיין איינע פון די עיקר-פראַגן אויפן וועלט-צוזאַמענפאָר פאַר יידישער דערציאונג.

דער צוזאַמענפאָר וועט זיכער אויפנעמען פּראָבלעמען אין שייכות מיט דעם קוריקולום פון דער יידישער שול. גרויסע שינויים זענען דאָך אין משך פון די לעצטע יאָרן פאָרגעקומען אין דעם לימודים-פּראָגראַם. די ענדערונגען פילן זיך שטאַרק אין די לערנביכער.

די יידישע שול האָט זיך געשטעלט מיטן פּנים צו דער יידישער טראַ־ דיציע. די שול, באַזונדערס די מיטלשול, זוכט צו באַקענען די תלמידים מיט אונדזער אַלטער און דורותדיקער יידישער קולטור־ירושה. דאָס וואָס ווערט דערציילט אין אַ סך יידישע ווערק פון אונדזערע גרויסע קינסטלער, שפּיגלט אָפּ אונדזער לעבן, דעם קאַמף פאַרן קיום, די חלומות און האָפע־ נונגען פון דורות יידן. אויף דער יידישער ליטעראַטור ליגט דער חותם פון דעם בשותפותדיקן גורל פון אונדזער פאָלק. דאָס זענען נישט סתם עסטעטישע שאַפונגען, לירישע געזאַנגען און אידל־ראַפינירטע איבער־ לעבונגען פון סובטעלע און געפּילפּולע יידיש נשמות. די גרויסע ווערק פון דער יידישער ליטעראַטור איז דער חשבון הנפש, וואָס אונדזער פאָלק האָט געפירט פאַר זיך, פאַר דער וועלט און פאַר די קומענדיקע דורות.

די יידיש־וועלטלעכע שול איז די אָפּהיטערין פון דער יידישער ליטע־ ראַטור, דאָס אַליין איז אַן עיקרדיקע פאָלקס־שליחות.

אפילו אין די העכערע יידישע לערנאַנשטאַלטן, ווי אין דעם ישיבה־ אוניווערסיטעט און אין דעם טעאָלאָגישן סעמינאַר, שוין אָפּגערעדט פון די ישיבות־קטנות — די טאָגשולן, ווערט נישט געלערנט קיין יידיש, און במילא נישט די יידישע ליטעראַטור, סיידן אין איבערזעצונגען.

ווי אַזוי קענען דאָס העכערע יידישע לערן־אינסטיטוציעס פועלן ביי זיך אַרויסצולאָזן מחנכים, רבנים, ראַביים, וואָס זאָלן נישט קענען קיין שייטל יידיש און נישט די מאָדערנע יידישע ליטעראַטור? דאָס איז אַ נאַציאָנאַלער חטא, וואָס מוז זיך אָפּרופן אויף די קומענדיקע יידישע דורות.

אויך אויף דער דאָזיקער אַנאָמאַליע וועט מוזן רעאַגירן דער וועלט־ צוזאַמענפאָר פון יידישער דערציאונג.

דער געדאַנק פון אַזאַ צוזאַמענפאָר פאַר דער יידישער שול איז שוין אויפגעקומען אין דער צייט פונעם וועלט־צוזאַמענפאָר פאַר דעם יידישן חינוך, וואָס איז פאָרגעקומען אין אויגוסט 1962 אין ירושלים.

די יידיש־וועלטלעכע שול, וואָס איז שוין אַריינגעטראָטן אין דעם זעקסטן יאָרצענדליק, איז קיין מאָל נישט געווען אימפּעריאַליסטיש, זי האָט נישט געפּרוווט פאַרכאַפּן די יידישע גאַס דורך אָנווענדן לאָזונגען, וואָס זענען נישט אין הסכם מיט איר אידעאישן איינשטעל. זי איז געווען און אויך פאַרבליבן אַ מיעוט־שול; זי איז אָבער אַן אינטעגראַלער טייל פון גאַנצן יידישן חינוך, און האָט נאָך אַלע מעגלעכקייטן זיך צו צעוואַקסן.

לעת־עתה האָט זי נאָך נישט אָנגערירט די פּעריפעריע פון דער יידישער עלטערנשאַפט. לויט דער אידעאָלאָגיע, ריכטיקער לויט דער פילאָזאָפיע פון אונדזער שול, מיט איר קולטור־היסטאָרישן בליק אויפן יידישן לעבן, און לויט איר פּראָגראַם, וואָס איז כולל אין זיך וואָס מער עלעמענטן פון אונדזער טראַדיציאָנעלער יידישקייט, דאַרף די יידישע שול אַפּעלירן צו גרויסע שיכטן פון אונדזער פאָלק.

די קאָנפערענץ דאַרף העלפן געפינען דעם וועג צום פאָלק, און אויך העלפן אָנפילן די שול מיט יידישן תוכן.

ווי יעדע קאָנפערענץ האָט זיך אויך די קאָנפערענץ פאַרענדיקט מיט רעזאָלוציעס און גוטע ווונטשן. וויפל פון זיי עס וועלן דורכגעפירט ווערן אין לעבן — ווענדט זיך אין יעדן איינעם פון אונדז.

עס ווענדט זיך אויך אין אַ גרויסער מאָס אין אונדז אַליין, ווי עס וועט אויסזען די מערכה פון יידיש און פון דער יידישער קולטור בכלל אין אַמעריקאַנער יידישן לעבן. מיר טאָרן זיך נישט אָפּזונדערן, ווי עס איז אָפּט די טענדענץ ביי אַ טייל פון אונדז, נאָר אין די אייגענע דלד אמות. מיר דאַרפן אָפּטער קומען אין באַרירונג מיט דעם אַלגעמיינעם שטראָם פון אַמעריקאַנער יידישן לעבן. נאָר אַזוי אַרום וועלן מיר האָבן די מעגלעכ־קייט אַריינצוברענגען אונדזער אייגענעם טאָן, אונדזער אייגענע קאָליר און אויך משפּיע זיין, אַז אין דעם שטראָם זאָלן אַריינגעגאָסן ווערן די לעבע־דיקע קוואַלן פון אונדזער רייכער פאָלקס־קולטור.

1965

## נאָטיצן פון אַ לערער

### די ערשטע פליכטלינג־קינדער אין אונדזערע שולן

אין שול הערשט אַן אויפרעגנדיקע פרייד, צוויי יידיש־דייטשישע פליכטלינג־קינדער האָבן זיך פאַרשריבן — צוויי ליכטיקע מיידעלעך, אורסילאַ 9 יאָר און העלגאַ 11 יאָר. זיי ווערן באַלד באַליבט ביי אַלעמען. דעם צווייטן־דריטן טאָג און שוין זענען אַלע היימיש מיט אורסילאַ און

העלגאַ. די נעמען זענען אַפילו אַ ביסל שווער אַרויסצורעדן, אָבער מען גיט זיך אַן עצה, די מיידעלעך פאַרשטייען נישט קיין איין ענגליש וואָרט. רעדט מען יידיש. אַלע קינדער ווילן רעדן צו זיי יידיש, אַפילו אַזעלכע, וואָס קומט זיי אָן שווער אַרויסצורעדן אַ יידיש וואָרט. נאָך קיין מאָל האָט מען אין שול נישט גערעדט אַזוי פיל יידיש. אַלע ווענדונגען, בקשות, פלאַגאַנס, אַז מען דאַרף רעדן יידיש, האָבן נישט געהאַט אַזאַ ווירקונג ווי אורסילאַ און העלגאַ...

הגם זייער פאָטערס משפחה איז שוין דורות לאַנג אין דייטשלאַנד און די מוטער איז נאָך אַלס קינד געקומען קיין דייטשלאַנד, פאַרשטייען זיי אַלצדינג, וואָס די קינדער פרעגן זיי אויף יידיש, און דאָס, וואָס זיי פאַר־שטייען נישט, זענען זיי זיך גלייך משער.

אורסילאַ און העלגאַ זענען איבערלאָדן פון פרייד און גליק. אין בער־לין, פון וואַנען זיי זענען נאָר וואָס געקומען, האָט געהערשט ביי אַלע יידן אַזוי פיל טרויער און מורא. פון זינט מען האָט זייער פעטער ביי נאַכט אַרעסטירט, פלעגן זיי זיך אויפכאַפּן יעדע נאַכט, עפּעס האָט זיך זיי אויס־געדוכט, אַז מען קלאַפּט אין די טירן און מען טופּעט מיט די פיס.

די עלפיאָריקע העלגאַ געדענקט גוט, ווען די לערערין האָט זי אין איין שיינעם פרימאָרגן אַרויסגעשיקט פון קלאַס ווייל זי איז נישט קיין אַריערין. העלגאַ האָט נישט געוויינט, זי האָט בלויז צו אַלעמען געוווּנקען און זיך געזעגנט. דאַן האָט זי נישט פאַרשטאַנען, פאַרוואָס מען האָט זי אַרויסגעשיקט פון שול. איצטער ווייס זי שוין די סיבה.

סעפּטעמבער 1939

## די מוטער האָט געענדיקט די מאָנטרעאָלער י. ל. פּרץ־שול

אַ יונגע, סימפּאַטישע פרוי קומט אַריין מיט איר טאָכטער אין שול. איך האַלט אין מיטן לערנען געשיכטע. זי זעצט זיך אַוועק און הערט זיך אויפמערקזאַם צו. איך דערצייל וועגן רבי עקיבא און בר־כוכבא. די קינ־דישע אויגן לייכטן פון פרייד, וואָס בר־כוכבא זיגט, שלאָגט אָפּ דעם שונא, צעקלאַפּט זיינע חיילות. רבי עקיבא שטייט לעבן בר־כוכבאן, ער באַגייס־טערט און מוטיקט דאָס פאָלק. ענדלעך האָבן די יידן פאַרטריבן די רוימער

פון די ייִדישע שטעט און דערפער. און גאַנץ ארץ־ישראל איז ווידער אַ מאָל פריי.

איך וויל נישט צעשטערן די אילוזיע פון די קינדער און שטעל זיך דאָ אָפּ. אַן אַנדערש מאָל וועל איך ווייטער דערציילן.

די קינדער פאַרלאָזן דאָס קלאַסצימער אויפגעהייטערטע און צופרי־דענע פון די ייִדישע נצחונות, און די יונגע מוטער וואָס איז געזעסן מיט איר טאָכטער, מאַכט צו מיר: עס האָט זיך מיר אויסגעדוכט, אַז איך זיץ אין דער מאָנטרעאָלער פּרץ־שול און הער זיך צו צו אַ לעקציע געשיכטע פון לערער ווייסמאַן. איך האָב אין גאַנצן פאַרגעסן, אַז איך בין אַהער גע־קומען רעגיסטרירן מיין טאָכטער אין שול.

די יונגע מוטער איז געבוירן אין אַמעריקע און האָט מיט פופצן יאָר צוריק פאַרענדיקט די פּרץ־שול. אַנומלטן בשעת איר טאָכטער האָט גע־דאַרפט דעקלאַמירן אויף אַ קאָנצערט מאַני לייבס „דער פרעמדער" און נישט געקענט אויפטרעטן, ווייל זי איז געווען פאַרקילט, האָט די מוטער פאַרנומען דער טאָכטערס פּלאַץ. זי האָט אויף אויסנווייניק דעקלאַמירט „דער פרעמדער" און אַלע האָבן געהאַט גרויס הנאה.

## אַ נומער „קינדער־זשורנאַל" — דאָס ערשטע לערנבוך פאַר ייִדישע קינדער אין קאָפּענהאַגן

עס איז געווען אין יאָר 1921. איך בין דאַן געווען אַ לערער אין אַ העברעאיש־ייִדישער שול — בית הספר לאומי אין קאָפּענהאַגן, דענעמאַרק. די ייִדישע קינדער, וואָס זענען געגאַנגען אין דער שול זענען אַלע געווען געבוירן אין דענעמאַרק. אין דער פרי פלעגן די קינדער גיין אין דער דענישער שול און נאָך מיטאָג אין דער ייִדיש־העברעאישער שול. קיין ייִדישע לערנביכער האָבן מיר אין קאָפּענהאַגן נישט געהאַט, איז טאַקע נישט גוט געווען. איך געדענק מיין פרייד, ווען איך האָב פון ניו־יאָרק געקראָגן איין־איינציקע קאָפּיע פון דעם „קינדער־זשורנאַל", דאָס איז געווען דער אַפּריל־נומער 1921. יעדעס מעשהלע און ליד אין דעם נומער האָב איך פאַרגעלייענט פאַר די קינדער; און מיט וואָס פאַר אַ פרייד האָבן זיך די קינדער צוגעהערט צו די זאַכן, וואָס ייִדישע שרייבער, וואָס געפינען זיך אַזוי ווייט, אַזש אין אַמעריקע, האָבן געשריבן! עס איז געווען אַזוי

אַנגענעם און אינטערעסאַנט. יעדן טאָג האָט אַן אַנדער קינד געליען דעם נומער. „נישט געפּאָלגט אַ מאַמען" האָבן זיך די קינדער אויסגעלערנט פון אויסנווייניק. כאָטש עס איז שוין געווען אַ שטיק נאָך פּסח, האָבן מיר מיט גרויס חשק געלייענט „משה דער באַפרייער" און „אַ בריוו צו גאָט", אַ פּסח־מעשהלע פון ח. גאָלדבלום. יענער נומער „קינדער־זשורנאַל" איז געווען דאָס ערשטע יידישע לערנבוך פאַר די יידישע קינדער אין קאָ־פּענהאַגן.

שפּעטער, אַז איך בין שוין געווען אין ניו־יאָרק און זיך באַקענט מיט די יידישע לערנביכער, בין איך געוווּיר געוואָרן, אַז די צונויפֿשטעלער פון די לערנביכער האָבן טאַקע גענומען אַ סך מעשות, לידער און שפּילן פון „קינדער־זשורנאַל".

## דאָס ערשטע מאָל אין קעמפּ בויבעריק

יולי 1923. איך בין ערשט צוויי וואָכן אַ לערער אין אַ שלום־עליכם־מאָלקשול און איך גרייט זיך פאָרן אין קעמפּ בויבעריק. יאָרנלאַנג האָב איך פאַרבראַכט אין דענעמאַרק, ווו עס איז פאַראַן אַזוי ווייניק יידן און ווו עס איז כמעט נישט פאַראַן קיין אמתדיק יידיש לעבן, און דאָ פאָר איך אין אַ יידישע קינדער־קאָלאָניע, אין אַ יידישער קינדער־רעפּובליק — אין קעמפּ בויבעריק. די אַנדערע יידישע שול־אָרגאַניזאַציעס האָבן דאַן נאָך נישט געהאַט קיין קעמפּס.

בשעת איך בין דאָס ערשטע מאָל געפאָרן אין קעמפּ בויבעריק, האָט זיך מיר אויסגעדוכט, אַז דאָס פאָר איך אין מיין קליינעם, פּוילישן געבוירן־שטעטל, שידלאָוו, וואָס איך האָב פאַרלאָזט ווען איך בין געווען אַ קליין יינגל. מיר זענען געפאָרן ביי נאַכט, אין דער פינצטער, געבלאָנדזשעט. יעדעס מאָל זיך אָנגעשלאָגן אין אַן אַנדער בערגל, ריכטיקער — באַרג, און אַראָפּ אין טאָל, געמיינט, אַז אָט־אָט און די מאַשין קערט זיך איבער. ענדלעך זענען מיר אין דער שפּעטער נאַכט־שעה אָנגעקומען אין קעמפּ.

אין בויבעריק איז געווען שטאַרק פינצטער, קיין עלעקטריש ליכט איז דאַן אין בויבעריק נאָך נישט געווען. די היינטיקע באַנגאַלאָס זענען אויך נישט געווען, בלויז טענטס, אַלטע ביידלעך, און עטלעכע אַלטע געביידעס. מיר האָבן זיך שטאַרק דערפרייט מיט די מאַטראַצן, וואָס מיר האָבן גע־

האָלפן אריינטראָגן אין אַלטן „קאַסינאָ". מיר וועלן איצט קאָנען רואיק שלאָפן, זיך גוט אויסרוען. אין דער פרי האָבן מיר געזען, אַז די „קאַסינאָ" איז פול מיט בעטלעך. אויך גיך האָבן מיר געהאָלפן אַוועקטראָגן די בעט־לעך און די מאַטראַצן און צוגרייטן די „קאַסינאָ" פאַר אַ פאָרשטעלונג. אַלצדינג איז געוואָרן אַזוי ליב, טייער, אַזוי אייגן. פון די קינדערישע שטימעלעך האָט אָפּגעקלונגען דאָס ייִדישע וואָרט און דאָס ייִדישע ליד איבער גאַנץ בויבעריק. און עס האָט זיך אויסגעדוכט, אַז אויך די פייגע־לעך זינגען בוי־בע־ריק, בוי־בע־ריק!

## וואָס מאַכט איר, זילבי?

סעפטעמבער 1943. איך זיץ אין דעם שיינעם, גערעמען און ליכטיקן קלאַס־צימער פון דער שלום־עליכם־פאָלקשול נומער 13. עס עפנט זיך די טיר און עס קומט אַריין אַ יונגע פרוי מיט צוויי ליכטיקע מיידעלעך, רויטע בעקעלעך און שוואַרצע, לעבעדיקע אויגן. די פרוי איז מיר עפּעס באַקאַנט, אָבער פון וואַנען און ווו — געדענק איך נישט. זי זעט אויס צו יונג צו זיין אַ מוטער פון צוויי דערוואַקסענע קינדער. די פרוי באַגריסט זיך מיט מיר, ווי מיט אַן אַלטן באַקאַנטן און זאָגט צו מיר:

— וואָס מאַכט איר, זילבי? „זילבי" — מיט דעם נאָמען רופן מיך נאָר קינדער. איך פאַרשעם זיך אַ ביסל. די פרוי באַמערקט דאָס און שרייט כמעט אויס: „איך בין דאָך סימע, איך האָב זיך געלערנט ביי אייך אין שול עלף, אויף האפקינסאָן עוועניו; איך האָב נישט גראַדואירט די שול, ווייל מיר האָבן זיך אַוועקגעקליבן, און איך באַדויער אַזוי שטאַרק, ווייל איך האָב אויך געוואָלט גיין אין דער מיטלשול".

אַרומנעמענדיקביידע קינדער, זאָגט זי מיט אַן ערנסטן טאָן: „און איצט וויל איך, אַז מיינע צוויי קינדער זאָלן זיך לערנען ביי אייך; חיה־שרהלע אין 9 יאָר אַלט און גיטעלע 7. זיי פאַרשטייען און רעדן ייִדיש און זיי וועלן שוין אם ירצה השם יאָ גראַדואירן די שול. מיין מאַן וועט אויך באַלד קומען".

דער מאַן איז געקומען. איך בין געשטאַנען מיט דער מאַמען, איר מאַן און זייערע צוויי שיינע קינדערלעך און אַ פרייד האָט מיך אַרומגענומען.

.1943

## יידישע בריוו

מיין תלמיד ה. ס. איז תמיד געווען צווישן די שוואַכע יידיש־קענער, אָנשרייבן אַ יידישע קאָמפּאָזיציע אָדער איבערלייענען אַליין אַ יידישע מעשה איז אים אָנגעקומען כקריעת ים־סוף. ווער שמועסט פון רעדן יידיש. און אָט איז שוין ה. ס. באַלד אַ יאָר אין אונדזער אַמעריקאַנער אַרמיי. ער שרייבט מיר פון צייט צו צייט אַ בריוול, ווי עס טוען אַ סך פון מיינע געוועזענע תלמידים.

אין דעם לעצטן בריוול שרייבט ער מיר, אַז זיינע חברים סאָלדאַטן, די „באָדיס", האָבן באַמערקט, אַז ער שרייבט יידיש. נו נו, לאָזן זיי אים איצטער נישט צורו. ער האַלט כסדר אין איין שרייבן יידישע בריוו פאַר זיי, צו זייערע באָבעס און זיידעס. צו די עלטערן, ברידער און שוועסטער שרייבן זיי אויף ענגליש; בלויז ווען עס בענקט זיך זיי שטאַרק, אָדער ווען עס איז זיי אומעטיק, בעטן זיי אים, אַז ער זאָל שרייבן צו זייערע נאָענטע אַ יידיש בריוול.

## אליהו הנביא קומט אין דער יידישער שול

עס איז געווען אַ טאָג פאַר ערב פּסח. דער קלאַס לייענט שלום־עליכמס „אליהו הנביא". אליהו הנביא קומט צום סדר אין יעדן יידישן הויז, ער פאַרזוכט דעם וויין פון זיין כוס, אָבער זען קען מען אים נישט. בלויז די, וואָס טוען אמתע מעשים טובים קענען אַמאָל האָבן די זכיה אים צו זען. די קינדער פון קלאַס וואָלטן אַזוי וועלן זען אליהו הנביא, זיי זאָגן צו, אַז זיי וועלן טאָן גוטע זאַכן און זיין גוט.

מיט אַ מאָל עפנט זיך די טיר און עס קומט אַריין אַן אַלטער ייד, מיט אַ לאַנגער, גרויער באָרד, באַוואַקסענע, גרויסע ברעמען, ליכטיקע אויגן, אַ הדרת פּנים. ער בלייבט שטיין ביי דער טיר. די קינדער און איך נעמען נישט אַרונטער פון אים די אויגן. דאָס דויערט אַ רגע. איך גיי פּאַמעלעך צו, פרעג אים, וואָס ער וויל. „אַ נדבה", ענטפערט ער. איך נעם אויף גיך און פאַרשעמט אַרויס אַלע מטבעות פון קעשענע און דערלאַנג אים.

„איר און אייער משפחה זאָלן האָבן אַ כשרן פּסח". „איר אויך", ענטפער איך. „אָמן", זאָגט ער און גייט אַרויס.

דער קלאַס בלייבט זיצן פֿאַרגאַפּט, און אַ מיידל זאָגט סודותדיק: „אפשר איז דאָס געווען אליהו הנביא?" אפשר.

דער קלאַס גייט אַרויס אין דרויסן נאָך אַ מאָל אַ קוק טאָן אויף אליהו הנביא, אָבער ער איז שוין נישט געווען.

## גענעראַל גראַנט אין דער יידישער שול

דער קלאַס לייענט אַ מעשה ווי אַזוי גענעראַל גראַנט האָט אין דעם אַמעריקאַנער בירגער־קריג באַפוילן די יידן צו פֿאַרלאָזן די קריגס־געגנט. דער גענעראַל האָט דערקלערט, אַז ער קען זיך נישט פֿאַרלאָזן אויף די יידן, זיי זענען נישט קיין פּאַטריאָטן...

די צוועלפֿיאָריקע העלגאַ, וואָס איז מיט עטלעכע יאָר צוריק אַהערגעקומען פֿון בערלין, קען זיך מער נישט קאָנטראָלירן און זאָגט מיט ווייטיק: „אוי, האָט מען אין אַמעריקע אויך שלעכט באַהאַנדלט די יידן, און איך האָב געמיינט"!...

די דרייצניאָריקע ריני לאָזט זי נישט פֿאַרענדיקן דעם זאַץ און שרייט אויס: „אויב דיר געפֿעלט נישט אַמעריקע, קענסטו צורקפֿאָרן קיין דייטשלאַנד".

מאָמענטאַל שטעלט זיך אויף העלגאַ, וואָס איז קלענער און שוואַכער פֿון ריני און לאָזט איר אַראָפּ אַ שטאַרקן פּאַטש און צעוויינט זיך. די באַק ווערט צונטעררויט.

דער קלאַס איז אויפֿגערעגט. איך נעם תיכף איבער די סיטואַציע און דערקלער, אַז העלגאַ האָט אַזוי ליב אַמעריקע און געגלייבט, אַז דאָ האָט מען קיין מאָל נישט געטאָן קיין שלעכטס די יידן, און מיט אַ מאָל הערט זי אַזאַ זאַך, האָט עס איר וויי געטאָן, דערפֿאַר איז געקומען איר אויסגעשריי. ריני לאָזט אַראָפּ דעם קאָפּ, פֿילט זיך שולדיק, לויפֿט צו צו העלגאַ, פֿאַלט אַרויף אויף איר האַלדז, צעקושט זיך מיט איר און ביידע צעוויינען זיך.

1943

## בעך־הערכט און די יידישע יוגנט

דער פֿערטער קלאַס פֿון דער שלום־עליכם־מיטלשול אין לימוד פֿון

יידיש. די תלמידים האָבן געדאַרפט צוגרייטן און אַריינברענגען אַרבעטן, וואָס זיי האָבן געלייענט אין משך פון דער וואָך אין דער יידישער פּרעסע. געוויינלעך געפינען זיך תמיד אין יעדן קלאַס עטלעכע תלמידים, וואָס פאָלגן נאָך און לייענען אַליין די יידישע פּרעסע. אָבער בדרך כלל טוט דער קלאַס אָט די אַרבעט נאָר דאַן, ווען דער לערער פאַרגיט דאָס ווי היימאַרבעט.

אַן אינטעליגענטע תלמידה פרעגט, צי אין דער אָפּטיילונג גייען אויך אַריין באַריכטן, וואָס די יידישע שרייבער שרייבן אין דער ענגלישער פּרעסע. נאָך אַ קורצער דיסקוסיע איניקט זיך דער קלאַס, אַז אין די יידישע באַריכטן מעגן מיר אויפנעמען און דיסקוטירן נאָר אַזעלכע שרייבער, וואָס שרייבן וועגן יידישע טעמעס, מעגן יענע שרייבער שרייבן אויף ענגליש. די דיסקוסיעס מוזן נאַטירלעך געפירט ווערן אויף יידיש.

דאָס וואָרט קריגט דאַן „איינער פון צווילינג". אין קלאַס לערנט זיך אַ צווילינג, צוויי ברידער, וואָס זענען זייער באַליבט סיי ביי די תלמידים און סיי ביי די לערער.

דער תלמיד רעדט וועגן בען העכטס בוך — „א גייד פאָר דהי בעדע־ווילד".

גראָד האָט זיך דאָס בוך אויך געדרוקט אין פאָרזעצונגען אין אַן ענג־לישער פּראָגרעסיווער נאָכמיטאָג־צייטונג, און אַזוי ווי אַ סך תלמידים האָבן נאָכגעפאָלגט די טעגלעכע פאָרזעצונגען, זענען זיי דערפאַר געווען שטאַרק פאַראינטערעסירט אין דעם ענין.

דער תלמיד רעדט מיט אויסערגעוויינלעכער אינטעליגענץ וועגן דעם קאַפּיטל „וואָלטער", וואָס געפינט זיך אין בוך. ער גיט פריער איבער אין קורצן די ראָלע, וואָס וואָלטער האָט געשפילט אין דעם פראַנצויזישן אינ־טעלעקטועלן לעבן, און זיין איינפלוס אויף דער אייראָפּעאישער אינטעלי־גענץ. נאָך דעם פרעגט ער, ווי קומט, וואָס אָט דער וואָלטער, דער דענקער, פילאָזאָף און קעמפער פאַר גערעכטיקייט, זאָל אַרויסווייזן אַזוי פיל יידן־האַס. דער ווונדער איז נאָך גרעסער, ווען מען ווייסט, אַז וואָלטער איז אַליין געווען אַ „רעבעל" און באַקעמפער פון פאָראורטיילן און אַ גרויסער פאַרטיידיקער פון טאָלעראַנץ, טאָ ווי קומט, וואָס ער זאָל זיין פול מיט פאָראורטיילן און אומטאָלעראַנץ צום יידישן פאָלק. און די שנאה פון אָט דעם ניכטערן דיכטער און פילאָזאָף האָט געבראַכט פיל מער שאָדן

און אומגליק דעם יידישן פֿאָלק ווי אַפּילו פּאָגראָמשטשיקעס. ער האָט די אַנטיסעמיטן פֿון די פֿאַרשידענע מינים געגעבן אַ טעאָרעטישן הינטער־גרונט, באַזונדערס האָט ער פֿאַרשפּרייט יידן־האַס צווישן די אינטעלעקטועלע קרייזן. און דער תּלמיד דערציילט, אַז בעת העכט האָט אויסגעפֿונען, אַז פּערזענלעכע סיבות האָבן געווירקט, אַז אַפֿילו דער קלאָרער מוח פֿון וואָלטערן זאָל אָנגעשטעקט ווערן מיט דעם אַנטיסעמיטישן באַציל.

וואָלטער איז געווען שולדיק אַ יידן געלט, און אַזוי ווי ער האָט נישט באַצאָלט דעם חוב, האָט דער ייד אים געריכטלעך פֿאַרפֿאָלגט, געמאָנט, וואָס עס קומט אים. צום סוף האָט וואָלטער „באַנקראָטירט" צוליב דעם יידן. און וואָלטער האָט שפּעטער אַריבערגעפֿירט דעם פּערזענלעכן האַס צו אַן איינצלנעם יידן, ווי עס טוען אַ סך פּשוטע גויים, אויפֿן גאַנצן יידישן כּלל.

דער קלאַס פֿילט זיך גוט, וואָס דער יידן־האַס פֿון דעם דאָזיקע פֿריי־דענקער האָט געטראָגן אַ פּערזענלעכן כאַראַקטער.

איין תּלמיד איז נישט מסכּים מיט דעם אויספֿיר; ער האַלט, אַז דאָס איז נישט קיין ריכטיקע דערקלערונג וועגן וואָלטערס שנאה צו יידן. וואָלטער האָט אויך פֿיינט געהאַט קריסטנטום, און ער האָט אויף יידן גע־קוקט ווי אויף אַ רעליגיעזער גרופּע.

אַ תּלמידה, וואָס איז אַ מתמידה און קען באַזונדערס גוט פֿראַנצויזיש, דערקלערט, אַז דער דאָזיקער קוק, אַז וואָלטער האָט געהאַסט דעם תּנ"ך און אויך די קירכע, איז אַ פֿאַרעלטערטער.

דאָס נעמט זיך פֿון וואָלטערס קאָרעספּאָנדענץ, פֿון זיינע באַרימטע פּריוואַטע בריוו, וווּ ער האָט כּסדר דאָס וואָרט l'infame אָדער דאָס גאַנצע וואָרט Ecrasez l'infame וואָס דער טייטש איז: דאָס נידערטרעכטיקע, דאָס געמיינע דאַרף מען אומברענגען, פֿאַרניכטן. מען האָט אויסגעטייטשט, אַז וואָלטער האָט דאָ געמיינט גאָט, קריסטוסן און קריסטנטום; אָבער די נייערע וואָלטער־פֿאָרשער ווייזן אָן, אַז l'infame באַציט זיך אויף די פֿאַר־פֿאָלגער זיינע, אויף דער פּריווילעגירטער, פֿרומער קריסטלעכער אָרטאָ־קראַטיע, וואָס האָט קאָנפֿיסקירט זיינע ביכער און אים פֿאַרפֿאָלגט.

די תּלמידים זענען פֿאַראינטערעסירט אין דעם פּלפּול, זיי פֿילן אָבער, אַז זי איז נישט גערעכט, הגם זי קען אַזוי גוט דעם ענין.

אַן אַנדער תּלמיד פֿירט ווידער אַרויף די דיסקוסיע וועגן בעת העכטן

און זאָגט, אַז בען העכט האָט אַליין געשילדערט זייער אומסימפּאַטיש יידן, כדי נושא חן צו זיין ביי זיינע לייענער, און אַז ער איז בלויז אויבנאויף באַקאַנט מיט יידישע ענינים און ער קען דעריבער נישט לערנען אַנדערע, וואָס ער קאָן בלויז אויבערפלעכלעך.

אַנדערע תלמידים פאַרטיידיקן בען העכטן. זיי געפעלט שטאַרק זיין מוטיקע שטעלונג צו יידישע פּראָבלעמען און זיין איינשטעלן זיך פאַרן יידישן פאָלק.

1944

## מיטן כוח פון פאָלקסליד

אין די אָנהייב פערציקער יאָרן האָט יאָסל מלאָטעק אָפּגעריכט פיר יאָר גלות אונטער דער שוידערלעכער יאַפּאַנישער הערשאַפט.

אין אַ בריוו צו שמואל ניגערן פון יענע יאָרן, שרייבט דער יונגער יאָסל מלאָטעק: „מיר שטייען איצט צעבראָכן און פאַרלוירן, עלנט און אַליין — די רעשטלעך פון פילפאַרביקן יידישן קיבוץ פון פוילן". „עס איז זיך נישט מעגלעך צו באַפרייען פון געדאַנק, וואָס מאַטערט און פייניקט, גיט נישט קיין רו אויף איין רגע".

די אייגענע חשבון־הנפשדיקע שטימונג פילט זיך אויך אין די לידער, וואָס ער האָט דעמאָלט פאַרעפנטלעכט:

וי קען מען היינט שלייפן די ווערטער
ווי איידלשטיינער?
ווי קען מען זיי וועגן און מעסטן,
ווי קען מען עס, לייענער?

און אין אַ צווייטן פערז איז ער ממשיך:

ווי קען מען זיך שפּילן מיט ווערטער
ווי אַ גאָלדשמיד מיט אַ בריליאַנט?
ווי קאָן מען היינט שפּרייזן אויף פערזן
ווי אויף אַ ווייכן געוואַנט?

אין אַ רירנדיק ליד, „דאָס געוויין פון מיין מאַמען", קלאָגט דער יונגער דיכטער אין אַ צען־סטראָפיק ליד:

דורך ימים און לענדער,
דורך מויערן און ווענט,
זע איך מיין מאַמעס
פאַרבראָכענע הענט.

זיין שטילע רעזיגנאַציע ענדיקט זיך מיט די דאָזיקע געפּילפּולטע סטראָפן:

וויין איך צוזאַמען
מיט מאַמעס געוויין
פון בלייבן פאַראיינזאַמט,
פון בלייבן אַליין.

יאָסל מלאָטעק איז נישט פאַרבליבן אַליין. ווי גייט דאָס יידישע ווערטל: מה שלא יעשה השכל יעשה הזמן. ער איז דער צענטער און לעבעדיקסטער נערוו פון אַ פאַרצווייגטער שול־ און קולטור־באַוועגונג, הגם „יענע טעג" האָבן אַרויפגעלייגט אַ געוויסן חותם אויף זיין געמיט.

יאָסל מלאָטעקס פריידיקסטע שעהען זענען, ווען ער איז זיך מתעסק מיטן יידישן ליד.

*

די ערשטע פליטע, וואָס יאָסל מלאָטעק האָט צוזאַמענגעשטעלט, „אַ מאָל איז געווען אַ מעשה", פאַרמאָגט אַן ערך פופציק יידישע פאָלקסלידער, וואָס ער האָט אַזוי איידל פאַרוועבט, אַז עס איז אַ נחת־רוח זיי צו הערן.

דער קינסטלער־זינגער סידאָר בעלאַרסקי און די ראַפינירטע זינגערין מאַשע בעניא, אינטערפּרעטירן די דאָזיקע נשמהדיקע פאָלקס־לידער, אַזוי באַטעמט־האַרציק, אַזוי תמימותדיק־ריין, אַז זיי לעבן אויף ביי די צוהערער ליכטיקע זכרונות, וועקן בענקשאַפטן און פילן אָן אונדזער געמיט מיט פרייד און טרויער.

די לידער נעמען אַרום אַ גאַנצע תקופה יידיש לעבן, אָנהייבנדיק פון „אונטער יאַנקעלעס וויגעלע" און „פּאַטש, פּאַטש קיכעלעך", ביז „עס ברענט, ברידערלעך, עס ברענט" און דעם „הימן פון די פּאַרטיזאַנער". די

דאָזיקע צוויי לידער פון מ. געבירטיג און הירש גליק, זענען שוין לאַנג געוואָרן דער קנין פון פאָלק.

גאָר באַזונדערס איז סידאָר בעלאַרסקיס באַס־באַריטאָן־שטימע, ווו עס קומט צום אויסדרוק טראַגיק און בטחון, אַזוי צוגעפּאַסט צו די לעצטע צוויי לידער און פאַר פאָלקסלידער בכלל.

י. מלאָטעק, מיט זיין חוש פאַר פּאָעזיע און פאָלקלאָר, האָט גוט געטאָן, וואָס ער האָט צונויפגענומען אינעם מאָנטאַזש די פאַרשידנסטע מינים פאָלקסלידער; דער איבערגאַנג און די פאַרבינדונג פון איין ליד מיט דעם אַנדערן, איז האַרמאָניש. די נאַראַציע איז קורץ, געשמאַק, נישטאָ דאָרטן קיין איבעריק וואָרט.

די דאָזיקע פּליטע מיט פאָלקסלידער האָט גאָר אַ באַזונדערן ווערט פאַר דער יידישער שול. דאָ גייט נישט בלויז, וואָס לערנען דורך ליד איז שוין לאַנג אַן אָנגענומענער מעטאָד אין דער פּעדאַגאָגיק, ביים לערנען שפּראַך, נאָר די עצם פאָלקסלידער זענען אַ קוואַל פאַר יידישער דערציאונג.

די דאָזיקע פּליטע גיט די צוהערער אַ ברייטע ראַם צו דערקענען דורך ליד פאַרשידענע פאַזן, שטרעמונגען און באַוועגונגען אין יידישן לעבן, זי לעבט און לייכט אויף פאַר אונדז דעם יידישן עבר.

לאָמיר דאָ בקיצור דערמאָנען אַ טייל פון די „טעמעס", וואָס געפינען זיך אין דער לאַנגשפּילנדיקער פּליטע — „אַ מאָל איז געווען אַ מעשה": דאָס וויגליד, וואָס אונדזערע מאַמעס און באָבעס האָבן אַזוי האַרציק געזונגען, חסידישע נגינה, וואָס האָט אַריינגעבראַכט פרייד, געלייטערטקייט און דערהייבונג אין יידישן פאָלקסלעבן.

עס קומט דאָרט צום אויסדרוק די אייביקע בענקשאַפט און פאַרבינדונג פון ארץ־ישראל מיטן יידישן פאָלק — „אויפן וועג שטייט אַ בוים, שטייט ער איינגעבויגן", „פאָרט אַ ייד קיין ארץ־ישראל מיט פאַרוויינטע אויגן", „ציון, דו הייליק לאַנד" און „בין איך מיר אַ חלוצל".

דאָס רעוואָלוציאָנערע ליד, וואָס האָט דעם אויפגעוואַכטן יידישן אַרבעטער און בעל־מלאכה געגעבן האָפענונג און וויזיע וועגן אַ וועלט פון יושר און שלום — „אָ, ווי לאַנג וועט איר בלייבן נאָך שקלאַפן", „ברידער און שוועסטער" און אין „זאַלציקן ים פון די מענטשלעכע טרערן". דאָס אַלץ ווערט אויסגעזונגען פון סידאָר בעלאַרסקי און מאַשע בעניא אין דער

באַגלייטונג פון דעם קאָמפּאָזיטאָר־פּיאַניסט וולאַדימיר חפץ, און שאַפט ייִדישע אַטמאָספער און שטימונג.

י. מלאָטעק האָט, פאַרשטייט זיך, נישט פאַרגעסן אַריינצופלעכטן „ראָמאַנטישע״ און „ליבעס־לידער״, וואָס זענען טאַקע פּרימיטיוו אָבער אויך האַרציק־ליב, ווי: „לאָמיר ביידע אַ ליבע שפּילן״, „אין דרויסן גייט אַ רעגן״, „הער נאַר, דו שיין מיידעלע״ און „טיף אין וועלדל״...

גאָר רעפּרעזענטאַטיוו זענען דאָרטן אונדזערע הומאָריסטישע פאָלקס־לידער, ווי: „פאָניע גנבֿ״, „יאָשקע פאָרט אַוועק״, „פּאַפּיר איז דאָך ווייס״. די דאָזיקע לידער, צוזאַמען מיט די חתונה־לידער, ווי אַ שטייגער: „חתן־כּלה, מזל־טובֿ!״, „די מוזינקע אויסגעגעבן״, „די מחותּנים גייען טאַנצן״, ברענגען אַריין דעם צוהערער אין אַן אויפגעהייטערטער און אויפגעמונ־טערטער שטימונג.

י. מלאָטעק האָט אויך אַריינגענומען די „ייִדישע אַמעריקע״ אין זיין מאָנטאַזש פון ייִדישע פאָלקסלידער. די צוויי פּאָפּולערע לידער — „אַ ברײ־וועלע דער מאַמען זאָלסט נישט פאַרזאַמען״ און „אין אַמעריקע דער טאַטע דיינער זונעניו״, וואָס זענען געזונגען געוואָרן פון צענדליקער טויזנטער ייִדן, פון קינד און קייט, אויף ביידע זייטן אָקעאַן; די דאָזיקע צוויי לידער ווערן געזונגען פון אונדזערע קינסטלער מיט אַ באַזונדערן חן.

אין דער פּליטע זענען פאַראַן נאָך אַ גאַנצע ריי פאָלקסלידער, ווי: „זונטיק בולבעס״, „קום אַהער דו פילאָזאָף״, „פאָרט אַ חסידל צום רבין״ וכדומה.

אַרום און אַרום איז עס אַ פּרעכטיקע פּליטע, וואָס ברענגט אַריין אין דער ייִדישער היים דאָס פאַרגעסענע ייִדישע פאָלקסליד, ייִדישע נגינה, ייִדישן יום־טובֿ און ייִדישע פאַרווייַלונג.

*

„לאָמיר זינגען״, 39 קינדער־לידער, אַרויסגעגעבן פון בילדונגס־קאָמיטעט פון אַרבעטער־רינג, צוזאַמענגעשטעלט מיט נאָראַציע פון י. מלאָטעק. געזונגען פון מאַשע בעניא מיט קינדער, אונטער דער אָנפירונג פון מיכל געלבאַרט, פּיאַניסטין: מלכּה גאָטליב.

פאַראַן אַ וווּנדערלעכע תּלמודישע לעגענדע, וואָס דערציילט אונדז, ווען משה איז געקומען קיין גושן, כּדי צו זען פרעהס ייִדישע שקלאַפן ביי

דער אַרבעט, האָט ער דאָרטן געהערט ווי אויסגעמאַטערטע מאַמעס זינגען פאַר זייערע קינדער שלאָף־לידער; און משה האָט זיך דערמאָנט, אַז ער האָט אַ מאָל געהערט די אייגענע לידער און עס איז פאַר אים קלאָר געוואָרן, אַז ער איז אַ ייד.

משה איז בסך־הכל אַלט געווען דריי חדשים, ווען פּרעהס טאָכטער האָט אים צוגענומען צו זיך אין פּאַלאַץ, אָבער די לידער זענען פאַרבליבן אין זיין זכרון. דער מאַמעס יידישע לידער האָבן אים צוריקגעבראַכט צום יידישן פאָלק און דערנאָך האָט ער זיין פאָלק באַפרייט פון שקלאַפעריי.

אויך מאָטעלע און גיטעלע וועלן געדענקען די יידישע לידער, וואָס געפינען זיך אויף דער פּליטע „לאָמיר זינגען", ווייל זייער מוטער האָט מסתמא אָנגעהויבן זינגען פאַר זיי יידישע לידער אין דעם אייגענעם עלטער, וואָס יוכבד האָט אין דער שטיל געזונגען פאַר איר זון, דעם שפּעטערדיקן משה רבינו.

און לאָמיר נאָך ברענגען איין ביישפּיל וועגן ליד פון אַ קלאַסישער יידישער מעשה, „צום פעטער קיין אַמעריקע" פון י. ד. בערקאָוויטש.

צווישן די קינדער, וואָס אַ יידישע הילפס־געזעלשאַפט האָט געבראַכט קיין אַמעריקע פון די מלחמה־לענדער (אין דער ערשטער וועלט־מלחמה), איז געווען אַ קליין יינגל, וואָס האָט נישט געוווסט ווי ער הייסט אָדער ווי זיינע עלטערן הייסן. ער האָט נאָר געוווּסט איין און איינציקע זאַך, אַז ער האָט אַ פעטער אין אַמעריקע. אַזוי האָט אים די מאַמע אָנגעזאָגט, אַז ער זאָל נישט פאַרגעסן און נאָך דעם איז זי געשטאָרבן.

אַ גוטהאַרציקער ייד האָט אים גענומען צו זיך, ער האָט געטראַכט: ווער ווייסט, אפשר איז ער דאָס דער פעטער אין אַמעריקע, אפשר איז דאָס זיין שוועסטערס קינד.

— „איך האָב אייך געבראַכט אַ ניי ברודערל", האָט דער פאָטער געזאָגט צו זיינע צוויי קינדער, „ער האָט קיינעם נישט אויף דער וועלט, אַחוץ אַ פעטער אין אַמעריקע".

און וויפל „דער פעטער" האָט זיך נישט באַמיט עפּעס אויסצוגעפינען וועגן זיין מאַמע, וועגן דער שטאָט, וווּ זיי האָבן געוווינט, אָדער ווי זיי האָבן געהייסן, האָט זיך עס אים בשום אופן נישט איינגעגעבן.

נאָר אין איין טריבן טאָג, בעת דאָס יינגל איז געווען פאַרטיפט אין אַ שפּיל, האָט ער שטיל אונטערגעברומט אַן אומעטיק לידל: „דער פעטער",

וואָס איז געזעסןביים שרייבטיש, פאַרטיפט אין חשבונות, איז אויפגעצי־טערט געוואָרן פון פרייד — זיין שוועסטער פלעגט דאָך כסדר זינגען דאָס לידל.

— ווו האָסטו געהערט דאָס ליד, קינד מיינס ?

— מיין מאַמע פלעגט אַלע מאָל זינגען דאָס לידל.

און דער פעטער האָט מיט טרערן אין די אויגן, קושנדיק דאָס קינד, געזאָגט : „יאָ, איך בין דיין פעטער אין אַמעריקע".

„לאָמיר זינגען" איז די צווייטע לידער־פּליטע, וואָס יאָסל מלאָטעק האָט צונויפגעשטעלט, וואָרעם ער איז ראשו ורובו אַריינגעטאָן אין יידי־שער דערציאונג. זיין פּאָעטיש געפיל איז ביי אים דער באַראָמעטער ביים צונויפשטעלן די פּליטע מיט יידישע לידער.

אויפן שיידל פון דער פּליטע ווערט דערציילט בקיצור די געשיכטע פון „לאָמיר זינגען". די צוויי קינדער, מאַטעלע און גיטעלע, שטייען אויף אין דער פרי מיט אַ יידיש ליד, און ווען זיי לייגן זיך שלאָפן, זינגען זיי אַ ליד און אַזוי כסדר. באַזונדערס זינגען טאַטע־מאַמע מיט די קינדער־לידער אין די יידישע יום־טובים ; זיי האָבן זיך אַפילו אויסגעלערנט לייענען און שרייבן זינגענדיק די יידישע קינדער־לידער. משמעות, אַז אַפילו אין אַ פּליטע מיט לידער קען מען אַריינפלעכטן אויטאָביאָגראַפישע מאָמענטן.

אויב איר ווילט, איז דאָרט, אין דער פּליטע, אַפילו אָנגעצייכנט אַ שטיקל נוסח ווי אַזוי צו שאַפן אין אונדזערע היימען יידישע אַטמאָספער פאַר אונדזערע קינדער פון די סאַמע פריסטע יאָרן אָן.

ביים צונויפשטעלן די ניין און דרייסיק לידער, וואָס די פּליטע פאַר־מאָגט, האָט דער מחבר אין זינען געהאַט צו אַנטוויקלען ביים קינד אַ געפיל פאַרן יידישן ליד, פאַרן יידישן מוזיקאַלישן קלאַנג, און דורך דעם ליד באַקענען דאָס קינד, און במילא די אַמעריקאַנער מוטער, מיט מאָמענטן פון יידישן לעבן און אויך צום טייל מיטן יידישן יום־טוב.

עס איז נישט קיין נייער מעטאָד אין דער פּעדאַגאָגיק, דורך לידער, באַקענען און דערמוטיקן קינדער און אויך דערוואַקסענע, מיט זייער פאָלקס־שאַפונג ; די עצם לידער זענען אַ קוואַל פאַר יידישער דערציאונג.

כמעט אַלע לידער, וואָס זענען פאַראַן אויף דער פּליטע „לאָמיר זינגען", זענען אויך פאַראַן אין ס'רוב לערנביכער פאַר יידישע קינדער.

די לידער ווערן געזונגען צום טייל פון מאַשע בעניא, וואָס אַ דאַנק

איר קלאָרער און גוטער דיקציע, ווערט נישט פאַרלוירן קיין טראָף ביים זינגען די לידער, אַזוי, אַז די קינדער, און אויך די עלטערן, קענען נאָכ־פאָלגן און מיטזינגען יעדעס ליד און הנאה האָבן פון איר אָנגענעמער און מעלאָדישער שטים.

דאָס געזאַנג פון די קינדער, אונטער דער אָנפירונג פון קאָמפּאָזיטאָר און געזאַנג־לערער מיכל געלבאַרט און אַקאָמפּאַנירט פון מלכה גאָטליב, האָט אַ גוטע ווירקונג אויף די יונגע צוהערער. עס איז אַ סטימול נאָכצו־זינגען און זיך אויסצולערנען די לידער; די יונגע קינדער־שטימעלעך זענען אין פולער האַרמאָניע דאָרטן, ווו זיי זינגען צוזאַמען מיט מאַשע בעניאַ.

דער אויסוואַל פון די קינדער־לידער איז דורכויס נישט קיין צופע־ליקער, נאָר אַ גוט־דורכגעטראַכטער, האָבנדיק אין זינען סיי דעם מאָמענט פון געזאַנג און סיי דאָס לערנען לייענען דורך געזאַנג, דעריבער זענען פאַראַן אַ צאָל לידער מיט איבערחזרונג.

די יום־טוב־לידער, וואָס געפינען זיך אויף דער פּליטע, ווערן געזונ־גען פון יידישע קינדער בכל תפוצות ישראל (אויב מען קען איצטער, נאָך אונדזער גרעסטן חורבן, נוצן דעם דאָזיקן אויסדרוק), למשל: „זאָל זיין שבת", „חנוכה־לידער", „פּורים־לידער", „אין דעם לאַנד פון פּיראַמידן", „אליהו הנביא", „חד־גדיא", „שבועות־לידער".

די לייכטע, שפּילעוודיקע לידער פון דער פּליטע, ווי אַ שטייגער: „גוטמאָרגן־ליד", „קומט אַלע אין שול", „לאָמיר זינגען אַ יידיש ליד", „איך בין אַ יידיש קינד", „אַ ייִנגעלע, אַ מיידעלע", „אויפן פּריפּעטשיק" אאַז"וו, מאַכן דעם לימוד פון לייענען מער אָנציִעוודיק.

קלאַנגפולע מוזיקאַלישע סטראָפן געדענקען קינדער בעסער און דאָס פאַרבלייבט ביי זיי אין זכרון.

די שרייבער פון די דאָזיקע שפּילעוודיקע לידער זענען: י. קאַמינסקי, דניאל טשאַרני, ז. וויינפּער, י. וואַרשאַווסקי, דוד עדעלשטאַט און אים צו לאַנגע יאָר, יאָסל מלאָטעק, וואָס איז פאַרטראָטן מיט אַ צאָל חנעוודיקע לידער.

צווישן די קאָמפּאָזיטאָרן, וואָס האָבן געשריבן מוזיק צו די לידער, זענען: געלבאַרט, חפץ, זאַסלאַווסקי, גאָלדפאַדען, ריוועסמאַן.

אויף דער פּליטע זענען פאַראַן אַ צאָל באַקאַנטע יידישע פאָלקסלידער,

ווי: „אָט אַזוי נייט אַ שניידער", „בין איך מיר אַ שניידערל", „דער ווינטער איז געקומען", „טייערע מלכה", פאָלקסלידער פון ארץ־ישראל: „זום גלי גלי", „עמק, עמק" און אַנדערע.

*

די דריטע פּליטע, וואָס יאָסל מלאָטעק האָט אַרויסגעגעבן, רופט זיך „זינגט מיט מיר". דאָס זענען געזאַנגען, וואָס פּאַסן זיך באַזונדערס פאַר יום־טובדיקע קולטור־מסיבות און פאַר געזאַנג בציבור.

די סאַמע לעצטע פּליטע וואָס דער בילדונגס־קאָמיטעט האָט אַרויס־געגעבן, רופט זיך — „דאָס גאָלדענע לאַנד".

די דאָזיקע פּליטע שפּיגלט אָפּ אַכציק יאָר יידיש לעבן אין אַמעריקע דורכן יידישן ליד.

אויך דעם פּרעכטיקן מאָנטאַזש און די נאַראַציע האָט צונויפגעשטעלט יאָסל מלאָטעק. די לידער ווערן געזונגען פון מרים קרעסין, לואיס דאַנטאָ, מאַרט פרידמאַן און די תלמידים פון די אַרבעטער־רינג־שולן: דינה שוואַרצ־מאַן און זלמן מלאָטעק, אַקאָמפּאַנירט פון לאַזאַר ווײַנער.

די דאָזיקע פּליטע, וואָס באַשטייט פון 35 לידער, שפּיגלט אָפּ אַ סך פאַזן פון יידיש לעבן דורך ליד, זינט אַמעריקע איז געוואָרן דער גרעסטער יידישער צענטער אין אונדזער געשיכטע.

עס ווילט זיך האָפן, אַז דער בילדונגס־קאָמיטעט פון אַרבעטער־רינג וועט אויך אַרויסגעבן פּליטן, ווו דאָס מאָדערנע קינסטלערישע ליד זאָל קומען צום אויסדרוק.

## חיים פעט ע״ה

ווען איך האָב באַזוכט חיים פעטן אין קינגס־קאָונטי־שפּיטאָל, צוויי טעג איידער ער איז געשטאָרבן, האָב איך אים געטראָפן האַלטנדיק אַ בריוו אין האַנט. און הגם דאָס לשון איז שוין געווען ביי אים אָפּגענומען, און עס האָט זיך אויסגעדוכט, אַז ער זעט מער נישט, האָט ער פון דעסט־וועגן מיר געוויזן די אונטערשריפט פון בריוו. דאָס איז געווען פון אַ יידישן שרייבער, וואָס האָט אים געווונטשן אַ רפואה שלימה.

ער האָט שוין נישט געקענט אויפנעמען דעם אינהאַלט פון בריוו. דאָך האָט ער אים קראַמפּהאַפּטיק געהאַלטן אין האַנט, אים נישט געוואָלט אַרויסלאָזן, ווייל ער האָט געאַנט, אַז דאָס איז פון אַ קאָלעגע־שרייבער.

אַחוץ די קאָלעגן־שרייבער האָט חיים פעט קיינעם נישט געהאַט. דאָך האָט מען אויף אים נישט געקענט זאָגן, אַז ער איז געווען עלנט, ווייל אין יעדער שטאָט און שטעטעלע, איבער גאַנץ אַמעריקע, האָט ער געהאַט נאָענטע און באַקאַנטע וועמען ער האָט פאַרקויפט, אָדער געפּרוווט פאַר־קויפן זיינס אַ בוך. באַזונדער אין ניו־יאָרק, אין די יידישע שולן אָדער פאַראיינען, איז ער נישט געווען קיין פרעמדער. ער פלעגט אָפּט פאַרלייע־גען זיינס אַ דערציילונג, בילד צי מיניאַטור, און ער איז געווען דער ערשטער הנאה צו האָבן פון דעם. ער האָט אָבער די הנאה אויף אַן איידעלן אופן פאַרבאָרגן אין זיך.

עטלעכע חדשים איידער ער איז געשטאָרבן, האָב איך איינגעאָרדנט אַן אָוונט לכבוד אים אין באָראָ־פּאַרקער אברהם־רייזען־לייען־קרייז און אַרבעטער־רינג־שול. זיין פרייד איז געווען אין לשער, וואָס גאַנצע אַכט לייענער האָבן אַליין אָנגעבאָטן צו קויפן זיין לעצט בוך „אין לאַנד פון די אָבות". איך האָב אים גוט באַטראַכט, בעת ער האָט שטילמעלאָדיש פאַר־געלייענט דאָס ערשטע קאַפּיטל פון דעם דערמאָנטן בוך, אַן אומעטיקער

שמייכל האָט געשוועבט אַרום זיינע ליפּן; מיר האָבן געוווסט, אַז ער גייט אַרום אַ קראַנקער, אָבער מיר האָבן זיך נישט פאַרגעשטעלט, אַז „די בייזע קראַנקייט איז שוין געזעסן אין דעם טיפן, צאַרטן שרייבער און אים פאַר־צערט". אַזוי דריקט זיך אויס חיים פּעט אין „די קליינע פאַרצייכענונגען וועגן יונה ראָזענפעלד", בעת ער האָט אים דאָס לעצטע מאָל געזען, עט־לעכע וואָכן איידער יונה ראָזענפעלד איז געשטאָרבן.

חיים פּעט האָט אַלע יאָרן געלעבט אין אָרעמקייט, אָפט האָט ער זיך נישט „פאַרגונען" אַריינצוגיין אויף אַן אונטערנעמונג פון אַ צענטראַלער יידישער קולטור־אָרגאַניזאַציע, ווייל ער האָט פּשוט נישט געהאַט גענוג געלט אויף אַ בילעט. ער איז געשטאַנען אין „לאַבי", באַגלייט יעדן איינ־ציקן מיט אַ האַרציק־אומעטיקן שמייכל. קאָלעגן האָבן אים געמיטלעך געקלאַפּט אין פּלייצע, אים איבערגעלאָזט אויף יענער זייט „לאַבי", און אַליין אַריין אין ליכטיקן זאַל, ווו באַנקעט־מאַכלים, רעדעס און אונטער־האַלט האָבן אויף זיי געוואַרט! דאָך האָט חיים פּעט חלילה נישט געהאַט אין זיך קיין שמץ פון פאַרביטערטקייט.

ווער שמועסט, אַז ער האָט גראָד געקראָגן אַ „קונה" אויף זיינס אַ ניי בוך, וואָס ער האָט געהאַלטן איינגעוויקלט אין אַ צייטונג, דעמאָלט האָט ער באַצאָלט פאַרן אַריינגאַנג, און אַן אויפגעהייטערטער, צוגעגאַנגען צו טישלעך פון די קאָלעגן שרייבער, וואָס האָבן זיך גאָר וואַרעם אַרומגע־כאַפּט מיט אים.

חיים פּעט האָט באַוויזן דעם גרויסן נס אַליין אַרויסצוגעבן אויף איי־גענע הוצאות, פינף ביכער. דאָס איז אַ שיינע ירושה, וואָס ער האָט געלאָזט נאָך זיך.

צווישן חיים פּעטס קורצע דערציילונגען זענען פאַראַן אַ היפּשע צאָל, וואָס וועלן פאַרנעמען אַ בכבודיק אָרט אין אַן אַנטאָלאָגיע פון דער קורצער דערציילונג אויף יידיש.

דווקא זיין ערשט בוך „צווישן פייערן", וואָס איז דערשינען אין 1937, האָט אַ צאָל דערציילונגען, ווו די טיפן, סביבה און נאַטור זענען קינסטלע־רישע שילדערונגען פון זיין ווייסרוסישן שטעטל. אין זיי פילט זיך שטאַרק אברהם רייזענס השפּעה. זיי פאַרמאָגן דעם רחמנות־געפיל, וואָס איז דער באַגלייט־מאָטיוו פון ס'רוב אברהם רייזענס דערציילונגען. זיי האָבן אָבער נישט רייזענס שטילן הומאָר און פאָטערלעך־פילאָזאָפישן בליק.

חיים פעט האָט דורכויס אַן אייגענעם אופן פון שילדערן דעם פּערסאַ־נאַזש, די סיטואַציעס און נאַטור. דאָ איז ער נישט קיין נאָכמאַכער פון קיינעם נישט. זיין לשון האָט וואָרצלען אין דעם ווייסרוסישן יידיש און דער שפּראַך־פאָרשער וועט ביי אים געפינען אַ שלל ווערטער און אויס־דריקן פון דעם ווייסרוסישן יידיש, וואָס קיין אַנדער שרייבער פאַרמאָגט נישט.

מיר דוכט, אַז זיין בעסטער צושטייער צו אונדזער מאָדערנער ליטע־ראַטור איז זיין ערשט בוך „צווישן פייערן".

אָט זענען עטלעכע גוטע דערציילונגען פון יענעם בוך: „ערד פון דער היים", „אַ זקן, אַ ייד", „אַן ערשטלינג", „אַ קימפעטאָרין", „די ירושה" און אַ ריי אַנדערע.

אין דער דערציילונג „ערד פון דער היים", ווו דוד (לייען חיים) איז געקומען פון אַמעריקע אויף קבר אָבות אין זיין שטעטל, לייענען מיר אַזעלכע השתפכות־הנפשדיקע שטעלן: „דוד איז געגאַנגען דורך די שורות מצבות, וואָס זענען געשטאַנען מיט זייערע פאַרקירצטע געשריפטן פון מענטשן, וואָס זענען ווי ער, דוד, געגאַנגען, געפאָרן, געטומלט. איצט איז בלויז זייער געדעכעניש אויסגעברענט אויף שווערע שטיינער, וואָס שטייען נאָענט איינע לעבן די אַנדערע, רייען ווי פאַרשטיינערטע סאָלדאַטן" (זייט 94). און אַ ביסל ווייטער: „דוד האָט אַרויסגענומען פון אַ שיידל שפּאַ־קולן, זיי אָנגעטאָן פאַמעלעך אויפן נאָז. ער האָט געלייענט דאָס געשריפט פון דער מצבה ווי אַ הייליקע געשריפט פון אַ מגילה. די אויגן זענען אים פול געוואָרן מיט טרערן, זיין קול איז אים געבליבן שטעקן אין האַלדז. ער איז געשטאַנען גלייך, פאַרלייגט די הענט. ער איז געווען אַ קליין ייִנגל, וואָס מען האָט זיין מאַמע דאָ אין גרוב אַראָפּגעלאָזט" (זייט 95).

אויך אין זיינע נאַטור־שילדערונגען האָט חיים פעט קיינעם נישט נאָכגעמאַכט. אין געציילטע שורות קען ער אויסמאָלן פאַר אונדז אַ נאַטור־בילד, ווו עס פילט זיך אויך דאָס געמיט פון מחבר: „אַ געראַמער צימער מיט צוויי פענצטער, פון וואַנען עס האָבן זיך געזען האַרבסטיקע, פאַר־רעגנטע און מיט טרויער־באַצויגענע פעלדער. איינצלנעביימער האָבן זיך געזען אויף די פעלדער. ווילדע ווינטן האָבן אויף זייערע פליגלען געטראָגן די זוימען פון געדיכטן וואַלד. דאָ האָבן זיך די זוימען אָפּגעזעצט, פונאַנ־דערגעריסן זיך, פאַרוואָרצלט און אויסגעוואַקסן אין ביימער, ווי פאַר־

וויאַגלטע שומרים פון דעם אַלטן וואַלד...״ (פון דער דערציילונג „ירושה״, זייט 160).

חיים פּעט האָט נישט נאָר געקענט גוט אָבסערווירן, נאָר ער האָט אויך באַהערשט די סטרוקטור פון אַ דערציילונג.

זיין צווייט בוך „אַ הויז אויפן פעלד״, באַשטייט פון דריי נאָוועלן, צוויי קליינע און איינע אַ גרויסע: „ער איז געפאָרן רוען״. דער מחבר שילדערט דאָרטן דאָס יידישע שטעטל נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה. דאָס וואָס דער מחבר דערציילט אונדז וועגן זיין שטעטל, איז כאַראַקטעריסטיש פאַר אַ סך יידישע שטעטלעך אין אַלטן רוסלאַנד.

דער הויפּט־העלד פון דער נאָוועלע „ער איז געפאָרן רוען״, הלל, איז צו בלאָס געשילדערט, כדי ער זאָל זיך איינקריצן אינעם לייענערס באַוווסטזיין.

חיים פּעט האָט באַשריבן די נסיעות, וואָס ער האָט געמאַכט אין משך פון יאָרן, זינט קומען קיין אַמעריקע, די רייזעס איבער די שטעט און שטעטלעך, אויך זיין רייזע איבער מעקסיקע. אין דער אָפּטיילונג: ישראל־מיניאַטורן, פון זיין בוך פון „האָדסאָן ביזן ירדן״, האָט ער פּרעכטיקע קורצע בילדלעך, מיניאַטורן פון כלערליי דערשיינונגען אין מדינת ישראל. דהיינו: „דער שריפטשטעלער פון גלות״, „הר הרצל״, „די תימנער וועשערין״, „ביאַליקס הויז״, „גליל העליון״, „ירושלים״, „צפת״, „דער יידישיסט״ און אַ סך אַנדערע.

וועלן מיר דאָ ציטירן בלויז זיין „ביאַליקס הויז״:

צווישן רוישנדיקע גאַסן אין תל־אביב בלאָנדזשעט מען אַריין אין באַביימערטן ביאַליק־געסל, ווי אין אַ שטילער דאָרף־גאַס. און זיין הויז שטייט אויפגעהויבן, אַרומגענומען מיט הויכעביימער, וואָס ביאַליק האָט זיי געפלאַנצט. דער באָקסער־בוים קושט זיך מיטן טייטלבוים און דער מילגרוים האַלדזט זיך מיטן אתרוג־בוים. אַ סאַזשלקע מיט גאָלדענע פיש רוט צווישן די ביימער. אין צוויי גרעסערע חדרים, ביי לאַנגע הילצערנע טישן, זיצן בחורים און מיידלעך איבער ספרים. אין איין צימער שטייט שטום דער שרייבערטיש. און דער לעדערנער שטול אַ ליידיקער... אין אַלמער, אונטער גלאָז, ליגט ביאַליקס שטעקן, אַ געגאַרבטער, אַ ברוינער, אַ וואַנדערנדיקער... ער ליגט אויסגעצויגן אָן ביאַליקס האַנט אויף אים...

ער ליגט אַרומגעשוועבט מיט אַלע לעגענדעס פון ר׳ חיים נחמן ביאַליק״... (זייט 124).

אין בוך געפינען זיך עטלעכע צענדליק ישראל־מיניאַטורן, וואָס שפּיג־לען אָפּ דאָס פּילפאַרביקע לעבן פון דער יונגער יידישער מדינה.

בכלל איז חיים פּעט געווען אַ קענער פון דעם דאָזיקן זשאַנער, וואָס ער האָט אָנגערופן „מיניאַטורן״. ער האָט די דאָזיקע קורצע בילדלעך פאַר־עפנטלעכט אין פאַרשידענע צייטונגען, זשורנאַלן און צייטשריפטן. ער האָט דאָ עפּעס מחדש געווען.

פאַראַן צווישן זיי אַזעלכע מיניאַטורן, וואָס ווייזן אונדז חיים פּעטס שאַרף אויג, מענטשן־חכמה און די פעאיקייט בצימצום צו זאָגן אַ סך.

אָט קומען אויפן זכרון זיינע מיניאַטורן וועגן אברהם רייזען און ד״ר א. קאָראַלניק — זייער באַגעגעניש אויף איסט־בראָדוויי און „צביון און אברהם רייזען״, „יעקב פּיכמאַן״, „לעאָן קאָברין און אברהם רייזען״.

אפילו בעל־פּה האָט ער געקענט וווּנדערלעך־שיין כאַראַקטעריזירן זיין שריפטשטעלערישע מערכה, קאָלעגן־שרייבער און סתם מענטשלעכע שוואַכקייטן.

זיין לעצט בוך, „אין לאַנד פון די אָבות״, איז אַ מאָדערנער שיר־השירים, אַ לויב־ליד דעם יידישן לאַנד. דאָס איז אַן ארץ־ישראל־ראָמאַן, וואָס שילדערט די נייע עולים, די וואָגלערס, „וואָס גאָט האָט זיי אויסגעלייזט פון אַלע שטרויכלונגען און זיי דערפירט אין יידישן לאַנד״.

מדינת ישראל האָט זיי אויפגענומען ווי אַ מאַמע נעמט אויף אירע פאַרלוירענע קינדער.

„אברהם האָט נאָך קיין מאָל פריער נישט איבערגעלעבט די פרייד צו זיצן רואיק אויף גאָטס זאַמדן, איבערגעשפּרייט מיט אַ ווייטן, הויכן, בלויען הימל. אויף די זאַמדן, אונטער דעם הימל, האָט יהושע בן נון געפירט די יידן אַרבן דאָס גאָט־צוגעזאָגטע לאַנד״ (זייט 10).

דאָ הייבן זיי אָן אויף ס׳ניי שלאָגן וואָרצלען. אויף וויסטער ערד בויען זיי קיבוצים, קריגן צוריק זייער מענטשן־ווערדע, בענקען, ראָמאַנסירן, פאַר־ליבן זיך. „און אַ גרויס געשעעניש האָט אויפגעשיינט פאַר אברהמען! אין איינעם אַ פרימאָרגן האָט זיך באַוויזן ביים ברעג ים אַ יונגע פרוי. ער האָט געזען פון זיין שפּייכלערל: די פרוי האָט זיך אומגעקוקט אויף אַלע זייטן. ער האָט געזען אין יונגן פרימאָרגן די זון אויף אירע רויטע האָר. זי איז

געווען שיין אין געשטאַלט, גלייך און דין. אירע באָרוועסע פיס האָבן ווי געלויכטן. זי האָט זיך געבויגן, אויפגעהויבן שטיקלעך האָלץ, וואָס זענען געלעגן אויסגעשפּרייט איבערן גאַנצן ברעג פון ים" (זייט 16).

דאָס גאַנצע בוך איז אַ געזאַנג פון אַ בענקנדיקער נשמה, וואָס זוכט מנוחה. „אויב זי וועט באַוויליקן מיט אים אַ בונד שליסן... זיין האַרץ איז אויפגעוואַכט געוואָרן... זי האָט אים באַוועלטיקט. ער וועט אויפבויען מיט זיינע הענט אַ שטוב, טאַקע דאָ נאָענט"...

מדינת ישראל איז נאָך אַלץ אין פּראָצעס פון ווערן, הגם די געבורט־ווייען זענען שוין פאַריבער, לויערט נאָך אַלץ די סכנה. אַפילו חיים פּעט, וואָס האָט בלויז געזוכט שלווה און כסדר אַרומגעגאַנגען אַ פאַרליבטער, האָט נישט געקענט פאַרשווייגן די גרויע ווירקלעכקייט. און בעת דער הויפּט־העלד פון דער נאָוועלע, אברהם, האָט געלייגט דעם פונדאַמענט פאַר אַ היים אין ישראל און אין עקסטאַז אויסגערופן, ווענדנדיק זיינע אויגן צו דעם ישראל־הימל: „רבותי, מיט אייערע רידלען אין די הענט האָט איר געהייליקט די פאַרלאָזענע ישראל־ערד. לחיים, יידן! לחיים, שכנים! זיין קול איז געווען דורכגענומען מיט פרייד און טרערן". — אין דער אייגענער צייט איז געשען אַן אומגליק, „וואָס האָט זיך שוין מער ווי איין מאָל איבערגע־חזרט". „קרית ים איז געווען אויפגערודערט. מען האָט געבראַכט אויף אַ מיליטערישן טראָק צוויי הרוגים — צוויי צוואַנציקיאָריקע יידישע בחורים, אַראַבישע קוילן האָט איבערגעזעגן זייערע יונגע לעבנס, בעת זיי האָבן געהיט די גרענעצן פון יידישן לאַנד" (זייט 28).

אברהם, פונקט ווי אַנדערע עולים, פעסטיקט זיך איין אין יידישן לאַנד. „ווו מען גייט, ווו מען פאָרט, טראָגט זיך געזאַנג פון געצייג. אַפילו טוריסטן ווערן מיטגעריסן מיט דער בוי־שאַלונג. זיי ווערן אָנגעטאָן מיט פרייד און יום־טוב" (זייט 63).

דאָס בוך ענדיקט זיך סימבאָליש: „און שרה האָט אויפגעהויבן דאָס ניי־געבוירן קינד אין קישן. און דער דאָקטער און אברהם זענען געשטאַנען אַרומגענומען. און אברהם האָט זיך איבערגעבויגן איבערן קינד און ער האָט אויסגערופן:

„יצחק, מיין זון!

און שרה האָט מיט אַ שוואַך קול אויך אויסגערופן: יצחק! יצחק! וונדזער זון".

אברהם, שרה, יצחק...

הלוואי וואָלט חיים פּעט געפונען מנוחה אין „לאַנד פון די אָבות׳ ווי זייך הויפּט־העלד אברהם, וואָס איז אין איין עלטער מיטן מחבר...

דאָס לעבן איז אָבער נישט ווי אין מעשה־ביכל.

אין די פינף ביכער, וואָס חיים פּעט האָט איבערגעלאָזט נאָך זיך, וועט דער לייענער געפינען דעם מחברס ליכטיקע, אומרואיקע און בענקנדיקע נשמה.

1959

## ביטריס גאָלדסמיט־דזשייקאָבסאָן, ע״ה

צום ליכטיקן אָנדענק פון ביטריס גאָלדסמיט, גיט איר משפּחה אַרויס אַ בוך מיט ביטריסעס יידישע שאַפונגען. אין בוך וועלן זיך אויך געפינען אַ טייל פון אירע ענגלישע לידער, וואָס דער פּאָעט און לערער חנן קיעל האָט איבערזעצט אויף יידיש.

ביטריס גאָלדסמיט האָט איבערגעלאָזט נאָך זיך אויף ענגליש אַזוי פיל פאַרשיידנאַרטיקע פּאָעטישע שאַפונגען, אַז עס וועט נאָך דויערן אַ שטיקל צייט ביז מען וועט אַלצדינג צוזאַמענגעמען און מסדר זיין.

אַ גרויסע טייל פון אירע שאַפונגען זענען אַרויסגעגעבן געוואָרן אין ביכלעך און אַנדערע זענען פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין פאַרשידענע ליטעראַרישע אויסגאַבעס און אַנטאָלאָגיעס.

דאָס דאָזיקע בוך וועט דינען ווי אַ מאָנומענט פאַר אירע אין צער־פאַרבליבענע עלטערן, משפּחה און פריינד וואָס לעבן בלויז מיט די ליכטיקע זכרונות פון ביטריסן.

דאָס בוך וועט אויך זיין אַ צושטייער צו דער יידישער ליטעראַטור, באַזונדערס צו דער יידישער קינדער־פּאָעזיע.

ביטריס גאָלדסמיט איז קודם כל געווען אַ דיכטערין, אַפילו איר פּראָזע איז אויך פּאָעזיע. איר קליינע עסיי „יידן אין דער אַמעריקאַנער ליטעראַטור״, איז אַ היסטאָרישער דאָקומענט וועגן דעם טראַכטן און

דענקען פון דער אַמעריקאַנער יידישער אינטעלעקטועלער יוגנט, פון וועלכער ביטריס גאָלדסמיט איז געווען אַ שיינע פאָרשטייערין.

בשעת ביטריס האָט געשריבן די עסיי „יידן אין דער אַמעריקאַנער ליטעראַטור", אין דער „שלום-עליכם מיטלשול-שטים", אין יאָר 1932, איז זי בסך־הכל אַלט געווען זעכצן יאָר, און דאָך שטראַמט אַרויס פון דער דאָזיקער עסיי געדאַנקען פון אַ רייפן מענטשן מיט אַ באַשטימטן צוגאַנג צו ליטעראַטור, זי ווייזט אַרויס ערודיציע אין ליטעראַרישע ווערק. עס איז באַזונדערס אינטערעסאַנט איר בליק אויף דער עובדה פון יידישע שרייבער, וואָס שרייבן אויף ענגליש, סיי אויף יידישע און סיי אויף אַלגעמיינע טעמעס. זי האַלט, אַז די ווערק פון די ענגלישע יידישע שרייבערס באַרייכערן די אַמעריקאַנער ליטעראַטור, און דאָס, וואָס זיי שאַפן, גייט אויפן חשבון פון דער אַמעריקאַנער קולטור און נישט אויף דעם יידישן חשבון. און דאָך קענען די אַמעריקאַנער יידישע שריי־בערס, ווי שטאַרק זייער טאַלאַנט, פעאיקייט און אַמביציע זאָלן נישט זיין, שטייגן בלויז ביז אַ געוויסן שטאַפּל, אויף דעם גייסטיקן לייטער, און בלייבן דאָרטן ווי אין אַ חלל.

אין דעם דאָזיקן געדאַנק איז פאַראַן אַ געזונטער, באַטירלעכער, יידיש־נאַציאָנאַלער צוגאַנג צו דעם ענין פון יידישע שרייבער, וואָס שאַפן אויף פרעמדע לשונות, מעג דאָס נישט־יידישע לשון זיין אין גאַנצן אייגן דעם שרייבער. אויך ביטריס גאָלדסמיט, אין די שפּעטערישע יאָרן פון איר שרייבן, איז אַליין שטאַרק באַווירקט געוואָרן פון דער אַנגלאָזאַקסישער קולטור און האָט געהאָלפן זי באַרייכערן. אָבער אין דעם איז נישט פאַראַן קיין סתירה פון איר בליק אויף דעם יידישן שרייבער און זיינע ליטעראַ־רישע מעשים. וואָרעם דאָס איז דאָך דער גורל פון יידישן וועלט־פאָלק.

עס איז גאַנץ סימפּטאָמאַטיש פאַר ביטריס' טאַלאַנט, וואָס אין אירע יידישע קאָמפּאָזיציעס, וואָס זי האָט געשריבן, בשעת זי האָט זיך נאָך געלערנט אין דער פאָלקשול, און איז אַלט געווען צוועלף יאָר, געפינען זיך נישט קיין שאַבלאָנע אויסדרוקן. זי איז דאָ שוין (אין „רעגן" און „ניסים אויפן ים"), אַ דיכטערין, וואָס פירט אַריין דעם לייענער אין דעם לאַנד פון פאַנטאַזיע און פון פּאָעטישער שיינקייט.

אין דעם בוך געפינען זיך ביטריס' דרייסיק לידער, וואָס דער

לערער און פּאָעט חנן קיעל האָט איבערגעזעצט פון ענגליש אויף יידיש. דאָס זענען בלויז מוסטערן פון אירע פיל־צאָליקע פּאָעטישע שאַפונגען.

די ענגלישע ליטעראַטור, ווי באַקאַנט, איז זייער רייך אין פאַרשיידענע מינים קינדער־לידער, באַזונדער וועגן הויז־חיות; און דאָך האָבן ביטריס גאָלדסמיטס קינדער־לידער אויך אויף ענגליש געוועקט אָנזען. וואָרעם דאָס זענען נישט סתם געגראַמטע שורות, וואָס אַ געאיבטע פען מאַכט זיי כהרף־עין, נאָר דאָס זענען מיניאַטור־לידער, וואָס פאַרמאָגן יענע געבענטשטע תמימותדיקייט, וואָס נאָר עכטע פּאָעטן קענען שאַפן. זיי זענען באַשטראַלט פון מענטשלעכן חן און ווירקן אוממיטלבאַר אויף קליין און גרויס.

די שטומע בעלי־החיים ווערן באַלעבט און קריגן עפּעס פון דעם „צלם אלקים״. ביטריסעס „איב לינקאָלן״ ווערט געזונגען איבער אַמעריקע אין טאָג פון לינקאָלן. עס איז הפּנים נישט אַזוי לייכט אָנגעקומען דעם איבער־זעצער דאָס איבערצוזעצן אויף יידיש. בכלל איז שווער איבערצוזעצן פּאָעזיע פון איין שפּראַך אויף דער צווייטער, עס ווערן פאַרלוירן די סובטילע ניואַנסן, די דיכטערישע ניואַנסן און שפּראַכלעכע אייגנטימלעכקייטן.

„אַבשלום מיין זון״ האָט די ענגלישע פירמע מילס־מוזיק פאַרלאַג אַרויסגעגעבן אין פּלאַטן און זענען דערשינען אין אַ סך אויפלאַגעס.

אינטואיטיוו האָט די דיכטערין ביטריס גאָלדסמיט דערפילט די גרויסע מענטשלעכע טראַגיק, זי האָט די דאָזיקע לידער געשאַפן אין איר בלי־צייט, ווען זי איז געווען פול מיט ליבע צו דעם מענטשן און צו דער וועלט, דאָך הערט זיך, זייער אָפט, אַ שטילער קרעכץ אין אַ סך פון אירע לידער, וואָס שטאַמען פון דער דאָזיקער רייפער, יוגנטלעכער עפּאָכע.

ביטריס גאָלדסמיט האָט געהאַפט צו ווערן אַ יידישע דיכטערין. מיט גרויס ליבשאַפט האָט זי געלייענט גוטע יידישע פּאָעזיע. זי האָט פאַרמאָגט אַ מיטגעבוירענעם חוש און פאַרשטענדעניש פאַר אמתער קונסט. אַליין האָט זי אויסגעזען ווי אַ פּערזאָניפיקאַציע פון קונסט. הויך, שלאַנק, מיט אַ פּאָר גרויסע, ליכטיקע, פאַרליבטע, ברייט־צעעפנטע, שוואַרצע אויגן און מיט אַ שטראַלנדיק אַלבאַסטער פּנים.

אין די יאָרן, וואָס ביטריס גאָלדסמיט האָט זיך געלערנט אין דער שלום־עליכם־מיטלשול, און ווו איך האָב אויך געהאַט די פרייד צו זיין איינער פון אירע לערערס, איז זי געווען אַן אינספּיראַציע נישט בלויז פאַר

איר קלאַס, נאָר פאַר דער גאַנצער מיטלשול. זי האָט אָפט גורם געווען, אַז די לימודים זאָלן שטיין אויף אַ הויכן ניוואָ.

בשעת ביטריס גאָלדסמיט האָט זיך געלערנט אין דער שלום־עליכם־מיטלשול און זיך באַקענט מיט קאַדיע מאָלאָדאָווסקיס לידער, האָט זי אַ שטאַרק באַגייסטערטע זיך גענומען איבערזעצן אירע לידער אויף ענגליש. זי האָט אָפּגעקליבן אַ ריי לידער פון אברהם רייזענען, וואָס זענען איר באַזונדערס געפעלן געוואָרן און געחלומט צו באַקענען די אַמעריקאַנער וועלט מיט אונדזערע גרויסע פּאָעטן. אַ גאַר שטאַרקן איינפלוס האָבן געהאַט אויף איר די פּאָעטישע שאַפונגען פון יהואשן. זי איז אויך געווען פאַרליבט אין מאַני לייבס לידער.

ביטריס גאָלדסמיט האָט געהאַט אָפן נישט בלויז איר מוח, נאָר אויך איר האַרץ פאַר מענטשלעכע פריידן, ליידן, האָפענונגען און חלומות. ד׳עריבער פילט זיך פון צייט צו צייט אַפילו אין אירע שטיפערישע לידער דער דאָזיקער געמיט־צושטאַנד.

ביטריס גאָלדסמיט איז געבוירן געוואָרן דעם 17טן אַפּריל 1915 אין בראָנקס, אין דער יידישער שול, אין דער שלום־עליכם־פאָלקשול 15, האָט ביטריס אָנגעהויבן זיך לערנען, ווען זי איז שוין געווען אַ דערוואַקסן מיידל פון 11 יאָר. זי איז אָבער אַריינגעקומען אין דער יידישער שול מיט יידיש לשון אין מויל. דאָס איז אַ דאַנק אירע עלטערן, פון וועמען ביטריס האָט געירשנט אַ סך גוטע מידות, אויך איר קינסטלערישע נשמה האָט זי געירשנט פון אירע עלטערן. דער אונטערשייד איז נאָר, וואָס שרה גאָלד־סמיט, די מוטער פון ביטריסן, שאַפט אינדיווידועלע, פּערזענלעכע קונסט, בעת ביטריסעס קינסטלערישע פּערזענלעכקייט איז געוואָרן אַ רשות הרבים.

ביטריס גאָלדסמיטס עטישע פּערזענלעכקייט און איר טיף־פּאָעטישע און קינסטלערישע נשמה, דער דאָזיקער ליכטיקער זיווג, איז געוואָרן דער סימן מובהק פון איר לויטער לעבן און שאַפן.

# הספד נאָך ביטריס גאָלדסמיט־דזשייקאָבסאָן

גערעדט אויף דער מצבה־אַנטהילונג

זונטיק, דעם 4טן מאַי, 1952, ט׳ אייר, תשי״ב

דאָ ליגט בלויז דאָס ערדישע פון ביטריסן, אָבער דאָס גייסטיקע, דאָס נשמהדיקע וועט אייביק לעבן.

ביטריס האָט באַלאַנגט צו די יחידי־סגולה, צו די אויסדערוויילטסטע, וועמען גאָט האָט באַשאָנקען מיט זייער אַ סך פעאיקייטן.

איך האָב געהאַט דאָס גרויסע גליק צו זיין איינער פון אירע לערער, און איך געדענק דעם יום־טוב, וואָס האָט געהערשט אין דער שלום־עליכם־מיטלשול, ווען ביטריס איז געקומען.

זי האָט געבראַכט מיט זיך ליכטיקייט, זוניקייט, זי האָט אַלעמען באַשטראַלט מיט אירע גוטע, ליכטיקע און מילדע אויגן.

עס איז געווען עפּעס אין איר גאַנץ וועזן, אין איר גאַנצע פּערזענלעכ־קייט, וואָס האָט אַרויסגערופן צו זיך יראת הכבוד און דרך־ארץ.

זי האָט איינגעזאַפּט אין זיך פון דער פריסטער קינדהייט אַן אַ געפיל פאַר שיינקייט, פאַר קונסט, פאַר ערלעכקייט און פאַר הויכע, עטיש־מענטשלעכע אידעאַלן.

ביטריס האָט מיט איר פּערזענלעכקייט געווירקט, אַז אויך די אַנדערע מענטשן זאָל זיין גוט, זאָלן זיין ערלעך. זי האָט זיי דערהויבן צו זיך.

אויב מען קען זיך אין אונדזער דמיון, אין אונדזער פאַנטאַזיע, פאָרשטעלן אַן אידעאַל פון אַ מענטשן, איז עס געווען סימבאָליזירט אין ביטריס גאָלדסמיטן.

איך האָב זי געקענט ווען זי איז געווען צווישן די יאָרן פון 14 ביז 17. בלויז גרויסע אינטעלעקטן פון דער וועלט זענען אין יענעם עלטער געווען אַזוי רייף פאַר נייע געדאַנקען, אידעאַלן, אידעען, ווי זי איז עס געווען.

זי האָט קריטיש געלייענט און שטודירט די גרויסע ווערק פון שריפט־שטעלער פון אַלע פעלקער. זי האָט צוזאַמען מיטן מחבר איבערגעלעבט די שאַפונגס־מאָמענטן פון די גרויסע ווערטן, וואָס האָבן באַרייכערט אונדזער וועלט.

ביטריס גאָלדסמיט איז געווען פעאיק אויף אַ סך געביטן. זי איז געווען

ממש די פערזאָניפיקאַציע פון אַ סך קונסטן. אָבער זי איז קודם כל געווען אַ גרויסע דיכטערין מיט ליבשאַפט אין האַרצן צום מענטשן און צו אַלע בעלי־חיים.

זי איז אָפט אין איר דיכטונג שפּילעוודיק און זאָרגלאָז ווי אַ קינד, אָבער מערסטנס איז זי טיף און ערנסט ווי אַ רייפער דענקער.

ביטריס האָט געהאַט אַ שטאַרקע פאַרשטענדעניש פאַר דעם יידישן פאָלק. אינטואיטיוו האָט זי דערפילט דעם יידישן גורל. ביי מיר איז קיין שום ספק נישט, אַז ביטריס׳ „אבשלום מיין זון״ וועט גאָר אין גיכן אויך איבער־געזעצט ווערן אויף דער ביבל־שפּראַך — אויף העברעאיש. אויף יידיש איז עס שוין איבערגעזעצט. דאָס איז אַ פּאָעמע, וואָס דערהייבט זיך צו אוני־ווערסאַלקייט. אויך „אסתר המלכה״ איז אַן עכט יידישע שאַפונג.

ביטריס האָט געזען ווי עגאָאיזם, אייגננוציקייט און אומרעכט זוכן צו געוועלטיקן, האָט זי געוואָלט פאַרוואַנדלען די דאָזיקע שלעכטע, מענטשלעכע אַטריבוטן, אין ליכטיקע, שיינע אידעאַלן. זי האָט געחלומט פון מלכות שמים.

ביטריס האָט אויפגעהויבן דעם פאקל פון ליכט און איז געזוכט צו פאַרשפּרייטן צווישן ברודער און ברודער, צווישן מענטש און מענטש.

דאָס פילט זיך אַזוי שטאַרק אין אַלע אירע פּאָעטישע שאַפונגען, אפילו אין אירע שטיפערישע, האַרציקע קינדער־לידער.

מיר זענען דאָ פאַרזאַמלט ביי ביטריס׳ מצבה. מיר ווייסן, אַז דאָ רוט זי, דאָ שלאָפט זי דעם אייביקן שלאָף. אָבער דער מאָנומענט נאָך ביטריסן איז אַזוי פילגעשטאַלטיק און פאַרשידנאַרטיק, אַז עס פאָדערט זיך עפּעס פון איר גרויסע און ליכטיקע נשמה, כדי זי צו קענען אפילו טיילוויז רעסטאווירן.

אַ טייל פון ביטריס׳ נשמה וועט אָפּגעשפּיגלט ווערן אין אַ בוך אויף יידיש און ענגליש, וואָס ביטריס׳ עלטערן, קרובים און פריינד גיבן אַרויס.

שלאָף רואיק, ביטריס, דו ביסט נישט געשטאָרבן, דיינע ווערטן און ווערק וועלן לעבן אין אַלע אייביקייטן.

און איר, עלטערן פון ביטריסן, זייט געטרייסט, וואָס איר האָט געהאַט די גרויסע זכיה צו געבוירן אַזאַ קינד, ווי ביטריס.

כבוד איר ליכטיקן אָנדענק.

# לייבוש שפיטאַלניק ע״ה

מיטוואָך, דעם 13טן יוני 1962 איז פּלוצלונג געשטאָרבן לייבוש שפּי־טאַלניק, איינער פון די עלטסטע און חשובסטע יידישע לערער.

לייבוש שפּיטאַלניק האָט געשטאַמט פון פּאָדאָליע, פון אַ חסידיש־באַלעבאַטישער משפּחה. צו פינף יאָר איז ער געוואָרן אַ יתום און זיין פרומער זיידע איז געווען זיין ערשטער רבי. ער האָט געלערנט מיט אים חומש, רש״י און גמרא.

אין זיינע זכרונות „אַ ייד פון פּאָדאָליע״, וואָס אַ צאָל קאַפּיטלעך האָט ער פאַרעפנטלעכט אין „אַמעריקאַנער״ און אין אַנדערע אויסגאַבן, שילדערט ל. שפּיטאַלניק מיט אַ סך ליבשאַפט און פּיעטעט דעם זיידן זיינעם.

ביז קרוב זיבעצן יאָר האָט ל. שפּיטאַלניק פאַרבראַכט אין פּאָדאָליע, לערנענדיק ביי די בעסטע מלמדים און אויך אַלגעמיינע לימודים אין דער זשאָרטיקער גימנאַזיע. ער האָט דעריבער איינגעזאַפּט אין זיך דעם פּאָדאָ־ליער פאַרוואָרצלטן יידיש. דאָס האָט זיך שטאַרק געפילט אין זיין רעדן, בין אָדם לחברו, און אין זיינע עפנטלעכע רעדעס (ער איז געווען אַן אויס־געצייכנטער אָראַטאָר), און אין זיין שרייבן, באַזונדער אין „אַ ייד פון פּאָ־דאָליע״.

לייבוש שפּיטאַלניק איז געווען איינער פון די אָנגעזעענסטע ביבליאָ־פילן אין אונדזער גאַנצער סביבה.

ווער עס האָט נאָר געזען זיין ריזיקע ביבליאָטעק מיט די זעלטענע אויסגאַבעס און יקר־המציאותן, האָט זיך נישט געקענט באַפרייען פון דעם געדאַנק, אַז בלויז אַ מענטש פון הויכער קולטור האָט זיך געקענט איינשאַפן אַזאַ מעכטיקע ביבליאָטעק פון אַ סך טויזנטער בענד.

עטלעכע טעג פאַר זיין טויט האָב איך אים געטראָפן פאַרטיפט אין אַ ספר. ווייזט ער מיר, אַז ער האָט זיך נאָר וואָס איינגעשאַפט אַ נייעם חומש, וואָס איז אָנגעקומען פון ישראל, אַ חומש מיט רש״י, אָבער רש״י מיט ניקוד, און דאָס איז אַ זעלטנקייט.

איך ווייס נישט גענוי וויפל פאַרשידענע אויסגאַבעס פון חומש ער האָט געהאַט אין זיין ביבליאָטעק, אָבער עס וועט נישט זיין קיין גוזמא,

ווען איך וועל זאָגן, אַז ער האָט געהאַט צענדליקער פאַרשידענע אויסגאַ־בעס פון חומש, נו, האָט ער זיך איצטער איינגעשאַפט אַ נייע אויסגאַבע, וואָס איז דערשינען אין מדינת ישראל אין תשכ״ב.

לייבוש שפּיטאַלניקן האָט זייער שטאַרק געצויגן צו דעם טיף־פאַר־וואָרצלטן טראַדיציאָנעלן רעליגיעזן יידנטום. ער האָט אָבער געלעבט אין אַ יידיש־וועלטלעכער סביבה, און עס איז ביי אים כסדר פאָרגעקומען אַ ויתרוצצו צווישן דער וועלטלעכער סביבה און זיין רעליגיעזער נאַטור. האָט ער שלום געמאַכט, אָדער ראַציאָנאַליזירט, אויף אַזאַ אופן: אין די וואָכן־טעג האָט ער פאַרבראַכט אין דער וועלטלעכער סביבה, אָבער אין די יום־טובים (און טיילווייז אויך שבת) האָט ער זיך פרי אויפגעהויבן, גענומען דעם טלית און מחזור און אַוועק אין שול דאַווענען, ס׳רוב אין מושב זקנים, וואָס האָט זיך געפונען קעגנאיבער ווו ער האָט געוווינט.

מיר דוכט, אַז דער פאַסיקסטער מאָטאָ פאַר ל. שפּיטאַלניקס פינף און פערציק יאָר אין דינסט פון יידישן חינוך איז: „מפי עוללים ויונקים יסדת עוז״.

אַ טאָג איידער ער איז געשטאָרבן האָט ער נאָך מיט יידישע קינדער געלערנט תורה, און אַזוי האָט ער געטאָן אין משך פון אַלע יאָרן, געלערנט תורה אין אמתן זין פון וואָרט.

עס דערמאָנט זיך, אַז אַ מיטגליד פון דער פּעדאַגאָגישער קאָמיסיע האָט געהאַט צו אים אַ טענה, הלמאי ער לערנט נישט די הגדה, וואָס מען האָט איינגעפירט. האָט ער געענטפערט, אַז ער לערנט מיט די קינדער די הגדה, וואָס יידישע קינדער האָבן געזאָגט אין משך פון אַלע דורות.

ל. שפּיטאַלניק האָט מיט אַ באַזונדערער וואַרעמקייט געלערנט מיט זיינע תלמידים יידישע געשיכטע, וואָרעם וואָס עס האָט געטראָפן מיט אברהם אבינו, און מיט יצחק, און מיט יעקב אבינו איז דאָך אונדז אַלעמען נוגע, ווייל זיי זענען דאָך געווען אונדזערע עלטער־עלטער־זיידעס. ער האָט געלערנט די יידישע געשיכטע ווי אַ משפחה־כראָניק און אַריינגעבראַכט אינטימקייט, נאָענטקייט און ליבשאַפט צו יידישע היסטאָרישע געשטאַלטן.

אַזוי האָט ער זיך אויך נוהג געווען לערנענדיק מיט מיטלשול־תלמידים די יידישע ליטעראַטור. וואָרעם די יידישע ליטעראַטור איז דאָך אין תוך אַ המשך פון אַלע גייסטיקע ווערטן, וואָס יידן האָבן געשאַפן, אָנהייבנדיק

פון תנ״ך, תלמוד, ביז די סאַמע נייעסטע און באַדייטנדיקסטע יידישע שרייבער.

די שול, ווו לייבוש שפּיטאַלניק האָט געלערנט, האָט ער פאַרוואַנדלט אין אַ בית־המדרש, ווו אויך דערוואַקסענע האָבן געלערנט די אַלטע און נײַ־יידישע קולטור. ער אַליין האָט געקענט רעדן מיט אַ סך וויסן, דהיינו, סיי וועגן הכוזרי פון ר׳ יהודה הלוי און סיי וועגן חיים נחמן ביאַליקס „המתמיד״, וועגן די פּיוטים פון מחזור און וועגן די לידער פון איציק מאַנגער וכדומה.

לייבוש שפּיטאַלניק האָט שטאַרק געוואָלט אַרויסגעבן זיין בוך „אַ ייד פון פּאָדאָליע״, אָבער ער האָט עס נישט באַוויזן, און נישט מחמת דעם, ווייל ער איז געווען פאַרוואָרפן מיט אַרבעט און נישט געהאַט קיין צייט. נײן, פּונקט דער היפּוך — ער האָט געהאַט צו פיל צייט. עס האָט אים אָבער געפעלט סביבה און דערמוטיקונג.

ער האָט אויך איבערגעזעצט און שיין באַאַרבעט קינדער־מעשיות פון עגנון, ביאַליק, בערקאָוויטש און פון אַנדערע העברעאישע שרייבער, וואָס פלעגן זיך אָפט דרוקן אין „קינדער־זשורנאַל״, וואָס ווערט אַרויסגעגעבן פון שלום־עליכם־פאָלקס־אינסטיטוט און אין „קינדער־צייטונג״, וואָס עס גיט אַרויס דער בילדונגס־קאָמיטעט פון אַרבעטער־רינג.

דער שרייבער פון די שורות האָפט, אַז ער וועט קענען אַרויסגעבן אין בוך־פאָרעם ל. שפּיטאַלניקס אייגענע קינדער־מעשיות און אויך די, וואָס ער האָט באַאַרבעט פון העברעאיש, און פאַרטיילן די ביכער, ווי אַ מתנה, אין די שולן, ווו ער האָט געלערנט — שלום־עליכם־פאָלקסשולן, שולן פון נאַציאָנאַלן אַרבעטער־פאַרבאַנד, אין די פּועלי־ציון־ און אין די אַרבעטער־רינג־שולן.

לייבוש שפּיטאַלניק האָט געהאַט פריינד אין דער העברעאיש־לומדי־שער שרייבער־וועלט און צווישן די יידישע עלטערע ביז די יינגסטע שרייבער.

דניאל פּערסקי ע״ה פלעגט נישט איין מאָל זיך אָנפרעגן ביי ל. שפּי־טאַלניקן וועגן אַן אויסגאַבע פון אַ העברעאיש בוך און זיין תוכן, און יידישע שרייבער און ביבליאָפילן — וועגן זעלטענע יידישע אויסגאַבעס. מען האָט קיין מאָל נישט געטראָפן ל. שפּיטאַלניקן אָן יידישן ספר אין

האָנט. זיין באַליבטסט ספרל, אַ זעלטענע תנ״ך־אויסגאַבע, פלעגט ער תמיד טראָגן מיט זיך.

ל. שפּיטאַלניק האָט אין זיין צוואה אָנגעזאָגט, אַז זיין ביבליאָטעק, וואָס איז געווען זיין גאַנץ לעבן, און אַלע מאַטעריאַלן, זאָל מען איבערגעבן דעם „ייוואָ״ אין אַ ספּעציעלער אָפּטיילונג אויף זיין נאָמען.

מיטן טויט פון לייבוש שפּיטאַלניק איז אַוועק פון אונדז אין דער אייביקייט אַ מענטש, וואָס האָט אָפט געטראַכט נישט בלויז וועגן זיין אייגענעם צער און גורל אויף גאָטס ערד, נאָר יידיש פאָלק, יידיש לאַנד און ביאת המשיח זענען געווען אַ טייל פון זיין גאַנצן יידישן מהות.

1962

## יעקב לייבוש ראַבינער ע״ה

(צו די שלושים אויפן פרישן קבר פון אַ חבר)

מיטוואָך, דעם 27סטן אָקטאָבער, איז געשטאָרבן דער חבר י. ל. ראַבינער, דער דירעקטאָר פון דער שלום־עליכם־טאָגשול. ער איז געשטאָרבן פּלוצלינג, אין מיטן פון אַ רעדע, וואָס ער האָט געהאַלטן אויף אַ פאַרוואַלטונג־זיצונג. ער איז בסך־הכל געווען אין די פערציקער יאָרן. דער שלום־עליכם־פאָלקס־אינסטיטוט און די יידישע לערערשאַפט האָבן געליטן אַ גרויסע אבירה.

די לערער פון די שלום־עליכם־פאָלקשולן, ווי בכלל די יידישע לערער פון די אַנדערע טיפן יידישע שולן, האָבן דאָס געפיל, ווי מיט י. ל. ראַבינערס טויט איז אויך אַוועקגעגאַנגען אַ שטיק פון זייער אייגן לעבן. ער האָט זיך פריער נישט באַקלאָגט אויף קיין שום קראַנקייט; אַלע האָבן געוווּסט, אַז חבר י. ל. ראַבינער איז פאַרטאָן מיט אַלע זיינע רמ״ח אברים אין אויפבויען די ערשטע יידישע נאַציאָנאַלע טאָגשול פון דעם שלום־עליכם־פאָלקס־אינסטיטוט. דער נאַציאָנאַלער אַרבעטער־פאַרבאַנד האָט מיט אַ יאָר פריער געעפנט די ערשטע „העברעאיש־יידישע נאַציאָנאַלע טאָגשול „כנרת״, און דער שלום־עליכם־פאָלקס־אינסטיטוט — די ערשטע „יידיש־

העברעאישע נאַציאָנאַלע טאָגשול. חבר י. ל. ראַבינער איז באַשטימט גע־וואָרן צו זיין איר ערשטער דירעקטאָר. ער איז באַטראַכט געוואָרן, און מיט רעכט, פאַר דעם פּאַסיקסטן מענטשן איבערצונעמען דעם דאָזיקן אַמט. י. ל. ראַבינער האָט זיך אַריינגעוואָרפן מיט יוגנטלעכער התלהבות אין דער דאָזיקער אַרבעט. ער איז געווען אַ מענטש נישט נאָר מיט אַ סך ערודיציע, נאָר אויך מעטאָדיק; ער האָט דעריבער פריער זיך גוט באַקענט מיט אַלע יידישע ענלעכע חינוך־אינסטיטוציעס, שטודירט זייערע פּראָגראַמען, זייערע אויפטואונגען און דערגרייכונגען, זיך אויך באַקענט מיט די אַדמי־ניסטראַטיווע און פינאַנציעלע שוועריקייטן, מיט וועלכע אַזעלכע אינסטי־טוציעס זענען פאַרבונדן, און ער האָט געהאָפט אויפצובויען אַ גרויסע יידישע חינוך־אינסטיטוציע. עס איז דאָך געווען, ווו זיך צעפירן די הענט! דער בנין איז דאָך אַ פּרעכטיקער, וואָס האָט אָפּגעקאָסט הונדערט טויזנט דאָלאַר, און די קלאַס־צימערן, די אודיטאָריע און די גאַנצע אויסשטאַטונג זענען די סאַמע מאָדערנסטע; אויך צו דעם אויפבוי פון דעם בנין האָט חבר י. ל. ראַבינער געגעבן אַ היפשן צושטייער; און חבר י. ל. ראַבינער, וואָס איז געווען אַ יושב אוהל, און וואָס די ביבליאָטעק איז געווען זיין צווייטע (אויב נישט די ערשטע) היים, האָט זיך פון אַלצדינג אָפּגעזאָגט, ער האָט בפועל ממש געטאָגט און גענעכטיקט אין דער שול, און דאָרטן האָט ער אויך אויסגעהויכט זיין נשמה. ווייל ער איז פון אונדז אַזוי פּלוצלונג, אַזוי אומ־געריכט און אַזוי פרי אַוועקגעריסן געוואָרן, קאָנען די יידישע לערער און די טוער נישט קומען צו זיך פון דעם אומגליק. חבר י. ל. ראַבינער האָט איבערגעלאָזט זיין פרוי, ליבע, און דריי זייערע יונגע קינדער.

יעקב לייבוש ראַבינער האָט געשטאַמט פון אוקראַינע, פון אַ רבנישער משפּחה. אין אָנהייב פון די צוואַנציקער יאָרן איז ער געקומען קיין אַמערי־קע. ער האָט געקריגן אַ טראַדיציאָנעלע יידישע דערציאונג. ער איז געקו־מען קיין אַמעריקע, ווי אַ סטודענט פון אַ רוסישער גימנאַזיע, און דאָ, אין אַמעריקע, האָט ער ממשיך געווען זיין יידישע און אַלגעמיינע בילדונג. ער איז געווען פון די טיפן מענטשן, וואָס האָט זיין גאַנץ לעבן נישט אויפגע־הערט צו לערנען.

הגם ער איז געווען פאַרנומען מיט זיינע לערערישע פליכטן (ער איז געווען פאַרבונדן מיטן שלום־עליכם־פאָלקס־אינסטיטוט איבער צוואַנציק יאָר), האָט ער נישט אויפגעהערט צו לערנען און שטודירן, ספּעציעל

האָט ער זיך פאַראינטערעסירט מיט פילאָזאָפיע און ער האָט געלייענט יעדעס וויכטיקע בוך, וואָס איז דערשינען וועגן דעם ענין. ער האָט גוט געקענט די אַמעריקאַנער פילאָזאָפן דזשאָן דיואי, סאַנטאַיאַנאַ, און ער איז יאָרנלאַנג געווען אַ תלמיד פון דעם יידיש־אַמעריקאַנישן גרויסן פילאָזאָף, מאָריס קאָהען. ער איז געווען זיינער אַן אָנהענגער, הגם ער האָט נישט מסכים געווען מיט מאָריס קאָהענס נעגירן די יידישע נאַציאָנאַלע אַספּיראַציעס. ער האָט זיך געפרייט, וואָס מאָריס קאָהען האָט אויף די עלטערע יאָרן געהאַט אַ מער פּאָזיטיווע באַציאונג צו יידישע ענינים.

י. ל. ראַבינער האָט זיך באַטראַכט ווי אַ שפּינאָזיסט און ליב געהאַט צו ציטירן אויף לאַטיין גאַנצע פּסוקים פון שפּינאָזאַס „עטיק", און ער האָט אַפילו געפּרוּווט אָנווענדן אין לעבן די פאָרמולע — „נישט לאַכן, נישט וויינען, נאָר פאַרשטיין", האָט ער אָבער געלייענט עפּעס, וואָס ער האָט חושד געווען דעם מחבר אין אינטעלעקטועלער אומערלעכקייט, האָט ער פאַרגעסן אין דער „פאָרמולע" און זיך געהיצט גאָרנישט ווי אַ שפּינאָזיסט, נאָר ווי אַ ייד מיט האַרץ און נשמה.

י. ל. ראַבינער איז געווען אַ שטאַרקער אָנהענגער פון אַ פרייהייט־לעכער דעמאָקראַטישער אָרדענונג, און אומדערשראָקן און מיט פּאַטאָס און תמיד מיט אַ טעאָרעטישן הינטערגרונט, האָט ער זי פאַרטיידיקט, סיי אין פּריוואַטע שמועסן, מיט חברים פון יעדער „אידעאָלאָגיע" און סיי אויף עפנטלעכע רעפעראַטן.

זיין פילאָזאָפישע שיטה אין לעבן איז געווען אַ פּלוראַליסטישע; וואָס שייך דעם יידישן פאָלק, האָט ער אויך זיך באַמיט אָנצווווענדן זיין פּלוראַליסטישן איינשטעל. מדינת ישראל איז טאַקע די גרעסטע און ליכטיקסטע דערשיינונג אין דער יידישער געשיכטע, זינט דעם חורבן בית שני, אָבער אויך אין חוץ־לארץ וועלן יידן בלייבן לעבן, און אומעטום מוז זיין אַ נאַציאָנאַל־פאַרוואָרצלט יידיש לעבן, וואָס זאָל ציען די גייסטיקע יניקה פון אונדזער ווייטסטן עבר. אויך אין זיין פּערזענלעך לעבן (זיינע צוויי קינדער אין שול־עלטער לערנען זיך איינע אין אַ העברעאישער טאָגשול און איינער אין אַ יידישן קינדערגאָרטן) האָט ער געלעבט אין הסכם מיט דעם דאָזיקן איינשטעל.

אין פּריוואַטע שמועסן אָבער מיט חברים האָט חבר י. ל. ראַבינער אויסגעדריקט זיינע ספקות צי יידן וועלן נאָך מסוגל זיין צו לעבן אַ חשוב

יידיש מענטשלעך לעבן אין גלות, נאָך דעם, ווי דער שונא האָט פאַרשניטן זעקס מיליאָן פון אונדזער פאָלק.

י. ל. ראַבינער איז געווען אַ גרויסער און אַלזייטיקער קענער פון דער יידישער ליטעראַטור, באַזונדערס פון דער יידישער פילאָזאָפיע; ער האָט אַרויסגעוויזן זיינע בקיאות אין די עפנטלעכע לעקציעס וואָס ער האָט געהאַלטן אין די שמועסן און אויף לערערישע מסיבות.

י. ל. ראַבינער האָט זעלטן ווען פאַרעפנטלעכט זיינס אַן אַרבעט. ווען ער האָט דאָס יאָ געטאָן, צי דאָס איז געווען אַ ליטעראַרישע קריטיק, צי אַ פילאָזאָפישע עסיי, האָט עס תמיד געטראָגן דעם חותם פון אַ מענטשן מיט קולטור.

אויף דער טענה פון חברים הלמאי ער שרייבט אַזוי זעלטן, כאָטש ער האָט דאָך וואָס צו זאָגן, פלעגט חבר י. ל. ראַבינער ענטפערן האַלב אין שפּאַס און האַלב אין ערנסט: אַרויסזאָגן נייע געדאַנקען איז דאָך אַ זעלטנ־קייט, אלא וואָס דען סתם שרייבן, אָדער איבערקייען אַלטע געדאַנקען, ווי עס טוען אַזוי פיל שרייבער, וויל ער נישט. ער וועט בעסער וואַרטן ביז ער וועט קומען מיט עפּעס, וואָס איז אָריגינעל, „אייגנס״. און חבר י. ל. ראַ־בינער וואָלט געווען געקומען מיט עפּעס וואָס איז „אָריגינעל״, „אייגנס״, ווען דער טויט וואָלט אים נישט געווען אַזוי פּלוצלונג צוגענומען פון אונדז.

י. ל. ראַבינער איז געווען אַ גרויסער קענער פון ד״ר חיים זשיטלאָוו־סקי, ער האָט געהאָפט, אַז ער וועט אַ מאָל זיך קענען באַפרייען פון לערעריי אויף אַ צוויי יאָר און אָנשרייבן אַ פונדאַמענטאַל ווערק וועגן ד״ר חיים זשיטלאָווסקי. אַנשטאָט זיך „באַפרייען״ פון לערעריי, איז ער אין דעם לעצטן יאָר אין גאַנצן „פאַרשקלאַפט״ געוואָרן צו איר; און מיר, די חברים זיינע, באַוויינען זיין יונג פאַרשניטן לעבן.

1948

## יעקב דוד בערג ע״ה

יעקב דוד בערג איז געווען אַ קולטור־געזעלשאַפטלעכער עסקן אין שענסטן זין פון וואָרט.

ער איז געווען אַקטיוו אין אַלע צווייגן פון דעם יידיש וועלטלעכן

סעקטאָר. ער איז געווען אַן אָנגעזעענער מיטגליד אין דער פּאַרוואַלטונג פון ייווא, פון אַלוועלטלעכן יידישן קולטור־קאָנגרעס, פון יידישן לערער־סעמינאַר און אוניווערסיטעט; אָבער זיינע ליבסטע אינסטיטוציעס זענען געווען דער שלום־עליכם־פאָלקס־אינסטיטוט און דער בזשעזשינער לאַנדס־מאַנשאַפט־פאַרבאַנד.

די בזשעזשינער האָבן זיך שטאַרק איבערגענומען מיט זייער באַרימטן לאַנדסמאַן. יעקב דוד בערג איז בפועל ממש געווען די נשמה פון זייער לאַנדסמאַנשאַפט. און ווען נאָר ער איז געקומען אויף זייערס אַ מסיבה, האָט ער געבראַכט מיט זיך לעבנספרייד און בטחון, וואָס האָט אָנגעשטעקט אַלע זיינע לאַנדסלייט. ער, וואָס איז כמעט געווען אַ „וועלט־בירגער", האָט אַריינגעבראַכט אין דער לאַנדסמאַנשאַפט אַ שטיק בזשעזשין און אויפגע־וועקט ביי זיינע לאַנדסלייט ליכטיקע זכרונות.

ווען יעקב דוד בערג האָט פאַרלאָזט זיין געבוירנשטאָט איז ער שוין געווען געגוג גייסטיק רייף און וואַך, אַז די כלערליי טיפּן און דאָס גאַנצע טראַדיציאָנעלע לעבן זאָל זיך איינקריצן אין זיין זכרון.

בזשעזשין, און דערנאָך די ישיבה־יאָרן, האָבן אַרויפגעלייגט אויף אים אַ באַשטימטן חותם, איבערגעלאָזט וואָרצלען און אים געמאַכט פאַר אַ באַוווסטזיניקן, גאַנצן ייד.

בטבע אַ חסיד, מיט חסידישער התלהבות, האָט יעקב דוד בערג גע־בראַכט מיט זיך אומעטום, ווו ער איז נאָר געקומען, וואַרעמקייט, אמונה און בטחון.

מיט וויפל אייפער און איבערגעגעבנקייט האָט ער געאַרבעט, אַז דער בזשעזשינער יזכור־ספר זאָל אַרומנעמען בזשעזשין אין איר גאַנצער בליי־תקופה און זאָל גאַרנישט דורכלאָזן פון די חורבן־יאָרן!

ווען יעקב דוד בערג איז נאָך געווען אין די פריע צוואַנציקער, האָט ער געוואַנדערט; ער איז אַ צייט לאַנג געווען אין די סקאַנדינאַווישע לענדער און דערנאָך האָט ער זיך באַזעצט אין לאָנדאָן.

אין לאָנדאָן האָט זיך י. ד. בערג דערנעענטערט צו דער אַרבעטער־באַוועגונג, צו דעם „בונד" און זיינע אָנפירנדיקע פערזענלעכקייטן.

פון יענע לאָנדאָנער יאָרן שטאַמט אויך זיין באַגייסטערונג פאַר רודאָלף ראָקער. מען מעג זאָגן, אַז רודאָלף ראָקער איז געווען איינער פון זיינע וועלטלעכע לערער.

הגם שוין יאָרנלאַנג ווי יעקב דוד בערג איז געווען אַ דערפאָלגרייכער „בילדער", איז ער דאָך פאַרבליבן מיט שטאַרקע סימפּאַטיעס פאַרן „בונד". ער איז נישט געווען סעקטאַנטיש אין זיין אידעאישן איינשטעל און ער האָט געהאַט וואַרעמע סענטימענטן פאַר אַלע פרייהייטלעכע און נאַציאָנאַלע באַוועגונגען אין יידישן לעבן.

יעקב דוד בערג האָט געהאָלפן אויפשטעלן „קליין בזשעזשין" אין ישראל. ער האָט באַוויזן זיינע לאַנדסלייט אויפצובויען אַ גאַנצע שכונה, אַ קוואַרטאַל אין כפר אונא, ווו די בזשעזשינער שארית־הפליטה, וואָס זענען דורכגעגאַנגען די שבעה מדורי גיהנום, זאָלן האָבן ווו צו וווינען.

צוליב דעם איז י. ד. בערג געווען עטלעכע מאָל אין ישראל, ככדי אַליין אַכטונג צו געבן, אַז די בנינים זאָלן זיין געבויט אויף אַ סאָלידן אופן. פאַר זיינע בזשעזשינער לאַנדסלייט האָט ער געשאַפן דעם בית־עם און אַליין איינגעאָרדנט דאָרטן אַ ביבליאָטעק מיט יידישע ביכער.

זיין הויפּט־ליבע איז בלי שום ספק געווען די יידישע ליטעראַטור און אַלצדינג, וואָס גייט מיט יידיש לשון, דאָס הייסט, אונדזער גאַנץ פאַר־צווייגט יידישע קולטור־לעבן. אַ חסיד פון זיינע יוגנט־יאָרן אָן, איז ער אין די רייפע יאָרן געוואָרן אַן אָנהענגער פון ד"ר חיים זשיטלאָווסקי, נישט רעכענענדיק יענעם קורצן אָפּשניט אין ד"ר חיים זשיטלאָווסקיס רייך און שעפעריש לעבן, ווען ער האָט, מעשה שטן, פאַרבלאָנדזשעט אויף קרומע וועגן, וואָס איז געווען אין סתירה צו זיין גאַנצן קאַמף פאַר דעם פרייהייט־לעכן געדאַנק.

מיט דריי יאָר צוריק האָט יעקב דוד בערג געגרינדעט „די יעקב ד. בערג־קאַטעדרע פאַר יידיש און יידישער קולטור" אין דעם בראַנדייס־אוניווערסיטעט.

אין 1948 האָט ער אין בענסענהורסט, ברוקלין, צוזאַמען מיט דער פאַרוואַלטונג פון דער שלום־עליכם־פאָלקשול 6, אויפגעבויט אַ פּאַסיקן בנין, וואָס ער האָט געזאָלט מיט דער צייט ווערן אַ יידישע טאָגשול. נישט געקוקט אויף די דורכפאַלן, האָט ער ביז די לעצטע טעג פון זיין לעבן נישט אויפגעגעבן זיין גרויסן חלום און לעצטנס מיטגעהאָלפן אין דעם אויפבוי פון דער שלום־עליכם־פאָלקשול 21, אין די בראָנקס און פאַר־וואַנדלט דעם בנין אויך אין אַ קולטור־צענטער.

יעקב דוד בערג האָט דערצויגן יידישע קינדער. ער האָט דריי חתונה־געהאַטע זין, וואָס באַמיען זיך צו גיין אין די דרכים פון פאָטער.

## ד״ר ישראל חיים פאָמעראַנץ ע״ה

דער פלוצעמדיקער טויט פון ד״ר ישראל חיים פאָמעראַנץ האָט אַרויסגערופן גרויס טרויער צווישן זיינע פילצאָליקע פריינד. חיים פאָמעראַנץ, ווי ער איז געווען באַקאַנט צווישן פריינד, איז געווען אין מיטן פון זיין אַקאַדעמישן פּראָיעקט אויסצוברייטערן די יידיש־העברעאישע קאַטעדרע אין „רוזוועלט קאָלעדזש" אין שיקאַגאָ, ווען ער איז אומגעריכט אַוועקגעריסן געוואָרן פון דער וועלט, שבת, דעם 8טן דעצעמבער 1962.

מיט פיר יאָר צוריק האָט זיך חיים פאָמעראַנצן איינגעגעבן צו פאַראינטערעסירן דעם ליבעראַלן „רוזוועלט קאָלעדזש" אין שיקאַגאָ צו עפענען אַ קאַטעדרע פון יידישער ליטעראַטור.

ד״ר חיים פאָמעראַנץ איז באַשטימט געוואָרן פון קאָלעדזש צו זיין דער דאָצענט פון דעם לימוד פון יידישער ליטעראַטור.

אַ דאַנק דעם, וואָס חיים פאָמעראַנץ האָט פאַרמאָגט די נייטיקע אַקאַדעמישע צוגרייטונג, איז ער, מיט צוויי יאָר שפּעטער, באַשטימט געוואָרן ווי דער אַסאָציאירטער פּראָפעסאָר פון יידישער ליטעראַטור.

דעם דאָקטאָראַט האָט חיים פאָמעראַנץ באַקומען אין 1954 פון ישיבה־אוניווערסיטעט.

זיין דאָקטאָר־טעזע איז געווען: „די משיח־אידעע אין דער יידישער פּאָעזיע פון 19טן יאָרהונדערט". דעם דאָקטאָראַט האָט חיים פאָמעראַנץ געשריבן אויף יידיש, און דאָס איז נישט געווען מחמת דעם, וואָס ער האָט נישט באַהערשט גענוג די ענגלישע שפּראַך. עס איז אים געגאַנגען דער עיקר צו שאַפן אַ פּרעצעדענס, און דאָס האָט זיך אים איינגעגעבן.

אין די ערשטע צוויי יאָר האָט ד״ר חיים פאָמעראַנץ געהאַלטן די לעקציעס אין שיקאַגער „רוזוועלט קאָלעדזש" אויף ענגליש. דאָס איז אָבער געווען אַ פולער קורס, וואָס האָט אַרומגענומען אַלע ריכטונגען אין

דער יידישער ליטעראַטור, אָנהייבנדיק פון דער פאַרקלאַסישער תקופה ביז די היינטצייטיקע שעפערישע יידישע קינסטלער.

נאָך אַ סך מי און מיט דער הילף פון איינפלוסרייכע מענטשן, האָט ער סוף כל סוף דורכגעפירט דעם געגאַרטן פּראָיעקט; און אין „רוזוועלט קאַלעדזש" איז געגרינדעט געוואָרן אַ יידישע און העברעאישע קאַטעדרע מיט פולע אַקאַדעמישע קרעדיטן פאַר די סטודענטן, וואָס נעמען אויף די קורסן.

ד"ר ישראל חיים פּאָמעראַנץ איז באַשטימט געוואָרן פאַר פּראָפעסאָר פון דער דאָזיקער קאַטעדרע.

אין משך פון די לעצטע זעקס יאָר, וואָס חיים פּאָמעראַנץ איז געווען אין שיקאַגאָ, איז ער געווען דער אָנפירער פון גרויסן יידישן צענטער. פאַראַיאָרן האָט ער באַשלאָסן אויפגעבן דעם אַמט, וואָס איז געווען זיין הכנסה־קוואַל און זיך ווידמען אין גאַנצן דער ניי־געשאַפענער יידישע־העברעאישער קאַטעדרע.

עס האָט זיך אויך אַרויסגעוויזן, אַז עס זענען געווען גענוג סטודענטן, וואָס האָבן זיך פאַרשריבן אויף די קורסן פון יידישער ליטעראַטור, יידיש לשון און העברעאיש. די אָנפירער פון דעם ליבעראַלן קאַלעדזש זענען דעריבער געווען צופרידן מיט דער אויסברייטערונג פון דער קאַטעדרע. צווישן די סטודענטן איז געווען אַ צאָל נישט־יידן, וואָס האָבן גענומען דעם קורס פון יידישער ליטעראַטור און נאָך אַ גרעסערע צאָל האָט זיך פאַרשריבן אויף די נייע אויסגעברייטערטע קורסן. אגב, איז דאָס אַ נאַטיר־לעכע דערשיינונג אויף אַלע אַנדערע אוניווערסיטעטן און קאַלעדזשעס, ווו מען האָט געעפנט קאַטעדרעס אין יידיש און יידישער ליטעראַטור.

און פּלוצלונג און אומגעריכט איז ד"ר חיים פּאָמעראַנץ אַוועקגעריסן געוואָרן פון זיין אַרבעט, וואָס איז געווען זיין לעבנס־חלום.

די היים פון די פּאָמעראַנצעס איז שטענדיק געווען אַ בית וועד לחכמים, סיי ווען זיי האָבן געוווינט אין שיקאַגאָ, סינסינעטי, ניו־יאָרק, און אין די לעצטע זיבן יאָר — ווידער אין שיקאַגאָ. דאָס איז אַ היים, ווו יידישע אַט־מאָספער האָט זיך געפילט ווי נאָר מען האָט באַטראָטן די שוועל. זיין פרוי, די דיכטערין פעסי הערשפעלד־פּאָמעראַנץ, זייערע טעכטער כייקע און פריידל, וואָס זענען געגאַנגען אין די עלטערנס דרכים, האָבן באַשאַפן אַ יידישע היים, ווו יעדער באַזוכער האָט זיך געפילט היימיש און געמיטלעך.

ישראל חיים פּאָמעראַנץ איז געבוירן געוואָרן אין ברוסילאָוו, רוס־לאַנד, אין יאָר 1904 — ביי פרומע עלטערן. ער האָט באַקומען אַ חדר־און ישיבה־דערציאונג און איז אויך געגאַנגען אין דער דאָרטיקער גימנאַזיע.

קיין אַמעריקע איז חיים פּאָמעראַנץ געקומען אין 1922. ער איז יאָרנ־לאַנג געווען אַ לערער אין די שיקאַגער שלום־עליכם־פאָלקשולן און מיטל־שול און איז געשטאַנען אין צענטער פון יידישע קולטור־אַקטיוויטעטן.

ווען ער האָט זיך באַזעצט אין ניו־יאָרק, איז ער געוואָרן אַ הויכער באַאַמטער אין דער מאַנישעוויטש־פירמע, אַפילו אין דער ביזנעס־וועלט האָט ער אַריינגעבראַכט מאָדערנע יידישע ווערטן. די פירמע האָט אונטער זיין רעדאַקציע אַרויסגעגעבן אַ הגדה, ווו ער האָט צוגעצויגן וויסנשאַפטלער פון אונדזער סביבה און אַריינגענומען יום־טוב־מאַטעריאַל פון דער מאָדערנער יידישער ליטעראַטור. אין זיין צייט האָט די פירמע געשטיצט סיי רעלי־גיעזע און סיי יידיש־וועלטלעכע אינסטיטוציעס.

אין 1946 האָט חיים פּאָמעראַנץ רעדאַגירט, צוזאַמען מיט יודל מאַרק, שלמה בערקאָוויטש און ד״ר מ. בראַנשטיין, דעם „שול־פּנקס״. דאָס איז געווען אַ ווערק פון זיבן הונדערט געדיכטע זייטן מיט שול־מאַטעריאַל. י. ח. פּאָמעראַנץ האָט דאָרט פאַרעפנטלעכט אַ מאמר פון פופציק זייטן — „צום תיקון פון אונדזער שול־אַרבעט״. די דאָזיקע שול־אויסגאַבע וועט שטאַרק צוניץ קומען דעם היסטאָריקער ביים שרייבן די געשיכטע פון יידישן חינוך־וועזן אין אַמעריקע. עס איז איבעריק צו זאָגן, אַז חיים פּאָמעראַנץ איז געווען דער אינספּיראַטאָר פון דעם דאָזיקן ווערק.

י. ח. פּאָמעראַנץ איז געווען אַ טעטיקער טוער אין יידישן וויסנשאַפט־לעכן אינסטיטוט (ייוואָ) און אַ מיטגליד אין דירעקטאָריום און אַ לענגערע צייט דער פאָרזיצער פון אַדמיניסטראַטיוון קאָמיטעט פון כוללדיקן יידישן ווערטערבוך.

ערשט מיט עטלעכע וואָכן צוריק איז ד״ר י. ח. פּאָמעראַנץ געווען דער פאָרזיצער פון דער ייוואָ־קאָנפערענץ אין שיקאַגע, וווהין ער האָט אויך פאַרבעטן דעם יונגן וויסנשאַפטלער ד״ר שיקל פישמאַן, דעקאַן פון דער פּאָסט־גראַדואיר־שול אין ישיבה־אוניווערסיטעט.

ד״ר ישראל חיים פּאָמעראַנץ האָט געהאַט גרינטלעך יידיש וויסן און פאַרמאָגט ליבע פאַר יידישע ווערטן און גרויס דרך־ארץ פאַר גייסטיקע יידישע פּערזענלעכקייטן.

די יידיש־העברעאישע קאַטעדרע האָט געעפנט פאַר אים נייע האָרי־זאָנטן פאַר זיינע פאַרצווייגטע יידיש־אַקאַדעמישע אויפטואונגען.

חיים פאָמעראַנץ האָט נישט באַלאַנגט צו קיין שום פאָליטישער פאַרטיי. אויב עס וואָלט דאָ עקזיסטירט אַ יידישע פאָלקס־פאַרטיי, ווי אין פאַר־מלחמהדיקן מזרח־איירּאָפּע, וואָלט עס אים געווען צום האַרצן; דעריבער איז ער אין אַמעריקע געווען טעטיק אין יענע אָרגאַניזאַציעס, וואָס האָבן נישט געטראָגן קיין ספּעציפישן פאַרטיי־כאַראַקטער, ווי אַ שטייגער: אין שלום־עליכם־פאָלקס־אינסטיטוט, ייוואָ, יידישן קולטור־קאָנגרעס. דאָס מיינט נישט, אַז ער איז געווען גלייכגילטיק צו דער אַנטשטייאונג פון מדינת ישראל, בשום אופן נישט. ער האָט באַטראַכט מדינת ישראל פאַר דער גרעסטער דערגרייכונג און געשעעניש אין יידישן לעבן במשך פון די לעצטע צוויי טויזנט יאָר. ער איז עטלעכע מאָל געווען אין מדינת ישראל, און כאָטש ער איז געווען גאַנץ קריטיש, איז ער אָבער תמיד געקומען צוריק אַ באַגייטער און באַגייסטערטער.

ביי אים האָט געלעבט בשלום, אַ מין קאָעקזיסטענץ, סיי „דאָאיקייט" און „דאָרטיקייט"; הגם ער איז געווען ראשו ורובו אַריינגעטאָן אין „דאָ־איקייט", האָט אָבער „דאָרטיקייט" (מדינת ישראל) פאַרנומען אַ וויכטיק אָרט אין זיין נשמה־לעבן און אין לעבן פון זיין היים. זייערע קינדער און איידעמס זענען טעטיק אין ישראל־אָרגאַניזאַציעס, און די יינגסטע טאָכטער, פריידל, וואָס האָט געענדיקט אַ יידיש־וועלטלעכע פאָלקשול און מיטלשול, איז אַוועק קיין ישראל, געווען דאָרטן עטלעכע יאָר און זיך געלערנט העברעאיש, אויפגענומען דאָרטן קורסן בשייכות מיט דערציאונג און מיט יידישן וויסן בכלל און איז איצטער אַ העברעאישע לערערין אין שיקאַגע; און איר לערערישער גוטער נאָמען גרייכט אַפילו צו אונדז, אין די מזרח־שטאַטן.

אין דער יידיש־וועלטלעכער סביבה איז שווער צו געפינען נאָך אַזאַ קולטור־שעפערישן מענטש, וואָס זאָל אַזוי עוסק זיין בדרכי ציבור, ווי חיים פאָמעראַנץ.

מיט דעם טויט פון חיים פאָמעראַנץ האָט אונדזער סביבה פאַרלוירן אַ שיינע און לויטערע פערזענלעכקייט, וואָס האָט אַ סך פון זיין צייט, פעאיקייט און ענערגיע געווידמעט נישט בלויז לטובת הכלל, נאָר אויך לטובת דעם יחיד.

די פילצאַליקע פריינד פון ישראל חיים פּאָמעראַנץ טרויערן אויף זיין טויט, ווי אויף אַ נאָענטן גליד פון דער אייגענער משפּחה.

1963

## מרדכי בערנשטיין ע״ה

אין דער קורצער צייט, וואָס מרדכי בערנשטיין איז געווען מיט אונדז אין ניו־יאָרק, בסך־הכל קנאַפּע פינף יאָר, האָט ער זיך באַליבט געמאַכט ביי יעדן איינעם, מיט וועמען ער איז נאָך געקומען אין באַרירונג.

איך האָב אים באַגעגנט תיכף נאָך זיין אָנקומען קיין ניו־יאָרק. איך בין געשטאַנען מיט מיין חבר לייבוש שפּיטאַלניק ע״ה, לעבן סאָבוויי ביי דער פּערצנטער גאַס. פּלוצעם זעען מיר אָנקומען אַ מענטש מיט אַ גרויסער אָנגעפּראָפּטער טעקע און מיט אַ גוטמוטיק פּנים און מיט אַ ביסל פאַר־זשמורעטע אויגן.

ער האָט זיך ראַפּטעם אָפּגעשטעלט לעבן אונדז, משמעות, ווייל מיר האָבן גערעדט יידיש און מסתמא נישט אויף מינאָרע טענער. איך האָב אים געפרעגט צי ער איז אַ ניי־געקומענער ? — יאָ, נאָר וואָס געקומען פון אַרגענטינע, ענטפערט ער, ער איז מרדכי בערנשטיין.

מיין חבר לייבוש שפּיטאַלניק, אַן אמתער ערודיט, וואָס האָט געקענט מענטשן און ביכער, האָט זיך אָנגערופן — מאַטוויי ?

אַ פריידיקער שמייכל האָט זיך באַוויזן אויף זיין פּנים. מיר האָבן אָנגערופן די נעמען פון די דאָקומענטאַרע חורבן־ווערק, וואָס ער האָט אַרויסגעגעבן. עס האָט אים הנאה געטאָן. איך האָב אים דערציילט, אַז לייבוש לעהרער האָט אַ סך מאָל גערעדט וועגן אים: מרדכי בערנשטיין דאַרף אָנקומען פון אַרגענטינע, און ער איז דער פּאַסיקסטער מענטש צו זיין דער רעדאַקטאָר פון דער יידישער ענציקלאָפּעדיע.

נאָך יענער ערשטער באַגעגעניש בין איך געוואָרן נאָענט מיט מרדכי בערנשטיין.

*

איך האָב באַזוכט מרדכי בערנשטיינען אין בית־ישראל־שפּיטאָל אַ טאָג איידער ער איז אָפּערירט געוואָרן.

ער איז געווען פאַרנומען מיט אויסענדיקן דעם אַפּריל־נומער „וועקער" און צוגרייטן דעם מאַי־נומער, וואָס דאַרף זיין געווידמעט דעם אַרבעטער־רינג צו זיין 65־יאָריקן יובילייִ.

ער האָט אַוועקגעלייגט די מאַנוסקריפּטן און מיר דערציילט וועגן דער ערשטער אָפּעראַציע. אָבער די אָפּעראַציע, וואָס ער דאַרף איצט דורכמאַכן שרעקט אים מער, ער האָפט אָבער, אַז אַלצדינג וועט אַדורך בשלום.

מיר האָבן זיך אַלע דערפילט דערלייכטערט, ווען מיר האָבן געהערט, אַז ער איז אָפּערירט געוואָרן, די שטים דינט אים, און ער איז שוין אין דער היים.

און פּלוצעם די טרויעריקע נייעס, וואָס האָט זיך בליץ־שנעל פאַר־שפּרייט אין אונדזער גאַנצער יידישער סביבה — מרדכי בערנשטיין איז געשטאָרבן.

מרדכי בערנשטיין איז נישט געוואָרן דער רעדאַקטאָר פון דער יידי־שער ענציקלאָפּעדיע, נישט תמיד געשעט אַזוי ווי עס ווילט זיך. ער איז אָבער געווען פאַרבונדן מיט אַ גאַנצער ריי יידישע אינסטיטוציעס און אויסגאַבעס, און לעצטנס דער רעדאַקטאָר פון „וועקער". אָבער נישט וועגן דער שרייבערישער טעטיקייט און דעם היסטאָריקער פון אונדזער חורבן־תקופה, ווילט זיך אין דער שעה פון טרויער רעדן, נאָר וועגן מרדכי בערנשטיין דעם האַרציקן מענטש, וואָס איז אַזוי פּלוצעם אַוועק פון אונדז און וועט אונדז פעלן אויף שריט און טריט. אַן אומעט באַפאַלט אונדז, ווען מיר טראַכטן, אַז מרדכי בערנשטיין איז מער נישטאָ מיט אונדז. מיר וועלן נישט הערן זיינע באַפליגלטע פאָלקסטימלעכע גלייכווערטלעך, אַפאָריזמען. זיינע וואָרטשפּילן און טייטשן פון לשון־קודשדיקע ווערטלעך און פּסוקים.

ער האָט פאַרמאָגט אַ שפע פון יידישע פאָלקסווערטער. פון צייט צו צייט האָט ער עפּעס פאַרעפנטלעכט פון דעם אוצר זיינעם וועגן שטעט און יום־טובים.

ער האָט געקענט די געשיכטע פון יעדער יידישער שטאָט און שטעטל, די מנהגים, די רבנים, אַרבעטער־פירער, שרייבער, וואָס יעדעס שטעטל האָט אַרויסגעגעבן.

מרדכי בערנשטיין האָט שטענדיק געהאַט וואָס צו זאָגן און וואָס צו דערציילן און אַלע מאָל האָט מען פון אים עפּעס געלערנט.

ער איז געווען אַ בונדיסט, מיט אַ בונדישער רעוואָלוציאָנערער פאַר־גאַנגענהייט; ער איז אָבער נישט געווען פּאַרטייאיש־פּעדאַנטיש, על־כל־פנים נישט אין זיינע ניו־יאָרקער יאָרן.

ווען איך פלעג האַלב אין שפּאַס און האַלב ערנסט, אים אַ זאָג טאָן: גייט אַוועק! איר זענט נישט קיין בונדיסט! דאָס מאַכט מען אויף אייך אַ בלבול! ווי קומט בכלל אַ ייד, וואָס איז אַזוי דורכגעווייקט מיט תורה צו זיין אַ בונדיסט? פלעגט ער תיכף אָפּענטפערן און דווקא גאַנץ ערנסט: טאַקע דערפאַר בין איך אַ בונדיסט!

פונקט ווי מרדכי בערנשטיין פלעגט געדענקען דעם יחוס פון יעדער פאַרשניטענער שטאָט, ווי קליין זי זאָל נישט האָבן געווען, אין פוילן, ליטע, אוקראַינע, רוסלאַנד, אַזוי פלעגט ער געדענקען דעם אויפטו פון יעדן שע־פערישן מענטש.

בכלל האָט אים יעדער מענטש פאַראינטערעסירט. פון דעם נעמט זיך וואָס יידישע פאָלקסמענטשן האָבן געהאַט צו אים אַזאַ וואַרעמע באַציאונג.

עס איז געווען אַ יום־טוב ביים יידישן עולם, ביי אַן אָרגאַניזאַציע, ווען מרדכי בערנשטיין איז געווען זייער גאַסטרעדנער. ער האָט זיך נישט געדאַרפט אָנשטרענגען, כדי אַריינצוברענגען דעם יידיש־געמיטלעכן און פאָלקסטימלעכן טאָן. ער איז אין תוך געווען אַ פאָלקסמענטש, מיט ליב־שאַפט און באַציאונג צו דעם פשוטן מענטש.

מרדכי בערנשטיינס מאמרים און אַרטיקלען, הגם זיי זענען געשריבן אויף אַ ליטעראַרישן ניוואָ, אָפט אַריינגעפלאָכטן תורה־ווערטלעך, זענען זיי תמיד געווען באַהויכט מיט אַ גרינג פאָלקסטימלעך לשון.

ער איז געווען אַן איידעלער מענטש, אַפילו צו אַן אידעאישן קעגנער האָט ער גערעדט שטיל און חבריש. איך האָב בייגעוווינט, ווי אַ שרייבער האָט זיך שטאַרק געבייזערט אויף אים, הלמאי ער האָט געשריבן אין „וועקער“ וועגן ענין שמיטה סאַרקאַסטיש און אין אַ חוזק־טאָן. מרדכי בערנשטיין האָט אים שטיל געענטפערט: איך וועל גערן דרוקן אייערע איינ־ווענדונגען און וועל אפילו אַ וואָרט נישט ענדערן, און אַזוי האָט ער טאַקע געטאָן.

ווייל מרדכי בערנשטיין איז געווען אַזאַ באַליבטער מענטש, איז ער דעריבער געווען אויסגעבונדן מיט אַלע אָרגאַניזאַציעס, מיט וועלכע ער איז געקומען אין באַרירונג און בעיקר מיט זייערע מענטשן.

אין אַרבעטער־רינג האָט מען אויף אים געקוקט כמעט ווי ער וואָלט געווען איינער פון די ראשונים, בכל אופן האָט ער אַליין אַזוי געפילט, כאָטש זיין פּאַקטישע אָנגעהעריקייט האָט געדויערט בלויז עטלעכע גע־ציילטע יאָר. ער האָט זיך באַטייליקט אין יעדן נומער „פריינד", האָט אָפט געשריבן אין „קולטור און דערציאונג" און האָט געקענט די אָרגאַניזאַציע דורך און דורך.

במשך דער קורצער צייט, וואָס ער איז געווען פאַרבונדן מיטן „ייוואָ" אין ניו־יאָרק, האָט ער אויפגעטאָן אַ וויכטיקע קולטור־היסטאָרישע אַרבעט, ווי דער אָנפירער מיט דעם אב. קאַהאַן־אַרכיוו פון דער יידישער פּרעסע און יידישער פעריאָדיק. דער אַרכיוו איז מיקראָפילמירט געוואָרן פאַר דעם ירושלימער אוניווערסיטעט.

אויף די שפּאַלטן פון „פאָרווערטס" איז ער געווען אַן אָפטער גאַסט מיט דאָקומענטאַרע באַריכטן וועגן אונדזער חורבן־ליטעראַטור, און אויך מיט היסטאָרישע און פאָלקלאָריסטישע אַרטיקלען.

זיין הויפּט־טעטיקייט האָט ער די לעצטע צייט געשאָנקען דעם סאָציאַ־ליסטישן פאַרבאַנד, ווו ער איז געווען דער סעקרעטאַר און דער פאַראַנט־וואָרטלעכער רעדאַקטאָר פון „וועקער".

מרדכי בערנשטיין, דער האַרציקער, יידישלעכער מענטש, וועט אונדז נישט ווייניקער פעלן, ווי מרדכי בערנשטיין, דער שריפטשטעלער און היסטאָריקער פון אונדזער חורבן־תקופה.

## ליפּע לעהרער ע"ה (1963—1890)

מיטן טויט פון ליפּע לעהרער האָבן מיר פאַרלוירן נישט נאָר אַ וויכ־טיקע פּערזענלעכקייט, נאָר אויך אַ וויכטיקע אינסטיטוציע.

ליפּע לעהרער איז געווען צווישן די ערשטע גרינדער און אַקטיווסטע בויער און אויפהאַלטער פון שלום־עליכם־פאָלקס־אינסטיטוט.

אין משך פון זיין גאַנץ באַוווּסטזיניק לעבן איז ער געווען נישט בלויז אַ נאה דורש, נאָר אויך אַ נאה מקיים; איידער ער האָט געבעטן, אַז יענער זאָל עפּעס טאָן, האָט ער קודם־כל אַליין געטאָן.

דער יידישער לערער, שולטוער, שרייבער און אויך דאָס יידישע קינד האָבן געהאַט אין אים אַ גוטן און איבערגעגעבענעם פריינד.

ליפּע לעהרער איז געווען אַ יחיד במינו.

וועגן דער ראָלע פון אַזאַ יחיד דערציילט דער באַרימטער העברעאישער שרייבער ש. י. עגנון:

— אין אַ קאַלטער, פּראַסטיקער ווינטער־נאַכט, ליגט אַ הילפלאָזער מענטש אויפן טראָטואַר, אפשר איז ער פאַרשלאָפט געוואָרן, אָדער אַוועק־געפאַלן אַ פאַרחלשטער.

די מערסטע מענטשן, וואָס גייען פאַרביי, גיבן אַ בליק אויף דעם ליגנדיקן, פאַרחלשטן מענטשן, און איילן זיך אַהיים צו זייערע וואַרעמע וווינונגען.

מיט אַ מאָל גייט פאַרביי איינער, בלייבט שטיין און קען ווייטער נישט גיין. אַ מענטש, אַ הילפלאָזער ליגט, ווי קען ער אַהיימגיין?

אָט דער יחיד וועט שוין געפינען אַ וועג, כאָטש אַלע געשעפטן זענען שוין לאַנג פאַרמאַכט. ער וועט רופן אַ דאָקטער, אַן אַמבולאַנס, און אין גאַנצן פאַרגעסן אין דער וועלט און אין דער שפּעטער נאַכט־שעה.

אַזאַ ליכטיקער און געבענטשטער יחיד איז געווען ליפּע לעהרער. נישט נאָר האָט ער, ווי אַ יחיד, איינער אַליין, פּשוטו־כמשמעו, אַליין, אָנגעפירט מיט די צוויי שיינע אינסטיטוציעס — דעם „קינדער־זשורנאַל" און פאַרלאַג „מתנות", נאָר ער האָט נישט געקענט רוען, נישט געקענט אַוועקגיין, ווען אַ מענטש איז געפאַלן, ווען איינער האָט זיך גענייטיקט אין הילף.

ליפּע לעהרער, וואָס האָט געדאַרפט כסדר זאָרגן, דאגהן אויפצוהאַלטן ביידע אינסטיטוציעס (דעם „קינדער־זשורנאַל" און פאַרלאַג „מתנות"), האָט אין דער אייגענער צייט, אויך זיך זייער אַ סך אָפּגעגעבן מיט העלפן אַן אַ שיעור יחידים, און דערביי האָט ער זייער אָפט אָנגעווענדט די יידישע מידה פון מתן־בסתר.

אויף ליפּע לעהרער האָט געפּאַסט דער זאָג: דער ווילנער גאון האָט

איבערגעלאָזט נאָך זיך ספרים, אָבער ר׳ ישראל בעל־שם־טוב האָט אי־בערגעלאָזט נאָך זיך מענטשן.

ליפּע לעהרער האָט איבערגעלאָזט נאָך זיך פריינד אין אַלע לענדער, וווּ יידן וווינען, און ער איז געשטאַנען אין שריפטלעכער פאַרבינדונג נישט נאָר מיט די מערסטע יידישע שרייבער און יידישע אָרגאַניזאַציעס פון גאָר דער וועלט, נאָר מיט הונדערטער — ריכטיקער — מיט טויזנטער יידישע מענטשן. ער איז געווען אין אַ געוויסן פּרט דער אַמבאַסאַדאָר פון יידיש־לאַנד. צו אים האָט מען זיך געווענדט מיט כּלערליי אָנפראַגן, עצות און בקשות — און פון דעם פּשוטסטן ביז דעם חשובסטן האָט ער תיכּף גענטפערט און דערליידיקט זיין ענין.

ער האָט ליגן (הגם מען קען זיך וועגן ליפּע לעהרער מער נישט אַזוי אויסדריקן — ער האָט ליגן) אין אַ מוסטערהאַפטער אָרדענונג, פון זיין רייכער, פאַרצווייגטער קאָרעספּאָנדענץ, טויזנטער בריוו, וואָס אַ סך פון זיי האָבן שוין אַ קולטור־היסטאָרישן ווערט.

אַ גרויסן טייל פון די בריוו און דאָקומענטן האָט ער, עטלעכע וואָכן פאַר זיין טויט, איבערגעגעבן אין אַרכיוו פון ייוואָ.

ליפּע לעהרער האָט אויפגעבויט דעם „קינדער־זשורנאַל" און פאַרלאַג „מתנות", וואָס ביידע זענען געוואָרן אַ שם־דבר בכל תפוצות ישראל.

ער איז במשך פון העכער פיר צענדליק יאָר געווען דער אָנפירער פון אָט די ביידע אינסטיטוציעס און די לעצטע פופצן יאָר איז ער אויך געווען דער רעדאַקטאָר פון „קינדער־זשורנאַל".

ער האָט פאַראינטערעסירט יידישע שרייבער, וואָס זענען געווען ווייט פון קינדער־ליטעראַטור, אַז זיי זאָלן אויך שאַפן פאַרן יידישן קינד. און אין „קינדער־זשורנאַל" איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן במשך די פיר און פערציק יאָר, וואָס דער זשורנאַל עקזיסטירט, אַ גאַנצע קינדער־ליטעראַטור.

באַזונדער האָבן יידישע מחברים געהאַלטן פאַר אַ כבוד צו שרייבן אין „קינדער־זשורנאַל" אונטער שמואל ניגערס רעדאַקציע און ש. ניגער איז געווען דער רעדאַקטאָר פון „קינדער־זשורנאַל" גאַנצן זיבן און צוואַנציק יאָר, אָבער אויך אין יענער צייט איז ליפּע לעהרער געווען דער פאַרוואַלטער פון זשורנאַל.

ליפּע לעהרער, ווי דער איניציאַטאָר און אָנפירער פון פאַרלאַג „מתנות", איז אַ באַזונדער גרויס קאַפּיטל אין זיין שעפערישן לעבן.

דער פאַרלאַג „מתנות“ האָט זיך אויסגעצייכנט און געמאַכט זיך אַ שם אין דער יידישער וועלט מיט זיינע מוסטערהאַפטיקע אויסגאַבעס פון ווערק פון אָנגעזעענע יידישע שריפטשטעלער. די אויסגאַבעס צייכענען זיך אויס מיט זייער פיינעם געשמאַק; עס פילט זיך ליפּע לעהרערס באַציאונג צום יידישן וואָרט, און זיין דרך־ארץ פאַר דעם שעפערישן יידישן דיכטער.

ליפּע לעהרער האָט געהאַט אַ גוטן חוש פאַר יידיש לשון, און יעדער וואָרט האָט ער אָפּגעהיט, און עס האָט געמוזט דורכגיין דורך זיין האַנט, און אפשר וואָלט געווען ריכטיקער צו זאָגן, דורך זיין נשמה און האַרץ.

מיט זיין טויט זענען אויך פאַריתומט געוואָרן דער „קינדער־זשורנאַל“ און דער פאַרלאַג „מתנות“.

פאַר מיר איז ליפּעס טויט, ווי כ׳וואָלט פאַרלוירן אַ מיטגליד פון דער אייגענער משפחה. פון דעם ערשטן טאָג אָן, וואָס איך בין געוואָרן אַ לערער אין די שלום־עליכם־פאָלקשולן, דעם 15טן יוני 1923, זענען מיר געוואָרן נאָענטע חברים. עטלעכע וואָכן איידער ער איז אַוועק אין דער אייביקייט, בין איך געווען דריי מעת־לעת דער גאַסט אין זיין „באַנגאַלאָ“ אין קעמפּ בויבעריק, און ליפּע איז געווען אַ גרויסער מפונק.

מיר פלעגן זיך טרעפן איין מאָל אַ וואָך, עסן וועטשערע צוזאַמען, פאַר־ברענגען חבריש, אַראָפּרעדן זיך פון האַרצן; אַן אומעט, וואָס ער האָט גע־פּרוּווט פאַרבאַרגן פאַר אַנדערע, האָט געגנאָגט זיין נשמה.

ער האָט אָפט גערעדט מיט מיר, וואָס וועט זיין פון זיין אַרבעט, ווען ער וועט אַוועק, און ער האָט געפּרוּווט פאָרויסזאָגן, וואָס עס וועט זיין...

ווען איך בין מיט צוועלף יאָר צוריק פּלוצלונג זייער ערנסט קראַנק געוואָרן, האָט מיר ליפּע געזאָגט: „איך האָב נישט קיין ווייב און קינדער, אַלצדינג וואָס איר וועט נאָר דאַרפן, וועל איך באַזאָרגן“; און דאָס זענען נישט בלויז געווען קיין רייד. ער איז נישט אָפּגעטראָטן פון מיין בעט אין משך פון די זעקס וואָכן וואָס איך בין געלעגן אין שפּיטאָל, אָפט מאָל פלעגט ער קומען דריי מאָל אַ טאָג. דעם דאָזיקן ברודערלעכן געפיל טראָג איך תמיד אין האַרצן.

מיט ליפּע לעהרערס טויט זענען אַ סך פריינד זיינע געוואָרן פאַר־יתומט. דער האָריזאָנט פון אונדזער שול־ און קולטור־וועלט איז געוואָרן באַגרענעצט און פאַרשמעלט.

1963

# ליפּע לעהרער — אַ גוטער פריינד פון יידישן קינד

ליבע קינדער,

איך וועל אייך דערציילן וועגן דעם לעבן פון אַ ליבן מענטש. ער האָט געהייסן ליפּע לעהרער. איך ווייס נישט צי איר האָט געהערט זיין נאָמען. מיר, די לערער, די שולטוער, די שרייבער און סתם יידישע מענטשן, האָבן אים גוט געקענט.

ער האָט זייער ליב געהאַט יידישע קינדער, און טאַקע דערפאַר וויל איך אייך דערציילן, וואָס אַזוינס ער האָט געטאָן פאַרן יידישן קינד.

איך האָב געשריבן: „וואָס אַזוינס ער האָט געטאָן", ווייל איצטער קען ער מער נישט טאָן. ער האָט אָבער איבערגעלאָזט נאָך זיך אַ גוטן נאָמען.

אויף יידיש איז דאָ אַ גלייכווערטל: „אַ שם טוב איז בעסער ווי אַן אבן טוב". די קינדער, וואָס האָבן שוין געלערנט אַ ביסל העברעאיש וועלן פאַרשטיין וואָס דאָס מיינט. און פאַר די וואָס האָבן נאָך נישט געלערנט וועל איך דאָס פאַרטייטשן.

— אַ גוטער נאָמען איז בעסער ווי אַ טייערער שטיין, ווי אַ דימענט.

ליפּע לעהרער האָט נישט איבערגעלאָזט נאָך זיך קיין דימענטן, קיין געלט. אָבער אַ טייערן נאָמען האָט ער יאָ איבערגעלאָזט.

ער איז געשטאָרבן היינטיקן זומער. ער האָט פאַרבראַכט זיין וואַקאַציע אין קעמפּ בויבעריק, צווישן קינדער און דערוואַקסענע. דאָרטן איז ער פּלוצלונג קראַנק געוואָרן. מען האָט געטאָן אַלצדינג, כדי אים צו ראַטע־ווען, מען האָט גערופן די בעסטע דאָקטוירים, אָבער גאָרנישט האָט געהאָלפן און דעם 11טן אויגוסט האָט ער אויסגעהויכט זיין נשמה.

ווען מען זאָל מיך פרעגן, וואָס האָט ער געטראַכט איידער ער איז געשטאָרבן, וואָלט איך געזאָגט: וועגן יידישן קינד. דאָס האָט געמוזט גרינגער מאַכן זיין געזעגענען זיך מיט דער וועלט.

פאַר וואָס האָט ליפּע לעהרער אַלע מאָל אין זינען געהאַט דאָס יידישע קינד?

לאָמיר אייך אויסזאָגן דעם סוד, אויב אייער לערער האָט אייך נאָך נישט אויסגעזאָגט.

ליפּע לעהרער איז זייער אַ סך יאָרן געווען דער רעדאַקטאָר פון דעם „קינדער־זשורנאַל״.

עס זענען פאַראַן צוויי זשורנאַלן פאַר אונדזערע יידישע שולקינדער: „קינדער־צייטונג״ און „קינדער־זשורנאַל״.

„קינדער־צייטונג״ קענט איר זייער גוט.

„קינדער־צייטונג״ האָט אַ סך מענטשן, שרייבער, לערער, וואָס העלפן דעם רעדאַקטאָר.

דער „קינדער־זשורנאַל״ האָט געהאַט בלויז איין מענטש, וואָס האָט געדאַרפט פאַר אַלצדינג זאָרגן. ער האָט געדאַרפט בעטן שרייבער, אַז זיי זאָלן שרייבן מעשיות, שפּילן און אַנדערע זאַכן פאַרן זשורנאַל.

ער האָט געדאַרפט זיך ווענדן צו די קינדער, אַז זיי זאָלן צושיקן מעשהלעך, קאָמפּאָזיציעס און ענטפערן אויף די רעטענישן.

ער האָט אַליין אַוועקגעשיקט דעם זשורנאַל צו די קינדער און צו דערוואַקסענע מענטשן, וואָס האָבן ליב געהאַט אים צו לייענען.

נישט נאָר אין אַמעריקע האָט ליפּע לעהרער געשיקט דעם „קינדער־זשורנאַל״. ער האָט אים אויך געשיקט אין אַ סך לענדער, ווו עס זענען פאַראַן יידישע שולן.

און איך וויל אייך אויסזאָגן עפּעס, וואָס איך שעם זיך אַ ביסל דאָס צו דערציילן. אָבער ווי זאָגט אַ יידיש ווערטל? אָרעמקייט איז נישט קיין שאַנד.

ליפּע לעהרער האָט אַליין געדאַרפט בעטן ביי יידישע מענטשן, אַז זיי זאָלן שיקן ביישטייערונגען פאַר דעם „קינדער־זשורנאַל״.

ער האָט געשיקט צו זיי זייער שיינע בריוו, און יידישע מענטשן האָבן אים גערן געענטפערט. זיי האָבן צוגעשיקט וויפל איינער האָט געקענט. אַנדערש וואָלט ער נישט געקענט אַרויסגעבן דעם „קינדער־זשורנאַל״.

איך האָב אייך פאַרגעסן צו דערציילן, וואָס עס איז געווען זיין גרעסטע זאָרג.

אַנו, פּרוווט טרעפן!

וואָס טוט מען, כדי די קינדער זאָלן לייענען דעם זשורנאַל? ער האָט געבעטן די שרייבער, אַז זיי זאָלן שרייבן לייכט, נישט ניצן קיין שווערע ווערטער, שרייבן אינטערעסאַנט. ער האָט געוואָלט, אַז די קינדער זאָלן הנאה האָבן פון די מעשהלעך, פון די שפּילן.

ער פלעגט אָפט מאָל, אין די שפּעטע נאַכט־שעהען, זיצן איינער אַליין. ער פלעגט אויסבעסערן, קאָרעגירן, כדי די קינדער זאָלן קענען לייענען דעם „קינדער־זשורנאַל".

ווען מען האָט אים באַגלייט צו זיין אייביקער רו, האָב איך געזאָגט, אַז דער „קינדער־זשורנאַל" איז געוואָרן פאַריתומט. ער האָט פאַרלוירן זיין טאַטן און מאַמען, און דאָס איז אַזוי אמת!

איך האָב איך נאָך גאָרנישט דערציילט וועגן די ביכער, וואָס ער האָט איינער אַליין אַרויסגעגעבן.

אמת, דער פאַרלאַג האָט געהייסן „פאַרלאַג מתנות", אָבער עס איז געווען בלויז ליפע לעהרער, וואָס האָט אַלצדינג אַליין געטאָן.

ער האָט אַרויסגעגעבן ביכער פאַר די פאָלקשולן, פאַר די מיטלשולן און אויך פאַר דערוואַקסענע.

דאָס איז אָבער אַ גאָר באַזונדער קאַפּיטל פון זיין לעבן.

די יידישע שול, דער יידישער לערער, דאָס יידישע קינד האָבן פאַרלוירן אַ טייערן, גוטן פריינד, וואָס זיין נאָמען איז געווען ליפע לעהרער.

# אינהאַלט

## דענעמאַרק און דעניש־יידישע פּערזענלעכקייטן


| | זייט |
|---|---|
| דער דענישער קעניג קריסטיאַן דער 10טער | 9 |
| דענישער קעניג קומט צו דער אזכרה נאָך יידישע נאַצי־קרבנות | 16 |
| מערעזיענשטאַט פון שולמית כאַלעוואַ־גוטקין | 19 |
| אַגע בערטעלסען | 33 |
| פּאול באַרכסעניוס | 40 |
| האַנס קריסטיאַן אַנדערסען | 45 |
| קאַרין מיכאַעליס | 68 |
| יידישע מאָטיוון ביי מאיר אהרן גאָלדשמידט, עדוואַרד בראַנדעס און געאָרג בראַנדעס | 72 |
| הענרי נאַטאַנסען | 100 |
| געאָרג בראַנדעס | 120 |
| געאָרג בראַנדעס וועגן ח. נ. ביאַליק | 133 |
| קאָרעספּאָנדענץ צווישן הערצלען און בראַנדעסן | 138 |
| „געאָרג בראַנדעס און פּעטער קראָפּאָטקין" | 145 |
| פּראָפעסאָר דוד סימאָנסען | 154 |
| פּנחס וועלנער | 158 |
| יידן אין דענעמאַרק | 162 |
| ד"ר רפאל עדעלמאַן | 171 |


## ראַנד־באַמערקונגען וועגן יידישע שרייבער און ווערק


| | |
|---|---|
| אברהם רייזען | 179 |
| דניאל טשאַרני | 185 |
| ה. לייוויק | 191 |
| ש. ניגער — דער דערציער | 198 |
| מענדעלע מוכר ספרים אין אַמאַליקן לאָדזש | 205 |
| שלום־עליכם אין קאָפּענהאַגען אין יאָר 1914 | 209 |
| לייבוש לעהרער | 214 |
| נחום סטוטשקאָוו | 226 |
| חיים ליבערמאַן | 232 |
| מיט וואָרצלען און צווייגן (שלמה סיימאָן) | 237 |
| מנשה אונגערס ביכער וועגן חסידות | 245 |
| ד"ר עזריאל נאַקס וועגן ראַביי אייזיק מאיר וויז | 252 |
| „ווינטמילן" פון משה דלוזשנאָווסקי | 258 |
| מ. אַליצקיס „פריילעכע טעג" | 264 |
| „אָן אַ פּאַרהאַנג" פון חנן איאַלטי | 270 |
| ש. ד. זינגער | 275 |
| אונדזער דור דאַרף אַנטשיידן (חיים בעז) | 278 |
| „אונטערן טייטלבוים" פון לעווין קיפּניס | 282 |
| ד"ר ד. גלאָבוס | 286 |

זייט
חלוצים אין פוילן (ל. שפּיזמאַן) . . . . . . . . . . . . 289
ס. דינגאָל . . . . . . . . . . . . . 293
נ. ב מינקאָווס „אליהו בחור און דאָס בבא־בוך" . . . . . . . . . 297
מ. אָשעראָוויטש . . . . . . . . . . . . . 308
„מיין טאַטנס בית־דין שטוב" פון י. באַשעוויס . . . . . . . . . 312
„דער עלפטער יורש" פון מ. דלוזשנאָווסקי . . . . . . . . . 316
אַ באַזוך ביי אונדזער דיכטער ה. לייוויק . . . . . . . . . 322
אַ צווייטער באַזוך ביי ה. לייוויק . . . . . . . . . . 326
נחום כאַנין . . . . . . . . . . . . . 329
„שבתדיקע שמועסן" פון מ. צאַנין . . . . . . . . . . 334
„יאָרן פון אויספּרווו" . . . . . . . . . . . . 339
גאָלדע מאיר — די פּרוי מיט אַ שליחות . . . . . . . . . 341
פּערזענלעכער סוררעאַליזם (ש. ראַסקין) . . . . . . . . . 348
„ווידערקלאַנגען" פון יוסף גאַר . . . . . . . . . . 353
א. א. ראָבאַק . . . . . . . . . . . . . 359
יידישע דענקער פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט . . . . . . . . 366

## די יידישע שול אין אַמעריקע

מדינת ישראל און די יידישע שול אין אַמעריקע . . . . . . . . 377
די יידישע שול און די נייע עלטערנשאַפט . . . . . . . . 381
דער געשיכטע־לימוד אין אונדזער שול . . . . . . . . . 384
דער לימוד פון יידישער ליטעראַטור אין אונדזער שול . . . . . . . 393
ז. יעפּרויקינס פּרץ־אַנטאָלאָגיע פאַר דער מיטלשול . . . . . . . 397
„טביה דער מילכיקער" פאַר דער יידישער שול־יוגנט . . . . . . . 402
פּראַגן וואָס קינדער שטעלן ביים לערנען חומש . . . . . . . . 408
אויף וועלכער הברה דאַרף מען לערנען העברעאיש אין אונדזערע שולן . 411
צוויי הונדערט נומערן „פּעדאַגאָגישער בולעטען" . . . . . . . 416
וואָס זענען די פליכטן פון וועלטלעכער יידישקייט ? . . . . . . . 423
ד"ר עזריאל אייזענבערג — „דאָס גאָלדענע לאַנד" . . . . . . . 428
אברהם רייזען און די יידישע שול . . . . . . . . . . 434
י. קאַמינסקי — באַקאַנטער שול־טוער . . . . . . . . . 439
דער וועלט־צוזאַמענפאָר פאַר יידישער דערציונג . . . . . . . 442
נאָטיצן פון אַ לערער . . . . . . . . . . . 447
מיטן כוח פון פאָלקסליד (יאָסל מלאָטעק) . . . . . . . . . 456

## ל ז כ ר

חיים פּעט ע"ה . . . . . . . . . . . 467
ביטריס גאָלדסמיט־דזשייקאָבסאָן ע"ה . . . . . . . . . 473
לייבוש שפּיטאַלניק ע"ה . . . . . . . . . . 479
יעקב לייבוש ראַבינער ע"ה . . . . . . . . . . 482
יעקב דוד בערג ע"ה . . . . . . . . . . . 485
ד"ר ישראל חיים פּאָמעראַנץ ע"ה . . . . . . . . . 488
מרדכי בערנשטיין ע"ה . . . . . . . . . . . 492
ליפּע לעהרער ע"ה . . . . . . . . . . . 495

## אויסגאַבן פון זעלבן מחבר:

### מאָטל פייסי דעם חזנס פון שלום־עליכם

פאַרקירצט, פאַרטייטשט, צוגעגרייט פאַר דער
יידישער שול פון י. זילבערבערג. פאַרלאַג
„מתנות״, ניו־יאָרק 1946. ביז איצט שוין
דערשינען 5 אויפלאַגעס.

### עסייען און רעדעס פון ה. לייוויק

צונויפגעשטעלט פון י. זילבערבערג, אַרויסגע־
געבן דורכן אַלוועלטלעכן יידישן קולטור־
קאָנגרעס, ניו־יאָרק, 1963.